די

# זובער פון אמת

א סאָציאַלער ראָמאַן אין פיער ביכער

פון

## פעליקס האללענדער

איבערזעצט אוים דעם דייטשען

פון

## ש. יאַנאָווסקי

ד ר י ט ע   א ו י פ ל אַ ג ע




מ אַ ק ס  נ.  מ י י ז ע ל

אידישער פערלאַג

פיר ליטעראַטור און וויסענשאַפט

424 גרענד סט., ניו יאָרק

.1917

# פאָרוואָרט

די פאָלגענדע ציילען בעצוועקען ניט אירגענד א גענינגענדע אָבשעצונג פון דעם פאָרליגענדען ראָמאַן. דערצו וואָלט נויטיג געווען א גרינדליכע פארנאַנדערגלידערונג פון דעם גאַנצען בוך אין אַלע זיינע טהיילען — אַן אויפגאַבע, וועלכע מיר קענען איצט בשום אופן ניט נעהמען אויף זיך, סיי צוליעב מאַנגעל אין צייט און סיי צוליעב דעם פּלאַץ, וואָס אזא אָבשעצונג וואָלט געמוזט פערנעהמען. מיר ווילען דאָ נור אָנגעבען איינינע גרינדע, ווארום מיר האָבען איבערזעצט דיזען ראָמאַן. אפשר וועט דער לעזער דערפון לערנען אירגענד א גרונד, ווארום עס לוינט זיך פאר איהם צו טהאָן די לייכטערע, און אויך, דאכט זיך, די פיעל אנגענעהמערע ארבייט, צו לעזען דעם ראָמאַן.

די מייסטע מענשען לעזען א ראָמאַן צום צייט־פערטרייב. און וואָס מעהר דער ראָמאַן העלפט זיי אין דער אויספיהרונג פון דיזען איידעלען צוועק, דאָס בעסער איז דער ראָמאַן אין זייערע אויגען.

מיר מוזען גלייך פון אָנפאַנג ערקלערען, אז דער פאָרליגענדער ראָמאַן איז בשום אופן ניט איינער פון די, וועלכע זיינען נור צום צייט־פערטרייב. וואָלט ער בלויז דאָס געווען, וואָלטען מיר איהם קיינמאָל ניט געדרוקט אין פאָרטזעצונגען אין דער „פ. א. ש." און וואָלטען מיר איהם אפשר געדרוקט אין דער „פ. א. ש.", אלס א מי־טעל פאר די טהייערע זאך, נאָך וועלכע די גאַנצע צייטונגס־וועלט יאָגט זיך — פאר די צירקולאציאָן, וואָלטען מיר געווים ניט געוואָלט הערען דערפון, אז דער־זעלבער ראָמאַן זאָל ערשיינען אין בוך־פאָרם, ווייל מיר גלויבען, אז װעניגסטענס דאָס, וואָס ערשיינט אין א בוך, דארף זיין פון א דויערענדען ווערטה, אזוי, אז עס זאָל קענען זיין א שטענדיגער פריינד אין הויז ביי דעם, וואָס וועט עס קויפען, און עס זאָל אימער־צו האָבען וואָס צו זאָגען זיין בעזיצער, ווען עס זאָל זיך איהם נור פערוועלען א בלעטער טהאָן אין איהם.

יא, אַט דיזע בעדינגונג שטעלען מיר יעדען בוך. דאָס בוך, וואָס ערפילט ניט דיזען ערשטע תנאי, מעג, פון אונזער שטאַנד־פּונקט, קיינמאָל ניט זעהען די ליכטיגע שיין פון דער זון, און די וועלט וואָלט דורך דעם ניט אַ האָרעלע אָרימער געוואָרען.

פעליקס האָלענדער, דער פערפאסער פון דיזען ראָמאַן, איז איינער פון די פיעל־געלעזענסטע שרייבער אין דייטשלאַנד, חאָטש אַלעס דאָס, וואָס ער האָט געשאַפען ביז דיזען ראָמאַן, איז ניט פון קיין זעהר בעדייטענדען ווערטה. דאָס זיינען אַלץ געווען פּאַ־מיליען־ראָמאַנען, אין וועלכע דער פערפאסער האָט זיך גאָר ניט גע־שטעלט קיין אַנדער אויפגאַבע, ווי דעם „צייט־פערטרייב״ פון לעזער. מען מוז אָבער זאָגען, אַז שוין אין דיזע ראָמאַנען זיינע, וועלכע זיי־נען בלויז אינטערעסאַנט, מערקט זיך פון צייט צו צייט אַ שטאַרקער קינסטלערישער שטריך, אַ טיפע בעאָבאַכטונג, און אַ בעריהרונג פון פּראָבלעמען, וועלכע האָבען אייגענטליך גאַנץ ווייניג פּלאַץ אין יע־נעם סאָרט ראָמאַנען. ערשט אין דעם ראָמאַן „די זוכער פון אמת״, וואָס האָט גענומען דעם פערפאסער גאַנצע אַכט יאָהר אָנצושרייבען, האָט ער אָנגעפאַסט עטוואָס גרויסעס, און געמאַכט דעם פערזוך צו געבען אַ, זאָ־צו־זאָגען, וועלט־אַנשויאונגס־ראָמאַן.

אַז די אַכט יאָהר האָט דער פערפאסער ניט פערבראַכט אומ־זיסט, וועט דער לעזער אַליין אויסגעפינען, לעזענדיג דיזען ראָמאַן. אין דער ווירקליכקייט, קיין איינציגע פאַזע פון דעם מאָדערנעם אַנאַרכיזמוס און סאָציאַליזמוס, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט אין לעבען, האָט דער פערפאסער ניט דורכגעלאָזען; יעדע שטרע־מונג אין דעם אַנאַרכיזמוס איז פערקערפּערט אין דער אָדער יענער פערזאָן; אָבער צו גלייכער צייט איז יעדע פערזאָן ניט בלויז אַ בינ־טעל פון פּרינציפּען און פראַזען, נור אויך טאַקי אַ מענש פון פלייש און בלוט.

דער פערפאסער איז אַליין אַ בערלינער און איז אין ניו יאָרק אָדער לאָנדאָן קיינמאָל ניט געווען, לויט אונזער וויסען. מיר, וויעדער, זיינען אין בערלין קיינמאָל ניט געווען. דאָך לעזענדיג דעם ראָמאַן „די זוכער פון אמת״, האָט אונז אויסגעזעהען, אַז מיר קענען פּערזענליך די אַלע פּערזאָנען, וועלכע ווערען אין איהם געשילדערט.

מיר קענען שווערען, אז מיר קענען דעם מעכאַניקער פּרינדעל, דעם לעהרער הייִנזיאוס, די דיקע העבאַמע, מאַדאַם ליערס, איהר מאַן, דעם פּאָעט, וועלכער האָט די פוילענצעריי אויסגעאַרבייט אין אַ פּרינציפּ, און אונז זיינען אויך ניט פרעמד די צוויי מיידלאַך, דזשאַזעפּאַ, און די סטודענטין, און בעטינאַ איז געוויס איינע פון אונזערע גוטע בעקאַנטע.

דיעזע און נאָך פּיעלע, פּיעלע אַנדערע פּערזאָנען, וואָס שפּיעלען אַ וויכטיגע ראָליע אין דיעזען ראָמאַן, זיינען אַלע לעבעדיגע מענשען, מיט וועלכע מיר האָבען זיך פּערזענליך בעגעגענט, דעבאַטירט און גלאַט פערבראַכט פריינדליך ביי אַ גלאָז טהעע אָדער ביער.

ווען מיר האָבען געלעזען דיזען ראָמאַן, האָט אונז איבעררוישט די טיעפע קענטניס פון דעם פערפאַסער פון די געשילדערטע פּערזאָנען, און זיין שטאַרקע בע'הבנה'קייט מיט זייערע פילאָזאָפיען און לעהרען.

„אהא, איז עס גאָר אַן אַנאַרכיסטישער טעקסט־בוך“, וועט דער לעזער אויסשרייען, „אונטער דער מאַסקע פון אַ ראָמאַן!“

מיר וואָלטען עס גאָר ניט געהאַלטען פאַר אַ חסרון, ווען דאָס וואָלט טאַקי אַזוי געווען; אָבער דער אמת איז, אַז ער איז עס ניט. דער פּאַקט איז, דאָס דער העלד, דורכגעהענדיג אַלע שולען פון אַנאַרכיזמוס, קומט גאָר צו דער אָבלייקענונג פון די אַלע געטער, צו וועלכע ער האָט זיך פריהער געבוקט. און אַ חוץ דעם איז דאָס בוך רייך מיט אַזוי פּיעל לעבענס־פּאַסירונגען און מיט אַזוי פיעל מענשען פון פערשיעדענע פּראָפעסיאָנען און לעבענס־אַנשויאונגען, אַז עס וואָלט געווען אין גאַנצען פאַלש צו בעהויפּטען, אַז דער ראָמאַן האָט נור צו טהאָן מיט דער פראַגע פון אַנאַרכיזמוס.

איין גרויסען חסרון האָט דער בוך, וואָס דער הויפּט־העלד, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער פערפאַסער האָט זיך געגעבען די גרעסטע מיה איהם דאַרצושטעלען אַזוי לעבעדיג, ווי מעגליך, איז אַרויסגעקומען, נאָך אַלע אַנשטרענגונגען, צימליך בלאַס און „פערשוואָמען“, ווי דער דייטש דריקט זיך אויס. טהיילווייז איז עס, ווייל דער הויפּט־העלד איז בעצם אַ מיסטישע נאַטור, וואָס מוז שוין זיין אַזוי ווי פערוואָלקענט, און טהיילווייז, ווייל מיר גלויבען,

אז נעראָדע דיזען הויפּט־העלד האָט דער פּערפאסער ניט געטראָ־
פען אין לעבען, און האָט איהם געמוזט אליין בעשאפען, מיט דער
הילף פון זיין פּאָרשטעלונגס־קראפט, ווערענד די אלע איבעריגע
פּערזענליכקייטען האָט דער פּערפאסער גוט געקאָנט.

נאָך א חסרון האָט דאָס בוך, וואָס עס איז א ביסעל צו אויס־
געצויגען, און וואָס דער פּערפאסער זיינער שעמט זיך ניט איבערצו־
געבען א גאנצע רעדע, א סאָציאליסטישע אָדער אנארכיסטישע, און
אין איין פּלאַץ ווערט זאָגאר איבערגעגעבען א גאנצע דיסקוסיאָן פון
א פערזאמלונג, א זאך, צו וואָס אונזערע ראָמאַנען־לעזער זיינען ניט
צוגעוואוינט. אָבער אזוי זיינען שוין די דייטשען. אלעס, וואָס זיי
טהוען, איז גרינדליך. אום צו בעקענען דעם לעזער מיט דעם כאַ־
ראקטער פון א געוויסער גרופּע, שטעלען זיי זיך ניט אָב זאָגאר פון
איבערצוגעבען די פּערהאנדלונג פון א גאנצען מיטינג, ווי א געווי־
סענהאפטער פּראָטאָקאָליסט. און ווער ווייס, אפשר איז עס גאר א
מעלה.

וואָס אנבעטרעפט די איבערזעצונג, האָבען מיר זיך ניט ער־
לויבט קיינע פרייהייטען מיט'ן פּערפאסער. מיר האָבען ניט פערר־
פאסט דעם ראָמאַן, נור איהם איבערזעצט. בלויז אין איינצע פּלע־
צער, און דאָס ניט אין די וויכטיגסטע, ווי, צום ביישפּיעל ביי א נאַ־
טור־בעשרייבונג, האָבען מיר זיך ערלויבט ניט צו זיין אזוי טריי צום
אָריגינאל, ווי דאָס וואָלט געוועזען ווינשענסווערטה. און דאָס איז ניט
געוועזען חלילה אויס אירגענד וועלכע מיסאכטונג צום פּערפאסער, נור
פּשוט צוליעב אונזער אָרימען זשארגאָן.

דער פּערפאסער בעשרייבט, למשל, א גאָרטען אויף עטליכע
זייטלעך, אין וועלכע ער דערצעהלט פון אלערליי בלומען מיט זעהר
טשיקאווע נעמען. פּערשטעהט זיך, אז איבערזעצען אין אידיש,
וואָס ווייס נור פון צוויי בלומען, ראָזען און ליליען, אזא שטיק באַ־
טאנישע שילדערונג, האָבען מיר זיך געמוזט ענטזאגען. עס איז גע־
וועזען איבער אונזערע כחות.

מיר טרויסטען זיך נור דערמיט, אז דער ראָמאַן, אלס גאנצעס
האָט פון דער אויסלאָזונג פון אזעלכען סאָרט נאטור־בעשרייבונגען,
ניט געליטען. מיר גלויבען, אז דער לעזער וואָלט זיי זאָ־ווי־זאָ אי־

בערנגעהיפט, ווייל, נאָך אַלעמען, איז דאָך די נאַטור פאַר דעם שטאַרטישען אידען אַ בוך מיט זיבען זיעגלען, וועלכע קענען ניט אויפגעריסען ווערען פאַר איהם דורך פערשיעדענע שילדערונגען, נור טאַקי דורך זיין בעקענען זיך מיט איהר אַליין גופא, וואָס מיר האָפען, אַז דאָס וועט ווען־עס־איז געשעהען.

אָבער פון דעסטוועגען האָבען מיר אויך אין דיזער הינזיכט ניט ערלויבט זיך צו פיעל פרייהייטען. מיר האָבען ניט אויסגעלאָזען די גאַנצע שילדערונג, נור געמאַכט אַן אַנשטרענגונג צו איבערגעבען דעם אינהאַלט פון דער שילדערונג אין קורצען, אַזוי, אַז די אַטמאָספערע פון בילד זאָל בלייבען גאַנץ, ווי דער פערפאַסער האָט עס געהאַט אין זינען.

און מיר פערלאַנגען דאָס זעלבע פון לעזער. דער ראָמאַן איז זעהר אינטערעסאַנט דורך און דורך. און מיר האָבען מורא, אַז דער לעזער זאָל אין זיין נייגיריגקייט ניט איבערהיפּען גאָר מאַנכע בלעטער, אום צו דערוויסען זיך וואָס גיכער דעם שיקזאַל פון דער אָדער יענער געשילדעטער פערזענליכקייט, בעטען מיר איהם דאָס ניט צו טהאָן. אין זיין יאַגענעש קען ער גראַדע איבערהיפען דאָס אינטערעסאַנטסטע.

מיר זיינען זיכער, אַז דער ראָמאַן וועט מיט יעדען בלעטעל זיינעם געבען דעם לעזער פיעל צו פיהלען און פיעל נאָכצודענקען; דיזער ראָמאַן איז אַ קוואַל, פון וועלכען דער לעזער קען שעפּען פיעל גייסטיגען און עסטהעטישען פערגעניגען; אָבער דאָס וועט ער אָם בעסטען געניסען, ווען ער וועט לעזען ניט איילענדיג זיך. אויסער דעם זיינען טאַקי אין דעם ראָמאַן דאָ פיעלע, פיעלע שטעלען, אויף וועלכע עס לוינט זיך אָבצושטעלען און פערטראַכטען.

דאָס מיינט ניט, אַז די שפּראַך, אין וועלכער דער ראָמאַן איז איבערזעצט, איז שווער און אונפערדייהליך. דאָס, שיינט אונז, איז ניט דער פאַל, חאָטש מיר ערלויבען זיך ניט צו זאָגען אַ פעסטע מיינונג איבער דעם, ווייל דאָס איז דאָך אונזער אייגענע ארבייט, מעגען מיר דאָך זיין אַ ביסעל פּאַרטייאיש. אָבער אפילו מיט דער לייכטעסטער שפּראַך מוז אויך אויסקומען אַ ביסעל שווערלאָך, ווען עס מוז ערקלערט ווערען די אינדיווידואַליסטישע פילאָזאָפיע, די ני־

טשעאַנישע, אָדער אַ שטיקעל שטירנער; דערצו נויטיגט זיך אַ בי־סעלע קאָפּ־ארבייט. מיר האָפּען, אַז, ווען דער לעזער וועט בעהערצי־גען אַלעס, וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט, וועט ער ערשט דאַן קענען ריכטיג אָבשעצען די ווערדע פון דיזען וועלט־אנשויאונגס־ראָמאַן, „די זוכער פון אמת“.

דער איבערזעצער.

ערשטער בוך.

# די קינדער-יאָהרען

צירליך דענקען און זיס עררינגערען
איז דאס לעבען אין טיפסטען אינגערען.
(געטהע)

.1

דעם דאָקטאָר'ס פּנים, געוועהנליך פון א קאָליר, עהנליך צו קו־פער, איז געוואָרען איצט בלוי־רויט. דער שטארקער מאַן מיט די ברייטע פּלייצעס, מיט די אזוי ווי צושמאָלצענע געזיכטס־ליניעס און מיט א באָרד, אונטערגעשאָרען אויפ'ן מיליטערישען שטייגער, האָט פאר א ווײַלע, אזוי ווי ער וואָלט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל טהאָן, א פאָהר געטהאָן מיט'ן האנד אין די קורץ־געשאָרענע האָר פון זיין קאָפּ. דאַן האָט ער זיך אויפגעהויבען, און אָנגעכאפּט פאר די אקס־לען א אינגעל, וואָס איז געשטאנען אנטקעגען איהם מיט פינסטערע, ארויסרופענדע בליקען.

— דו ווילסט עס ניט טהאָן? — האָט געפרעגט דער דאָקטאָר מיט א הייזעריג־געוואָרענער שטימע, וועלכע איז אָפט ביי איהם גע־ווען דער סימן פון א שטארקען צאָרן־אויסברוך.

די שלאנקע געשטאלט פון דעם אינגעל האָט פאר א סעקונדע א ציטער געטהאָן, אָבער אויף דעם איידעלען פּנים מיט דער מוטהיגער, עטוואָס געבויגענער נאָז, מיט דעם טרויעריגען מויל און מיט די מוט־היגע אויגען, איז קיין סימן פון מורא ניט געווען צו בעמערקען. ני־כער האָט מען אין דיזען פּנים געקאָנט לייענען דעם אויסדרוק פון אַן ענטשלאָסענעם ווידערשטאנד, וואָס וועט זיך פון קיין זאך ניט לאָזען בויגען.

— איך קען ניט און איך וויל ניט — האָט געענטפערט דער אינ־געל, צונויפדריקענדיג די הענד. די שווארץ־אפּלען פון זיינע אוי־גען האָבען געשיינט זיך אויסצוברייטען.

די ברייטע הענד פון דאָקטאָר האָבען זיך אראָבגעלאָזען אויפ'ן אינגעל.

פון דעם אינגעל׳ס מויל, כאָטש ער האָט א ציטער געטהאָן אין זיין גאַנצען קערפּער, האָט זיך קיין איינציגער טאָן ניט געהערט. נור א ביטערע, שמערצליכע ליניע האָט זיך געוויזען ארום זיין פעסט־געשלאָסענעם מויל.

— דו ווערסט יא בעטען דיין לעהרער אום ענטשולדיגונג! — האָט דער דאָקטאָר ארויסגעשיפּעט.

דער אינגעל האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— ווערסטו?

— איך קען ניט! איך האָב גאָרניט געטהאָן.

פאַר אַן אויגענבליק האָבען דעם דאָקטאָר׳ס אויגען געבלאָנ־דזשעט איבער׳ן צימער, ביז זיי זיינען געפאַלען אויף א בייטש, וועלכער איז געלעגען אויפ׳ן שרייב־טיש. ער האָט געזעהן זיין קרבן פול מיט צאָרן און ענטשלאָסענהייט, און דאָס האָט פון איהם גע־רויבט זיין לעצטע ביסעל רוהיגע איבערלייגונג.

דער אינגעל האָט נור אויפגעהויבען דעם קאָפּ. די ליניען אויף זיין פּנים זיינען געוואָרען אזוי ווי אָנגעצויגענע סטרונעס און זיי האָבען אויסגעדריקט ענטשלאָסענהייט צוזאמען מיט א צאָרנדיגע וואָרנונג. עס האָט געשיינט, אזוי ווי זיי וואָלטען געזאָגט: שלאָג מיך ניט; טאָמער יא, צוברעכסטו עטוואָס אין מיר, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל מעהר ניט פערהיילען.

דיעזער בליק פון אינגעל איז געווען, ווי א שפּילקע, וועלכע האָט א שטאָך געטהאָן דעם דאָקטאָר.

— מיר וועלען זעהן, ווער עס איז שטאַרקער, איך אָדער דו! — און אויפהויבענדיג הויך דעם בייטש אין דער לופט, האָט ער איהם מיט זיין גאַנצען כח אראָבגעלאָזען אויף דעם אינגעל׳ס פּלייצעס.

דער אינגעל האָט זיך א טרייסעל געטהאָן. אָבער גלייך, צו־נויפשטשעמענדיג די ציינער, האָט ער אויסגעזעהן, אזוי ווי ער וואָלט אין דיעזער מינוט אויסגעוואַקסען. ער איז געשטאַנען גלייך און שטאָלץ און האָט זיך ניט אָבגעדרעהט פון קיינע פון די קלעפּ, וואָס זיינען געפאַלען אויף איהם.

פאַר א סעקונדע האָט זיך דער דאָקטאָר אָבגעשטעלט. ער האָט מיט איינמאָל דערפיהלט, דאָס איצט קומט פאַר א קאַמפּף

צווישען איהם און זיין זוהן, וועלכער וועט האָבען וויכטיגע, שווערע רעזולטאַטען פאַר דעם גאַנצען צוקינפטיגען לעבען זייערען. עס האַנדעלט זיך דאָ אום דעם, ווער וועט דאָ בלייבען דער שטאַרקע־רער; און ער האָט געוואָלט שוין איבער אַ נייעס אַרויפוואַרפען זיך אויף איהם, ווי מיט אַ מאָל האָט זיך געעפענט די טיהר, און מיט אַ פערצווייפעלטען שטילען אויסגעשריי האָט אַ שוואַכע יונגע פרוי צוגעדעקט מיט זיך דעם אינגעל'ס קערפער. דער שמייץ פון בייטש האָט געטראָפען איהר פּנים און האָט דאָרט איבערגעלאָזען אַ בלוטיגען פּאַס.

דער דאָקטאָר איז אָבגעשפּרונגען אַ פּאָר טריט אויף הינטען.

— געה אַרויס! — האָט די פרוי געזאָגט צום אינגעל מיט אַ שטימע, פול מיט געוויין.

דער אינגעל האָט פאַר אַ ווײלע אַזוי ווי געשלאָגען זיך מיט דער דעה. דאַן האָט ער נאָכגעגעבען די בעטענדע אויגען פון זיין מאַמע. ערשט ווען דער אינגעל איז געווען שוין דרויסען, איז דער דאָקטאָר געקומען צו זיך פון איבערראשונג.

— ביסטו משוגע געוואָרען? — האָט ער מיט מאַטערניש אַרויסגעבראַכט פון זיין מויל. — ווילסטו דיעזע חיה אין גאַנצען איבערפיהרען?

ער האָט זי געוואָלט אָבשטופּען און לויפען נאָך דעם אינגעל.

— ניט איצט, איך בעט דיר! — האָט זי געזאָגט, אויפהויבענ־דיג ווי פאַר אַ תּפלה איהרע ווייסע קליינע הענד.

ער האָט אָנגעקוקט די קליינע פרוי מיט אַ בליק, אין וועלכען עס איז געווען אי רחמנות, אי מורא. זי האָט אויסגעזעהן זעהר שוואַך, און אַן אויסדרוק פון ליידען און שמערץ איז געווען אויף איהר פּנים, פון וועלכען עס זיינען געוועזן אַנגעשטעלט אויף איהם צוויי ווייט־אָפענע, נאָך עטוואָס העכערעם שטרעבענדע, און גאָר אָהן אַ סוף שמערצענספולע אויגען.

ווען ער האָט געמאַכט איהר בעקאַנטשאַפט מיט פיעלע יאָהרען צוריק, האָט ער איהר געזאָגט, דאָס זי האָט אַ בליק פון אַ הייליגע, וועלכער מאַכט איהם פיהלען זיך אי קליין אי פול מיט אַנגסט. מיט איהרע אויגען וועט זי איהם קירעווען, און איהם מאַכען ריין פון אַלע פּסלות פון זיין נאַטור. אַזוי ווי ניט גלויבענדיג איהם,

האָט זי איהם דאַן אַנגעקוקט מיט איהר שמערצליכען שמייכעל. א פריינד פון זייער הויז האָט איינמאָל וועגען איהר שמייכעל זיך אויסגעדריקט אויף אַזאַ אופן: זי שרייט פון טויזענד וואונדען, ווען זי שמייכעלט.

ווען דער דאָקטאָר האָט זי איצט געוואָלט אָבשטופּען אַן א זייט, איז אָט דיעזער שמייכעל געקומען אויף איהר פּנים, און דאָס האָט איהם געצוואונגען צו בערוהיגען זיך. ער האָט זיך שווער אראָבגעלאָזען אויף זיין שטוהל, און ניט אָנקוקענדיג איהר, האָט ער צו איהר געזאָגט:

— אָט דאָס איז די פּרוכט פון דיין האָדוואָניע. דער אינגעל איז איינגע׳עקשן׳ט און שלעכט. ניט אין גימנאַזיע און ניט אין דער היים קען מען אויספיהרען עפּעס מיט איהם. פון גימנאַזיע וויל מען איהם ארויסטרייבען, ווייל ער פיהרט איבער מיט זיין ניט פאָלגען און איינגעשפּאַרטקייט אויף די אַנדערע קינדער. ווען ניט איך, ווען מען וואָלט ניט געשאַנעוועט מיין כבוד, וואָלטען מיר איהם שוין לאַנג געהאַט צו הויז. און דער סוף פון איהם וועט זיין א שרעקליכער.

שלאָף האָט זי געלאָזט איצט אראָבהענגען איהרע הענד, און אויף דעם פּלאַץ פון אָנגעשטרענגטער מורא איז געקומען אַן אויס־דרוק פון מיעדקייט. זי האָט קוים געהערט וואָס איהר מאַן האָט גערעדט.

— אויב ער בעט ניט אום ענטשולדיגונג, זאָל ער וויסען, אַז ער האָט עס מיט מיר צו טהאָן, — האָט דער דאָקטאָר ווייטער גע־רעדט, — פאַר מיינע אויגען זאָל ער זיך ניט ווייזען; איך וועל איהם די ביינער צוברעכען. איך —

זיין שטערען איז רויט געוואָרען און עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער געהט ווערען איבער א נייס אין כעס. ער האָט זיך געערגערט איבער זיך אליין. ער האָט עס גאָר ניט געקענט מוחל זיין זיך, דאָס ער איז געוואָרען אין אַזעלכע מאָמענטען אַזוי קליין און שוואַך און האָט זיך געלאָזט פיהרען פון איהר. דאָס האָט איהם מעהר פון אַלץ געקרענקט. און מיט א ראַשער בעוועגונג האָט ער אום־געדרעהט זיין קאָפּ צום פּלאַץ, וואו זי איז געזעסען, אָבער זי איז שוין דאָרט ניט געווען. זי האָט זעהר שטיל, ווי דאָס איז אימער

נעוועז איהר שטיינער, פערלאָזען דאָס צימער. ער האָט צוערשט נעמאַכט אַן ערשטוינטען פּנים, דאַן האָט ער גראָב אַ לאַך געטהאָן, מורמלענדיג: נו, אַ היילינע!

שוועד האָט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און צוגע־רינגעלט די טיהר. דאַן האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן סאָפאַ און פערדרויכערט אַ סיגאַר. ער האָט געבלאָזען פון זיך דעם רויך אין גרויסע וואָלקענס, וועלכע האָבען כמעט ווי איינגעוויקעלט דאָס גאַנצע צימער מיט אַלץ, וואָס דאָרט איז געווען. ער איז געוואָרען מיעד, האָט זיך אומגעדרעהט צום וואַנד, און מיט אַ האַלבער קללה אויף די ליפּען איז ער איינגעשלאָפען.

2.

אין גאַנצען הויז איז פון איהר געשלאָגענעם איננעל קיין שפּור ניט געווען. אויף האָבען איהר די דיענער ניט געקאָנט זאָגען, וואו ער איז. דעם סאָד, וועלכער איז געשטאַנען אין זיין פולער זומער־פּראַכט, איז זי שוין איינמאָל שנעל דורכגעלאָפען. איצט, שטאַרק פערזאָרגט און צוטראָגען, איז זי צוריק אריין אין סאָד איהם נאָך אַ מאָל צו זוכען. צוליעב איהר גרויסער אויפגערעגטקייט האָט זי גע־לאָזען אָפען דעם טויער, און האָט זיך גאָר ניט ארומגעקוקט אויף די בליהענדע פּראַכטפאָלע בלומען און בוימער ארום איהר.

דער סאָד איז געווען איהר ארבייט. איהר געשמאַק, איהר גוסט פון שעהנהייט האָט זיך אָבגעשפּיעגעלט אין יעדען בוים, אין יעדען בלימעלע, אין יעדען בייטעל. עס איז ניט געווען קיין בלום, וואָס איז אין דיזען גאָרטען ניט געוואַקסען; עס איז ניט געווען קיין ריח, וואָס האָט זיך אין דיעזען גאָרטען ניט געהערט. עס איז גע־ווען ווירקליך אַ קליינער גן־עדן, און דאָך פרוי טאַמאַרא האָט פון דיעזען גאַנצען פּראַכט איצט גאָר ניט בעמערקט. איהר בליק איז געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר אונרוהיג. נון, איז זי געשטאַנען פאַר אַ קליינעם וואַסער, ארומגערינגעלט פון געדיכטע בוימער. דער פולז האָט ביי איהר שטאַרק געקלאַפּט. זי האָט ארויפגעלייגט איהר ווייסע שמאָלע האַנד אויף איהר קלאַפּענדע האַרץ און האָט זיך ארומגעקוקט מיט איהר שרעקעדיגען שמייכעל. דאַן איז זי געגאַנ־

נען נאָך אַ שטיקעל וועג ווייטער. ענדליך האָט זי טיעף אויפגע־אָטהעמט. אויף אַן איינזאַמען פּלאַץ, געדיכט בעזעצט מיט גראָז, אונטער אַ גרויסען בוים, איז געלעגען איהר קליינער זוהן. לעבען איהם איז געשטאַנען אויף די קניע אַ קליינע מיידעלע מיט שווארצע לאָקען, וועלכע האָבען דערגרייכט ביז צו איהר טאַליע, מיט ליידענ־שאַפטליכע אויגען אראָבקוקענדיג אויפ׳ן אינגעל.

אויפמערקזאם האָט זי בעטראַכט דיביידע קינדער. אויף דער מיידעל׳ס קאָפּ האָבען געטאַנצט די זונען־שטראַהלען און איהרע שווארצע לאָקען האָבען ווי געפינקעלט. דאָס קינד האָט זיך ניט אַ ריהר געטהאָן. עס האָט געקוקט אויף דעם אינגעל, וועלכער האָט געהאַלטען זיינע אויגען פעסט פערשלאָסען, און האָט מיט די הענד פעסט פערשטאָפּט די אויערען, אַזוי ווי ער וואָלט מעהר גאָר ניט גע־וואָלט הערען און זעהען פון דער וועלט ארום איהם. די קליינע מיי־דעלע האָט זיך אויסגעדרעהט און ווען זי האָט דערזעהען פרוי טאַ־מארא, האָט זי אַ ציטער געטהאָן, אָבער קיין טאָן ניט ארויסגעלאָ־זען. זי האָט זיך אויפגעהויבען גאַנץ פאָרזיכטיג, און, מיט איהר קעפּעלע עטוואָס אָן אַ זייט, איז זי צו איהר צוגעגאַנגען.

— מוהמע ! — איהר דינע שטימע האָט געציטערט פון פער־שטיקטע טרערען. מעהר האָט זי ניט געקאָנט ארויסברענגען.

די יונגע פרוי האָט זיך ארונטערגעבויגען צו איהר און איהר אַ קוש געטהאָן אויף איהר ווייסען קלאָרען שטערען.

— געה, בעטינא, רייס אָן בלומען — איך וויל ריידען מיט טהאָמאַס.

דאָס קינד האָט צונעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, און האָט מעהר קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. זי האָט בעגריפען מיט איהר פיינעם גע־פיהל, אז זי דאַרף זיי לאָזען אַליין, און זי איז גליך אַוועק.

האָטש דיעזער קורצער געשפּרעך צווישען דער מיידעלע און זיין מוטער איז געפיהרט געוואָרען זעהר שטיל, דאָך האָט ער אויפ־געוועקט דעם אינגעל פון זיינע בלייענע חלומות, און ווען ער האָט פאַר זיך דערזעהען די מוטער זיינע, האָט ער זיך ניט געקאָנט בע־הערשען. ער האָט איהר אָנגעקוקט אַזוי שטום, אַזוי שמערצפול, ער האָט איהר אַזוי אָפען געוויזען זיינע ליידען, דאָס די פרוי האָט אין

זיך אויפגעשריען. זי האָט זיך פאַר איהם געשטעלט אויף די קניע, פונקט ווי די קליינע מיידעלע פריהער, און האָט אָנגענומען איהם פאַר׳ן האנד. דער אינגעל האָט זיך אָנגעטהאָן א כח, און א שמייכעל געטהאָן צו איהר. ערשט דאַן האָט זי ארויסגעלאָזען א שרעקליכען געשריי. זי האָט פלוצלונג איהר אייגענעם בלוטענדען שמערצפולען שמייכעל דערזעהען אויף איהר אינגעל׳ס פנים.

— מיין טהייערער זוהנעלע, קוק מיך ניט אָן אזוי! — האָט זי אויסגעבראָכען מיט א יאָמער.

דאַן האָט ער איהר ארומגענומען מיט זיינע ארעמס, האָט איהר געקושט צאַרט און זעהר פאָרזיכטיג, אזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו צוברעכען עטוואָס אין איהר. און אזוי זיינען זיי געזעסען ארומגענומען א לאַנגע צייט, ניט ארויסרעדענדיג קיין וואָרט. אָבער מיט איינמאָל האָט טהאָמאַס אונטערבראָכען די שטילקייט:

— מאַמאַרא, איך זאָל בעטען ענטשולדיגונג, ווייל דער לעהרער איז געווען אונגערעכט צו מיר? ער האָט מיך בעשטראָפט פאַר עטוואָס, וואָס איך האָב גאָר ניט געטהאָן. און געגען דעם האָב איך מיך געוועהרט... איך בין דאָך ניט קיין שקלאַף, מאַמאַרא.

זי האָט זיך צו איהם צוגעדריקט, אזוי ווי דיזער אינגעל, וואָס האָט אויסגעזעהן צו זיין א יאָהר 14, וואָלט געווען גאָר איהר בעשיצער. מען וואָלט זיי געקאָנט האַלטען פאַר שוועסטער און ברודער. די צאַרטע פרוי, וועלכע איז אַלט געווען צוויי און דרייסיג, האָט אויסגעזעהען אין דער ווירקליכקייט פיעל אינגער.

— ניין, דו ביסט ניט קיין שקלאַף — האָט זי געענטפערט. און חאָטש די זון האָט אזוי געברענט, דאָך איז עפּעס אזוי ווי א קעלט איהר דורך די ביינער, ווען זי האָט ארויסגערעדט דיעזע ווערטער.

די קליינע מיידעל איז אויף דיזע ווערטער צוריק־געקומען מיט די אָנגעריסענע בלומען. איהרע אויגען האָבען געלויכטען. זי האָט געהאַלטען אין איהרע הענד דריי קראַנצען, מיט וועלכע, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט, זי האָט פערפוצט טאַמאַרא׳ן, טהאָמאַס׳ען און זיך.

— טהאָמאַס, איצט ביסטו א קעניג, און דו האָסט א קרוין — האָט געזאָגט די מיידעלע.

— און דו ביסט די קעניגין — האָט די מוהמע איהר צו־געלייגט.

דאָס קינד האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— די קעניגין, דאָס ביסטו, מוהמע. איך בין די פּרינצעסין בעטינא פון אינדיען.

דאָס האָט זי געזאָגט פעסט און בעשטימט, ווי עטוואָס, וואָס קען ניט בעשטריטען ווערען.

— וואו איז דען אינדיען? — האָט פרוי טאמארא געפרעגט.

א פּאָר סעקונדען האָט די מיידעלע געשוויגען, איידער זי האָט געענטפערט.

— אינדיען איז אויף דער לבנה.

טהאָמאס האָט זיך שטארק צולאכט און האָט א שפּרונג געטהאָן אין דער הויך.

.3

פרוי טאמארא איז קיינמאָל ניט ארויסגעפאָהרען פון דער קליין שטעדטעל, אין וועלכער זי איז געבאָרען געוואָרען. איהר מאמע האָט זי פריה פערלאָרען, און זי און איהר עלטערע שוועסטער זיינען גע־בליבען אונטער דער אויפּפּאסונג פון זייער פּאָטער, אן אלטען דאָק־טאָר, וואָס איז געווען בעקאַנט, אַלס א מענש פאר זיך, אַלס אָריגי־נאַל, חאָטש ווייט און ברייט איז אַנערקענט געוואָרען, אז ער איז דער בעסטער דאָקטאָר. די צוויי מיידלעך האָבען געהאט ווייניג שייכות מיט דער אויסערער וועלט, און דערפאר האָבען זיי זיך מיט דאָס א גרעסערע ווארימקייט אָנגעשלאָסען איינע אָן די אנדערע. זיי ביידע האָבען געהאט אין זיך עטוואָס וועלט־פרעמדעס, זייער לעבען איז געווען מעהר אַן אינערליכער, ווי אַן אויסערליכער. די עלטערע מיידעל האָט געפיהלט עטוואָס א שטארקערען דראנג צום גערויש און שטורם פון דער וועלט, וועלכע זיי האָבען נור געקאָנט פון הע־רען־זאָגען. אָבער דיזער געפיהל איז זעלטען־ווען געקומען צום אויסדרוק. זייער לעבען איז געפלאָסען אומעטיג. איין טאָג, ווי דער אנדערער. אין הויז האָבען געוועלטיגט און געווירטהשאפט

זייערע פיער ווייסע הענד. און ווען אַלעס אין הויז איז שוין געווען אָבגעטהאָן, פלעגען זיי געהן שפּאַצירען געאַרעמט אין זייער סאַד, ריי־דענדיג צווישען זיך וועגען זייער פאָטער אָדער וועגען זייער פער־שטאָרבענע מוטער, אָדער זיי האָבען גלאַט געלאַכט און געשפּרונגען, ווי די פויגעלאך, פערצירענדיג זייערע קעפּ מיט בלומען. ניט אַלע מאָל אָבער זיינען זיי געווען אזוי לוסטיג און פריילאך. עס פלעגען זיין צייטען, ווען זיי האָט זיך אָבגעדוכט, אזוי ווי זיי וואָלטען געווען פער־בלאָנדזשעטע, און האָבען כמעט ווי מורא געהאַט ארייגצוקוקען איי־נע די אנדערע אין פנים. עפּעס האָט יעדע פון זיי געפיהלט אַ שמערץ, פאַר וועלכען זיי האָבען אַליין זיך קיין ערקלערונג ניט גע־קאָנט אָבגעבען. אין אַזעלכע מינוטען האָבען זיי געפיהלט, אזוי ווי אימיצער וואָלט זיי ארויסגעריסען מיט'ן וואָרצעל און פערוואָר־פען אין דער פרעמד. דער אַלטער דאָקטאָר, בעטראַכטענדיג פון צייט צו צייט מיט אַ שרעקעדיגען בליק זיינע צוויי קינדער, פלעגט זיי מיט זיין האנד אַ גלעט טהאָן איבער זייערע שעהנע פערזאָרגטע קעפּעלעך, אזוי ווי ער וואָלט מיט דיעזער בעוועגונג געוואָלט עפּעס אויסדריקען, וואָס ער האָט ניט געקאָנט ארויסזאָגען אין ווערטער. עס איז אָבער באַלד געקומען די צייט, ווען דער דאָקטאָר האָט אָנגע־הויבען מעהר טראַכטען וועגען זיינע צוויי מיידלאך. ער האָט גע־פיהלט, אז באַלד וועט ער ניט מעהר זיין. וואָס וועט דאַן פון זיי ווערען?

אָט צו יענער צייט איז איבער דער פּראָווינץ געפּאָהרען אַ פּוי־לישער פידלער, געבענדיג קאָנצערטען, און אויך זייער שטרעטעל האָט ער בעעהרט מיט אַ בעזוך. די גאנצע שטעדטעל איז געגאַנגען ווי אויף רעדלעך. אַלע האָבען גערעדט פון דעם פּוילישען פידלער. מאנכע האָבען געזאָגט, אז ער איז אַ סאַראַזאַטע, אַנדערע, אז דאָס איז אַ יאָאכים. מען האָט געמוזט געהן. און דער דאָקטאָר מיט זיינע צוויי מיידלעך זיינען געגאַנגען צום קאָנצערט. די צוויי האָ־בען געקוקט אויפ'ן פידלער, ווי אויף עפּעס אַן ערשיינונג פון אַנאַנ־דער וועלט, ווי אויף אַ געטליכע ענטפּלעקונג. זיי האָבען געהערט טענער, וועלכע האָבען ניט נור בעוועגט און אויפגערעגט, נור וועל־כע האָבען ארויסגערופען אין זיי אַלעס, וואָס האָט, גאָר אונבעוואוסט פאַר זיי אַליין, געשטרעבט און געריסען זיך צו דער זון. אָבער

זייערע פּנים׳ער זיינען געווען פול מיט שרעק און אנגסט. זיי האָבען זיך געשעהמט און האָבען געוואָלט פאַרבאַהאַלטען פון אַנדערע, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין זייערע נשמות. יעדעס מאָל, ווען דער אַרטיסט האָט אויפגעהערט שפּיעלען, און דער עולם האָט אַפּלאָדירט, האָבען זיי זיך אומגעקוקט מיט שרעק. זיי האָבען ניט פערשטאַנען, וואָרום דער עולם ליאַרעמט אַזוי. זיי האָבען ניט געקאָנט בעגרייפען, ווי אַזוי קען עס איינער נעהמען און אַרויסווייזען פאַר אַלעמען זיין נשמה, אַלע זיינע געפיהלען. זיי זיינען געוואָרען צו־טומעלט פון דעם אַלעס, וואָס זיי האָבען דורכגעפיהלט אין יענע מינוטען. זיי זיינען געווען, ווי בערוישט האַלב פון גרויסער ענטצי־קונג און האַלב פון וועה.

זיי האָבען געוואוסט, דאָס דער קינסטלער פאָהרט אָב נאָך דיזע נאַכט. זיי האָבען געפיהלט, דאָס ער האָט אין זייער לעבען אַריינגעבראַכט אַנגסט און אונרוהיגקייט, און זיי האָבען זיך גאָר ניט ער־לויבט צו פערטראַכטען, ווי וועלען זיי ווייטער לעבען. זיי האָבען אויסגעמידען צו קוקען איינע אויף די אַנדערע. זיי האָבען זיך גע־האַלטען ביי די הענד, אָבער עס האָט זיך זיי אויסגעדוכט, אַזוי ווי צווישען זיי וואָלט זיך געשטעלט עפּעס אַ וואָלקענדיגע וואַנד און וואָלט זיי צושיידט. און אָט אין דעם מאָמענט האָט פּאַסירט עט־וואָס, וואָס קיינער האָט ניט ערוואַרטעט.

דער אַרטיסט האָט אין מיטען דערינען אויפגעהערט צו שפּיע־לען. זיין געזיכט איז געוואָרען בלייך, ווי קאַלך. דער סמיק איז איהם שיער פון האַנד אַרויסגעפאַלען. עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז דער דאָקטאָר זאָל זיך אויפהויבען און זיין גלייך ביי׳ן זייט פון אַרטיסט. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז דער אַר־טיסט מוז אונטערברעכען זיין רייזע און געגען זיין ווילען בלייבען אין דער קליינער שטעדטעל ביז ער וועט געזונד ווערען. דער דאָק־טאָר האָט איהם גענומען צו זיך אין הויז.

דער פּוילישער פידלער איז געווען אַ יונגער מאַן מיט פלענער, וועלכע זיינען געפלויגען זעהר הויך, מיט אַ גרויסען דורשט נאָך וועלט־בעריהמטקייט און מיט אַ האַרץ פון אַ פאַנטאַזיע־רייכען קינסטלער. ער האָט ניט פערלאָזען דעם דאָקטאָר׳ס הויז אַזוי שנעל, ווי ער איז געזונד געוואָרען. פון די אויגען פון די צוויי

מיידלאך האָט ארויסגעשיינט פאר איהם אזא פייער, מיט וועלכען ער האָט זיך ניט געקאָנט אזוי לייכט געזעגענען. ער פלעגט שפּיעלען פאר זיי גאנצע שטונדען, און זיי פלעגען קוים בעריהרען זיין האנד, אלס א דאנק, און פלעגען אין גאנצען אויסמיידען איהם אריינצוקוקען אין די אויגען. ער האָט עס אין אָנהויב גאָר ניט געקאָנט פערשטעהן. ער איז געוועזען געוואָוינט צו גאָר אַן אנדער סאָרט אויפנאהמע פון זיין קונסט. ער האָט ניט בעגריפען, דאָס זיין קונסט איז פאר זיי געוועזען צו טהייער, אום איהר צו פערשוועכען מיט פוסטע ווערטער. דיעזע ארט פון פערגעטערונג איז פאר איהם געווען עטוואָס ווילד־פרעמדעס. אין דעם פרויען־גאָרטען, וועלכען ער האָט געקאָנט, זיינען אזעלכע צארטע בלומען ניט געוואקסען.

ענדליך האָט דער ארטיסט זיך געמאכט הארץ און האָט דער עלטערער פון דיביידע מיידלאך אָנגעבאָטען זיין ליעבע. דיעזע האָט פון יענער צייט אָן ניט געהאט דעם מוטה אָנצוקוקען איהר שוועסטער. די צייט פון פערלאָבונג, וועלכע האָט ניט לאנג געדויערט, האָבען די שוועסטער כמעט ווי ניט גערעדט צווישען זיך. נור ווען עס איז געקומען די שטונדע פון זעגענען זיך, האָט טאמארא געהערט א פאָר הערץ־רייסענדע ווערטער. דאַן האָבען זיך די שוועסטער געקושט מיט בלאַסע, קאלטע ליפּען, צום לעצטען מאָל אין זייער לעבען.

אָט דאַן האָט טאמארא דערפיהלט, וואָס דאָס הייסט איינזאמקייט. אין דעם שעהנעם פּראכטפּאַלען סאַד איז געזעסען טרוימענדיג א מיידעל, וועמעס בליהונג האָט מיט איין מאָל א האָגעל פערניכטעט.

אין יענער צייט פלעגט איהר אַלטער פאָטער, דער דאָקטאָר, איהר נעהמען אָפט פאר די הענד און גלעטען זיי. ער האָט קיינמאָל ניט גערעדט איבער דעם, וואָס זי האָט געפיהלט. אָבער דאָך האָט זי געוואוסט דאָס דער פאָטער לייענט זעהר גוט אין איהר הארצען, און זי האָט איהם געדאנקט פון טיעפען הארצען פאר זיין פאַרזיכטיגקייט ניט צו בעריהרען די וואונד, וואָס האָט איהר אזוי וועה געטהאָן.

ניט לאנג אָבער האָט געדויערט דיעזע צייט. עטוואָס האָט

פּאַסירט, וואָס האָט איהר אויפגעטרייסעלט פון איהר טוידטענדער
רוהע און האָט איהר אריינגעשטויסען אין דעם שטורמדיגען לעבען,
וועלכען זי האָט ניט בעגריפען, ווייל ער האָט פאר איהר ניט געהאַט
קיין אינהאַלט און קיין אורזאכע.

אַ יונגער דאָקטאָר האָט זיך בעזעצט אין דער קליין שטעדטעל.
עס האָט זיך פערברייטעט אַ קלאַנג, דאָס דער אַלטער דאָקטאָר
וועלכער איז חאָטש גאָר ניט אַזוי אַלט, קען מעהר ניט אָנהאַלטען
זיין גאַנצע פּראַקטיק. עס פערשטעהט זיך, דאָס דער יונגער דאָק־
טאָר איז באַלד געקומען מיט אַ בעזוך צום אַלטען דאָקטאָר, און די־
זער האָט מיט זיין ערשיינונג, מיט זיין יונגע לעבענסקראַפט גע־
בראַכט אַזוי ווי אַ פרישען לופט־צוג אין דעם דאָקטאָר׳ס הויז, וואָס
איז ווי בעפאַלען געוואָרען פון אַ טיעפען שלאָף. דער יונגער דאָקטאָר
איז געווען אַ מענש, וואָס האָט געשטאַמט פון אַן אָרימער, איינפאַ־
כער פאַמיליע, און ער האָט געקוקט אויפ׳ן לעבען מיט ניכטערע אויי־
גען. זיין בילדונג איז געווען ניט זעהר קיין גרויסע, און ער אַליין
איז געווען פּראָסט און זעהר ניט געשליפען. זיין הונגער און דורשט
נאָך גייסטיגער נאהרונג איז געווען גאָר אַ קנאַפּער. אַלס סטודענט,
האָט ער נישטקשה׳דיג אונטערגעהונגערט, און איצט איז זיין גאַנ־
צער חשק געווען צו גרינדען פאר זיך אַן עקזיסטענץ אָהן זאָרג און
אָהן נויט, און געניסען פון דער מאַטעריעלער וועלט וואָס מעהר. ער
האָט געהאַט דעם איבערטריבענעם שטאָלץ, ווי די אַלע, וועלכע אר־
בייטען זיך ארויף פון נידעריגע, אָרימע פערהעלטניסע צו עטוואָס
העכערעס. ער האָט געהאַלטען זעהר פיעל פון זיך און פון זיין שכל,
ווי צו לעבען און ווי צו פיהרען זיך מיט מענשען. און צו דער זעל־
בער צייט איז ער געווען אַ מענש, טהייער צום הארצען פון יעדען
קליין־בירגער. ער האָט זיך פעסט געהאַלטען אָן דעם, וואָס איז דאָ,
מיינענדיג, אַז דאָס אַלעס, וואָס איז דאָ, איז הייליג און מען טאָר
עס ניט אָנריהרען. ווי זיין פאָטער, וועלכער איז געווען עפּעס אַ
קליינער טשינאָווניק, האָט ער געהערט צו די פעסטע, צו די געזעץ־
ליעבענדע, וועלכע ווילען ניט וויסען פון די פאַנטאַזיאָרען, די רעבע־
לען, די אומשטירצלער, די רעוואָלוציאָנערען. ער האָט געוואוסט
איין זאַך, דאָס ער דארף זיך שאַפען אַ גוטע פּראַקטיקע, און פאר
דאָס האָט ער אָנגעשטרענגט אַלע זיינע יונגע כוחות. ער האָט זיך

נעזאָגט, דאָס אין דער גרויסער שטאָדט מיט זיין ווינציגער בעקאנטשאפט, וועט ער ניט פיעל אויספיהרען, האָט ער זיך צו איהר אומגעקעהרט מיט'ן רוקען, און ער האָט זיך בעזעצט אין דער קליין שטעדטעל.

איידער ער האָט נאָך בעטרעטען די שוועל פון דעם אלטען דאָקטאָר'ס הויז, האָט ער שוין מיט זיך אליין אָבגעמאכט, אז עס וואָלט געוועזן ניט קיין שלעכטער פלאן צו ווערען דעם דאָקטאָר'ס איידעם. האָט דאָך דער אלטער אזא גוטע, רייכע פראקטיקע. ווען ער האָט דערזעהען טאמארא'ן, איז ריעזער פלאן ביי איהם געוואָרען א פעסטער בעשלוס. די שעהנע, שלאנקע מיידעל מיט די פינקעלנדע אויגען האָט געמאכט אויף איהם א שטארקען איינדרוק. אויף זיין שטייגער האָט ער איהר ווירקליך ליעב געקראָגען. ער האָט איהר ליעב געהאט מיט דעם הינטער־געדאנק, דאָס ער, שטארק, ווי ער איז, וועט לייכט קענען ווערען הערשער איבער דיזען שוואכען וועזען. ער האָט אפילו געפיהלט, דאָס אין גייסטיגער הינזיכט איז זי פיעל העכער פאר איהם, אָבער זיין פעסטער כאראקטער וועט שוין דערמיט אויף פארטיג ווערען.

וואָס עפטער ער איז געקומען אין דאָקטאָר'ס הויז, דאָס מעהר האָט ער בעגעהרט צו ווערען דעם דאָקטאָר'ס איידעם. באלד האָט ער זיך טאקי גאנץ ערנסט פערליעבט אין טאמארא, און איז געוואָרען אזוי שוואכמוטהיג, ווי דאָס קען זיין טאקי נור אן אמת־פערליעבטער. ער איז געוואָרען אזוי צערטליך, וויפיעל עס איז נור מעגליך געוועזן פאר זיין נאטור. דאָס בעסטע, וואָס איז געוועזן אין איהם, האָט זיך דאן ארויסגעוויזען. ער האָט געפיהלט אין איהר עטוואָס, וואָס איז אין גאנצען פרעמד געוועזן זיין נאטור, און דאָס האָט איהם אָנגעפילט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען מיט בעוואונדערונג און אכטונג.

איין טאָג איז ער געקומען פעסט ענטשלאָסען אין דעם דאָקטאָר'ס הויז, אום צו זאָגען איהר דאָס אלעס. ער האָט איהר געפו[illegible]ן אין גאָרטען. זי האָט איהם אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם, און זי האָט איהם געענטפערט, דאָס זי האָט כמעט ווי גאָר ניט, וואָס איהם צו געבען, דאָס זי האָט קיינע ווינשע, קיינע שטרעבונגען. ער

האט איהר צוגעזאגט זיין קיין זאך איהר ניט צו שטערען, און ער וועט נור זיין צופריעדען, דאס ער וועט וויסען, אז זי איז זיינע. זי האט שטיל און ערנסט אויסגעהערט איהם, און ניט געזאגט ניט יא, ניט ניין, אבשיקענדיג איהם צום פאטער. דער פאטער האט גלייך איינגעוויליגט. ער האט לייכט אויפגעאטהעמט, גלויבענדיג, אז איצט איז אויך שוין זיין צווייטע קינד פערזארגט.

פון דער עלטערער טאכטער זיינען געקומען גאנץ קנאפע ידיעות. זי האט געשריבען, דאס זי בענקט נאכ'ן סאד. זי האט זיך בע־קלאגט, דאס זי פערשטעהט ניט די גרויסע וועלט. פון די ווייניגע בריעף, וואס זי האט געשריעבען צו איהר שוועסטער, האט זיך גע־הערט א פערשטיקטער וויינען, ווי די תפלה פון א פערוואונדעטע הארץ, וועלכע האט זיך שטיל אונטערגעגעבען.

.4

דער לעבען פון טאמארא נאך איהר חתונה מיט דעם דאקטאר איז געוועזן פונקט אזא, ווי זי האט עס פאראויסגעזעהען. איהר הארץ איז געבליבען אזוי פוסט, אזוי אהן זיך געפונען א פערלאנג, ווי פאר איהר חתונה. דען מאן איהרען איבער האט עס גאנץ ווייניג געארט. אלס אן „עהערנהאפטער" בירגער, איז ער באלד געווארען אן איבערגעבענער מיטגליעד פון דער געמיינדע, האט דיסקוטירט איבער פאליטיק, גענומען אנטהייל אין פערשיעדענע שפיעלערייען, און איז פון צייט צו צייט געגאנגען אין קירכע, ווייל דער דאקטאר איז געוועזן א מענש, וועלכער האט געוואלט, אז די לייט זאלען וויסען, וואס פאר איבערצייגונגען ער האט. זיין פרוי אבער איז געבליבען גאנץ ווייט פון דעם אלעם: אין קירכע איז זי ניט געגאנגען, מיט פאליטיק האט זי זיך ניט אינטערעסירט, און אין איהר אייגענע הויז האט זי גענומען א קנאפען אינטערעס. דער דאקטאר האט זיך גע־פיהלט געקרענקט, וואס דער מזל האט איהם בעשערט אזא פרוי, וועלכע פערנאכלעסיגט אזוי די פליכטען פון א בראווער הויז־פרוי, און רויבט פון מאן זיינע ר ע כ ט ע, וועלכע קומען איהם. דערפאר האט ער געזעהען זיך צו בעגיטיגען אויסער'ן הויז. און אזוי ווי זיין פרוי האט איהם אין קיין זאך ניט געשטערט, און האט איהם געלאזען

שפּיעלען די ראָליע פון דעם פיינעם קאַוואַליער, האָט דער דאָקטאָר ניט געהאַלטען פאַר נויטיג צו קריגען זיך איבער עטוואָס מיט איהר. אמת, ער פלעגט נאָך מאַנכעס מאָל פיהלען, ווי ווייט זי איז העכער פון איהם, וואָס דאָס האָט איהם געערגערט. אָבער דערפאַר האָט ער זיך געטרייסט באַלד דערמיט, וואָס זי איז אַ קראַנקער ווען, עפּעס אַ בריאה פון גאָר אַן אַנדער וועלט, וועלכע מי קען גאָר אָהן די מינדעסטע שוויריגקייט אָברוקען אָן אַ זייט. וואָס זיין פרוי האָט ווירקליך געפיהלט און געדענקט, ווענען דעם האָט ער קיין בענריעף ניט געהאַט. זי איז פאַר איהם געבליבען פּונקט אַזוי פרעמד און אַזאַ רעטעניש, ווי אין דעם ערשטען טאָג פון זייער בעגעגעניש. זי האָט איהם אויף איהר שטייגער אַרויסגעשטויסען פון איהר לעבען, אַלס עטוואָס פרעמדעס, וואָס איז נור דורך אַ בלינדען צופאַל געקומען מיט איהר אין בעריהרונג

קורץ נאָך דעם, ווי איהר פאָטער איז געשטאָרבען, איז ביי איהר אַ זוהן געבאָרען געוואָרען. דעם זוהן האָט זי אַ נאָמען גע־געבען נאָך איהר פאָטער — טהאָמאַס. פון יענער צייט אָן האָט זי אויך אויפגעהערט צו לעבען מיט איהר מאַן, אַלס פרוי. זיי האָבען זיך איינפערשטאַנען, דאָס צווישען זיי ביידען איז נור דאָס איינציגע געמיינשאַפטליכע — דאָס קינד.

באַלד אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס קינד געהערט נור צו פרוי טאַמאַרא, וועלכע האָט נאָך איהר קינדבעט אויסגעזעהן אַזוי מיידעלש, אַזוי טרוימעריש, ווי פריהער. די מענשען האָבען גע־שאָקעלט מיט די קעפּ, קוקענדיג אויף איהר, און האָבען בעדויערט דעם דאָקטאָר, וואָס פאַר אַ מאָדנע פרוי דער מזל האָט עס איהם צוגעשיקט. און דאָס קינד זיינס האָט אויסגעמיעדען איהם אָן פלעגט שרייען, ווען דער טאַטע פלעגט איהם וועלען אַ קוש טהאָן. דאָס האָט געמאַכט, אַז דאָס קינד זיינס איז שוין אין די ערשטע יאָהרען געוואָרען דעם דאָקטאָר גאַנץ גלייכגילטיג. ער וואָלט גע־האַלטען פאַר קאָמיש און ערניעדריגענד, ווען אימיצער וואָלט איהם געזאָגט, אַז ער דאַרף זיך געבען די מיה צו קריגען די ליעבע פון זיין אייגען קינד.

מען האָט איהם איינגענטליך גאַנץ זעלטען געזעהן אין זיין הויז. מען האָט געמורמעלט, דאָס ער איז געווען אַ צו אָפטער אַריינגעהער

אין דער קרעטשמע, וואָס איז געווען אויסער'ן שטאָדט, און וועלכע האָט געהערט צו א נאָך גאָר יונגער אלמנה... דאָס פלעגען די לייט ענדיגען מיט א זאַטען שמייכעל, וועלכער האָט גערעדט מעהר, ווי ווערטער.

דאָס קינד איז שוין געוואָרען א גרויסער אינגעל. עס איז געווען א קינד מיט טיעף ליעגענדע אויגען, פול מיט וויעדערשפּריכע און עטוואָס אנדערש ווי די אנדערע קינדער. נור די מוטער פלעגט איהם זעהען ווען ער פלעגט זיך ביטער פארנאַנדערוויינען.

זי האָט זיך אין איהם וויעדער געפונען, און דאָך איז ער געווען שטארק פערשיעדען פון איהר.

ער איז געווען א שטארקער, שלאַנקער אינגעל. די איידעלע גליעדער האָט ער גע'ירש'נט פון זיין מוטער, אָבער זיינע שטארקע, שטייפע ביינער האָט ער געהאַט פון זיין פאָטער, מיט וועמען ער האָט זאָנסט ניט געהאַט גאָר ניט געמיינשאַפטליכעס. די מוטער האָט געקענט אַלעס אויספיהרען ביי איהם מיט א וואונק, מיט א ווייכען וואָרט, אָדער, ווען ער איז שוין געווען גאָר שטארק אויפ־גערעגט, פלעגט זי איהם א גלעט טהאָן מיט איהר האנד איבער זיין פנים אָדער איבער די האָאָר, און דאן איז ער געוואָרען מילד און געהאָרכזאַם.

אָבער א חוץ איהר האָט קיינער ניט געקענט עפּעס אויספיהרען ביי איהם. עס איז געווען אין איהם די ערדעלע בלוט, וועלכע לאָזט זיך ניט קירעווען און בינדען.

„דער אינגעל ווערט ווי די מאַמע“, פלעגען די לייט ריידען צווישען זיך, דערביי דערמאָהנענדיג, דאָס דער זיידע זיינער איז אויך געווען אזא זאָנדערבארער. די מאַמע און איהר קינד האָבען עס ניט געהערט. אַם ליעבסטען פלעגען זיי פערברענגען ביידע צוזאמען אין גאָרטען אָדער אין פעלד, און אימער־צו געשפּיעלט זיך צוזאמען.

די, וועלכע האָבען זיי ניט געקענט, האָבען זיי געהאַלטען פאַר ברודער און שוועסטער, און זיי וואָלטען עס נאָך פעסטער געגלויבט, ווען זיי הערען זיי ריידען צווישען זיך. דער אינגעל פלעגט איהר שטענדיג רופען ביי איהר נאָמען טאַמארא. קיינמאָל ניט מאַמע. זי איז געווען זיין שוועסטער, וועלכע ער האָט געליעבט מיט זיין

גאנצע אונשולדיגע קינדערשע הארץ. ער האט אין איהר געפיהלט זיין גלייכען: זי האט פונקט אזוי מורא געהאט פאר דאס אונבעקאנטע, ווי ער, און האט פיעלעס ניט געוואוסט, פונקט ווי ער. זייער שייכות צווישען זיך איז ניט פערדונקעלט געווארען פון א וואונש פון איהר זייט צו שפיעלען די ראליע פון א מוטער, צו וועלען איהם ערציהען, לערנען. זיי האט צוזאמענגעהאלטען דאס געמיינשאפטליבע דענקען און פיהלען, און דיעזע פערבינדונג איז געווארען נאך פעסטער אין איין געוויסען אבענד, וועלכען טהאמאס האט נאכהער אין זיין גאנצע לעבען ניט פערגעסען.

ער איז יעמאלט אלט געווען עלף יאהר, ווען עס האבען איהם אנגעהויבען מוטשען די געדאנקען, וועלכע קומען פלוצלונג ביי אלע קינדער — די געדאנקען פון לעבען און טוידט.

ער האט עס ניט בעגריפען, דאס עס קען קומען א מינוט, ווען עס איז א סוף צו אליז, ווען מען טראגט איהם ארוים פון שטוב און פערשארט איהם אין דער ערד. אין ארויפפליהען אויפ'ן הימעל האט ער ניט געגלויבט. ער האט געוואלט דענקען פון עפעס אנדערעס, אבער די פארשטעלונג פון דעם קאלטען, אייזיגען טוידט האט איהם ניט אבגעלאזען.

ער האט זיך די מיה געגעבען צו בעהאלטען עס פון טאמארא. ער האט ניט געוואלט איהר מאכען אומזיסטע ליידען. ער האט געליטען אין זיך, און אין דער פינסטערער נאכט איז אלעס געווארען לעבעדיג ארום איהם. ער האט געהערט שטימען און טריט. ער האט געזעהן געשטאלטען מיט פערקרימטע פנים'ער, מצבות און קברים, ווי ער זאל ניט וועלען פערטרייבען זיי פון זיך. דער געדאנק, ווארום מען מוז שטארבען האט איהם געבויערט דעם מח.

ער האט געשוידערט, א פיבער האט איהם געטרייסעלט. אבער ער האט זיך די ליפען געביסען, אום צו פערבעהאלטען פון דער מאמע זיין שרעק. ער האט געוואלט דורכדרינגען דיעזע שרעקליבע פינסטערנים, וואס איז געווען ארום איהם. ער האט פארלייגט די הענד און מיט גרויס הכנעה געבעטען ביי גאט, דאס ער זאל איהם געבען די לייזונג פון דיעזער רעטעניש. גאט מוז איהם הערען, און ער דארף ניט שווייגען, ווען ער בעט איהם אזוי שטארק. ער האט

ניט פערשטאנען, ווי אזוי קענען די מענשען לעבען און לאבען מיט אזעלכע געדאנקען.

פון צייט צו צייט פלעגט ער בעטראכטען זיין מוטער, אז זי זאל עס ניט בעמערקען, און האט זיך געפרעגט: אפשר ווייס זי עפעס? אפשר וואלט זי געקענט איהם העלפען, טרייסטען אין זיין גרויסער נויטה? און ווען זי איז אין איין אבענד צוגעגאנגען צו זיין בעטעל, גענומען זיין קאפ אין איהרע הענד און געפיהלט, ווי ער איז אזוי פיבעריש, האט זי איהם מיט שרעק געפרעגט, וואס איז מיט איהם. דאן האט ער איהר וויינענדיג דערצעהלט אלעס, וואס עס דריקט איהם. טאמארא האט איהם שטיל אויסגעהערט און האט געוויינט מיט איהם צוזאמען, ניט טרייסטענדיג איהם מיט קיין ווארט. אבער איהר וויינען האט טהאמאס'ען פיעל לייכטער געמאכט זיינע ליידען.

די מוטער האט געליטען, ווי ער. עס איז ניטא קיין ענטפער אויף דיעזען רעטעניש.

די מוטער האט ניט געזוכט איהם אבצונארען. זי האט נור מיטגעוויינט מיט איהם; און דאס האט ער קיינמאל ניט פערגעסען.

דערפאר אין די שפעטערע יאהרען, ווען עס פלעגען איהם פייניגען פערשיעדענע ביטערע און אומעדיגע געדאנקען, פלעגט ער באלד אויפזוכען טאמארא און ניט אוועקגעהן פון איהר, ביז ער האט זיך איהר ניט פערטרויט מיט זיינע געדאנקען.

צו יענער צייט האט פאסירט עטוואס, וואס האט אויפס־ניי אויפגעטרייסעלט זיין נשמה. איין נאכמיטאג איז דער דאקטאר געררופען געווארען צו איינעם, וואס האט געשיינט צו זיין טוידט. דער דאקטאר האט געהייסען טהאמאס'ען, ער זאל מיט איהם מיט־געהן. דער אינגעל האט איהם אויסגעזעהען צו־פערצערטעלט, און דער דאקטאר האט געמיינט, אז עס איז צייט, אז ער זאל זיך שוין נעהמען פאר זיין ערציהונג.

טהאמאס האט געטראגען אונטער'ן ארעם א קליינע עלעק־טריזיר־מאשין, און איז געגאנגען שוויגענדיג ביין זייט פון פאטער.

אויפ'ן שוועל פון הויז זיינען זיי געקומען אנטקעגען מענשען מיט פערוויינטע בעטענדע פנים'ער, אזוי ווי דער דאקטאר וואלט זיי געקענט אלע גליקליך מאכען.

דער דאָקטאָר האָט אָנגעשטעלט דעם אפּאראַט און האָט גע־הייסען טהאָמאַס'ען דרעהען די הענטעל, כדי דער עלעקטרישער שטראָם זאָל קומען אין בעוועגונג. דאַן האָט ער עלעקטריזירט דעם טוידטען אַרום הארצען.

וועהרענד טהאָמאַס האָט מעכאַניש געדרעהט די הענטעל, האָט ער מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגען געקוקט אויף דעם בלייכען וואַק־סענען פּנים, אויף וועלכען קיין זאַך האָט זיך מעהר ניט בעוועגט. ער האָט געקוקט אויף די ענטבלויזטע ברוסט פון דעם טוידטען; האָט געזעהן, ווי דער פאָטער האָט זיך איבער איהם אַריבערגעבויגט, אום צו דערהערען טאָמער איז נאָך דאָ עפּעס לעבען. און לעבען דעם פאָטער איז געשטאַנען אַ יונגע פרוי מיט צולאָזענע האָר, מיט פערוויינטע אויגען, און אין ווינקעל איז געזעסען אַ אינגעל, וועלכער האָט ביטער געוויינט.

ענדליך האָט זיין פאָטער ערקלעהרט מיט אַ פעסטער שטימע:

— דאָ איז מעהר גאָר ניט צו העלפען.

די פרוי האָט איהם אָנגעקוקט, אַזוי ווי זי וואָלט ניט פער־שטאַנען, וואָס ער רעדט. אָבער דעם דאָקטאָר האָט עס הפּנים ניט געקימערט; ער האָט אַריינגעלייגט דעם אַפּאַראַט צוריק אין קעס־טעל; האָט אָנגעטהאָן זיין ראָק און האָט פערלאָזען מיט טהאָמאַסען דאָס טוידטען־הויז.

דעם אינגעל אויפ'ן וועג צוריק האָבען געציטערט די קניע. די קעסטעל האָט ער געמוזט האַלטען מיט אַלע זיינע כוחות, אַז זי זאָל איהם ניט אַרויספאַלען פון די הענד. אַזוי אַלזאָ זעהט אויס דער טוידט, אַזוי בלייך, אַזוי בלוטלאָז, אַזוי פערשטיינערט! האָט טהאָמאַס געטראַכט.

עס האָט איהם געשווידערט פון די רוהיגקייט און פעסטקייט פון זיין פאָטער. און דאָך האָט ער צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געשפּירט צו זיין פאָטער אַ געפיהל פון עהרפורכט. דער פאָטער איז אַלזאָ פיקס און פערטיג מיט די אַלע געדאַנקען, וועלכע מוטשען איהם! ער שטעהט זיכער און פעסט, ניט אַ ריהר טהאָנדיג מיט אַ ברעם, געגען דעם טוידט! און שטילערהייד האָט טהאָמאַס צום ערשטען מאָל בעטראַכט זיין טאַטען, זיין געזונדען קערפּער און זיין פּנים, פון וועלכען עס האָט געשפּראָצט מיט לעבען און קראַפט.

וואָס נעהנטער זיי זיינען צוגעקומען צו זייער הויז, דאָס אַלץ פּרייער האָט ער אויפגעאָטהעמט. און ווען ער האָט דערזעהן טאַמאַראַ ביין טויער פון סאָד, האָט ער שוין מעהר ניט אויסגעהאַלטען; ער האָט אַריינגעדריקט די עלעקטרישע מאַשינע דעם פאָטער אין האנד און איז צוגעלאָפען צו זיין מוטער.

— טאַמאַראַ, איצט ווייס איך שוין אַלעס. איך האָב דעם טוידט געזעהן!

אין יענעם טאָג האָט טהאָמאַס בעשלאָסען צו ווערען דאָקטאָר, וועלכער, ווי ער האָט יעמאָלט געמיינט, האָט דעם שליסעל פון לעבען און טוידט אין זיינע הענד. מי דאַרף נור רופען דעם דאָק־טאָר אין דער ריכטיגער צייט, און אַלעס קען ער דאָן טהאָן.

.5

נאָך דיעזע גרויסע פּאַסירונגען אין טהאָמאַסעס לעבען איז פּאַר אַ רעכטע שטיקעל צייט אַלעס אָנגעגאַנגען שטיל און רוהיג. ער האָט געהאַט געגוג צייט צו פערדייען אַלעס, וואָס ער האָט בעמערקט. מיט זיינע חברים אין דער שול האָט ער קיינמאָל ניט גערעדט וועגען זיינע אינערליכע געדאַנקען און נעפיהלען. דיעזע זיינען געווען גאָר פון אַן אַנדער וועלט, און זיי האָבען איהם ניט געקענט בעגרייפען. זיי האָבען איהם פונקט אַזוי וועניג פערשטאַנען, ווי די לעהרער, וועלכע האָבען ניט אָנגעהויבען צו וויסען, וואָס זאָלען זיי טהאָן מיט דעם פערטראַכטען און אָפט זעהר איינגע־שפּאַרטען אינגעל. עס איז ניט געווען איינער צווישען די לעהרער, וואָס זאָל אָנהויבען וויסען, וואָס צו טהאָן מיט דעם פערטראַכטען און אָפט זעהר איינגעשפּאַרטען אינגעל. עס איז ניט געווען איינער צווישען די לעהרער, וועלכער האָט געקענט בעגרייפען דאָס, וואָס קומט פאָר אין דער נשמה פון אַ צאַרט פיה־לענדען אינגעל. די לעהרער האָבען דאַרום גאַנץ וועניג געזאָרגט זיך וועגען איהם אַזוי לאַנג, ווי ער האָט זיך פערהאַלטען רוהיג, און האָט ניט אָנגעמאַכט קיין צרות צווישען די קינדער מיט זיינע עקשנות. נור פון צייט צו צייט פלעגט ער זיי פערוואונדערען מיט זיינע פראַגען און ענטפערס.

— עס איז דאָ אין איהם אַ שטאַרקע קראַפט צום גוטען אָדער צום בייזען — האָט איינמאָל געזאָגט אַ לעהרער וועגען איהם — צו די געוועהנליכע קינדער געהערט ער יעדענפאַלס ניט.

פאַר טהאָמאַסען איז די שולע געווען אַ געפענגניס. ער האָט זיך געוועהרט נעגען די שקלאַפּישע געהאָרכזאַמקייט, וועלכע מען האָט פון איהם געפאָדערט. ער האָט זיך געוועהרט נעגען די לעה־רער, וועלכע האָבען פון איהם פערלאַנגט אונבעדינגטע אונטער־טהעניגקייט. מיט מוטה פלעגט ער אַ וואָרף טהאָן דעם קאָפּ אויף צוריק, און אין זיינע בליקען איז אימער געווען צו לעזען אַן ער־קלעהרונג פון קריעג. עס האָט זיך איהם אָבגעדוכט, דאָס אין קלאַס איז פינסטער און שטיקענד, ווי אין אַ קבר, און דאָס זיינע לעהרער מיט זייערע שרעקליכע פנים'ער און מיט אַלע זייערע וואָפען פון געוואַלד זיינען אמת'ע געפענגניס־וועכטער. פאַר איהם האָט זיך אָנגעפאַנגען ערשט דער טאָג, ווען די ווענד פון דער שולע זיינען געווען הינטער איהם.

אַזוי איז ער געוואַקסען איינזאַם אָהן אירגענד וועלכע קינדער־פריינדשאַפט, ביז מיט אַמאָל האָט פּאַסירט עטוואָס נייעס אין זיין לעבען. איין טאָג, קומענדיג פון דער שולע, האָט ער דערהערט פרעמדע שטימען, און האָט בעמערקט, ווי די דינער פון הויז שושקען זיך און נעהען אויף די שפּיץ פינגער. דאַן איז צו איהם צוגעלאָפען זיין מוטער אַזוי אויפגערעגט, ווי ער האָט איהר נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, און אין געבראָכענע ווערטער האָט זי איהם דערצעהלט, דאָס גאַנץ פּלוצלונג איז אָנגעקומען איהר שוועסטער, זיין מוהמע, אַנ־טאָינעטע, מיט איהר קליינע טאָכטער בעטינאַ, און דאָס מען האָט פאַר איהר געמאַכט אַ בעט אין דעם קליינעם צימער, וואו זי האָט פערבראַכט איהר גאַנצע יוגענד. ער האָט באַלד אויסגעפונען, אַז די מוהמע זיינע איז זעהר קראַנק און האַלט ביים שטאַרבען. אין אַ פּאָר שטונדען אַרום, ווען ער איז אַריינגעפיהרט געוואָרען צו דער קראַנקער אין צימער, און זי האָט איהם מיט אַ שמערצליכען שמיי־כעל דערלאַנגט איהר בלייכע אויסגעדאַרטע האַנד, האָט ער אָנגע־הויבען ביטערליך צו וויינען. אָבער אין דעמזעלבען אויגענבליק איז אַריין אין צימער אַ קליין מיידעל מיט שוואַרצע לאָקען. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן בעט און געזאָגט צו איהם שטיל:

— וויין ניט. דאָס טהוט איהר וועה.

טהאָמאַס האָט אָנגעקוקט דאָס קליינע מיידעל, ווי עפּעס א קליינעם מלאך, וואָס האַלט וואַך ביין בעט פון איהר טוידט־קראַנקע מאַמע.

מוהמע אַנטאָינעטע איז געקומען צוריק אין איהר הײמאַטה, ווייל זי האָט ניט געוואָלט שטאַרבען אין דער פּרעמד. זי האָט לאַנגזאַם פערבלוטעט אין דעם קאַמפּף מיט דער גערוישיגער וועלט, וועלכע זי האָט קיינמאָל ניט געקענט פערשטעהן. און פּונקט אַזוי וועניג האָט איהר פערשטאַנען דער מאַן, צוליעב וועמען זי האָט פערלאָזען איהר הײמאַטה. זי איז געקומען פּלוצלונג, ניט אָנמעלדענדיג; און ווען זי האָט דערזעהן איהר שוועסטער, האָט זיך אויף איהר בלייכען פּנים געוויזען דער לעצטער גליק־שטראַהל.

טאַמאַראַ, דערזעהענדיג איהר אונגליקליכע שוועסטער, האָט געוואָלט אויסשרייען פון שרעק און שמערץ, אָבער אַ שטימע אין איהר האָט זי געמאַכט בעהערשען זיך. און אַזוי האָט זי נור אַליין געהערט דעם געשריי פון איהר בלוטענדע האַרץ.

דאַן איז די קליינע בעטינאַ אַרויסגעשיקט געוואָרען און די צוויי שוועסטער זיינען געבליבען אַליין פּאַר אַ פּאָר שטונדען. זיי האָבען דערצעהלט איינע די אַנדערע אַלעס, וואָס האָט פּאַסירט מיט זיי אויסערליך. אָבער דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אין זייערע נשמות, דאָס האָבען זיי אַזוי ווי געוואָלט פערבעהאַלטען, איינע פון די אַנדערע. אָבער, ווערטער זיינען כמעט ווי ניט נויטיג געוועזן. זיי האָבען זיך זעהר גוט פערשטאַנען.

דער שעהנער טרוים פון דער שוועסטער, וועלכע האָט חתונה געהאַט פאַר'ן פידלער, איז געוועזן אַ זעהר קורצער. באַלד איז געקומען די ביטערע ערוואַכונג. זי איז געוואָרען אַ לאַסט פאַר דעם קינסטלער מיט זיינע הויכע פּלענער און פאַנטאַזיעס. מאַנכע זאַכען האָט זי דערצעהלט איהר שוועסטער אויפ'ן אויער. און דערצעהלענדיג עס, האָט אַ רויטקייט פון שאַנדע בעדעקט איהר טוידט־בלאַסען פּנים.

ניט לאַנג איז זי געוועזן דעם דאָקטאָר צו לאַסט. גאָר גיך איז די מיעד־קראַנקע פרוי געשטאָרבען. פאַר'ן טויט האָט זי געהאַלטען מיט איין האַנד איהר קליינע טאָכטער בעטינאַ און מיט דער

צווייטער טאמארא. און ערשט אין דער שטונדע פון איהר אונ־גליקליכער שוועסטער׳ס טוידט האָט טאמארא אויך דערפיהלט איהר אייגענעם באלדיגען שיקזאל. זיי ביידע זיינען געווען עפּעס ווי צו לייכט פאר די ערד. זייער וועלט האָט בעדאַרפט זיין אויף הויכע בערג, וואו די לופט איז אזוי דין און קלאָהר, וועלכע געוועהנליכע מענשען קענען ניט אריבערטראָגען.

די קליינע בעטינא האָט מען אָנגעטהאָן אין א שווארצער קלייד, אָבער טאמארא איז געבליבען אָנגעטהאָן אין איהר העלע קלייד. זי האָט ניט געוואָלט, אז טהאָמאס זאָל זעהן ארום זיך דורכאויס שווארץ.

צו יענער צייט איז טהאָמאס געוואָרען אזוי ווי מיט א מאָל אויסגעוואקסען. זיין שטילער ווידערשטאנד געגען זיינע לעהרער און פּאָטער האָט זיך אומגעוואנדעלט אין אָן אָפענעם קאמפּף. געגען יעדע אונגערעכטיגקייט האָט ער פּראָטעסטירט מיט דעם גאנצען פייער פון זיין נשמה.

מיט בעטינא איז ער אויסגעקומען אין אלגעמיין גאנץ גוט. זי האָט זיך גלייך צוגעבונדען צו איהם מיט א פאנטאסטישער, אונ־טערטהעניגער ליעבע. זי איז איהם נאָכגעגאנגען ווי א הונד, וועל־כער טרעט ניט אָב פון זיין בעל הבית, אפילו ווען ער ווערט גע־טראָטען מיט די פיס. און אין דער צייט, ווען טהאָמאס האָט זיך געפיהלט פון אלע זייטען געסטראשעט פון פיינד, האָט איהם אָן אונשולדיגער וואָרט פון בעטינא געקאָנט אזוי בייז מאכען, דאָס ער האָט געקענט ווערען גרויזאם צו איהר. אָבער זי איז קיינמאָל ניט בייז געוואָרען אויף איהם. זי האָט עס איהם ניט פערגעסען, דאָס נאָך דער מוטער׳ס טוידט, ווען זי האָט זיך געפיהלט אזוי אונגליק־ליך און דערשלאָגען, איז ער עס געווען, וועלכער האָט אויפגעפּאסט און געקעכעלט איהר, ווי א קראנקע פויגעלע. אויך האָט ער אליין געמעגט זיין ווי אין כעס אויף איהר, נור — דאָס האָט זי געוואוסט פון ערפאהרונג — אזוי שנעל, ווי אימיצער אנדערש האָט נור גע־וואגט אָנריהרען איהר אָדער איז געווען מיט עטוואָס אונפריינדליך צו איהר, פלעגט ער באלד ערשיינען אלס איהר אייביגער בעשיצער. דערפאר, ווען טהאָמאס איז געווען ערביטערט געגען די גאנצע וועלט, האָט ער געקענט אריבערטראָגען נור די נאָהענטקייט פון

זיין מוטער און זיין קוזינע. און פֿאַר איהר איז ניט געווען גאָר קיין גרעסערער גליק, ווי צו שטעהן שטיל אויף די קניע לעבען איהם. דער סאָד איז איהר ניט לאַנג געבליבען פרעמד. עס האָט גענומען ניט לאַנג, און זי איז געווען אין איהם אַזוי היימיש, פּונקט ווי זי וואָלט איהר גאַנצען לעבען פערבראַכט אין איהם.

צווישען די ווענינע זאַכען, וועלכע מאַמע און טאָכטער האָבען געבראַכט פון דער גרויסער וועלט, איז געווען איין זאַך, צו וועלכער בעטינאַ איז געווען צוגעבונדען מיט איהר גאַנצען הארצען. און דער ווערטה פון דער זאַך איז געוואָרען אין איהרע אויגען נאָך פיעל טהייערער, ווען זי האָט אויסגעפונען, אַז גראַדע דורך איהר קען זי מאַכען טהאָמאַסען זאַנפט און מילד.

דאָס איז געווען אַ קליין פידעלע, אין וועלכע בעטינאַ האָט געקענט אריינלייגען איהר גאַנצע זעעלע. ווען זי האָט געשפּיעלט אויף דער פידעלע, האָט טהאָמאַס געפיהלט זיך, ווי בע־כשופ'ט.

איין טאָג איז גראַדע טאַמאַראַ אָנגעקומען, ווען בעטינאַ האָט געשפּיעלט פאַר טהאָמאַסען. זי האָט זיך צוגעהערט. און ווען די קינדער זיינען איהר געוואָהר געוואָרען, און האָבען אַ בליק גע־טהאָן אין איהר פּנים, פול מיט שמערץ און ביטערניש, האָבען זיי ביידע אויפגעשריען פון שרעק. פון יעמאָלט אָן האָט בעטינאַ זיך נעהיט צו שפּיעלען אין דער אַנוועזענהייט פון איהר מומע טאַמאַראַ, כאָטש זי האָט ניט פערשטאַנען, וואָרום טהוען די טענער פון דער פידעל איהר גוטער מוהמע אַזוי וועה.

זייט דאַן פלעגט די קליינע בעטינאַ ארויסנעהמען איהר פי־דעלע נור דאַן, ווען זי איז געווען זיכער, דאָס נור טהאָמאַס אַליין וועט הערען איהר שפּיעלען. קיינמאָל האָט זי ניט גערעדט פון איהר פאָטער. און פאַר איהר פעטער האָט זי אויך מורא געהאַט, ווי טהאָמאַס. זי האָט איהם איינפאַך אויסגעמידען.

און אויף דעם דאָקטאָר איז ניט איבעריגס אָנגענעהם געווען, דאָס זיין פאַמיליע איז מיט אַ מאָל גרעסער געוואָרען. ער האָט גאַנץ גוט געפיהלט, דאָס די דריי וועזענס אין זיין הויז זיינען איהם גאַנץ פרעמד, און מיט גרויס ערנסטקייט האָט ער זיך גענומען די מיה צו קריגען אָן איינפלוס אויף טהאָמאַס, אָברייסען איהם פון די פּאָלעס פון דער הייליגער, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקען.

מיט דעם וואָרט „הייליגע“ האָט ער אויסגעדריקט זיין גאַנצען צאָרן. ער האָט פאַר איהר קיין אַנדער וואָרט ניט געפונען. ער האָט געמיינט, אַז מיט דיעזען וואָרט ערקלעהרט ער שוין אַלעס, וואָס פאַר אַ צרה אַ פרוי ער האָט. און דאָס האָט גראַדע געמאַכט, אַז טהאָמאָס זאָל זיך נאָך מעהר צובינדען צו זיין מוטער. ער האָט געפיהלט, דאָס צווישען זיין פאָטער און מוטער איז ניטאָ גאָר ניט געמיינשאַפטליכעס, און דאָס זי געהערט דערפאַר נור איהם אַליין.

דאָך, עס זיינען געוועזן אויך שטונדען, ווען טהאָמאָס פלעגט מאַכען פּאָרווירפע זיך אַליין, און פלעגט זיך פרעגען מיט שמערץ, וואָרום וועהרט ער זיך אַזוי געגען פאָטער. דאַן פלעגט ער זיך געבען די מיה צו פערשטעהן דעם פאָטער און זיך דערנעהענטערען צו איהם. אָבער דער דאָקטאָר מיט זיין גראָבקייט פלעגט דיעזע שטימונג אַלע מאָל פערדאַרבען באַלד און פון אַלע בעשליסע פון דעם אינגעל צו זיין אַ גוטער קינד צום פאָטער איז געוואָרען גאָר ניט. ער האָט געפיהלט נור דעם פיינד, געגען וועלכען ער מוז קעמפּפען, אויב ער זאָל זיך אַליין ניט פערלירען. דער פאָטער און די לעהרער זיינען איהם פאָרגעקומען ווי אונגעהויער גרויסע ריעזען, וועלכע האָבען איהם אָנגעפילט מיט שרעק. מיט זייערע גרויסע הענד האָבען זיי געוואָלט איהם צודריקען און מאַכען איהם געהאָרכ־זאַם. זיי האָבען ניט געזעהן, וואָס אין איהם איז פאָרגעקומען, און דאָס ער פּראָטעסטירט נור געגען זייער רויהע געוואַלט, וועלכע זיי ווילען דורכפיהרען. און דאָס, וואָס אַלע זיינע שול־חברים זיינען געוועזן אַזעלכע שוואַכינקע און האָבען זיך געלאָזט בויגען און ברעכען, ווי מען האָט עס פערלאַנגט, — גראַדע דאָס האָט איהם געמאַכט נאָך מעהר מוטהיג און צאָרנדיג. ניט זיינע לעהרער און ניט זיין פאָטער האָבען איהם פערשטאַנען. זיי וואָלט זיך עס גאָר קיין מאָל ניט גע'חלומ'ט, דאָס אין דער שטיל האָט זיך טהאָמאָס געשעהמט מיט זיי. און דאָך איז עס טאַקע אַזוי געוועזן. טהאָמאָס האָט זיךווירקליך געשעהמט מיט זיי, וועלכע, כאָטש זיי זיינען אי עלטער פאַר איהם און אי ווייסען אַזוי פיעל מעהר, ווי ער, פערשטעהען ניט אַנדערש, ווי צו בעגעהן זיך מיט איהם, ווי נור מיט געוואַלט.

נור טאַמאַראַ האָט דערקענט די אורזאַכע פון זיין איינגע־

שפּאַרטקייט. נור זי האָט געזעהן די איידעלע בלוט פון איהר אינגעל, ווען עס איז געווען צו־ווידער אַלעס, וואָס איז ניט פיין.

די קליינע בעטינאַ אָבער, וועלכער האָט נאָך ניט פערשטאַנען טהאָמאַסען מיט איהר קאָפּ, האָט איהם פערשטאַנען מיט איהר הארצען. פאַר איהר איז ער געווען דאָס טהייערסטע און דאָס הייליגסטע.

6.

טהאָמאַס האָט אויסגעפיהרט; ער האָט ניט געבעטען זיין לעהרער, ער זאָל איהם מוחל זיין. זיין מוטער איז אַליין אוועק צום לעהרער; שווייגענדיג האָט זי אויסגעהערט די אַלע שרעקליכע חטאָים פון איהר זוהן, ווען זי האָט אזוי ליעב געהאַט.

דער לעהרער האָט זיך געפיהלט זעהר שלעכט, לייענענדיג דעם גאַנצען צעטעל פון טהאָמאַס'עס פערברעכענס. די שווייגענדע מאַמע האָט איהם מיט איהרע בליקען, פול מילדקייט און ווירדיג־קייט, גאַנץ צומישט, אזוי דאָס צולעצט איז איהם פאָרגעקומען, אזוי ווי ער וואָלט בעדאַרפט בעטען אום ענטשולדיגונג. צווישען די קלאַגען געגען טהאָמאַס איז די הויפּט־קלאַגע געווען, דאָס ער מאַכט אויף רעבעליש די אַנדערע אינגלאך, און דאָס ער נעהמט אויף זיך אָפט די ראָליע פון זייער אַדוואָקאַט. „מיט אַ געוויסען גייסטיגען שטאָלץ האָט ער אויף זיך" — האָט דער לעהרער געענ־דיגט זיין לאַנגע קלאַגע־רעדע געגען טהאָמאַס — „גענומען די ראָליע פון אַ קלאַסען־רעטער און ער פערדרעהט די קעפּ פון די יונגע קינ־דער. ער האָט אין זיך עטוואָס פון אַ פאָלקס־אַגיטאַטאָר. און דערצו איז ער אזוי איינגעשפּאַרט. איז ער אין דער היים אויך אזוי?"

פרוי טאַמאַראַ האָט נור געענטפערט מיט אַ שאָקעל פון קאָפּ. זי האָט פערטראַכט איינגעקוקט זיך אין דעם צוקנייטשטען פּנים פון איהר אינגעל'ס לעהרער, וועלכער האָט איהם אזוי שלעכט פער־שטאַנען.

דאַן האָט דער לעהרער גערעדט נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגען טהאָמאַסעס „פאַנאַטיזמוס פאַר גערעכטיגקייט, אַלס אַ זעהר גע־

פעהרליכע זאך, וועלכע מוז שוין בעצייטענס ארויסגעריסען ווערען פון איהם מיט'ן ווארצעל, ווייל זאנסט האט דאך איהר זוהן גלענ־צענדע פעהיגקייטען, און מען וואלט פון איהם געקענט זעהר פיעל האפען, ווען ניט דיעזער שטארקער פעהלער".

לאנגזאם איז טאמארא געגאנגען צוריק אהיים. שעהמענדיג האט זי געענטפערט אויף די בעגריסונגען פון די פארבייגעהענדע. ארייגקומענדיג אין שטוב, האט זי ראש אויסגעטהאן איהרע קליי־דער פון גאס, און האט גענומען אין די הענד א ברייט־ראנדיגען הוט, וועלכען זי האט אימער אנגעטהאן, ווען זי האט זיך געקליבען ארויסצוגעהן אין סאד. מיט א מאל האט זי דערהערט שטימען פון דעם צימער דערביי. געגען איהר ווילען האט זי געהערט א פרויען־שטימע.

— אלזא, שפעטסטענס אום 8 א זייגער ועסטו זיין.

אויף דעם האט איהר מאן'ס שטימע געענטפערט:

— געוויס, מיין געליעבטע.

דער הוט איז איהר ארויסגעפאלען פון די הענד. אן אויס־דרוק פון עקעל איז געקומען אויף איהר פנים. ערשט, ווען זי האט צוגעמאכט דעם טויער פון סאד הינטער זיך, האט איהר פנים אנ־גענומען זיין געוועהנליכען אויסדרוק. זי האט א פאכע געטהאן מיט'ן האנד איבער'ן פנים, אזוי ווי זי וואלט געוואלט אבשארען פון איהם עטוואס זעהר אונאנגענעהמעס, און איז לאנגזאם געגאנגען דורך די וועגען פון סאד, זוכענדיג די קינדער. דיעזע אבער זיינען דארט ניט געוועזן. זי האט זיך אוועקגעזעצט אויף א ניעדריגע באנק, האט זיך אנגעשפארט מיט איהרע עלענבויגענס אן איהרע קניע, און האט זיך פערטראכט.

אלעס ארום איז געוועזן שטיל. אבער אין איהר אליין האט עס שרעקליך געשטורמט.

זי האט זיך פאנאנדערגעלאזען איהרע האר, אזוי ווי זי וואלט געזוכט ווארימקייט געגען די קעלט, וועלכע האט דורכגענומען איהר גאנצען וועזען. מיט זוכענדע אויגען האט זי אריינגעקוקט אין דעם בלויען הימעל, און מיט א מאל האט זיך איהר אבגעדוכט, אזוי ווי זי וואלט געוועזן ווייט, ווייט פון דיעזער ערד.

זי האט זיך געזעהן ליגען רוהיג און שעחן אויף איהר טויטענ־

בעט, מיט בעטינאַ און טהאָמאַס קניענדיג און ניט אַרויסלאָזענדיג קיין טרעהר, ווייל טאַמאַראַ'ס טוידטען־רוהע איז היילִיג פאַר זיי.

זי האָט געשמייכעלט מיט ענטציקונג ביי דיעזען געדאַנק. מיט איהרע גרויסע אויגען האָט זי אַריינגעקוקט אין די זון, וועלכע האָט בעגילט מיט איהרע לעצטע שטראַהלען איהר פּנים פון אַ הייליגער.

.7

אין גאַנצען הויז האָט געהערשט אַ געפיהל פון אַנגסט און דריקונג. טאַמאַראַ איז געלעגען קראַנק צו בעט, און דער דאָקטאָר פלעגט שוין זעהר אָפט ניט זיין ביי די מאָהלצייטען זאָגאַר.

אויף טהאָמאַסען האָט ער ניט אַ קוק געטהאָן, האָט צו איהם קיין וואָרט ניט גערעדט, אַזוי ווי ער וואָלט ניט עקזיסטירט פאַר איהם. בעגעגענענדיג זיך מיט בעטינאַ, פלעגט ער אימער עפּעס מורמלען, און דאַרום פלעגען די קינדער פיהלען זיך ווי בעפרייט ווען ער פלעגט פערלאָזען דאָס הויז.

איצט זיינען די קינדער געווען עפטער צוזאַמען. טאַמאַראַ האָט ניט צוגעלאָזען קיינעם צו זיך, ווען זי האָט זיך געפיהלט ניט גוט. מעהר פון אַלע האָט זי ניט געוואָלט, אַז איהר אינגעל זאָל איהר זעהן אין איהר עלענדער לאַגע. און אין דער צייט פון איהר קראַנקהייט האָט זיך אַרויסגעוויזען, דאָס קיינער האָט ניט געוואוסט, ווי אומצוגעהן מיט בעטינאַ.

מען האָט איהר פערקלאָגט פאַר'ן דאָקטאָר, און דיעזער האָט איהר אָנגעקוקט מיט אַזאַ פינסטערען בליק, דאָס איהר קליין הערצעל האָט אויף אַ רגע זיך אָבגעשטעלט. ווען טהאָמאַס איז יענעם טאָג געקומען פון שולע, האָט זי זיך פּשוט אָנגעהאַנגען אויף איהם און האָט ניט געוואָלט זיין אַ מינוט אָהן איהם. נור מיט איהם האָט זי זיך געפיהלט זיכער.

איינמאָל האָט זי צו איהם געזאָגט מיט בלישטשענדע אויגען:

— ווען איך וועל גרויס ווערען, וועל איך מיר קויפען אַ שוואַרצען פערד און וועל איבערפאָהרען מיט איהם די אַלע בייזע מענשען. איך וועל זיי צוקיועטשען, און וועל ניט אויפהערען, ביז איך וועל זיי זעהן אין זייער בלוט.

טהאַמאַס האָט איהר ניט געלאָזען אין גאַנצען אויסריידען. ער האָט איהר געכאַפּט פאַר איהרע אַקסלען און אַנגעקוקט איהר מיט שרעק.

— דו וואָלסט געקענט ווערען אַ מערדערין? — האָט ער איהר געפרעגט מיט שרעק.

— זיכער, — האָט זי געענטפערט גאַנץ רוהיג, — אַלע די, וועלכע זיינען שלעכט און בייז און טרעטען מיך.

ער האָט איהר אַ שטויס געטהאָן פון זיך, אויסשרייענדיג:

— פוי, טייוועל!

— טהאָמאַס! — האָט זי אויסגעשריען מיט אַ ציטערענדע שטימע.

ער האָט אויף איהר אַ קוק געטהאָן. איהרע אויגען זיינען געווען פול מיט טרעהרען.

— ווען דו ווערסט זיך אַזוי בעגעהן מיט מיר — האָט זי קוים ארויסגערעדט, — דאַן וועל איך זיך עטוואָס טהאָן.

טהאָמאַס איז גלייך געוואָרען מילד און צערטליך. ער איז צו איהר צוגעגאַנגען און האָט געזאָגט:

— איך ווייס, וואָס דו דענקסט.

— גערן וואָלט איך עס ניט געטהאָן — האָט זי געענטפערט מיט אַ פערשטיקטער שטימע — איך האָב אַזוי מורא, אָבער מאַנכעס מאָל מיין איך, אַז איך וואָלט אַנטלאָפען, ווען עס איז פינסטער. דאָ האָט דאָך מיך קיינער ניט ליעב; קיינער ניט!

— און טאַמאַראַ?

— טאַמאַראַ איז צו קיינעם ניט שלעכט, אָבער ליעבען ליעבט זי נור דיך.

— און האָב איך דען דיר ניט ליעב?

— אַך, ווען דו וואָלסט מיך ליעב געהאַט!

— איך האָב דיך ליעב! — האָט טהאָמאַס געזאָגט פעסט.

פאַר אַן אויגענבליק האָט בעטינאַ'ס פּנים אויפגעשטראַהלט. דאַן האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן פון שמערץ:

— מיך האָט נאָך קיינער ניט ליעב געהאַט.

— און דיין מאַמע?

— אויך זי ניט. זי האָט ליעב געהאַט דעם טאַטען — זי איז גלייך אנשוויגען געוואָרען.

— און ער?

זי איז גאַנץ בלאַס געוואָרען.

— ער?

זי האָט אַ ווײַלע פּערדעקט איהר פּנים מיט די הענד. דאַן האָט זי איהם אָנגעקוקט שטאַרק אויפּגערעגט און האָט געזאָגט:

— ער פּלעגט אימער לאָזען די מאַמע אַליין. ער האָט איהר ניט ליעב געהאַט. איך האָב איינמאָל געהערט די מאַמע זאָגען צו איהם: „וואַרום מוטשעסטו מיך אַזוי? וואַרום ברענסטו מיך מיט גליהענדע צוואַנגען?"

— ער האָט עס געטהאָן? מיט צוואַנגען איהר געברענט?

— מיין מאַמע האָט עס געזאָגט. איך האָב עס ניט פּערגעסען. דאַן האָט ער אונז אין גאַנצען פּערלאָזען, און מיר זיינען צו אייך געקומען. איצט ווייסטו אַלעס.

פּאַר אַן אויגענבליק זיינען די קינדער שטיל געבליבען. פּלוצ־לונג אָבער האָט בעטינאַ אויפּגעהויבען איהר קאָפּ מוטהיג אין דער הויך, און האָט ארויסגערעדט:

— ווען איך זעה איהם, שיס איך איהם.

— דיין טאַטען!

— דאָס איז מיר גאַנץ גלייך — האָט זי געענטפּערט רוהיג.

טהאָמאַס האָט זיך דערשראָקען פּאַר די ענטשלאָסענהייט און ערביטערונג פון דער קליינער בעטינאַ און האָט איהר אָנגעקוקט מיט שטוינען. בעטינאַ האָט עס געפּיהלט.

— פּערשטעהסטו — האָט זי איהם ערקלעהרט — ער האָט די מאַמע געטוידטעט, און איך וועל איהם טוידטען. דאָס איז דאָך גאַנץ רעכט.

טהאָמאַס איז וועגען דעם ניט געוועזען קלאָהר ביי זיך, אָבער אין גרונד האָט ער עס געפּונען פּאַר גאַנץ ריכטיג. דאָך האָט ער איהר געענטפּערט:

— דו ביזט אַ ביסעל נאַריש.

— אַזוי דענקסטו? דו וועסט זעהן. איך ווייס, וואָס איך ווייס. אין דיעזען אויגענבליק האָבען די קינדער דערהערט דעם דאָק־

טאָר׳ס שטימע. זיי האָבען זיך אָנגעקוקט, און שנעל האָבען זיי אָבגעראמט דאָס פעלד. ווי פערפאָלגטע פערברעכער האָבען זיי זיך ארויפגעכאפּט אויף די טרעפּ, און געלאָפען אלץ העכער און העכער, ביז זיי זיינען געקומען אויפ׳ן בוידעם.

די קינדער, וועלכע זיינען דאָרט געוועז דאָס ערשטע מאָל, האָבען זיך נייגיעריג ארומגעקוקט. זיי האָבען דאָרט דערזעהן א גרופּע מלאכים׳לעך, וועלכע איז פריהער געשטאנען אין סאָד. דיעזע מלאכים׳לעך, מיט צוקלאפּטע נעזלעך, מיט צוקאליעטשעטע אויערען, האָבען ארויפגעיאָגט א לייכטען שרעק אויף די קינדער. א חוץ דעם זיינען דאָרטען געשטאנען פערשיעדענע קאסטענס, וועלכע די קינדער האָבען פאָרזיכטיג געעפענט. אין איין קאסטען איז געלעגען אן אלטער שאכשפּיעל פון עלפאנט־ביין. אין ווינקעל איז געשטאנען א לאנגע זאך, בעדעקט מיט א שווארצען טוך.

— וואָס קען עס זיין? — האָט בעטינא געפרעגט זעהר שטיל.

און טהאָמאס, אנשטאָט אן ענטפער, איז צוגעגאנגען, און האָט אראָבגעצויגען דעם צודעק. זיי האָבען ביידע ארויסגעלאָזען א הילכענדען געשריי.

א סקעלעט איז פאר זיי געשטאנען.

זיי זיינען אָבער באלד רוהיג געוואָרען. דער בוידעם איז זיי פאָרגעקומען ווי א פערצויבערטער פּלאץ, אין וועלכען דער צופאל האָט זיי געבראכט. גראדע די פיעלע אונבעקאנטע זאכען, פאר וועלכע זיי האָבען זיך געשראָקען, האָבען זיי אויך צוגעצויגען. זיי האָבען זיך פעסט צוגעדריקט איינער צום אנדערען און ביידע האָבען געפיהלט זיך שטארק דערשראָקען ביי דעם מינדעסטען גערויש, ביז בעטינא האָט זיך שטארק צוואויינט.

— האָסטו מורא? — האָט טהאָמאס געפרעגט.

זי האָט געדריקט זיינע הענד און געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— טו וואָס וויינסטו?

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט א שמייכעל, וועלכען ער האָט ביז דאן קיינמאָל ניט געזעהן אויף איהר פּנים און זי האָט גע־ענטפערט:

— איך וויין, ווייל איך האָב דיך אזוי ליעב, און ווייל איך וואָלט אימער געוואָלט זיין מיט דיר דאָ אויבען.

ווען זי האָט דאָס געזאָגט, האָבען איהרע האָר בעריהרט זיין פנים, און טהאָמאַס האָט זיך אין דיעזער מינוט געפיהלט מאָדנע גליקליך.

ער האָט אויסגעמידען איהר בליק. באַלד איז געוואָרען גאַנץ דונקעל אויבען. די קינדער זיינען געזעסען שטום און שווייגענדיג זיך צוגעדריקט איינער צום צווייטען. זיי האָבען זיך ניט א ריהר געטהאָן.

אונבעשטימטע געפיהלען האָבען זיי בעהערשט. טהאָמאַס האָט פּרובירט צו דערקענען בעטינאַ׳ס פּנים, אָבער אין דער דונקעלהייט האָט ער מעהר ווי איהרע שטראַהלענדע אויגען ניט געפיהלט.

און מיט איינמאָל, ניט איבערלייגענדיג זיך, האָט ער איהר א קוש געטהאָן אויף איהרע ברענענדיגע ליפּען. דאַן האָט זי איהם ארומגעכאַפּט מיט איהרע אָרעמס און האָט איהם אזוי געדריקט צו זיך, דאָס ער האָט געמיינט, אז אַן איבער־נאַטירליכע קראַפט האָט זי פלוצלונג בעקומען. די קליינע מיידעלע האָט אויסגעגאָסען אויף איהם אזא אוצר פון צערטליכקייט, דאָס ער האָט גאָר ניט געוואוסט, אויף וואָס׳ער וועלט ער איז. בעטינאַ איז איהם פאָרגעקומען צו זיין פיעל גרעסער, שטאַרקער פאַר איהם. ער איז זיך איצט פאָרגעקומען, ווי א קלייניקער אינגעלע לעבען איהר. דער זייגער פון ראַטהויז האָט געשלאָגען ניין. יעדער שלאָג האָט געקלונגען, ווי אַן אנקלאָגע אין די אויערען פון די קינדער.

אויף די שפּיץ פינגער איז טהאָמאַס געגאַנגען פאַראויס. בעטינאַ׳ס קליידעל האָט זיך פערטשעפּעט אָן א טשוואָק, און טהאָמאַסען איז אָנגעקומען גאַנץ שווער, ביז ער האָט איהר בעפרייט.

שרעקענדיג און אויסמיידענדיג איינער דעם אַנדערען האָבען זיי זיך אַראָבגעלאָזען פון די טרעפּ. עס האָט זיך זיי אָבגעדוכט, אזוי ווי זיי וואָלטען עטוואָס שלעכטעס געטהאָן.

פאַר דער קיך־טיהר האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט. טהאָמאַס האָט זי מוטהיג אַן עפּען געטהאָן, און אַריינגעקוקט אין צימער.

די דיענער האָבען גלייך אויפגעהערט ריידען צווישען זיך און האָבען פערוואונדערט געקוקט אויף די קינדער און אויף זייערע פערשטויבטע קליידער.

— מיר וואָלטען געוואָלט עסען וועטשערע — האָט יוהאַמאַס געזאָגט, און ער און בעטינאַ זיינען אריין אין עס־צימער. ביין עסען האָבען זיי קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. נור פער'גנב'עט האָבען זיי אָנגעקוקט איינער דעם צווייטען און ביין סוף האָבען זיי זיך געזאָגט גוטע נאכט.

דיעזע שטונדע אויפ'ן בוידעם האָבען זיי נאכהער קיינמאָל ניט פערגעסען ביז די מינדעסטע קלייניגקייט. זי איז געווען פאַר זיי א טהייערע פּאַסירונג, וועלכע האָט זיך אָבגעשטעמפּעלט אין זייערע נשמות, ווי א ליעבליכער, צאַרטער בילד, ווי א געהיימניס פון זייער יוגענד, וועמעס פיינעם ריח זיי האָבען געהיט, ווי עטוואָס טהייערעס. דער בוידעם איז פאַר זיי געוואָרען דער בעהאַלטונגס־פּלאַץ, וועלכער האָט נור צו זיי אַליין געהערט.

פון יענער צייט אָן האָבען זיי געהאַט עטוואָס, וואָס האָט זיי פערבונדען און האָט צווישען זיי געשאַפען א מאָדנעם זיסען צו־זאַמענהאַנג.

.8

אין א פּריוואַט־צימער פון דעם שענק וועלכער האָט געהייסען מיט דעם גרויסען נאָמען „דער גאָלדענער לייב“, זיינען געזעסען די חשוב'סטע בעלי בתים פון שטאָדט און זיך צוגעהערט צו די מעשיות, וואָס דער באַנק־קאַסיר האָט דערצעהלט וועגען דעם נייעם גלח. פון די מעשות האָבען זיך ביי איינעם פּשוט געהויבען די האָר פון קאָפּ.

— איהר מעגט עס גלויבען, אָדער ניט — האָט דער קאַסיר דערצעהלט — אָבער דער פאַקט וועט דורכדעם ניט געענדערט ווע־רען. דער גלח איז אריינגעקומען אין הויז גראַדע דאַן, ווען אונזער דאָקטאָר האָט דער פרוי, איינער פון זיינע פּאַציענטקעס, אָבגעזאָגט דאָס לעבען. איהר מאַן און איהרע קינדער זיינען געשטאַנען ארום איהר בעט און בעוויינט איהר, פּונקט ווי זי וואָלט שוין געווען טוידט. די פרוי קוקט אָן דעם גלח אונזערען מיט ווייט־אויפגע־ריסענע אויגען, און וואָס, רעכענט איהר, טהוט ער? ער הייסט איהר מאַן און די קינדער פערלאָזען דאָס צימער און אַליין זעצט ער

זיך ביין בעט. צוערשט רעדט ער צו איהר שטיל, און נעהמט פון איהר די אויגען ניט ארונטער. דאן גלעט ער איהר שטערן, לייגט ארויף זיין האנד אויף איהרע האר. די פרוי פיהלט אין אנהויב, אזוי ווי דער קאפ איהרער וואלט איהר געוואלט אראבשפרינגען פון די פלייצעס. יא, מיינע העררען, איהר קוקט מיך אן, אזוי ווי דא וואלט א רוח געהאט זיין ממשלה. אבער הערט ווייטער. ביי דער פרוי טרעט ארוים א שווייס פון אנגסט אויפ'ן פנים, און דער גלח אונזערער בויגט זיך אראב איבער איהר, און ווענדעט ניט אב זיינע אויגען פון איהר. די פרוי קען גאר ניט פטור ווערען פון איהם. דאן רופט ער אריין די דיענסט־מיידעל, לאזט איינוויקלען די פרוי אין נאסע טיכער און אין א דיקע וואלענע קאלדרע פון אויבען, און בעפעהלט איהר צו שלאפען. פארזיכטיג געהט ער ארוים פון צימער און זאגט צום מאן, אז ער זאל זיך געהן אויס־רוהען, ווייל זיין פרוי וועט געזונד ווערען. נו, וואס זאל איך דא פיעל ברייען? די פרוי איז איצט פריש און מונטער.

די חשובע בעלי־בתים האבען מיט גרויס געשפאנטקייט זיך צוגעהערט צו דער געשיכטע, און ווען דער ערצעהלער האט געענ־דיגט, איז אויף א ווײלע גאנץ שטיל געווארען אין צימער. אלע זיינען געוועזען פערטיעפט אין זייערע אייגענע געדאנקען.

דער אפטייקער האט זיך ענדליך אבגערופען.

— איך מוז זאגען, דאס איך האלט אזעלכע פאסירונגען פאר עטוואס, וואס מען דארף בעדויערען.

דער קאסיר האט איהם אונטערבראכען.

איז עס ניט א מאל דערפאר, ווייל די פרוי איז געזונד גע־ווארען אזן די הילף פון אייערע קרייטיכער און פילען?

דער אפטייקער האט אויפגעהויבען שטאלץ זיין קאפ און האט געענטפערט:

— צו ענטפערען אויף אזעלכע ווערטער האלט איך פאר אונ־טער מיין עהרע. איך דענק, דאס אין אונזער צייט פון וויסענ־שאפט און פארשונג, קענען אזעלכע רעאקציאנערע, פערעלטערטע הייל־מיטעל זיין נור א שטערונג. דער נייער גלח אונזערער מעג זיך האבען דעריבער די בעסטע אבזיכטען. איך צווייפעל ניט פאר א רגע אין זיין עהרליכקייט, אבער פון דעסטוועגען איז עס ביי מיר

גאָר קיין צווייפעל ניט, דאָס מיט זיין כלומרשט'דיגער קאָנקורענץ געגען אונזער דאָקטאָר, העלפט ער דער פערברייטונג פון אבער־גלויבען און איבערגלויבען.

ער האָט פאר א ווײלע בעטראַכט אלע ארומזיצענדע, און האָט ווייטער גערעדט מיט עטוואָס א העכערע שטימע:

— מיינע הערען, גאנץ אבזיכטליך האָב איך דאָ געברויכט די צוויי ווערטער אבערגלויבען און איבערגלויבען. איהר ווייסט, איך בין א גוטער, גלויביגער קריסט. אָבער איך בין געגען דעם אבערגלויבען, און נאָך מעהר געגען דעם איבערגלויבען. דעם גלויבען מעג דער גלח אונזערער אין אונזער צייט פון אפיקורסים זעהן אלץ שטארקער און שטארקער צו מאכען ביי די מענשען, אָבער צו פערדרעהען די קעפּ פון די מענשען מיט איבערנאטירליכען הומבאָג —

דער אפּטייקער האָט זיין זאַץ ניט געענדיגט. די טיהר האָט זיך געעפענט און דער דאָקטאָר איז אריינגעקומען.

ער האָט געזאָגט „גוטען אבענד“, אָבער אויף אלע פנים'ער האָט ער געלעזען, אזוי ווי ער וואָלט זיי אין עפּעס געשטערט מיט זיין קומען.

—איך האָב אודאי מיט מיין קומען אונטערבראָכען א זעהר אינטערעסאנטען געשפּרעך — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, אויס־ציהענדיג זיין אויבער־ראָק — אָבער איך בעט אייך, לאָזט זיך ניט שטערען. איהר האָט זיך גאָר ניט צו זשענירען פאר מיר. די זאך געהט מיר זעהר ווייניג אָן.

— עס איז פונקט פערקעהרט — האָט איהם איינער פון די אנוועזענדע אונטערבראָכען.

— ווי מיינט איהר עס, הערר אדוואָקאַט?

— איהר פערשטעהט — האָט איהם ערקלעהרט דער אדוואָ־קאַט — די זאך איז צו אינטערעסאַנט, אז מען זאָל איהר קענען לאָזען ניט ערקלעהרט. דער הערר קאַסיר האָט נור וואָס דערצעהלט פון דער מערקווירדיגער היילונגס־קראַפט פון אונזער גלח אין איין געוויסען פאַל. אויך איך אליין וויים פון א פּאָר אַזעלכע פעלע. איהר מוזט אויך אודאי וויסען, הערר דאָקטאָר, אז אונזער נייער גלח ווערט ניט נור גערופען פאר די רעטונג פון דער נשמה, נור

איך — נו, איהר פערשטעהט דאָך מיך. מיט איין וואָרט, איך דענק, עס איז נויטיג דיעזע אנגעלעגענהייט גאַנץ רוהיג צו בע־טראַכטען, און מיר דוכט זיך, אַז קיינער איז ניט אזוי פּאַסענד און פעהיג צו געבען אונז אַ געוויסע ערקלעהרונג, ווי איהר, הערר דאָק־טאָר. איהר וועט דאָך מיר זיכער גלויבען, אַז איך דענק ניט, אַז אויף אייער ערקלעהרונג וועלען האָבען אירגענד וועלכע ווירקונג די מאַטעריעלע אינטערעסען. איך גלויב, אַז אין אַזאַ פראַגע דאַרף דער לעצטער וואָרט אַרויסגעזאָגט ווערען פון אַ מענשען, וואָס האָט שטודירט די נאַטור־וויסענשאַפט.

אַלע אנוועזענדע האָבען מיט גרויס נייגעריגקייט געקוקט אויפ'ן דאָקטאָר, אָנשטעלענדיג די אויערען, וואָס ער וועט ענטפערען. ער האָט מיט זיינע פינגער געדרעהט זיך די וואָנצעס, האָט אַ ווײלע געטראַכט און דאַן געזאָגט מיט אַ שמייכעל פון איינעם, וואָס האַלט זיך העכער פון די אַלע אנוועזענדע:

— די וויסענשאַפט האָט מיט דיעזע זאַכען גאָר ניט וואָס צו טהאָן. זי בעטראַכט עס, אַלס איינפאַכע שאַרלאַטאַנסטוואָ. דו ליעבער גאָט, וואוהין וואָלט עס געבראַכט די וויסענשאַפט, ווען מיר וואָלטען ערנסט גענומען אַזעלכע קונצען? ווען איינער קומט און זאָגט, אַז ער איז אין שטאַנד מיט אַ קוק פון זיין אויג אויסצוקורירען אַ רויז, און דער פּאַציענט גלויבט עס, מעג ער עס טהאָן. און ווען דער קראַנקער איז ווירקליך געזונד געוואָרען, און ער גלויבט, אַז דאָס איז ער געזונד געוואָרען פון אָבשפּרעכען אַן עין הרע, מהיכא תיתא, זאָל ער גלויבען. אָבער פון דער וויסענשאַפט קען מען ניט פערלאַנגען, דאָס זי זאָל זיך בעשעפטיגען מיט אַזאַ הומבאָג. עס איז אימער די אַלטע מעשה, די מענשליכע דומהייט. דיעזע איז עס שולדיג אין דעם, וואָס עס זיינען דאָ זאַלבען, מיט וועלכע מען קען יעדע קראַנקהייט אויסקורירען, אַזעלכע טהעען, וועלכע קענען בעפרייען די וועלט פון אַלע איהרע צרות, און עסענצען, מיט וועלכע מען דאַרף נור גוט איינרייבען די הויט פון קאָפּ, אום בייצוקומען די שווערסטע קראַנקהייטען. מיליאָנען מענשען ווערען אַזוי בעשווינ־דעלט. ווען דער דאָקטאָר קען מעהר ניט העלפען, געהט מען צום שוואַרץ־קינסטלער, צום „גוטען־אידען", און דיעזער העלפט, און העלפט אַזוי גוט, ביז דער לעצטער גליעד אין מענשען ווערט פער־

גיפטעט. אָבער דאָס מאַכט ניט. דעם „גוטען־אידען" גלויבט מעז קיינער האָט ניט געוואַגט צו ענטפּערען דעם דאָקטאָר, נור דער אַגראָנאָם, א גרויס־געוואַקסענער מאַן מיט אַן ערנסטען פּנים און מיט א גרויען לאַנגען באָרד, האָט געהאַט דעם מוטה דערצו.

— איך בין ניט אין גאַנצען איינפּערשטאַנען מיט'ן דאָקטאָר — האָט ער געזאָגט, — ווי מיר שיינט, מישט ער צוזאַמען פּיעלע זאַכען, וועלכע דאַרפען בעזונדער בעטראַכט ווערען. אונזער נייער גלח טהוט דאָך נור דאָס וואָס אונזער הערר גאָט האָט גע־טהאָן, וועלכער האָט אויך דעם זעלבען אופן געהיילט די קראַנקע: די קרומע צו געהן גלייך, די טויבע צו מאַכען הערענדיג, און אַזוי ווייטער. טו ווארום זאָלען ניט זיין טאַקע איבערנאַטיר־ליכע קרעפטען, פון וועלכע די הערדען פון דער וויסענשאַפט ווייסען ניט? איך קען מיר עס זעהר גוט פאָרשטעלען, אַז פּונקט ווי די נאַטור קען איינעם בעשענקען מיט מוזיקאַלישע, דיכטערישע און נאָך אַזעלכע פעהיגקייטען, אַזוי קען זי אויך איינעם בעשענקען מיט געהיימניספולע כחות, וועלכע האָבען א געוואַלדיגען איינפלוס אויף די איבעריגע מענשען. מיט א שטאַרקען ווילען קען מען מאַכען שטאַרק דעם ווילען פון ליידענדען. און, ווי מיר שיינט, באַטש דאָס מעג קלינגען גאַנץ זאָנדערבאַר, איז ליידען און שטאַרבען גאַנץ אָפט נור א פראַגע פון ווילען. און, איבעריגס, וויל דאָך גאָר ניט אונזער נייער יונגער גלח ווירקען מיט איבערנאַטירליכע קרעפטען. ער גלויבט אין די היילקראַפט פון וואַסער מעהר ווי אין פּילען. ער גלויבט, דאָס ער האָט א ווירקונג אויף דעם קראַנקען. און דאָס פערשטעה איך זעהר גוט. מוז דאָך אויך דער דאָקטאָר זיין אַזאַ שטאַרקער מענש, אַז דער קראַנקער זאָל האָבען צו איהם צוטרוי. אויב ניט, טויג עס ניט. איהר מעגט זיך אויסלאַכען פון מיר, הערר דאָקטאָר, אָבער איהר וועט ביי מיר מיינע אידעען ניט אַוועקנעהמען.

— דאָס וויל איך גאָר ניט — האָט דער דאָקטאָר געענט־פערט — יעדער מוז זעליג ווערען אויף זיין אייגענעם פאַסאָן, אָבער אין איבערנאַטירליכע זאַכען, וועלכע מיר קענען ניט בעגרייפען, גלויבען מיר ניט, מענער פון דער וויסענשאַפט. יעזוס איז ווירקליך געוועזען אַזאַ שטאַרקע פערזענליכקייט, דאָס ער האָט געקענט ווירקען אויף געוויסע ווילענס־שוואַכע מענשען. אַזוי ווייט בין איך מיט

איך איינפערשטאַנען. מען רופט עס איז דער וויסענשאַפט „סוג־זשעסטשען“. אין פיעלע פעלע איז עס געוועהנליכע היסטעריקע, און איך קען איך עטוואָס דערצעהלען פון מיין אייגענער פראַקטיקע. איך בין גערופען געוואָרען צו אַ קראַנקע יונגע פרוי, וועלכע איז שוין מאָנאַטען לאַנג געלעגען פאַראַליזירט אין בעט, און וועלכע פיעלע דאָקטוירים האָבען ערקלעהרט פאַר אונהיילבאַר. מיר האָט דיזער פאַל געשיינט צו זיין עטוואָס זאָנדערבאַר, און איך האָב געזאָגט צו דער קראַנקער: שטעהט אויף, מיין גוטע פרוי, געהט שפּאַצירען אין צימער און אין די פרישע לופט, ווייל איהר זיינט פאַלשטענדיג געזונד. איך פערזיכער איך מיט מיין עהרענוואָרט, דאָס די שווערע קראַנקע האָט זיך אויפגעהויבען און איז געוואָרען געזונד. אַלזאָ, דער הערר אַגראָנאָם האָט אַ טעות, ווען ער מיינט, אַז די וויסענשאַפט האָט ניט אויסגעפיהרט אַזעלכע קוראַציעס, אָדער אַז זי פערלייקענט די הייל־קראַפט פון וואַסער. אָבער זי בעריהמט זיך ניט מיט קיינע געהיימע קרעפטען. און איבעריגעס —

— אָט איז ער אַליין דאָ! — האָט אויסגעשריען דער אַפּטייקער, און אַלע אויגען האָבען זיך געווענדעט צו די הויכע, שלאַנקע געשטאַלט פון דעם ניי־אָנגעקומענעם, וועמעס גלאַט־ראַזירטע, קלוגער פּנים מיט די דינע ליפּען, מוטהיגער נאָז, ליכטיגער, הויכער שטערען און פריי בליקענדע אויגען, האָט געהאַט אין זיך ווירקליך עטוואָס אונגעוועהנליכעס.

דער אַדוואָקאַט האָט צורעכט־געמאַכט דעם פּענסנע ביי זיך אויפ׳ן נאָז, טראַכטענדיג מיט פערגעניגען, אַז עס קען ווערען גאַנץ אינטערעסאַנט, ווען עס וועט זיך אָנהויבען אַ ויכוח צווישען דעם דאָקטאָר און גלח.

דער דאָקטאָר האָט זיך אונרוהיג גערוקט הין און הער אויף זיין פּלאַץ, און דער אַגראָנאָם האָט מיט פיעל פריינדליכקייט געמאַכט פּלאַץ פאַר דעם ניי־אָנגעקומענעם.

— האָט מען שוין געשטייניגט מיר? — האָט געפרעגט דער גלח, אָנקוקענדיג די אַנוועזענדע האַלב לוסטיג און האַלב פאַר־שעמדיג — ווייל דער „ער איז דאָ“ פון דעם הערר אַפּטייקער האָט דאָך געמיינט מיך. און דער פערברעכען, אין וועלכען מען פער־

קלאַגט מיך, איז אודאי דאָס, וואָס איך מיש זיך אריין א ביסעל אין אונזער דאָקטאָר'ס פּראָפעסיע.

— געטראָפען — האָט דער אדוואָקאט אונטערגעכאַפּט. וואָלט דער הערר פּרעדיגער געקומען פינף מינוט שפּעטער, וואָלט ער שוין געווים געקענט וויסען דעם רעזולטאַט פון דער אָבשטימונג, ווייל מיר זיינען שוין געוועזן ניט וויט פון דעם. די פראַגע פאַר אונז איז געוועזן: צו פּערברענען אייך, אָדער ניט. און וואָס מיך אָנ־בעטרעפט, וואָלט איך געשטימט פאַר פערברענען, הערר פּרעדיגער, ווייל איך בין אימער געגען אַזעלכע, וועלכע האָבען עטוואָס, וואָס איך האָב ניט.

דער יונגער גלח האָט אויף די כלומרשט וויציגע ערקלעהרונג פון'ם אדוואָקאַט געענטפערט גאַנץ איינפאַך:

— איך מוז אייך בעטען מיר מוחל זיין, אָבער אין אייער דע־באַטע וויל איך זיך ניט בעטהייליגען. דאָ איז א מיינונג געגען א מיינונג, און א ויכוח איז אין אזא פאַל גאַנץ נוצלאָז. מיינט ניט, אַז איך האַלט גאָט־ווייס־וואָס פון מיין מעטהאָדע צו קורירען א קראַנקען. עס זיינען די איינפאַכסטע מיטלען, וועלכע איך גע־ברויך. אָבער ווען איך קען העלפען, העלף איך, אַפּילו ווען איך ווייס, אַז איך קום דערמיט אימיצען אין וועג און רוף געגען מיך אַרוים איינעמס צאָרן. איך ווייס פון די אַלע ארגומענטען, וועלכע מען ווענדעט אָן געגען מיר. איך האָב זיי שוין געהערט א מאָל טויזענד, אָבער דאָס קימערט מיך גאַנץ ווייניג. איך וויל ניט און קען ניט געבען קיין וויסענשאַפטליכע ערקלעהרונג פאַר מיין ער־פאָלג. איך האָב מיר, נאַטירליך, מיינע אייגענע געדאַנקען וועגען דעם, אָבער ביי מיר איז דאָך ניט די פראַגע צו געבען אַן ערקלעה־רונג פון מיין מעטהאָדע, נור טאַקע צו העלפען און פּרעלייכטערען דעם קראַנקען זיינע שמערצען. איך האָב אויסגעפונען גאַנץ צו־פעליג, דאָס מיין האַנד און מיין אויג קענען גוטעס טהאָן פאַר די קראַנקע.

דער יונגער גלח האָט גערעדט מיט אַן ערנסטקייט און זיכער־הייט, וועלכע האָבען געמוזט מאַכען א ווירקונג אויף אַלע צוהערער, אָבער אין זיינע ווערטער איז ניט געוועזן עטוואָס, פון וואָס דער דאָקטאָר זאָל זיך קענען פיהלען בעליידיגט.

דער קאַסיר האָט זיך עטוואָס איבערגעבויגען איבער'ן טיש.
— מעג איך שטעלען אַ פראַגע, הערר פּרעדיגער?
— אויב איך וועל נור קענען ענטפערען.
— איהר האָט געזאָגט, דאָס דורך אַ צופאַל —
— גאַנץ ריכטיג — האָט איהם דער גלח אונטערבראָכען — איך בין גערופען געוואָרען צו אַ טוידט־קראַנקע פרוי, וועלכע האָט געוואָלט טרייסט פאַר'ן טוידט. זי האָט אָנגענומען מיין האַנד און האָט ניט אַראָבגענומען פון מיין פנים איהרע דערשראָקענע אויגען. ווען זי האָט אַרויסגעלאָזען מיין רעכטע האַנד, האָב איך זי אַוועקגעלייגט אויף איהר קאָפּ, גאָר ניט טראַכטענדיג דערביי; און ווען איך האָב די האַנד געוואָלט אַרונטערנעהמען, האָט די פרוי מיך געבעטען דאָס ניט צו טהאָן. זי האָט מיר געזאָגט, דאָס די האַנד טהוט איהר זעהר גוט. און אַזוי בין איך געזעסען שטונ־דען־לאַנג ביי איהר בעט. מיינע פריינד, איך האָב אין דיעזען פאַל דעם טוידט ניט געקענט בעזיעגען. אָבער זייט דאַמאָלס האָב איך זיך דערוואוסט, דאָס מיין האַנד און מיין בליק טהוען גוט די קראַנ־קע, און האָב ניט געזעהן קיין גרונד, וואָרום איך זאָל דיעזע אייגענ־שאַפט מיינע ניט בענוצען פאַר די, וועלכע נויטיגען זיך אין איהר. געוויס, עס זיינען דאָ זאַכען, וועלכע מען קען ניט ערקלעהרען דורך חקירות און אַרגומענטען.
דער דאָקטאָר האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער, האָט עטוואָס אַ הוסט געטהאָן און זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ.
— איך דאַרף שוין געהן — האָט ער ערקלעהרט, נעהמענדיג זיין הוט און שטעקען.
די גאַנצע דעבאַטע איז איהם געווען זעהר ניט צום האַרצען. ער האָט געפיהלט, דאָס דער גלח איז אַ שטאַרקערער כאַראַקטער, ווי ער, און ער האָט געהאַלטען, אַז צו דעבאַטירען מיט איהם האָט קיין צוועק. אפילו ווען ער זאָל אַרויסקומען געגען איהם מיט די קלאָהרסטע וויסענשאַפטס־אַרגומענטען. אָבער עס האָט איהם גע־ערגערט, וואָס דער גלח קען רעדען אַזוי רוהיג, מיט אַזאַ פעסטקייט, און ער האָט געפיהלט, דאָס דער גלח מיט זיינע מעטהאָדען צו היילען קראַנקע איז ווירקליך זיינער אַ גאַנץ געפעהרליכער קאָנקורענט.
ער איז אַרויסגעריסען געוואָרען פון דיעזע פינסטערע געדאַנקען

פון דעם גלח אליין, וועלכער איז פלוצלונג געשטאנען ביי זיין זייט, פערטיג צו געהן. און ווי שווער עס איז געווען איהם צו האבען דעם גלח אלס זיין בעגלייטער, אבער ער האט דאך ניט געקענט זיין אזוי גראב און זאגען איהם, דאס ער וויל אליין געהן.

אויפ'ן גאס איז געווען שטארק פינסטער, אזוי, דאס מען האט קוים געקענט זעהן עפעס עטליכע טריט פאראויס.

דער גלח האט דער ערשטער אנגעהויבען צו רעדען.

— איך האב אייך געוואלט פרעגען, הערר דאקטאר, אויב איהר ווילט ניט שיקען אייער אינגעל צו מיר פאר אונטעררייכט אין רע־ליגיאן. עס איז דאך שוין צייט. ער האט בעדארפט שוין ווערען „בר מצוה“ נאך ביי מיין פארגענגער.

ער איז אנשווייגען געווארען, ווייל דער דאקטאר איז שטעהן געבליבען. די געשיכטע איז איהם געווען זעהר ניט אנגענעהם. פון איין זייט האט עס איהם געערגערט, דאס מען זאל קענען זאגען וועגען איהם, אז ער האט זיין פליכט ניט געטהאן, אלס גוטער פרומער בירגער; פון דער אנדערער זייט אבער איז איהם געווען זעהר ניט אנגענעהם צו קומען מיט דעם גלח אין נעהענטערע פער־העלטניסע. און דאך האט ער געפיהלט, אז אבלייגען עס קען ער מעהר ניט. ער האט דארום שנעל געענטפערט:

— איך שיק אייך מארגען דעם אינגעל. און איצט האט ניט קיין פאראיבעל וואס איך פערלאז אייך. איך האב נאך א וויזיט צו מאכען.

ווען דער דאקטאר האט זיך פערקירעוועט אין דער אנדערער גאס, האט ער אנגעהויבען שפרייזען שנעלער. ער איז געווען אויפ־גערעגט און אויפגעבראכט געגען זיך אליין: פאר וואס האט ער איהם פערשווייגען? ווארום האט ער מיט א פאר קרעפטיגע ווער־טער ניט אומגעווארפען דעם גלח'ס נארישע פלוידעריי? ער איז געגאנגען נאך שנעלער. פון קיין הויז האט זיך ניט געזעהן קיין ליכט־שיין. די לאדענס זיינען געווען צו און די גאס איז געווען פינסטער. אין דיעזער קליינער שטאדט איז מען געגאנגען פריה שלאפען.

דער דאקטאר האט אפגעזיפצט. וואס פאר אן עלענדען הונ־גער־לעבען ער האט געפיהרט, אלס סטודענט, און איצט איז ער

אזוי ווי בעגראָבען אין דיעזער שטעדטעל. אמת, ער האָט איצט זאט צו עסען און צו טרינקען, אויף אַזוי וויט איז זיין ספּעקולאַציע געווען אַ ריכטיגע, אָבער אַ ריכטיגע היים האָט ער ניט. דאָרט איז איהם אַלעס פרעמד. ער האָט עס געפיהלט, דאָס דער איינגעל זיינער געהערט אין גאַנצען צו דער מוטער, און אַ צאָרן האָט אויפגעפלאַמט אין איהם געגען די פרוי, וועלכע האָט צווישען איהם און זיך אויפגעבויט אַ וואַנד, און האָט איהם פרעמד געמאַכט צו זיין אייגענעם קינד. עס איז זיין טרויעריגער מזל, דאָס ער דאַרף זיך אַזוי גנב'ענען ביי־נאַכט, דאָס ער האָט געמוזט נעהמען אויף זיך נייע קייטען, וועלכע ער האָט שוין אָנגעהויבען צו פיהלען...

ענדליך איז ער צוגעקומען צו אַ הויז, וועלכע איז געשטאַנען גאַנץ אויסערען שטאָדט. ער האָט לאַנגזאַם אַ ציה געטהאָן דעם גלאָק. די בילעריי פון אַ הונד האָט געענטפערט.

— שטיל, קאַרטוש, שטיל — האָט דער דאָקטאָר מיט אַ פערשטיקטער שטימע בערוהיגט דעם הונד. ער האָט געמוזט וואַרטען אַ היבשע ווילע. דאַן האָט ער געהערט דעם שליסעל קנאַקען און פון אינעווייניג האָט אַ שטימע געפרעגט:

— ביסטו עס?

— איך — האָט ער געענטפערט.

די טהיר האָט זיך געעפענט און פאַר איהם איז געשטאַנען אַ יונגע, קרעפטיגע פרוי, האַלטענדיג אין דער לינקער האַנד אַ לאַנטערנע. איבער איהר קאָפּ איז געלעגען אַ טוך, וועלכע האָט געריכט ביז איהרע פּלייצעס. זי איז געווען אָנגעטהאָן אין אַ ווייסען נאַכט־העמד און זי האָט אויסגעזעהן מיעד און פערשלאָפען.

— דו קומסט אַזוי שפּעט — האָט זי געמורמעלט, געהענדיג פּאָראויס אין די וואָהנצימער, וועלכע זיינען געווען אויפ'ן אויבערשטען פלאָר, וועהרענד דער שענק איז געווען אונטען. זי האָט אוועקגעשטעלט די לאַנטערנע אויפ'ן טיש און האָט אָנגעצונדען דעם ענגלאָמפּ. דאַן האָט זי מיט אַ ברייטער בעוועגונג אַראָבגענומען די טיכעל פון קאָפּ, אַזוי, דאָס מען האָט איצט געקענט זעהן איהר נאַקעטען האַלז און הויבען בוזים, וועלכער האָט שנעע־ווייס געזעהן זיך דורך די נאַכט־העמד. זי האָט זיך געריבען מיט דער האַנד די עטוואָס מיעדע שמאָלע און שלעפעריגע אויגען, און האָט זיך

ארונטערגעלאָזען אויף די סאָפאַ, וועלכע איז געשטאַנען אין הינטער־גרונד פון צימער.

— אויפרייסען איינעם פון שלאָף! — האָט זי געזאָגט.

מיט איהר ברייטע פיגור, מיט איהר גרויסען, ליידענשאַפט־ליכען מויל, מיט איהר חוצפה'דיגען, עטוואָס פּעררִיסענעם נעזעל, מיט איהרע דינע, שווארצע, צולאָזענע האָר, וועלכע זיינען איצט געווען צוואַרפען איבער איהר ווייסע האַלז, האָט זי אימער אויפ'ן דאָקטאָר געווירקט אַם שטאַרקסטען. זי האָט עס אויך געוואוסט, און זי האָט דאַן געטהאָן מיט'ן דאָקטאָר, וואָס זי האָט נור געוואָלט.

— מאַך ניט אַזא בייזען פּנים — האָט ער שוין געזאָגט מיט אַ טאָן פון איינעם, וואָס דאַרף עטוואָס אויסבעטלען.

— אַך, וואָס!

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבען איהר און האָט איהר גע־וואָלט ארומנעהמען.

— לאָז מיך, — האָט זי געזאָגט בייז.

— וואָס מאַכט דאָס קינד?

זי האָט איהם אָנגעקוקט פון דער זייט קרום און צו דער זעלבער צייט פאַרשענדיג:

— דיר אַרט זעהר פיעל פאַר מיר און דעם קינד.

דער טאָן האָט איהם אַ גערייצט און אַ צופריעדען געשטעלט. ער האָט עס געגליכען, ווען זי האָט איהם געמאַכט פיהלען זיך גאַנץ ניעדריג. דאָס פלעגט איהם מערקווירדיג אויפרעגען.

— ווי קענסטו גאָר אַזוי ריידען? דו ווייסט, ווי איך האָב דיך ליעב.

— וויים איך? — זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די עלענ־בויגענס אויף איהר שוים.

— זיי דאָך גוט צו מיר — האָט ער זיך געבעטען — איך קום צו דיר אויסגעמאַטערט און געערגערט, און דו שיטסט מיר נאָך זאַלץ אויף די וואונדען. שעהמען זאָלסטו זיך, מאַרינקאַ!

— וואָס פאַר אַן ערגערניש האָסטו עס אַזעלכע? — האָט זי געפרעגט אַ לאַך טהאָענדיג.

ער האָט זיך צוגערוקט צו איהר נאָך נעהנטער. זי האָט זיך דיעזעס מאָל ניט געוועהרט און ער איז געוואָרען גאַנץ צערטליך.

— דו מוזט איצט דאָפּעלט גוט זיין צו מיר. פערשטעה דאָך, עס איז ניט קיין קליינינקייט, ווען ביי איינעם ליעגט די פרוי זיינע קראַנק און עלענד, און מען ווייס ניט, ווען עס וועט נעהמען אַ סוף דערצו, און אַ חוץ דעם, ווען עס פאַלען אָב די פּאַציענטען איינער נאָך דעם אַנדערען.

אויף דעם פּנים פון דער פרוי איז געקומען אַ בליק פון גרויסער ניינערינקייט. זי האָט זיך עטוואָס אויפגעהויבען און אויף איהר פולען פּנים איז געפאַלען דער העלער שיין פון לאָמפּ.

— וואָס פעהלט איהר דען?

דער דאָקטאָר האָט זיך אָבגעדרעהט אָן אַ זייט. דאַן האָט זי גענומען זיינע ביידע הענד און געגלעט זיי.

— זי האָט עס אויף די לונגען!

— שטאַרק?

— יאָ.

— גלויבסטו, דאָס זי קען געזונד ווערען?

— ניין.

די פרוי האָט אַרויפגעלייגט איהר האַנד אויף זיין פוס.

— מוז זי שטאַרבען? — האָט זי געפרעגט מיט אַ הייזע־רינע שטימע.

דער דאָקטאָר האָט דערשראָקען אַריינגעקוקט איהר אין פּנים. זי האָט אויסגעהאַלטען זיין בליק.

— מיר מוזען אַלע שטאַרבען. איינער פריהער, אַ צווייטער שפּעטער — האָט זי געזאָגט רוהיג.

איהר רוהיגקייט האָט איהם צוריקגעגעבען זיין געלאַסענהייט, און ער האָט געזאָגט:

— שטאַרבען מוז זי, אָבער עס קען זיך נאָך ציהען גאַנץ לאַנג. דאַן האָט זי זיך פּלוצלונג אוועקגעזעצט ביי איהם אויפ׳ן שויס. איהר געמיט האָט זיך אין גאַנצען פאַנאַנדערגעפּענט. איהם איז אַריין די בלוט אין די שלייפען.

— וועסטו מיך דאַן נעהמען צו זיך אין הויז?

ער האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— און וועסטו מיט מיר דאַן חתונה האָבען?

ער האָט אויסגעמידען איהר צו ענטפערען.

— ווערסטו מיט מיר חתונה האָבען? — האָט זי נאָך אַ מאָל געפרעגט אין אַ פעסטען טאָן.

— יאַ — האָט ער קוים ארויסגעשטאַמעלט.

זי האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַוועק אין דעם צימער דערביי. ער איז אַרומגעגאַנגען איבער'ן צימער הין און צוריק. ווען זי איז צוריק אַריינגעקומען, האָט זי געטראָגען אין איהרע אָרעמס אַ קליין מיידעל.

— זעה נור, ווי שעהן זי איז — האָט זי געזאָגט. און איהר שטימע איז געוואָרען פּלוצלונג גאָר אַן אַנדערע: צערטליך, פריינד־ליך, מוטערליך, אַזוי ווי זי וואָלט זיך ווירקליך געענדערט אין דיעזער קורצער ווייל — עס האָלט אין איין זאָגען: פּאַפּאַ.

זי האָט איהם געגעבען אַ שטויס און האָט איהם וויעדער אָנ־געקוקט אַזוי ווי אַרויספאָדערענדיג:

— נו, זיי אַ גוטער טאַטע און גיב איהר אַ קוש.

ער האָט זיך אַרונטערגעבויגען צום קינד. ער האָט געפיהלט, דאָס זי האָט איבער איהם אַ מאַכט, פון וועלכער ער קען זיך ניט בעפרייען.

באַלד האָט זי דאָס קינד אַוועקגעטראָגען. און ווען זי איז צוריק אַריין, האָט זי איהם אַנטקעגען געטראָגען איהר מויל צום קושען. זי איז געווען פיעל קלענער פאַר איהם און ער האָט זיך געמוזט גוט איינבויגען. דאַן האָט זי איהם אַרומגענומען מיט איהרע קרעפטיגע, פעטע אָרעמס און האָט אַריינגעגראָבען איהרע ליפּען אין זיינע. ווען זי האָט איהם לויז געלאָזען, האָט זי בע־מערקט, ווי רויט און צומישט ער איז. זי האָט אַריינגעשטעקט איהרע הענד אין איהרע ברייטע קלובעס און האָט זיך הויך פאַר־נאַנדערגעלאַכט, אַזוי, דאָס ער האָט געקענט זעהן איהרע גרויסע ווייסע צייהן, וועלכע זיינען געווען אַזוי געזונד, ווי זי אַליין. דאַן האָט זי איהם געצוואונגען צו זעצען זיך לעבען איהר אויף דער סאָפאַ, האָט איהם פערדרעהט די וואָנצעס, וועלכע זיינען געוואָרען אַ ביסעל צופּלאָנטערט פון דער פייכטער לופט דרויסען און פון די קושען.

— אַזעלכע וואָנצעס — האָט זי געזאָגט מיט פרייד — האָט געהאַט מיין טאַטע, עליו השלום, דער פעלדפעבעל.

זי האָט גלייך געמערקט, דאָס דער פערגלייך איז איהם גאָר ניט אנגענעהם, און מיט א ביטרען בליק פון דער זייט האָט זי אָנ־געהויבען גלייך רעדען וועגען עטוואָס אנדערעס.

— נעהם זיך ניט אזוי צום הארצען וועגען דעם גלח. זאָל ער פרובירען עפּעס טהון, ווען איינער צוברעכט זיך א פוס!

ער האָט איהר געקושט אויפ'ן האלז, וועהרענד זי איז אריינ־געפאָהרען מיט איהרע הענד אין זיינע האָר. זי האָט מיט איינמאָל אויסגעלאָשען דעם לאָמפּ, שלעפענדיג איהם נאָך זיך, און מיט א גאנץ שטילען טאָן, אָבער דאָך גאנץ דייטליך, האָט זי ארויסגע־רעדט:

— מען זאָל דאָך אזא אָרימע פרוי לייכטער מאַכען דעם טוידט. דער דאָקטאָר האָט אויף דעם גאָר ניט געענטפערט.

.9

— איז דער העדר פרעדיגער צו הויז?

די דיענסט־מיידעל האָט אריינגעפיהרט טהאָמאסען אין דעם גלח'ס ארבייטס־צימער, וועמעס ווענד זיינען געווען פול מיט ביכער־פאָליצעס. דער שרייב־טיש, פאר וועלכען עס איז געשטאנען א ברוין־לעדערנער אלט־מאָדישער שטוהל, איז געווען אין גאנצען בע־דעקט מיט פאפּירען, און אין מיטען טיש איז געשטאנען א קליינע סטאטוע פון עלפאנט־ביין, פאָרשטעלענדיג דעם געקרייציגטען יעזוס.

— דו ביזט עס, אלזאָ, טהאָמאס טרוק — האָט דער גלח צו איהם גערעדט גאנץ פריינדליך און בעטראכטענדיג איהם מיט א פאָרשענדען בליק.

טהאָמאס האָט געענטפערט אויף דיעזען בליק מיט אזא צוריק־געהאלטענקייט און מיט אזא קאלטקייט, דאָס דער פּריסטער איז געוואָרען איבערראשט. ער האָט ניט אָהן אבזיכט מיט אן אָוועגד פריהער דערמאָהנט דעם דאָקטאָר אָן זיינע פליכטען, אלס קריסט. ער האָט גאנץ גוט געוואוסט, דאָס דערצו האָט איהם ניט בעוואויגען בלויז דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט מאַכען דעם דאָקטאָר'ס אינגעל פאר א קריסט. דער אינגעל, וועמען ער האָט געקענט פון זעהן אין מאָס, האָט איהם זעהר שטאַרק פעראינטערעסירט מיט זיין

פּנים. דער גלח האָט גלייך דערפיהלט, אז ער האָט פּאר זיך אַן אונגעוועהנליכען אינגעל, אַ אינגעל מיט אַ נשמה, וועלכע מען טרעפט ניט אזוי אָפט. ער האָט געבעטען טהאָמאסען זיצען. אָבער טהאָמאַס איז שטעהן געבליבען. דאַן האָט ער אַליין זיך וועקגעזעצט און האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט ניט בעמערקט, אז דער אינגעל האָט איהם ניט געפאָלגט. ער האָט בעטראַכט מיט אַן אינערליכע צופריעדענהייט דעם עדעלען פּנים פון'ם אינגעל און האָט מיט אַ געפיהל פון שרעק אויך בעמערקט דעם ביטערען לייר־דענס־שטריך ארום טהאָמאַסעס מויל. ער האָט אַ שנעלען בליק געטהאָן אויף די סטאַטוע, דאַן אויף טהאָמאַס'עס פּנים און עס איז איהם אויפגעפאַלען אַ שטארקע עהנליכקייט צווישען דיעזע ביידע פּנים'ער. אַן אמת'ער יעזוס־פּנים, האָט דער פּריסטער געטראַכט ביי זיך, און ער האָט צו איהם אָנגעהויבען ריידען מיט אַ שטילער שטימע:

— ווער עס נעהמט אויף דעם קריסטליכען גלויבען מיט אַ פרייען בעוואוסטזיין און אונטער אייגענע פעראַנטוואָרטליכקייט, דער מוז אריינטיעפען זיך אין די רעליגיאָן, כדי ער זאָל פּאָלקאָמען פאָרבערייטעט זיין, ווען עס קומט די פייערליכע שטונדע, ווען ער ווערט ערקלעהרט, אַלס אמת'ער קריסט. איך גלויב, אז צוליעב דעם ביסטו געקומען צו מיר.

טהאָמאַס האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און קוקענדיג פעסט אין דעם פּריסטער'ס פּנים, האָט ער געענטפערט:

— איך וויל גאָר ניט ווערען קיין קריסט.

דער פּריסטער האָט געשמייכעלט, אָבער מיט וועהטאָג, און דאָס האָט טהאָמאַסען אויפגערעגט.

— דו ווילסט ניט ווערען קיין קריסט?

— ניין, איך גלויב ניט.

— וואָרום גלויבסטו ניט?

טהאָמאַס האָט צוזאַמענגעצויגען זיינע ברעמען.

— איך זאָג עס אייך!

— דו זאָגסט עס מיר ניט! — ער איז אויפגעשטאַנען און איז נאָהענט צוגעגאַנגען צו טהאָמאַסען.

— דו זאָגסט עס מיר ניט, ווייל אין דיין אינגנערען ביסטו דאָך גלויביג.

טהאָמאַסעס פּנים איז געוואָרען זעהר טרויעריג, און דער פּריסטער האָט זיך געפּיהלט שטאַרק געריהרט. נאָך א קורצען שווייגען, האָט דער פּריסטער ווידער אָנגעהויבען:

— קיין מענש, מיין טהייערער, קען ניט זאָגען דאָס ער גלויבט ניט. די, וועלכע זאָגען עס, נאַרען זיך אַליין און אַנדערע. ווער עס לעבט, דער גלויבט! נור דאָס, וואָס איז שוין גענצליך טוידט, איז אויך אָהן גלויבען.

טהאָמאַס האָט געענטפערט ציטערענדיג מיט זיין גאַנצען קערפּער:

— דער גלויבען קען אָבשטאַרבען. אין מיר איז ער טוידט. איך זאָג ניט קיין ליגען, הערר פּרעדיגער. אין מיר איז עס גראַדע אַזוי ווי איהר זאָגט.

— האָסטו אימיצען ליעב אויף דיעזער וועלט?

— יא — האָט טהאָמאַס געענטפערט, רויט ווערענדיג.

— אויב אַזוי, גלויבסטו, ווייל עס איז ניטאָ ליעבע אָהן גלויבען. מען קען די מורא פאַר גאָט געבען אפשר אַן אַנדער נאָמען, אָבער דאָס איז אַ גאַנץ נאַרישע שפּיעל: וואו עס איז דאָ עהרפורכט און ליעבע, דאָרט איז דאָ אויך גאָט. די מענשען מעגען פערלייקענען איהם אַזוי פיעל, וויפיעל זיי ווילען, אָבער זיי נאַרען זיך. זיי ווילען ניט אַנערקענען זייער אייגענע גוטסקייט. גאָט ווייס און שמייכעלט צו.

— קען מען מיך צווינגען צו ווערען קירכליך? — האָט טהאָמאַס געפרעגט אָנשטאָט צו ענטפערען דעם פּריסטער.

— ניין, מען קען דיך ניט צווינגען.

טהאָמאַסעס ברוסט האָט שטאַרק געאַרבייט. זיין שטערען איז בעדעקט געוואָרען מיט שוויס. דער גלח האָט געוואָלט זעהר וויסען, וואָס קומט אין איהם פאָר, און ער האָט צו איהם געזאָגט:

— האָסטו נאָך עפּעס צו פרעגען?

— יא. איך וואָלט געוואָלט וויסען, הערר פּרעדיגער, זיינט איהר אַמאָל בייגעוועזען ביי אַ שוויינען־קיילערייע?

דער גלח האָט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— איך מיין נאַטירליך ניט דאָס מאַכען און עסען פון די וואורשט — האָט טהאָמאַס ווייטער גערעדט — איך מיין, אויב איהר זיינט געוועזן דערביי, ווען מען טוידטעט אַ חזיר? ווי ער שרייט, אַז עס הילכט איינעם אין די אויערען, און מען קען עס קיינמאָל ניט פערגעסען. איך בין דערביי געוועזן, העדר פּרעדיגער, האָב עס געזעהן און געהערט.

— אָבער וואָס ווילסטו דערמיט זאָגען?

— אייערע מענשען, וועלכע זיינען גוט און פרום און געהען אין קירכע, די זיינען עס, וועלכע טוידטען די חזירים.

— ווי אַלט ביסטו?

— איך וועל פופצעהן. ער האָט איצט געהאַלטען דעם קאָפּ אין דער הויך. ער האָט זיך איצט געפיהלט זיכער, און האָט ווייטער גערעדט:

— און דיזעלבע מענשען וואַרפען אַריין לעבעדיגע ראַקעס אין קאָכעדיג וואַסער. היהנער דרעהען זיי אָפּ די קעפּלאַך און — זאָל איך נאָך ווייטער רעדען.

דער בליק פון פּריסטער, וועלכער האָט איהם אַזוי ווי דורכגעבויערט, האָט איהם צומישט.

— רעד נור ווייטער.

און דער אינגעל האָט ווידערהאָלט, שווידערענדיג:

— לעבעדיגע ראַקעס וואַרפט מען אַריין אין קאָכעדיגעס וואַסער. די ראַקעס גיבען פון זיך קיין קול ניט אַרויס, אָבער זיי ווערען רויט, ווי בלוט, העדר פּרעדיגער. איך וויל זאָגען, אַז די מענשען זיינען איינפאַכע מערדער... און זיי מאָרדען ניט נור חיות, נור אויך זיך זעלבסט.

— ווי מיינסטו דאָס?

— קענט איהר בעטינאַ, העדר פּרעדיגער?

— ניין.

— בעטינאַ איז מיין קוזינע און וואָהנט ביי אונז. בעטינאַ'ס מוטער — ער איז שטיל געבליבען אויף אַ ווײַלע, אין זיינע אויגען זיינען טרעהרען געשטאַנען — איז געקומען צו אונז טוידט־קראַנק און איז געשטאָרבען אין אונזער הויז. איהר מאַן, העדר פּרעדיגער, האָט זי ערמאָרדעט.

ווען דער הערר פרעדיגער האָט געוואָלט עטוואָס ענטפערען, האָט ער איהם ניט געלאָזען און פאָרטגעזעצט גלייך:

— דאָס ווייס איך! ער האָט איהר ניט געגעבען קיין גיפט. אָבער ער האָט זי געמוטשעט צום טוידט. איך ווייס דאָס זעהר גוט. און דאן קען איך אייך זאָגען נאָך עטוואָס, וואָס איך האָב געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען, וואָס איך —

ער האָט זיך אַ ביס געטהאָן אויף די ליפּען און איז פּלוצלונג אנשווינגען געוואָרען.

— ווילסטו מיר זאָגען, וואָס דו האָסט געזעהן מיט דיינע אויגען?

— ניין, איך קען עס ניט, און וויל עס ניט.

— און זיינען דאָ נאָך אנדערע זאכען, וועלכע האָבען געטויטעט אין דיר דעם גלויבען?

— יאָ, מען האָט מיך בעשטראָפט און געשלאָגען, ווייל איך האָב געהאָלפען די, וועלכע זיינען געווען שוואַך, ווייל איך האָב ניט געקענט פערליידען דאָס אונרעכט, און ווייל איך האָב דאָס ניט דערלאָזען.

— פאַר וועמען האָסטו דען זיך אָנגענומען?

— פאַר מיינע קלאָס־חברים.

— און דיינע לעהרער האָבען דיך דערפאַר בעשטראָפט?

— מען האָט מיך געוואָלט ארויסטרייבען פון שול, און אין דער היים האָט מיך דער פאָטער געשלאָגען.

— גאָט, דער ערלייזער, האָט אויך געליטען אונרעכט. אָבער גראָדע זיין דערנער־קרוין האָט אונז גערעטעט.

— וועמען האָט זי גערעטעט? — האָט דער אינגעל געפרעגט מיט ערביטערונג.

— ביסטו איצט צו ענדע? — האָט דער פריסטער איהם געפרעגט.

— איך האָב נאָך פיעל אויפ'ן הארצען. אָבער איך דאַרף אייך ניט זאָגען אַלעס.

— וואָס איז עס אַזוינס?

— פריהער האָט מיך געמוטשעט דער געדאַנק פון טוידט. דאָס שלעכטע און גוטע מוזען שטאַרבען. דאָס איז פאַר מיר א

שרעקליכער גערדאנק. די מאמע און איך האבען געוויינט איבער דעם. וואס זאגט איהר דערצו, הערר פרעדיגער?

— ווען דער טוידט איז פריי און לייכט, דאן שיינט ער מיר צו זיין זעהר שעהן. מיר ווערען צוריק ערד, מיר קעהרען זיך צוריק צו דער מוטער נאטור, פון וועלכער עס שפּראָצט ארוים אלעס שעהנע און גוטע.

— מיר ווערען אבער ניט צוריק ערד — האט טהאָמאס אויס־געשריען; אונזער פלייש פאלט אָב און די ביינער בלייבען און זעהען אוים שרעקליך. ביי אונז אויפ'ן בוידעם שטעהט א סקעלעט, ער זעהט אוים שרעקליך.

— אויך דער סקעלעט וועט ווערען שטויב, ווען עס וועט קומען די צייט. ווייל, וואס איז צייט, ווען עס האנדעלט זיך אום די אייביגקייט? אבער גענוג וועגען דעם. זאג מיר, פיהלסטו זיך אונגליקליך אין דער שולע?

— איך לאָז זיך ניט אונטערדריקען.

— גלויבסטו ערנסט, אז א מענש דארף זיך ניט לאָזען בע־הערשען?

— יעדער מענש דארף קעמפּפען פאר דאס, וואס איז רעכט.

— אפילו נעגען דעם פאָטער?

— יא, אויך געגען דעם פאָטער.

— און האָסטו אימער רעכט געהאט?

— יא, הערר פרעדיגער.

— האָסטו זיך ניט א מאָל געפרעגט, אויב דו אליין ביסט ניט שולדיג א ביסעל? אויב דו אליין מאכסט עס ניט, אז דיינע לעה־רער זאָלען דיך ניט פערשטעהן, ווייל דו פערבעהאלטסט פאר זיי דיין נשמה?

— זיי ווילען איהר גאָר ניט זעהן.

— אָבער אפשר זיינען זיי גאָר ניט שולדיג? אפשר האבען זיי אויגען, וועלכע זעהען ניט און אויערען, וועלכע הערען ניט. עס איז דאָ עטוואָס, וואס מען רופט מילדקייט; דאָס איז אן עדלערע זאך, ווי שטאָלצקייט.

— איך וויל ניט זיין מילד, איך וויל זיין גערעכט און אמת'דיג.

— עס קען קומען א שטונדע, ווען דיין ווילען וועט געבראָכען ווערען, און דאַן וועט עס זיין א זעהר טרויעריגע שטונדע.

— מיין ווילען איז הארט, ווי שטאָהל.

— עס זיינען אָבער דאָ זאכען נאָך הארטער פון שטאָהל.

— געוויס, איך וויים עס.

דער גלח האָט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האָט פאמעלעך א פיהר געטהאָן מיט זיין האנד איבער טהאָמאסעס גליהענדען פנים.

— דו האָסט געזאָגט פיעלע זאכען, אויף וועלכע איך האָב דיר ניט געענטפערט — האָט געזאָגט דער גלח — ניט דערפאר, ווייל איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערען, נור ווייל איך האָב דיר ניט געוואָלט גלייך ענטפערען. די זאך איז פאר מיר צו ערנסט. קיינער וועט דיך ניט צווינגען צו ערקלעהרען זיך פאר א קריסט. אָבער איך דענק, אז דו דארפסט קומען צו מיר יעדע וואָך, כדי מיר זאָלען קענען זיך גוט דורכריידען איבער דאָס אלעס, וואָס אינטערעסירט דיך. אפשר זיינען דאָ שטעלען אין דער הייליגער שריפט, וועלכע זיינען הארטער פון שטאָהל. איך וויל דיר ניט בויגען און מיט געוואלד אוועקנעהמען פון דיר דיינע איבערצייגונגען. בלייבסטו נאָך דאַן מיט דיין מיינונג, וועל איך דיר אויסשטרעקען מיין האנד און אוועקגעהן פון דיר אין פריינדשאפט, ניט מיט א האס. דו בלייבסט בעל הבית איבער אלע דיינע בעשליסע. און אז דו ווילסט מעהר ניט קומען צו מיר, קענסטו עס אויך. אפילו דערצו זאָל דיך קיינער ניט צווינגען.

טהאָמאס איז געוואָרען פון דיעזע רייד שטארק איבערראשט. אזוי האָט נאָך צו איהם ביז איצט קיינער ניט גערעדט. אזעלכע טענער האָבען נאָך ניט געדרונגען אין זיין הארצען. און דאָך האָט ער געשפירט א געפיהל פון מיסטרוי. ער האָט דונקעל געפיהלט, ווי אימיצער ווערט בעל הבית איבער איהם. געגען דעם האָט ער זיך געוועהרט.

דער גלח האָט אודאי געפיהלט, וואָס עס איז פאָרגעגאנגען אין דעם איננגעל'ס נשמה.

— דו דארפסט איצט ניט ענטפערען. איבערלייג עס דיר און דאַן קענסטו טאָהן, ווי דו ווילסט.

ער האָט איהם אויסגעשטרעקט זיין האנד, און דער אינגעל האָט דערפיהלט א מאָדנעם דרוק, וועלכער איז ווי א שטראָם דורכ־געלאָפען איבער זיין קערפּער. ער האָט ראש ארויסגעצויגען זיין האנד, האָט געוואָרפען א בליק אויפ'ן גלח פון דער זייט און כמעט מיט שרעק און אן אראָבגעלאָזענעם קאָפּ האָט ער פערלאָזען דאָס צימער.

.10

טאַמאַרא איז געלעגען אויף איהר קראנקען־בעט אין איהר קלאָהר־ווייסען העמד און האָט איינגעאָטהעמט די וואַרימע, ווייכע לופט פון דעם זומער, וועלכע האָט אריינגעשטראָמט דורך די פענ־סטער. אין איהרע אויגען איז געווען דער אויסדרוק פון עטוואָס איבער־אירדישעס, פון דעם טוידט. א רויטקייט אין איין אויג האָט נאָך פערשטאַרקט דיעזען איינדרוק. איהרע פערנאַנדערגע־לאָזענע האָר, אין וועלכע די זונען־שטראַהלען האָבען אויפגעפיהרט א פרעהליכען טאַנץ, האָבען זיך ווי לייכטע כוואַליעס צושפּרייט איבער דעם ווייסען קישען. זי איז געלעגען און האָט געטרוימט, אליין ניט אָבגעבענדיג זיך קיין רעכענונג וועגען וואָס. פּלוצלונג האָט זי דערהערט דרויסען טריט. זי האָט זיך מיט מאַטערניש אויפגעריכט עטוואָס פון איהר געלעגער.

די טיהר פון איהר צימער איז אויפגעעפענט געוואָרען פון ציטערענדע הענד. אויפ'ן שוועל איז טהאָמאַס געשטאַנען.

דער פּנים פון דער קראנקער האָט געקראָגען דעם אויסדרוק פון איינעם, וועלכער זוכט הילפע און וועלכער שרעקט זיך עס צו בעטען. זי האָט אונטער דער קאָלדרע צוזאַמענגעצויגען איהרע גליעדער, אזוי ווי עס וואָלט איהר געוואָרען קאַלט, דאַן איז זי צוריק א פאַל געטהאָן אויפ'ן קישען און האָט כמעט אין גאַנצען צוגעמאַכט די אויגען.

שטיל איז צוגעגאַנגען טהאָמאַס צום בעט. ער האָט געזעהן איהרע בלייכע איינגעפאַלענע באַקען, איהרע צוגעמאַכטע אויגען, וועמעס ברעמען האָבען געציטערט, איהרע צאַרטע, דורכזיכטיגע

הענד, און ער האָט זיך ניט געקענט בעהערשען זיך ניט איינצובויגען און א קוש טהאָן זי.

דאַן האָט טאמארא אויפגעעפענט די אויגען, האָט איהם אָנ־געקוקט מיט איהר זאַנפטען שמייכעל און האָט איהם א גלעט געטהאָן.

— ווייסטו, טאמארא, ביי ווענען איך בין געווען?

זי האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— ביי דעם פרעדיגער פּאאולי.

און ער האָט איהר גענומען דערצעהלען אין שטארקער אויפ־רעגונג אַלעס, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען זיי, ניט בעמערקענדיג ווי זיין געשיכטע האָט געווירקט אויף זיין מוטער. ערשט, ווען ער האָט געענדיגט, האָט ער בעמערקט, ווי איהר שטערן איז בעגאָסען מיט שוויים, און ווי איהרע בלייכע ליפּען ציטערען.

— וואָס איז דיר, טאמארא? — האָט ער אויסגעשריען צו־שראָקען — ביזט ביין אויף מיר, וואָס איך בין געקומען צו דיר דערצעהלען עס?

און ווען זי האָט אַלץ איהם ניט געענטפערט, האָט עס איהם שטארק פערקלעמט ביים הארצען; ער האָט אָנגעהויבען צו וויינען, און זיינע הייסע טרעהרען זיינען געפאַלען אויף איהר האנד.

— זיי ניט בייז, ליעבע טאמארא — האָט ער געבעטען דורך טרעהרען.

דאַן האָט זי גענומען זיין קאָפּ צווישען איהרע הענד און האָט איהם געקושט.

— און דאָס האָסטו איהם אַלעס געזאָגט, טהאָמאָס?

— יא.

— נו, ביזטו דאָס א קאָפּ מוטהיג, צו זאָגען אזעלכעס א גלח אין פּנים אריין!

— שטעל זיך אָבער פאָר, טאמארא, ער איז ניט געוואָרען פאַר איין אויגענבליק אין כעס. די מענשען דאָ האָבען ניט אומזיסט איהם אזוי ליעב, און אין דער שול דערצעהלט מען, דאָס ער איז נאָר א וואונדערבארער היילער. ער האָט שוין גאָר פיעלע זעהר קראַנקע געזונד געמאכט. ערשט ביין סוף האָב איך מיך א ביסעל דערשראָקען פאַר איהם. ער איז מיר פאָרגעקומען, ווי עפּעס א

בייזער מענש, וואָס וויל מיך פערטומלען. גלויבסטו אין גאָט, טאַמאַרא? — האָט ער ביי איהר אין מיטען דערינגען געפרעגט.

זי האָט געשוויגען.

— גלויבסטו, טאַמאַרא, זאָג עס דאָך מיר!

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט בעטענדע אויגען.

ער האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און אַ זיפץ געטהאָן.

— זאָל איך געהן צו איהם, טאַמאַרא?

— ווילסטו דען ניט?

— איך וויל יע און וויל ניט. איך האָב מורא פאַר איהם און בין זעהר נייגעריג. דו מוזט וויסען, אז ער איז גאָר ניט, ווי אַלע מענשען. ער איז אַזוי גאַנץ אַנדערש, ווי די לעהרער. קענסט זיך פאָרשטעלען, ער האָט צו מיר געזאָגט „דו" און דאָך האָט ער מיר בעהאַנדעלט מיט אַזאַ רעספּעקט.

זי האָט אַריינגעקוקט פאַרשענדיג אין זיין פּנים, און האָט אַראָבגעשאַרט איהם די ווידערשפּענסטיגע האָר פון שטערען. פון זיין אויפגערעגטקייט האָט זי פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ שטאַרקען איינדרוק דער פרעדיגער האָט געמאַכט אויף איהר אינגעל.

— ער האָט אַזאַ שעהנע שטימע — האָט טהאָמאַס ווייטער דערצעהלט — איך גלויב, טאַמאַרא, ער וואָלט דיר פיעל גוטעס געטהאָן, ווען ער וואָלט געזעסען ביי דיין בעט און מיט דיר גערעדט. וואָס וואָלסטו פאָרט מיט איהם גערעדט? איך וואָלט געוועזען זעהר נייגעריג צו הערען.

צוערשט האָט זי זיך געוועהרט נעגען דיעזען פאָרשלאַג. טהאָ־מאַס איז אָבער איינגעשפּאַרט געבליבען ביי דאָס זייניגע. אַליין ניט פערשטעהענדיג וואָרום, איז מיט איינמאָל איהם טהייער גע־וואָרען דער געדאַנקען צוזאַמענצופיהרען די מוטער זיינע מיט דעם מערקווירדיגען מענשען, וועלכען ער האָט נור וואָס פערלאָזען.

— זעה, איך בעט דיר, טאַמאַרא, לאָז מיך איהם ברענגען צו דיר — האָט ער זיך געבעטען ביי איהר — ווילסטו?

טאַמאַרא, וועלכע צוערשט האָט ניט געוואָלט גאָר וויסען פון דעם, האָט ביסלעכווייז געלאָזט זיך איבעררײידען, און אַזוי ווי פער־שעהמט פאַר איהר נאָכגיביגקייט, האָט זי געזאָגט גאַנץ שטיל צו טהאָמאַס'ען:

— ער אָבער וועט עס ניט דערלאָזען.

טהאָמאַס איז געוואָרען צומישט. וועגען דעם האָט ער ווירק־ליך ניט געטראַכט. פאַר אַן אויגענבליק האָט ער זיך אַזוי ווי פערלאָרען. באַלד אָבער איז ער ווידער געווען פעסט אין זיין ענטשלוס און האָט געזאָגט:

— ער וועט עס דיר ניט פערוועהרען, טאַמאַראַ.

זיין טאָן האָט איהר געקלונגען, ווי זיסע מוזיק. איהר גע־זיכט האָט אָנגעהויבען צו לייכטען. זי האָט אָנגעקוקט איהר אינ־געל אַזוי שטאָלץ און גליקליך, ווי אַ קליין פערליעבט מיידעל, וועל־כע קען נאָך ניט בעגרייפען איהר גליק.

— קום, גיב מיר אַ קוש — האָט זי געזאָגט מיט טיעפער צערטליכקייט.

טהאָמאַס האָט איהר געקושט, און אַ געפיהל, וואָס איז איהם געווען גאַנץ פרעמד, אַ געפיהל פון איינעם, וואָס זיעגט איבער אימיצען, האָט ער דערפיהלט אין זיך. מיט איינמאָל האָט ער זיך דערפיהלט מעכטיג און שטאַרק גענוג צו שטעלען זיך געגען די, וועלכע זיינען איהם דאַנגען. ער האָט גאָר פערגעסען, דאָס פאַר איהם ליעגט אַ קראַנקע, עלענדע מוטער, ער האָט נור געזעהן, ווי שעהן זי איז. און, אָנקוקענדיג איהר מיט אַזאַ צערטליכקייט, האָט זיך אין זיין שטימונג אריינגעוועבט יענער געפיהל פון פערליעבט־קייט, וועלכען ער האָט פון צייט צו צייט געשפּירט פאַר בעטינאַ. ער האָט אָבגעקעהרט פון איהר זיין פּנים, וועלכער איז געוואָרען בלוט־רויט, און האָט געמורמעלט גאַנץ שטיל:

— טאַמאַראַ, דו זעהסט אויס, ווי אַ ווייסע, שלאַנקע ליליע.

און ניט וואַרטענדיג אויף אַן ענטפער פון איהר, האָט ער שנעל פערלאָזען דאָס צימער.

מיט מאָדנע, כמעט מיט ניט קיין אירדישע בליקען, האָט די מוטער איהם נאָכגעקוקט. זי האָט זיך צוגעהערט צו דעם געררויש פון זיינע טריט. ווען עס איז געוואָרען גאַנץ שטיל, האָט זי זיך אויסגעגלעט איהרע צוזאַמענגעפּלאָכטענע האָר, און מיעד האָט זי געשלאָ־סען איהרע אויגען.

.11

מיט טהאָמאסען איז אין יענער צייט פאָרגעקומען עפּעס גאַנץ אונגעוועהנליכעס. ווי ער פלעגט נור קומען פון שולע און דער־יואוסט זיך, ווי עס געהט זיין מוטער, פלעגט איהם שטארק ציהען צו בעטינאַ. האָט ער אָבער זי געפונען אין סאָד און דערזעהן איהר פון דער ווייטען, פלעגט ער זיך שנעל פערדרעהען אָן א זייט, אום איהר אויסצומיידען. גערן וואָלט ער צו איהר צוגעגאַנגען און גע־זאָגט צו איהר: בעטינאַ, קוש מיך, ווי יעמאָלט דאָרט אויפ'ן בוידים, און דאַן וואָלט ער זי אָם ליעבסטען געבאַפּט אין זיינע אָרעמס, און איהר אזוי לאַנג געטראָגען, ביז איהרע שווארצע אויגען וואָלטען איהם געבעטען אום גנאדע. אזוי האָט ער טאקע אויך געטרוימט. און אויפ'ן וועג פון גימנאזיע פלעגט ער זיך אויס־מאָהלען די אַלע זיסיגקייטען פון זיין יונגער ליעבע, אָבער, ווי ער פלעגט איהר דערזעהן, פלעגט ער זיך פערשעהמען און כמעט ווי אנטלויפען פון איהר. ער האָט זיך געוואונדערט איבער זיך אַליין, ווי אזוי קען ער עס אין געדאַנקען זיין אזוי מוטהיג און אין דער ווירקליכקייט אזוי שרעקעדיג. ער האָט זיך נור בעדאַרפט פאָר־שטעלען, אז אימיצער קען נאָכשפּיאָנירען און דערוויסען זיך פון זיין ליעבע, און ער איז געווען פערטיג זיך צו פיינינגען דערפאַר. זיין ליעבע איז פאַר איהם געוועזן א הייטליך פערבעהאַלטענער די־מענט, וועלכער האָט שוין פערלאָרען זיין שעהנקייט און גלאַנץ, ווען אַן אנדערער קוקט איהם אָן. נור ער אַליין דאַרף זיך אין דער דונקעלהייט וואַרימען אָן זיין פייער.

אזוי פלעגט ער אנטלויפען אזוי שנעל, ווי ער פלעגט דערזעהן בעטינאַ פון דערווייטענס. בעטינאַ האָט דיעזע אויסמיידונג גאַנץ אנדערש פערטייטשט. זי האָט געמיינט, אז איהם האָט פערדראָ־סען דאָס, וואָס זי האָט איהם א קוש געטהאָן איינמאָל, און ער איז אויף איהר בייז דערפאַר. אָבער גראַדע דיעזער ניט־פערשטעהן איינער דעם צווייטען האָט נאָך נעהענטער צונויפגעבראַכט דיעזע יונגע הערצער.

נאָך זיין ריידען מיט טאַמאַרא, האָט טהאָמאַס שטארק געוואָלט זיך זעהן מיט בעטינאַ און זיך האַלטען אַן עצה מיט איהר.

ער האָט זי געזוכט אין גאָרטען, און ווען ער האָט איהר דער־זעהן, איז ער געבליבען שטעהן ווי בע׳כשופ׳ט, און האָט ניט גע־וואגט ווייטער א טרעט צו טהאָן.

זי איז געשטאַנען אונטער א בוים אין א ווייסע קלייד. אויף איהרע שווארצע לאָקען, וועלכע האָבען געוועהט אין ווינד, האָט זי געטראָגען א קראַנץ ווייסע בלומען, און האָט געשפּיעלט אויף איהר פידעל.

ווען זי האָט דערזעהן טהאָמאַסען, האָט זי גלייך אויפגעהערט שפּילען און האָט איהם אָנגעקוקט שטאַרק צומישט.

ענדליך האָט ער ארויסגעשטאַמעלט:

— ווייסטו, דו קומסט מיר פאָר, ווי א זומער־געטין. איך קען מיר ניט פאָרשטעלען דעם סאָד אָהן דיר און דער פידעל. עס זיינען דאָ וואונדער־געשיכטען, וועלכע זיינען גאָר ניט קיין אויס־געטראַכטע, נעמליך — ער איז אין מיטען שטיל געוואָרען, און אין א ווייל ארום האָט ער ווידער אָנגעפאַנגען, אָברייסענדיג א בלום — זעהסט די בלום. מיר דאַכט זיך, אז דו ביסט פון איהר אויסגעוואקסען, ביסט גראַדע אַזוי — — ער האָט ווייטער ניט גע־קענט ריידען.

זי האָט אָבער גליקליך געפּאַטשט מיט איהרע הענד.

— רייד ווייטער — האָט זי געזאָגט. עס איז אַזוי שעהן. אַלזאָ, בין איך א זומער־געטין, א בלום! אַך, ווי גוט!

און ווידער האָט זי גענומען שפּיעלען אויף איהר פידעל, האָט אָנגעקוקט טהאָמאַסען מיט פערלאַנגענדע, ווייט־געעפענטע קינדער־אויגען און געשפּיעלט נור פאַר איהם. און דער טאָן האָט געקלונ־גען פול, ווייך און בליהענדיג. און בעטינאַ אליין האָט געגליהט פון לעבען און אינערליכער אויפרעגונג.

— קען אימיצער אַזוי שפּיעלען, ווי דו? — האָט טהאָמאַס געפרעגט.

א שווערער אומעט האָט זיך אויסגעגאָסען אויף איהר פּנים.

— ווען איך וואָלט געקענט אַזוי שפּיעלען, ווי ע ר — האָט זי געענטפערט, און איהרע אויגען האָבען געשאָסען מיט פונקען — איך ווינש צו קענען שפּיעלען נאָך בעסער פון איהם, און ער זאָל עס מוזען צוגעבען. דו ווייסט, איך האַס איהם. איך וואָלט גע־

קענט זעהן איהם טרינקען זיך און מיט א האנד ניט ריהרען, ווי ער האט זיך ניט גערירט, ווען די מאמע... אבער שפּיעלען, שפּיעלט ער. אך, דו קענסט זיך עס גאר ניט פארשטעלען.

פּלוצלונג האט זי זיך בייז פארנאנדערגעלאכט. זעהענדיג, ווי טהאמאס איז מאדנע פערוואונדערט, האט זי איהם באלד אויפ־געקלעהרט:

— איין טאג, ווען א רייכע דאמע איז געקומען נאך איהם און ער איז אוועק מיט איהר, און די מאמע האט אזוי געוויינט, בין איך אריין אין זיין מוזיק־צימער און האב איהם צובראכען זיין בעסטע פידעל אויף שטיקער, און דיזע האב איך אוועקגעלייגט אויף די פיאנא. האסטו בעדארפט הערען, ווי ער האט געשריען און גע־וויינט, ווען ער איז צוריקגעקומען. איך בין געשטאנען אין צימער דערביי און אלעס געהערט. און דאן האב איך שטיל געעפענט די טיהר, האב זיך געשטעלט געגען איהם און געזאגט: איך בין עס. געגלויבט האט ער, אז די מאמע האט עס געטהאן. פאר די האר האט ער מיך געשלעפּט, מיט די פיס האט ער מיך געטראטען, און פון יענעם טאג אן האט ער מיך אזוי געהאסט, ווי איך איהם.

און ווען זי האט דעם אינגעל דערצעהלט דעם גרויסען סוד, וואס זי האט ביז איצט געהאלטען ביי זיך, האט איהר פּנים אויפ־געשטראהלט פון פערגעניגען, און זי האט געענדיגט איהר וידוי — „שלעפּ מיך פאר די האר, טהו וואס דו ווילסט, — האב איך ביי זיך געטראכט, — „אבער די פידעל איז דאך צובראכען אויף שטי־קער". און מיט איין מאל האט זיך איהר גאנצע האלטונג געענ־דערט און זי האט געזאגט צו טהאמאס:

— אך, שפּיעלט ער אבער.

און דאן איז זי אוועקגעלאפען. טהאמאס האט איהר נאכ־געקוקט, זעהענדיג איהרע לאקען, ווארפענדיג זיך אין ווינד, און ווי די ווייסע בלומען טאנצען אויף זיי.

אין א ווייל ארום איז זי צוריקגעקומען אהן דער פידעל און איז אזוי ווי אין גאנצען אנדערש געווארען. זי איז געווארען אזוי קארג אויף אווארט.

דאן האט ער איהר דערצעהלט פון דעם פרעדיגער און טאמארא און ווען ער האט געענדיגט, האט זי צו איהם געזאגט:

— ווען איך בין דו, געה איך ניט מעהר צו איהם. פער־שטעהסטו, ער וויל דיך אנדערש מאכען.

— דארף איך אָבער ניט ווערען אנדערש? — האָט טהאָמאס געפרעגט.

— ניין, טהאָמאס, דו זאָלסט בלייבען, ווי דו ביסט.

— ער וועט אָבער ניט געהן צו טאמארא, ווען איך וועל צו איהם ניט געהן.

זי האָט זיך פערטראכט א ווײַלע.

— אויב אזוי, מוזטו דאָך געהן צו איהם.

— די מאַמע האָט אויסגעזעהן היינט אזוי שעהן, און זיין שטימע וועט איהר גוט טהאָן.

— וועט עס אָבער דער פעטער צולאָזען?

טהאָמאס איז אויפגעשפרונגען.

— זאָל איך עס איהם איצט פרעגען?

זי האָט זיך פערטראכט. עס האָט איהר אזוי גליקליך גע־מאכט, דאָס טהאָמאס פרעגט ביי איהר אַן עצה. זי האָט זיך מיט איין מאָל דערפיהלט צו זיין גאָר ווי א גרויסע מיידעל.

— געה גלייך און פרעג איהם — האָט זי איהם געגעבען איהר עצה — דאַן וועלען מיר עס דאָך וויסען.

דיעזער „מיר“ האָט איהר אי דערשראָקען און אי געמאכט אזא פערגעניגען, פאר וועלכען זי האָט גאָר קיין ווערטער ניט געהאַט.

— ווארט דאָ אויף מיר — האָט טהאָמאס געזאָגט, און איז אוועק ריידען מיט זיין פאָטער.

## .12

די מענשען האָבען אויפגעריסען מויל־און־אויערען אין זייער פערוואונדערונג איבער די אָפטע וויזיטען פון דעם גלח אין דאָק־טאָר׳ס הויז. ווער וואָלט זיך עס געקענט פאָרשטעלען, דאָס דיעזע צוויי שונאים זאָלען מיט א מאָל ווערען אזוי פריינדליך?

ווען טהאָמאס איז אריין צום פאָטער, בעטענדיג איהם ער זאָל איינלאַדען דעם פרעדיגער צו דער קראַנקער מאַמע, האָט זיך דער דאָקטאָר צוערשט שטארק צולאכט און האָט דאַן געוויזען דעם

איננעל די טיהר. אבער טהאמאס איז געבליבען אין צימער. עס איז געווען דאס ערשטע מאל נאך דער סצענע, ווען דער דאקטאר האט איהם געשלאגען מיט'ן בייטש, דאס דיביידע זיינען געשטאנען פנים אל פנים.

ווען טהאמאס האט געזעהן, אז עס האלט דערביי, ער זאל ניט אויספיהרען זיין וואונש, האט ער ארויסגערעדט מיט א סטראשונאק:

— אפשר שטארבט זי! און דאן וועט עס הייסען, אז אפילו איהר לעצטען פערלאנג האסטו ניט ערפילט. —

ער האט זיך אין מיטען דערינגען אבגעשטעלט. דער פערענדערטער פנים פון דאקטאר האט איהם דערשראקען. דעם אינגעל'ס ווערטער האבען איהם ווי א דונער געטראפען. מיט איינמאל האט זיך פארגעשטעלט איהם א קלאהרער בילד פון דער צוקונפט. ער האט געזעהן טאמארא'ן אויפ'ן טוידטען־בעט, און דאן האט ער געזעהן, ווי טהאמאס פאדערט פון איהם דין וחשבון. דיעזער אינגעל איז איצט געווען זיין ערנסטער געגנער; ער האט עס געפיהלט, דאס ער וועט איהם פערפאלגען.

ער האט דארום איינגעוויליגט. א חוץ דעם האט ער גאנץ גוט געוואוסט, דאס דעם פרעדיגער'ס קונצען קענען גאר ניט העלפען ביי א לונגען־קראנקהייט. און אויב זי דארף דעם טרייסט פון א גייסטליכען, טו ווי קען ער עס איהר פערוועהרען?

ווען טהאמאס איז געקומען צום פרעדיגער מיט דער איינלאדונג צו בעזוכען זיין מוטער, האט דער לעצטער גאר ניט געשטעלט קיין איבעריגע פראגען, נור ער האט גלייך צוגעזאגט צו קומען. קיינמאל אין זיין גאנצען ווייטערען לעבען האט טהאמאס ניט פערגעסען דעם אויגענבליק, ווען ער האט אריינגעפיהרט דעם פרעדיגער צו זיין קראנקער מוטער.

ער האט געזעהן, ווי דער פנים פון זיין מוטער איז פלוצלונג געווארען צארט־רויט, ווי דער פרעדיגער האט זיך טיעף ארונטערגעבויגט צו איהר, שטארק ערגריפען פון דער ליעבליכקייט און שעהנקייט פון דיעזער קראנקער פרוי. און שוין נאך דער ערשטער מינוט פון זייער בעקאנט ווערען, האבען זיי גערעדט, ווי אלטע פריינד, וועלכע האבען נור דורך א צופאל זיך יאהרען־לאנג ניט געזעהן. די אויגען פון טאמארא האבען געלויכטען מיט א בליק.

וועלכען טהאַמאַס האָט זעלטען־זעלטען־ווען בעמערקט ביי איהר.
די רויזען אין צימער האָבען עפּעס אַזוי ווי מילדערע ריחות אַנגע־
הויבען אַרויסגעבען פון זיך און די אונטערגעהענדע זון האָט פער־
שאָטען דאָס צימער מיט גאָלדענע שטראַהלען ביז'ן לעצטען ווינקעל.

טאַמאַרא'ס פּנים האָט אויסגעזעהן טהאַמאַסען ווי דער פּנים
פון אַ הייליגער. און ווען ער האָט אַנגעצונדען צוויי ווייסע ליכט
אין די זילבערנע לייכטער, האָט דער צימער איהם אויסגעוויזען,
ווי אַ קירכע. פון דאַן אָן פלעגט דער פּרעדיגער קומען יעדען נאָכ־
מיטאָג.

קיינמאָל איז טהאַמאַס ניט געווען אין זיין מוטער'ס צימער,
ווען דער פּרעדיגער איז געווען. ער האָט געפיהלט, דאָס ער איז
דאַן אַן איבעריגער. ער האָט ניט געוואָלט ווען נור אויף איין
אויגענבליק פּערקירצען דעם שפּעט־געקומענעם זיסען גליק פון זיין
מוטער.

און ווירקליך, ווי טאַמאַרא פלעגט נור דערפיהלען דעם פּרע־
דיגער'ס נאָהענטקייט, ווען ער איז נור שווייגענדיג געזעסען ביי
איהר בעט, אַנקוקענדיג איהר פול מיט ליעבע, איז זי געווען העכסט
גליקליך. און ער אַליין פלעגט זיך קוים דערוואַרטען אויף די
שטונדע, ווען ער פלעגט דאַרפען קומען צו איהר. שטיל, אונבע־
מערקט האָבען זיך דיעזע צוויי נשמות צוזאַמענגעשמאָלצען.

איינמאָל האָט צו איהם טאַמאַרא געזאָגט:

— מיין גאַנצען לאַנגען לעבען בין איך אַליין אַרומגעגאַנגען
מיט מיין גרויסען וואונש נאָך איהם. אימער האָב איך געבעטען
אין דער שטיל, עס זאָל קומען אימיצער, אַרויפלייגען אויף מיך
זיינע לייכטע הענד, אַנקוקען מיך מיט זיינע וואַרימע אויגען און
ריידען צו מיר מיט אַ וואַרימער שטימע. אָבער קיינער איז ניט
געקומען, און איך בין געוואָרען ווי פערפראָרען. אמת, ווען טהאַ־
מאַס איז געקומען, מוז איך מודה זיין, האָבען אויך אין מיין האַרצען
אַנגעהויבען צו וואַקסען פריהלינגס־בלומען. אָבער דאָך איז עס
געווען עטוואָס גאַנץ אַנדערש, ווי דאָס, פון וואָס איך האָב גע־
טרוימט. און איצט, אַז דער העכסטער גליק איז געקומען, מוז איך
שטאַרבען.

דאָס האָט זי ניט געזאָגט מיט אַ געפיהל פון צאָרן און ביטער־

קייט. ניין, זי איז געווען גראדע דאנקבאר איהר מזל, וואס כאטש אין דער לעצטער מינוט האט ער איהר געבראכט דעם, נאך וועלכען איהר הארץ האט אימער געגלוסט.

ער האט איהר אויסגעהערט שווייגענדיג און האט געפיהלט איהרע ליידען. ער האט עס דאפעלט געפיהלט, ווייל ער האט גע־וואוסט, אז דא איז דער פאל, וואו ער קען גאר ניט העלפען. און אזוי האבען איהר זיינע ווערטער געשניטען די הארץ, ווערהענד מיט זיין האנד האט ער געגלעט איהרע האאר. מיט איהם איז געווען דאס זעלבע, ווי מיט איהר. אימערצו האט ער געפרעדיגט די ליעבע, כאטש ער אליין האט קיינמאל ניט פערזוכט די גאנצע זיסקייט פון דיעזען געפיהל. ענדליך האט ער געפונען די פרוי, נאך וועלכע זיין הארץ האט געגארט, אזוי איידעל, אזוי נאבעל, אזוי פול מיט חן. און ער האט בעדארפט זי זעהן, זי, וועלכע האט געהערט צו אן אנדערען, און זיך ניט אויסריידען מיט קיין ווארט, אום ניט צו זינדיגען. ער האט געקענט בעגעהרען זי מיט זיינע אויגען און ער האט זי ניט געקענט צונעהמען פון דעם אנדערען, וועלכער האט איהר אין דער אמת'ן קיינמאל ניט געהאט. זי איז געווען א בלום, וועלכע האט אויפגעבליהט ערשט פאר'ן טוידט. זיי האבען דאס ביידע געוואוסט, ווען זייערע הענד פלעגען זיך אנריהרען און ווען זייערע ערנסטע אויגען פלעגען זיך בעגעגענען. זיי האבען געוואוסט, דאס זיי זיצען ביין טוידט־מאהלצייט, צוהע־רענדיג זיך צו דעם מילדען, זיסען קלאנג פון דעם לעצטען גלאק. פון דעם בעכער פון דיעזער בלום האבען ארויסגעבליהט ליעבע און ליידען. זיי האבען געפיהלט, דאס אין צוקאפענס פון זייער גליק לויערט דער טוידט.

זי האט זיך פאר איהם מתודה געווען, דאס איהר גאנצען לע־בען האט זי מעהר געטרוימט, ווי געגלויבט. ער האט איהר גע־ענטפערט, דאס זי האט זיך גאר ניט צו נעהמען צום הארצען, ווייל איהר גאנצער לעבען איז געווען איין־און־איינציגע תפלה, פול מיט וועלבסט־אויפאפפערונג. ביי אזעלכע ווערטער האבען איהרע בליי־כע באקען אזוי ווי אויפס־ניי אויפגעבליהט.

זי האט ניט געטארט צופיעל רעדען. ער האט עס איהר ניט געלאזען. נור ער האט איהר דערצעהלט פון זיין וועלט, פון זיין

גלויבען, וועלכער איז געווען גאַנץ אַנדערש, ווי די מענשען האָבען זיך פאָרגעשטעלט. אָדער ער האָט איהר פאָרגעלייענט דאַנטע אָדער געטהע, און דאַן האָט זיין שטימע איהר געקלונגען, ווי זיסע מוזיק, אַזוי דאָס אפילו די טענער פון דער פיעדעל, וועלכע זי האָט געהערט שפיעלען מיט יאָהרען צוריק, זיינען גאַנץ בלאָס געוואָרען.

און פונקט ווי ער האָט געפונען דעם וועג צו טאַמאַראַ'ס האַרץ, אַזוי האָט ער איהם אויך געפונען צו טהאָמאַס'עס האַרצען, וועלכער האָט איהם אויסגעהערט מיט דער פולסטער אויפמערקזאַמקייט, ווען ער האָט מיט איהם גערעדט פון דעם ערלייזער. פון איהם האָט טהאָמאַס געהערט צום ערשטען מאָל, אַז קריסטוס דאַרף ניט אויפגעפאַסט ווערען אַלס גאָט, נור אַלס גרויסער מענש, וועלכער האָט מיט זיינע ליידען געזוכט צו מילדערען די ליידען פון דער גאַנצער מענשהייט.

אמת, טהאָמאַס איז נאָך אַלץ געבליבען אַ צווייפלענדער צו־הערער. פיעלעס אין דעם גלויבען האָט טהאָמאַס ניט געקאָנט ארונטערשלינגען. אויף דעם האָט איהם דער פרעדיגער געענטפערט, אַז דער מענשליכער פערשטאַנד קען ניט אַלעס בעגרייפען, און דער מענש דאַרף ניט זיין אַזוי האָכמוטהיג און שטאָלץ.

טהאָמאַס האָט נעגען דעם רעבעלירט. ער האָט זיך ניט גע־לאָזט בערוהיגען. און נאָך מעהר האָט איהם בעטינא גערייצט דורך פראַגען, ווען ער פלעגט איהר דערצעהלען פון זיינע געשפּרע־כען מיט'ן גלח.

זי פלעגט לאַכען, ווי אַ קליינער טייפעל און פערצווייפעלט זיך נעוועהרט געגען דעם גלויבען. אויף אַלע אָנעוונדונגען פון טהאָ־מאַס, פלעגט זי איהם אַלע מאָל דערמאָנען אָן די ליידען, וואָס איהר מוטער איז אויסגעשטאַנען, און וועלכע טאַמאַראַ שטעהט איצט אויס — מו ווי קען מען גלויבען ? דער ליעבער גאָט העלפט ניט טאַ־מאַראַ, ווי ער האָט מיין מוטער ניט געהאָלפען, פלעגט זי ענדיגען, און איך קען צו איהם ניט בעטען. דאַן פלעגט טהאָמאַס אויפהערען צו רעדען מיט איהר וועגען דעם. ער האָט אויף דעם ניט גע־האַט וואָס צו ענטפערען, און אין זיין גאַנצען ווייטערען לעבען האָט ער אויף בעטינא'ס פראַגען קיין ענטפער ניט געפונען.

13.

עס איז געקומען אַסיען־צייט. די קינדער האָבען געבלאָנ־דזשעט אין די פּוסטע אַלעען פון סאַד, ווי פערפאָלגטע, צושראָקענע חיות. זיי האָבען אויסגעמידען דאָס הויז, אין וועלכען א פרעמדע פרוי איז זייט איניגע טעג געווען די בעל־הבית׳טע, טראָגענדיג ביי דער זייט דעם בונד שליסלען, און טרעטענדיג מיט אזא פעסטקייט, דאָס עס האָט געטרייסעלט אונטער איהרע פיס.

דאָס איז געווען די יונגע אלמנה, וועלכע האָט איצט אריינגע־קוקט אין אלע ווינקעלעך און האָט געמאכט א סוף צו דעם ליידיג־געהן פון די הויז־דיענער. זי האָט זיי אזוי גוט און שטרענג גע־קוקט זיי אויף די פינגער, דאָס זיי האָבען איינפאך געציטערט, דער־הערענדיג נור איהר נאָמען. עס איז איהר ניט לייכט אָנגעקומען ביז דער דאָקטאָר האָט זיך ענטשלאָסען איהר אריינצונעהמען אין הויז צו זיך. ענדליך אָבער האָט ער געמוזט נאָכגעבען. זי האָט איהם געהאלטען ביי׳ן שטריקעל פונקט ווי די דיענסטען.

דער דאָקטאָר האָט פּרובירט צו קעמפּפען, צו וועהרען זיך. און ווען ער האָט איהר ערקלעהרט, אז עס פּאסט ניט פאר מענשען, אז זי זאָל אָנקומען צו איהם אין הויז, וועהרענד זיין פרוי לעבט נאָך, האָט זי איהם אָנגעקוקט מיט בייזע אויגען און געלאכט: געראדע צוליעב דעם מוז זי איצט אריין אין זיין הויז, כדי עס זאָל אויסזע־הען גאנץ נאַטירליך, ווען זי וועט דאָרט פערבלייבען, ווען זיין פרוי וועט שוין טוידט זיין — האָט זי איהם ערקלעהרט.

דער דאָקטאָר האָט זיך געוועהרט נאָך א צייט, אָבער ענדליך האָט זי דאָך אויסגעפיהרט. און אזוי שנעל, ווי זי איז אָנגעקומען אין הויז, האָבען אלע דערפיהלט איהר שווערע האַנד. טאַמאַרא האָט פאר איהר כמעט ניט ווייניגער מורא געהאַט, ווי די קינדער. ווען דיעזע גרויסע, פול־ברוסטיגע פרוי פלעגט אריינקומען צו איהר אין צימער מיט דעם קלינגענדיגען שליסעל־בונד ביי דער זייט, פלעגט זיך טאַמאַרא מאכען שלאָפעדיג, אבי איהר ניט אָנקוקען. און ווען די אלמנה פלעגט איהר אויפהויבען מיט איהרע געזונדע, ברייטע הענד פון בעט און אוועקלייגען אויפ׳ן דיוואן, אום די בעט איבערצובעטען, פלעגען ביי טאַמאַרא זיך טרייסלען אלע אברים.

איינמאָל האָט דער פּרעדיגער געפונען איהר אין אזא שרעק, און זי האָט עס איהם דערצעהלט. פון יענעם טאָג אָן האָט זיך די פרוי מעהר ניט געוויזען אין טאמאראס'ס צימער.

דער פּרעדיגער איז אוועק דירעקט צו דער פרוי און האָט זיך מיט איהר דורכגערעדט. מיט א בייזען שמייכעל האָט זי געקוקט אויף דעם פּרעדיגער. אָבער פון דעסטוועגען ניט צו פאָלגען איהם האָט זי דעם מוטה ניט געהאַט.

די אלמנה האָט אויך נאַטירליך פּרובירט צו ווערען די הערשערין איבער די קינדער. אָבער טהאָמאַס האָט איהר גלייך געוויזען זיינע ציין און קולאַקעס. און בעטינא האָט געמאכט אזא מינע, אז עס האָט זיך אויסגעדוכט דער אלמנה, דאָס באלד וועט בעטינא זיין מיט איהרע נעגעל אין איהר ווייסען פּנים, און עס אזוי צודראַפּען, אז בלוט זאָל רינען.

אמת, זי האָט פון דעסטוועגען די קינדער פון אויג ניט אָבגע־לאָזען, אָבער גערעדט האָט זי צו זיי ניט, און זיי ניט געמוטשעט מיט איהרע בעפעהלע אָדער מוסר. זי האָט פון איהר זייט ניט געוואָלט מאכען די קינדער פאר איהרע שונאים. זי פון איהר זייט האָט מורא געהאַט, אז די קינדער זאָלען אויף איהר ניט אויפּפּאַסען. אין איהר אונרייגעם פרויען־געפיהל האָט זי בעגריפען, דאָס די קינדער טרעפען א מאָל פיעלע זאכען, וועלכע זי האָט שטארק גע־וואָלט בעהאַלטען פון זיי. אויך האָט זי אין דיעזען פונקט וועגען די קינדער גאָר ניט געקאָנט אויספיהרען מיט'ן דאָקטאָר. ווען זי פלעגט זיך אָנהויבען בעקלאָגען אויף טהאָמאַס'עס איינגעשפּארט־קייט, פלעגט דער דאָקטאָר איהר אויסמיידען געבען אַן ענטפער. זי האָט געפיהלט, דאָס דער גרויסער שטארקער דאָקטאָר פערשפּירט א געפיהל פון אנגסט און שרעק געגען זיין איינגעל.

די קינדער האָבען די מייסטע צייט פערבראַכט אליין אין גאָר־טען. דאָ האָבען זיי אויסגעגאָסען איינער פאר'ן אנדערען זייערע פערביטערטע הערצער. דאָ האָבען זיי זיך בעקלאָגט איינער פאר'ן צווייטען מיט שטומע בליקען, ווען זיי האָבען זאָגאר ניט גע־רעדט. איצט האָט בעטינא אויך געהאַלטען עס פאר א גליק, וואָס דער פּרעדיגער האָט אָנגעהויבען קומען אין זייער הויז.

איינמאָל איז טהאָמאַס געקומען פון שוהל מיט א געשליפּע־

נעם לאנגען מעסער, וועלכען ער האָט אָבגעקויפּט פון אַן אונבעקאַנ־טען וואגאבונד. ער האָט איהם געוויזען פאר בעטינא ,און זי האָט איהם אָנגעקוקט דערשראָקען און האָט בעגריפען, צו וואָס ער האָט געקויפּט דעם מעסער. זיי זיינען געגאנגען האנד אין האנד, און האָבען קיין וואָרט ניט גערעדט, אָבער אין דיזער שטילקייט האָבען זיך בעהעפט זייערע נערוועז און זייערע הערצער האָבען געקלאפּט צוזאמען.

אין מיטען נאכט אָבער האָט זיך בעטינא ארויסגע'גנב'עט פון איהר בעטעל און איז שטילערהייד אריין אין טהאָמאס'עס צימער.

טהאָמאס האָט זיך אויפגעכאפּט פון שלאָף שטארק דער־שראָקען.

— איך בין עס, טהאָמאס—האָט בעטינא געמורמעלט ציטערענ־דיג אין איהר גאנצען קערפּער — טהאָמאס, גיב מיר דעם מעסער. אויב ניט, קען איך ניט שלאָפען. דער אייוועו קומט צו מיר, ווי א ווייסער מענש, און זעהט אויס שרעקליך.

יעמאָלט איז עס געווען טהאָמאס, וועלכער האָט איהר א קוש געטהאָן אין שטערן.

— געה ארויס — האָט ער געזאָגט ווייך — איך וועל דיר דער־לאנגען דעם מעסער דורכ'ן טיר.

אָהן א וואָרט צו רעדען האָט זי פערלאָזען דאָס צימער. דרויי־סען איז זי געשטאנען ציטערענדיג ביז טהאָמאס האָט איהר דער־לאנגט דעם מעסער דורכ'ן טיר.

## .14

עס איז געוואָרען ווינטער. דער סאָד איז געווען אין גאנצען איינגעוויקעלט אין שנעע, די טענער פון די פויגעל זיינען פערשטומט געוואָרען, און אין דעם דאָקטאָר'ס הויז האָט געהערשט א שטארקע אונרוהיגקייט. דער דאָקטאָר האָט געלאָזט רופען א צווייטען דאָק־טאָר פון דער נעכסטער שטאָדט, אום זיך צו בעראטהען מיט איהם וועגען דעם געזונדהייטס־צושטאנד פון טאמארא. דער פרעמדער דאָקטאָר האָט געגעבען זיין מיינונג, אז עס איז פון דער העכסטער

וויכטיגקייט, דאָס טאַמאַרא זאָל צוברענגען דעם ווינטער אין זידען.

טאַמאַרא אָבער האָט ענטשלאָסען ענטזאָגט זיך פון דעם פּלאַן. זי האָט ערקלערט, דאָס זי וועט עס ניט אויסהאַלטען, ווען מען וועט איהר אוועקפיהרען פון דאַנען. זי האָט ערקלעהרט, דאָס זי ווייס, אַז זי מוז שטאַרבען, און דארום וויל זי ניט, אַז מען זאָל איהר אוועקפיהרען צו שטאַרבען וואו־עס־איז אין דער פרעמד.

און ווירקליך, פון טאָג צו טאָג איז איהר לאַגע געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער, און איהר פּנים בלייכער און דורכזיכטיגער. א שרעקליכע מידיגקייט איז איהר בעפאַלען, אזוי דאָס זי האָט קוים געקאָנט האַלטען די אויגען אָפען. און זי פלעגט נור אויפוואַכען און צוזאַמענגעהמען איהרע לעצטע קרעפטען, ווען דער פרעדיגער פלעגט צו איהר קומען. עס האָט אויסגעזעהען, אזוי ווי זי האָט געוואָלט אויפנעהמען אין זיך יעדען בליק, יעדען וואָרט זיינעם, אזוי לאַנג, ווי עס איז נאָך געווען מעגליך פאַר איהר.

ער איז געזעסען ביי איהר בעט מיט זיין געוועהנליכער לוס־טיגקייט און פריינדליכקייט. און יעדען טאָג האָט ער איהר גע־בראַכט עטוואָס, וואָס איז איהם אליין געווען ליעב און טהייער. איינמאָל האָט ער ארויסגענומען א גאָלדענעם רינג פון קעשענע, און איהם אָנגעטהאָן אויף איהר פינגער.

— דאָס איז דער חתונה־רינג פון מיין מוטער, וועמעס האַנד איז געווען עהנליך צו אייערע.

דאָס זאָגענדיג, האָט ער ראַש מיט זיין האַנד פערשאַרט זיך די האָר פון זיין שטערען און האָט ניט געוואַגט איהר אָנצוקוקען.

זי אָבער האָט גענומען זיין רעכטע האַנד, האָט זי א קוש גע־טהאָן, און האָט זי ניט מעהר ארויסגעלאָזען.

זייט דאַן האָט זי געטראָגען דעם רינג. ער איז געווען פאַר איהר ווי א הייליגע קמיע. זי האָט איהם געקושט און געדריקט צו איהרע בלוט־ליידיגע ליפּען. דורך דיזען רינג האָט זי זיך געפיהלט פעראייניגט מיט איהם איבער דעם לעבען אויף דער ערד. איינמאָל אין אַן אָבענד האָט זי צו איהם געזאָגט: „מיט דיזען רינג זייט איהר געוואָרען פערלאָבט צו מיר פאַר די גאַנצע אייביגקייט, פאַר אונזער אייביגקייט.“

ביי דעם טיעפען קלאַנג פון איהר שטימע האָט ער פערלאָרען

די קאָנטראָלע איבער זיך. ער האָט זיך אָבגעדרעהט אָן א זייט, פון וואַנען עס האָט זיך נעהערט א שטאַרקער געוויין.

דאַן האָט זי איהם גערופען מיט'ן נאָמען „אולריך“, האָט ארום זיין האלז זיך א וואָרף געטהאָן מיט איהרע דינע אָרעמס, און האָט איהם א קוש געטהאָן מיט גרויס צניעות.

— וויין ניט, ווייל איך מוז שטאַרבען. מיר האָט דאָס לעבען נעגעבען זעהר פיעל, ווען עס איז מיר בעשערט געווען צו בעקענען זיך מיט דיר.

פון מידינקייט האָט זי צוריק א פאַל געטהאָן אויפ'ן בעט, און א טוידטען־שטילקייט האָט געהערשט אין צימער פאַר א לענגערע ווייל.

ער איז געזעסען ביים בעט, אויפגעטרייסעלט אין די טיעפסטע טיפענישען פון זיין נשמה. ער האָט פערשטאַנען, געפיהלט, געזע־הען, אז עס געהט צו ענדע, אז עס קומט די מינוט, ווען דאָס טהייערסטע, וואָס ער האָט א מאָל געהאַט אויף דער ערד, ווערט אוועק־נעריסען, און ער האָט ביטערליך געוויינט אין זיך. אין דיזער מי־נוט האָט איהם זיין גלויבען ניט געהאָלפען.

ענדליך האָט איהר שטאַרבענדע שטימע אונטערבראָכען די מורא'דינע שטילקייט.

— אולריך — האָט זי געמורמעלט — איך ליעג דיר אויף דיין הארצען דאָס ליעבסטע, וואָס איך מוז דאָ איבערלאָזען, מיין טהייערען זוהן, וועלכער איז אזוי עהנליך צו מיר. ליעג דיינע הענד אויף טהאָמאָס, ווי דו האלטסט זיי אויף מיר. און אויך פאַר די קליינע בעטינא זאָלסטו טהאָן עטוואָס, דו זאָלסט שרייבען צו איהר פאָטער, דאָס ער —

זי האָט איהרע ווערטער אוים שוואַכקייט ניט דערענדיגט.

— געה איצט — האָט זי צו איהם געזאָגט אין א ווילע שפּע־טער. ווען ער איז שוין געווען ביי'ן טיר, האָט זי איהם צוריקגע־רופען:

— דו, גיב מיר נאָך א קוש.

דאָס איז געווען דער אָווענד, אין וועלכען זיינע ליפּען האָבען צום ערשטען און צום לעצטען מאָל בעריהרט איהר מויל. אין דער

זעלבער נאכט איז זי אויסגעאַנגען, ווי א קליינער, בלויער פלאַם, וועלכער באַרעט זיך זעהר שוואך מיט'ן טוידט.

.15

גאַנץ פריה איז דער דאָקטאָר צוגעגאַנגען צו טהאָמאַס'עס בעטעל. דער איינגעל האָט איהם אויסגעהערט מיט ווייט־געעפענטע אוי־גען, וועלכע האָבען פערלאָרען יעדען גלאַנץ. ער האָט קיין וואָרט פון זיך ניט ארויסגעבראכט. באָרוועס איז ער אריין אין דעם טוידטען־קאַמער און האָט פערשלאָסען הינטער זיך די טיר. ער האָט זיך געשטעלט אויף די קניע און האָט פון איהר די אויגען ניט געקאָנט אָבווענדען. זי איז געלעגען אזוי גליקליך צופריעדען. עס האָט אויסגעזעהען, ווי דער טוידט האָט פיעל, פיעל פערשעהנערט איהר פּנים. א גאַנצע רייהע פון געדאַנקען איז געפלויגען דורך זיין קאָפּ. אָבער ער האָט ניט געקאָנט פעסטהאַלטען קיין איינציגען פון זיי.

אימיצער האָט אָנגעקלאַפּט זיין טיר. ער האָט זיך פון אָרט ניט געריהרט. ער האָט געהערט, ווי דער פאָטער רופט איהם, ער האָט איינגעהאַלטען דעם אָטהעם.

— טהאָמאַס, עפען — האָט ער געהערט זיין פאָטער נאך א מאָל רופען פון דרויסען.

דאַן האָט ער מיט מאַטערניש זיך אויפגעהויבען, האָט געעפענט די טיר, און ווי איינער, נאך וועמען מען יאָגט זיך, איז ער געלאָפען איבער'ן קאָרידאָר, גלייך צו זיך אין צימער.

בעטינא איז געשטאַנען אין א ווינקעל פון צימער און האָט ביטער געוויינט. ער האָט איהר ניט געזעהען. ער האָט שנעל אָנגעטהאָן זיך און איז גלייך אוועקגעלאָפען צום פריסטער.

— טאַמאַרא איז טוידט — האָט ער קוים ארויסגערעדט, טוליענדיג זיך צום פרעדיגער. און ווען דיעזער איז געוואָרען בלייך, ווי דער טוידט, און הייסע טרעהרען האָבען אָנגעהויבען פליסען פון זיינע אויגען, דאַן האָט טהאָמאַס אויך אָנגעהויבען צו וויינען, ער־גריפען פון די ליידען פון דעם מאַן, האָט טהאָמאַס געשטאַמעלט:

— דו... דו... דו...

זיי האָבען זיךביידע אָנגעקוקט מיט א בליק, וועלכען זיי האָבען קיינמאָל אין זייער לעבען ניט פערגעסען.

.16

און עס איז ווידער געקומען דער פריהלינג. דער סאָד איז געשטאַנען אין זיין גאַנצער פּראַכט. אָבער טהאָמאַס האָט עס קוים בעמערקט. די קינדער האָבען זייער מייסטע צייט פערבראַכט ביי'ן קבר פון טאמארא. פון הויז האָט זיך געהערט די העלע שטימע פון דער נייער בעל־הבית'טע, וועלכע האָט געוועלטיגט איצט אין הויז מיט אַן אייזערנער האַנד. טהאָמאַס און בעטינא האָבען איהר געהאַסט, און האָבען זיך מיט דיזען האָס ניט פערבעהאַלטען. די פרוי האָט זיך אויסגעלאַכט פון דעם. זי האָט זיך געפּיהלט שטאַרקער פאר זיי ביידע. זי האָט געוואוסט, דאָס זי קען זיי, דיזע צאַ־טע בעשעפּעניסע, צוברעכען, ווען זי זאָל נור וועלען.

איהר הויז אויסער'ן שטאָדט איז געבליבען פוסט און איינזאַם. נאָר אָהן שרעק האָט זי איצט אריבערגענומען איהר קליין מיידעלע, און דעם דאָקטאָר אליין וואָלט אויך די לאַגע געווען גאַנץ אַנגענעהם, ווען ניט טהאָמאַס און בעטינא, אין וועמעס בליקען ער האָט בעמערקט שפּאָט און פעראַכטונג.

די קינדער האָבען זיך געפיהלט אין הויז, ווי אין א געפּענגניס. זיי האָבען געשטרעבט נאָך ליכט און לופט.

טהאָמאַס האָט געקריצט מיט די ציין פון דערשטיקטען צאָרן, ווען די פרוי פלעגט איהם צוטהיילען דאָס עסען ביי די מאָהלצייטען. ער האָט ניט אָנגעריהרט קיין עסען, און דאָס זעלבע האָט ער אויך געהייסען בעטינא צו טהאָן, איידער די פרוי האָט ניט פערזוכט דיזעלבע שפּייז. ער האָט זיך געהאַלטען פעסט ביי זיין פערדאַכט, דאָס אם ליעבסטען וואָלט מען זיי געוואָלט פערגיפטען און אזוי שטילערהייד אָבראַמען פון וועג.

איין מאָל האָט טהאָמאַס מיטגעטהיילט דעם פרעדיגער זיין פעסטען ענטשלוס:

— מיר מוזען אוועק פון דאַנען — האָט ער צו איהם גערעדט — איך און בעטינא ווערען דאָ דערשטיקט. מיר מוזען אוועקגעהן פון

דאנען, ווייל מיר האָבען מורא, אז מען זאָל אונז דאָ ניט פערגיפטען.
און פלוצלונג האָט ער אויסגעשריען ווילד:

— אָט דאָס איז גאָט'ס גערעכטיגקייט, דאָס מיר מוזען פער־לאָזען אונזער סאָד...

דער פרעדיגער האָט איהם צוגעדריקט צו זיך און האָט נור גע־לייגט זיין האנד אויף זיינע ווייכע האָר, ניט ענטפערענדיג מיט א וואָרט.

— שעלט דאָך מיך — האָט טהאָמאס געזאָגט פערצווייפעלט (זייט דעם טוידט פון זיין מוטער האָבען זיי זיך אָנגעהויבען דוצען) — דערפאר, וואָס איך לעסטער גאָט. אָבער דו קענסט ניט, דו זעהסט דאָך, אז גאָט האָט אונז פערלאָזען.

.17

נאָך אין דעם זעלבען טאָג האָט דער פרעדיגער גערעדט מיט'ן דאָקטאָר.

דאן האָט מען געשריעבן א בריעף צו בעטינא'ס פאָטער, און עס איז ניט אוועק קיין וואָך, ווי די קינדער האָבען פערלאָזען די היים פון זייער קינדהייט.

בעטינא האָט געוויינט שטיל אין זיך, ווערהענד טהאָמאס האָט קראמפפהאפט צונויפגעדריקט די פויסטען, ווען זיינע לעצטע בלי־קען זיינען געפאלען אויפ'ן גאָרטען, וועלכער איז געשטאנען איצט אין זיין גאנצער פראכט.

צווייטער בוך.

# שטורם—דראנג—ליעבע

.1

די זון האָט זיך ענדליך דורכגעבראָכען דורך דעם ווינטער־טומאַן און האָט בעשיינט מיט אַ זיעגרייכען שמייכעל דעם בערלינער טהיער־גארטען, וועלכער איז געוועזען איינגעוויקעלט אין שנעע און אייז. פונקט אזוי מילד האָט די זון אריינגעבליקט אין די פערשיעדענע רייכע קארעטען, אין וועלכע רייכע דאמען און העררען זיינען ארויסגעפאָהרען שפּאַצירען.

אַ בלאַסע דאַמע, וועמעס צארטע גליעדער זיינען געווען איינגעוויקעלט אין אַ טהייערען פוטער, און וועמעס פּעך־שווארצע האָר זיינען געווען פערבאָרגען אונטער אַ הוט פון דער לעצטער פּאַריזער מאָדע, איז געזעסען האַלב־אויסגעלייגט אין איהר פּראַכטפאָלען קאָטש. זי האָט גערעדט גאַנץ שטיל צו אַ קליינעם קרענקליכען אינגעל, וועלכער איז געזעסען לעבען איהר. די אויגען פון דער דאמע האָבען געוועהנליך אויסגעזעהן, ווי פערשלייערט, ווי אויסגעלאָשען; אָבער ווען דער אינגעל פלעגט נור טהאָן דעם מינדעסטען שמייכעל, פלעגען די זעלבע אויגען אזוי ווי אויפבליצען. זי האָט איהם געהאַלטען אין איין איינגעוויקלען אין ווארימע דעקען, אום עס זאָל איהם קיין ווינד־צוג ניט טרעפען, און ווען די שפּאַצירענדע אָדער פערבייפאָהרענדע האָבען איהר בעגריסט, האָט זי זיי קוים געענטפערט מיט אַ שטאָלצען שאָקעל פון איהר שעהנעם קאָפּ.

— פאָהרט נאָך דער באַס־שטראַסע, נומער 7 — האָט זי געזאָגט צום קוטשער.

דיעזער האָט גלייך געפאָלגט און די פערד זיינען געלאָפען אין דער אָנגעגעבענער ריכטונג.

די דאַמע האָט מיעד געהאַלטען איהרע אויגען צוגעמאַכט.

דער קוטשער איז געפאָהרען לאנגזאם, האָט געהאַלטען די לייצעס גאנץ לויז, און האָט מעהר געקוקט אין הימעל, ווי אויפ׳ן וועג. מיט א מאָל איז אָנגעפאָהרען א פלייש־וואָגען, און נאָך א האָר וואָלט געמוזט פאסירען א צוזאמענשטויס.

דער פוהרמאן פון פלייש־וואָגען האָט זיך אָנגעהויבען זידלען אויף די רייכע קאָטשען, וועלכע פאסען ניט אויף. דער קוטשער האָט געזוכט מיט די אויגען א פּאָליצייסקען. אין דער מינוט האָבען די פערד אָנגעהויבען שטארק צו לויפען, און פון קאָטש האָט זיך דערהערט א געשריי פון שרעק און אנגסט. דער קוטשער האָט אָנגעשטרענגט אַלע כחות איינצוהאַלטען די פערד, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען. דאן האָט ער געמאכט א בעזאָנדערע אנ־שטרענגונג, מיט דעם רעזולטאט, דאָס ער איז אראָבגעפאַלען פון זיין זיץ. די פערד זיינען איצט געלאָפען, ווי ווילדע איבער די איינזאמע גאס; דער קליינער אינגעל האָט זיך ארויסגעריסען פון דער פרוי, וועלכע איז געוואָרען אָהנמעכטיג, און איז ארויסגעפאַלען פון קאָטש.

אין דיעזער מינוט האָט זיך א פרעמדער קוטשער געשטעלט נעגען די פערד, און אָנווענדענדיג זיין גאנצען כח, האָט ער די פערד געבראכט צום שטעהן.

די דאמע איז געבליבען אין קאָטש במעט ווי אין חלשות. א יונגער הויכער מאן האָט איהר אין קאָטש דערלאנגט דעם ארויסגע־פאַלענעם אינגעל. זי האָט איהם צוגעדריקט צו זיך מיט איהר גאנ־צער קראפט, און מעכאניש האָט זי ארויסגעצויגען איהר געלד־בייטעל, אום צו געבען דעם קוטשער איינינע גאָלד־שטיק, אַלס בע־לוינונג. דיעזער האָט איהר שעהן אָבגעדאנקט און האָט געגלעט די פערד, וועלכע זיינען נאָך אַלץ געווען זעהר אויפגערעגט. דער־ווייל האָט זיך ארום קאָטש צונויפגעקליבען א היבשער רעדעל מיט מענשען, פון וועלכע יעדער איינער האָט געוואָלט וויסען, וואָס און ווי אזוי דאָס האָט פאסירט.

די דאמע האָט זיך געפּאָרעט ארום קינד, וועלכער האָט קלעגליך געוויינט. זי האָט געוואָלט זאָגען א פּאָר ווערטער צו דעם פרעמדען יונגען מאָן, וועלכער האָט איהר דערלאנגט איהר קינד; איז גראדע אין דיזער מינוט צוגעקומען איהר קוטשער מיט א צוקרימטען. פער־

בלוטינגטען פנים. ער האָט געוואָלט זאָגען עפּעס, אז ער איז אונ־שולדיג, אָבער זי האָט מיט א שטאָלצער האַנד־בעוועגונג אָנגעוויזען איהם אויף זיין פּלאַץ. דאן האָט זי זיך געווענדעט מיט אַ ציטערענ־דער שטימע צום פרעמדען יונגען מאַן.

— איך בעט אייך, קומט אריין צו אונז אין קאָטש. איך האָב איצט אזוי מורא אליין צו פאָהרען.

דעם יונגען מאַן איז אריין די גאַנצע בלוט אין פּנים, און ער איז אריינגעשפּרונגען אין קאָטש, ניט ענטפערענדיג א וואָרט.

— נאָך הויז!

דער רעדעל מענשען איז זיך באַלד צוגאַנגען, און די קאָטש איז געפאָהרען לאַנגזאם אונטער דעם ביטערען געוויין פון דעם אינגעל.

— טהוט דיר עפּעס וועה, בובי? — האָט די דאַמע געפרעגט, וועהרענד טרעהרען האָבען געטריפט פון איהרע אויגען.

אויף דעם העסליכען פּנים פון קינד האָט זיך געוויזען צאָרן און שמערץ, ווען די מוטער האָט איהם דאָס געפרעגט. דער פרעמ־דער יונגער מאַן האָט זיך געפיהלט אונבעקוועם צווישען מוטער און קינד.

פאַר א היבשע ווײלע האָט די דאַמע איהם כמעט ווי ניט בע־מערקט. זי איז געווען צו שטארק פערנומען מיט איהר קינד, וועל־כעס האָט זיך לאַנגזאם אָנגעהויבען בערוהיגען.

די קאָטש האָט זיך פעדרעהט אין די שאַרלאָטענבורגער גאַס.

פּלוצלונג האָט זי זיך געווענדעט צום יונגען מענשען, וועלכער האָט געהאַט א שטאָלצען איידעלען פּנים, מיט אַ ליניע פון שמערץ ארום זיין מויל.

— ווי פריינדליך איהר זיינט עס, דאָס איהר זיינט מיטגעפאָה־רען. איך דאנק אייך פון מיין גאַנצען הארצען.

— איהר האָט גאָר ניט פאַר וואָס צו דאַנקען, מאַדאַם.

זי האָט געוואָרפען אויף איהם א בליק פון איבערראַשונג און נייגירינקייט. אין זיין שטימע איז געווען עטוואָס בעזאָנדערעס. און דאָס קינד האָט זיך פערקוקט אויף איהם.

די קאָטש איז שטעהן געבליבען פאַר א רייכען פּאַלאַץ.

שנעל איז ארויסגעלאָפען א דינער פון הויז, מאַכענדיג א צו־שראָקענעם פּנים. ער האָט גענומען דעם אינגעל אין זיינע אָרעמס.

דיעזער אָבער האָט זיך ראַש אויסגעדרעהט פון איהם און זיך אַליין געשטעלט אויף זיינע פיסלאַך.

די דאַמע, זעהענדיג דאָס, האָט זיך געפיהלט איבערגליקליך.

— אָה, איך בעט אייך, קומט אריין אויף א ווײַלע.

ער האָט געזוכט א וועג, ווי זיך אויסצודרעהען פון אַנצונעהמען דיעזע אונערוואַרטעטע איינלאַדונג.

דאַן האָט זי איהם אַנגעקוקט פעסט מיט איהרע שעהנע ארויס־פאַרדערענדע אויגען, און ער איז איהר נאָכגעגאַנגען.

די וואָהנונג איז געווען אין דעם רייכסטען טהייל פון שטאָדט. זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך אַן עלעגאַנטען קאָרידאָר, ביז זיי זיי־נען געשטאַנען אין א זאַל, פון דעם נייסטען סטיל.

א צווייטער דיענער האָט פון דער דאַמע אראָבגענומען איהר פוטער, און דאַן איז זי געשטאַנען אין אַן ענגלישען אנצוג, וועלכער האָט ארויסגעבראַכט איהרע שעהנע און עדעלע פאָרמען אויפ׳ן שעהנסטען אופן. איהרע האָר האָבען זיך עטוואָס פארנאַנדערגע־לאָזען, און זיי האָבען ווי א ראַם ארומגעשלאָסען איהר שעהנעם ווייסען פנים מיט איהרע פארשלייערטע אויגען. שמאָלע, שנעע־ווייסע פינגער האָבען נערוועז געקלאַפּט אַן א טישעל.

— אזוי, בובי, גיב א הערצליכען דאַנק דיעזען הערר, ווייל, נאָט צו דאַנקען, מיר זיינען אָבגעקומען מיט דעם בלויזען שרעק. דער אינגעל האָט א פּאָר בלויע פלעקען, דאָס איז אָבער א קליי־ניגקייט.

— ווי הייסטו? — האָט דער אינגעל נעפרעגט ביים יונגען מאַן.

ער האָט זיך לייכט פערנייגט פאַר דער דאַמע, און געווענדעט צו איהר, האָט ער געענטפערט:

— מיין נאָמען איז טהאָמאַס טרוק.

— און מיין נאָמען איז — האָט זי געענטפערט, א ביסעל רויט ווערענדיג — פרוי באַנק דירעקטאָר בערג.

זי האָט געזאָגט איהר אינגעל א פּאָר ווערטער שטילערהייד.

דער אינגעל האָט אויסגעשטרעקט צו טהאָמאַס זיין דינע הענטעל, און ער האָט ארויסגערעדט א פּאָר איינשטודירטע ווער־טער, איידער ער איז אַרויס שטיל פון צימער.

— דאָס איז מיין איינציג קינד, — האָט זי נעזאָגט צו טהאָמאַס

נאָך א לענגערען שטילשווייגען — איך בין אייך ווירקליך שולדיג א טיעפען דאנק — איך און מיין מאַן, וועלכער איז ליידער ניטא אין דער היים.

טהאָמאַס האָט געשמייכעלט, ניט וויסענדיג, וואָס איהר צו ענטפערען. די דאַמע האָט עס אָנגענומען, אַז ער מאַכט פון איהר חוזק.

— איהר לאַכט פון מיר? — האָט זי איהם געפרעגט און אין איהרע אויגען האָט א בליץ געטהאָן.

— האָב איך עס דען? — האָט ער געפרעגט.

דער פּנים פון דער דאַמע האָט זיך פערקרימט, ווי ביי א צו־לאָזענעם ציטריגען קינד, און זי האָט מיט כעס ארויסגערעדט:

— וואָרום לאַכט איהר פון מיר?

— איך? איך? — האָט טהאָמאַס געשטאַמעלט און אין דער עלבער צייט האָט ער געפיהלט, ווי עס קומט טאַקע איבער איהם אזא שטימונג, ווי צו לאַכען פון איהר.

דאַן האָט ער געענטפערט, שעהמענדיג, אויסמיידענדיג צו קוקען איהר אין די אויגען:

— אויב איך האָב אייך מיט עטוואָס בעליידיגט, בעט איך אייך, איהר זאָלט מיר מוחל זיין. דאָך, איהר אליין זיינט דאָך שולדיג אין דעם. איהר האַלט מיר אין איין דאַנקען, אָבער ניט מיר קומט עס. דעם קוטשער, וועלכער האָט די פערד אָבגעשטעלט, האָט איהר דאָך בעלוינט, טו וואָס איז דאָ נאָך מעהר צו ריידען פון דעם? איך האָב ניט ליעב אַזעלכע דראַמאַטישע סצענען.

איהר פּנים איז מיט א מאָל נאָך בלייכער געוואָרען. דאָס האָט איהם שטאַרק צוטומעלט און דערשראָקען. און ניט וויסענדיג וואָס אנדערש צו טהאָן, האָט ער זיך אויפגעהויבען, גענומען זיין הוט און זיך געלאָזט געהן צום טיהר.

— אָה, ניין, — האָט זי אויסגעשריען מיט אַן אויפגערעגטער שטימע, — דאָס געהט ניט ביי מיר. איהר רופט מיך קאָמעדיאַנטקע, און דאַן אנטלויפט איהר.

ער האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ אויף ניין.

— אָבער דאָס האָט איהר דאָך געזאָגט. פאַר א דראַמאַטישע סצענע מוז מען דאָך האָבען א קאָמעדיאַנטקע, אַן אַקטריסע.

זי האָט זיך פאַר איהם ערנסט פערנייגט, און געזאָגט:

— איבעריגעס זעה איך אויך אַליין איין, דאָס איך האָב אייך צופיעל בעלעסטיגט מיט דעם אויסדרוק פון מיינע געפיהלען.

זי איז אַנשווייגען געוואָרען, אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט צופיעל צו זאָגען. אָבער באַלד האָט זי געענדערט איהר גאַנצע האַלטונג. מיט אַ פריימוטהיגער בעוועגונג האָט זי איהם דערלאַנגט די האַנד, וועלכע איז געוועזען קאַלט, ווי אייז, און מיט אַן עלעגאַנטען שמייכעל פון אַ וועלט־דאַמע האָט זי געזאָגט:

— איך וויל זיך ניט קריגען מיט אייך.

ווידער האָט טהאָמאַס בעטראַכט זי זעהר פעראינטערעסירט. איהר זיכערהייט איז איהם געוועזען עטוואָס גאַנץ פרעמדעס און אונ־בעקאַנטעס, און די פראַכט אַרום איהם האָט איהם בעאונרוהיגט.

— איך בין אַ גרויסער צווייפלער אין די געפיהלס־שטימונגען; און די געזעלשאַפטליכע עטיקעטע, וועלכע איז געוועהנליך זעהר פוסט, איז מיר זאָגאַר זעהר אונאַנגענעהם.

— געפיהלס־שטימונגען, געזעלשאַפטליכע עטיקעטע?

דער קלאַנג פון איהר שטימע האָט איהם שטאַרק געריהרט. מיט איינמאָל האָט ער זיך געפיהלט זעהר נאָהענט צו איהר, און אויף זיין פנים האָט זיך געוויזען אַ זיסער שמייכעל. זי האָט עס גלייך בעמערקט, און זי האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט:

— איך זעה — האָט זי געזאָגט מיט גרויס פרייד — דאָס אייער פנים קען אויך פריינדליך און גוט זיין.

דיעזע בעמערקונג האָט איהם ווידער געקרענקט. זיין בליק איז געוואָרען פינסטער, און זי האָט זיך געפיהלט ווידער ווי אָב־געשטויסען.

ער האָט זיך אַליין פערשאָלטען אין דער שטיל:

ווארום איז ער גאָר אַריין אין הויז? און איצט מוז ער זיך זעהן ווארפען אין די נעצען פון אַן עלעגאַנטער דאַמע, פון וועלכע ער ווייס ניט ווי זיך אַרויסצופּלאָנטערען.

זי האָט הפנים געטראָפען, וואָס ער פיהלט, און זי האָט צו איהם געזאָגט:

— איך וויל אייך לענגער ניט אויפהאַלטען. איך האָב מורא פאַר אייער כעס.

דאָס איז ווידער געווען אזא מין נעץ פּערוואָרפען. טהאָמאַס האָט עס געפיהלט. מיט יעדען וואָרט איהרען האָט זי געלייגט פאַר איהם אַנאַנדער נעץ, וועלכע ער האָט ניט געקענט צורייסען. איהר שטימע און איהר בלאַסער פּנים האָבען איהם אזוי וועה געטהאָן. ער האָט זיך עס ניט געקענט ערקלעהרען, אָבער עס איז פּאָרט געווען אזוי. ער האָט זיך אָבגעשאַרט דאָס ברוינע, ווידערשפּענסטיגע האָר פון שטערען, האָט זי אָנגעקוקט זעהר ערנסט, און אליין עס ניט פיהלענדיג, האָט ער זיך אויסגערעדט:

— ווארום זאָל איך אין כעס זיין אויף אייך? איהר... איהר ווערט דאָך דערפראָהרען דאָ!

דערשראָקען האָט זי אויפגעהויבען צו איהם איהר פּנים, האָט איהם אָנגעקוקט האַלב־נייגעריג און האַלב מיסטרויאיש, זאָגענדיג:

— ניט אמת, איהר וועט דאָך ווידער קומען? הערר טהאָמאַס טרוק, אויב איהר זיינט ווירקליך ניט בייז, דאַן מוזט איהר קומען — און אזוי ווי זי וואָלט געטראַכט פון עטוואָס אַנדערעס, האָט זי צוגעלייגט:

— איך האָב אייך שוין ערגעץ־וואו געזעהן.

זיין פּנים איז געוואָרען אזוי ווי פערשטערט און פערוואונדערט, אָבער באַלד איז ער געוואָרען זעהר מילד.

און ווידער האָט זי בעמערקט דיעזע ענדערונג, און האָט איהם געפרעגט:

— וואו וואוינט איהר?

דער טאָן פון איהר שטימע האָט איהם בערוישט.

— לואיזענשטראַסע 15.

— יאַ, איצט דערמאָהן איך זיך, וואו איך האָב אייך געזעהן. דאָס איז געווען איינינע מאָל אין טהעאַטער. יעדעס מאָל האָט מיך אייער פּנים אזוי פּעראינטערעסירט.

— דאָס איז געווען לאַנג, לאַנג צוריק — האָט ער געענטפערט.

זי האָט איהם געגעבען איהר האַנד, און אַ מינוט שפּעטער איז ער געשטאַנען דרויסען, איינאָטהעמענדיג די פרישע, קיהלע לופט.

לאַנגזאַם איז ער געגאַנגען, לאָזענדיג דעם שעהנעם פּאַלאַץ מיט זיין נייער שעהנער בעקאַנטער הינטער זיך. אַרום איהם איז אַלעס געווען שטיל. און דאָס האָט איהם זעהר וואויל געטהאָן.

נעוועהנליך פלעגט איהם זיין וועג פיהרען דורך דעם קאָכינגען און ברויזענדען בערלין, וועלכער, מיט זיין הייזער־ים און מיט זיין מענשען־געדריכטקייט, פלעגט איהם בערוישען און פייניגען. ווען ער האָט אויך זיינע שפּאַצירען אריינגעקוקט אין די אַלע פערזאָרגטע און פערמוטשעטע פנים'ער, אין וועלכע דאָס לעבען האָט אייסגע־האקט אזעלכע נידערטרעכטינע שטריכען, האָט ער דאן געשפּירט, ווי מאָדנע ווידערשפּרעכענדע געפיהלען צורייסען זיין הארץ. עס האָבען אין איהם אויפגעוועקט האס און מיטלייד דיעזע מענער, וועלכע האָבען איהם אויסגעזעהן אזוי אויסגעארבייט, אזוי געבראָ־כען אין זייער לעבענס־קראפט, אזעלכע קנעכט אין דעם טרעטמיהל פון לעבען, אָדער דיעזע פרויען מיט זייערע איינגעפאַלענע באַקען און די אויפגעבלאָזענע קערפּער, וועלכע האָבען געמאַכט דעם איינ־דרוק, דאָס זיי וויסען פון אַלעס... ער האָט זיי געהאסט, ווייל זיי זיינען געווען מאכטלאָז, ווייל זיי האָבען זיך געלאָזט צורייבען, צוברעכען, צושטערען. ער האָט זיי געהאסט, ווייל דאָס לעבען האָט אוועקגעבלאָזען ווי מעהל־טהוי, אַלעס, וואָס איז פיין און עדעל; ווייל זיי האָבען אזוי געדולדיג געקרעכצט אינטער דער משא פון זייערע ליידען און האָבען פערלאָרען זייער גאַנצע שעהנ־הייט און קראַפט. און ער האָט אויך געפיהלט צו זיי דעם טיעפ־סטען רחמנות, לעזענדיג אין זייערע פנים'ער זייערע שוידערליכע ליידען. זייט ער האָט אָנגעהויבען צו דענקען, האָט ער ניט אויפ־געהערט צו טראַכטען איבער די ליידען פון פאָלק. ער האָט זיך געשעהמט פאַר זיין זאַטקייט: דאָך, די קרעפטיגע יוגענד זיינע פלעגט פערטרייבען די וויכקייט פון זיין פיהלען. אויך זיינען געווען מינוטען, ווען ער האָט געצווייפעלט אין דער ריינקייט פון זיינע געדאַנקען און ער האָט זיך ערקלעהרט זיין מיטפיהלען מיט די ליידען פון פאָלק נור מיט זיין אייגענער פערביטערטקייט. ווייל ער אַליין איז געווען אָהן אַ היים און פערריאָגט פון זיין געבורט־פּלאַץ, דאָרום האָט איהם אין די פרייע שטונדען וועה געטהאָן די הארץ פאַר די אָרימע און אונגליקליכע.

ער האָט זיך געזעהן געפאַנגען אין טויזענדער ווידערשפּריכע, און ער האָט גאַנץ גוט בעגריפען, דאָס זיין לעבען און זיין פיהלען זיינען גאָר ניט קיין פאַסענדע פאַר, דאָס דער גלאַנץ פון זיינע

יוגענד־יאָהרען און זיין ליעבע צו גענוס פערטרייבען זעהר אָפט זיין געפיהל פון רחמנות צו די אָרימע.

דאַן האָט ער זיך אליין פאָרווירפע געמאַכט פאַר זיין גאַנצען שטרעבען; ער האָט געפיהלט עס אלס א זינד, וואָס ער גיט זיך אָב מיט נאַטור־וויסענשאַפטליכע שטודיען און זוכט צו ווערען זעלבסט־שטענדיג; ער האָט עס געהאַלטען פאַר א פערברעכען, דאָס ער זוכט אָברוה א מאָל אין טהעאַטערס און קאָנצערטען. צו די פער־שטיקטע קולות פון זיין געוויסען פלעגט ער אָפט שטעלען די פראַגע: ווארום מאַכט איהר אזוי ביטער מיין יוגענד? איך פיהר דאָך ניט אזא שאַרלאַטאַנסקען לעבען, ווי אַנדערע, טו ווארום פערגינט איהר מיר ניט מיין קאַרגען פריהלינג? פיעלע פון די קאַמעראַדען, וועל־כע ער האָט געזעהן ארום זיך, האָבען זיך געלעבט זאָרגלאָז און פריי. זיי וואָלטען איהם אויסגעלאַכט, ווען ער וואָלט זיי געלאָזט אריינ־בליקען אין זיין הארצען, און וואָס וואָלט עס איהם געהאָלפען, ווען זיי לאַכען זיך ניט אוים? ער איז אזוי געוועזען, ווי ער איז געוועזען. ער האָט ניט געקענט בעפרייען זיך פון די איינזאַמע שטונדען, אין וועלכע ער האָט זיך אליין געגריזשעט.

לאַנג האָט ער דאָ געלעבט אליין, ביז ער האָט זיך בעגעגענט מיט א קרייז מאָדנע מענשען, מיט וועלכע ער פלעגט אָפט צוזאַ־מענקומען. דער אליין־זיין האָט איהם געמאַכט נאָך פיעל מעהר ליידען.

די שטאָדט, דאָס הויז און דעם סאָד פון זיין קינדהייט האָט ער שוין מעהר ניט געזעהן. דער פאָטער האָט באלד געהייראַטה מיט דער אלמנה, און דער זוהן האָט פערלאָרען יעדען צוזאַמענהאַנג מיט איהם. זיי האָבען זיך ניט געזעהן, און האָבען אזוי גוט ווי גאָר ניט געהערט איינער פון אַנדערען. נור מיט דעם פרעדיגער האָט ער ניט אויפגעהערט צו קאָררעספאָנדירען. פאַר איהם האָט ער אויסגעגאָסען זיין ליידענשאַפטליכע הארץ און האָט געוואַרט מיט א געפיהל פון הייסען הונגער אויף די טרייסטונגען, וועלכע פלעגען פון איהם אָנקומען. און דאַן איז געוועזען נאָך א זעעלע, מיט וועל־כער ער איז געוועזען ענג פערבונדען — בעטינאַ. אָבער זי איז געוועזען ווייט. זי האָט שטודירט אין פאַריזער קאָנסערוואַטאָריום, און זי האָט איהם געשריבען בריעף מיט קליינע בוכשטאַבען, פון

וועלכע עס איז געוועזן איהם גאַנץ זעהר שווער צו דערגעהן א טאָלק. אָבער פון אַלעס, וואָס זי האָט צו איהם געשריבען, האָט געבלאָזען מיט אזאַ עהרגייציגקייט, וועלכע האָט איהם אי געוואונדערט און אי פערדראָסען אויף איהר. שטענדיג האָט זי געשריבען פון איהר קונסט און פון דעם, וואָס זי וויל ווערען. נאַטירליך, צווישען דעם האָט זי אויך אריינגעפלאָכטען קינדישע, ליעבע ווערטער פאַר איהם. אָבער דאָס איז געוועזן גאַנץ פערשטיקט, אונקלאָהר, אזוי פערביינעהענדיג, ווי עטוואָס, וועגען וואָס זי איז ניט ערנסט, און וואָס איז ביי איהר נור א שפּאַסיגע עראינערונג.

עס איז שוין ניט געוועזן מעהר די בעטינאַ פון דער קינדהייט. דיעזעס בילד איז גאַנץ בלאָס געוואָרען אין זיין זכרון, און ער האָט זיך עס קוים געקענט דערמאָהנען. ער האָט איצט דערפיהלט דעם אונטערשיעד פון יאָהרען און פון לעבענס־ערפאַהרונג. ער איז געווען צוויי און צוואַנציג, וועהרענד זי האָט ערשט בעדאַרפט ווערען זעכצעהן יאָהר.

געהענדיג אזוי לאַנגזאַם, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם ליכטענשטיין־בריק און זיך פערקוקט אין דאָס שטילע וואַסער פון קאַנאַל. עס איז איהם גלייך געקומען אויפ'ן געדאַנק דער שטילער טייכעל ביין סאָר, וואו ער פלעגט אזוי אָפט פערברענגען מיט זיין מוטער טאַמאַרא אָדער מיט בעטינאַ. ווי ווייט דאָס איז איצט אַלעס פון איהם! נייע בילדער, א נייעס לעבען טרייבען איהם איצט אָדער פאָרווערטס, אָדער פּאַראַליזירען זיינע טריט.

ער האָט אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון זיין מאַנטעל און האָט אָנגעהויבען ווייטער געהן מיט שנעלערע טריט. ער האָט ניט געוואָלט זיך לאָזען בעהערשען פון עראינערונגען און ווערען ווייך.

דער רייכער פּאַלאַץ און זיין שעהנע בעל־הבית'טע זיינען איהם ווידער געקומען אין זינען און האָבען איהם ניט מעהר פריי געלאָזען. וואָס וואָלטען עס זיינע פריינד געזאָגט, ווען זיי וואָלטען געהערט פון זיין מערקווירדיגער בעגעגעניש?

אָבער זיי וועלען גאָר ניט דערוויסען זיך, ווייל שוין מאָרגען וועט דאָס שוין זיין פאַר איהם בלויז א שעהנער חלום.

ביי דיעזען געדאַנק איז ער געוואָרען רויט, ווי א קליין איינגעל. א פּאָר דונקעלע פאָרשטעלונגען זיינען דורכגעלאָפען דורך זיין מוח

און האָבען איהם געפּיינינגט. ער האָט אריינגעשטעקט זיינע הענד אין די קעשענעס פון זיין לאַנגען מאַנטעל, האָט פון דאָרט ארויס־גענומען א טאבאַק־בייטעל און א קורצע ענגלישע פּייפּ. ער האָט איהר אָנגעשטאָפּט מיט טאבאַק, האָט איהר פערראויכערט, און איז ווייטער געגאַנגען. פּלוצלונג האָט ער דערפיהלט א האַנד אויף די פּלייצעס. ער האָט זיך אומגעדרעהט פערוואונדערט:

פאַר איהם איז געשטאַנען א דאַרער, קליינער מענשעל, מיט א פערהונגערטען אויסזעהן, מיט א נידריגען, אָבער אויסדרוקס־פולען שטערען, מיט דונקעלע אויגען און מיט א מערקווירדיג דינעם נאָז, אונטער וועלכען עס זיינען געוואַקסען רויטליכע וואָנצעס.

— אָה, היינזיאוס, פון וואַנען קומט איהר? — ער האָט איהם פעסט געדריקט די האַנד.

יענער האָט אויפגעשריען פון שמערץ.

— אום גאָטעס ווילען, צוקוועטשט מיר ניט מיין האַנד. פון וואַנען איך קום? א שעהנע פראַגע. נאַטירליך, פון מיין שקלאַפעריי.

— דאָס מיינט איהר פון דער שולע?

— שטימט!

טהאָמאַס איז שטעהן געבליבען און האָט געזאָגט:

— איינענטליך פערשטעה איך ניט, ווארום איהר זיינט אזוי בייז אויף אייער פּראָפעסיע.

היינזיאוס האָט איהם בעטראַכט מיט רחמנות.

— איהר פערשטעהט עס ניט? דאָס, זעהט איהר, איז אויס־געצייכענט.

ער האָט ארויסגעשטויסען דיזע ווערטער מיט ביטערקייט און האַס.

— איך פערשטעה אָבער פאָרט ניט — האָט טהאָמאַס גע־זאָגט—נאָך אַלעמען איז עס דאָך ניט קיין קליינינקייט צו זיין א לעהרער. איהר קענט דאָך עטוואָס געבען די קינדער.

— דאָס גלויבט איהר טאַקע? איהר זיינט אַן אָפּטימיסט!

— יאָ, דאָס בין איך.

— הערט, מיין ליעבער, אריינצוקלאַפּען אין די קינדערשע קעפּ די ביבעל און אזוי אריינצוקלאַפּען, אז דער שול־אינספּעקטאָר

זאָל צופריערען זיין, און מען זאָל נים קריגען די נכפה... לאָמיר וועגען דעם בעסער ניט ריידען. ווען איך וואָלט געהאַט א טאַלאַנט צו זיין א פערד־גנב, וואָלט איך שוין געוואוסט, וואָס איך האָב צו טהאָן. און ווען איך וואָלט ניט מורא געהאַט צו שטאַרבען פון הונגער, וואָלט איך שוין היינט געלאָזען דעם וואָגען אין מיסט שטעהן. איך —

א שטאַרקער הוסט האָט איהם ניט געלאָזט ענדיגען. טהאָמאַס האָט איהם בעטראַכט מיט א טיעפען געפיהל פון מיטלייד.

ווען דער הוסט אָנפאַל איז געווען פאַראיבער, האָט דער פאָלקס־שול־לעהרער געזאָגט צו טהאָמאַס:

— ווייסט איהר, וואָס איהר האָט איצט געטראַכט?

טהאָמאַס האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— איהר האָט געטראַכט, ווי לאַנג נאָך וועט דיעזער אונגליק־ליכער זיך מאַטערען דאָ? פאַררעדט מיר ניט די צייהן, דאָס האָט איהר געטראַכט!' איך בין פאַר די רעליגיאָן פון פרייד און גענוס, און אָנשטאָט דעם זעה איך שלאַפע, פערוויאַלעטע קערפּער, שטומ־פּפיגע געהירען, וועלכע איך מוז אזוי מוטשען נעבעך. איך וואָלט געוואָלט טעגליך און שטונדליך רעבעלירען געגען דיעזע געזעלשאַפט, און אָנשטאָט דעם מוז איך מיך האַלטען אין איין נייגען און בוקען פאַר דעם רעקטאָר און שול־אינספּעקטאָר. איך וואָלט געוואָלט געניסען פון לעבען, און אָנשטאָט דעם הונגער איך. איך וואָלט געוואָלט לעבען, און אָנשטאָט דעם געה איך אונטער און דערנעהער זיך אַלץ מעהר און מעהר צום טוידט. איך וואָלט געוואָלט אויפ־טהאָן עטוואָס, אָבער ווען איך קום ארויס פון מיין געפענגניס, איז ביי מיר דער קאָפּ אָנגעפילט ווי מיט בליי און דער גאַנצער קערפּער טהוט מיר וועה.

בלוטיגע פלעקען זיינען ארויסגעקומען אויף זיינע באַקען און אין זיינע אויגען האָט עס זעהר אונרוהיג געפלאַקערט.

— זייט מיר מוחל, דאָס איך האָב אויף איך ארויפגעצוואונגען מיין קלאָג־ליעד. אָבער איך האָב זיך היינט אזוי אָנגעליטען, אז איך האָב געמיינט, איך ווער דערשטיקט. ווען מען פיהלט אזוי, מוז איינער זיך אויסריידען.

און ניט וואַרטענדיג אויף קיין ענטפער, איז ער פלינק ארויינ־

געשפּרונגען אין אַ פאַרבייפאָהרענדע קאַר, און האָט איהם פון ווייטען צוגעוואונקען אַ גוד־באַי.

הם, האָט טהאָמאַס געטראַכט, נאָך אַן אונגליקליכער, פון ביטערקייט צופרעסענער לעבען אין אַזאַ שוואַכען קערפּער! און ער האָט זיך דערמאָהנט, דאָס אין דעם קרייז פון די פריינד רופט מען היינזיאוס „ די טוידטענמאסקע", אַ נאָמען, וועלכען ער האָט זיך אַליין געגעבען אין אַ ביטערען שפּאַס.

און ווירקליך, ווי אַ טוידטענמאַסקע איז ער געגאַנגען דורך דאָס לעבען, וואָס האָט פאַר איהם ניט געהאַט קיין האָפנונגען, וואָס האָט איהם נור געבראַכט בלוטיגע וואונדען און ביטערע טרעהרען.

טהאָמאַס האָט זיך געפיהלט אַזוי צוגעדריקט פון דעם גאַנצען עלענד, דאָס זיין געזונד, זיין קערפּערליכע קראַפט, זיין לעבענס־לוסט און זיין פרייהייט פון זאָרג זיינען איהם אויסגעקומען עטוואָס, מיט וואָס ער דאַרף זיך שעהמען. זיין שטערען האָט זיך צוזאַ־מענגעצויגען אין פיעלע קנייטשען און זיין אויג האָט בעקומען אַ זוכענדען, טאַפּענדען אונזיכערען אויסדרוק. אַ רייהע פון געדאַנ־קען האָט געארבייט אין איהם און האָט איהם געבראַכט אַ שטע־כענדען וועהטאָג.

ער האָט אויפגעבליקט און זיך ארומגעקוקט, וואו ער געפינט זיך. דער קלאַפּען פון די פוהרען און דער מענשען־געדראַנג האָבען איהם אויפגעטרייסעלט פון זיינע ביטערע געדאַנקען.

ער איז געשטאַנען אין סאַמע מיטען פון דעם ברויזענדען קאָ־כינגען שטאָדט־לעבען. פערד־קאַרס, אויטאָמאָבילס, אָמניבוסען, דראָזשקעס, עקיפּאַזשען, שווערע פוהרען און אין מיטען דערינען שוואַרצע קנוילען פון מענשען, וועלכע האָבען זיך בעוועגט הין און צוריק, ווי די מוראַשקעס; עלעגאַנטע געשטאַלטען און אָבגעריסענע צולומפּטע טאָג־ארבייטער, גלענצענדע יוניפאָרמס, פריקאַזשששטשי־קעס, קליינע מיידלאַך, פּאָליסלייט — אַלעס האָט געשוועבט, גע־טאַנצט, געיאָגט זיך, ווי אַ מאָדנער שאָטענשפּיעל מיט אַ פער־כשופ'טער געשווינדקייט.

מיט אַלע זיינע כחות האָט ער איינגעזויגען דיעזען ריח פון דעם גרויס־שטאָדטישען לעבען און האָט זיך דערפיהלט בעפרייט

און ליכט; און צווישען דעם אלעם איז געשטאנען פאר זיינע אויגען דער פנים פון א בלאסער דאמע.

.2

עס איז געווען אין אבענד ארום א זייגער אכט. פון דער גרויסער אוניווערזיטעט־געביידע האבען זיך א שאט געטהאן פיעלע, פיעלע סטודענטען. צווישען זיי איז אויך געווען טהאמאס טרוק, וועלכער האט אין זיינע פרייע שטונדען פון דעם מעדיצין־שטודיום געהערט אין אוניווערזיטעט לעקציעס פון א פראפעסאר איבער פאליטישע עקאנאמיע.

ער איז געווען זעהר מיעד. א שנעלען בליק האט ער געוואר־פען אויף די סטאטוטען, וועלכע שטעהען ביים ארויסגאנג פון או־ניווערזיטעט, און לאנגזאם און פערטראכט האט ער אנגעהויבען געהן איבער די גאסען. באלד איז ער געווען אין דער פריעדריך־גאס און פון דארט אן האט ער אנגעהויבען געהן שנעלער. ער האט זיך געאיילט צום קרייז פון די נייע פריינד, פון וועלכע אויך היינ־זיאוס איז געווען א מיטגליעד. ער איז שטעהן געבליבען פאר א פעררויכערטע אלטע הויז און איז אריין אין א שמאלען קארידאר, וועלכער איז געווען דונקעל בעלויכטען פון א לאמפ, וואס האט ארויסגעגעבען פון זיך א זעהר שלעכטען שיין און נאך אן ערגערען ריח. ער האט אנגעהויבען קלעטערען אויף קרומע טרעפ, ביז ער האט דערגרייכט דעם פערטען עטאזש, וואו ער האט זיך אבגע־שטעלט און אבגעצויגען דעם אטהעם. אויף דער טיהר איז געווען צוגעשלאגען א קליינער מעשענער שילד: בראזע, מאלער.

פון צימער אינעווייניג האבען זיך געהערט הויכע שטימען. ער האט מעהרערע מאל געמוזט אנקלאפען, ביז א דיקע פרוי, וועלכע האט אויף דעם ערשטען בליק געמאכט א משונה'דיגע איינדרוק, האט פאר איהם די טיהר געעפענט.

דאס ערשטע, וואס איינעם האט איבערראשט ביי דיעזער פרוי, איז געווען איהר שטארק ענטוויקעלטע נאז, וועלכע, ווי עס האט אויסגעזעהן, האט בעהערשט איהר גאנצען פנים. אונטער דער נאז האט געשפראצט עטוואס, וואס האט געהאט א זעהר

שטאַרקע עהנליכקייט מיט וואָנצעס. דערצו האָט זי געהאַט דיקע ליפּען, אַ נידעריגען שטערען, פון אונטער וועלכען עס האָבען אַרויס־געקוקט קליינע, אָבער ענערגישע און גוטע אויגען. מעהר פון אַלץ האָבען אָבער געמאַכט אַ שווערען איינדרוק איהרע ברייטע קלובעס.

— אַ גוטען אבענד — האָט טהאָמאַס איהר בעגריסט. די פרוי האָט אָנגענומען זיין האַנד, און אַזוי שטאַרק, דאָס טהאָמאַס, לאַכענדיג, האָט געפּיהלט זיך געצוואונגען אַרויסצורייסען זיך פון איהר. דער האַנד־דרוק פון דער פרוי ליערם איז געווען בעריהמט.

— איהר קומט אָבער אַ ביסעל שפּעט — האָט זי געזאָגט, העלפענדיג איהם אויסטהאָן זיין אויבער־ראָק — די אַנדערע זיינען שוין כמעט אַלע דאָ.

— ווי געהט עס? — האָט טהאָמאַס געפרעגט, אָנשטאָט צו ערקלעהרען איהר, וואַרום ער איז אַזוי שפּעט.

— שלעכט.

טהאָמאַס האָט איהר אָנגעקוקט מיט אַ ליכטיגען שמייכעל.

— לאַכט נור ניט — האָט זי געזאָגט אין אַ טאָן, וואָס האָט געקלונגען האַלב־קאָמיש און האַלב פערדריסליך — ער האָט דער־גרייכט זיין אידעאַל. ער האַלט אין איין שלאָפען.

— אויב אַזוי, קען מען דאָך אייך גראַטולירען.

זי האָט איהרע ביידע הענד אריינגעשפּאַרט אין איהרע קלובעס און האָט געזאָגט:

— איהר מאַכט זיך נור ניט לוסטיג איבער מיין מאַן.

טהאָמאַס האָט זיך צולאַכט.

— דאָס האָט זיך מיר אַפילו ניט געחלום׳ט. עס איז דאָך אַ בעקאַנטע זאַך, דאָס די דיכטער האָבען ליעב צו שלאָפען.

— איהר רייצט זיך מיט מיר?

— איך דענק גאָר ניט פון דעם. אָבער איהר וועט דאָך מיר צוגעבען, אויב דער ליעבער גאָט גיט אימיצען, איז עס די, וועלכע שלאָפען — דאַרום מוז אייער מאַן שלאָפען.

זי האָט אויף דעם געענטפערט גאַנץ טרוקען:

— מיט דעם גרעסטען רעספּעקט פאַר אייך, אָבער דאָס דיכ־טען שטעלט איהר זיך שוין פאַר אַ ביסעל צו לייכט. דאָס מעגט איהר מיר גלויבען.

די טיהר פון גרויסען צימער האָט זיך אָן עפען געטהאָן, און אַ שטימע האָט אַ רוף געטהאָן: וואו בלייבט ער אַלזאָ?

זיי זיינען אריין אין אַ גרויסען צימער, וועלכער האָט געהאַט די ליכט פון אויבען און וועלכער איז געווען אַן אַטעליער. פון ערשטען בליק האָט מען עס ניט געקענט זעהן, צוליעב דעם געדיכטען וואָלקען פון רויך. אין אַ ווינקעל איז געשטאַנען אַ גרויסער איי־זערנער אויוועו, וועלכער האָט פון זיך ארויסגעלאָזען אַ גליהענדע היץ. די אָבער, וועלכע זיינען געווען אין צימער, זיינען געווען צו פערנומען אין זייער געשפרעך, אום דאָס צו בעמערקען. אַ גרויסער הענג־לאָמפּ האָט פערברייט אַ צוויפעלהאַפטע בעלייכטונג, וועלכע איז פערשטארקט געוואָרען דורך צוויי ליכט.

ביי די זייטען זיינען געשטאַנען ראהמען בעצויגען מיט לייוועגד, בערייט צום מאָהלען, אויף די וועגד זיינען געהאַנגען פער־שיעדענע בילדער. גאַנץ בעהאַלטען איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל אַן אַלט־מאָדישע פּיאַנאָ. אין מיטען צימער איז געשטאַנען אַ לאַנ־גער טיש, ארומגעשטעלט מיט שטוהלען.

— קומט אריין — האָט געזאָגט צו טהאָמאַסען די פרוי ליערם, וועלכע איז געווען אַן אקושערקע פון פּראָפעסיע, און איהם אָנ־גענומען ענערגיש פאַר'ן האַנד.

זי האָט איהם צוגעפיהרט צו אַ יונגען מאַן מיט אַ זעהר סימ־פּאַטישען פּנים, אין וועלכען עס איז געווען עטוואָס ווייבעס, עדע־לעס, פריינדליכעס און פערשלאָפענעס. זיין געשטאַלט איז געווען ווי פון אַ אינגעל, שלאַנק און בייגזאַם, זיינע אויגען — ברוין און גרוים. דער עטוואָס ברייטער, ליידענשאַפטליכער מויל איז געווען בעשאָטען פון אַן איידעלען פוך. ער האָט געהאַט שעהנע, געזונדע צייהן און פולע שווארצע האָאַר, וועלכע האָבען געגלענצט פון יונגקייט.

מיט אַ זעהר שעהנער בעוועגונג האָט ער טהאָמאַסען אויס־געשטרעקט זיין האַנד, און האָט גוטמוטהיג געשמייכעלט צו זיין ריעזען־פרוי. ער איז געווען מינדעסטענס צוועלף יאָהר אינגער פאַר איהר. ער איז קוים אַלט געווען 24.

— ווייסטו וואָס ער זאָגט,—האָט זי זיך אָבגערופען צו איהר מאַן, אָנווייזענדיג אויף טהאָמאַסען — ער זאָגט, אַז דאָס שלאָפען

איז שעדליך. און ער מוז עס דאָך וויסען, ער שטודירט דאָך מע־דיצין. און די דאָקטוירים, מיט וועלכע איך טרעף מיך, די זאָגען דאָס זעלבע.

דער יונגער מאַן האָט גוטמוטהיג געשמייכעלט און געענט־פערט :

— דאָס איז זעהר אַ שווערע פראַגע. וועגען דעם האָט מען זעהר פיעל געקלעהרט, מיין קינד.

דיעזער וואָרט „קינד", איז, ווי עס האָט אויסגעזעהן, איהר שטארק געפעלען געוואָרען. זי האָט זיך אימער געפיהלט ווי בע־זיעגט, ווען ער פלעגט צו איהר זאָגען „מיין קינד".

— ווען דו וואָלסט בלויז געשלאָפען, וואָלט עס נאָך מיטגע־גאַנגען, אָבער איהר האָט גאָר קיין בעגריעף ניט — האָט זי וויעדער זיך געווענדעט צו טהאָמאַסען — ווי ער ברענגט צו זיינע נעכט, שטודירענדיג — ביי דעם לעצטען וואָרט האָט זי זיך צולאַכט.

דער יונגער מאַן האָט געמאַכט אַ פּראָבע ארומצונעהמען איהר. אָבער דאָס איז איהם ניט געראָטען. צו ברייט איז זי געווען דער־צו. זי האָט איהם געגעבען אַ זאַפטיגען קוש, און איז אוועק צו די אנדערע געסט.

דיעזע פּאָרעל איז געווען זעהר אַ מאָדנע, און די פעראייניגונג צווישען זיי איז אויך אויסגעקומען גאַנץ זאָנדערבאַר. די ליערם איז געווען אַן אָקושערקע זייט מעהרערע יאָהרען אין דעם אָרימען טהייל פון שטאָדט. ווען ער איז געווען שטודענט, האָט ער ביי איהר געהאַט קוואַרטיר.

זי האָט איהם פערצערטעלט, ווי אַ קינד, און ענדליך, ווען ער האָט אוועקגעוואָרפען דאָס לערנען און האָט אָנגעהויבען דיכטען, האָט זי מיט איהם געהייראַט. דירה־געלד האָט ער זאָ־ווי־זאָ קיינ־מאָל ניט געצאָהלט. אויך האָט זי די אַלע יאָהרען געזאָרגט, אַז עס זאָל איהם חלילה גאָר נישט פעהלען אין אנדערע זאַכען, און זי האָט בעשלאָסען, אַז אויף אַזאַ אופן איז שוין גלייכער צו מאַכען איהם פאַר איהר מאַן.

זי האָט איהם ליעב געהאַט מיט אַ קרעפטיגער, גוטמוטהיגער און צאָרנדיגער ליעבע. קיינער האָט ניט געטאָרט עטוואָס זאָגען נעגען איהם. אָבער זי אַליין האָט זיך פיעלעס ערלויבט. די

אינטימע פריינד האָבען אזוי ווי געמורמעלט, דאָס איין מאָל האָט דער פּאָעט שוין דערפיהלט דעם טעם פון איהרע געזונדע קולאקעס. יאָ, איהרע קולאקעס זיינען געווען בעריהמט. אין דער גאנצער געגענד האָט מען גערעדט פון זיי מיט מורא און מיט אכטונג. עס איז געווען אַ בעקאַנטע געשיכטע. זי האָט איינמאָל צוגענומען אַ קינד ביי אַ פרוי, ווענמעס מאַן איז געווען אַ גנב און אַ טויגע־ניכטס. זי האָט דעם מאַן צוקיילט און צובייילט, ווען ער האָט אָנ־געהויבען מאַכען אין הויז מיאוס׳ע הויות.

פאַר איהר מאַן האָט זי געהאַט פון דעסטוועגען אַ שטאַרקען רעספּעקט, ווי אַ פראָסטע פרוי, וואָס האָט אַ געוואַלדיגע אכטונג פאַר אַלעס, וואָס רופט זיך גייסט. פון דעסטוועגען איז זי בעגאַבט געווען פון דער נאַטור מיט אַ שאַרפען מוטער־וויץ. דערצו האָט זי זיך פיעל־פיעל אָנגעזעהן אין לעבען, און האָט געוואוסט שעהנע און שפּאַסהאַפטע געשיכטעס צו דערצעהלען פון איהר פראַקטיקע.

קיינער פון דעם קרייז האָט זיך ניט געוואונדערט איבער דיעזער חתונה, און קיינעם האָט עס אויך ניט פערדראָסען. מען האָט פיעל מעהר עס בעטראַכט פאַר אַ גליק פאַר׳ן דיכטער, וועלכען אַלע האָבען געגליכען פאַר זיין לייכטזיניגקייט, פאַר זיינע קאַפּרי־זען און פאַר זיין מערקווירדיגע אויפפאַסונג פון לעבען, וועלכע איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס ארבייטען איז אַ זינד. און ווייל ער האָט ניט נור טהעאָרעטיש געפּרעדיגט זיינע פּרינציפּען, נור ער האָט זיי אויך פּראַקטיש דורכגעפיהרט און ער האָט קיינמאָל ניט פערזוכט דעם טעם פון ארבייט, האָט מען איהם דערפאַר זאָגאַר רעספּעקטירט, מען האָט אין איהם געזעהן אַ מאַן פון פּרינציפּען, וועלכער האָט עס געהאַלטען פאַר גאַנץ זעלבסטפערשטענדליך, דאָס אַ גוטמוטהיגע פרוי זאָל איהם פערזאָרגען מיט אַלץ, וואָס איז איהם נויטהיג.

נאַטירליך איז אַלעס ניט אָנגעגאַנגען אזוי גלאַט. פון דיעזער פערזאָרגונג זיינען אַרויסגעקומען מאַנכע קעמפּפע, אָבער ווענען דעם שפּעטער.

אַ קליין גלעקיל, וועלכען איינער פון די פערזאַמעלטע האָט גענומען אין האַנד, האָט אָנגעהויבען קלינגען. דער טומעל און

זשומען פון שטימען איז באלד שטיל געוואָרען, און די פערזאמעלטע האָבען זיך געזעצט ארום דעם לאנגען טיש.

דער, וועלכער האָט געקלונגען, געבענדיג דערמיט דעם צייכען, אז די פערזאמלונג ווערט געעפענט, איז געווען דער בעל הבית, א הויכע, קרעפטיגע געשטאלט, מיט א גלאט געגאָלטען פנים און מיט א זעהר שעהנעם קאָפּ. די האָר זיינען ביי איהם געווען קורץ גע־שאָרען און אויף די ליניען פון פנים איז געלעגען עטוואָס טרויממע־רישעס, פערטראכטעס, מעהר פון אלץ אָבער, אן אובעשרייבליכע גוטסקייט. ער האָט אויסגעזעהן צו זיין א יאָהר פינף און דרייסיג.

לעבען איהם איז געזעסען זיין פרוי. זי האָט געטראָגען פולע, רויטע האָאָר. איהר אויסזעהן איז געווען א זעהר ערנסטער, זון עס האָבען זיך געזעהן אויף איהר פנים די סליאדען פון א שווערען לעבענס־קאמפף. איהר געזיכט איז ניט געווען בעזאָנדערס שעהן. אָבער, ווען זי פלעגט נור אויפהויבען די אויגען און א קוק טהאָן אויף איהר מאַן, פלעגט דער זעלבער פנים ווערען שטארק בע'חן'ט.

דער בעל הבית פון הויז, דער מאהלער, האָט בעגריסט די אנ־וועזענדע, אָנווייזענדיג אויפ'ן לאָמפּ.

— די נאכט־ליכט האָט אָנגעהויבען צו גליהען, און כאָטש זי גיט ארויס פון זיך א קנאָפּען שיין, לייכט זי אונז דאָך, ווי א גוטע זון אין אונזער דונקעלהייט און וואַרפט די ערשטע שטראהלען פון פרייד און העלקייט אויף די פינסטערע וועגען, וועלכע טהיילען אונז נאָך אָב פון דער צוקונפט. און אזוי בעגרים איך אייך, פריינדע, וועלכע זיינען ווידער צוזאמענגעקומען אין „נאכט־ליכט“, אום דאָ צוזאמען צו דענקען און צו פיהלען. איצט וועט הערר בלינסקי נעהמען דאָס וואָרט און וועט פאָרלעזען דעם פּראָטאָקאָל פון אונ־זער לעצטער פערזאמלונג.

ביין צווייטען עק פון טיש האָט זיך אויפגעהויבען א קליינער מאַן מיט זעהר ווניג האָר און מיט א שטערען פין אן אוטאָפּיסט. דער קאָפּ זיינער איז געווען איינגעראמט איז א גאנץ גרויסער באָרד, און אין זיין כאראקטעריסטישען פנים האָט מען מעהר פון אלץ בע־מערקט זיינע אויגען פול מיט א פיבערישען גלאנץ.

פאָלגענדעס האָט ער פאָרגעלייענט:

„פּראָטאָקאָל פון דער לעצטער פערזאמלונג פון דער גרופּע

טהײלנעהמער בײן נאכט־ליכט. ליססאוער רעדט איבער ציוניזמוס. ער ערקלעהרט די ציוניסטישע שטרעבונג און װיל בעװײזען, דאס די מאָדערנע אידען װערען פערגװאַלטיגט און אונטערדריקט אין אַלע לענדער, און דאס נור אַ א י ד י ש ע ה י י ם, װאס זאָל זײן אָ ב נ ע ז ו נ ד ע ר ט און א ו נ א ב ה ע נ ג י ג פון אַלע לענדער, איז דער אײנציגער רעטונגס־מיטעל. אַ לעבעדיגע דעבאַטע האָט זיך ענטװיקעלט, אין װעלכער עס איז ערקלעהרט געװאָרען די שטעלונג פון דעם יודענטהום אין דעם פעלקער־קאָנצערט. די אידעען זײנען פון די רעדנער שאַרף קריטיקירט געװאָרען, און פון פיעלע דעבאַטאַנטען זײנען זײ ערקלעהרט געװאָרען, אַלס לעכערליך. אײנער האָט אױסגעדריקט דעם געדאַנק, דאס די קולטור־אױפגאַבע פון די אידען האָט געקראָגען אַזאַ בעדײטונג נור דערפאַר, װײל זײ זײנען פערשפּרײט צװישען אַלע פעלקער. עס װערט אױך אַרױסגעזאָגט דער געדאַנק, דאָס אין אונזער קרײז, װעמעס ציעל און לעבענס־אַרבײט בעשטעהט אין דער אָבשאַפונג פון שטאַאט און דער אױסבילדונג פון דער פרײער פּערזענליכקײט, האָבען גראַדע אַזעלכע שטרעבונגען, װעלכע קומען פון אַ שלעכט־פערשטאַנענעם געפיהל און ניט פון דעם קלאָהרען פערשטאַנד, גאָר קײן פּלאַץ ניט. ניט דער אונטערדריקטער איד, נור דער אונטערדריקטער מענש, דיעזער איז עס, װעלכער אינטערעסירט אונז. נעגען דיעזער גרױסער פראַגע, איז די אידען־פראַגע פאַר אונז פון אַ זעהר קנאַפּער װיכטיגקײט. בײן שלוס האָט דער רעדנער ליססאוער עטװאָס געענדערט זײנע אַנזיכטען.“

— האָט אימיצער װאָס אײנצואװענדען גענען דעם פּראָטאָקאָל? — האָט בראָזע געפרעגט.

אַ קלײנער מאַן, עטװאָס אײנגעהאָרבעט, מיט אַ זעהר שטאַרק ענטװיקעלטען שטערען, מיט פאַנאַטיש־גליהענדע אױגען, און מיט דינע שװאַרצע װאָנצעס אונטער אַ געבױגענער אידישער נאָז, האָט זיך אױפגעהױבען. דאָס איז געװען ליססאוער.

— איך װיל נור בעמערקען, דאָס אין מײן לעקציע האָב איך ניט אױסגעדריקט בלױז אײגענע אידעען, נור אױך די אידעען פון אַנדערע, ניט ערקלעהרענדיג זיך אײנפערשטאַנען מיט זײ, װי דער פּראָטאָקאָל מײנט עס.

— אַה, ער וויל זיך אַרויסדרעהען ! — האָט געזאָגט זיין פרוי, אַ מאָגערע פּערזאָן, וועלכע איז לעבען איהם געזעסען.

זי איז געווען מערקווירדיג העסליך, און דאָך האָט דיעזע העס־ליכקייט איהרע ניט געווירקט אָבשטויסענד. זי האָט געהאַט אַ גאַנץ פלאַכען ברוסט־קאַסטען, שיטערע, שמוציג־ברוינע האָר, אויגען, וועלכע זיינען געשטאַנען עטוואָס צו נאָהענט איינער פון צווייטען און דיקע ליפּען. אויף דער רעכטער באַק האָט זיך געזעהן אַ גרויסע בראָדעווקע, אָבער אין איהרע ברוינע אויגען האָבען זיך געמערקט אינטעליגענץ און וואַרימקייט.

די ליססאַוערס זיינען געווען רוסישע אידען, וועלכע זיינען אַריבערגעקומען נאָך בערלין, און האָבען דאָ געפונען גאַנץ מעכטיגע פריינד און בעשיצער. דאָס ליעבסטע פאַר די ליססאַוער איז געווען צו ערצעהלען איהר געשיכטע פון זייער קומען נאָך בערלין, און וועלכע זי האָט אימער געענדיגט מיט אַ ליעב־געזאַנג אויף איהר מאַן.

— פּראָפעסאָר מעדיצין וואָלט ער געקענט ווערען, ווען ער וואָלט נור געוואָלט ! אַלס אָרימער סטודענט איז ער געלעגען אין מאָסקווער האָספּיטאָל און האָט איינמאָל פאַר דעם הויפּט־דאָקטאָר ערקלעהרט זיין טהעאָריע פאַר די בעהאַנדלונג פון אַ געוויסער קראַנקהייט. אַלע פּראָפעסאָרען האָבען ממש געשטוינט. ער זאָל זיך נור לאָזען שמד׳ען און מען וועט שוין זאָרגען פאַר זיין וויטערע בילדונג, און איהם פערזיכערען מיט אַ גלענצענדע קאַריערע. דערצעהלענדיג דיעזע געשיכטע האָבען איהרע אויגען געפינקעלט, און מיט גרויס שטאָלץ האָט זי וויטער דערצעהלט, ווי קראַנקערהייד האָט ער פערלאָזען דעם האָספּיטאָל, אום ער זאָל טאַקע ניט געשטרויכעלט ווערען פון דעם גרויסען נסיון. דאַן האָט ער זיך בעקענט מיט איהר, און זי האָט זיך פערליעבט אין זיין האָרב און זיין הויכען שטערען. ער האָט איהר געקושט אויף די גרויסע בראָדעווקע אויף איהר באַק, און אַזוי זיינען זיי געוואָרען מאַן און פרוי.

ליססאַוער האָט אויפגעגעבען מעדיצין, אום צו ווערען פּרייער שריפטשטעלער. אין איהם, דעם קראַנקען, געפּלאָגטען מענשען, האָט זיך אָנגעזאַמעלט און ענטוויקעלט דער פערוואונדעטער עהרענגעפיהל און דער גאַנצער צאָרן פון די פערפאָלגטע און אונטערדריקטע אידען. ער האָט ביטער געהאַסט די גאַנצע עקזיסטירענדע

אָרדנונג, ער האָט געהאַסט די רייכע, דייטשע יאַהודים, וועלכע האָבען צוליעב זייער גוט לעבען פערקויפט זייערע גלויבענס־גענאָסען. דער געדאַנק פון ציון האָט איהם אָנגעפילט מיט ערנסטקייט. וועגען אַנדערעס האָט ער ניט געקענט גאָר דענקען. איידער ער האָט געהייראַטה, איז ער געווען פול מיט בלויז דער איינציגער אידעע, ווי אַזוי צו גרינדען אַ גרויסע אידישע קאָלאָניע. מיט דעם ליידענשאַפטליכען טעמפּעראַמענט פון אַ מענשען פון אונזער יאָהר־הונדערט, וועלכער האָט געפיהלט דעם פעסטען באָדען ארויסגלי־טשענדיג זיך פון אונטער זיינע פיס, האָט ער זיך מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין פייערדיגער הארץ אָנגעקלאַמערט אָן זיין פּלאַן. דאָס איז געווען פאַר איהם די לעצטע סטאַנציע, וועלכע ער האָט געמוזט פערטהיידיגען. און וואָס מעהר ער האָט אָנגעהויבען פיה־לען אַ פעראַכטונג געגען דעם שטאַאַט אין אַלגעמיין, דאָס מעהר האָט ער זיך איינגערעדט, אַז דאָס איז ניט זיין עסק, און דאָס זיין לעבענס־ארבייט איז ציוניזמוס.

ווען די ליססאַוער האָט אָנגעהויבען דערצעהלען פון איהר מאַן, האָט זי דאָס סאַמע וויכטיגסטע געלאָזען פאַר'ן סוף. און דאָס איז בעשטאַנען אין דעם, ווי, אויף וואָס פאַר אַ שטייגער זיי האָבען זיך ארויסגעקראַבקעט פון זייער עלענדער לאַגע.

זי האָט געהאַט איהר טאַלאַנט אין די פינגער, און בנימין ליססאַוער האָט געהאַט זיין טאַלענט הינטער'ן שטערען, און אַזוי האָבען זיי זיך פעראייניגט ניט נור קערפּערליך, נור אויך מיט זייער אינטעליגענץ. בנימין האָט פאַר איהר געצייכענט אַ מאָדעל פאַר אַ קאָרסעט, ווי דאָס טאַקע נור אַ דאָקטאָר אַליין פערשטעהט, וועל־כער קען די אַנאַטאָמיע פון קערפּער. און איצט האָט זי געהאַט איהר געשעפט אין ווילהעלם־שטראַסע, וואוהין די פיינסטע דאַמען קומען. די דיקע זיינען דין געוואָרען, און די, וועלכע האָבען גאָר קיין בריסט ניט געהאַט, זיינען ארויסגעקומען פון איהר געשעפט אַזוי אויסגעפילט, דאָס טאַקע נור זיך צו פערליעבען אין זיי. יעדער פרוי האָט זי מיטגעטהיילט, דאָס איינע פון איהרע קאָסטימערקעס איז די פּרינצעסין האָהענלאָהע. איהרע קאָרסעטען זיינען אַזוי גע־מאַכט, אַז מען קען זיי גאָר ניט צורייסען, אָבער די פּרינצעסין בעשטעלט יעדע זעקס וואָכען אַ נייעם. די פּרינצעסין קען עס זיך

ערלויבען. און זייט זי האָט געקראָגען די פּרינצעסין אלס קאָמ־טימערין, זיינען די קאָרסעטען געשטיגען אין פּרייז. זי פּלעגט זיך טרייסלען פון געלעכטער, ווען זי פּלעגט אָנהויבען דערצעהלען וועגען די געהיימניסע פון די פיינע דאַמען. זיי גלויבען אין מיר, פּלעגט זי דערצעהלען, ווי אין דעם יעוואַנגעליום. און ווערהערנד זי פּלעגט ארבייטען ביי די קאָרסעטען, האָט איהר מאַן געשריבען און געאַרבייט פאַר זיין בעריהמטהייט. מיט אַ הייליגען רעספּעקט האָט זי בעטראַכט איהר מאַן. זי פּלעגט שטיל ווערען אין מיטען פון איהרע בעסטע ערצעהלונגען, ווען עס פּלעגט איהר טרעפען דער שטרענגער בליק זיינער. דיעזער קליינער, עטוואָס האָרבאַטער מענשעל האָט פערשטאַנען, ווי זיך צו מאַכען פאַר דעם הערר אין הויז, וועלכער האָט געהאַלטען שטאַרק די לייצעס אין די הענד.

אזוי ווי קיין אַנדערער האָט ניט געהאַט עטוואָס אויסצוזעצען געגען דעם פּראָטאָקאָל, האָט דער מאַהלער, אַלס פאָרזיצענדער, ערקלעהרט די נייע טאַגעס־אָרדנונג. די טהעמאַ איז געווען: „פרייע דיסקוסיאָן איבער די רעליגיעזע געפיהלען אין מענשען".

צוערשט האָט מען אָנגעהויבען צו ערקלעהרען די רעליגיעזע געפיהלען היסטאָריש. דער פאָלקס־לעהרער היינזיאוס האָט אָנגע־וויזען אויף די פערשיעדענע צייטען. לויט זיין מיינונג איז די רעליגיאָן געוועזען דער פּראָדוקט פון מענשליכער שוואַכזיניגקייט, פייגהייט און געמיינהייט. ער האָט ליעב געהאַט צו געברויכען שטאַרקע אויסדריקע, וועלכע ער האָט אַרויסגערעדט אין קורצע, אָבגעריסענע זעצע, אונטערברעכענדיג זיך פון צייט צו צייט מיט אַ שטאַרקען טרוקענעם הוסט. ער האָט ערקלערט, דאָס די רע־ליגיאָן האָט איהרע וואָרצלען אין דעם מענשליכען עלענד. און פון די רעליגיעזע געפיהלען איז מען געקומען צו דעם משוגענעם געדאַנק פון אַ יענער וועלט, און אונשטערבליכקייט. דאָס איז אַן איינרעדעניש, וועלכע דאַרף עס טרייסטען די מענשען פאַר זייערע ליידען אויף דיעזער ערד. עס איז ווערטה צו בעמערקען, האָט ער געזאָגט, דאָס אין דער אידישער רעליגיאָן איז ניטאָ קיין סימן פון דיעזען אבערגלויבען. ער האָט אַרויסגעצויגען אַ נאָטיץ־בוך פון טעשענע, האָט דאָרט געבלעטערט אַ ווייַלע און האָט פאָרגעלעזען: „אָט וואָס איך געפין אין דער ביבעל: „עס געהט דעם מענשען,

ווי דאָס פיה. ווי דיעזער שטארבט, אזוי שטארבט ער, און דער מענש האָט גאָר ניט מעהר, ווי דאָס פיה, און אלע האָבען איינערליי אָטהעם. אלעס געהט אוועק אין איין אָרט. עס איז אלעס געמאכט פון שטויב און ווערט ווידער שטויב. ווער וויים, אויב דער גייסט פון מענשען געהט ארויף אויבען, און דער פון די פיה בלייבט אונטען? דארום זאָג איך, אז עס איז ניטאָ קיין בעסערע זאך, ווי דער מענש זאָל זיך פרעהען אין זיין ארבייט".

— ווילט איהר אונז פאָרלעזען די גאנצע ביבעל? — האָט איהם איינער פון די אנוועזענדע אונטערבראָכען.

היינזיאוס האָט א הארטען לאַך געטהאָן.

— איך בעט אייך, שלאָגט מיך ניט איבער. אָט וואָס עס איז דאָ אין דעם איוב־בוך: „א בוים האָט האָפנונג, ווען ער איז שוין אָבגעהאקט, דאָס ער זאָל זיך ווידער ענדערען, און זיינע שפּראָצונגען הערען ניט אויף. צו זיינע וואָרצעל אין דער ערד יינען שוין אלט געוואָרען, און זיין שטאם שטארבט אין שטויב, ווערט ער אָבער ווידער גרין פון דעם ריח פון וואסער און ער וואקסט ווידער, אזוי ווי מען וואָלט איהם געפלאנצט. וואו איז אָבער א מענש, ווען ער איז טוידט? ווי א וואסער, וואָס לויפט ארויס פון ים, ווי א טייכעל, וואָס ווערט אויסגעטריקענט, אזוי איז דער מענש, ווען ער לייגט זיך. ער וועט ניט אויפשטעהן און וועט ניט אויפוואכען, אזוי לאנג, ווי דער הימעל בלייבט, און וועט קיינמאָל ניט אויפגעוועקט ווערען פון זיין שלאָף".

איך וואָלט אייך געקענט נאָך פיעל מעהר ציטאטען ברענגען. אָבער עס איז ניט נויטיג. איך דערמאָהן אייך נור אָן די שטעלע פון דער אָדיסעע, וואו אכילעס זאָגט, דאָס ער וואָלט ליעבערשט געוואָלט זיין דער נידריגסטער קנעכט, ווי דער פירשט פון די שאָטענס. איהר זעהט אלזאָ, דאָס די אלט־אידישע און די גריכישע אנשויאונגען זיינען כמעט איינע און דיזעלבע.

נאָך דיעזע ווערטער איז ער געבליבען שטיל א ווײלע, האָט אָנגעקוקט שטאר אלע אנוועזענדע, און מיט א פערשטיקטער שטימע האָט ער צוגעלייגט:

— מיר ווילען ניט זיין די, וועלכע בלייבען אָהן א חלק ביי דעם גרויסען לעבענס־טיש. מען זאָל אונז ניט צוואווארפען, ווי

הונגעריגע הינד, די ברעקלעך פון א יענער־וועלט. מען זאָל אונז געבען צו עסען און צו טרינקען דאָ, אויף דיעזער ערד. דער הימעל און דער לעבען נאָכ'ן טויט איז א גלויבען פאר שקלאַפען.

איינגעמאטערט האָט זיך הײנזיאוס אראָבגעלאָזען אויף א שטוהל, און עס האָט זיך אָנגעהויבען א ברענענדיגע דעבאטע.

דער טהעאָלאָגישער סטודענט בעכערט האָט געבעטען א וואָרט. אָנקוקענדיג הײנזיאוס מיט בליקען פול מיט האס, האָט ער געזאָגט:

— דער פאָררעדנער האָט מיט א פּאָר ביליגע ציטאטען גע־מיינט אונז צו ערקלעהרען די ענטשטעהונג פון דעם רעליגיעזען געפיהל. אזא מין פריידענקעריי האָט אין זיך עטוואָס גאנץ אָרי־מעס און אויבערפלעכליכעס. די הייליגע שריפט מעג זיך וויעדער־שפּרעכען, אָבער דער גלויבען אין א יענע־וועלט איז עטוואָס, וואָס קיין מענש קען ניט צוברעכען. ווער עס איז רעליגיעז, דער גלויבט, דער גלויבט אָהן שום בעדינגונגען.

— דאָס טהוען אלע ווייבער און קינדער — האָט איהם הײנ־זיאוס אונטערבראָכען.

— דאָס איז ניט ריכטיג — האָט דער סטודענט אויסגע־שריען — דאָס טהוען די אויפגעקלעהרטע מענשען. און די, וועלכע לייקענען עס, פעהלט זיי עפּעס א קליעפּקע אין קאָפּ. און מיין מיינונג איז, אז מען דארף גלויבען בלינד, אָהן שום „ווענס" און „אָבערס", ווייל דער מענשליכער גייסט איז צו שוואך, אום צו שאפען עטוואָס גרעסערעס, ווי דעם גלויבען. מען ווערט פריי און שטארק, ווען מען פערוואַרפט פון זיך אלערליי צווייפעל, און מען ענגט מיט דער גאנצער נשמה אָן קריסטוס.

ביין סאמע ברעג פון טיש איז געזעסען אן אָרעם־געקליידעטע מיידעל מיט טרוימערישע אויגען, דינע ליפּען, און האָט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס דער סטודענט האָט גערעדט. ביי זיינע לעצטע ווערטער האָט זי אויס־גערופען, ווי בעגייסטערט:

— איך גלויב, איך גלויב.

א שמערצליכע שטילקייט איז אָנגעקומען. אלע האָבען גע־פיהלט, דאָס דיביידע פאָריגע רעדנער האָבען געפיהלט א האס

איינער צום צווייטען. און דאָס איז געווען עטוואָס, וואָס האָט זעלטען פּאַסירט אויף דיעזע פערזאַמלונגען.

די בעגייסטערטע מיידעל, וועלכע האָט אויסגעשריען: איך גלויב, האָט געהייסען מאַריאַ ווערפּט. זי האָט געזאָגט אַ פּאָר ווערטער אין דער שטיל צו איהר שכן, דעם מעכאַניקער פּרינדעל. דער אָבער האָט הפנים ניט געהערט, וואָס זי האָט צו איהם געזאָגט. פאַר איהם איז געלעגען אַ ווייסער בלאַט פּאַפּיער, אויף וועלכען ער האָט שטענדיג אויפגעשריבען פערשיעדענע נאָטיצען. אויף זיין פולען פּנים האָט מען בעמערקט, ווי עפּעס אונרוהיגעס אַרבייט אין איהם. אונטער דעם נידריגען אויסדרוקספולען שטערען האָבען געגליהט ביי איהם צוויי אויגען מיט פייער, און זיי האָבען זיין פּנים געגעבען דעם אויסדרוק פון אַ מענשען, וועלכער האָט מיט זיך אַליין אַ שטאַרקע מלחמה.

די שטילקייט איז אונטערבראָכען געוואָרען דורך די שטימע פון דעם פּאָרזיצענדען, פון דעם מאַהלער בראָזע, וועלכער האָט פאָלגענדעס געזאָגט:

— ווער עס קומט אין די „נאַכט־ליכט“, דער ברענגט פריעדען און ניט קיין קאַמפּף. מיר אַלע זיינען דאָ, וואָס זוכען דעם אמת. יעדער זאָל זאָגען זיין מיינונג, אָבער קיינער זאָל ניט זיין קיין פאַנאַטיקער. ווער עס וויל מיט אונז זוכען דעם וועג, איז אונז ווילקאָמען; ווער אָבער עס בעטראַכט אונז מיט אויגען, פול מיט האַס, און וויל ניט פערשטעהן אונער ציעל, דער זאָל בלייבען ווייט פון אונז. דיעזער צימער איז אַ פריישטאַאַט פאַר די, וועלכע זוכען אַ נאַכט־ליכט אין אונזער אַלעמענ׳ס פינסטערנים.

ניט דער אינהאַלט פון זיינע ווערטער, נור דער אופן, ווי ער האָט זיי אַרויסגעזאָגט, האָבען געמאַכט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף אַלע אנוועזענדע. עס איז פון איהם אַרויסגעגאַנגען אַ הויכקייט און אַ מילדקייט, וועלכע האָבען געמאַכט דעם טיעפסטען איינדרוק אויף די צוהערער. זיי האָבען געפיהלט, אַז פאַר זיי שטעהט איינער, וועלכער קעמפּפט אינערליך מיט זיך, און וועלכער וויל זיי ברענגען טרייסט.

דער סטודענט האָט זיך אויפגעהויבען און האָט ערקלעהרט:

— איך בין אַ קריסט, און איך שטעה דאָ, אום צו פערקינדען

מיין גלויבען. איך בין דאָ א גאַסט, ווי יעזוס איז געוועזן. איך וועל צו אייך ווידער קומען, און איך האָף, דאַס מען וועט מיך ניט צוריקווייזען.

קיינער האָט ניט געענטפערט. אַלע בליקען זיינען געווען געצילעוועט אויף א מאַגערען מענשען, וועלכער איז געשטאַנען לעבען דער אַקושערקע ליערס. אין זיין שטערען זיינען געווען טיעפע קנייטשען. די נאָז איז געווען שאַרף געשניטען און זעהר דין. ער האָט געהאַלטען זיין וואונדערבאַר־ווייסע איידעלע האַנד איבער דער ברוסט. און כאָטש ער האָט גערעדט גאַנץ שטיל, דאָך איז יעדער טאָן זיינער געהערט געוואָרען. זיין שטימע האָט געקלונגען מעלאָדיש און אין מאָמענט פון ערגעגונג האָט פון איהר אַרויסגעשטראַהלט אַן אינערליכער פייער. דיעזער מאַן האָט געהייסען אַבראַהאַם נעבהאַרט. ער איז געווען א מוזיקער.

— ווער עס ליקענט אין די רעליגיאָן — האָט ער אָנגעפאַנגען, דער ליקענט אין זיך אַליין. ווי קענט איהר זיין געגען זיך אַליין? דאַס בעסטע איז אייך קומט פון אייער רעליגיעזען געפיהל. דאָ, וואו די רעליגיאָן איז טוידט, דאָרט איז צופוילטקייט און אויפלייזונג. רעליגיאָן, ניט קירכע, פערבינדט אייך מיט דער געגענווארט, און ברענגט אייך אַריבער אין די צוקונפט.

און מיט א מאָל האָט עס אויפגעפלאַקערט אין זיינע אויגען, און עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וויל אַלעמען דורכבויערען מיט זיינע בליקען.

— איך בין א מוזיקער — האָט ער אויסגעשריען — און איך קען אייך זאָגען, וואָס די מוזיקער פיהלען. דאָרט, וואו די מוזיק איז ערהאַבען, זייט וויסען, אַז זי קומט פון דעם טיעפסטען גרונד פון רעליגיעזע נאַטורען. דיעזע מוזיק נויטיגט זיך ניט אין קיינע דעקאָראַציעס.

ער האָט געשוויגען א ווײלע, און האָט גלייך ווידער פאָרטגעזעצט:

— דאָרט, וואו די פרייד איז גרויס און טיעף און דער שמערץ איז ריין, דאָרט האָט איהר א רעליגיעזען גרונד־טאָן. ווער עס האָט דאָס דורכגעפיהלט, דער קען עס ניט לייקענען. דיעזער געפיהל האָט אין זיך גאָר ניט שרעקעדיגעס אָדער שוואַכעס. דאָס

איז דאָס בעסטע און שעהנסטע פון אונזער נאַטור. אין דעם גרעס־טען מענשען, ווען מען גראָבט זיך טיעף, טיעף אונטער אַלע שמאַ־טעס, שטויסט מען זיך אָן אויף אַזאַ געפיהל. מיט איין וואָרט, רעליגיאָן איז דאָס מענשליכע אין מענשען.

טהאָמאַס טרוק האָט דעם מוזיקער פון די אויגען ניט אָבגע־לאָזען. פון די אַלע פריהערדיגע רעדען איז ער געוואָרען אַלץ אונרוהיגער און צוטומעלטער. ער האָט אימער געזוכט אַריינצו־בליקען די רעדנער אין זייערע הערצער. פון דעם קלאַנג פון דער שטימע און פון דעם אויסדרוק אין די אויגען האָט ער זיך געסטאַ־רעט צו פערשטעהן דאָס אינערליכע לעבען פון רעדנער, און זעהן, ווי ווייט ער האָט זיך אַליין אָבגענאַרט, אָדער, אויב ער גלויבט טאַקע אַליין אַלעס, וואָס ער רעדט. ניט איינמאָל איז איהם געקו־מען אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַז די אַלע, ווען ער האָט געהערט, זיינען בלויז פראַזענדרעשער, וועלכע בערוישען זיך אַליין פון זייערע איי־גענע ווערטער. ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט זיך גע־וועהרט געגען אַזאַ פערדאַכט אויף זיינע פריינד. ער האָט גע־פיהלט, ווי אַ לוסט צום וויינען, און דאַן האָט זיך איהם אָבגעדוכט אַז זיי אַלע זוכען דעם אמת גלייך מיט איהם; דאָס זיי אַלע זוכען עטוואָס אין לעבען, אויף וואָס זיי זאָלען קענען זיך שטאַרק אָנ־שפּארען, וואָס זאָל זיי קענען העלפען אין זייער טאָג־טעגליכען קאַמפּף מיט אַלעס, וואָס איז לעכערליך, קליינליך און אַזוי שמערצ־ליך. און דאַן איז איהם דער צימער פאַרגעקומען, ווי אַ העל־בעלויכטענער זאַל און די אָרימע מענשען, וועלכע זיינען דאַ געזעסען און דעבאַטירט, האָבען זיך איהם פאַרגעשטעלט, אַלס ריעזען־מענ־שען, געקליידעט אין יום טוב'דיגע מלבושים, און דער אויסדרוק פון שמערץ און זאָרג איז פערשוואונדען פון זייערע פנים'ער, און אַנשטאָט דעם איז נור צו זעהן דעם אויסדרוק פון פריעדען און פערגעבונג. דאַן האָט זיך דאָס בילד געענדערט. עס זיינען שוין ניט געוועזען קיין ווענד, וועלכע האָבען זיי אַרומגערינגעלט, נור אויף אַ גרויסען, בליהענדען פעלד זיינען זיי אַלע געזעסען ביים פעסט פון תבואה־שניידען. מענער און פרויען, אָנגעטהאָן אין ווייס, דער בלויער הימעל איבער זייערע קעפּ, די שטראַהלען פון דער זון, וואַרים, אָבער ניט ברענענדיג, קיינע פנים'ער פול מיט זאָרג, נור

ליכטינגע, גליקליכע און ברויזענד און פול האָט געקלונגען דאָס הער־ליכע ליעד פון פרייד. זיי האָבען געטרונקען פון גרויסע קריגע, אלס איינגעלאַדענע געסט פון דער מוטער ערד, וועלכע האָט זיי געגעבען געגנוג צו עסען און צו טרינקען, און יעדער האָט זיך גע־פיהלט פעראייניגט מיט אלע אַנדערע, און אלע צוזאַמען האָבען זיך געפיהלט אייניג מיט דער מוטער ערד, וועלכע איז ניט געווען שווארץ און פינסטער, נור ליכטיג און פרוכטבאר.

אָבער מיט איין מאָל איז אלעס ווידער איינגעזונקען. ער האָט נור געהערט א שטילען געוויש, דאַן איז אַרונטערגעפאלען א שווארצער פאָרהאַנג איבער דעם שעהנעם בילד און א קעלט איז איהם איבערגעלאָפּען איבער די ביינער. ער האָט געקוקט מיט פערגלאָצטע אויגען אָהן אירגענד וועלכען אויסדרוק. ער האָט ארויפגעקוקט צו דער ברייטער געשטאַלט פון פרוי ליערס, וועלכע ער האָט אזוי ווי ניט דערקאָנט — איינע פון די אונגליקליכע פרויען, וועלכע זיינען ארומגעריננעלט פון אזוי פיעל צרות און שמוץ; אָדער איינע פון די דונקעלע, שטויב־בעדעקטע מאַמעס, וועלכע זיינען אזוי אונגליקליך אין דעם הייזער־ים פון דער גרויסער שטאָדט.

— גאָט, אָה גאָט — האָט ער געדעט צו זיך אליין — העלף מיר!

אין דיעזע איניגע ווערטער איז געווען דער אויסגעשריי פון א נעמוטשעטע הארץ. ער האָט געהאַלטען די הענד אויף זיין שוואר־צען לעדערנעם בייטעל, וועלכען ער האָט מיטגעבראַכט, און א קוק טהאָענדיג איצט אויף פרוי ליערס, איז זי איהם פאָרגעקומען גאָר פיעל שעהנער, ווי ער האָט איהר ווען־עס־איז א מאָל געקענט.

— איך בין נור אן איינפאַכע פרוי — האָט ער איהר געהערט רעדען — און מיין מאַן האָט אייגענטליך בעדאַרפט רעדען. אָבער ער איז א דיכטער, און קען נור טרוימען, אָבער ניט רעדען, שוין ניט רעדענדיג פון ארבייטען. די לעצטע ווערטער האָט זי ארויס־געדעדט מיט א ביטרען שמייכעל — און דאָך אזוי איינפאַך און אונגוויסענד, ווי איך בין, צוליעב וואָס איך האָב אייגענטליך גע־מעגט גאָר שווייגען, האָב איך אָבער פיעלעס געזעהן און דורכגע־לעבט, וואָס איז ניט אזוי לייכט אריינצושרייבען אין א בוך. און ווען מיין דיכטער וואָלט ניט בלויז געדיכטע געמאַכט, וואָלט ער

דעם שטאָף צו שרייבען געקענט קריגען גאַנץ ביליג ביי מיר. איהר מעגט עס מיר גלויבען. ווען מען האָט מיטגעהאָלפען ביי זיעבצעהן הונדערט קינדער, איז עס ניט קיין קלייניגקייט. און דאַן זעהט מען אויך, ווי הערר געבהארד האָט רעכט, ווי דאָס רעליגיעזע קומט ארויס, ווען די ווייבער געפינען זיך אויפ'ן שוועל פון טויט; אָדער, ווען זיי ליגען אַזוי הילפלאָז, און דאָס נייע לעבען ליעגט לעבען זיי און קוויטשעט און שרייט. עס איז זעהר שעהן צו רעדען פון מוזיק, וועלכע מיר, אָרימע לייט, קענען ניט. פון מיר וויל איך ניט רעדען, וויל מיין דיכטער האָט מיך א פּאָר מאָל מיטגענומען. איך האָב געהערט א פּאָר אָפּעראס, וועלכע — וויים איך ניט. אָבער ניט דאָס בין איך אויסען. איך האָב נור געוואָלט אָט וואָס זאָגען: ווען א פרוי ווערט מוטער, מאַכט זי דורך אַלעס, וואָס עס מאַכט דורך א גרויסער מוזיקער אָדער מאַהלער, ווען זיי שאַפען זייערע קונסט־ווערק, וויל פאַר די פרוי איז דאָס די לעצטע ענטפּלעקונג, און דאַן ערשט קומט ביי איהר די רעליגיאָן ארויס. דאַן פיהלט זי דאָס אַלעס אין איהר קערפּער און איהר גייסט.

זי איז אַנשוויגען געוואָרען. אָבער מיט א מאָל, אַזוי ווי זי וואָלט זיך עפּעס דערמאָהנט, אָדער אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז מען האָט איהר ניט גוט פערשטאַנען, האָט זי צוגעלייגט:

— אָט וואָס, פלייש און גייסט ווערען דאַן איינס, און אַזאַ אָרימע פרוי האָט דאַן איהר איננערסטע געטליכע ענטפּלעקונג, ניט וויסענדיג גאָר פון די פיעלע שעהנע ווערטער, וועלכע דער הערר געבהארד האָט געברויכט. אָבער ער האָט רעכט. מיר הערען אָם דייטליכסטען אונזער רעליגיאָן, ווען דער שמערץ אָדער די פרייד זיינען אָם טיעפסטען, און איך קען אייך זאָגען, דאָס די אָרימסטע און אונגליקליכסטע פרוי פיהלט עטוואָס פון דעם.

דער דיכטער ליערס, איהר מאַן, האָט איהר וואָרים געדריקט די האַנד. — זי האָט דאָס שעהנסטע היינט ארויסגעבראַכט — האָט ער אויסגעשריען מיט בעגייסטערונג. מען קען זעהן, אַז זי איז די פרוי פון א דיכטער. זי האָט פּאַר אונז ענטדעקט דאָס געהיימ־ניספולע אין דער פרוי. קוקט נור אויף איהר, ווי זי שטראַהלט אין הייליגער פרייד.

און אַלע האָבען געקוקט אויף די גרויסע דיקע פרוי, וועלכע

האָט זיך פערדרוויטיגט, און אום צו פערבאָרגען איהר שעהמעדיגקייט, האָט זי אריינגענומען צווישען איהרע ברייטע הענד דעם דיכטער׳ס קאָפּ, און האָט איהם א שטארקען און הויכען קוש געטהאָן אויפ׳ן שטערן.

נאָך דעם איז אָנגעקומען א לייכטערע שטימונג אויף די אלע אנוועזענדע. די ליערס איז באלד ארומגערינגעלט געוואָרען פון די אנוועזענדע פרויען. דאָך האָט מען גלייך געקענט מערקען, אז דער אמת׳ער צענטער איז ניט געווען די פרוי ליערס, נור דעם מאהלער׳ס פרוי.

זי האָט געהאַט גאנץ עטוואָס בעזאָנדערעס אין איהרע בעװעגונגען, ווי אויך אין איהר ארט רעדען. אלע האָבען געוואוסט, דאָס דיעזע פרוי האָט געהאט דורכגעמאכט א שטארקען קאמפּף אין לעבען, און איז געבליבען די זיעגערין. עס האָט פון איהר געוועהט מיט א געפיהל פון זויבערקייט און ריינקייט.

זי האָט שטיל גערעדט צו מאריא ווערפּט, וועלכע האָט ארויפּ־געבליקט צו איהר מיט איהרע פרומע, פערטרוימטע אויגען.

לעבען דער ליערס איז געשטאנען א פרוי אין א רויטען פלאנעל־קלייד, וואָס האָט איינגעשלאָסען א פעסט־געבויטען קרעפטיגען קערפּער. זי איז געווען זעהר נעט און מיט געשמאק געקליידעט, און עס האָט געשפּראָצט פון איהר מיט געזונדהייט. איהרע פרישע ליפּען, איהר קורצער נעזעל און איהרע קיילעכדיגע שווארצע אויגען זיינען געווען אין אייביגער בעוועגונג. אויף די פינגער האָט זי געטראָגען א פּאָר גאָלדענע רינגען מיט שעהנע שטיינער, וועלכע האָבען געמוזט דאָ אין דיעזען אָרימען צימער מאכען א געוויסען איינדרוק. זי האָט זיך בעוועגט פריי און אונגעצוואונגען און האָט אויסגעזעהן קליג און ענערגיש. זי האָט געטראָגען דעם נאָמען שארלאָטע אינגאלד, און זי האָט שטודירט מעדיצין.

אלע האָבען איצט גערעדט צווישען זיך. די מענער זיינען צוגעגאנגען צו די פרויען; מען האָט זיך דערצעהלט פערשיעדענע פּאסירונגען, טהיילענדיג זיך איינע מיט די אנדערע מיט די קליינע פריידען און מיט די גרויסע זאָרג און צרות פון דער פערגאנגענער וואָך, אין וועלכער מען האָט זיך ניט געזעהן.

נור דער מעכאניקער פרינדעל און דער טהעאָלאָגישער סטו־

דענט האָבען נאָך היציג דעבאַטירט צווישען זיך. און פרינדעל האָט ניט אַרויסגעלאָזען פון די הענד דעם ווייסען בלאַט פּאַפּיער מיט דעם בלייפעדער, אַלע מאָל מאַכענדיג פערשיעדענע נאָטיצען אין מיטען געשפּרעך.

מיט איין מאָל האָט מען געהערט דעם טהיר־גלאָק קלינגען.

אַלע האָבען זיך אַנגעקוקט פערוואונדערט. ווער קען עס קומען אזוי שפּעט? אָבער די פרוי פון מאַלער איז געלאָפען באלד עפענען.

אין א פּאָר מינוטען שפּעטער איז זי אריינגעקומען אין דער בעגלייטונג פון א יונגע מיידעל, וועלכע האָט גלייך צוגעצויגען צו זיך אַלעמענס אויגען.

די אָנקומענדע האָט געטראָגען א ווייסע קייפּ מיט שווארצע פּאַסען און א פּעלצענע היטעל, פון אונטער וועלכע עס האָבען זיך געשטופּט איהרע שווארצע לאָקען. זי האָט געהאַט א פּנים, וואָס איז געוועזען מערקווירדיג שעהן. איהרע געזיכטסציגע זיינען געוועזען מערקווירדיג הארט און שטרענג, אָבער דער נאָז און שטערען זיינען געוועזען אמת קלאַסיש. אזוי באלד, ווי זי האָט נור אָנגעהויבען צו רעדען, האָבען זיך געוויזען חן־גריבעלעך אין איהרע באַקען. פון אונטער די לאַנגע זיידענע ברעמען האָבען ארויסגעקוקט צוויי בע־געהרענדע אויגען, וועמעס קאָליר איז געוועזען שווער צו בעשטימען. אָט האָבען זיי אויסגעזעהן ברוין, און אָט שווארץ, און ניט זעלטען זיינען זיי זאָגאר געוועזען גרין. זי האָט געהאַט א פיין־געשניטענעם מויל, וועלכער איז געוועזען אַלע מאָל עטוואָס אָפען און האָט ארויס־געוויזען מערקווירדיג שעהנע ווייסע צייהן.

מיט א לייכטען שאָקעל מיט׳ן קאָפּ איז זי פאַרביי־געגאַנגען אַלע אַנוועזענדע, און איז צוגעגאַנגען צו דעם מעכאַניקער פרינדעל, וועמען זי האָט געזאָגט א פּאָר ווערטער אין דער שטיל. און פונקט אזוי שטיל האָט ער איהר געענטפערט. אָבער גלייך נאָך דעם האָט ער פון איהר אראָבגענומען די קייפּ, און זי האָט איהם דערלאַנגט איהר פּעלצענעם הוט. דאַן האָט זי אויסגעזעהן נאָך שעהנער. ווי א שווערע, לייכטענדע קרוין האָט זי געטראָגען איהרע רייכע, שווארצע האָר. שעהן אָבער ווי זי איז געווען, האָט נאָך מעהר אויפמערקזאמקייט ארויסגערופען איהר אָרימע, אָבגעריבענע סאַ־מעט־קלייד.

פרינדעל האָט איהר פאָרגעשטעלט: דזשאָזעפא ערווינג.

אַנפאַנגס האָט זי אויסגעזעהן ווי עטוואָס צוטומעלט, אָבער באלד האָט זי זיך צוגעוועהנט צו די מענשען און זאכען ארום איהר.

דער טהעאָלאָגישער סטודענט איז צו איהר צוגעגאנגען גאַנץ נאָהענט, און האָט אויף איהר געקוקט מיט א נאאיווער נייגעריג־קייט און בעוואונדערונג. עס האָט אויסגעזעהן, אזוי ווי איהר אויסזעהן וואָלט איהם מעהר אינטערעסירט, ווי זיין געשפרעך איבער רעליגיאָן מיט פרינדעל.

קיינער ניט, אויסער טהאָמאס, האָט ניט בעמערקט מיט וועל־כען פעראכטענדען שמייכעל פרינדעל האָט א בליק געטהאָן אויף דעם סטודענט.

אימיצער האָט געפרעגט דזשאָזעפא, ווארום זי איז געקומען אזוי שפעט. זי איז עטוואָס רויט געוואָרען ביי דיעזער פראַגע. זי האָט געוואָרפען א שנעלען בליק אויף פרינדעל. אָבער זיין פנים איז געבליבען אזוי אונבעוועגליך און אונפערענדערט ווי אימער. עס האָט אויסגעזעהן, אזוי ווי ער וואָלט אויך געוואָלט הערען, וואָס זי וועט ענטפערען.

— איך האָב ביז עס איז געוואָרען דונקעל — האָט זי געענט־פערט — געארבייט. ווען איך בין געקומען אהיים, בין איך איינ־געשלאָפען פון מיעדקייט. ערשט מיט א האלבע שטונדע צוריק האָב איך זיך אויפגעכאפט.

דער סטודענט האָט געוואָלט ווייטער פערפיהרען א געשפרעך מיט פרינדעל, ווי עס האָט זיך געהערט ווייטער א נייער גלאָקען־קלאַנג.

דער גאַסט, וועלכער איז איצט אָנגעקומען, האָט זיך נור אויפ־געהאלטען איינינגע סעקונדען. דאָס איז געווען אן ארבייטער, וועל־כער האָט שטארק געוואָלט זעהן פרוי ליערס.

דיעזע האָט מיט איהם גערעדט א פּאָר ווערטער און גלייך האָט זי שוין געכאפּט אויף זיך איהר לאַנגען מאַנטעל און איינגע־וויקעלט איהר קאָפּ אין א דיקע טוך.

דער מאַהלער האָט איהר צוריקגעהאלטען:

— נור איין מינוט — האָט ער אויסגערופען, און זיין שטימע איז געווען בעזאָנדערס לוסטיג — דאָס איז דער אויגענבליק צו

שליסען אונזער פערזאמלונג, ווייל א נייע צייטליכקייט קומט אָן, דער נייער מענש וויל געבאָרען ווערען.

א טיעפע שטילקייט איז איינגעטרעטען. אלע האָבען זיך געפיהלט אזוי זאָנדערבאַר. ערשט, ווען די פרוי ליערס און דער ארבייטער זיינען געוועזען אוועק, זיינען זיי געקומען צו זיך, האָבען אָנגעהויבען רעדען איינער מיט'ן צווייטען, און די טרעפ האָבען געציטערט אונטער די שווערע טריט פון דער נאכט־געזעלשאַפט.

3.

עס איז געווען עטוואָס צו פריה נאָך אין דער נאכט, און די פריינד פון דער נאכט־געזעלשאַפט האָבען ניט געוואָלט אזוי פריה זיך צושיידען. זיי האָבען זיך דארום אלע צוזאמען א לאָז געטהאָן איבער די גאסען פון בערלין. דאָרט האָט געהערשט א שפּאַרעריי און געדרענגעריי, פונקט ווי עס וואָלט נאָך געווען העלער טאָג. עס האָט אויסגעזעהן, אזוי ווי די אלע, וואָס זיינען געווען אין בערלין צו־גאסט, זיינען זיך דאָ צוזאמענגעקומען, אום זיך צו זעהן איינע מיט די אנדערע.

די פריינד פון דער נאכט־געזעלשאַפט זיינען געגאַנגען ווי א קליינער קאראוואַן פון מענשען, וועלכע זיינען אין פיעלע פּרטים גאָר אנדערש געווען, ווי די אלע איבעריגע שפּאציער־געהער.

די פּאַראיבערגעהענדע האָבען ערשטוינט אריינגעקוקט זיי אין פּנים, און מאנכע האָבען זיך זאָגאר צולאכט ביי דעם מאָדנעם אנבליק.

טהאָמאס טרוק האָט זיך אָבגעדאכט, אזוי ווי ער וואָלט שפּאַצירט אין א גאָרטען, פול מיט פערשיעדענע געדרעהטע וועגען, אויף וועלכע ער זעהט א שרעקליכען בילד פון פערפיהרונג, פון גלאַנץ און פון יאָמער. ביער־סאַלונען און אנדערע פרעהליכע הייזער האָבען זיך געמעלדעט דעם פּובליקום דורך ווייסע, גרינע, רויטע און בלויע לאַנטערנעס. אויף אלע הייזער זיינען געווען צו זעהען גרויסע פּלאַקאַרדען, וועלכע האָבען אָנגעזאָגט די מענשען, אז אויך ביי־נאכט, וועלכע געהערט צו פריעדען און רוה, ווערט געהאַנדעלט און געוואַנדעלט. מאָדנע־געבויטע קאַסטענס, עהנליך צו אלטע פּאָצט־

בוידען, זיינען געשלעפּט געוואָרען פון מיעדע פּערד. אין דיזע קאָס־טענס זיינען געזעסן אַלערליי מענשען. די שוי־פּענסטער פון די קראָמען זיינען געווען אָפּט בעלויכטען פון עלעקטריק. פאַר דורש־פּיגע אויגען זיינען געלעגען הונדערטע און טויזענדערליי זאַכען, וועלכע די מענשליכע פליסיגקייט האָט בעשאַפען. דאָרט זיינען געווען האַלענדישע שנאַפּסען, דאָ זיידענע בלוזען; דאָרט אַלערליי פּארפיומען, און ניט ווייט דערביי טהייערע שעהנע שיך. און אין דעם געדרענג פון דיזע געניסענדע געשטאַלטען זיינען אויך געווען פּיעלע אונגליקליכע קאַליקעס, וועלכע האָבען אויסגעשטרעקט זייערע הענד נאָך א נדבה. קראַנקע, בלאַסע קינדער, מיט פּנים'ער, אויף וועלכע עס איז גוט קענטיג געווען די שרעקליכע האַנד פון צו־לאַזענקייט און לאַסטער, האָבען פּערקויפט וועקסענע שוועבעלאַך. צייטונגס־פּערקויפער האָבען מיט הייזעריגע שטימען אויסגעשריען זייערע צייטונגען. די פערקויפערינס פון בלומען האָבען געהאַלטען אין איין צופּוצען זיך צו קונים, צו וועמען צו פּערקויפען זייער פּער־וויאַלעטע סחורה. סוחרים, מיט קליינע הינטעלעך אויף די הענד, האָבען געזוכט צווישען די שפּאַצירער די ליעבהאָבער, וועלכע זאָ־לען זיין בעלנים אויף זייער סחורה. מיידלאַך פון דער סאַלוויישען־ארמיי האָבען זיך געדרעהט איבער'ן גאַס אין זייערע ברייט־ראַנדיגע היט, אַנבאַטענדיג די צייטונג „קריעגסרוף". אין די נאָך אָפענע סיגאַר־סטאָרס זיינען געשטאַנען פּראַנטען, לאַכענדיג און פּלוידע־רענדיג מיט די געשעפטס־אייגענטהימער. געפּוצטע דאַמען מיט נעפּארבטע געזיכטער זיינען דורכגעלאָפען ווי נאַכט־פויגעל איבער'ן גאַס.

דאָס אַלעס האָט טהאָמאַס איצט געזעהען, און ער האָט גע־פיהלט, דאָס קיינמאָל האָט איהם דיזער אנבליק אַזוי ניט וועה גע־טהאָן, ווי איצט.

אימיצען פון די פריינד איז איינגעפאַלען א געדאַנק צו מאַכען א מאָל א וויזיט אין די „פיינע" פּלעצער פון דער נאָרד־זייט. מען מוז דאָך אויך קענען דיזע זייט פון דער גרויסער שטאָדט. מען איז אריין אין א גרויסען פּלאַץ, וואו עס זיינען געווען ביז אַכט הונדערט מענשען, וועלכע האָבען זיך צוגעהערט צו די הייזעריגע שטימען פון מיידלאַך, וועלכע האָבען געזונגען צווייררייטיגע ליעדלאַך.

די פריינד האָבען לאַנג ניט פערבראַכט אין דיזען פּלאַץ. ביי'ן ארויסגעהן האָט דער סטודענט בעכערט געזאָגט:

— אָט דאָס איז דער קונסט־געַנוס פון אונזער פאָלק.

פון דאָרט זיינען זיי אריינגעגאַנגען אין אַן אַנדער פּלאַץ, אָבער אויך דאָרט האָבען זיי ניט געקאָנט פערבלייבען מעהר, ווי פינף מינוטען. זיי האָבען ניט געקאָנט פערטראָגען דעם שווערען גערוך.

די סטודענטקע אינגאַלף האָט ביי'ן ארויסגעהן געזאָגט:

— וואָס קען אימיצער פערשטעהן, ווען ער האָט דאָס אַלעס ניט געזעהען?

ביי דיזע ווערטער האָט זיך דזשאָזעפּא צולאַכט מיט אַ טאָן פון שפּאָט, און אַלע האָבען זיך אומגעקוקט אויף איהר.

— וואָרום לאַכט איהר? — האָט די סטודענטקע אינגאַלף איהר נעפרעגט.

און אַלע זיינען געבליבען שטעהן, אום צו הערען, וואָס זי וועט ענטפערען.

דזשאָזעפּא האָט געשוויגען.

פאַר אַ קליינער קאָנדיטאָריי מיט ניעדריגע פענסטער איז די נאַכט־געזעלשאַפט שטעהן געבליבען, און מען איז אריין אהינצו.

דער פּלאַץ, וועלכער איז בעשטאַנען פון דריי צימער, איז געוועזען פול. ביי די קליינע מאַרמאָר־טישלעך זיינען געזעסען סטודענטען און לאַבעדיגע מיידלאַך. אַ טאָן פון קאַמעראַדשאַפטליכקייט האָט געהערשט צווישען זיי. די מיידלאַך האָבען זיך אויסגעלערענט צו ריידען דעם זשאַרגאָן פון די סטודענטען.

דיעזע האָבען אַלע געהאַט פערהעלטניסמעסיג פרישע, געזונטע פנים'ער. פון זייער קליידונג און זייער גאַנצער אויפפיהרונג איז קענטיג געוועזען, אַז זיי זיינען ניט געוועזען זעהר רייך. און דיעזע פרויען, וועלכע זיינען געוועזען גאַנץ צערטליך צו זיי, האָבען געוויס ניט פערבראַכט אין זייער געזעלשאַפט צוליעב געלד. דאָס ביסעלע אידעאַליזמוס, וואָס איז נאָך פערבליבען ביי דיעזע פרויען, האָבען זיי בעפרידיגט אין אומגאַנג מיט די סטודענטען. דאָ, אין דיעזער אַרימער קאַפע־הויז, האָבען זיי זיך אויפגעפיהרט גאַנץ אַנשטענדיג.

יעדע נאַכט האָט מען דאָ געקענט זעהן די זעלבע פנים'ער, וועלכע האָבען אויך געבילדעט אַ סאָרט אַבענד־געזעלשאַפט. די

לייט פון נאכט־ליכט זיינען אַנגעקוקט געוואָרען פון ערשטווינטע נעזיכטער, און זיי אליין האָבען מיט שטוינען געקוקט אויף די מאָדנע געסט.

מען האָט זיך אוועקגעזעצט.

די סטודענטקע שאַרלאָטע אינגאַלף האָט זיך אוועקגעזעצט לעבען דזשאָזעפא.

— ווען מען לאַכט איינעם אויס — האָט געזאָגט די סטודענט־קע — מוז מען דאָך איהם ווענינסטענס ערקלעהרען פאַר וואָס. איך האָב אויף אייך ניט קיין פאראיבעל, אָבער איך וואָלט גע־וואָלט וויסען...

— זי איז איינגעשפארט — האָט געענטפערט דער ארבייטער פרינדעל אַנשטאָט איהר — אז זי וויל ניט, וויל זי ניט. איך קען זי שוין.

— דו קענסט מיך ניט — האָט די מיידעל אויסגעשריען, און איהר שטימע האָט געקלונגען פול מיט צאָרן.

— גוט, קען איך דיך ניט.

— פאר וואָס איך האָב געלאַכט? — און זי האָט א וואָרף געטהאָן איהר קאָפּ אויף צוריק, אזוי ווי זי וואָלט געווען א פיר־שטין — איך לאַך, ווען די פיינע דאמען זעהען א טראָפען עלענד, און זיי ריידען זיך שוין איין, אז זיי קענען אונז, אז זיי קענען דאָס פאָלק.

— איך בין ניט קיין פיינע דאמע — האָט די סטודענטקע געענטפערט.

— נעגען מיר זיינט איהר א דאמע.

— אפשר האָט איהר רעכט.

דזשאָזעפא האָט זיך א ביס געטהאָן אויף די ליפּען.

— ווארום ערגערסטו די דאמע? — האָט ביי איהר געפרעגט דער ארבייטער פרינדעל.

— איך ערגער קיינעם ניט.

זי האָט זיך אָנגעטהאָן א כח צו ווערען רוהיג, אָבער פון איהרע אויגען האָט פייער געשפּריצט.

דער פּאָעט ליערס האָט איהר אַנגעקוקט ערשטוינט, און האָט אין דער שטיל געזאָגט צום מוזיקער:

— האָט איהר אַ מאָל געזעהן אַזאַ שעהנהייט ?

דזשאָזעפאַ האָט דערפיהלט זיין בליק ; און אַזוי ווי אַלס ענטפער, האָט זי גענומען דעם ארבייטער פרינדעל'ס האנד אין איהרע און געגלעט.

לעבען טהאָמאַס טרוק איז געזעסען מאַריאַ ווערפט. זי האָט נור טראָפּענווייז געטרונקען איהר קאַפע. ווען זי האָט דערזעהן, אַז טהאָמאַס האָט עס בעמערקט, האָט זי צו איהם געזאָגט :

— אַזאַ טאַסע קאַפע קאָסט 25 פעניג. נור אין דעם נאַכט־ליכט אַבענד טרינק איך אַזאַ קאַפע. ווי קען מען פערלאַנגען אַזוי פיעל געלד פאַר אַ ביסעלע קאַפע ?

דער טהעאָלאָגישער סטודענט בעכערט האָט זיך פאַרנאַנדער־גערעדט מיט ליססאַוער.

— מיר זיינען אידען סימפּאַטיש — האָט ער געזאָגט — בע־זאָנדערס די אידען, וועלכע האַלטען הויך ציון'ס פאָהן.

— עס וואָלט הפנים אייך אנגענעהם געווען פטור צו ווערען פון אונז ? — האָט ליססאַוער געפרעגט איראָניש.

— דאָס איז אַ גאַנץ אַנדערע פראַגע.

— גנעדיגער העו'ר ! גלויבט איהר ? — האָט מאַריאַ ווערפט געפרעגט ביי טהאָמאַס טרוק.

— וואָרום רופט איהר מיך „גנעדיגער הערר" ?

— איהר זיינט דאָך אָבער אַ גנעדיגער הערר.

— ניין, אַזוי דאַרפט איהר מיך ניט רופען. און וואָס אָנ־בעטרעפט די פראַגע אייערע, וויים איך אַליין ניט, צי איך גלויב, צי ניט.

ביי אַ טיש דערביי האָבען זיך געזעגענט מיט די סטודענטען צוויי הויך־געוואַקסענע מיידלאַך. זיי האָבען נאָך געוואָלט אריינ־געהן אין עמבערגס טאַנץ־זאַאַל און האָבען געמאַטערט זיך איינ־צורייזען די סטודענטען מיטצוגעהן.

— אונמעגליך — האָט איין סטודענט ערקלעהרט — האָב מעהר ווי אַ מאַרק אין קעשענע ניט פערבליבען.

איינע פון די צוויי מיידלאַך האָט זיך צולאַכט, זאָגענדיג :

— איך קען דיר באָרגען, איך בין גראַדע ביי קאַסע.

דער סטודענט אָבער איז ניט מרוצה געוואָרען און די צוויי מיידלאַך האָבען פערלאָזען דעם קליינעם קאָפּע.

— ווארום זיינט איהר דעם גאַנצען אבענד אזוי שטיל? — האָט מאריא ווערפט געפרעגט ביי טהאָמאַס טרוק.

— עס איז געווען אזוי פיעל צו זעהן און צו הערען.

טהאָמאַס האָט צו דיעזער מיידעל געפיהלט א טיעפען מיט־לייד. זי האָט עס אויך געפיהלט, און זי האָט איהם דערצעהלט איהר לעבענס־געשיכטע, כאָטש ער האָט איהר גאָר ניט געפרעגט. זי האָט פינף שוועסטער. אויך איהרע עלטערען לעבען נאָך. זי איז פון זיי אַוועק, ווייל זי איז געווען די איינציגע, וואָס גלויבט. מען האָט איהר דערפאַר אויסגעלאַכט, און זי איז אנטלאָפען פון זיי. פרוי בראָזע האָט מיך אריינגעפיהרט אין אייער געזעלשאַפט. זי אפילו גלויבט ניט, אָבער גאָט וועט נאָך רעטען איהר נשמה.

„ווער זיינען עס די אַלע מענשען?“ האָט טהאָמאַס געטראַכט ביי זיך, און איהם איז געוואָרען אַלץ שווערער און שווערער אויפ'ן הארצען.

אין מיטען דערינען האָט זיך דזשאָזעפּא אויפגעהויבען פון איהר פּלאַץ. זי האָט אָנגעטהאָן איהר ווייסען מאַנטעל און די פעלצענע היטעל.

דער ארבייטער פרינדעל איז צוגעגאַנגען צו טהאָמאַס, און איהם געפרעגט:

— ווילט איהר אפשר בעגלייטען די פריילין? איך וויל נאָך ריידען א פּאָר ווערטער מיט אבראהאם געבהארד איבער מאנכע פונקטען, וועלכע אינטערעסירען מיך גאַנץ שטארק.

טהאָמאַס האָט זיך אויפגעהויבען. עס איז ניט געווען קיין צייט פראַגען צו שטעלען. און אויך האָט ער עס ניט געוואונשען. די אינגאָלף האָט זיך אויך געקליבען צו געהן.

דער סטודענט בעכערט האָט אונגעדולדיג א קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער, אָבער ליססאַוער האָט איהם פעסטגעהאַלטען.

ווען טהאָמאַס האָט פערלאָזען דעם קאָפּע מיטביידע מיידלאַך, איז מאריא ווערפט געבליבען זיצען מיט פערלאָשענע אויגען און פערלייגטע הענד, קוקענדיג אין די פּוסטקייט ארום איהר.

.4

די סאלקע אין פערטען עטאזש פון דער לואיזענשטראססע האָט געהאט א גלאָק, וועלכען מען האָט געקענט מאכען קלינגען דורך א לאנגען, שוין פערבויגענעם און צוקרימטען דראָט. אונטען, ביין דראָט, איז געוועזן א פּאָרצעלאַיענע קעפּעל, וועלכע איז געווען אין פיעלע ערטער צושפּאָלטען.

א דאמע איז געשטאנען פאַר דער ניעדריגער טיהר, טיעף פערשלייערט. זי האָט געלעזען אויף א וויזיט־קארטע: טהאָמאס טרוק, קאנד. מעדיצ.

זי האָט געטראָגען ווייסע הענדשקעס מיט דינע שווארצע פאסען.

די דאמיז האָט זיך געשלאָגען מיט ־ער דעה.

די קעפּעל פון גלאָק איז געוועזן בעדעקט מיט שטויב. פאָר־זיכטיג האָט זי א ציה געטהאָן דעם גלאָק. זי איז געשטאנען א מינוט און געווארט. קיינער האָט איהר ניט געעפענט. זי האָט א ציה געטהאָן א צווייטען מאָל, און ווידער אַלעס שטיל. זי האָט זיך דאן אָנגענומען מיט מוטה און א שטארקען ציה געטהאָן— דאן ערשט האָט זי דערהערט א פערשטיקטען טאָן.

און טאקע באלד האָבען זיך אויך געהערט שארענדע טריט. אן אלטע, ווייס־האָריגע, איינגעבויגענע פרוי, האָט פאָרזיכטיג אויפגעעפענט די טיהר.

ווען זי האָט דערזעהן די דאמע, האָט זי אויסגערופען אין שרעק: „הייליגע מאריא!“ און ניט ווילענדיג האָט זי מיט איהר גראָבען, שמוציגען פארטוך אָבגעווישט זיך דעם צוקנייטשטען שטערען איהרען.

מיט א שטימע, וועלכע האָט געקלונגען זעהר פריינדליך, האָט די דאמע געפרעגט:

— קען איך אפשר זעהן הערר טהאָמאס טרוק?

די אַלטע האָט איהר א ווייל אָנגעקוקט שטום, ווי אן ערשיי־נונג פון גאָר אן אנדער וועלט.

די דאמע האָט זיך אָנגעהויבען צו פיהלען אונבעקוועם.

— נו, געוויס קענט איהר — האָט ענדליך די אַלטע ארויס־נערעדט — איך וועל גלייך.

— אָה, ניין, איך בעט אייך, פיהרט מיך צו צו זיין טיהר. איך וויל איהם איבערראשען.

— נו, ווי איהר ווילט.

עס איז געווען אַן עטוואָס לענגליכער קאָרידאָר, אין וועלכען זיי זיינען אריין. קומענדיג צו דער טיהר פון טהאָמאַסעס צימער, איז די אַלטע שנעל אוועק, ווארפענדיג א לעצטען, צושראָקענעם בליק אויף די דאמע.

די דאמע האָט אַנגעקלאַפּט. אין דער ווייסער הענדשקע האָט זיך נעהערט עפּעס א גערויש, אזוי ווי א נאָט וואָלט געפּלאַצט.

עס האָט איהר זיך אָבגעדוכט, ווי אימיצער פון אינעווייניג איז צוגעגאנגען צום טיהר. זי איז בלאַס געוואָרען.

— אריין! — האָט א שטימע אויסגעשריען.

זי האָט געעפענט די טיהר, און איז געשטאנען אויפ'ן שוועל, ציטערענדיג, ניט קענענדיג זיך ווייטער א ריהר טהאָן.

דיעזער צימער איז געווען ווייס געטינקעוועט. אַן אייזערנע בעטעל, אַן אייזערנער וואש־טיש, אַן אַלטע גרינע סאָפע און א פיער־עקיגער טיש מיט פּיעלע ביכער־שראנקען — דאָס איז געווען די מעבעל.

טהאָמאַס טרוק איז ניט אויפגעשטאנען פון זיין פּלאַץ, ווי דאָס האָט זיך איהר אויפ'ן ערשטען בליק אָבגעדוכט. ער איז גע־זעסען ביים טיש און האָט געשריבען. ער האָט זיך אויך ניט אומ־געדרעהט, ווען די טיהר האָט זיך געעפענט.

פאַר אַן אויגענבליק האָט זי געטראַכט, אז דאָס גלייכסטע וואָלט געווען שטילערהייד ארויסצוגעהן. אָבער גלייך האָט זי פעסט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, און האָט צוגעמאַכט די אָפענע טיהר. דאן ערשט, געשטערט דורך דעם גערויש, האָט זיך טהאָמאַס אומגעדרעהט אויף זיין שטוהל. ער האָט געמיינט דעם ערשטען אויגענבליק, דאָס ער איז אין חלום, און האָט זיך אויסגעריבען די אויגען.

— איך בין עס — האָט די דאמע געשטאמעלט.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, און מיט איין האנד אָנשפּארענדיג זיך אָן טיש, האָט ער מיט דער צווייטער האנד איינגעלאדען איהר צו זעצען זיך, ניט אויסרײדענדיג קיין וואָרט פון בעגריסונג.

זי האָט זיך געזעצט אויף די אַלטע סאָפע. זי האָט געוואַרט, אַז ער זאָל עטוואָס זאָגען. אָבער ער האָט געשוויגען, ניט אָראָב־נעהמענדיג פון איהר זיינע אויגען.

— איך האָב געוואַרט אויף אייער קומען דיעזע אַלע טעג. איהר זיינט אָבער ניט געקומען — האָט זי ענדליך אַרויסגע־בראַכט — עס האָט זיך איהם געדוכט, אַזוי ווי טרעהרען וואָלטען געווען אין איהר שטימע — וואָרום זיינט איהר ניט געקומען? איהר האָט דאָך געוויס געוואוסט, דאָס איך וואַרט אויף אייך.

— איך האָב עס געוואוסט.

— און דאָך זיינט איהר ניט געקומען.

— איך האָב מורא געהאַט.

— פאַר מיר?

ביי דיעזער פראַגע האָט ער בעמערקט, ווי איהרע טוידטע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט אַ מאָדנעם פייער.

— פאַר אייך און פאַר די גרויסע הויז.

— אָה! — האָט זי אַרויסגערעדט דערשראָקען, און צום ערשטען מאָל האָט זי זיך אַרומגעקוקט אין דעם אָרימען צימער.

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע אויגען.

— ווי דאָ שיינט די זון! און ווי ליכטיג דאָ איז!

— יא — האָט ער געענטפערט.

— איהר מוזט צו אונז קומען — האָט זי פּלוצלונג אַרויסגע־רעדט, צוגעהענדיג צו איהם.

ער האָט געפיהלט דעם פיינעם ריח פון זיסע בלומען, וועלכער האָט אַרויסגעשטראָמט פון איהר. ער האָט אַ בליק געטהאָן אויף איהרע ווייסע הענדזשקעס, און איהם האָט אָנגעהויבען שווינדלען פאַר די אויגען.

— זאָל איך אייך פערלאָזען?

— יא.

זי האָט אָנגעהויבען געהן צום טיהר. אָבער ביין טיהר האָט זי זיך נאָך אַ מאָל אומגעדרעהט. איהר בלייכער פּנים איז געווען דורכזיכטיג. איהרע הענד זיינען געווען צונויפגעדריקט אין פויסטען.

— איהר טרייבט מיך ארויס? — האָט זי געזאָגט מיט א שטימע פול מיט וועה און שמערץ.

דאַן איז ער צו איהר צוגעגאַנגען, האָט איהר אַנגענומען פאר׳ן האנד און איהר אריינגעפיהרט צוריק אין צימער. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט פערצווייפלונג.

— וואָס איז אייך? — האָט זי איהם געפרעגט.

— איך לייד. איך וועל קומען צו אייך, אָבער האָט רחמנות אויף מיך.

אויף איהר פּנים איז פאָרגעקומען עטוואָס, וואָס איז שווער אויסצודריקען. עס האָט אויסגעזעהן ווי איהר גאַנצער פּנים ווערט אַנגעצויגען. ער האָט עס דייטליך געזעהן, ווי איהר האלז האָט געקלאַפּט, און ווי א פּאָר רויטע פלעקען האָבען זיך געוויזען אויף איהרע שנעע־ווייסע באַקען, און ווי די אויגען איהרע האָבען גע־בליצט. קיינמאָל, קיינמאָל האָט ער נאָך אַזעלכעס ניט געזעהן. דאָס האָט איהם ווי א פייער אַנגעצונדען. און ווי זי האָט איהם אזוי אַנגעקוקט מיט איהרע גרויסע אויגען, האָט זי אויסגעזעהן, ווי בערוישט, ווי א זיגערין. זי האָט פון דעסטוועגען קיין וואָרט צו איהם ניט ארויסגערעדט. זי האָט איהם נור דערלאַנגט די האנד, וועלכע ער האָט געהאַלטען פאר אַן אויגענבליק אין זיינער. דיעזע האנד האָט געקלאַפּט, אזוי ווי זי וואָלט געוואָלט צושפּרינגען. ער האָט עס דייטליך געשפּירט.

ווען זי האָט פערלאָזען דאָס צימער, האָט ער פאַר א ווײלע זיך צוגעהערט צו דעם קלאַנג פון איהרע טריט אין קאָרידאָר.

ער האָט זיך ווידער געזעצט שרייבען. ער האָט געוואָלט ארויסברענגען אויפ׳ן פּאַפּיער זיינע געדאַנקען איבער דאָס רע־ליגיעזע געפיהל. אויך ער האָט געפיהלט, אז אין דעם נייעם מענשען מוז זיין א הייליגער גלויבען, א גלויבען, פאַר וועלכען ער זאָל זיין פערטיג זיין הארץ־בלוט אוועקצוגעבען.

אָבער ער האָט איצט ניט געקענט מיט׳ן פעדער א ריהר טהאָן. דאָס ווייכע פּאַפּיער האָט אויף איהם געקוקט מיט שפּאָט, און פון די אָנגעשריבענע בלעטער האָבען זיך די שווארצע בוכשטאַבען פערוואַנדעלט אין זיינע אויגען אין גרויסע משונה׳דיגע געשטאַל־טען, וועלכע האָבען זיך גערייצט מיט איהם.

אין די קאַלטע ווינטער־אבענדען, ווען עס האָט שטאַרק גע־שנעעט אָדער ווען דער ווינד האָט געפייפט אין לאַנג־געצויגענע טענער, פלעגען זיך ביי איהם אין דער היים צונויפקלייבען די דיענער אין קיך און דערצעהלען שרעקליכע געשיכטען פון א וויי־סער דאמע. ביי די פרויען פלעגען זיך די האָר שטעלען קאַפּויר פון שרעק און אבערגלויבען. ער איז איינמאָל צוגעקומען, ווען די געשיכטע איז דערצעהלט געוואָרען. זיי האָבען געוואָלט אויפ־הערען; אָבער עפּעס א מאכט, וועלכע זיי האָבען ניט געקענט גובר זיין, האָט זיי געטריבען אָנגעהן מיט זייערע ערצעהלונגען. ער איז געשטאַנען און זיך צוגעהערט. דאָן האָט ער די גאַנצע נאכט גע׳חלומ׳ט פון דער ווייסער דאמע. אָן דעם האָט ער זיך איצט דערמאָהנט.

אפשר איז דאָס די זעלבע ווייסע דאמע, וואָס איז היינט גע־קומען, און האָט איהם צו זיך געריסען? האָט ער דען זיך ניט געשראָקען פאַר איהר? און פיהלט ער דען ניט, דענקענדיג פון איהר, ווי עטוואָס א זינד? האָט ער דען ניט צוליעב דעם ניט געוואָלט קומען צו איהר, כאָטש אין געהיים האָט ער עס אזוי שטאַרק געוואונשען? און וואָס האָט איהם געהאָלפען זיין ליידען? ווי דער שיקזאַל האָט זי זיך אריינגעשפּאַרט אין זיין סאַלקע, איז איהם איבערפאַלען און האָט איהם בעקעמפּפט.

ער האָט געוואָלט געפינען דעם וועג צו קלאָהרהייט. ער האָט געוואָלט אַליין פאַר זיך בילדען און פערשטעהן דאָס לעבען און שאפען נייע וועגען.

און דארום האָט ער זיך אויסגעזוכט דעם קרייז נייע מענשען, וועלכע האָבען, ווי ער, געשטרעבט נאָך א העכערען לעבען, און אין מיטען דערינען קומט די ווייסע דאמע און איבער זיין גאַנצען ווילען און טראכטען ציהט זי איבער א ווייסען שווערען וואָלקען, א גרויען אונדורכדרינגליכען טומאן.

ער האָט זיך אַליין געמוזט מודה זיין, דאָס אין די אַלע טעג האָט ער זי אויף קיין אויגענבליק ניט פערגעסען, כאָטש ער האָט געמאכט אַלע אָנשטרענגונגען. וואו ער איז געגאַנגען און גע־שטאַנען, האָבען איהם אַלץ פערפאָלגט איהרע טוידטע אויגען, ווען א מאָדנער פייער לייכט אין זיי אויף. ער האָט פּרובירט צו גע־

ברויכען א מיטעל, ער האט געמיינט, דאס איינקוקענדיג זיך אין די אויגען פון מאריא ווערפט, פון וועלכע עס האט געשטראהלט גלויבען און פראסטקייט, וועט ער קענען פערגעסען דיעזע אויגען. און ער האט אויך פרובירט צו פערטיעפען זיך אין די פייערדיגע אויגען פון דזשאזעפא און אין די פרעהליך־לאכענדע אויגען פון איננאלף, אבער זיין מיה איז געווען אומזיסט. יענע אויגען האבען פון איהם ניט אבגעטראטען.

ס'האט אויפ'ס־ניי געקלאפט אין זיין טיהר.

די אלטע פרוי האט איהם דערלאנגט א בריעף. זי איז געבליבען שטעהן אויף א סעקונדע אין צימער, אזוי ווי זי וואלט געווארט אויף עפעס א בעפעהל. דאן איז זי ארויסגעהונקען.

„אה, פון בעטינא!" — ער האט האסטיג אויפגעעפענט דעם קאנווערט.

עס זיינען געווען איהרע קליינינקע אותיות, געשריבען מיט א ציטערענדער האנד. ער האט געלייענט:

„ליעבער טהאם! וואס האב איך דיר געטהאן, וואס דו ענטפערסט מיר ניט? איך ליעג קראנק, אין דרויסען איז אזוי קאלט און אומעדיג. ווען איך הער טריט, דענק איך, אז אט קומט א בריעף פון טהאם. אך, טהאם, ווארום טהוסטו דאס? עס איז אזוי שרעקליך צו זיין אליין. איך האב קיין מענשען, וועלכער רעדט צו מיר. די ווירטהין ברענגט מיר דאס עסען און איינמאל אין טאג קומט דער דאקטאר. דאס איז אלעס. איך ליעג שוין פערצעהן טעג. דאס איינציגע וואס איך האב, איז די פידעל. זי ליעגט אויף מיין בעט. איך גלעט זי, און דאן דענק איך פון דיר, טהאם, פון דיר און דעם גארטען. דער דאקטאר זאגט, אז איך האב מיך איבערגעארבייט. דאס איז אבער ריינער אונזין. איך מוז שפיעלען דעם גאנצען טאג, פון פריה ביז שפעט אין דער נאכט. איך קען דאך נאך אזוי ווייניג. און מעהר פון אלץ, איך קען ניט דאס, וואס איך וויל קענען. טהאם, ביזטו בייז אויף מיר? דו שרייבסט צו מיר אזוי קאלט. ווען איך לייען דיינע בריעף, פיהל איך זיך ווי דערפראהרען. גוטע נאכט, טהאם, איך בין שרעקליך מיעד, און דער קאפ טהוט מיר אזוי וועה. פערגעס ניט די בעטינא און שרייב איהר א מאל".

לעזענדיג דיעזען בריעף איז ארויפגעשוואומען אין זיין זכרון זיין גאנצע קינדהייט. ער איז אין סאַד, געהט פארביי די בוימער, די בלומען און צום טייכעל, וואו עס שטעהט זיין מוטער טאמארא אין איהר ווייסער קלייד און ביי איהרע פיס די קליינע בעטינא. ער זעהט דעם בוידעם־צימער מיט אלע זיינע זאכען. ער זעהט דעם פאַטער און די פרעמדע פרוי און דעם מילדען גוטען פרעדינער אין הינטערגרונד.

א שניידענדע, ביטערע שטרעבונג צו דעם „א מאל" האט דורכגעדרונגען זיין גאנצען וועזען. אבער מיט א מאל ווערט אלעס פערשוואונדען און ווידער שטעהט פאר זיינע אויגען ז י, וועלכע איז געקומען צו איהם אין זיין סאלקע. און ווידער הערט ער איהר שטימע. ווידער זעהט ער איהרע אויגען, און ער שמייכעלט צו איהר דורך זיין טיעפען שמערץ.

5.

עס איז געוועזען אָוועגד, און טהאמאס טרוק האט זיך געמוזט אונטעראיילען, אויב ער האט ניט געוואלט פערשפעטיגען צו דער פארטי ביי די בערגס, צו וועלכע ער האט געקראָגען אן איינלאדונג.

ער האט לאנג געשלאָגען זיך מיט דער דעה צו ער זאל געהן, צו ניט. אבער דער וואונש זי צו זעהן איז געוועזען גאר צו שטארק אין איהם. און דאן האט ער זיך דערמאָהנט, דאס ער האט איהר צוגעזאָגט.

ער איז געוועזען אויפגערעגט און פול מיט גליקליכער האפנונג. ער האט פערגעסען אלעס, א חוץ דעם איינציגען געדאנק, דאס ער וועט זי באלד ווידער זעהן.

ער איז אלט געוועזען צוויי און צוואנציג יאָהר. און איז ביז איצט געבליבען ריין און אונשולדיג. אין זיין שטאָלץ האט ער זיך גע־האלטען פאר א זעהר טהייערע זאך, וואס דארף ניט בעפלעקט ווערען.

זייט זיין צוזאמענטרעפען זיך מיט בעטינא אויף דעם בוידעם וואו עס איז איהם אויף א געהיימניספולען אופן געקומען דער גע־

פיהל, אז עס זיינען דאָ צוויי געשלעכטער, וועלכע עס ציהט איינער צום צווייטען — דאַן, ווען בעטינאַ׳ס שווארצע זיידענע לאָקען האָבען איהם אזוי פאַמעלאך אָנגעריהרט — האָט ער גאָר זעהר אָפט דורכגעמאַכט שווערע, שטורמדיגע שטונדען. זיין יונגע בלוט האָט רעבעלירט געגען זיין ווילען. און אין שלאָפלאָזע נעכט האָט ער געפיהלט דעם ווילדען גייסט פון זיין קערפּער. אָבער דאַן פלעגט באַלד קומען איבער איהם א געפיהל פון שעהמעדיגקייט און מעהר פון אלץ א שטארקער ווילען צו ווערען הערשער איבער זיך און איבער זיינע דונקעלע ליידענשאַפטען.

עטוואָס שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבען דער פלייסיגער לערנען און פאָרשען; דער דראַנג נאָך אינערליכער בעפרייאונג און זיין ליידען מיט׳ן פאָלק. דאָס אַלעס האָט בעהערשט אלע זיינע געדאַנקען און געפיהלען און האָט שטום געמאַכט זיין ליידענשאַפטליכען בעגעהר.

דיעזע אלע אינערליכע קעמפּפע זיינען דורכגעגאַנגען ביי איהם אין קאָפּ, ווען ער האָט זיך אריינגעזעצט אין די דראָזשקע, וועלכע האָט איהם געזאָלט ברענגען צו די בערגס.

באַלד האָט ער ארויסגענומען א קליינעם גרינעם ביכעל פון זיין בוזעם־קעשענע: די געדיכטע פון אנגעלוס סילעזיאוס. ער האָט געלייענט:

„איך בין געוואָרען דאָס, וואָס איך בין געווען,
איך בין דאָס, וואָס איך בין געוועזען,
און וועל עס אייביג זיין.
ווען לייב און זעעל געגעזען.

מענש, אלעס, וואָס דו ווילסט,
איז שוין פריהער אין דיר,
עס ליגט נור אין דעם,
וואָס דו ארבייטסט ניט דאפיר.

ניטאָ קיין שטערקערעס אַלס גאָט,
דאָך קען ער ניט פערזועהרען,

דאָס איך ניט, וואס איך וויל,
זאָל וועלען און בעגעהרען.

מענש, וואָס דו ליעבסט, אין דאָס
וועסטו פערוואַנדעלט ווערדען.
גאָט ווערסטו, ווען דו ליעבסט גאָט,
און ערד ווערסטו, ווען דו ליעבסט ערדען.

דער צופאַל מוז אַוועק,
און יעדער פאַלשער שיין,
דו מוזט גאַנץ וועזענטליך
און אונגעפארבט זיין!

מענש, ווער וועזענטליך!
וויל, ווען די וועלט פערגעהט
דאַן פאַלט דער צופאַל וועג,
דאָס וועזען דאָס בעשטעהט."

א טיעפע אונרוהיגקייט איז איהם בעפאַלען. זיינע ליפען האָבען זיך בעוועגט, און זיין שטערען האָט זיך פערצויגען אין פאַלטען. א צייט לאַנג האָט אַן אויסדרוק פון נאָכדענקען בעהערשט זיין פנים. דאַן אָבער האָט ער זיך ווידער אויסגעגלעט, און ארום זיין מויל האָט זיך בעוויזען דער בלוטענדער שמייכעל פון טאַמארא.

גאָט ווערסטו, ווען דו ליעבסט גאָט,
און יערד, ווען דו ליעבסט ערדען,

האָט ער ווידערהאָלט. און דאַן האָט ער נאָך א מאָל דורכגעלעזען גאַנץ לאַנגזאם דאָס גאַנצע געדיכט, און ער האָט זיך געפרעגט מיט א געפיהל פון טיעפען שמערץ:

— איז דיזער חכם פון א לאַנג-פערזונקענער צייט בלויז א וואָרט-און בעגריעף-פערדרעהער, וועלכער זשאנגלירט מיט די ווערטער, ווי א קלאָון און קען צו-אַמענטשעפען א וואַנד מיט א וואַנד?

אין יעדען פערז האָט ער געפונען א ווידערשפרוך צו די אַלע אַנדערע. ער איז געווען געבונדען און געשמידט, און איבער איהם איז געווען גאָט'ס גבורה. און דאָך קען גאָט גאָר-ניט אויספיה-

רען נעגנען זיין ווילען און פערלאנגען, און דאָך, חאָטש אזוי געבונ־דען, קען ער שטרעבען נאָך דאָס וועזענטליכע! וואָס איז עס? איז עס בלויז א וואָרט־שפּילעריי פון א געשיקטען וואָרט־קלאון, אָדער איז אין דיזע ווידערשפּריכע דאָ א וואונדערבארע איינהייט־ליכקייט?

ער האָט צוגעמאכט דאָס ביכעל און איהם אריינגעשטעקט אין זיין מאַנטעל־קעשענע. ער האָט זיך געפיהלט אזוי שווער און גע־דריקט. און וויעדער איז די קינדהייט זיינע געקומען איהם פאר די אויגען.

— טאמארא! — האָבען זיינע ליפּען געמורמעלט.

און איהר שעהנע געשטאלט האָט זיך אריבערגעבויגט איבער איהם, איהרע אלבאסטערנע ארעמס האָבען איהם ארומגענומען; איהר ריינער אָטהעם האָט איהם בעריהרט. אפשר איז זי געווען די איינציגע, וועלכע איז געווען „וועזענטליך“ אין איהר אונבעוואוסט־קייט. און אפשר איז אלץ, וואָס איז גרויס, איבערהויפּט אונבע־וואוסט און קען ניט דערגרייכט ווערען דורך ארבייט און פלייי־סיגקייט?

הינטער טאמאראַ האָט זיך אויפגעהויבען דער שאָטען פון זיין פאָטער, פון וועמען ער האָט זיך אימער געהאלטען אזוי ווייט. ווי איז עס געקומען, דאָס צווישען זיי ביידע איז דאָ אזא טיעפער אָבגרונד, אזוי, דאָס זיי קענען זיך כמעט גאָר ניט? האָט ער א מאָל גענומען זיך די מיה צו פערשטעהן וועזענטליך דעם מאן מיט די גרויסע ביי־נער און זיין ברוטאלען לעבענס־דראנג? האָט ער פאר איהם א מאָל געהאט עטוואָס אנדערעס, ווי א שטייפע און הארטע האלטונג?

די דראָזשקע האָט זיך אריינגעדרעהט אין די ליכטענשטיין־אלעע. ער האָט זיך ראַש אויפגעהויבען און ארויסגעשפּרונגען. א פּאָר טריט, און ער איז געשטאַנען פאר בערג׳ס גרויסען פּאלאַץ.

איין עקיפּאַזש נאָכ׳ן צווייטען האָט ער געזעהן שטעהן פאר׳ן הויז אָנקומענדיג אהין. אלע פענסטער פון הויז זיינען געווען העל בעלויכטען, און אין טיהר שטעהענדיג, האָט ער געהערט די שטימען פון די לעצטע געסט, וועלכע זיינען געקומען פאר איהם.

א דיענער מיט א גלאַט־ראזירטען פּנים, אָנגעטהאָן אין זיין שעהנסטען יוניפאָרם, האָט איהם געהאָלפען ביין אויסציהען דעם

אויבער־ראַק, און ווען דער דיענער האָט דערזעהן טהאָמאַסען אין זיין געוועהנליכען אַנצוג, איז ער געוואָרען שטאַרק אונרוהיג.

טהאָמאַס האָט אָבער ניט בעמערקט דעם ערשטוינטען בליק פון דיענער. ער האָט זיך פערשאַרט זיינע האָר אויף צוריק, דער דיענער האָט געעפענט די טיהר, און אַ סעקונדע שפּעטער איז ער געווען ארומגערינגעלט פון אַ שטראַהלענדע ליכטיגקייט, וועלכע האָט איהם אַ שווינדעל געטהאָן פאַר די אויגען.

עס האָט זיך פאַר זיינע אויגען געדרעהט אַ מענשען־קנויל, שוואַרצע פראַקען און ווייסער זיידען, געמישט מיט פערשיעדענע אנדערע קאָלירען. ער איז געבליבען אונבעוועגליך שטעהן אין טיהר. ער האָט געמערקט, אָדער עס האָט זיך איהם אָבגעדוכט, דאָס ביי זיין ערשיינען האָט זיך אָנגעהויבען אַ שושקעריי צווישען די אַנוועזענדע געסט, און אַלעמענס אויגען האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף איהם. ער איז אַלץ געשטאַנען אין טיהר, ניט ריהרענדיג זיך. אַ סעקונדע שפּעטער איז זי, אַרויסרייסענדיג זיך פון דעם מענשען־קנויל, צוגעלאָפען צו איהם. זי איז געווען אין גאַנצען אָנגעטהאָן אין שוואַרצען זייד, נור די האַלז איהרע און דער אויבערשטער טהייל פון בוזעם זיינעם געווען פריי און האָבען זיך, ווי לייכטענ־דיג, אַרויסגעהויבען פון דעם שוואַרצען שטאָף. געלע, פולע ראָזען זיינען געווען איינגעפלאָכטען אין איהרע נאַכט־שוואַרצע האָר.

זי האָט אויסגעשטרעקט צו איהם איהר האַנד, זאָגענדיג:

— איך דאַנק אייך, וואָס איהר זיינט געקומען.

דאַן האָט ער דערפיהלט, ווי אַלעס האָט אויפגעלעבט אין איהם דאָ אין דעם זאַאַל, וואו אַ סעקונדע פריהער האָט ער זיך געפיהלט אַזוי איינזאַם און קאַלט.

אויף זילבערנע טעצלעך האָבען דיענער ארומגעטראָגען פאַר די געסט קאָניאַקס, הייסען טהעע. פון איבעראַל האָבען זיך גע־טראָגען פרעהליכע טענער, פיינער געלעכטער און גאַלאַנטע רעדען.

די דאַמען האָבען מאָדנע פריזירט זייערע האָאָר, און טהייערע דימענטען האָבען געלויכטען און געפינקעלט פון אַלע זייטען. די קליידער זייערע זיינען געווען ביי זיי ווייט אויסגעשניטען און שטאָלץ זיינען זיי געווען אויף זייער שעהנקייט.

אַלע אַנוועזענדע האָבען איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט.

ער אָבער איז רוהיג נעגאַנגען לעבען איהר. זיין גאַנצע שרע־קעדיגקייט און שעהמעדיגקייט זיינען פון איהם אוועקגענומען גע־וואָרען, ווי מיט דער האַנד. ער האָט געהאַלטען הויך דעם קאָפּ, אָנקוקענדיג יעדען און יעדע שטאָלץ און ערנסט.

פּ׳על יאָהרען שפּעטער, ווען ער האָט זיך דערמאָהנט אָן דיעזע שטונדע, האָט ער געפיהלט זיך גליקליך, וואָס ער האָט זיך דאַן ניט פערלאָרען און האָט פאַר קיינעם ניט געבויגט זיין קאָפּ.

א פעטער, קליינער מענשעל, מיט אַן אויסגעסטאַרטשען בויך, מיט אַן עטוואָס פליכעוואַטען קאָפּ און מיט געדיכטע פעפ־שוואַרצע וואָנצעס אונטער א שטאַרק קרומען נאָז, איז צו איהם צוגעגאַנגען. אין דער רעכטער האַנד האָט ער געהאַלטען אַ גאָלדענע פענסנע.

זי האָט איהם פאַרגעשטעלט איהר מאַן.

יענער האָט צונויפגעדריקט זיינע קליינע אויגען, האָט איהם דערלאַנגט זיין פעטע האַנד און האָט איהם בעגריסט מיט אַן איבער־טריבענער פריינדליכקייט. ער האָט גערעדט עטוואָס אונטער׳ן נאָז און אין יעדער בעוועגונג זיינער איז געלעגען עטוואָס רעגיע־רענדעס, בעשיצענדעס. ער האָט אַלץ געהאַלטען אין רעדען דער־פון, ווי דאַנקבאַר ער איז דעם טהייערען גאַסט.

טהאָמאַס האָט צוטומעלט געקוועטשט מיט די פּלייצעס. ער האָט ניט פערשטאַנען, וואָס ער האָט צו איהם גערעדט.

א דאַמע, מאָגער און הויך, מיט עטוואָס א צו שלאַנקער טאַליע, מיט אַ פּנים, צו שטאַרק אָנגעפּודערט, איז צו זיי צוגעקומען.

דער בעל הבית פון הויז האָט איהר פאָרגעשטעלט, אַלס זיין מוטער. נעמען נאָך נעמען זיינען איהם פאָרגעשטעלט געוואָרען, געשעפטס־לייט, דאָקטאָרען, אַדוואָקאַטען, מאַהלער, שריפטשטעלער, אַלעס איז געווען דאָ פערזאַמעלט.

איינמאָל האָט ער געהערט, הינטער זיך, ווי אַ יונגע מיידעל האָט געזאָגט צו איהר קאַוואַליער: — קוקט נור אָן דיעזען אפּאָס־טעל, ווי אָריגינעל! די בערגס האָבען אימער עטוואָס בעזאָנדערעס.

און דער קאַוואַליער האָט געענטפערט:

— יאָ, די בערגס קענען זיך אַלעס פערגינען.

מערקווירדיג, דאָס אַלעס האָט איהם ניט פערשאַפט דעם

מינדעסטען פערדרוס. ער האָט געזעהן איהר, און ער איז געװען גליקליך.

יעדעס מאָל, װען זי האָט נור געהאַט אַן אױגענבליק פרײ, פלעגט זי צולױפען צו איהם. און אויף קײנעם האָט זי ניט געקוקט מיט אַזעלכע בליקען, װי אויף איהם. טו װאָס־זשע האָט איהם געקענט אַארען, װאָס די אַנדערע מענשען האָבען זיך געשושקעט װעגען איהם.

מען איז געגאַנגען צום טיש. װעהרענד מען האָט זיך גע־זעצט, האָט זיך פון הינטער־גרונד געהערט מוזיק. קלײדער האָבען געבױשט און דער עס־צימער איז געװען פול מיט לוסטיגע קלינ־גענדע שטימען.

זי האָט אַרײנגעלאָזט איהר אָרעם אין זײנעם, ערקלעהרענדיג איהם, דאָס ער װעט זײן איהר טיש־העררע. איהר העררע הײנט אװענד, האָט זי צוגעלײגט. און פון איהר שטימע האָט געקלונגען אַזאַ בעװעגטע לוסטיגקײט, װעלכע האָט איהם װי פער'כשופ'ט. ער האָט געפיהלט, װי זי האָט זיך צוגעדריקט צו איהם, און װי זי האָט פאַר קײנעם ניט מורא געהאַט צו ערקלעהרען זיך אַזױ עפענט־ליך, אַלס זײנע. פון אַלע עקען פון טיש האָט מען מיט פער־װאונדערונג געקוקט אויף זײ. אָבער פון אײנעם צום צװײטען איז איבערגעגאַנגען די ערקלעהרונג, דאָס ער האָט איהר און איהר קינד געראַטעװעט. און דאַרום װילען די בערגס איהם אַרױסװײזען אַזאַ פרײנדשאַפט. טהאָמאַס האָט נאַטירליך ניט אָנגעהױבען צו װיסען פון דיעזע אונזיניגע פלױדערײ.

ער האָט אויך ניט געקענט מאַכען אירגענד װעלכע בעאָבאַכ־טונגען. ער האָט נור זי געזעהן און געהערט. ער און זי זײנען געזעסען בײ דעם פערגניגונגס־טיש, טרינקענדיג פון קריסטאַלענע גלעזער דעם רױטען און דעם גאָלדענעם װײן.

ער און זי האָבען זיך בערױשט בײ דעם טיש פון לעבען. ער און זי האָבען זיך אָנגעקוקט מיט זײערע טיעפע אױגען און האָבען זיך פערשטאַנען אָהן װערטער, און האָבען ניט געהערט און ניט געזעהן קײנעם אַרום זײ. ער האָט געפיהלט, דאָס לעבען איהם, צוגעטוליעט צו איהם, איז געזעסען דאָס גליק, דאָס גרױסע גליק, װעלכער האָט די ליכטיגקײט און די װאַרימקײט פון דער זון. ער

האָט געפּיהלט, ווי זיין ברוסט ברייטעט זיך אויס און ווערט פער־וואַנדעלט אין אַ סאָד, אין וועלכען די שעהנסטע בלומען בליהען.

— טרינקט דאָך — האָט זי געמורמעלט שטיל.

— איך זעה אייך, און איך בין בערוישט — האָט ער געענט־פערט פּונקט אַזוי שטיל.

מען האָט דערלאַנגט אַ געריכט, וועלכער האָט ענטהאַלטען די אַלע טהייערע פּראָדוקטען פון ים.

— עסט — האָט זי איהם געבעטען.

— איך קוק אויף אייך און איך בין זאַט — האָט ער געענט־פערט.

זי האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען.

און אימער נייע געריכטען זיינען דערלאַנגט געוואָרען. וואָס דער ים האָט פערבעהאַלטען, וואָס עס איז נור געוואַקסען און צייטיג געוואָרען אונטער דער זון, וואָס די ערד האָט נור געטראָגען, דאָס איז געווען ביי דיעזען מאָהל־צייט. און אַלעס איז פון מענשען־הענד געבראַכט געוואָרען אין נייע קאָמפּליצירטע פאָרמען.

— ביי די בערגס איז אַלעס גרויסאַרטיג — האָט ער געהערט איינעם זאָגען, וואָס איז געזעסען הינטער איהם — בערג איז אַ לעבענס־קינסטלער, אַזאַ מאָהלצייט איז ניטאָ אין גאַנץ בערלין. איך פערזיכער אייך, איך קום דאָך איבעראַל.

ער האָט גערעדט אַזוי הויך, אַז די הערריין פון הויז האָט עס געמוזט הערען.

טהאָמאַס האָט זיך עטוואָס גענויער אַנגעקוקט דעם מענשען. ער האָט געטראָגען אַ שפּיציג געשניטענע באָרד. מען האָט גלייך געזעהן, וואָס פאַר אַ מבין ער איז אויף וויין, ווען מען האָט איהם געזעהן טרינקען. ער האָט אויסגעזעהן צו זיין אַ לוסטיגער מענש, באָטש זיין פּנים איז שוין געווען שטאַרק אָבגעלעבט.

— ווער איז ער? — האָט טהאָמאַס געפרעגט.

זי האָט איהם אָנגערופען דעם נאָמען פון אַ מאַהלער, וועלכער איז געווען בעקאַנט אין דער בערלינער געזעלשאַפט, און וועלכער האָט נור צוליעב דעם טאַקע פערקויפט פאַר אַ הויכען פּרייז זיינע גאַנץ ביליגע בילדער.

טהאָמאַס האָט זיך דערמאָהנט אָן בראָזע, וועלכער מוטשעט

זיך מיט פּאַרצעליי־מאַהלעריי, אום אַ לעבען צו מאַכען, און וועלכער האָט אַזעלכע גרויסאַרטיגע אידעען. איהם איז איצט געקומען די פראַגע: ווי וואָלט דאָ בראַזע זיך געפיהלט?

אָבער אַן אויגענבליק שפּעטער האָט ער שוין פערגעסען אָן זיי.

— ווי לאַנג וועט נאָך געדויערען אייער שטודיום? — האָט זי איהם געפרעגט.

— אין אַ יאָהר ארום בין איך דאָקטאָר.

— אָה, ווי שעהן! ווי אַלט וועט איהר דאַן זיין?

— דריי און צוואַנציג.

— אָה, דאָס איז גרויסאַרטיג.

— אָה, ניין, דאָס איז עטוואָס גאַנץ געוועהנליכעס — האָט ער געענטפערט — אָבער מעג איך וויסען, ווי איז אייער נאָמען?

— רעגינאַ.

ער האָט געוואָלט עטוואָס ענטפערען. אָבער זי האָט איהם ניט געלאָזען.

— איך בעט אייך, רעדט איצט ניט צו מיר. דאָרט זיצען אַ פּאָר פרויען, וועלכע פּאַסען אויף אונז אויף. איהר האָט גאָר קיין בעגריעף ניט, וויפיעל נידערטרעכטיגקייט עס איז דאָ אין דיעזען זאאַל.

אַ מינוט שפּעטער האָבען זיך אָנגעהויבען די טאָסט־רעדען. פון איינעמס אַ רעדע האָט זיך טהאָמאַס דערוואוסט, אַז בערג איז ניט נור בעקאַנט, אַלס גרויסער פינאַנציער, נור אויך, אַלס דער גרעסטער מאָהלצייט געבער אין בערלין. און פרוי בערג איז, ווי אַ קעניגין, ווענען איהרע עלטערען, אין זייער חכמה, האָבען שוין ווי זי איז געבאָרען געוואָרען, דעם נאָמען געגעבען רעגינאַ, וואָס דאָס מיינט הערשערין.

טהאָמאַס האָט געפיהלט זיך זעהר שלעכט ביי דיעזען טהייל פון דער רעדע. ער האָט איינגעשפּאַרט געקוקט אויף זיין טעלער און האָט זיך געשעהמט. אַלעס איי איהם פאָרגעקומען אַזוי גראָב, אַזוי טאַקטלאָז.

זי האָט צו איהם געזאָגט:

— איך פערשטעה, וואָס איהר פיהלט איצט. און דערפאַר טרינק איך צו אייך.

עס האָט געדויערט נור אַן אויגענבליק, און וויעדער האָט ער זיך געפיהלט גליקליך און אַלע אומעטיגע געדאַנקען זיינען ווי פערזונקען.

ענדליך איז דער מאָהלצייט געווען צו ענדע און מען איז אריין אין מוזיק־זאַל. אַ בעריהמטער כאָליסט האָט געזונגען איינינע זאַכען.

אַן אַדוואָקאַט האָט געזאָגט צו זיין שכן גאַנץ שטיל: איך גלייך בעסער זיינע וויצען.

דאַן האָט געזונגען אַ דאַמע, און נאָך איהר האָט געזונגען דער בעריהמטער טענאָר פון דער קעניגליכער אָפּערא.

— וואָס, מיינט איהר, קאָסט דיזער קאָנצערט? — האָט איהם פּלוצלונג אימיצער אַ פרעג געטהאָן.

טהאָמאַס האָט אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען.

— נון, איך וועל עס אייך זאָגען. דער סאָליסט קריגט 500 מארק. בערג גיט איהם 500 מארק, כאָטש ער וואָלט עס געטהאָן פאַר צוויי הונדערט און פופציג. אין דעם איז ער גרויס. איך זאָג אייך, דער קאָנצערט אַליין קאָסט מעהר פון 5 טויזענד מארק. ווען מען האָט אייך דאָ גענומען אין שוץ, האָט איהר שוין אייער קאריערע געמאַכט. די בערגס האָבען ניט איינעם שוין —

פון טהאָמאַסעס אויגען האָט ארויסגעבליצט אַ בליק, וועלכער האָט דעם פּלוידערענדען מענשען גלייך שטום געמאַכט.

נאָך יעדען נומער האָבען געפאָלגט שטארקע אַפּלאָדיסמענטען, און די בערגס האָבען פאַר יעדען פון די קינסטלער געהאַט אַ פּאָר אנגענעהמע ווערטער.

דער טענאָר האָט זיך געפּאָכעט מיט אַ זיידענע טיכעל דאָס פּנים. אַ גאַנצע הרבע פון יונגע און אַלטע פרויען איז געשטאַנען ארום איהם.

הערר בערג איז צוגעגאַנגען צו טהאָמאַס, האָט איהם אַ קלאַפּ געטהאָן אין פּלייצע און געזאָגט:

— זעהט איהר, יונגער פריינד, אַזאַ טענאָר — די ווייבער ווערען משוגע פאַר איהם. און ער איז דאָך אייגענטליך אַזאַ יאָלאָפּ, אָבער דאָס איז פאַר זיי קיין נפקא מינה ניט.

ער האָט גענומען טהאָמאַסען אונטער'ן אָרעם און אוועקגע־
פיהרט איהם אין רויכצימער. דאָרט האָט מען יעדען איינעם דער־
לאַנגט ציגאַרען.

— רויכערט אַ ציגאַר, עס קאָסט צוויי מארק אַ שטיק — האָט
צו איהם געזאָגט הערר בערג.

טהאָמאַס האָט זיך ענטזאַגט, און ער איז באַלד ווידער אריין
אין גרויסען צימער, אום איהר צו זעהן. ער האָט זי אָבער ניט
געפונען.

ער האָט זיך צוגעזעצט אין אַ ווינקעל און זיך פערטראַכט.
מיט איינמאָל האָט ער זיך דערפיהלט אומעטיג, אַ מאָדנער שמערץ
האָט איהם גענאָגט.

פון אַ גרופּע הערען און דאַמען האָט זיך אָבגעטהיילט אַ
יונגער מאַן, איז צו איהם צוגעגאַנגען, און האָט געזאָגט:

— ערלויבט מיר זיך פאָרצושטעלען פאַר אייך: אדוואָקאַט
קאָרנפעלד.

טהאָמאַס האָט אָנגערופען זיין נאָמען און האָט געשוויגען.

— אַ מערקווירדיגע געזעלשאַפט דאָ — האָט דער אדוואָקאַט
אָנגעהויבען — איהר, זעהט אויס, זיינט דאָ אַ גאַנץ פרעמדער.
איך דערקען עס. יאַ, דאָ קען מען מאַכען מאַנכע בעאָבאַכטונגען,
און איך גלויב, אַז איהר טהוט עס טאַקע. יונגער פריינד, איהר
שטודירט אונז, איהר האָט עטוואָס אין אייער בליק! און איבע־
ריגעס, ווער מאַכט ניט קיין בעאָבאַכטונגען? איינער שטודירט
דעם אַנדערען. מיר, אדוואָקאַטען, זעהען גאָר מאַנכע מערקווירדיגע
מענשען אין לעבען. ווען איך וואָלט צייט געהאַט, וואָלט איך גע־
קענט גאַנצע ביכער אָנשרייבען. מען קען זאָגען, אַז אין ערגעץ
ניט איז דאָס לעבען אַזוי קאָכעדיג, ווי אין אַן אָפיס פון אַן אד־
וואָקאַט. מען קומט אין בעריהרונג מיט אַלערליי קלאַסען פון דער
געזעלשאַפט. וואָס פאַר אַ שמוץ! אָבער איך קען אייך פער־
זיכערען, אַז וואָס העכער מען שטייגט, דאָס אַלץ ערגער ווערט עס.

טהאָמאַס האָט מיט קיין וואָרט ניט געענטפערט. דאָס האָט
אָבער דעם אדוואָקאַט ווייניג געקימערט, און ער האָט ווידער אָנ־
געהויבען:

— ווייסט איהר, איך וויל וועטען, דאָס איהר זיינט אַ פּאַנאַ־

טיקער. איך פערשטעה מיך אויף פּנים'ער. א סאָציאַליסט זיינט איהר, א מארקסיסט, א פאנאטישער מארקסיסט. איך זאָג עס אייך גלייך אין די אויגען.

— קענט איהר דאָס אַלעס לייענען אויף מיין פּנים? — האָט טהאָמאָס געפרעגט מיט א שפּאָטישען טאָן.

— יא, ווייל אייער פּנים זאָגט קיין ליגען ניט. איהר האָט דעם פּנים פון א מארטירער.

טהאָמאָס האָט בעמערקט, דאָס די גרופּע דאַמען, פון וועלכע דער אדוואָקאט האָט זיך אָבגעטהיילט, איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט, זיך צוהערענדיג צו דעם געשפּרעך. און ער האָט געוואָלט זאָגען א קורצען וואָרט, וואָס זאָל מאַכען אַן ענדע צום געשפּרעך. אָבער דער אדוואָקאט האָט איהם ניט דערלאָזען דערצו, און האָט ווייטער גערעדט:

— ווייסט איהר, אין איין זאַך שטים איך איין מיט אייערע פּאַרטיי־געגנאָסען: דער ליבעראַליזמוס איז באַנקראָט. איך בין געוויס ניט קיין סאָציאַליסט, אָבער איך שטים סאָציאַל־דעמאָקראַטיש. עס איז די איינציגע פּאַרטיי, וועלכע טרעט אויף ענערגיש געגען דער רעגיערונג.

— צו וואָס דערצעהלט איהר מיר דאָס אַלץ? וואָרום צווינגט איהר אויף מיך אַרויף א פּאַרטיי? איהר האָט א טעות. איך בין ניט קיין סאָציאַל־דעמאָקראַט — האָט טהאָמאָס געענטפערט.

— דאַנער־וועטער, דאָס וואָלט איך ניט געהאַלטען פאַר מעגליך — האָט דער אדוואָקאַט געענטפערט — איבעריגענס, דאַרפט איהר זיך ניט זשענירען דאָ. מען דענקט דאָ גאַנץ פריי.

טהאָמאָס איז געוואָרען איצט שטאַרק אין כעס, און ער האָט געענטפערט:

— איך זשעניר מיך ערגעץ ניט. און ווען איך וויל עטוואָס זאָגען, איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל מיך צוריקהאַלטען.

די גרופּפּע דאַמען און העררען איז איצט געשטאַנען אַרום טהאָמאָס און דעם אדוואָקאַט, זעהר נייגעריג צו הערען, מיט וואָס דיזער מאָדנער ווערטער־דועל וועט זיך ענדיגען.

— און אַז איהר זייט שוין זעהר נייגיריג וועגען מיינע געדאַנקען — האָט טהאָמאָס ווייטער גערעדט — קען איך אייך זאָגען.

דאָס איך בין דארום ניט קיין סאָציאל־דעמאָקראט, ווייל די קאָנ־זעקווענצען פון דיזער לעהרע קומען מיר פאַר זעהר ניט קלאָר; ווייל די אידעע פון א מאַסענהערשאַפט איז מיר פונקט אזוי פערהאַסט, ווי די אידעע פון אַן אויטאָקראטיע, ווייל איך גלויב ניט אין די לעצטע שליסע פון סאָציאליזמוס.

קאָרנפעלד האָט זיך געמאַכט כלומר'שט דערשראָקען.

— אויב אזוי, זיינט איהר דאָך גאָר אַן אפיקורס.

אַן אנדער הערר פון דער גרופפע האָט זיך צולאַכט:

— איהר זיינט דאָ ניט מיאוס אריינגעפאלען, ליעבער אד־וואָקאט.

די דאַמען האָבען זיך שטארק פעראינטערעסירט, און איינע האָט געזאָגט גאַנץ הויך, אז טהאָמאַס זאָל הערען:

— וואָס פאַר א שאָד! ער האָט עטוואָס פון פערדינאנד לאַסאַל.

— איבעריגס, א זעהר שעהנער קאָפּ — האָט געזאָגט א צווייטע — דער מענש מוז זיין זעהר אינטעליגענט. אין דעם צווייפעל איך ניט.

דער אדוואָקאט האָט ווידער געפאַסט מוטה און אָנגע־פאנגען גאָר אויפס־ניי:

— ערלויבט, איהר ווילט דאָך מיר ניט איינרעדען, דאָס איהר זיינט א געגנער פון סאָציאליזמוס און געהערט צו איינער פון די קאָנסערוואטיווע פארטייען?

— איך וויל קיינעם גאָר ניט איינרעדען —' האָט טהאָמאַס גע־ענטפערט. איך געהער פאָרלויפיג ניט צו קיין פּאַרטיי. איך זוך מיר ערשט א וועג. פון אייערע אידעען און אנזיכטען איז מיין וועג זעהר וויים.

— אהא, איך פערשטעה שוין — האָט דער אדוואָקאט געענט־פערט, דרעהענדיג אין האַנד זיין פּענסנע — איך וויים שוין. איהר זיינט א רעוואָלוציאָנער, האָטש איהר האָט אזוי פאָרזיכטיג געוואָלט פערבעהאלטען פון אונז אייערע געדאַנקען. זאָל מיט אייך עטוואָס פּאַסירען, קענט איהר זיך ווענדען צו מיר. אזא פּראָצעס וואָלט מיך בעריהמט געמאַכט. אלזאָ, פערגעסט מיך ניט.

דיזע ווערטער האָבען געמאַכט אויף טהאָמאַס'ען א שלעכטען

איינדרוק. ער האָט זיך אָבער אין איין אויגענבליק .עפּאסט, האָט אָנגעקוקט דעם אַדוואָקאַט מיט אַ שאַרפען דורכדרינגענדען בליק. דאַן האָט ער זיך פּלוצלונג פערנייגט פאַר די אַלע ארומשטעהענדע, האָט פאַר אַ סעקונדע ערגריפען די האַנד פון דער הויז־ווירטהין, וועלכע איז נור וואָס צוגעקומען, און איז בּליך געוואָרען, ווי קאַלך, הערענדיג די לעצטע ווערטער, און האָט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ פערלאָזען דעם זאַאַל.

און עטוואָס שפּעטער, אַליין ניט וויסענדיג ווי, איז ער געווען אין טהיער־גאַרטען, אַוועק פון דעם גאַנצען גלאַנץ, פערבייגעהענדיג די נאַקעטע בוימער, וואָס עס איז געלעגען הינטער איהם. דאָס איז איהם פאָרגעקומען פרעמד און מאָדנע, און אין הארצען האָט ער גע־פיהלט אַ שטעכענדען וועהטאָג.

.6

אין אַ דאַכשטיבעל, אין אַ געסעל אין בערלין, וואו רייכע לייט שטעקען קיין מאָל מיט אַ פוס ניט אַריין, האָט געלעבט דער מעכאַ־ניקער פרינדעל.

זיין צימער האָט אויסגעזעהען, ווי אַן ענגע, פערשטיקטע לאָך. אַ קאַסטען, וועלכער איז געשטאַנען אין מיטען צימער און געדיענט אַלס אַ טיש, אַן אייזערנע בעטעל, צוויי שטוהלען און אַ שיסעל — דאָס איז געווען די מעבעל פון צימער. דער קאַסטען האָט געהאַט נאָר פערשיעדענע צוועקען. אין איהם האָט זיך מעכאַניקער פּרינ־דעל געוואַשען. אויף איהם האָט מעכאַניקער פרינדעל געגעסען זיין זעהר אָרימע וועטשערע, קומענדיג פון דער אַרבייט, און אויף איהם האָט געברענט אין די אָווענדען אַ קליין לעמפּעל, ווען פרינדעל איז געווען פערטיעפט אין זיינע ביכער.

ער איז געווען אַ פלייסיגער ארבייטער, און האָט פערדיענט גאַנץ שעהן געלד. ער האָט זיך געקאָנט פערגינען צו האָבען אַ פיעל שעהנערע וואָהנונג. אָבער יעדען איבעריגען גראָשען, וואָס ער האָט פערדיענט, האָט ער אַוועקגעטראָגען אין בוך־קראָם. אַ חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ נויט־קאַסע, אין וועלכע ער פלעגט יעדע וואָך אַבלייגען אַ טהייל פון זיינע פערדיענסטען.

עס איז געווען א זייגער ניין אין אָווענד, ווען די טיר פון צי־מער האָט זיך געעפענט, און דזשאָזעפא ערווינג איז אריינגעקומען.

זי האָט קוים ארויסגערעדט די ווערטער „גוטען־אָווענד“, ווי זי האָט זיך גלייך גענומען עפּעס טהאָן. פון קאסטען האָט זי ארויסגענומען א ספּירט־מאַשינקע, א פּענדעל, צוויי טאסען מיט טהעע־לעפעלעך, צוויי טעלער מיט מעסער און גאָפּעל, טהעע, פּו־טער און ברויט. דער קאסטען איז געווען אי די שפּייז־שאפּע, אי דער אויווען.

דער מעכאַניקער, ניט רעדענדיג קיין וואָרט, האָט אוועקגענו־מען די ביכער, האָט אָנגעצונדען נאָך א ליכט און עס אוועקגע־שטעלט אויף א שטוהל. ער האָט איהם צוגערוקט צום בעטעל, אויף וועלכען ער האָט זיך אוועקגעזעצט מיט'ן בוך אין האנד. ער האָט געהאַלטען אין איין לייענען מיט אַן אָנגעשטרענגטען אויס־דרוק אויפ'ן פּנים, וועהרענד דזשאָזעפא האָט אריינגעגאָסען וואַ־סער אין קאַן, אום אויפצוקאָכען טהעע, האָט בעשמירט דעם ברויט מיט פּוטער און ארויפגעלייגט אויף איהם בלוט־וואורשטלעך, וועל־כע זי האָט מיטגעבראכט מיט זיך אין א קליינעם פּעקעל. פון צייט צו צייט האָט זי געוואָרפען א בליק אויף פּרינדעל, ער אָבער האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט איהר גאָר ניט בעמערקט. זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט ליעבע און צאָרן, אַטהעמענדיג זעהר אונרו־היג. זי האָט אריינגעגאָסען דעם טהעע אין די טאסען און האָט איהם שטיל גערופען מיט'ן נאָמען: פּראנק!

פּאר דעם האָט זי בעדעקט דעם קאסטען מיט א ווייסען טיש־טיכעל. יעדע בעוועגונג איהרע האָט געהאַט א מאָדנעם חן.

ער האָט דערלעזען דעם זאַץ ביז צום סוף, אָפּגענרהייד האָט ער דאָס בוך אוועקגעלעגט אויפ'ן בעט, וויידער ער האָט זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל.

לאַנגזאַם האָט ער געזופּט דעם טהעע. עס האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט מיט זיינע געדאַנקען געווען גאַנץ ווייט פון דעם פּלאַץ און דער מערקווירדיגער שעהנהייט, וועלכע איז געזעסען איהם אנטקעגען.

— פּראַנק, וואָס טראַכסטו?

— גאָר ניט.

א ביטערער צוג האָט זיך בעוויזען ארום די ווינקלען פון איהר מויל. זי האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו איהם.

— דו ווילסט פון מיר פטור ווערען, איך פיהל עס. איך בין דיר געוואָרען איבערדריסיג, און דו ווילסט לויז ווערען פון מיר.

ער האָט א קוועטש געטהאָן עטוואָס מיט די אקסלען, זאָגענדיג:

— מוטשע מיך ניט. וואָס זאָל איך דיר ענטפערען אויף דעם?

— דו קענסט מיר גאָר ניט ענטפערען — האָט זי געזאָגט, שטארק אויפגערעגט. — דו קענסט ניט און דארום —

ער האָט א קורצען לאך געטהאָן:

— דו ביזט טאקע אן אמת'ע פרוי: לאנגע האָר און קורצער שכל.

— איך דארף אויף כפרות שכל. איך האס דעם שכל. איך האס דיזע ביכער — האָט זי געזאָגט שטרק אין כעס, ווארפענדיג א פער־עכטליכען בליק אויף די פאָדלאָגע, וואו די ביכער זיינען געווען אָנ־געלייגט איינע אויף די אנדערע.

— לאָמיך ווענגיסטענס מיין טהעע אויסטרינקען אין רוה — האָט ער צו איהר געזאָגט — און אייגענטליך פערשטעה איך ניט, וואָס ווילסטו פון מיר?

— דיך וויל איך — האָט זי אויסגעשריען מיט א פערשטיקטער שטימע. זי האָט פונאנדערגעלאָזען איהרע האָר — מיט מיינע האָר וויל איך דיך ארומנעהמען און פעסט האלטען. איך לאָז דיך ניט אָב. הערסטו? איך לאָז דיך ניט אוועק פון מיר. און דיזע אלע עלענד ביכער וועל איך פערברענען.

— דו ביסט א נאר, און אויף אזא אופן מאכסטו, אז מיר ווע־לען זיך מוזען שיידען.

די לעצטע ווערטער האָט ער ארויסגערעדט לאנגזאם און פעסט.

— איך טהו עס? — האָט זי געפרעגט פערוואונדערט, אָנקו־קענדיג איהם מיט אויסגעשטארטשטע אויגען.

— יא, דו וועסט עס ברענגען אזוי ווייט, דו אליין. איך בין ניט בלויז דערצו דאָ, אום צו הענגען אָן דיין פארטוך. איך האָב צו טהאָן אויך אנדערע זאכען, פון וועלכע דו פערשטעהסט גאָר ניט און קענסט ניט פערשטעהן. איך וועל ניט לאָזען זיך שפּיאָנירען

און פערפאָלגט ווערען פון דיר אויף שריט און טריט. דו ביסט דאָך ניט קיין הונד, וועלכער זאָל איינעם נאָכקריכען.

— דו האָסט א טעות — האָט זי געענטפערט — איך בין א הונד. פונקט ווי א הונד בין איך. איהרע אויגען האָבען גע־גלענצט.

איהרע ווערטער האָט ער געפיהלט ווי די שמיץ פון א בייטש, און ער האָט מיט מיה ארויסגערעדט:

— איך וועל מיך אָבער ניט לאָזען שפּיאָנירען פון א הונד, א הונד אין מענשענגעשטאַלט.

זיי האָבען געקוקט איינער דעם אנדערען אין די אויגען, און די פּנים'ער פון ביידע זיינען געווען פול מיט צאָרן.

ער איז געוואָרען גאַנץ בלייך, און האָט ווידער אָנגעפאַנגען, עטוואָס רוהיגער:

— זעהסטו דען ניט, ווי איך מוז האָבען מיין פרייהייט? איך מוז איהר האָבען, ווי די לופט. זעהסטו דען ניט, ווי איך מוטשע זיך? איך מוטשע זיך — ער האָט זיך צולאַכט מיט א העסליכען גע־לעכטער, וועלכער דרעהט אַלעס אום אין איינעם.

— ביסט שוין פאַרטיג?

— יאָ, איך בין פאַרטיג.

— נו, וועל איך איצט רעדען. געדענקסטו, וואָס דו האָסט מיר דאַמאָלס געזאָגט? געדענקסטו, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט? גע־דענקסטו, ווי דו האָסט מיך צוגעצויגען צו זיך, כאָטש איך האָב זיך געוועהרט געגען דיר? איך האָב יעמאָלט געפיהלט, וואָס פאַר א מין מענש דו ביסט, און איך האָב זיך געוועהרט געגען דיר מיט אַלע מיינע כחות. און געדענקסטו נאָך, ווי דו האָסט מיך געצוואונגען צו דיר, ווי דו האָסט מיך אַנידערגעשלייערט, און ווי איך בין פון דיר בעזיעגט געוואָרען אין מיין מאַכטלאָזען צאָרן? ווי איך האָב דיך פיינד געהאַט פון אָנפאַנג! ווי איך האָב עס מיך געפיהלט צו־טרעטען פון דיר? — א לייכטער שוויים האָט זיך געוויזען ביי איהר אויפ'ן שטערען און אויך איהרע באַקען זיינען אַזוי ווי פייכט געוואָרען — איך האָב געזעהן, אז דו וועסט מיך אוועקוואַרפען, ווי אַן אויסגעזויגענעם לעמאָן, און איצט געהסטו עס טהאָן, לייקען עס ניט — און אַזוי ווי זי האָט זיך פאַר זיך אַליין אָנגעהויבען טראַינע־

רעדן אָן אלעס, האָט זי גערעדט צו זיך אליין: — אז וואס האָט ער מיר דאן אלעס ניט צוגעזאָגט? ווי ער האָט עס מיך געצערטעלט! ווי גוט ער איז געוועזן צו מיר! און איצט זאָל האָב אלעס זיין פער־ביי! און פלוצלונג איז זי אויפגעשפרונגען, האָט א טופע געטהא מיט'ן פוס, און אויסגעשריען:

— זאָג מיר, ווילסטו ברעכען דיין וואָרט? זאָג עס מיר!

זי איז געשטאַנען פאר איהם אויסגעקרימט, ווי א קאַץ, וועלכע געהט ארויפשפרינגען אויף איהר רויב.

איהם האָט זיך אויסגעדוכט, דאָס ער זעהט איהרע נעגעל, מיט וועלכע זי וויל איהם די אויגען אויסדראַפּען, און דאָך האָט ער געענטפערט גאַנץ געלאַסען:

עס זיינען דאָ ווערטער, וועלכע מען מוז ברעכען. דאָס זאָג איך ניט אין שייכות צו דיר, אָבער דערביי בלייבט עס. א מאָל איז וואָרט־האַלטען א פיעל ערגערער פערברעכען, ווי ניט האַלטען וואָרט.

זי האָט געציטערט אין איהר גאַנצען קערפּער.

— איך וועל פון דיר ניט אוועקגעהן, איך בין א הונד — האָט זי גערעדט, ווי צו זיך אליין. איהר האַלטונג, פול מיט א סטראַשונאָק, האָט זיך אומגעענדערט אין א מינע פון צוברָאָכענהייט און אונטערוואָרפענהייט — שטויס מיך ניט אוועק פון דיר — האָט זי געבעטען מיט א וויינענדיגע שטימע — איך קען אָהן דיר ניט לעבען, דו ווייסט עס.

דיעזע ווערטער זיינען ארויסגעקומען פון איהר, ווי א תפלה. שטארק דערשראָקען האָט זי אויסגעזעהען.

עטוואָס ווי צופרידענהייט האָט זיך געוויזען אויף פרינדעל'ס פנים. זי האָט עס בעמערקט, דאָך איז זי שטיל געבליבען, וואַר־טענדיג אויף זיין ענטפער.

ער האָט איהר געמאַכט זיך זעצען אויפ'ן שטוהל, און ווי איי־נער אָהן א ווילען, האָט זי איהם געפאָלגט.

זי איז געוועזן ווירקליך א הונד, און ער איהר בעל־הבית.

ער האָט גענומען איהרע הוואַליעדיגע האָר אין זיינע הענד געלאָזט זיי דורכגליטשען זיך צווישען זיינע פינגער, און ער האָט צו איהר אָנגעהויבען רוהיג רעדען פון זיין פרייהייט און פון די פער־שיעדענע זאכען, וועלכע ליגען אויף איהם, ווי א משא.

— וואָס בין איך שולדיג, דאָס ווען איך קום פון פאבריק, קו־מען מיר פערשיעדענע געדאנקען אין קאָפּ און לאָזען מיך ניט רו־הען? ווארום איך געה ניט אין שענק? ווארום איך ליעג מיך ניט שלאָפען? עס איז דאָ אימער עטוואָס אין מיר, וואָס לאָזט מיך ניט רוהען. דו מעגסט עס מיר גלויבען.

זי האָט איהם אויסגעהערט, ווי א געהאָרכזאם קינד. איהר גאנצער כעס איז ווי פערשוואונדען פון איהר.

און ער האָט ווייטער גערעדט:

— אלעס וואָלט געווען גאנץ גוט, ווען דו וואָלסט מיך ניט אימער געהאלטען אין איין יאדענען. דו דארפסט ניט קומען צו מיר מיט אלע דיינע קלאגען. דו זאָלסט נור קומען דאן, ווען איך רוף דיך. דאָס וואָלט געווען אם בעסטען. ווייל עס איז ניטאָ קיין ערגערע זאך, ווי דער צוואנג, און דאן איז עס דאך איינפאך א פער־ברעכען, אז א מענש זאָל זיך אזוי צושמידען צו א צווייטען; עס איז א פערברעכען געגען דעם צווייטען און געגען זיך אליין. יעדער מוז שטרעבען צו שטעהן פעסט אויף זיינע פיס, לייכט און פעסט, און מוז אוועקשליידערען פון זיך די אלע איבריגע משאות. איך וואָלט געוואונשען, אז דו זאָלסט מיך פערשטעהן און פאָלגען, און ניט וואָיען, ווי א הינטעל. נור ניט שלעפּען קיין קייטען הינטער זיך. געמיין איז עס, גאנץ געמיין!

זי האָט איהם מיט קיין וואָרט ניט געענטפערט. זי האָט נור טוידט־טרויעריג געקוקט אויף די ביכער, וועלכע זיינען געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע, אזוי ווי זי וואָלט דערמיט געמיינט צו זאָגען, דאָס די ביכער זיינען עס, וועלכע זיינען שולדיג אין איהר אונגליק, וועלכע האָבען איהם אוועקגערויבט פון איהר.

ער האָט אויפגעכאפּט איהר בליק און האָט געשמייכעלט, ווי איינער, וואָס האַלט זיך פיעל קליגער. מען האָט געקאָנט זעהען זיינע ווייסע קרעפּטיגע ציין.

— גאנץ פאלש — האָט ער צו איהר געזאָגט — די ביכער זיי־נען ערשט געקומען, ווען עס האָט אָנגעהויבען ארבייטען אין מיר.

— די ביכער? — האָט זי איהם נאָכגעזאָגט. און ווידער איז איהר פּנים געוואָרען טוידט־טרויעריג, און ווידער האָט זי געקוקט אויף די ביכער מיט פינסטערע בליקען.

— איך פערשטעה, ווען דו וואָלסט געקאָנט, וואָלסטו זיי פער־ברענט אָדער ארויסגעוואָרפען אין'ן שמעטניק — האָט ער געזאָגט גלייכגילטיג.

— אַ — האָט זי געענטפערט האַסטיג — דאָס וואָלט איך זעהר געוואָלט, די פריהערע פלעגסטו זיצען לעבען מיר און אויסהערען אַלץ וואָס איך פלעג דיר דערצעהלען. די פלעגסט לאַכען, ווען איך פלעג דיר דערצעהלען פון די אַלע משוגעת'ן פון מיינע מאַלער; דו ביסט געווען לוסטיג, און גוט צו מיר. און האָטש אויך דאַן האָסטו גע־קאָנט זיין נעגען מיר האַרט און שטרענג, אָבער איין קוש פון מיר האָט אַלעס ווידער גוט געמאַכט. געדענקסטו, וואָרום ביסטו יע־מאָלט געווען שלעכט צו מיר?

— איך געדענק ניט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט.

— איך וויל עס לענגער ניט הערען. איינמאָל פאַר אַלע מאָל, איך וויל עס ניט. דו הערסט? — האָט ער אויסגעשריען מיט בלי־צענדע אויגען.

זי האָט גאָר ניט געענטפערט. זי האָט שווייגענדיג אראָבגענומען דעם טישטוך פון קאַסטען, האָט געבראַכט וואַסער פון קאַרי־דאָר, און האָט צו־וואַשען די געשיר. דאַן האָט זי אַלעס אריינגע־שטעלט צוריק אין קאַסטען, האָט אָנגעטהאָן איהר קייפּ, און איז גע־בליבען נאָך אַ מינוט אין צימער.

ער האָט זיך ווידער גענומען צום לעזען, ניט קימערענדיג זיך וועגען איהר.

זי איז געגאַנגען צום טיר.

ער האָט געהערט, ווי זי איז אַראָבגעגאַנגען די ערשטע טרעפּ, און ער האָט לייכט אויפגעאָטהעמט, אָבער גלייך נאָכדעם איז זי צו־ריק אריין.

ער האָט זיך הויך צולאַכט, שטעכענדיג און אונפערשעהמט גע־לאַכט.

— איך האָב עס געוואוסט — האָט ער געזאָגט — דאָס איז אַלע אייערע פערפלוכטע ווייבער־קאָמעדיעס. איהר וואַרט צו זעהן, אויב מען לויפט איך ניט נאָך, און ווען איהר זעהט, אַז קיינער רופט

איך ניט, קומט איהר אליין צוריק. גאנץ געמיינע טריקס — האָט ער געענדיגט שטארק בייז.

— גוט, זאָל זיין אזוי — האָט זי געענטפערט מילד, שמייכ־לענדיג צו איהם פריינדליך, ניט ווערענדיג אויף דאָס מינדעסטע בייז פון זיינע ווערטער.

דאָס האָט אָבער איהם נאָך מעהר פערדראָסען. אָבער אונ־טער קיינע אומשטענדען האָט ער ניט געוואָלט צולאָזען, אז ער זאָל צוליעב איהר ווערען בייז, אויפגערעגט, און ער האָט זיך אָנגעטהאָן א כח צו בלייבען רוהיג. ער האָט צוגערוקט זיין שטוהל נאָהענט צום קאסטען און האָט ווייטער געלייענט.

זי איז געשטאַנען א ווײלע ביי איהם הינטער'ן רוקען און האָט געקוקט אויף די קליינע שווארצע בוכשטאַבען. זי האָט נעאטהעמט זעהר אונרוהיג, און האָט אויסגעזעהען שטארק צושרויפט. דאַן האָט זי זיך האסטיג אומגעדרעהט און האָט זיך אַוועקגעלעגט אויפ'ן בעטעל. זי האָט געפיהלט, דאָס זי מוז וויינען, אָבער זי האָט זיך א ביס געטהאָן אויף די רויטע ליפּען, אום ניט צו וויינען. זי האָט דארום געוויינט אָהן טרערען. זי האָט געוויינט אין זיך. זי האָט זיך איינגעגראָבען מיט איהרע נעגעל אין איהר לייב, און האָט גע־שריען, ניט ארויסגעבענדיג פון זיך קיין טאָן.

ער האָט געלעזען. ער האָט גאָר ניט געזעהען, גאָר ניט גע־הערט. ער האָט געלעזען און געלעזען.

זי האָט צוגעמאכט די אויגען, ביז זי איז פון מידקייט איינ־געשלאָפען.

אום האלב נאָך צעהן האָט זיך די טיר ווידער געעפענט. אויפ'ן שוועל איז געשטאַנען דער פּאָעט ליערס. ער האָט געקייט זיינע שווארצע, גלענצייַנדע וואָנצעס, און ער האָט אויסגעזעהען אזוי ווי צוטומעלט, ניט סמייענדיג צוצוגעהן נאָהענט. ער איז גע־ווען בלאַס און פערשלאָפען, אָבער ער האָט געשמייכעלט אויף א גאַניץ בעזונדערעז אופן, און זיין שמייכעל האָט געהאט אין זיך עט־וואָס צוציהענדעס און בע'חן'טעס.

פרינדעל האָט אויסגעשטרעקט צו איהם די הענד, זאָגענדיג:

— עס איז גאַנץ שעהן פון איך, וואָס איהר קומט צו מיר.

פרינדעל האָט ארויסגערעדט דיזע ווערטער, אזוי ווי ער וואָלט

אין מינדעסטען ניט ערשטוינט געוואָרען פון אזא שפּעטען, אונטער־וואַרטעטען בעזוך.

— די ליערס האָט מען אוועקגערופען — האָט געענטפערט דער פּאָעט — איך האָב זי בעגלייט, און האָב געזעהען, דאָס ביי איך איז נאָך ליכטיג, האָב איך זיך געפּאסט מוטה און בין ארויפגעקומען. ווייל איהר מוזט דאָך וויסען, אז פאר מיר הויבט זיך אָן דער טאָג ערשט. ווען עס ווערט אבענד. איבעריג טהוט עס מיר לייד, וואָס איך האָב אייך געשטערט.

— דאָס איז ניט געפעהרליך.

— עס טהוט מיר לייד צוליעב מיר.

— דאָס איז שוין א גאַנץ אַנדער זאַך, אָבער ווארום טהוט אייך לייד צוליעב זיך?

— ווארום? ווייל איך האָב ניט ליעב צו זעהען אימיצען ארבייטען. איך שעהם זיך פאר איהם און פאר מיך.

— דאָס איז אויך א שטאַנדפּונקט — האָט פרינדעל געלאַכט.

— דאָס איז דער איינציגער שטאַנדפּונקט, מיין הערר — האָט דער פּאָעט געזאָגט מיט היץ — מיר זיינען דאָ אויף דער וועלט, ניט אום צו ארבייטען, נור צו געניסען, צו האָבען פערגעניגען פון לעבען.

פרינדעל האָט גענומען א בלאַט ווייסע פּאַפּיער און האָט נאָ־טירט דיזע ווערטער.

— איהר זיינט דאָך פשוט געפעהרליך. איך האָב עס שוין פריהער בעמערקט. ווילט איהר אפשר ווען־עס־איז מיך מסר'ן פאר דער פּאָליציי?

— יא — האָט געענטפערט פרינדעל — די אלע ברעקלאַך, וועל־כע איהר ווארפט ארויס, די כאַפּ איך אויף. און דאַן זיפּ איך זיי, און איך זעה, וואָס עס בלייבט איבריג. נור אויף אזא אופן קען איך ציהען אירגענד וועלכען נוצען פון דער זאַך.

ליערס האָט מיט פערוואונדערונג און מיט א געפיהל פון א קליינעם שרעק בעטראַכט דיזען מערקווירדיגען מענשען.

— איהר זיינט פון שווערען שטאָף, מען מוז זיך גוט אין אכט נעהמען, ווען מען רעדט מיט אייך.

— דאָס איז ריכטיג. איך בין שווער, און וויל לייכט ווערען. איהר מעגט עס מיר גלויבען, דאָס איז א ביטערע ארבייט.

דער פּאָעט האָט גענומען אין האַנד דאָס בוך, וועלכען פרינדעל האָט געליייענט און איבערגעלייענט דעם טיטעל: „דער ווערטה פון לעבען“, פון דיהרינג.

— אָה, איהר זיינט אַ דירינגיאַנער.

— איך בין פרינדעל — האָט דער אַרבייטער געענטפערט — ריכטיגער גערעדט, בין איך דער פרינדעל, וועלכער זוכט, ווייל, ליע־בער הערר, איך זוך מיך אַליין.

— אַך, וואָס פאַר אַ מאָדנע שווערע מענשען איהר און טהאָ־מאַס טרוק זיינט עס! אויך ער זוכט זיך אַליין. ער האָט עס מיר געזאָגט פונקט אַזוי, ווי איהר. איהר זיינט מיין צווייטער בעקאַנ־טער, וועלכער זוכט זיך אַליין. קינדער, איהר מוזט האָבען צופיעל צייט.

— טהאָמאַס טרוק — האָט פרינדעל געזאָגט —

אָבער אין דיעזען אויגענבליק האָט דער פּאָעט דערזעהן אויפ׳ן בעטעל די שלאָפענדע דזשאָזעפאַ, און ניט ווילענדיג האָבען זיך אַרויסגעריסען פון איהם די ווערטער:

— אָה, ווי שעהן זי איז!

— דאָס איז זי ניט שולדיג — האָט פרינדעל געענטפערט טרוקען.

ליערם איז געוואָרען אויפגעשווידערט פון דיעזע ווערטער. זיין פערשלאָפענהייט איז פערשוואונדען. דער אַנבליק פון דער שלאָ־פענדער דזשאָזעפאַ האָט איהם גוט אויפגעטרייסעלט.

— האָט ניט קיין פּאַראיבעל אויף מיר, איהר, הערר זוכענדער, איהר זיינט אַ בהמה, זי איז שעהן — און דאָס איז געגנוב. זי איז אַ פערגניגען פאַר׳ן אויג, און דאָס איז געגנוב. דאָס די שעהנקייט איז איהר אין שוים אַריינגעפאַלען — וואָס מאַכט עס אויס? איינער האָט עס, דער אַנדערער — ניט.

ער האָט זיך אומגעדרעהט און ער האָט אויסגעזעהן, ווי אויסער זיך. מיט אַ מינע פון ענטהוזיאַזמוס האָט ער בעטראַכט די שלאָ־פענדע.

פרינדעל האָט איהם נעגעבען אַ וואונק.

— קומט צו עטוואָס נעהנטער — האָט ער צו איהם געזאָגט —

איך וויל אייך זאָגען, צוליעב וואָס איהר זיינט צו מיר אַרויפגעקומען. איהר האָט געהאַפּט זי צו בעגעגענען ביי מיר.

ליערס איז רויט געוואָרען, ווי אַ קליין אינגעל.

— עס איז גוט, דאָס איהר קענט זיך ניט פערשטעלען. און מיך וואונדערט גאָר ניט. מען מוז זיך אין איהר פערליעבען. דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, און מיר איז אויך אַזוי געגאַנגען, און איצט קענט איהר עס פּרובירען. וועט איהר געפינען געגענליעבע, וועל איך גאָר ניט האָבען דאַגעגען. דזשאָזעפּאַ קען מיך זעהר גוט. זי וויים, דאָס איך וועל ניט אויף אַ האָר שטערען איהר פרייהייט.

ליערס איז געשטאַנען, ווי פערשטיינערט. זאָ־וואָס האָט ער נאָך קיינמאָל ניט דורכגעמאַכט. איינער בעזיצט דאָס שעהנסטע אויף דיעזער וועלט, און זאָגט צו אַ צווייטען: „טהוט זיך אָן אַ כח, און נעהמט עס צו פון מיר. איך ווינש אייך פּיל גליק. אפשר וועט עס אייך געלינגען“.

און פרינדעל האָט צו איהם ווייטער גערעדט, ערקלעהרענדיג: מיר זיינען דאָך ניט אָבהענגיג פון אַ שקלאַפען־מאָראַל; מיר ווילען ניט זיין קיין בעזיצער און מיר ווילען ניט, אַז אַנדערע זאָלען אונז בעזיצען. אין אונז אַליין מוזען מיר ווערען פריי. דאָס איז די הויפּט־זאַך.

דער פּאָעט האָט שוין מעהר ניט געהערט. האָט זיך צוגערוקט נאָהענט צום בעט.

דזשאָזעפּאַ האָט נור־וואָס געעפענט די אויגען. זי האָט אַ קליינעם געשריי געטהאָן, איידער זי איז מיט איין שפּרונג געשטאַנען אויף די פיס, ווארפענדיג פערשלאָפענע בליקען אויף פרינדעל און דעם פּאָעט. איהרע האָר זיינען ווילד געפאַלען איבער איהרע אַקסלען און האָבען איהר געגעבען דעם אויסזעהן פון אַ געטין.

— שטעל דיר פאָר — האָט פרינדעל צו איהר געזאָגט — ער איז פערליעבט אין דיר ביז איבער די אויערען. ער האָט עס ניט געקענט אויסהאַלטען און איז אַזוי שפּעט אַרויפגעקומען אַהער. ער האָט עס מיר מודה געווען. נו, זאָג צו איהם עפּעס ליעבעס.

ליערס איז געשטאַנען, ניט קענענדיג זיך ריהרען מיט אַן אבר. דער מענש האָט פון איהם געמאַכט חוזק, האָט ער געטראַכט. דזשאָזעפּאַ איז אויך געבליבען שטום.

אויפגערעגט האָט דער פּאָעט איינגעקוקט זיך אין איהר פּנים, מורמלענדיג:

— עס איז אַלעס אמת, וואָס ער האָט איצט געזאָגט. נור ער האָט עס פון מיר אַלעס ארויסגעצויגען.

דזשאָזעפּא האָט אויסגעשאָסען מיט אַ שטאַרקען געלעכטער.

— דו ווילסט מיך פער'שדכ'ענען — האָט זי אויסגעשריען, און כאַפּענדיג איהר קייפּ און הוט, ניט אָנטהוענדיג זיי, איז זי ווי פערפּאָלגט, אַראָבגעלאָפען פון די טרעפּ.

פרינדעל האָט זיך אויף איין אויגענבליק ניט פערלאָרען.

— געהט איהר נאָך — האָט ער געזאָגט צום פּאָעט — אָבער שנעל — וויל זי איז פלינקער, ווי אַ יאגד־הונד.

— דער מאַן איז משוגע — האָט דער פּאָעט געטראכט. ער איז שרעקליך משוגע. דאָך האָט ער געפּאָלגט זיין עצה. ער האָט נאָך געהערט, ווי דער מעכאַניקער האָט איהם נאָכגעשריען:

— זי וואָהנט גרויסע פראנקפורטער שטראַסע, נומער צעהן.

.7

ביי דער זייט פון טהאָמאַס טרוק איז געגאַנגען אַ לעבערליך־קליינער מענשעלע. ער האָט געהאַט טוידט־טרויעריגע, כאָטש זעהר קלאָהרע אויגען.

אין דער פּוסטער אַלעע פון טהירגארטען האָט ער זיך אָבגעשטעלט, און מיט אַ זאַנפטען, כאָטש שטאַרק בעפעהלענדען בליק, האָט ער אויך געמאַכט טהאָמאַס טרוק זיך אָבשטעלען:

— איהר זיינט אויף אַ פאַלשען וועג — האָט אָנגעהויבען דער קליינער מענשעלע — איהר זיינט איינער, וועלכער זוכט און וויל אַבזיכטליך זיך אָבנאַרען. איהר זיינט דאָפּעלט אונעהרליך, וויל איהר נאַרט זיך אַליין אָב. מען הויבט אָן מיט'ן אמת אויף זיך אַליין.

— איך פערשטעה אייך ניט — האָט טהאָמאַס געענטפערט.

— ניין, איהר פערשטעהט מיך זעהר גוט.

אָבער טהאָמאַס האָט געטרייסעלט ענערגיש מיט'ן קאָפּ.

— נו, אויב אזוי, וועל איך עס אייך זאָגען.

טהאמאס האט ניט געוואגט צו קוקען דעם קליין מענשעלע גלייך אין די אויגען.

— ווארום ווארפט איהר בעגעהרענדע בליקען אויף א פרעמדע פרוי?

— האב איך דאס געטהאן? — האט ער געפרעגט דערשראקען און שטיל.

— איהר האט עס יא געטהאן. מיט אייערע בליקען האט איהר געמאכט א פראבע צו גנב'ענען א צווייטענס אייגענטהום. איהר זיינט אריין אין די הויז, פול מיט שטאלץ און חיטרעקייט. איהר האט זיך אבזיכטליך אנגעטהאן ארעם, ווייל איהר האט גע־וואלט, אז מען זאל אייך בעמערקען.

— ניין, דאס האב איך ניט געוואלט.

— איהר האט אנגעקוקט דיעזע פרעמדע פרוי און איהר האט זיך געפיהלט געקרענקט, ווען זי האט נור פאר א ווײלע אייך אויס־געמידען. איהר האט גערעדט מיט דעם מאן פון דיעזער פרוי, אין וועמעס הויז איהר זיינט געווען א גאסט. ווי א שמייכלער האט איהר זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער, טראכטענדיג די גאנצע צייט ביי זיך, ווי ביי איהם צוצונעהמען דאס, וואס איז ביי איהם דאס טהייערסטע. איהר לעבט אלזא ניט אין איינקלאנג מיט אייערע געפיהלען. איהר זיינט אונריין. די ריינע שטרעבען ניט נאך דעם בעזיץ פון אנדערע.

דער פרעמדער האט געשוויגען.

טהאמאס האט זיך געפיהלט זעהר נידערשלאגען, נור די לעצטע ווערטער האבען איהם אויפגעטרייסעלט.

— הערר, וואס איז דאס בעזיץ?

— דאס, וואס געהערט מיר, לויט געזעץ.

— קיין זאך בעזיצען מיר ניט, לויט רעכט. די, וועלכע האבען גערויבט פאר זיך דאס לאנד — האבען זיי עס מיט רעכט? אדער געהערט ניט דאס לאנד מיט מעהר רעכט דעם, וועלכער בעארבייט עס מיט דעם שוויים פון זיין פנים? האט דער פאטער א רעכט אויף זיין זוהן, וועלכען ער האט ארויסגעשיקט אין די וועלט, און האט ניט דעם מינדעסטען חלק אין זיין לייב און זיין נשמה? האט א מאן א רעכט אויף א פרוי און א פרוי אויף א מאן, ווייל זיי האבען

נור אין א געוויסע שטונדע פון זייער לעבען אויפגעשריבען אויף א ווייסען פאפיער זייערע נעמען, ערקלעהרענדיג זיך, אלס פערהייראט? בעזיצען זיי דען זיך ניט נור אזוי לאנג, ווי זיי האלטען זיך אומארמט, און איינער צום צווייטען זאגט: איך בעזיץ דיך, ווייל דו האסט מיך ליעב, ווייל דו לעבסט אין מיר, אזוי לאנג, ווי דו ליעבסט מיך. איך פרעג אייך, ווערט בעזיץ אויסגעפיהרט דורך געוואלד? איהר ענטפערט מיר ניט. איך זאג, אז בעזיץ איז עטוואס, וואס קען ניט זיין אייביג און וועלכען מען מוז קעמפפען פון שטונדע צו שטונדע. מיין, דיין און זיין זיינען ניט בעגריפע פאר די אייביגקייט און ניט פאר א שטונדע זאגאר. דאס לאנד, וועלכעס איך הער אויף צו בעארבייטען, ברענגט מיר ניט קיין פרוכט. נור די ארבייט מיינע גיט מיר דאס רעכט אויף בעזיץ. און אין דער ליעבע איז אפילו די ארבייט מיינע פון קיין נוצען און זאגאר מיין מענשליכקייט. מען גיבט זיך איבער אדער מען גיט זיך ניט איבער. מען גיט זיך איבער, ווייל מען מוז זיך איבערגעבען, און מען ענטזאגט זיך דאס צו טהאן צוליעב דעמזעלביגען גרונד. און עס איז א זינד צו האנדלען אנדערש.

דער קליינער מענשעל האט שווייגענדיג אויסגעהערט טהאמאסען, און האט איהם דאן געענטפערט:—איהר זיינט א זוכענדער, וועלכער מאכט א גרויסען טעות. בעזיץ, ווי איהר פערשטעהט עס, איז עטוואס ניעדריגעס און פון א זעהר קליינעם ווערטה. איהר זיינט א זוכענדער אהן גערעכטיגקייט און זיטליכקייט. איהר שטיצט זיך אפשר אויף געזעץ און מנהגים, וועלכע זיינען פערענדערליך, אבער איהר פערגעסט, אז עס איז דא א גערעכטיגקייט, וועלכע איז אייביג. ווער עס בעזיצט זיך זעלבסט, דער שטרעבט ניט מעהר נאך דאס, וואס מוז שטארבן, און פערגעהן, ווייל ער האט אין זיך גופא דעם מאסשטאב פון אייביגקייט. פערגעסט עס ניט, בלאנדזשעט ניט מעהר, ווייל איהר געהט אויף א פאלשען וועג.

טהאמאס האט איהם געוואלט ענטפערען, אבער דער פרעמדער האט איהם מיט'ן האנד צוגעמאכט דאס מויל. ער האט געוואלט עפענען די ליפען, אבער דער קליין מענשעלע איז שוין ניט מעהר געווען. ער האט איהם געוואלט נאכלויפען, האט זיך פאר זיינע

אויגען אוועקגעשטעלט א דיקע וואנד און האט פערדונקעלט אלעס ארום איהם.

אין דיעזען אויגענבליק האט זיך טהאמאס אויפגעכאפט פון שלאף.

.8

טהאמאס טרוק האט זיך געפיהלט ווי אין א גרויסען ים, וועמעס כוואליעס ווילען איהם פערשלינגען; ער האט זיך געפיהלט ווי געפאנגען פון א שטורם, געגען וועלכען יעדער קאמפף איז אומזיסט.

פרוי בערג איז געשטאנען פאר איהם אין זיין ארימען צימער, צופענדיג נערוועז איהר ווייסע שאל, וואס איז געווען ארום איהר האלז.

— ווארום רעדט איהר צו מיר גארניט? — האט זי איהם געפרעגט — איך שטעה פאר אייך, ווי א בעטלערין, און איהר ענטפערט מיר ניט קיין ווארט. האב איך אייך עטוואס בייזעס געטהאן? טו ערקלעהרט עס מיר! איידער אימיצער ווערט ער־קלעהרט פאר שולדיג, קלאגט מען דאך פריהער איהם אן, און מען גיט איהם א מעגליכקייט זיך צו פערטהיידיגען.

טהאמאס טרוק איז נאך אלץ געבליבען שטום.

— ווילט איהר אפשר מיט אייער שטילשווייגען מיר זאגען, דאס איהר זיינט פערטיג מיט מיר? דאס איז עטוואס, וואס איז נאך קיינמאל ניט פארגעקומען — האט זי ארויסגערעדט מיט א פיינדליכער שטימע — וועניגסטענס האט איהר דאך מיר געקענט ענטפערען. בין איך שולדיג, וואס א גראבער מענש האט אייך מיט עטוואס בעליידיגט אין מיין הויז? איז דאס די אורזאכע פון אייער כעס?

און ניט ווארטענדיג אויף אן ענטפער פון איהם, האט זי ארויסגעצויגען פון מופטע א בריעף, איהם דערלאנגט, זאגענדיג מיט א בעפעהלערישען טאן: — לייענט!

און שנעל איז ער מיט זיינע אויגען דורכגעלאפען פאלגענדע צייל‍ען:

„גנעדיגע פרוי! איך האב היינט ערהאלטען אייער בריעף,

דורך וועלכען איהר פערשליעסט פאר מיר די טיהרען פון אייער הויז. איך בין זעהר ערשטוינט. איך בין איבערצייגט, אז דאס טהוט איהר ניט, ווייל הערר טהאמאס טרוק וויל אזוי. און אין דעם געפיהל פון דעם אונרעכט געגען מיר ווארט איך אויף די צייט, ווען איהר וועט מיך צוריקרופען. אויב איהר פערלאנגט, וועל איך אויפזוכען הערר טרוק און איהם פרעגען, אויב איך האב איהם בעליידיגט. איך ווארט אויף אייער ענטפער, און מיט דער גרעס־טער אכטונג צו אייך שרייב איך מיך אונטער

אדוואקאט קארנפעלד".

טהאמאס האט איהר צוריקגעגעבען דעם בריעף.

— דער מאן איז פאלקאמען גערעכט — האט ער געענטפערט קאלט — דער מאן קען מיך ניט בעליידיגען.

זי האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט.

— בין איך עס אלזא געווען, וועלכע האט אייך בעליידיגט?

— יא, איהר זיינט עס געווען. איך בין געווען א גאסט אין אייער הויז, און איהר האט געטראכט נור פון זיך. פונקט, ווי יעמאלט, ווען פון אייער קוטשער האט זיך געגאסען די בלוט פון א גרויסער וואונד, און איהר האט עס גאר ניט בעמערקט, אזוי האט איהר אויך מיין בלוט ניט געזעהן. איך האט נור וועה געטהאן, וואס אין אייער פעסט־זאל — ער האט ניט געענדיגט, נור בלויז א קורצען שטעכעדיגען לאך געטהאן.

זי איז געווארען בלאס, און האט פערדעקט איהר פנים מיט די הענד. דאן האט זי די הענד שלאף אראבגעלאזען. עס האט איהם אויסגעזעהן, ווי איהר פנים איז דורכגעשניטען געווארען מיט א מאל פון פיעלע קנייטשען, און באלד וויעדער פערשוואונדען. זי איז געשטאנען א ווײלע ווי פערשטיינערט, און האט ארויסגע־שטאמעלט:

— דאס זאגט איהר מיר? גוט, גוט! איהר האט רעכט, הערר טרוק. עס איז פונקט, ווי איהר זאגט. איהר האט טאקע ממש מיר אין הארצען אריינגעבליקט.

און אויף איינמאל איז זי אזוי ווי אויסגעוואקסען פאר איהם. איהר מינע איז געווארען הארט, און מיט א קוים קענטיגען שאקי־ל פון קאפ האט זי פערלאזען זיין ארימע סאלקע.

טהאָמאס איז צוגעגאנגען צום פענסטער. ער האָט געזעהן אונטען אין גאס איהר קאָטש שטעהן, מיט דעמזעלביגען קוטשער, וועמען ער האָט געזעהן פערוואונדעט, האלטענדיג אין האנד א שטיקעל סיגאר און רויכענדיג גאנץ רוהיג. ער האָט געזעהן, ווי פרוי בערג איז אריין אין קאָטש, האָט זיך אוועקגעזעצט און איז אוועקגעפאָהרען, ניט ווארפענדיג איין בליק אויף צוריק.

טהאָמאס האָט נאָכגעקוקט יעדע בעוועגונג איהרע. ער האָט געהערט דאָס געררויש פון די רעדער. ער האָט געלאכט אין זיך, אום צו דערשטיקען עטוואָס, וואָס האָט איהם שטארק וועה געטהאָן. באלד האָט ער דערפיהלט, אז דיעזער לאכען טהוט איהם נאָך מעהר וועה. ער האָט אויפגעעפענט די פענסטער, פיהלענדיג זיך ווי געשטיקט אין דעם צימער. א שטעכענדע אונרוהיגקייט איז איהם בעפאלען. ער האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש, און האָט צו זיך צוגעצויגען א ווייסען בויגען פאַפּיער. ער האָט געפיהלט, דאָס זי איז געוואָרען הערשערין איבער איהם, און דאָס האָט איהם אי וועה געטהאָן אי געפרעהט. ער האָט אָנגעשריבען מיט גרויסע בוכשטאבען:

„איך וויל אייך היינט אבענד זעהן. איהר וועט קומען צו מיר. פון אכט א זייגער וועל איך זיין צו הויז. טהאָמאס טרוק."

און ניט איבערלייגענדיג זיך, וואָס ער טהוט, האָט ער דעם בריעף אריינגעלייגט אין א קאָנווערט, האָט עס צוגעקלעפּט, האָט ארויפגעוואָרפען אויף זיך דעם מאנטעל, און מיט'ן הוט אין האנד איז ער אראָבגעלאָפען פון די טרעפּ. ווי פון אימיצען געיאָגט, אָדער אויס מורא, אז אימיצער זאָל איהם ניט פערהאלטען, איז ער צוגעלאָפען צום בריעפקאַסטען ביין ווינקעל פון גאס און אריינגעוואָרפען דעם בריעף. ערשט ווען דער בריעף איז געווען אינעווענינ, איז איהם איינגעפאלען, דאָס ער האָט ניט ארויפגעלייגט אויף איהם קיין מארקע. דאָך האָט ער ווי אויפגעאָטהעמט, און ווי א פרעהליכער אינגעל האָט ער אויסגעפייפט א לוסטיגע מעלאָדיע, געהענדיג איבער די גאסען, ווי בערוישט.

9.

דער אבענד איז געקומען. טהאָמאס האָט ניט אָנגעצונדען

קיין לאמפּ. ער האָט מורא געהאַט פאַר די ליכטיגקייט. די דונ־קעלהייט האָט זיך בעסער געפּאַסט פאַר זיינע אונרוהיגע געדאַנקען. אויפגערעגט איז ער נעגאַנגען אין זיין צימער הין און צוריק, אָב־שטעלענדיג זיך פון צייט צו צייט און זיך צוהערענדיג. אָבער אַלעס איז געבליבען שטיל. קיין געררויש. עס איז געווען גאַנץ שוואַרץ אין צימער. ער האָט קיין זאַך אין איהם ניט געקענט זעהן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן סאָפע און האָט צוגעדריקט די הענד צו די אויגען. מאָדנע בילדער, איינער פאַנטאַסטישער פון צווייטען, האָבען זיך פאַר איהם געדרעהט, און פּלוצלונג איז זי פאַר איהם געשטאַנען אין איהר גאַנצער שטראַהלענדער ליכטיגקייט. ער האָט גלייך די הענד פון די אויגען אַוועקגענומען, און זיך צו־געהערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטהעם. ער האָט געהערט איהר גאַנג — זי איז עס געווען. זי האָט עס געמוזט זיין. מיט אונ־זיכערע פינגער האָט ער געעפענט די טיהר, און טאַפּענדיג די פּאַ־רענטשע, איז ער אַרונטער, און פּלוצלונג איז ער געשטאַנען אַנטקע־גען איהר, און זייערע הענד האָבען זיך פעראייניגט אָהן אירגענד אַ וואָרט. אַן אויגענבליק זיינען זיי געשטאַנען שטיל, פיהלענדיג נור זייער אָטהעמען. אָבער פּלוצלונג האָט זי מיט איהרע אָרעמס איהם אַרומגענומען.

— דאָ בין איך — האָט זי געזאָגט, איהם קושענדיג דורך איהר וואוּאַל.

— דו... דו... — האָט ער געשטאַמעלט. עס איז מיט אַ מאָל געוואָרען ליכטיג אַרום איהם. דער הימעל האָט זיך פאַר איהם געעפענט, און מלאכים אין ווייסע קליידער האָבען געטאַנצט לוסטיג אַרום איהם. דאָס האָט געדויערט נור אַ סעקונדע.

זי האָט זיך אָנגעהאַנגען אָן זיין אָרעם, און פאַרזיכטיג האָט ער איהר אַרויפגעפיהרט, ווי מען פיהרט עטוואָס זעהר טהייערעס, וואָס קען פון דעם מינדעסטען ריהר צושעדיגט ווערען.

ער האָט געוואָלט אָנצינדען דעם לאָמפּ, אָבער זי האָט איהם געזאָגט, אַז מען דאַרף ניט, און ווידער האָט זי איהם געקושט, אָבער דיעזעס מאָל, אויפהויבענדיג דעם וואוּאַל. מיט זיין גאַנצער קראַפט האָט ער איהר צוגעצויגען צו זיך, אַזוי דאָס זי האָט אויפ־געשריען, אָבער גלייך האָט זי ערקלעהרט, אַז דאָס אַרט איהר ניט.

— איך האָב געוואוסט, אז דו וועסט קומען.

— איך האָב געווארט אויף דיין בעפעהל. און דו האָסט געמוזט מיך רופען.

ער האָט איהר צוגעצויגען צום אָפענעם פענסטער. דער שנעע־שטורם האָט זיי געיאָגט אין די פּנים'ער, און זיי האָבען געלאַכט, ווי קינדער. אָבער באלד האָט ער מורא געקראָגען, אז זי קען זיך נאָך פערקיהלען און האַסטיג האָט ער צוגעמאכט דעם פענסטער. ערשט דאַן האָט ער אָנגעצונדען א ליכט.

זי איז געשטאַנען אין אַן ענגלישען שווארצען טוך־דזשעקעט, וועלכער איז געווען גאַנץ איינפאַך. אויפ'ן קאָפּ האָט זי געטראָגען אַן איינפאכען גרויען פילץ־הוט, וועלכע איז געווען פערפּוצט מיט א האָהן־פעדער. קיינמאָל איז זי איהם אַזוי ניט געפעלען געוואָרען, ווי איצט. זי האָט איהם אויסגעזעהן אַזוי יונג, אַזוי פריש. און זי האָט עס געפיהלט. איהר פּנים האָט געלויכטען מיט מוטהיגקייט.

— אָה, ווי שעהן דאָס איז צו קומען בגנבה צו דעם ליעב־סטען — איך האָב גאָר קיינמאָל ניט געוואוסט, אז דאָס אַליין איז אַזאַ פערגעניגען.

ארויסרעדענדיג דיעזע ווערטער, האָט זי זיך אומגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען, אויסמיידענדיג זיין בליק.

— קום! — האָט זי געבעטען שטיל.

ער האָט אָנגעטהאָן דעם מאַנטעל, און זי האָט זיך וויעדער בעדעקט דעם פּנים. זי האָט אריינגעלייגט איהר אָרעם אין זיינעם, און ניט קוקענדיג אויף די פינסטערנים, האָבען זיי, ווי קינדער, גע־שפּרונגען פון די קרומע טרעפּ. זיי האָבען ניט געפיהלט דעם שנעע־שטורם אונטען אין גאַס. זיי האָבען זיך אַלץ פעסטער און פעסטער געדריקט איינער צום צווייטען.

— וואונדערסטו זיך גאָר ניט, דאָס איך געה מיט דיר?

— ניין, איך וואונדער מיך ניט. און דער „דו" האָט איהם דורכגעדרונגען, ווי א פייערדיגען שטראָם. אין דיעזער שטונדע האָט ער זיך געפיהלט אַזוי שטארק, ווי בייצוקומען די גאנצע וועלט.

— מיין מאַן איז אַוועקגעפאָהרען אויף א זיצונג פון די באַנק־דירעקטאָרען.

דיעזע ערקלעהרונג האָט איהם פאָר אַן אויגענבליק ניכטער

געמאכט. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן דעם קליינעם מענשעלע, וועלכען ער האָט געזעהן אין חלום, און עס האָט איהם א שוידער געטהאָן.

— פיהלסטו זיך אפשר ניט גוט?

— ניין!

זי האָט זיך פעסטער צוגעדריקט צו איהם, און דער קליינער מענשעל איז ווי פערשוואונדען פון זיינע אויגען. ער האָט ווידער פריי אויפגעאָטהעמט.

— איך בין יונג — האָט ער געזאָגט מעהר פאר זיך, ווי צו איהר — איך האָב דאָס רעכט אויף ליעבע.

— קיינער זעהט מיך ניט, קיינער דערקענט מיך ניט — האָט זי צו איהם געזאָגט.

— און אז יא?

— ניין, קיינער וועט מיך ניט דערקענען.

— אָבער, אז יא?

זי איז שטעהן געבליבען און איהם אָנגעקוקט ערשטוינט.

— וואָלט אויך ניט געווען קיין גרויסער אונגליק — האָט זי געענטפערט שטיל — איך ליעב דיך, איך ליעב דיך.

די מענשען זיינען פערבייגעלאָפען זיי. אלע האָבען זיך געאיילט צו קומען וואָס גיכער אהיים אין דיעזען שטורם. זיי אָבער האָבען גאָר ניט געפיהלט, ווי עס שנעעט. זיי האָבען געלאַכט און גערעדט הויך איינער צום אנדערען, און טהאָמאסען האָט אלץ געדרעהט זיך אין קאָפּ דער געדאנק: „אָה, וועלט, ווי וואונדערשעהן דו ביסט!" אויף זיין הייסען פּנים זיינען געפאַלען שטיקער שנעע און איהם איז געווען דערפון אזוי אַנגענעהם. די ביטערע קעלט האָט דורכגעדרונגען זיינע גליעדער און האָט איהם שטארק געמאכט. ער האָט נור געטראַכט, ווי גוט וואָלט עס געווען, ווען דיעזער אבענד וואָלט זיך קיינמאָל ניט געענדיגט.

איינמאָל האָט זיי איינער אריינגעקוקט חוצפּה'דיג אין פּנים, אזוי דאָס רעגינא האָט אזש אויפגעציטערט. אָבער גלייך האָט זי ווידער געשמייכעלט.

זיי זיינען אריין אין א ווייז־רעסטאָראַן. א קעלנער אין א

פראק האָט מיט א העפליכער האנד־בעוועגונג ארייננעפיהרט זיי אין א קליינעם עלעגאנטען צימער.

— ווען די הערשאפטען וועלען מיך בעדארפען, ביטע אָנצור קלינגען.

זיי האָבען זיך נייגעריג ארומגעקוקט אין צימער, רעגינא האָט אויסגעטהאָן איהר דזשעקעט און איז געשטאַנען פאר איהם אין אן איינפאכע ברוינע קליידעל.

זי האָט א לייכטען פאטש געטהאָן מיט די הענדלאך איהרע און אויסגעשריען ענטציקט:

— אָה, ווי זיס עס איז דער געפיהל, אז דו ליעבסט מיך. קום, ציה מיר אראָב די הענדשקעס.

ער האָט עס פרובירט, אָבער ער האָט עס געטהאָן זעהר אונ־ געשיקט.

— אָה, וואָס פאר א בער דו ביסט — האָט זי געלאכט — ניין, ניין, דו ביסט ניט קיין בער. דו זעהסט אויס, ווי א פערשטעלטער פרינץ — און גאנץ ערנסט האָט זי צוגעלייגט — עס וואָלט מיך ניט געוואונדערט, ווען דו וואָלסט גאנץ פלוצלונג זיך ערקלעהרט, אלס פירשט שוואוואלאָוו.

— ווארום עפעס גראדע שוואוואלאָוו? — האָט ער געפרעגט ערשטוינט.

— אך, אזוי, א רוסישער פירשט וואָלט מיר געוועזען אם ליעבסטען.

— מוז עס דוקא א פירשט זיין?

— עס מוז ניט, ווייל איצט ביסטו פאר מיר מיין פירשט.

— דאָס בין איך!

— איך גלייב, אז דאָס ביסטוווירקליך. דו פערשטעלסט זיך, און דו מאכסט חוזק פון דער גאנצער וועלט. דו וואָהנסט אין אן אָרימען צימער, ווייל דיר איז מיאוס געוואָרען דער גאנצער לוקסוס.

עטוואָס אין איהר לוסטיגער פלאפלעריי האָט איהם טרויעריג געמאכט.

— קום, לאָמיר קויפען פערשיעדענע זאכען. איך וויל עסען ביי דיר אין צימער.

ער האָט אָנגעקלונגען, און דער קעלנער איז גלייך אריין.

— איהר — טהאָמאַס איז געבליבען שטום אויף א ווײַלע, ניט וויסענדיג, ווי צו ריידען צו איהר אין אימיצענ׳ס אַנוועזענהייט, און גאַנץ צומישט האָט ער ארויסגעבראַכט די ווערטער:

— מיר מוזען געהן. ער האָט דעם קעלנער אריינגעדריקט א גאָלדענע מטבע.

דיעזער האָט זיך טיעף פארבויגט פאר איהם, דערלאַנגענדיג איהם דעם מאַנטעל, און וויעדער זיינען זיי געוועזען אויפ׳ן גאַס.

אַלעס איז געוועזען פאר איהם אזוי אונערוואַרטעט, אזוי מאָדנע שעהן און ער האָט צו איהר געזאָגט:

— זאָג מיר, חלום איך, אָדער צו בין איך וואַכענדיג.

— דו ביסט וואַכענדיג — האָט זי געענטפערט גליקליך.

זיי זיינען אריין אין א דעליקאַטעסען־סטאָר. זי האָט זיך געהייסען געבען: א האַלב־פּערטעל אַסטראַכאַנער קאַוויאַר, א האַלב־פּערטעל שפּיקגאַנז, א האַלב־פּערטעל צונג, געראויכערטע לאַקס, וואורשט, פּוטער און נאָך איניגע זאַכען.

— ווילסטו נאָך עטוואָס, קינד? — האָט זי איהם געפרעגט.

— ניין — האָט ער ארויסגעשטאַמעלט צוטומעלט, דערלאַנגענדיג זיין ביל ביי דער קאַסע. ער האָט בעצאָהלט 5 מאַרק. אין דיעזען אויגענבליק איז עס איהם אויסגעקומען צו זיין אזוי וועניג געלד. אין א טהעע־געשעפט האָבען זיי געקויפט טהעע, און דאַן זיינען זיי אַוועק אַהיים.

די אַלטע פרוי, ביי וועמען טהאָמאַס האָט געוואָהנט, האָט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע האַלב־בלינדע אויסגעסטאַרטשעטע אויגען. זי האָט איהם ניט פערשטאַנען. זי האָט אויך ניט בעגריפען, וואָרום „די גנעדיגע פרוי“ פערלאַנגט פון איהר טעלער, גאָפּעל און מעסער, א טישטוך. „די גנעדיגע פרוי“ איז אריין מיט איהר אין קיך, און די אַלטע האָט געבויגען אונטערגעהונקען ארום איהר, ערקלעהרענדיג, אז קיין ווייסען טישטוך האָט זי ניט, נור זי האָט קליינע סערוועטקעס. אָבער זי האָט טעלער, כאָטש גאַנץ איינפאַכע, און אויך א פּאָר מעסער, וועלכע זיינען א ביסעל שטומפּיג, אָבער אין א נויטה קען מען זיך מיט זיי בענוצען.

זי האָט געדעקט דעם טיש, װעהרענד די אַלטע פרוי האָט גע־שטעלט דאָס װאַסער קאָכען אויף אַ קליינעם פייער.

קיינמאָל האָט טהאָמאַס זיך געפיהלט אַזוי גליקליך. איצט, האָט ער זיך געטראַכט, קען מען זיך מאַכען אַ פאָרשטעלונג, װי דאָס איז, װען מאַן און פרוי הויזען צוזאַמען; װי זי דעקט דעם טיש און פרעהט זיך מיט יעדען ביסען, װאָס מען װעט צוזאַמען עסען. װי מען לאַכט אין מיטען עסען, װי מי קוקט זיך אָן איינער דעם צװייטען אין אַ צערטליכען פערלאַנגען, און װי מען דענקט נור פון זיך און מען פערגעסט אַלעס אַנדערע. און עס איז איהם פאָרגע־קומען, װי עס איז גאָר ניטאַ קיין אַנדער גליק, װי צװישען מאַן און פרוי.

— דו, איך מוז נאָך אַ מאָל ארונטערגעהן — האָט זי צו איהם געזאָגט.

און ניט צושפּיליענדיג איהר דזשעקעט, און ארויפזעצענדיג דעם הוט איהרען עטװאָס קרומלעך אויפ'ן קאָפּ, איז זי לוסטיג פארביינגלאָפען פארביי איהם און איז ארויס פון צימער.

דער װאַרטען אויף איהר צוריקקומען, האָט איהם אויסגעזעהן אַן אייביגקייט. ער האָט געקוקט אויפ'ן זייגער. ער איז צוגע־גאַנגען צום פענסטער. ער האָט מיט אַ מאָל מורא געקראָגען, אַז דאָס אַלעס איז געװען נור אַ חלום — אַז נאָך דעם גרויסען גליק, װאָס זי האָט איהם געגעבען, איז זי פּלוצלונג אװעק, איבערלאָזענדיג איהם אין זיין איינזאַמקייט.

װען זי איז צוריקגעקומען, איז די האָר אויפ'ן קאָפּ ביי איהר געװען צװאַװאָרפען און די אויגען האָבען געפינקעלט. פון אַ װייסען זיידענפּאַפּיער האָט זי ארויסגענומען פערשיעדענע בלומען, און זיי אװעקגעשטעלט אויפ'ן טיש. דאָס צימער איז פערװאַנדעלט גע־װאָרען אין אַ סאַד, און איהם האָט זיך אָבגעדוכט, דאָס ער איז ביי זיך אין דער היים. דער טיש איז צוגערוקט געװאָרען צו דער סאָפע, און די אַלטע װירטהין האָט אריינגעטראָגען די פאַרעדיגע טהעע.

מיט געשיקטע פינגער האָט רעגינאַ צורעכט געמאַכט דאָס עסען, און דעם ערשטען קאַװיאַר־ביסען האָט ער געמוזט נעהמען פון איהר האַנד. זי האָט געציטערט, װי אַ פייגעלע. עס האָט

געשפראָצט פון איהר מיט אַן אינערליכער לעבעדיגקייט, לוסטיג־קייט, און טיעף געריהרט האָט זי איהם געפרעגט:

— זאָג מיר, ווי ליעב דו האָסט מיך.

— איך קען עס גאָר ניט אַרויסריידען.

— זאָג עס, איך בעט דיך.

זיינע האַלז־מוסקולען האָבען געציטערט, זיינע ליפּען האָבען זיך בעוועגט.

זי האָט געזעהן, ווי שטאַרק ער פיהלט.

— זאָג עס, איך בעט דיר — האָט זי איהם ווידער געבעטען.

— איך האָב דיך אַזוי ליעב, דאָס איך בעגרייף צום ערשטען מאָל, ווי אַזוי אַ מענש קען אויס ליעבע ווערען אַ גנב, אַ מערדער. איך פערשטעה, ווי דאָס איז מעגליך, אַז אַ מענש זאָל פערלירען זיין ווילען, און פיהלען ווי אַ דונקעלע מאַכט טרייבט איהם מיט אַ בלוטיגען בייטש.

— אָה, דאָס איז שעהן, ווען אַ מענש ליעבט אַזוי! — האָט זי געזאָגט.

ער איז ערשטוינט געוואָרען פון איהר ענטפער. זי האָט עס בעמערקט, און האָט גענומען זיין האַנד אין איהרע.

— איך מיין — האָט זי ערקלעהרט, — אַז דאָס איז דאָס טיעפע און דאָס אמת'ע. דער פערשטאַנד הערט אויף, די אַלע קליינליכע אויסרעכענונגען פאַלען אַוועק. מען ליעבט זיך איינפאַך, און מען פערגעסט אַן אַלעס. עס איז ניטאָ קיין רעליגיאָן, ניטאָ קיין מאָ־ראַל, מי ווערט, ווי דו דריקסט זיך אויס אַזוי פּראַכטפול, אַ גנב אָדער זאָגאַר אַ מערדער.

זי איז געשטאַנען גאַניץ בלאַס פון אויפרעגונג. איהר בליק איז שוין ניט געווען מעהר אַזוי טוידט, ווי געוועהנליך. איהרע אויגען האָבען איצט געגליהט, ווי שטראַהלענדע דימענטען.

— דו וואונדערסט זיך, מיך אָנקוקענדיג — האָט זי געזאָגט — דו וואונדערסט זיך, ווי מי קען מיט פרייד זיך ערקלעהרען פאַר פעהיג צו אַזעלכע שרעקליכע זאַכען; אָבער גלויב מיר, דאָס מיט אַכט טעג צוריק וואָלט איך אַליין ניט געגלויבט, אַז עטוואָס עהנלי־כעס קען מיט מיר פּאַסירען. און דו ביסט שולדיג אין דעם. דו אַליין. און דאַן קענסטו עס דען ניט פערשטעהן, ווי דער, וועלכער

זיצט געפאנגען אין א גאָלדענער שטייגעל, איז מקנא די פרייהייט פון די אנדערע? און דאָס די ליעבע קומט איהם נור דאן פאַר גרויס און שטארק, ווען זי צוברעכט אלע שראנקען, און שרעקט זיך ניט אָב ניט פאר גנבה און זאָגאר ניט פאר מאָרד? איך קום מיר פאָר אליין אזוי מאָדנע. קיינמאל וואָלט איך ניט געגלויבט צו קענען אזוי ריידען.

זי האָט זיך צוגערוקט צו איהם, האָט זיך עטוואָס אויפגע־הויבען און ארומגענומען זיין האלז מיט איהרע אָרעמס.

— זאָג, ווען אין אונז איז דאָ אזעלכעס, מוז עס דען ניט זיין אמת און טיעף?

איהרע ווערטער האָבען געמאכט אַן איינדרוק אויף איהם, און ער האָט געענטפערט:

— עס איז דאָ עטוואָס אין דיין פראגע, וואָס ריהרט אָן דעם סוד פון אלע סודות, און איבער וואָס מאנכער האָט זיך שוין דעם קאָפּ צובראָכען. וואָס עס איז דאָ אין אונז, איז טיעף; דאָס, וואָס איז, איז אמת און נויטיג, מעג עס אונז ברייגנען ליידען, קראנקהייט און אלערליי צרות.

זי האָט ארויפגעלעגט איהרע הענד אויפ'ן שטערען, זאָגענדיג:

— דו, דאָס אלעס איז צו שווער פאר מיר. איך קען ניט דענקען.

— ניין, דו קענסט, דו מוזט. זאכען, וועלכע מיר קענען ניט פערשטעהן צוליעב אונזער בעשרענקטקייט, האָבען אין דער נאטור זייער געוויסען ציעל; און מעגען זיי פיהרען צום קאמפּף און צום טויט, ברענגען זיי דאָך לעבען און ענטוויקלונג. וואָס איז דען דאָס שטארבען פון אנדערע, אויב ניט א נייע געבורט און ענטוויקלונג! דאָס וואָס שטארבט, מאכט פּלאַץ פאר דאָס, וואָס איז איגגער און שטארקער. און דארום קען מען ווירקליך זאָגען, אז אלעס, וואָס איז אין און ארום אונז, געפינט זיך אין דעם איניגסטען צוזאמענ־האנג מיט דער נאטור, כאָטש מיר קענען עס ניט בעגרייפען. אין אונז זיינען דאָ אזוי פיעל ליידענשאפטען, אינסטינקטען, געפיהלען, וועל־כע געגענזייטיג בעקעמפּפען איינע די אנדערע, דאָס אויך דאָ מוז איינס אָבטרעטען דעם פּלאַץ פאר דאָס צווייטע, און דאָס בעשטימט אונזער לעבען.

— דאָס אלעס איז אזוי שווער, אזא רעטעניש.

— יא, מיר אלע זיינען א רעטעניש. האסטו זיך קיינמאל ניט בעשעפטיגט מיט דיזע געדאנקען?

— ניין, איך האב מיך אבגעוועהנט פון דענקען. איך לעב אזוי און דענק גאר ניט. ער זאגט, אז דענקען איז איבעריג.

— האסטו קיינמאל ניט געהאט קיינע רעליגיעזע פארשטעלונ־גען?

— ניין, איך האב ניט קיין רעליגיאן, איך גלויב אין גאר ניט. עס איז מיר געראטהען צו פערגעסען אן אלע די פארשטעלונגען פון גאט. גאט איז אויסגעלאשען אין מיר. אויך דענק איך קיינמאל ניט פון טויט. קיינמאל געה איך ניט ארויף אויף א בית־עולם, און איך וויל גאר ניט דענקען פון דעם.

פאר א קורצע ווײלע זיינען זיי ביידע געוועזען פערטיעפט אין געדאנקען, און זיי האבען זיך ביידע דערשראקען, ווען די אלטע האט אריינגעשטעקט איהר קאפ אין טהיר, פרעגענדיג אויב דער העדר דאקטאר וויל נאך עטוואס, ווייל זי איז מיעד און מוז געהן שלאפען.

— געהט רוהיג שלאפען — האט טהאמאס צו איהר געזאגט.

אבער די אלטע איז ניט־אוועק גלייך. זי איז אריין אין צימער, און מיט א לעבערליכען אויסדרוק פון עהרפורכט האט זי זיך פער־בויגט פאר פרוי בערג, דערלאנגענדיג איהר איהר אלטע, צוקנייטשטע האנד. רעגינע האט איהר קוים אנגעריהרט. עס האט איהר כמעט ווי געווארפען אין קעלט ביי דעם אנבליק פון דער אלטער ארעמער פרוי. זי האט געמורמעלט עטוואס אונפערשטענדליכעס, האט ארויס־געצויגען א גאלדשטיק פון קעשענע און האט עס איהר אריינגעדריקט אין האנד.

די אלטע האט געמאכט א צושראקענעם פנים, האט פאר א ווײלע אנגעקוקט טהאמאס טרוק, און האט צוגעמאכט די טהיר הינטער זיך.

נאך א קורצען שטילשווייגען האט זי צו איהם געזאגט:

— גלויבסטו אויך אין דעם, דאס די אלטע ווייבער ברענגען אונגליק?

ער האט איהר מעהר ניט געענטפערט. עס איז געווארען אזוי מערקווירדיג ערנסט אין דעם צימער. אלע ליעבעס־ווערטער זיינען

פערשטומט געוואָרען, און גראַדע דיעזע פּלוצלונגע ערנסטקייט האָט זיי נאָך ענגער צונויפגעבונדען.

פונקט ווי זיי וואָלטען צווישען זיך אָבגערעדט, זיינען זיי מיט איינמאָל אויפגעשטאַנען, צורוקענדיג זיך צום אָרעמען קאַלך־אויווען, ארויפלעגענדיג ביידע אויף איהם די הענד. זיי האָבען זיך צולאַכט מיט אַ קלינגענדען געלעכטער, דערפילענדיג ווי קאַלט דער אויווען איז, אָבער איהרע הענד, וועלכע האָבען זיך געטראָפען מיט זיינע, האָבען געציטערט, און אדויסגעשטראַלט פון זיך אַ וואַרעמקייט. זיי האָבען קיין וואָרט ניט גערעדט.

באַלד האָבען זיי פערלאָזען דעם פּלאַץ און וועהרענד זי האָט זיך אָנגעטהאָן, האָט זי צו איהם געזאָגט:

— ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי שעהן דאָס איז געוועזן.

און איידער ער האָט עס איהר געקענט פערוועהרען, האָט זי געבאָפּט זיינע הענד און האָט זיי געקושט.

ער האָט ניט געטאָרט איהר אָבפיהרען אהיים. אין אַ פערמאַכטע דראָזשקע האָט זי פערלאָזען די אָרעמע געסעל. איידער זי איז אריין אין דראָזשקע האָבען זיי זיך לאַנג, לאַנג אָנגעקוקט.

ווען טהאָמאַס איז ווידער אריין אין צימער, האָט ער זיך ניט אויסגעטהאָן, נור ער האָט געלעזען, ביז עס האָט אָנגעהויבען טאָגען. אָבער, וואָס ער האָט געלייענט, האָט ער ניט געוואוסט.

## 10.

טהאָמאַס טרוק האָט זיך אויף מאָרגען פריה אויפגעכאַפּט, זיצענדיג אויפ'ן שטוהל. דאָס בוך האָט זיך ארויסגעגליטשט פון זיינע הענד. דער קאָפּ האָט איהם וועה געטהאָן.

מיט מיה און לאַנגזאַם האָט ער זיך ערשט געקענט דערמאָנען אָן דאָס, וואָס האָט פּאַסירט לעצטען אבענד. אַלעס איז איהם פּאָרגעקומען, ווי איינגעוויקעלט אין אַ טומאַן, אַזוי ווי דאָס אַלעס, וואָס איז פּאָרגעקומען, וואָלט זיך איהם נור גע'חלום'ט. ערשט פּאַמעלעך, ווען פערשיעדענע איינצעלהייטען האָבען אויפגעלעבט אין איהם, האָט ער מעהר ניט געצווייפעלט, אַז די לעצטע נאַכט מיט אַלע איהרע פּאַסירונגען זיינען געווען אַ ווירקליכקייט.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן יעדען טאָן פון איהר יעדען וואָרט, אָן יעדען שאָטען און קאָליר, וואָס האָט זיך אזוי אָפט געביטען אויף איהר פנים. פון צייט צו צייט האָט ער געהאַלטען צוגעמאַכט די אויגען, אום נאָך שטאַרקער צו פיהלען אַלע נעכטיגע איינדריקע, ביז ער האָט זיך דערמאָנט אָן איהרע ווערטער: „דאָס, וואָס איז דאָ אין אונז, דאָס מוז דאָך אמת זיין".

אָבער וואָס איז אין אונז? — האָט ער ווייטער געשפּונען זיין געדאַנק. וואָס בלייבט אין אונז, ווען עס ווערען אַוועקגעוואָרפען די אַלע שאָלעכצען און הייטלעך? און איז עס מעגליך, אויפּטרייסלענ־דיג אין זיך אַלעם אירדישעס, צוצוקומען ענדליך צו די וואָרצלען פון דער אייגענער פּערזענליכקייט? און וויפיעל מענשען גיט זיך דאָס איין דיעזע ארבייט?

דאָס אינערליכע אין דעם מענשען איז דאָך גלייך צו א געדיכ־טען אַלטען וואַלד, פול מיט פערשיעדענע בוימער, פּלאַנצונגען און אויך מיט פערשיעדענע קליינע און גרויסע חיות. יעדע פון זיי האָט איהר שטימע, און דיעזע אַלע טענער מאַכען אַזאַ זשומעריי, אַזאַ גערויש, אַז עס איז אונמעגליך צו הערען עפּעס קלאָהר. יעדער טאָן, יעדע שטימע פערלאַנגט נאָך עפּעס אַן אנדער זאַך, און עס איז אונמעגליך צו הערען, וואָס דיעזע אַלע פערשיעדענע שטימען ווילען און שרייען. און אפילו אז מען זאָל שוין הערען יעדע פון דיעזע קליינע און גרויסע חיות, וואָס שרייען אין דעם מענשען, ווער קען אָבער אָט דיזע אַלע געשרייען און ווינשע ברענגען אין א געוויסע האַרמאָניע? ווער קען זיך שאַפען ליכט אין דיעזע פינסטערנים פון דעם געדיכטען וואַלד? און ווער האָט דעם מוטה דערצו זיך צו מאַכען א וועג דורך דיעזע פיעלע קולות?

איז עס ניט פיעל גלייכער זיך גאָר ניט צוצוהערען צו די אַלע שטימען, צו פערטויבען, דערשטיקען אָט די אַלע משונה'דיגע קולות? איז עס ניט נאַריש צו פערלירען דאָס לעבען, די יוגענד, דאָס פערגעניגען, און זיך פערנעהמען מיט זוכען פון אמת, פון א וועג? אָבער, צוריק גערעדט, איז דען ניט דיעזער זוכען גופא דאָס סאַמע לעבען? איז דען ניט דאָס גופא אונזער הייסעסטער שטרע־בען? און פיהלט זיך ־ען ניט אונגליקליך דער מענש, ווען מען שניידט איהם אָב די פליגלען פון זיין שטרעבונג?

אָבער וואָס איז דאָס אזעלכעס שטרעבען? — האָט טהאָמאָס טרוק געפרעגט ביי זיך אליין. אפשר איז דאָס גאָר א זעלבסט־נארעריי, א שאָטען, עטוואָס וואָס איז ליידיג, וואָס האָט ניט קיין אינהאלט, אן אָבשטראהלונג בלויז? אן אָבשטראהלונג! נו, מוז דאָך שוין זיין עטוואָס ממשות'דיגעס, פון וואָס דיעזע אָבשטראלונג זאָל קומען. איז עס דאָך שוין ווידער עטוואָס ראַיעלעס.

זיינע געדאנקען האָבען איהם געבראכט שמערצען; ער האָט זיך אויסגעטהאָן זיינע קליידער און האָט פערוואנדעלט זיין צימער אין א קליין בעדעל. ער האָט איבער זיין קערפּער געגאָסען גאנצע שטראָמען קאלטען וואסער, און ניט אָבווישענדיג זיך, נאסערהייד האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין בעט. ער האָט געפיהלט, דאָס עס וואָלט געוועזען נאריש צו געהן היינט אין אוניווערסיטעט. ער וועט דאָך זאָ־ווי־זאָ ניט פערשטעהן קיין וואָרט. און ווען ער וואָלט אפילו עפּעס יא פערשטאנען, וואָלט דאָך איהם אלעס פאָרגעקומען אזוי קינדיש און פון אזא קנאפּער וויכטיגקייט.

דאָס איז געוועזען דער לעצטער געדאנק זיינער. נאָכהער האָבען נור דונקעלע געפיהלען איהם דורכגענומען. ער האָט געפיהלט, ווי דער נאסער קערפּער זיינער ווערט טרוקען אונטער דער קאָלדרע, און ווערט איהם אלע מאָל ווארעמער, ביז עס האָט זיך איהם געדוכט, אז א פייער־שטראָם געהט דורך דורך זיינע ביינער. און מיט דיעזען לעצטען געפיהל איז ער אזוי שטארק איינגעשלאָפען, דאָס ער האָט ניט געהערט זיין אלטע ווירטהין אריינקומען אין צימער, אום דאָרט אויפצוראמען.

ער איז אזוי אָבגעשלאָפען ביז צוויי נאָכמיטאָג. ווען ער איז אויפגעשטאנען קרעפטיג, האָט איהם בעהערשט בלויז דער איינציגער געדאנק:

„עס איז ניטאָ קיין שעהנערע און בעסערע זאַך, ווי צו זיין פערליעבט. איך בין יונג, איך בין גליקליך, איך בין פערליעבט“.

לוסטיג האָט ער זיך אָנגעטהאָן, אונטערפייפענדיג א פרעהליך ליעדעל. ער האָט ניט געקאָנט איצט פערשטעהן, ווי קען מען עס זיין אזוי קינדיש אימער־צו גריבלען זיך, פילאָזאָפירען. ווער עס געניסט ניט, דער לעבט ניט, האָט ער גערעדט צו זיך אליין, און מיט איינמאָל האָט ער זיין גאנץ לעבען בעטראכט איצט אין א

גאַנץ אַנדער ליכט. אַלע זיינע פריהערדיגע אידעען זיינען איהם פאַרגעקומען ווי אינגעלשע פאַנטאַזיעס. ערשט, די ליעבע האָט איהם צייטיג געמאַכט, געמאַכט איהם פאַר א מאַן.

ער האָט פעררויכערט א פייפ און איז אַרויס אויפ'ן גאַס.

.11

ער איז אוועק אָהן א ציעל, גאָר ניט פרעגענדיג זיך וואוהין ער געהט. ער האָט געפיהלט אַזוי גוט. איצט ערשט האָט ער פערשטאַנען. ווי עס פיהלט זיך איינער, וואָס איז רייך. איהם האָט זיך אָבגעדוכט, דאָס ער איז א מיליאָנער! די גאַס האָט געהערט צו איהם, און האָט זיך צוליעב איהם פערוואַנדעלט אין א סאָד. דורך שאָטענדיגע אַלעען איז ער געגאַנגען, און האָט געלאָזט די שטראַלען פון דער זון אַראָבפאַלען אויף איהם, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דערמיט געטהאָן דעם גרעסטען געפאַלען.

פלוצלונג איז אימיצער, א קליינינקער, א דאַרינקער מענשעלע צו איהם צוגעגאַנגען, און האָט איהם שטילערהייד אַריינגעשושקעט אין אויער

— אַה, ענטשולדיגט, איהר זייט עס הערר טהאָמאַס טרוק?

— געווים בין איך עס.

— נו, טו לאָזט מיר טאַקע אייך ווינשען גליק. די גאַנצע שטאָדט רעדט דערפון. וויפיעל יונגע לייט האָבען זיך דאָס געמאַטערט צו געווינען די ליעבע פון דער גנעדיגער פרוי, און נור אייך האָט זיך עס איינגעגעבען. אייך אַליין. איהר זייט ווירקליך א גליקס־קינד.

און דער קליינער הערר איז פלוצלונג פערשוואונדען.

טהאָמאַס טרוק האָט ניט אָנגעהויבען צו פיהלען זיך פערוואונדערט. איהם איז דאָס פאָרגעקומען גאַנץ נאַטירליך, אַזוי ווי דאָס וואָלט גאָר ניט געקענט זיין אַנדערש. ער האָט געבלאָזען דעם רויך פון זיין פייפ אין געדיכטע וואָלקענס. ער האָט געפיהלט, ווי איינער, וואָס געהט אויף א זיכערען וועג.

מיט אמאָל האָט ער דערהערט איינעם שרייען:

— הערר טרוק! הערר טרוק!

רופט איהם אימעצער? ער האָט זיך אומגעדרעהט, און ניט זעהענדיג קיינעם, האָט ער געמיינט, אז דאָס מוז ווידער זיין עטוואָס, וואָס האָט זיך איהם אָבגעדרוכט.

— הערר טרוק!

און ווידער האָט ער זיך ארומגעקוקט. דאָס איז אָבער מערק־ווירדיג. נאַ, מעג מען שרייען „טרוק", וויפיעל מען וויל, ער וועט ווייטער געהן. אָבער אין דיזען אויגענבליק, ווי ער האָט געפּאסט זיין בעשלוס, האָט ער זיך דערשראָקען. ער האָט זיך דערמאָנט, אז די שטימע, וועלכע האָט איהם גערופען, איז געווען זעהר ענליך צו דער שטימע פון דעם באַנקיר בערגער, פון א י ה ר מאַן. אָבער עס קען דאָך ניט זיין. ער איז דאָך אוועקגעפאָהרען אויף א פּאָאר טעג. און דאָך איז עס פּאָרט געווען זיין שטימע.

— הערר טרוק!

טהאָמאַס׳ן האָט אָנגעהויבען שווינדלען פאַר די אויגען.

גאַנץ נאָהענט צום בריקעל, איבער וועלכען ער האָט שפּאַצירט, איז צוגעפאָהרען א קאָטש, פון וועלכע עס האָט ארויסגע־שטאַרטשעט דער בעקאַנטער פּנים פון דעם באַנקיר, וועלכער האָט צו איהם געוואונקען און געפּאָכט מיט די הענד.

— מען קען דאָך הייזעריג ווערען, רופענדיג אייך. קומט א ביסעל אריין צו מיר אין קאָטש.

טהאָמאַס׳ן האָט אָנגעכאַפּט א געפיהל פון שרעק. פאַר א סעקונדע האָט ער ווירקליך געגלויבט, אז ער חלום׳ט. דאָך האָט ער געענטפערט:

— איהר מוזט מיר מוחל זיין, אָבער איך אייל זיך.

— קומט נור אריין. א יונגער מענש האָט אימער צייט. — האָט דער באַנקיר געענטפערט, און האָט איהם מיט געוואַלד אריינ־געשלעפּט צו זיך אין קאָטש.

— עס איז מיר ווירקליך העכסט אַנגענעהם, וואָס איהר זייט געווען דער ערשטער, וועמען איך האָב בעגעגענט נאָך מיין קורצען אָברייזען. איהר קוקט מיך אָן ערשטוינט. איהר פרעגט זיך וואָרום, — זעהר איינפאַך. מיר זיינען אָבערגלויביש. מיר, וועלכע האָבען צו טהאָן מיט דער בערזע, זיינען זעהר אָבערגלויביש. איצט שטעל איך מיר פאָר, אז איך וועל האָבען גליק אין די נעכסטע עטליכע טעג.

איהר פערשטעהט פארוואס? ווייל איהר זייט אן אנשטענדיגער מענש. אלזא, איך וועל גליק האבען. איך בין זיכער אין דעם. מענש, וואס מאכט איהר דא פאר א זויערען פנים? וואס ווילט איהר? די גאנצע וועלט איז דאך אפען פאר אייך. איז אייך קאלט? ווילט איהר מיין צודעק?

— איך דאנק אייך.

דאך האט דער באנקיר בערג ארויפגעלעגט איבער זיינע קניע דעם צודעק.

— ווייסט איהר — האט ער ווידער אנגעהויבען — עס איז דאך אנגענעהם צו קומען צוריק אהיים. דארט, אין דער פרעמד, איז גאנץ לאנגוויילינ. מיין פרוי וויים ניט, דאס איך קום. איך האב ליעב צו מאכען איהר איבערראשונגען.

דיעזע ווערטער האט ער ארויסגערעדט שטיל און האט אנגעקוקט טהאמאס׳ן מיט א שמייכעל.

יענער האט ארונטערגעלאזען די אויגען. איז דאס א ניעדער־טרעכטיגער מענש, האט ער ביי זיך געטראכט; ער וויים אלעס, און ציהט פון מיר די עצמות. ער שפיעלט זיך מיט מיר, ווי דער פראקוראר מיט׳ן פערברעכער.

דער באנקיר האט ארויסגענומען פון קעשענע א קליין שאכטעל. און האט א דריק געטהאן אויפ׳ן קנעפעל. א גרויסער בריליאנט האט א שטראהל געטהאן טהאמאס׳ן אין די אויגען.

— דאס ברענג איך איהר א מתנה. וואס קען מען מאכען? מען מוז זיך מאכען בעליעבט. איך פערזיכער אייך, אז דאס איז פיעל שווערער, ווי איהר קענט זיך מיינען. זי האט אלעס. עס איז גאר ניטא עטוואס, מיט וואס מען זאל איהר קענען איבערראשען. גלויבט מיר, אז די, וועלכע האבען אלעס, געהען צו־גרונד צוליעב זייער איבערפלוס. די אלע קליינע שמחות, פערגעניגענס פעהלען זיי. אבער פון דעסטוועגען איז זי דאנקבאר און האט הנאה — ער האט זיך לוסטיג צולאכט, און דרעהענדיג מיט זיינע פענסנע, האט ער צוגע־לעגט:

— אם ענדע מאכט זי זיך נור אזוי גלייכגילטיג, אבער עס איז אלץ איינס, מיינט איהר ניט אזוי?

טהאמאס האט גאר ניט געהערט די לעצטע ווערטער. און ער

האָט זיך אַלץ געמאַטערט מיט דעם איינציגען געדאַנק: וואָס וויל פון איהם דיעזער מענש? אַם ליעבסטען וואָלט ער געוואָלט פון קאַטש אַרויסשפּרינגען.

פּאַר אַ קורצע ווײַלע האָט ער געטראַכט צו זאָגען צו איהם:

— רעדט זיך ניט איין, דאָס איך בין אַ נאַר. איך זעה, דאָס איהר ווייסט אַלעס. איך ליי̆קען עס ניט. וואָלט איך אייך ניט בעגעגנט, וואָלט איך אַליין צו אייך געקומען, אום אייך אַלעס צו דערצעהלען. אַן ערקלעהרונג בין איך אייך שולדיג, און די וואָלט איך געוויס געמאַכט. אָבער עס איז זעהר ניט שעהן פון אייך אויסצושטעלען פּאַסטקעס, פּערוואָרפען נעצען. דאָס איז ביטרע, געמיין. איך זאָג אייך דעם אמת.

ער האָט דאָס אָבער ניט געזאָגט, און דערוויי̆ל האָט דער באַנקיר איהם געפרעגט:

— זייט איהר מיר מקנא?

טהאָמאַס איז געוואָרען פול צאָרן. אויף וואָס פּאַר אַ געמיינעם אופן דער מענש האַנדעלט געגען איהם! ווארום איז ער מיט איהם ניט בעסער אָפענהערציג?

— איך בין אייך ניט מקנא! — האָט טהאָמאַס איהם געענטפערט שאַרף.

איך גלויב אייך אויפ׳ן וואָרט. די מענשען, וועלכע זיינען מקנא אַ צווייטען, האָב איך ניט ליעב, זיי זיינען מיר עקעלדיג, און, צווישען אונז גערעדט, האָט איהר דאָך ניט וואָס מיר מקנא צו זיין. זעהט, איך זאַמעל אָן גרויסע קאַפּיטאַלען. איך בין בעטהייליגט אין אַלע גרויסע אונטערנעהמונגען, און קלייב רייכטהימער. פּאַר וועמען? פּאַר איהר, און פּאַר מיין אינגעל, וועלכער איז אַזאַ קראַנקער, אַזאַ עלענדער. איהר קענט דאָך מיין אינגעל? איהר זייט דאָך מעדיצינער, גלויבט איהר, דאָס ער — ער איז מיט אַמאָל אנטשוויגען געוואָרען, און רונקעלע שאָטענס האָבען זיך אוועקגעלעגט אויף זיין דיקען, ביטרען פּנים. נור צו דרעהען מעכאַניש מיט זיין פּענסנע האָט ער ניט אויפגעהערט — ווי קומט צו מיר אַזאַ קינד? — האָט ער געפּרעגט שטיל — און מיינט איהר, אַז עס איז לייכט מיט אַזאַ פרוי צוזאַמען צו לעבען? איך זאָג אייך, אַז אַזעלכע פרויען האָבען קאַפּריזען, פון וועלכע מען קען משוגע ווערען. ווען אַזאַ

פרוי ווערט אין כעס, איז גאר קיין רפואה ניטא. מאכט עס, ווי איהר ווילט, און איהר וועט אלץ ניט טרעפען און מאכען עס שלעכט, און מען מוז נאך צופריעדען זיין, וואס מען האט ניט אזא פרוי וואס אנדערעס פארצוואווארפען.

ער איז שטיל געווארען.

אהא, האט טהאמאס געטראכט. איצט איז געקומען דער מא־מענט; איצט וועט ער ווייזען אפענע קארטען. ער האט זיך פעסט אוועקגעזעצט און האט געפאסט א בעשלוס, דאס אונטער קיינע אומ־שטענדען וועט ער איהם ניט לאזען מעהר ציהען פון איהם די עצמות.

— הערר בערג.

דער באנקיר האט איהם ניט געלאזען ווייטער ריידען:

— איך וויים, וואס איהר ווילט מיר זאגען. זייט זיכער. דאס איך וויים עס.

טהאמאס'ן זיינען געפלויגען פונקען פאר די אויגען.

— איהר ווילט זאגען, ווי קום איך דערצו, דאס כמעט פאר א ווילד־פרעמדען מענשען רייד איך פון אזעלכע גאנץ אינטימע פאמיליען־אנגעלעגענהייטען? אבער זעהט איהר, יעמאלט, ווען איהר האט אין מיין הויז אזוי זיך אבגערעכענט מיט יענעם שארלאטאן, וועלכער האט זיך ערלויבט מיט אייך צו מאכען אזא פוילען וויץ, יעמאלט האב איך געזעהן, דאס איהר זייט אן עהרליכער מאן, א מאן אהן פאלשקייט. מעגליך, דאס איהר זייט געווען דער איינציגער עהרליכער און אנשטענדיגער מענש אין דער גאנצער געזעלשאפט פון יענעם אבענד. איהר האט זיך משוגעת'ן, איהר זייט א ביסעל אן אידעאליסט — איהר זייט דא — אנווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף זיין שטערען — א ביסעל געכאפט, אבער דאס איז קיין אונגליק ניט. איהר זייט ריין און אנשטענדיג דורך און דורך. איינער, ווי איך, וועלכער קומט צוזאמען מיט אזוי פיעל מענשען, קען שוין פערשטעהן אזא מענשען, ווי איהר, און אויך איהם אבשעצען לויט זיין ווערטה.

ביי דיעזע ווערטער איז טהאמאס'ן די גאנצע בלוט אין פנים ארויין. איז דאס אלעס טייפעלשע איראניע, אדער מיינט ער עס טאקע?

— אזעלכע מענשען, ווי יענער שארלאטאן, דער אדוואקאט קארענפעלד, מוז איך דולדען אין מיין הויז, כאטש זיי זיינען מיר זעהר אונאנגענעהם. ווארום? מיין פרוי וויל אזוי. טהוט מיר א געפאלען, הערט איהר?

— איך הער.

— קומט היינט אבענד צו אונז צום אבענד־מאהלצייט. מאכט קיין אויסריידען און קומט אט אזוי אונערוואַרטעט.

איצט איז אלעס קלאהר! — האט טהאמאס געטראכט. ער וויל איהם האבען ביי זיך. ער וויל איהם פערוויעגען אין זיכערהייט; אום צו פערטרייבען פון איהם יעדען חשד, האט ער געמאכט אש פון דעם אדוואקאט קארענפעלד, וועלכער איז אפשר, ניין, זיכער, איינגעלאדען געווארען אויף היינט אבענד אין זיין הויז, וואו ער וועט זיין דער עדות פון דעם גרויסען סקאנדאל.

דאך איז ער ניט גאנץ זיכער, צו דער באנקיר מאכט דיעזע אלע מאנעוורעס אויף דעם גרונד פון אן אונבעשטימטען חשד, צו ווייל ער ווייס אלעס גאנץ בעשטימט פון זיינע פערהעלטניסע מיט זיין פרוי. ער דארף אלזא זיין זעהר פארזיכטיג, כאטש די נויטווענדיגקייט דערצו האט איהם זעהר וועה געטהאן. טויזענדערליי געדאנקען האבען אין דיעזער מינוט דורכגעפלאטערט אין זיין מח. פארזיכטיג זיין, דאס איז דער אנפאנג פון ניעדערטרעכטיגקייט און שאנדע. פארזיכטיג זיינען די, וועלכע בויגען זיך און קרימען זיך, וועלכע דורך קריכען ווילען ווערען רייך און גרויס. פארזיכטיג זיינען גנבים און איינברעכער, די, וועלכע האבען מורא פאר'ן שיין פון טאג. איהם איז געווארען זעהר שלעכט צום מוטה ביי דיעזען געדאנק. ער האט געפיהלט פונקט ווי עפעס א פרעמדע זאך וואלט זיך אריינגעשטופט צו איהם אין גוף, און ער האט ניט דעם מוטה דאס ארויסצוציהען.

— ליידער מוז איך זיך ענטזאגען. איך קען אייער איינלאדונג ניט אננעהמען — האט ער געענטפערט לאנגזאם. — איך האב א וויכטיגע צוזאמענקונפט. די לעצטע ווערטער האט ער ארויסגערעדט מיט מאטערנים נאך א לענגערע פויזע.

— לאזט צו רוח ד"י צוזאמענקונפט. מיין פרוי וועט זיך זעהר פרעהען אייך צו זעהן.

טהאָמאַס׳עס אויפרעגונג האָט דערגרייכט דעם סאַמע העכסטען פונקט. וואָס האָט ער געמיינט דערמיט, זאָגענדיג, אַז זיין פרוי וועט זיך פרעהען? עס איז קלאָהר, ווי דער טאָג, דער מענש שפּיעלט זיך מיט איהם, טרייבט איהם אריין אין אַ ווינקעל, ווי אַ כיטרער אדוואָקאַט — און ווידער האָט ער זיך געשלאָגען מיט דער דעה: ווי, ווען דאָס אַלעס איז נור אַן איינבילדונג, און דאָס אין דער אמת׳ן קען ער איצט האָבען די בעסטע געלעגענהייט זי ווידער צו זעהן? אַ שטאַרקער געפיהל פון פרייד האָט איהם אָנגעכאַפּט ביי דיעזען געדאַנק. ער האָט איהם אָבער גלייך פערשטיקט אין זיך און האָט געזאָגט:

— ניין, איך קען ווירקליך ניט, הערר בערג. אין גענענטהייל, איך מוז איך גלייך פערלאָזען.

— נו, אַלזאָ אַן אנדערש מאָל. קוטשער, האַלט!

טהאָמאַס איז אַרויסגעשפּרונגען פון קאָטש, אויפהויבענדיג זיין הוט.

— זייט געזונט, הערר בערג.

— קיין גערוס ניט צו מיין פרוי?

— געוויס, געוויס — האָט טהאָמאַס אַרויסגעשטאַמעלט מיט גרויסער אַנשטרענגונג, ווייל זיין צונג האָט זיך קוים בעוועגט. ווי אַ צוגעשמידטער איז ער שטעהן געבליבען אַ ווייל, נאָכבליקענדיג די אָבפאָהרענדע קאָטש.

דאַן איז ער ווייטער געגאַנגען, טראַכטענדיג:

האָב איך דאָס אַלעס ווירקליך דורכגעמאַכט? איז דאָס אַלעס ניט קיין טרוים? איך וועל אָננעהמען, אַז דאָס אַלעס איז געווען ווירקליך אַ חלום, בעזאָנדערס די שליסע, וואָס איך האָב געצויגען אָדער געקענט ציהען. וואָס פאַר אַ נוצען האָב איך פון זיי? איך בין דאָך ניט געבאָרען געוואָרען דערצו, אַז איך זאָל מיר צושטערען מיין אייגענעם גליק. איך האָב אַ רעכט אויף ליעבע. מיין העמד איז מיר נעהנטער, ווי מיין ראָק. וואָס געהט מיר אָן דיעזער הערר בערג? ער לעבט אין אַ וועלט פון ווילדע פערגעניגענס און ספּעקולאַציעס, און איך בין דאָך סוף כל סוף ניט שולדיג, ווען זי האָט מיך ליעב. איך וועל ריידען מיט רעגינע, און מיר וועלען ביידע עס איהם ערקלעהרען גאַנץ אָפען, ווייל דאָס איז דאָך גאַנץ זיכער, אַז עס איז

געמיין זיך צו פער'גנב'ענען מיט דער ליידענשאפט, ווי מיט עטוואס גע'גנב'עטעס, און זוכען אלע מאל פינסטערע, דונקעלע ווינקלען. עס איז גאר קיין ספק ניט, אז דאס וועט זיין א שרעקליכער קלאפ פאר איהם, וואס האט ניט דעם מינדעסטען חשד; אבער, האט ער ווירקליך גאר קיין חשד ניט? אבער ווען דרויסען אויף דעם דערצא־רענטען ים ווארפען זיך כוואליעס אויף די צוזאמענגעשלאגענע ברעטער און פערשלינגען די מענשען צוזאמען מיט זייער האב און גוטס, קען דען אימיצער געמאכט ווערען פעראנטווארטליך? און ווען עס ברעכט אויס די שווארצע פעסט, און טויטעט, ניט אויס־קלויבענדיג, די שולדיגע צוזאמען מיט די אונשולדיגע, דאן איז לעכערליך צו פרעגען: וואו איז דא די גערעכטיגקייט? וואס פאר א בעטרעף האט איבערהויפט דער שיקזאל פון דעם איינצעלנעם געגען די דונקעלע הערשאפט פון די נאטור־קרעפטען? און דאך בעטייט דער שיקזאל פון דעם איינצעלנעם זעהר פיעל, און יעדער מוז מיט שטארקע הענד קעמפפען פאר זיין ביסעלע גליק אין לעבען.

זי און ער געהערען צוזאמען. איהר און איהם האט דאס לעבען פול מיט געהיימניסע און רעטענישען, צוזאמענגעבראכט. זי און ער מוזען געהן זייער וועג, ווען אפילו אנדערע זאלען דורך דעם געהן צו גרונד. אין דעם איז ער געווען זיכער, וועניגסטענס אין דיעזען אויגענבליק.

אזוי... ער האט אויסגעקלאפט זיין פייפ, וועלכע האט זיך שוין לאנג פערלאשען ביי איהם, און האט געדאנקענלאז ארייגעקוקט אין די בלויע בליצען פון די עלעקטרישע קאטשען. אבער זיין גאנצער בארען זיך האט איהם וועניג גענוצט. ער האט געפיהלט א פערדרוס, וועלכער האט איהם געצופט זיין הארץ, און געגען וועלכען ער האט אומזיסט געקעמפפט. ער האט זיך אויך געפיהלט אויפגעטרייסעלט פון א טיעפען און פרעהליכען רויש, און די געוועהנליכע אל־טעגליכע זארגען האבען איהם געביסען, ווי שלאנגען.

איך מוז שטארק זיין, אויב ניט וועל איך פערבלוטען — האט ער גערעדט צו זיך אליין. — איך מוז שאפען זיך קלאהרהייט, ווייל איך בין א מענש, וועלכער קען ניט לעבען אהן דעם. איך דארף האבען די קלאהרהייט, ווי די לופט. איך קען נור לעבען מיט דער אכטונג צו מיר אליין. אבער וואס איז אייגענטליך אכטונג? מוטשע

איך זיך ניט מיט לויטער קינדערישע, אינגעלשע איינרייךדעגישען?

ער איז געגאנגען דורך דעם בראנדענבורגער טהויער. די ברייטע לינדען זיינען געווען איינגעוויקעלט אין א גרויען טומאן, וועלכער האט פערדונקעלט זאגאר דאס ליכט פון די עלעקטרישע לאמפען. ער האט ארומגעקוקט זיך זעהר ערשטוינט. פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, האט ער ניט בעמערקט, ווי עס איז געווארען פלוצלונג אזוי דונקעל ארום איהם, דאס דריי שריט ווייטער פון זיך האט מען גאר ניט געקענט זעהן. מען האט געהערט דעם רעדער־גערויש פון די פאהרענדע קאטשען און וועגען, אבער מען האט זיי ניט געזעהן. מען האט געהערט מענשליכע שטימען, אבער זייערע פנים׳ער זיינען געבליבען פערשלייערט.

אימיצער האט זיך צוגעבויגען גאנץ נאהענט צו זיין אויער, ארייננשושקענדיג:

— אזוי איז דאס גאנצע לעבען. די זאכען אין דער אמת׳ן, זיינען נאהענט, אבער די מייסטע מענשען זעהען זיי ניט. זיי געהען אין טומאן, און צו דיעזע מייסטע מענשען געהערט אויך איהר, הערר טהאמאס טרוק.

— איך?

— יא, איהר, איהר.

און איצט האט דער מענש איהם ארייננגעקוקט אין די אויגען אריין.

— אה, איהר זייט עס! — האט טהאמאס געזאגט, ציטערנדיג אין זיין גאנצען קערפער.

— איך בין עס — האט געענטפערט דער קליינער דארער מענשעלע, וועלכער איז גלייך פערשוואונדען אין דעם געדיכטען טומאן.

.12

דער פרוי ליסאוער האט אזוי ווי דער אטהעם אבגענומען. פון אינערליכער אויפרעגונג איז איהר פנים געווארען פול מיט פלעקען, אבער זי האט דעם קליינעם בלינסקי, וועלכער איז געשטאנען פאר איהר, שטארק צוטומעלט, פינטלענדיג מיט די אויגען הינטער זיינע

ברילען, פון די אויגען ניט ארויסגעלאָזען. זי האָט גאַר ניט בעמערקט, ווי איהרע האַר איז צושלאָנטערט. ווען זי האָט ענדליך פערשטאַנען, וואָס ער פערלאַנגט פון איהר, האָט זי אויסגעשריען מיט כעס:

— ווי קענט איהר אַריינשלעפּען מיין מאַן אין דיעזע געשיכטע? מיר מוזען ארבייטען ביטער געגוג אויף אונזער לעבען.

דער קליינער, דינער מאַן האָט זיך פערשאַרט זיינע שיטערע האַר אויפ'ן קאָפּ. ער האָט געשמייכעלט אומעטיג, און אין זיינע אויסגעשטאַרט־שעטע אויגען האָט עטוואָס שטאַרק געפלאַקערט.

— בראָזע'ן מוזען מיר העלפען — האָט ער איהר ערקלעהרט מיט א ציטערענדער שטימע — אויב ניט, איז ער פערלאָרען.

— מיר מוזען? — האָט זי איהם איבערגעקרימט — איבעריגס, וויפיעל גיט   א י ה ר?

— פונקט אזוי פיעל.

פרוי ליסאוער האָט פערבראָכען מיט די הענד.

— מעהר אָבער האָט איהר דאָך אַליין ניט. איהר זייט דאָך א גרויסער נאַר, ווען איהר טהוט עס.

אין דיעזען אויגענבליק איז אַריין  איהר האַרבאטער מאַן אין צימער.

— איך וועל געבען הונדערט מארק פאַר בראָזע, ניט איין גראָ־שען מעהר, און ניט איין גראָשען וועניגער — האָט זי אויסגעשריען מאַכענדיג זיך מוטה.

ליסאוער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, זאָגענדיג:

— מאַך ניט קיינע מיאוס'ע הויות. פאַר א האלב יאָהר רענט מוז מען בעצאָהלען, און דאַן די חובות. פערדיענען קען ער ניט, ווייל ער ליעגט דאָך קראַנק.

— ווי קומען מיר אָבער דערצו? וואָס, זיינען מיר עפּעס קרובים פון די בראָזעס? און דו האָסט דאָך מיר אימער געזאָגט, אז איך קען טהאָן מיט דעם געלד, וואָס איך וויל. איך האָב דאָך דאָס געלד פערדיענט. ווען מיר וועלען איצט אָנהויבען מיט בראָזע, וועט מאָרגען קומען היינזיאוס, און איבערמאָרגען זאָגאַר דער פּאָעט ליערס. מיר זיינען דאָך ניט מחויב זיך צו לאָזען אָבשינדען די הויט פאַר אנדערע. אז דער הערר בלינסקי איז משוגע, געזונדערהייד, אָבער מיר דאַרפען איהם דאָך ניט נאָכטהאָן.

— האסטו זיך שוין אויסגערעדט? — האט איהר מאן איהר נעפרעגט.

זי האט געשאקעלט מיט'ן קאפ, אויסמיידענדיג זיין בליק. זי האט זיך געשראקען פאר זיינע שטרענגע אויגען, וועלכע האבען איהר אזוי ווי דורכבויערען געוואלט.

— דו ועסט געבען דאס געלד — האט ער געזאגט געלאסען.

— ליסאוער, וואס ווילסטו פון מיר? — האט זי זיך געבעטען.

ער האט אנגענומען איהר האנד, וועלכע האט געציטערט פון אויפרעגונג.

— קוק מיך אן — האט ער געזאגט שטרענג.

איהרע אויגען האבען זיך געריכטעט אויף איהם מיט אן אויס־דרוק פון שרעק און געבעט, און זי האט געיאמערט.

— קוק נור מיינע הענד אן — ווייזענדיג איהרע צושטאכענע פינגער פון נעהען.

— דו מעגסט זיין צופריעדען — האט ער געענטפערט, וואס דאס זיינען ביי דיר בלויז די פינגער. ביי בראזע'ן אבער זיינען עס די לונגען.

זיין פעסטקייט האט איהר געמאכט גאר אויסער זיך.

— איך וועל געבען צוויי הונדערט מארק — האט זי געזאגט מיט א געוויין.

— פינף הונדערט!

— דו ווילסט מיך אין דער ערד טרייבען פאר דער צייט. דריי הונדערט און פופציג.

ער האט ארויסגעלאזען איהר האנד, זאגענדיג:

— קום, בלינסקי!

ער האט זיך אויסגעדרעהט צו איהר מיט'ן רוקען.

דאן איז זי גלייך געוועזען לעבען איהם.

— ליסאוער, וואס געהסטו טהאן?

— לאז מיך, מעהר בין איך ניט מחויב אבצוגעבען דיר חשבון.

— ליסאוער, איך וועל געבען, איך גיב, וויפיעל דו ווילסט.

איהר געזיכט איז צונויפגעצויגען געווארען, ווי אין קרעמפפען, און איהר שטימע האט געקלונגען הייזעריג. מען האט געקענט זעהן, ווי זי האט געליטען.

דער מאַן איהרער איז געוואָרען מילד, זאָגענדיג צו בלינסקי:

— דו מעגסט מיר גלויבען, אז מיט יעדען מארק, וואָס זי שפּאָרט אָב, ווערט זי אַלץ קאַרגער. דאָס איז איצט ביי איהר געוואָרען א קראַנקהייט. זי איז בערייט זיך אָבצושפּאָרען דעם ביסען פון מויל, אבי נור —

זיין פרוי האָט איהם ניט געלאָזט ענדיגען, און האָט אויסגע־שריען:

— אום צו פערזאָרגען זיך עטוואָס אויף דער עלטער, אום מיר זאָלען ניט דארפען אָנקומען צו בעטעל־ברויט.

— מען לעבט אָבער ניט בלויז פאַר זיך — האָט בלינסקי גע־ענטפערט.

זי האָט זיך ביטער צולאַכט:

— מען לעבט בלויז פאַר זיך. דאָס איז דאָך אָנגענומען גע־וואָרען אויף א פערזאַמלונג פון „נאַכטליכט“.

— דו האָסט ניט גוט פערשטאַנען — האָט איהר האָרבאַטער מאַן געזאָגט — און אין דער לעצטער צייט רעדסטו איבערהויפּט א ביסעל צופיעל.

זי האָט פערביסען די ליפּען און איז אריין אין צווייטען צימער דערביי.

— דאָס איז ביי איהר א קראַנקהייט. דאָס געלד האָט איהר משוגע געמאַכט — האָט ליסאָוער געזאָגט צו בלינסקי.

אין א ווײַלע אַרום איז די ליסאָוער אַרויסגעקומען מיט אַן אייזערנער קעסטעלע. זי האָט עס געעפענט, און איהר בליק איז געווען זעהר אומעדיג, אַרויסנעהמענדיג פון דאָרט די גאָלדענע מטבעות; זי האָט אויסגעצעהלט דאָס געלד אויפ׳ן טיש. זי האָט געפּיהלט, ווי ביי דער בעריהרונג פון דעם האַרטען מעטאַל ציטערען ביי איהר די הענד.

— דאָ זיינען נור פיער הונדערט און זיעבעציג מארק — האָט הערר ליסאָוער געזאָגט צו בלינסקי — איך בין צופריעדען, דאָס מיר האָבען פון איהר אַזוי פיעל אַרויסגעשלעפּט.

.13

אין דער לעצטער פערזאמלונג פון דעם „נאכטליכט“, ביי וועל־כער טהאמאס, צוליעב אן איגנעריכע און אונבעשטימטע שעמעדיג־קייט, איז ניט אנוועזענד געווען, האט בראזע פלוצלונג, צו דעם שרעק פון אלע אנוועזענדע, געקראגען א בלוט־שטורץ.

קיינער האט ניט געוואוסט, דאס דער גרויסער מוסקולעזער מענש איז שוין זייט א לענגערע צייט קראנק אויף די לונגען. ער האט מיט קיינעם ניט גערעדט וועגען דעם. מיט א מאל האבען זיך אלע דערוואוסט פון זיין געפעהרליכער לאגע, וועלכע האט געווירקט דאס שרעקליכער זעהענדיג זיין פרוי שטעהענדיג לעבען איהם, ווי א פערשטיינערטען בילד פון אונגליק.

אויפ'ן צווייטען טאג האט זי גאנץ אפען ערקלעהרט בלינסקי'ן זייער ביטערע לאגע. בלינסקי האט געפיהלט און פערשטאנען, ווי טיעף די פרוי ליידט אין איהר שטאלץ פון דיעזער ערקלעהרונג. שטיל האט ער איהר געגלעט די הענד, אום איהר צו בערוהיגען.

דער דאקטאר האט בעפוילען א שטרענג־נארמאל לעבען; מעהר פון אלץ, גוטע אויפפאסונג און גוטע, געזונדע נאהרונג.

דער מאהלער אליין האט קיין בעגריעף ניט געהאט, אין וועלכע טרויעריגע מאטעריעלע פערהעלטניסע ער געפינט זיך. ער איז גע־ווען, ווי א גרויסער קינד. און איהר גאנצע אנשטרענגונג איז געווען, ווי אזוי ער זאל זיך דערפון ניט דערוויסען. די מאהלעריי פון פארצעליי האט זיך אנגעהויבען צאהלען אלץ ערגער און ערגער; און די פאדערונג אויף איהר איז געווארען אלע מאל א קלענערע. א חוץ דעם האט זי געוואוסט, ווי שווער עס קומט איהם אן צו טהאן דיעזע ארבייט. זי אליין האט קיין מינוט ניט גערוהט. איהר גאנ־צער לעבען איז געהאנגען אן דיעזען מענשען, וועלכער איז פאר איהר געווען די פערקערפערונג פון מענשליכקייט.

זי איז געווען די טאכטער פון א גענעראל, און צוליעב איהם האט זי פערלאזען דאס עלטערען־הויז, איהר פאמיליע, און האט אבגעבראכען מיט איהר גאנצער פערגאנגענהייט. עס איז ניט גע־ווען א שטונדע אין איהר ווייטערען לעבען, ווען זי זאל האבען חרטה געקראגען אויף דאס, וואס זי האט געטהאן. אימער־צו האט זי

אונבעוואוסט רעבעלירט געגען די דאָגמען און די קייטען, וועלכע האָבען זיך אין איהר פלייש איינגעשניטען. אימער־צו האָט זי גע־פיהלט א דראַנג זיך ארויסצורייסען פון איהרע ארומיגע, ביז זי האָט זיך מיט איהם בעגעגענט. ער האָט איהר געגעבען אַן אידעע פון פרייהייט און מענשענווירדע, וועלכע האָט איהר בעפרייט פון איהרע אַלע ספיקות. מיט לייכטע הענד האָט ער אראָבגעראַמט די שערב־לעך, וועלכע האָבען איהר געדריקט; און דאָרט, וואו עס זיינען וואונדען געוועזען, האָט ער זיי מיט באלזאַם געהיילט. דאָס, וואָס ער האָט געהאַט פון דער טיעפסטער פרייהייט, האָט זיך געבויט אויף זיין גוטסקייט; און דיעזע גוטסקייט האָט בעשיינט און פערגילט זייער לעבען פול מיט נויטה און זאָרג.

ווען דאָס איינציגע קינד איהרע פון איהם איז געשטאָרבען, האָט זי נאָך פעסטער צוגעבונדען זיך צו איהם. איהר פרויען־נאַטור איז פול געוואָרען מיט קראַפט, וואָס האָט זיך פון קיין זאך ניט געלאָזט בויגען. און גראַדע דערפאַר, ווייל זי האָט געמוזט ארויסרייסען פון זיך אַזוי פיעל פערפוילטעס און פערשימעלטעס, איידער זי האָט געקענט בויען עטוואָס נייעס, האָט איהר נייע וועלט־אַנשויאונג וועגען מענשען און פערהעלטניסע געפאַסט טיעפע וואָרצלען אין איהר הארצען. זי איז געוואָרען אינערליך פריי, און זי איז זיך בעוואוסט געוועזען וועגען דעם. זי איז געוועזען שטאָלץ אויף דעם, דאָס זי האָט געקענט זיך ערקלעהרען אַזוי אָפען, אלס דעם מאַהלער'ס לעבענס־חבר, און זי האָט געפיהלט, דאָס זי איז שולדיג איהר מאַן א דאַנק ביז איהר לעצטען אָטהעם־צוג דערפאַר, וואָס ער האָט איהר געהאָלפען אין איהר בעפרייען זיך. זי האָט איהם ליעב געהאַט, אלס עהרליכען, כאַראַקטער־פעסטען מענשען, און זי איז געוועזען צוגעבונדען צו איהם, ווייל זי האָט איהם געליעבט, אלס פרוי. אַלעס אין איהם האָט ערוועקט אין איהר איהר גאַנצע איבערגעבענהייט. ווען זי האָט מיט איהם חתונה געהאַט, איז זי שוין געוועזען אַן עלטערע מיידעל; אָבער אין זייער ניי־געגרינדעטער היים האָט וויעדער אויפגעגליהט דעם פייער פון יוגענד און האָט איהר געבראַכט וואַרימקייט און ליידענשאַפט. אַן איידעלע, זיסע שעהמעדיגקייט איז געוועזען ביי דיעזער עלטערער דרייסיג יעהריגער מיידעל, וועלכע איז אינערליך געבליבען יונג און פריש. און דאַן

זיינען געקומען די יאָהרען, פול מיט נויט. די קערפּער האָבען גע־שמאַכט, אָבער זייערע נשמות האָבען געפייערט די שעהנסטע שמחות. פון דיעזע צוויי מענשען איז ווירקליך געוואָרען איין מענש.

ערשט, ווען דער מאַהלער האָט אָנגעהויבען צו ליידען אויף די לונגען, זיינען געקומען די שווערע, שוואַרצע שאָטענס, וועלכע האָבען פערפינסטערט זייער גליק. עס איז געווען אַן אייביגער שרעק, וועלכען זי האָט געטראָגען אין איהר הארצען. אין זיין גע־גענוואַרט איז זי אָבער געווען לוסטיג. איהר הארץ האָט געמעגט פערבלוטען, אָבער איהם האָט זי אימער אָנגעקוקט מיט לוסטיגע, לאַכענדיגע אויגען, און קיינמאָל האָט זי ניט דערצעהלט זייערע פריינד פון זייער נויט. ערשט דאַן, ווען די נויט איז געוואָרען זעהר ביטער, האָט זי עס דערצעהלט די פריינד. עס האָט זיך דאָך געהאַנדעלט וועגען זיין רעטונג. און דאַן איז פאַר איהר קיין זאַך ניט געווען צו שווער.

.14

דאָס אַלעס האָט דערצעהלט טהאָמאַסען דער פאָלקס־שול־לעהרער הייזיאַוס מיט צוזאַמענגעדריקטע בלייכע ליפּען. ווילדער האַס האָט געשפּראָצט פון זיינע אויגען.

— ער געהט שטאַרבען, ווי איך, פון דער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט — האָט ער געזאָגט צו טהאָמאַסען — מיר זיינען דער קאַנאָנען־שפּייז אין דער צייט פון שלום. דאָס איז די גערעכטיג־קייט פון שטאַאַט, דאָס מיר קענען ניט זאַט זיין אפילו דאַן, ווען מיר זיינען קראַנק. דיעזער מענש מוז מאָהלען אויף פּאָרצעליי, און איך?

ער האָט געוואָרפען אַ בליק אויף טהאָמאַסעס פנים, און אונ־טערברעכענדיג זיך אַליין, האָט ער איהם געפרעגט:

— מאַכט דאָס אייך ניט אויפגערעגט, פול מיט צאָרן, אַז אין די בעסטע יאָהרען זאָל מען מוזען קראַפּירען פון הונגער? ווערט מען דערצו געבאָרען? און דאַן קומען נאָך די רבנים און די גלחים און טרייסטען אייך מיט אַ יענער וועלט, פול מיט גערעכטיגקייט!

אויף די לאַנטערנעס האָט מען בעדאַרפט אויפהענגען דיעזע שווינד־לער! דאָס זיינען די ערגסטע פאָלקס־פערבלענדער... איהר ענט־פערט מיר גאָר ניט? מאַכט איהר חוזק פון מיר? איך זאָג אייך, אַז דאָס איז ביי מיר אַ בלוטיגער ערנסט, און איידער זיי וועלען מיך אין דער ערד פערשאַרען, וועל איך זיי נאָך עפּעס זאָגען. איינ־מאָל אַזוי אַרויסשרייען, איינמאָל האַלטען זיי דעם שפּיגעל פאַר די אויגען, אַז זיי זאָלען זעהן זייערע פּראַצעס.

טהאָמאַס האָט אָנגעקוקט מיט אַ געפיהל פון רחמנות דעם אויפגערעגטען לעהרער.

— איך בין מיט אייך ניט אין גאַנצען איינפערשטאַנען — האָט טהאָמאַס אַרויסגערעדט לאַנגזאַם. איך פיהל, ווי איהר, די שרעקליכע אונגליכהייט צווישען די רייכע און די אָרימע, אָבער מיר דוכט זיך, אַז דער קערפּערליכער הונגער איז ניט אַזוי שרעקליך, ווי דער גייסטיגער. אַ מענש, ווי איהר, האָט וועניגסטענס...

היינזיאוס האָט איהם אונטערבראָכען:

— איך וויים שוין, וואָס איהר ווילט זאָגען. אָבער טהוט עס ניט. אום גאָטעס ווילען, קומט ניט צו מיר מיט דער קונסט, אַלס אַ במקום פון עסען. איך פייף אויף די גאַנצע קונסט.

— איך האָב דאָס אפילו ניט געוואָלט זאָגען. אָבער וואָס הייסט עס, איהר פייפט אויף די קונסט. איהר וועט דאָך צוגעבען, אַז שעקספּיער און געטהע, האָמער און דאַנטע, באַך און בעטהאָווען האָבען עטוואָס געגאָלטען אין לעבען.

היינזיאוס האָט איהם אָנגעקוקט מיט שפּאָט.

— פאַר מיר זיינען זיי אַלע גאָר ניט. איך בין פאַרטיג מיט אַלע אויטאָריטעטען. די דיכטער, די זיינען נור פאַר די זאַטע מאָ־גענס. אָבער איך פערגין זיי דיעזע חברה. איך פערגין זיי דיעזע הורבע פון פּאָרשטעלונגען און געפיהלעכצען.

טהאָמאַס טרוק איז געוואָרען שטאַרק איבערראַשט.

— איהר קענט עס דאָך ניט מיינען ערנסט? איהר קענט דאָך ניט פערלייקענען אַזעלכע בעריהמטהייטען.

— איך לייקען זיי יאָ אָב. איך לייקען אָב דיעזע אַטהלעטען פון געמיטה, וועלכע פערטומלען די קעפּ מיט זייערע אונזויבערע געפיהלען, און פערוואָלקענען די מוחות מיט זייערע צוהיצטע פראַזען.

יא, מיין טהייערער, איך לייקען אַלעס, וואָס איז דערווייטערט פון פערנונפט און לאָגיק. איך דאַנק פאַר געפיהלען. מעגען זיי קומען פון וואַנען זיי ווילען. איך האָב זיך, אַלס קליין אינגעל פערדאָרבען דעם מאָגען מיט זיי — נור, אַ דאַנק גאָט — איך האָב זיי אויסגעמייקעט — די קונסט איז נור דאָ פאַר די פרעסער, פאַר די גנבים, פאַר די לומפּען און פאַר די, וועלכע קענען ניט דענקען. מיר דאַרפען איבערהויפּט ניט קיין קונסט. מיר דאַרפען האָבען ווירדיגע, גוטע פּערהעלטניסע. פרייהייט, פרייהייט און טיעפסטען זין! אַלע מהות און אַלע געדאַנקען דאַרפען זיך ריכטען דערצו, ווי צו מאַכען זאַט די הונגעריגע, און ווי מען קומט אַרויס פון געפענגניס אויף די פרייהייט. אַלעס אַנדערע איז קראַפט־פערשווענדונג, איז אַ פערברעכען. ווער עס לייענט פּאָעזיע אָנשטאָט דעם, דער גנב'עט אוועק פון מיין גאָט — דאָ האָט ער בעטאָגט דעם וואָרט מיין — די צייט, און צייט קאָסט טהייער.

— איהר זיינט ניט ערנסט. איהר קענט דאָך ניט פערלייקענען די גאַנצע קולטור!

— איהר האָט רעכט. איך קען ניט פערלייקענען עטוואָס, וואָס איז איבערהויפּט ניטאָ. עס איז ניטאָ קיין קולטור. די מענשהייט האָט די יאָהר־טויזענדע נור דערצו בענוצט, אום צו שאַפען מיט אַלע מיטלען און כחות אַן אונקולטור.

טהאָמאַס האָט בייז געקוועטשט. מיט די פּלייצעס.

— דאָס זיינען נור שלאַג־ווערטער און פּאַראַדאָקסען, מיט וועלכע אַן ערנסטער מענש דאַרף זיך ניט אַרומוואַרפען, ווען ער רעדט מיט אַ מענשען, וועמען ער רעספּעקטירט. איך קען נור אָננעהמען, אַז איהר ערלויבט זיך מיט מיר אַ שלעכטען שפּאַס.

היינזיאוס האָט צונויפגעדריקט די אויגען.

— איהר האָט אַ טעות. ווער עס שטעהט ביין גרענעץ, ווי איך, און טאַקע שוין באַלד אין גאַנצען אויף יענער זייט, דער האָט קיין צייט ניט צו טרייבען קאַטאָוועס. אַלעס, וואָס איך זאָג, איז פאַר מיר אַ בלוטיגער ערנסט. דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס איך האָב אויסגעפונען פון מיין לומפּיגען, עלענדען לעבען. פערקעהרט, דאָס, וואָס איך רייד מיט אייך אַזוי אָפענהערציג, איז אַ בעוויז, דאָס איך רעספּעקטיר אייך. אָבער עס דוכט זיך מיר, אַז איך האָב

איך א ביסעל צו הויך איבערשעצט. איהר געהט נאָך ארום מיט געפיהלען.

דער פנים פון דיעזען פערהונגערטען מענשען האָט טהאָמאַסען וועה געטהאָן, דאָך האָט ער צו איהם געזאָגט :

— איהר רעדט צופיעל פון טוידט. איהר קאָקעטירט אביסעל דערמיט. מיר שיינט, אז דאָס איז ניט איבעריגס שעהן.

— איהר מאַכט א קליינעם געדאַנקען־פעהלער, מיין טהייערער פריינד. מיר אַרט גאָר ווענינ, וואָס אייך דוכט זיך. מיר איז נור וויכטיג דאָס, וואָס איך דענק. דאָס איז פאַר מיר דער הויפּט־פונקט, ארום וועלכען אַלעס דרעהט זיך. נור פאַר די מענשען, וועלכע גיבען מיר ברויט צו עסען, פון וועמען איך בין אָבהענגיג, נור פאַר זיי בויג איך זיך נאָך ; איך וואַרט נור אויף דעם אויגענ־בליק, ווען איך וועל זיי ניט מעהר נויטיג האָבען און מיר לופט מאַכען. און דאָס דאַרף איך. איך ווער כמעט דערשטיקט. וואַ־רום שמייכעלט איהר אזוי פיעל מיט שפּאָט ?

— איך האָב געשמייכעלט, אָבער ניט מיט שפּאָט. איך האָב געשמייכעלט, ווייל איך האָב אויסגעפונען דעם קוואַל פון אייער חכמה און אייער וועלט־אַנשויאונג.

— עס פאַלט מיר גאָר ניט איין צו פערבעהאַלטען עס. מיין חכמה, די איינציג גרונטאָוגע, וועלכע איך האָב געפונען, האָב איך צו פערדאַנקען מאַקס שטירנער. דער איז אויך געוועזען אַן אָרימער, פערהונגערטער לעהרער. איבעריגס, האָט דאָס גאָר ניט צו טהאָן מיט מיינע אַנזיכטען איבער קונסט, און אַ חוץ דעם — איהר מעגט עס מיר גלויבען, צו ניט — איך בין געקומען גאַנץ זעלבסטשטענדיג צו מיינע אידעען, נור זייער מערקווירדיגע אויפצייכנונג האָב איך געפונען ביי שטירנער. איך האָב פאַר אייך ניט קיין בעסערען וואונש, אַז אויך איהר זאָלט קומען און דערגרייכען צו דער אינער־ליכער פרייהייט. איהר האָט אין זיך עטוואָס פון די וואַנדערער. איך ווינש אייך גוטען אַפּעטיט אין אייער לאַנגען וואַנדערען און זוכען. אזוי לאַנג אָבער ווי איהר וועט זיך אויף אייער וועג ארומ־שלעפּען מיט געפיהלען, און וועלען דערמיט זיך זעטיגען, וועט איהר גאָר זעהר ווענינ פאָרטשריט מאַכען. לייכטען באַגאַזש, יונגער מאַן,

מוזט איהר האָבען. פון דעם הענגט אַלעס אָב. און מען פיהלט זיך לייכט ערשט דאַן, ווען מען האָט פערברענט די אַלטע שמאַטעס. עס איז דאָ נור איין זאַך, די פרייהייט. און מען האָט זי, ווען מען האָט געבראָכען מיט יעדער דאָגמע, וועלכע זי זאָל ניט זיין.

א ווײלע זיינען זיי געגאַנגען איינער לעבען אַנדערען, און קיי־נער פון זיי האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט.

— איך וואָלט וועלען וויסען — האָט טהאָמאַס פּלוצלונג אונ־טערבראָכען די שטילקייט — וועלכע וועלען זיין אייערע לעצטע געדאַנקען און געפיהלען, ווען עס וועט ווירקליך ערנסט ווערען. נאַטירליך, איך ווינש ניט, אַז מיין נייגעריגקייט זאָל וואָס גיכער בעפרידיגט ווערען. עס איז דאָך מעגליך, אַז איהר זאָלט אין אייער וויטערען לעבען ענטוויקלען זיך איבער די איצטיגע געדאַנקען אייערע.

היינזיאוס האָט אַ מאָדנעם שמייכעל געטהאָן. עס איז געווען אַ שמייכעל, וועלכען טהאָמאַס האָט ניט געקענט בעגרייפען. אין איהם איז געווען עטוואָס פון אַ העכערער ביטערקייט און פון אַ טרויעריגען געמיטה.

— איך וועל ערפילען אייער פערלאַנג. איהר זאָלט האָבען מיינע לעצטע נאָטיצען. איך זאָג עס אייך צו.

זיי זיינען צוגעקומען צו בראָזעס הויז, און ביידע צוזאַמען זיינען זיי אַרויף אויף די טרעפּ. טהאָמאַס האָט געהערט דאָס שווערע אָטהעמען פון דעם שול־לעהרער, און ער האָט געגלויבט צו הערען דאָס פייפען פון זיינע לונגען. עס איז געווען אַ שוידער־ליכע מוזיק.

אַלס מעדיצינער האָט ער געוואוסט, אַז דערצו איז ניטאָ קיין רפואה. ער האָט געשפירט דעם טוידט, שפּרייזענדיג לעבען איהם. ער האָט געהערט זיין פּאָכען און אין זיין אויפגערעגטקייט, אין זיין דראַנג צום לעבען און געניס איז אריינגעפאַלען עטוואָס קאַלט, ווי אייז.

שטיל און פּאָרזיכטיג האָט ער אָנגעקלאַפּט אין די טיהר, וועלכע האָט געפיהרט אין דאָס צימער, וואו בראָזע האָט געמאָהלט זיינע בילדער.

.15

די טיהר האָט פאַר זיי געעפענט די אַקושאַרין, פרוי ליערס, אויסשטרעקענדיג צו זיי איהרע גרויסע הענד. דיעזע גרויסע פרוי האָט געמוזט פערקרימען איהר מויל, אום זיך ניט צו צוואויינען, ווי א קליין קינד. און גאַנץ שטיל האָט זי געזאָגט צו טהאָמאַסען:

— הערר דאָקטאָר, דער וועט שוין לאַנג ניט ציהען.

זיי זיינען אריין אין דעם שלאָפצימער, אין וועלכען עס איז געוועזן זעהר ליכטיג.

בראָזע איז געלעגען אויף שנעע־ווייסע בעט־געוואַנד און האָט מילד געשמייכעלט. זיין פרוי איז געזעסען ביין בעט, האַלטענדיג זיין רעכטע האַנד. איין פויגעל האָט שפּאַצירט פריי איבער'ן צימער, און איבער'ן בעט אין א שטייגעל זיינען געוועזן צוויי זינ־גענדיגע קאַנאַריקלאַך; אויף א טישעל דערביי איז אַרומגעלאָפען אין א שטייגעל א ווייסע מויז מיט רויטע קליינע אויגען. בראָזע, וועלכער איז געוועזן א גרויסער פריינד פון חיות, האָט געלאָזט זיי אריבערברענגען פון זיין אַרבייטס־צימער אין זיין קראַנקען־צימער.

— נו, ליעבער ברודער אין קריסטוס — האָט הייניזיאוס צו איהם געזאָגט מיט א געמאַכטער לוסטיגקייט — ווי עס זעהט אויס, איז אייך וואויל ווי די וועלט.

— יאָ — האָט געענטפערט בראָזע — און אויב איהר פער־שטעהט די ווערטער ברודער אין קריסטוס, אַלס א ברודער אין מענשליכקייט, נעהם איך אָן מיט פערגניגען אייער בעגריסונג.

— דאָס מיין איך אפילו ניט, אָבער וואָס מאַכט עס אויס.

— נו, א שטיקעלע חילוק איז שוין דאָ — האָט בראָזע גע־ענטפערט מיט א מילדען שמייכעל. דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו טהאָמאַסען:

— קוקט אויף מיך ניט אַזוי פערצווייפעלט מיט אייערע דאָק־טאָרשע אויגען.

די פרוי פון דעם קראַנקען האָט מיט אַנגסט געוואונקען פון דער זייט צו טהאָמאַס.

און טהאָמאַס האָט געענטפערט:

— עס הויבט זיך גאָר ניט אָן.

די פרוי האָט אָבגעטראָטען איהר פּלאַץ צו טהאָמאַס.

— עס איז עפּעס אַזוי יום טוב'דיג — האָט דער קראַנקער געזאָגט — צו זעהן אייך דאָ לעבען זיך. איהר ברענגט מיר בלומען; איהר קוקט אויף מיך מיט אַזעלכע גוטע אויגען, און רעדט צו מיר אַזוי ווייך, אַזוי פריינדליך; עס קומען מינוטען, ווען איך פיהל מיך אַזוי נאָהענט צו אייך, כמעט אַזוי נאָהענט, ווי צו מיין נשמה, ווי צו מיין טהייער ווייבעלע, און כמעט אַזוי נאָהענט, ווי דאָס בעדאַרף אימער זיין. פון דיזען שטאַנדפּונקט, ווי איהר אַלע פּאַסט אויף מיך אויף און ווייזט אַרוים אַזאַ ליעבע צו מיר, האָט דאָס קראַנק זיין עטוואָס פיינעס אין זיך.

— ליעבער מאהלער — האָט דער לעהרער געזאָגט — איהר זעהט אַלעס אין אַזעלכע ראָזיגע קאָלירען.

— איהר האָט אַ טעות, איך זעה נור עטוואָס טיעפער.

— דאָס איז אַלעס גאַנץ שעהן — האָט די אַקושאָרקע ליערס זיך אַריינגעמישט מיט אַ סטראָשונאָק — אָבער דער דאָקטאָר האָט דאָך אָנגעזאָגט ניט צו ריידען פיעל.

בראָזע האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דאָס טהוט מיר גראָדע וואויל. נור קיינע רעצעפּטען, קינדער. איך בין געגען דעם.

פרוי בראָזע איז אַריין אין אַטעליער, וואו די אַלע איבעריגע, אַ חוץ טהאָמאַסען, זיינען איהר נאָכגעגאַנגען.

פּאַר אַ ווייל זיינען זיי ביידע שטיל געבליבען. דאַן האָט זיך דער קראַנקער אַרויסגעבויגען פון זיין בעט צו טהאָמאַסען, און זיין פּנים האָט אָנגענומען אַן אויסדרוק פון שמערץ.

— איהר מוזט וויסען — האָט ער געזאָגט צו טהאָמאַסען גאַנץ שטיל — דאָס דער אויסערליכער צוזאַמענברוך איז געקומען פיעל שנעלער, ווי איך האָב ערוואַרט. איך האָב זיך געטראַכט, אַז איך וועל נאָך ציהען אַ פּאָר יאָהר.

— דאָס וועט אויך זיין אַזוי, און נאָך פיעל לענגער, ווי עס דוכט זיך אייך איצט.

בראָזע איז געוואָרען נערוועז.

— ניין, ניין — האָט ער געענטפּערט — און איך לאָז מיך פון קיינעם ניט איינריידען. און מיינע אמת'ע פריינד דאַרפען ניט

אזוי פערשטעלען זיך. עס וועט זעהר שנעל נעהמען א סוף, און איך בעטראכט עס גאָר פאר א גליק. זאָל זיין א סוף צו די פּאָר אויסערליכע שערבלאך, וועלכע זיינען פון קיין ווערטה ניט. מיין אייביגקייט בלייבט און ווערט דערפון אויף א האָר ניט „עמינדערט. איהר מאכט אזא ערשטוינטען פּנים. איך וויל אָבער איצט ניט ריידען וועגען מיין אייביגקייט. וועגען דעם אן אנדערס מאָל. עס זיינען דאָ אנדערע זאכען, וועלכע בעשעפטיגען מיך אין דיעזען מאָמענט. איך האלט עס פאר אן אמת'ען גליק, וואָס דער עסק וועט זיין באלד צו ענדע. צו זיין קראנק און הילפלאָז, דאָס אליין איז שוין זעהר שלעכט, אָבער נאָך ערגער איז צו זיין א לאסט פאר אנדערע; און דאָס שרעקליכסטע פאר מיר איז צו זיין א לאסט פאר דער, וועלכער האָט פאר מיר איהר גאנצען לעבען אוועקגעגעבען. און וועגען איהר האָב איך טאקע געוואָלט ריידען מיט אייך. איך קען אייך נאָך גאָר ניט לאנג, און דאָך קום איך צו אייך מיט א פערלאנג, זאָל איך?

— געווים — האָט טהאָמאס געענטפערט שטארק געריהרט.

דער מאהלער האָט זיך אָבגעווישט מיט'ן האנד דעם שוויים פון שטערען.

— איך דענק — האָט בראָזע געזאָגט — דאָס איהר זיינט באמת א גוטער מענש, און דאָס ביי אייך מענשענטהום איז ניט בלויז א פּראַזע, נור עטוואָס גאַנץ ערנסטעס. און דארום פרעג איך אייך: ווילט איהר העלפען איהר? זי וועט פון אייך אליין קיין זאך ניט פערלאנגען. זי איז זעהר שטאָלץ און האָט א פעסטען ווילען. דאָך קענען קומען פאר איהר צייטען, ווען זי וועט דארפען האָבען די הילפע, די פריינדשאפט פון אן עהרליכען מענשען. פאר'ן טויט ווערט יעדער איינער א שטיקעל נביא, און מיר דאכט זיך, אז איך קען פאָראויסזעהן דעם וועג, וועלכען זי וועט אננעהמען. אויף דיעזען וועג זיינען דאָ גור דערנער, וועלכע וועלען איהר מאַכען בלוטיגע וואונדען. זי האָט א שטארקען קערפּער, אָבער א קראנקע, פערוואונדעטע נשמה. זייט איהר איהר דאָקטאָר, פערבינדט איהרע בלוטיגע וואונדען, איך בעט אייך מיט דער גאנצער קראפט פון מיין נשמה. לאָזט איהר ניט פערבלוטען. לאָזט איהר ניט ארויס פון אויג.

ער האָט אָנגעקוקט טהאָמאַסען מיט זיינע דורכדרינגענדע אויגען, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט לייענען, וואָס איז אויפ'ן גרונד פון זיין האַרצען.

— איך זאָג עס אייך צו, אַזוי אמת, ווי איך הייס טהאָמאַס טרוק.

דער מאַהלער איז צוריק אַרונטערגעפאַלען אויפ'ן קישען; האָט צוגעמאַכט די אויגען, און אויף זיין געזיכט האָט זיך אָבגעשפּיעגעלט פאַר אַ קורצע ווײַלע פריעדען און גליק.

זי איז אַרויס מיט די איבעריגע, ווייל זי האָט געוואוסט, דאָס איך וויל מיט אייך עפּעס ריידען. וועגען וואָס, דאָס ווייס זי ניט.— ער האָט אָנגענומען טהאָמאַסעס האַנד און זי געגלעט, ווי מען טהוט עס מיט אַ קליין קינד — איך האָב אין מיין לעבען פיעל דורכגע־מאַכט און פיעל געזעהן. געהונגערט האָב איך פון דעם ערשטען טאָג אָן. אָבער איך בין דורכגעגאַנגען דורך די אַלע פּלאָגעניש, קיין מאָל מיין רוקען ניט איינגעבויגען און ניט געקרימט זיך פאַר קיינעם. און האָט עס געמעגט זיין ווי פינסטער, דאָך דורך אַ קליין שפּעלטעלע האָט פאָרט פאַר מיר געשיינט אַ ליכט־שטראַהל. מאַנכעס מאָל האָב איך געמיינט, אַז איך האָב מיך שוין דורכגעהונגערט און עסס איידעלע ברויט; אָבער אימערצו האָט זיך אַרויסגעשטעלט, דאָס דער מאָגען איז מיר פון דעם גאַנץ שווער געוואָרען, און דאָס איך האָב גאָר שטיינער געשלונגען, פון וועלכע איך האָב ערשט מיט גרויס מיה געקאָנט זיך פריי מאַכען. און דאָך בין איך ווידער געגאַנ־גען, אַ פערבלאָנדזשעטער וואַנדערער מיט צובראָכענע גליעדער און אַן אויסגעמאַטערטען קערפּער, וועלכער האָט דאָך געהאָפט צו געפינען אַן אָברוה־פּלאַץ, איידער די נאַכט קומט אָן.

ער האָט אַ טיעפען זיפץ געטהאָן און האָט ווייטער גערעדט:

— וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ ווייטער, שווערער וועג! און דאָך, ניט קוקענדיג אויף אַלץ, בין איך צופריעדען מיט דער וואַנדערונג, וועלכע, איהר מעגט זיך זאָגען וואָס איהר ווילט, פיהרט דאָך אין די פערשפּראָכענע לאַנד. איך בין געשטאַנען אויפ'ן היי־ליגען באַרג. פון דעם שפּיץ האָב איך אַריינגעקוקט אין דעם קע־ניגרייך פון פרייד, וועלכע די רויטע זינקענדע זון האָט בעגולט מיט

איהרע לעצטע שטראַהלען. אין דער אבענד־רוויטקייט ליעגט דער קעניגרייך פון פרייד. דיעזער קעניגרייך האָט אַלס זיין שילד די אינערליכע פרייהייט, און איבעראַל און אומעטום זעה איך שוין באַנער־טרעגער, וועלכע איילען זיך איבער'ן לאַנד מיט פלאַטערנדע פאָהנען.

ער האָט זיינע אײדעלע ווייסע הענד צוזאַמענגעלעגט, און האָט טרוימעריש אָנגעקוקט טהאָמאַס טרוק.

— ווי קומט מען צו דער פרייהייט? — האָט טהאָמאַס טרוק געפרעגט, ציטערענדיג און הערענדיג דאָס קלאַפּען פון זיין הארץ.

— ווען מען איז טריי צו זיך אַליין, ווען מען זוכט זיך אַליין און מען הערט ניט אויף צו זוכען זיך, ביז מען ענטדעקט אין זיך דאָס געטליכע. מיר לעבען, ווי עלענדע קנעכט, ווייל מיר זיינען אין הארצען קנעכט. גלויבט מיר, עס איז דאָ נור איין זינד, און דיעזע איז געגען דעם איינענעם, הייליגען גייסט. מיר האָבען דעם הייליגען גייסט אין זיך אַליין, און מיר קרייציגען און פייניגען איהם. די גאַנצע אויסערליכע פרייהייט איז ערשט דאַן אַ ברכה, ווען מיר זיינען אינערליך פריי. איהר מעגט פאַלען און געשטרויכעלט ווערען איבער דערנער און שטיינער, אָבער ווערט קיינמאָל ניט געשטרויכעלט איבער זיך אַליין. איהר ווייסט? — האָט ער געפרעגט, וואַרפענדיג אַ בליק אויף טהאָמאַסען — וואָרום ווייסט איהר?

טהאָמאַס האָט זיך צוזאַמענגענומען, און האָט געענטפערט:

— איך זעה מיך ווייט פון אייך און ווייט פון דעם ציעל. פאַר אייך עקזיסטירען ניט קיין צאָרן, קיין ביטערקייט. איהר זיינט שוין אין אַ פעסט־זאַל, וועלכער איז העל בעלויכטען, אין וועלכען עס ברענען מעהר ווי טויזענד ליכט.

בראָזע האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איהר האָט אַ טעות. איך זעה דעם זאַל בעלויכטען פון אַזוי פיעל ליכט. אָבער איך בין נאָך ניט דאָרט. איך אַליין האָב מיין צאָרן און מיין ביטערקייט. און מיין צאָרן און מיין ביטערקייט זיינען מיר הייליג. צאָרן און ביטערקייט זיינען דאָס אייזען, פון וועלכען עס ווערען געשמידט וואַפען, מיט וועלכע צו שטורמען די אַלטע טהויערען. דער צאָרן און די ראַכע קומען צו אונז פון די אור־אַלטע צייטען. זיי קומען צו אונז פון דעם אַלטען אידישען

גאָט יעהאָוואַ, און דאָס איז דאָס בעסטע און דאָס עדעלסטע אין איהם. בעליידיגט ניט און פערשטעהט ניט שלעכט דעם הייליגען צאָרן. דער צאָרן און די ראַכע, פון וועלכע איך דענק, די זיינען די מעכטיגסטע וואַפען געגען די אינערליכע און אויסערליכע קנעכט־שאַפט. פון קינדווייז אויף בין איך געווען אין מיר שטיל, אָבער מיין צאָרן און מיין ראַכע־געפיהל, די האָב איך געהערט וואַכענדיג, ביי דער אַרבייט, און אין טיעפסטען שלאָף און דעם שווערסטען חלום. די איידעלע מענשען מוזען זיין צאָרנדיג און אויפגעבראַכט.

טהאָמאַסען האָט אָנגעהויבען שווינדלען פאַר די אויגען, אַזוי ווי זיילען פון טומאַן וואָלטען זיך פון ערגעץ אויפגעהויבען און אַרומגע־שטעלט זיך אַרום איהם. זיינע שלייפען האָבען איהם געהאַמערט. דער קאָפּ האָט איהם וועה געטהאָן, און ער האָט געהאַט אַ געפיהל, אַזוי ווי זיינע אויגען וואָלטען איהם פּלוצלונג געשוואָלען געוואָרען. ענדליך האָט ער מעהר גאָר ניט געזעהן; דער צימער איז פערשוואונ־דען געוואָרען. דעם פּנים פון מאַהלער האָט ער מעהר ניט געזעהן, און אַלעס האָט זיך געוואָרפען און געדרעהט אין דער דונקעלהייט, אָבער טויזענדע טענער האָבען געדרונגען צו זיינע אויערען אין שטאַרקע אַקאָרדען ווי פון אַ הייסער תפלה.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און שטילערהייד אונבעמערקט פון קיינעם, האָט ער פערלאָזען דאָס קראַנקען־צימער.

ווען טהאָמאַס האָט דערפיהלט די פרישע לופט, האָט ער בים־לעכווייז אָנגעהויבען קלאָר צו ווערען איבער דאָס, וואָס ער האָט געהערט, און האָט אָנגעהויבען צו פערדייהען אַלעס, וואָס ער האָט דורכגעלעבט.

פון וואָס פאַר אַ פרייהייט רעדט הייגזיאוס, און צו וועלכער פרייהייט האָט דער מאַהלער בראָזע געשטרעבט? עס איז קלאָר, דאָס זיי ביידע האָבען בלוטיג געקעמפּפט, אום צוצוקומען מיט צו־לעבערטע לונגען צו דעם ציעל, וועלכער שיינט איהם צו זיין אַזוי פערשיעדען, כאָטש ער געהט אונטער דעמזעלבען נאָמען. און אפשר האָט ער טאַקע פערגרייזט, אַוועקמאַכענדיג מיט׳ן האַנד אַזוי לייכט די אַלע געדאַנקען פון הייגזיאוס, וועלכער איז אַזוי מוטהיג און אַזוי אָהן רחמנות געגען זיך אַליין געקומען צו אַ געוויסען שלום? איז עס ווירקליך אונזין דאָס, וואָס ער האָט געהערט פון הייגזיאוס

איבער די געפיהלען? ליידעט ער אליין ניט, ער, טהאמאס טרוק, פון אן איבערטריעבענעם פיהלען, וועלכער פערדונקעלט זיין פער־שטאנד? אפשר זיינען טאקע די געפיהלען גור נעמטען פון קראנק־הייט, וועלכע, ווי פאלשע ליכט, מאכען דעם מענשען בלאנדזשען אויף פאלשע וועגען? און אפשר איז היינזיאוס' בעגריעף וועגען קונסט טאקע ריכטיג, כאטש איהם האט ער געמעגט אויסזעהן פאל־ש גור דערפאר, ווייל ער איז פאר איהם ניי? איז עס ווירקליך רעכט מיט אזא שטאלץ אב'פטר'ן יענעמס נעדאנק, און ניט געבען זיך די מינדעסטע מיה צו פערשטעהן יענעם? מוז דען ניט א מענש אריינדרינגען אין יענעמס לאגע, אין יענעמס גייסט, ווען ער וויל איהם פערשטעהן? א קעלט איז איהם אריבערגעלאפען איבער די ביינער. ווי זאל מען זיך פערטיעפען אין די געדאנקען פון אנ־דערע, אז מען האט אזוי פיעל צו טהאן, ביז מען פערשטעהט זיך אליין!

ער האט געפיהלט א כעס געגען זיך אליין. עס האט איהם פערדראסען, וואס ער איז אזוי געריהרט און אונרוהיג. ער האט אנגעהויבען זיך צו שעהמען. וואס האט דער מאהלער אויפגע־טהאן מיט זיינע פאר ווערטער, וועלכע ער האט פאר איהם ארויס־גערעדט!

ער איז שטעהן געבליבען, האט ארויסגעצויגען דאס טאשענ־טיכעל, און האט זיך אבגעווישט דעם שוויים. ער האט געפיהלט, ווי עפעס א שלעכטען געשמאק אויפ'ן צונג, און וויעדער האט אנ־געהויבען צו טומלען זיך ביי איהם אין קאפ. איהם זיינען איינ־געפאלען געוויסע ווערטער און זעצע פון בראזע, און זיי האבען ביי איהם ארויסגערופען אויפ'ס־ניי טרעהרען. קיין זאך האט אויף איהם ניט געהאט אזא ווירקונג, ווי בראזעס אידעע פון דער גע־טריישאפט צו זיך אליין. איצט האט ער עס דערפיהלט גאנץ דייטליך און האט געזעהן קלאר, דאס בראזע האט מיט דיעזע ווער־טער געטראפען זיין שמערצליכסטען, וועהטאגדיגסטען פלאץ. ער איז מיט געוואלד ארויסגעשטויסען געווארען פון זיין לעבענס־וועג, ווייל ער האט געהאנדעלט פערברעכעריש געגען זיך זעלבסט.

דאס וואס ער האט געפיהלט זעהר שטארק פאר רעגינא, דאס איז געווען עטוואס הייליגעס, און אין דעם האט ער זיך ניט גע־

מאכט קיין פארוואורף. עס איז אפשר געווען אן אונגליק, דאס ער ליעבט איהר, אבער קיין פערברעכען איז עס ניט. דער פערברעכען האט זיך ערשט אנגעהויבען, ווען ער האט זיך אנגעהויבען פער־בעהאלטען.

עס איז נור געווען איין וועג: אפען און איינפאך צו ערקלעה־רען איהר מאן דעם גאנצען אמת און דאס האט ער גראדע ניט געטהאן... צוליעב בעקוועמליכקייט און נידערטרעכטיגער פייגהייט.

ער האט זיך אומגעקוקט צוטומעלט, אזוי ווי אימיצער וואלט געקענט אונטערהערען, וואס ער רעדט צו זיך אליין. אבער די מענ־שען זיינען גלייכגילטיג פערביי געגאנגען, קיינער האט זיך ניט גע־קימערט וועגען איהם.

ווי האב איך געקענט אזוי האנדלען? — האט ער געפרעגט מיט שרעק און שאנדע ביי זיך אליין — ווי איז עס מעגליך געווען? עס איז טאקע פונקט ווי דער מאהלער האט געזאגט: ער איז גע־שטרויכעלט געווארען איבער זיך אליין. דאס איז זיכער. ער קען זיך ניט ריינוואשען.

איך בין איצט אויפ'ן בעסטען וועג — האט ער ווייטער גע־טראכט — צו בעגרייפען די פסיכאלאגיע פון פערברעכען. איך הויב איצט אן צו פערשטעהן, ווי איינער קומט דערצו, צו פער־לייקענען אין זיך דאס בעסטע און צו ענטדעקען אין זיך דאס גע־מיינע, דאס ניעדעריגע. ווען אימיצער וואלט דאס מיר פאראויס־געזאגט! אה, דאס מוז זיין די ירושה פון מיין טאטען!

אבער אין דעם זעלבען אויגענבליק, ווי עס איז געקומען ביי איהם אין קאפ דיעזער געדאנק, האט ער דערפיהלט, אז דאס אליין איז זעלבסט־נארעריי, אז דאס איז א טרויעריגע, אן עלענדע פער־טהיידיגונג פון זיך אליין. עס איז זעהר בעקוועם ארויפצוואַרפען די שולד אויף אנדערע און אויף אזא אופן זיך גערעכט צו מאכען און דאך איז פאר איהם קיין צווייפעל ניט געווען, אז זיין מוטער טאמארא וואלט קיינמאל, קיינמאל ניט געקענט קומען אין אזא לאגע. די אמת'ע ריינקייט פון איהר סאמע וועזען וואלט איהר בעשיצט דערפון.

ער איז צוריק געקומען צו זיין פערברעכער־טהעאריע.

עס זיינען אלזא דא דונקעלע קרעפטען, וועלכע מאכען איינעם

פאר א גנב, פאר א רויבער, אָדער, ווי בראָזע דריקט זיך אויס, וועלכע קרייציגען אין זיך זייער הייליגען גייסט. עס איז נור א צופאַל, ווען די זינדיגע ווערען ניצול פון דיעזע דונקעלע, געהיימע כחות. דאָס פערברעכערישע אין מענשען שטעהט אויף אין דער דונקעל־הייט, האַלט וואך מיט ווייט־אויפגעריסענע אויגען, האַלט אויסגע־שפּרייט די נעצען און וואַרט אויף דעם פאַנג — און ער, ער איז אין דעם נעץ, ער צאַפּעלט זיך דאָרט, ווי א דערשראָקענער פיש, וועלכער שלאָגט אַרום זיך מיט זיין עק און קוקט אַרום זיך קאָמיש מיט זיינע צושראָקענע אויגען.

ער איז געבליבען שטעהן פאַר א וואַנד, אויף וועלכער עס זיינען געווען אָנגעקלעבט פערשיעדענע פּלאַקאַרדען: באַל אין יאַאַכימס פעסט־זאַלען, האָט ער געלייענט מעכאַניש... לעצטער פּהילהאַרמאָנישער קאָנצערט אונטער ניקיטש, עקסטרא פאָרשטע־לונג אין צירק בוש, גאָטעס־דעמערונג, די דאַמע פון מאַקסים. ער האָט געלייענט דיעזע אַלע אַנאָנסען, און זיי זיינען איהם פאָרגע־קומען אַזוי קאָמיש, אַזוי ווילד. משוגענע פּלאַקאַרדען פון נאַרען פאַר נאַרען.

ער האָט זיך דערשראָקען אומגעדרעהט. אימיצער האָט איהם אָנגעריהרט. דער סטודענט פון טהעאָלאָגיע בעבערט איז געשטאַ־נען פאַר איהם און האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַן אייסדרוק פון שפּאָט, ווי עס האָט זיך איהם אָבגעדוכט.

— אַך, גוטען טאָג! — האָט ער געזאָגט צוטומעלט.

— איהר ווילט היינט געהן אין טהעאַטער?

— הם, יאַ, — האָט ער געענטפערט, כאָטש ער האָט אין דער אמת'ען ניט געוואוסט, וואָס ער רעדט.

— איהר זיינט דאָך שוין מסתמא געווען אין יאַאַכימ'ס באַל־זאַלען?

טהאָמאַס האָט איהם אָנגעקוקט מיט אויסגעסטאַרט'עטע אויגען.

— ווייסט איהר — האָט פּלוצלונג זיך אָבגערופען דער סטו־דענט — איך וואָלט מיך אָנגעשלאָסען צו אייער גרופּע נאַכט־ליכט, אָבער, אָפען גערעדט, עס שטערט מיר דאָס, וואָס איהר נעהמט אריין אויך אידען. איהר הערט?

— ניין — האָט טהאָמאס געענטפערט קורץ און איז פערשוואונדען אָהן אַ געריוש צו דעם אַנטיסעמיטישען סטודענט.

דיעזער האָט איהם אָנגעקוקט פון הינטען גאַנץ ערשטוינט און האָט געמאַכט אַ מינע, וועלכע האָט אויסגעדריקט, אַז ער מיינט, דאָס ביי טהאָמאס טרוק איז ניט אין גאַנצען אין אָרדנונג אין זיין „אויבער־שטיבעל".

ווען טהאָמאס איז געקומען אויף זיין קוואַרטיר, האָט ער דאָרט געפונען צו זיין גרויסער פערוואונדערונג בלינסקי'ן, וועלכער האָט איהם ביז איצט נאָך קיינמאָל ניט בעזוכט.

— איהר מוזט מיר מוחל זיין — האָט בלינסקי געזאָגט עטוואָס שרעקעדיג — ווען איך שטער אייך.

דאַן אום צו ערקלעהרען איהם די אורזאַכע פון זיין בעזוך, האָט ער איהם דערלאַנגט אַ בריעף, געשריעבען פון אַ ציטערענדער האַנד מיט זעהר קליינע, בלאַסע אותיות. דער בריעף איז געווען פון מאַריא ווערפט, וועלכע האָט אין אַ ריהרענדען טאָן געבעטען בלינסקי'ן איהר צו העלפען. זי איז שוין פערצעהן טעג קראַנק, און קען ניט בעצאָהלען איהר רענט. צווישען די שורות האָט מען געקענט לייענען, דאָס זי איז שוין האַלב פערהונגערט. ביים סוף פון בריעף איז געשטאַנען: „ווען איהר קענט מיר ניט העלפען, טו ווייזט דיעזען בריעף דעם גנעדיגען הערר טהאָמאס טרוק. אָבער ווען איהר קענט מיר יע העלפען, זאָלט איהר איהם דעם בריעף ניט ווייזען".

בלינסקי האָט דערצעהלט שטאַמלענדיג, דאָס ער האָט פאַר בראַזע אָוועקגעגעבען דאָס לעצטע, וואָס ער האָט געהאַט. ער האָט זיך געשעהמט מיט דיעזע ערקלעהרונג און ער האָט אויסגעמידען צו קוקען טהאָמאסען אין פנים. ער איז געוואָרען ערשט אַ ביסעל פרייער, ווען ער האָט דערצעהלט, ווי אַזוי זיי האָבען ביי דער פּרוליסאָוער אַרויסגעצאַפּט אַ בעשטימטע סומע. דאָס איז דער גרונד, וואָרום ער ווענדעט זיך צו איהם, ווייל זיינע מיטלען זיינען אין גאַנצען צו ענדע.

טהאָמאס האָט איהם שטאַרק געדאַנקט, און ניט אויסטהוענדיג זיין מאַנטעל, האָט ער בעגלייט בלינסקי'ן. דעם בריעף פון מאַריא

ווערפט, אין וועלכען עס איז געווען איהר אדרעס, האט ער אריינ־געשטעקט צו זיך אין קעשענע.

בלינסקי האט באלד איהם פערלאזען, און טהאמאס איז אוועק אין די דעליקאטעסען־סטאר, וואו רעגינע האט איינגעקויפט די נאַ־שערייען פאר זייער ערשטען ליעבעס־מאהלצייט. אין יענעם אבענד האט מאריא ווערפט אפשר שוין געהונגערט און האט געמאטערט איהר פוסטען מארך מיט די פראגען, וועלכע די נויטה שטעלט. אין יענעם אבענד האט זי פיליכט אויף איהר ארעמען בעטעל געטראכט פון איהם, וועלכען זי איז אזוי פער'עקשן'ט צו רופען דוקא מיט'ן נאמען „דער גנעדיגער העדר", „גנעדיג" — וויפיעל קנעכטזעלינקייט און וויפיעל ניעדריגע קאמיק ליגט אין דיעזען ווארט.

ער האט זיך געפרעגט, ווי אזוי איז ער געקומען איין איבעריגען גראשען צו פערנוצען פאר זיך. ריכטיג גערעדט, לעבט ער דאך ווי א גראף אין דער צייט, ווען די מענשען פון נאכט־ליכט זיינען קראנק און עלענד און געהען אוים פאר הונגער. ער עסט קאוויאר און לאקס און זיי געהען אוים פאר א שטיקעל טרוקען ברויט.

איך בין געגאנגען אויף א גאנץ פאלשען וועג, האט ער זיך ווייטער געמאכט ביטערע פארווירפע. ניט דאס איז א פערברעכען, וואס איך עס קאוויאר; טרויעריג איז נור דאס, וואס די לאגע איז אזעלכע, דאס ביין טיש פון פרייד זיצען נור א קליין ביסעלע, ווע־רענד די אנדערע מוזען צוקוקען עס מיט זייערע פערלאנגענדע בליקען...

ער איז אריין אין סטאר, און ער האט זיך דערמאנט אן יעדע איינצעלהייט פון יענעם אבענד. און ווידער זיינען צוגעקומען ווארימע גליק־כוואליעס צום הארצען; ווידער האט ער געזעהן די, וועלכע האט זיך איהם איבערגעגעבען מיט איהר קערפער און נשמה.

א קלוירק האט איהם געפרעגט, וואס ער בעפעהלט.

— איך בעפעהל גאר ניט! און ער האט באלד צוגעלייגט: ווי קענט איהר זיך אזוי ערניעדריגען?

דער קלאירק האט געשמייכעלט, טראכטענדיג ביי זיך: „דאס איז גאר א מאדנער משוגענער".

טהאמאס האט געקויפט צוויי קעסטלאך טרינק־אייער, שינקען,

וואורשט, ברוסט, שפּיקגאַנז, מעהרערע פלעשלאַך אונגאַר־וויין, און דאַן קאַוויאַר. זי זאָל אַלעס האָבען אַזוי גוט, ווי ער יענעם אבענד.

— דאָס אַלעס פּערפּאַקט אין אַ קאָרב און שיקט עס אַוועק נאָך דער בערוואַלד גאַס 14, פּערטעס טרעפּ, איבערצוגעבען צו פריילײן מאַריאַ ווערפּט, וועלכע וואוינט ביי קעסעל, דעם שניידער.

ווידער האָט דער קלאַירק געשמייכעלט. ער האָט זיך נע־מאַכט זיינע אייגענע פאַרשטעלונגען.

טהאָמאַס האָט עס אָבער ניט בעמערקט. טהאָמאַס איז געווען אין גאַנצען בעשעפטיגט מיט זיך, וועהרענד דער קלאַירק האָט פער־שריבען אַלעס, וואָס טהאָמאַס האָט בעשטעלט. דיזען צעטעל האָט טהאָמאַס דערלאַנגט דער קאַסירערין.

— אַלעס צוזאַמען דריי און צוואַנציג מארק — האָט צו איהם געזאָגט די קאַסירערין, זעהענדיג, דאָס ער טראַכט גאָר וועגען עט־וואָס אַנדערש. זי האָט זיך דערמאָהנט, דאָס דיזער מענש איז מיט אייניגע טעג צוריק געווען דאָ מיט אַ זעהר עלעגאַנטע דאַמע.

טהאָמאַס האָט זיך אַזוי ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט, האָט אַרויסגענומען אַ הונדערט מאַרק־שטיק. די קאַסירערין האָט איהם געגעבען רעשטע, און ער האָט שנעל פערלאָזען דאָס געשעפט. ער איז אַוועק צו דעם נעכסטען פּאָסט־אָפּיס, אין וועלכען ער האָט דעם גרעסטען טהייל פון דער רעשט־סומע אַוועקגעשיקט צו מאַריאַ ווערפּט. ער האָט אין דיזער שטונדע בעשלאָסען ניט צו בעהאַל־טען פאַר זיך קיין גראָשען מעהר, וויפיעל ער האָט נויטיג פאַר זיינע איינפאַכסטע בעדירפניסע.

פאַר אַן אויגענבליק האָט עס איהם וואויל געטהאָן, אָבער גלייך נאָך דעם האָט אַ געהיימע שטימע צו איהם געזאָגט:

— נאַר זיך אַליין ניט. דאָס אַלעס טהוסטו אויס דעם ריינ־סטען עגאָאיזמוס, נור דערפאַר, אום אויסצובויען אַ שוץ־וואַנד געגען זיך זעלבסט אין די פּלעצער, וועלכע דו אַליין ווייסט, זיינען גאַנץ שוואַך.

אין דיזער סעקונדע פון דעם טיעפּסטען זעעלען־שמערץ האָט מען געקענט זעהן אויף זיין פּנים דעם בלוטענדען שמייכעל פון זיין פערשטאָרבענער מוטער טאַמאַראַ.

.16

— גוטען טאָג — האָט אַרויסגעקלונגען אַ העלע מיידעל־שטימע, און לאַכענדיג האָט זי צוגעלייגט: — איהר זעהט אויס פונקט ווי איינער, וועלכער וואַנדערט אַרום אין שלאָף.

די מיידעל האָט זיך געשטעלט אונטער אַן עלעקטרישען לאָמפּ פונקט אַנטקעגען דעם, צו וועמען זי האָט גערעדט, פערשטעלענדיג איהם דעם וועג.

יענער האָט אויסגעצויגען די הענד, וועלכע ער האָט ביז איצט געהאַלטען פערלייגט אויפ'ן רוקען, האָט בעגריסט איהר עטוואָס אונגעשיקט, אָבער שטאָלץ. ער האָט נור לייכט אָנגעריהרט זיין היטעל מיט'ן האַנד.

— אַזוי זאָגט מען ניט איינעם „גוטען טאָג“ — האָט ער גע־ברומט עטוואָס בייזלאַך.

די סטודענטקע שאַרלאָטע אינגאַלף איז עטוואָס פערשעהמט געוואָרען פון זיין בעמערקונג.

— זייט מיר מוחל — האָט זי געענטפערט קורץ.

— געוויס — האָט איהר נאָכגעלאָזען דער מעכאַניקער פרינדעל.

און זיי זיינען ביידע געגאַנגען פּאָר אַ ווײַלע שווייגענדיג.

— איך וועל מיר דורך אייך, בער וואָס איהר זיינט, ניט לאָזען זיך פערדאַרבען מיין גוטע שטימונג — האָט די סטודענטקע געזאָגט לאַכענדיג.

— ווייל איך דען דאָס?

— טו וואָרום זיינט איהר אַזוי גראָב מיט מיר?

ער האָט אַרויסגענומען אַ ציגאַר, און זי האָט בעמערקט, ווי ער זוכט אַ שוועבעלע אין זיינע קעשענעס.

— נאָט — האָט זי געזאָגט, דערלאַנגענדיג איהם אַ קליינע זילבערנע שוועבעלע־שאַכטעל.

ער האָט עס בעטראַכט מיט אַ מינע פון שפּאָט, איז שטעהן געבליבען, ניט קימערענדיג זיך גאָר וועגען דעם, וואָס זי פיהלט בשעת מעשה און האָט פערראויכערט זיין ציגאַר.

— איך האָב איינענטליך בעדאַרפט זיך ענטשולדיגען פאַר אייך, וואָס די שאַכטעל איז אַ זילבערנע.

— פאַר מיר? — האָט ער געפרעגט און אַ קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס.

— וואָס מאַכט די דזשאָזעפאַ ערווינג?

דער מעכאַניקער האָט אויף דעם ניט געענטפערט. ווי עס האָט אויסגעזעהן, האָט ער זיך ווידער פערנומען מיט זיינע אייגענע געדאַנקען, און ער האָט גאָר פערגעסען, אַז לעבען זיין זייט געהט אימיצער.

— איהר אַמוזירט זיך גרויסאַרטיג — האָט זי געזאָגט.

— נו, זעהט איהר!

— טאַנצען האָט איהר, ווי עס ווייזט אויס, קיינמאָל ניט געלערענט.

— איך האָב ליעב בעסער פּייפען, ווי טאַנצען.

— דאָס האָב איך שוין אליין בעמערקט.

— איבעריגעס, איז עס דאָך דער העכסטער אונזין, וואָס איהר, ווייבער, פערלאַנגט פון אונז העפליכקייטען. פאַר וואָס אייגענט־ליך? אליין קלאַפּט איהר׳אַ קאָפּ וועגען די גלייכע רעכטע פון די ביידע געשלעכטער, און נעהמט אימיצער אייערע ווערטער ערנסט, מאַכט איהר אַ ליאַרם, און איהר ווילט, אַז מען זאָל אייך הענדלען אזוי ציטריג, ווי רויע אייער! איבעריגעס! — האָט ער זיך אליין אונטערבראָכען — די גאַנצע פרויען־בעוועגונג איז אַ מיאוס׳ער שווינדעל! אַ פּאָר ווייבער זיינען משוגע געוואָרען און פּלאַפּלען פון גלייכע רעכטע. זיינען דען די געהירענס גלייך? נאַטירליך ניט. אלעס אויסערליכע, קליינינקייטען מאַכט איהר אונז נאָך, ווי די מאַלפּעס, אָבער דאָס אַנדערע! דער גייסט, וואו איז דיעזער? מיט אייער גאַנצען געפּילדער זיינט איהר נאָך אַלץ דיעזע קליינינקע ווייבליכע נפשות. איהר פערשטעהט, וואָס איך רייד? איך בין געגען די פרויען־עמאַנציפּאַציאָן. קענט איהר פרודאָנען? לעזט איהם נור. מען מוז לייענען זיינע ווערק. הערט איהר, ער איז אויך געגען דיעזען שווינדעל, און נאָך צו־ליעב פיעלע אַנדערע טעמים. ער מיינט, אַז די בעפרייאונג און די גלייכבערעכטיגונג וועט מאַכען

די פרויען אויסגעלאַסען. איך אָבער גלויב, אז דאדורך וועלען די פרויען אויפהערען צו זיין ריכטיגע מאַמעס.

די סטודענטקע האָט געפיהלט, ווי איהר זעלבסטבעוואוסטזיין הויבט אָן צו פערשווינדען ביי דער זייט פון דיעזען קלאָץ פון א מענשען. זי האָט זיך געוועהנט געגען דעם. זי האָט זיך געפיהלט געקרענקט פון זיין גרעסערער קראַפט, און זי האָט געוואָלט איינבאַך זיך אומקעהרען צו איהם מיט'ן רוקען און אוועקגעהן ניט זאָגענדיג אפילו קיין זייט־געזונד. אָבער עטוואָס אונבעשטימטעס האָט איהר צוריקגעהאַלטען. זי האָט זיך איינגערעדט, דאָס דיעזער קלאָץ אינטערעסירט איהר פסיכאָלאָגיש.

— טהאָמאַס טרוק איז א זעהר קלוגער מענש — האָט זי צו איהם געזאָגט.

— מיינט איהר אַזוי?

— געוויס. און איהר האָט דען אַן אַנדער מיינונג וועגען איהם?

— איך קען איהם נאָך ניט גענוג. נור עס דוכט זיך מיר, אז ער איז א שטיקעל פאַנטאַזיאָר.

— זיינט איהר געגען פאַנטאַזיאָרען?

דער מעכאַניקער האָט זיך צורעכט געמאַכט עטוואָס זיין היטעל אויפ'ן קאָפּ, און האָט געענטפערט:

— מיט אַזעלכע פראַגען כאַפּט מען אריין אין נעץ פראָסטע אונוויסענדע בויערען!

די סטודענטקע איננאָלף האָט איהם ערשטוינט אָנגעקוקט און האָט געפרעגט מיט ערביטערונג:

— פאַר וועמען האַלט איהר מיך דען?

— דאָס ערשטע פאַר א סטודענטין פון מעדיצין.

— און?...

— דאָס אַנדערע ווייס איך נאָך ניט.

— אפשר מיינט איהר גאָר — זי האָט אין איהר אויפרעגונג אונטערבראָכען זיך אַליין.

— ניין, איך דענק גאָר ניט. עס קען אָבער דאָך אַזוי זיין. איך בין דאָך אין אייער האַרצען ניט אריינגעקראָכען. עס לויפען איצט אַרום אַזוי פיעל פרויען, וועלכע, אונטער אַלערליי מאַסקען,

שפיאַנירען און העלפען דער פּאָליציי אין איהרע דונקעלע געשעפ־טען. איהר האָט דאָך געהערט פון אַזעלכע, און איהר קענט איינעם ניט נעהמען פאַר אומגוט, ווען ער איז פאַרזיכטיג. ניין, דאָס דאַרפט איהר ניט.

די אינגאַלף איז געוואָרען בלייך, ווי קאַלך.

— דאָס איז אַ געמיינער פערדאַכט — האָט זי געשטאַמעלט, און זאָ וואָס קען מען נור צומוטהען און זאָגען אַ שוואַכער פרוי — אַ קליינע ווײַלע איז זי שטיל געבליבען, דאַן האָט זי אויסגעשריען:

— ווייסט איהר, וואָס איך דענק? משוגע זיינט איהר, פּשוט משוגע — און מיט אַ בייסענדער איראָניע האָט זי צוגעלייגט — האָט איהר אַ מאָל ניט צושעדיגט זיך אייער שאַרבען? אָדער זיינט איהר אַ מאָל קראַנק געווען אויפ'ן קאָפּ? אָדער שטאַמט איהר אפשר פון אַ פאַמיליע, אין וועלכער עס זיינען דאָ אַ פּאָר משוגעים? מיט איין וואָרט: ליידט איהר ניט פון דער משוגעת, דאָס אימיצער האַלט אייך אין איין פערפאָלגען?

— איהר שטעלט אייערע פראַגען גאַנץ קלאָר און דייטליך. דאָס, וועניגסטענס, קען מען פון אייך ניט אוועקנעהמען — האָט ער געענטפערט גאַנץ רוהיג — אַלזאָ, דעם שאַרבען האָב איך זיך קיינמאָל ניט צושעדיגט; קראַנק געווען אויפ'ן מאַרך אויך ניט. משוגעים זיינען דאָ אין יעדער פאַמיליע, און עס איז גאָר אַ קנאַפּע נפקא מינה, צו זיי זיינען יע אין משוגעים־הויז, צו ניט. וואָס מיך אליין בעטרעפט, האַלט איך מיך פאַר פאָלשטענדיג געזונד.

— דאָך האָט מען אייך בעדאַרפט אונטערזוכען — האָט זי געזאָגט, קוים זיך איינהאַלטענדיג פון זיך פאַרנאַנדערצולאַכען.

— איהר זיינט מעדיצינערין.

— ריכטיג. און איהר זיינט אַ שלאָסער.

— דאָס איז אויך ריכטיג, וועניגסטענס, וואָס דעם טאָג אָנ־בעלאַנגט, און ביי נאַכט מאַטער איך זיך אַ ביסעל קליגער צו ווערען.

— דאָס איז זעהר שעהן פון אייך. אָבער איהר מוזט נאָך פלייסיג ווייטער אַרבייטען. שכל — דאָס איז אַן אידעלע זאַך, און מען מוז שווער אַרבייטען, ביז מען קריגט עס. דאָס איז אַן אַרבייט, ביי וועלכען מען קען לייכט זיך פערבלאָנדזשען; מען זעהט אָדער דאָפּעלט אָדער מען זעהט אַנשטאָט רויט בלוי אָדער שוואַרץ.

— הם, ווי עס ווייזט אויס, זיינט איהר אויך גאָר ניט קיין נאַר, און איהר זיינט הפּנים קיינמאָל ניט געפאַלען אויפ׳ן קאָפּ.

— גאָט זאָל אָבהיטען, נאָך דעם קלענסטען שאַרבען־ברוך ווערט מען שוואַכזיניג.

— מען פערלירט נור דעם פערשטאַנד, ווען מען האָט פריהער געהאַט וועלכען — האָט ער געענטפערט.

אזוי ריידענדיג, זיינען זיי אָנגעקומען ביז צו איהר קוואַרטיר.

— ווילט איהר ביי מיר אויסטרינקען א גלעזעל טהעע?

— איז עס גוטער טהעע?

— איך האָף.

— דאַן נעהם איך אָן די איינלאַדונג.

זי האָט געהאַט א צימער אין פראָנט אויפ׳ן צווייטען עטאַזש מיט א בעזונדער אריינגאַנג.

דאָס צימער איז געוועזן גרויס און זעהר שעהן אויסמעבליר׳ט. א יאַפּאַנעזישער וואַנדשירם האָט פערשטעלט איהר בעטעל, און א זעהר גוטע, ווייכע סאָפאַ האָט איינגעלאַדען איינעם צו זיצען. דער לאָמפּ האָט שוין געברענט, ווען זיי זיינען אריינגעקומען.

דעם מעכאַניקער׳ס ערשטער בליק איז געפאַלען אויף דעם גרויסען אָפענעם ביכער־שראַנק, ועמעס פּאָליצעס זיינען געוועזן אָנגעשטאָפּט מיט ביכער. אויפ׳ן טיש זיינען געלעגען פערשיעדענע ביכער פון דער קעניגליכער ביבליאָטהעק.

דער מעכאַניקער האָט אָן עפּען געטהאָן א בוך. עס איז געווען העקעלס שעפּפונגס־געשיכטע.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט פול ענטציקונג. די ביכער האָבען איהם היפּנאָטיזירט.

— יעדער סטודענט קען קריגען אַזעלכע ביכער צו לייענען פון דער קעניגליכער ביבליאָטהעק? — האָט ער געפרעגט.

— דאָס האָט מיט דעם שטודירען גאָר ניט צו טהאָן. יעדער מענש קען זיי קריגען.

— איך אויך?

— אויך איהר, ווען איהר קריגט אימיצען, וואָס זאָל פאַר אייך גוט־זאָגען.

ער האָט זיך צולאַכט.

— איך האָב ניט צווישען מיינע בעקאַנטע אַזעלכען.

— איהר קענט דיעזע ביכער קריגען דורך מיר — האָט זי גע־זאָגט, ניט קוקענדיג אויף איהם — מען האָט דאָס רעכט צו נעהמען מעהרערע ביכער.

— און איהר ווילט עס טהאָן פאַר מיר?

— געווים. עס איז אַפילו פערבאָטען די ביכער צו געבען צו אַ צווייטען, אָבער אין דיעזען פאַל וועל איך ניט קוקען אויף דעם.

— הם, און איך וועל זיכער דיעזע טובה אָננעהמען פון איך.

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף די סאָפאַ, גאָר ניט זשעניערענ־דיג זיך. אָבער אַ סאָרט בערוישונג האָט איהם בעהערשט, דאָס ער וועט איצט קענען האָבען די אַלע ביכער, וואָס ער דאַרף.

די אינגאַלף האָט אַ דריק געטהאָן אַן עלעקטרישען קנעפּעל.

אַ דיענסט־מיידעל אין אַ ווייסען פאַרטוך איז אַריינגעקומען.

— בעזאָרגט אונז עטוואָס צו עסען און אויך טהעע. דער טהעע מוז זיין גוט און שטאַרק; בעסער, ווי אַלע מאָל.

זי האָט מיט אַ שעלמישען שמייכעל אַריבערגעקוקט צו איהם. ער האָט גאָר ניט געהערט און בעמערקט. ער האָט נור געטראַכט וועגען די ביכער.

ווען די מיידעל איז אַרויס, איז ער צו איהר צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט, אַזוי נאָהענט, דאָס זי האָט זיך עטוואָס דערשראָקען.

— אייער צוזאָג מיט די ביכער — דאָס נעהם איך אָן, אַלץ גאַנץ ערנסט. איהר מוזט וואָרט האַלטען.

זי האָט איהם דערלאַנגט די האַנד, וועלכע ער האָט פייערליך געדריקט.

דאַן האָט זי פּלוצלינג, אונגעבעטענערהייד אָנגעהויבען דער־צעהלען פון זיך. און כאָטש ער האָט צו איהר ערצעהלונג ניט אַרויסגעוויזען קיין בעזאָנדערען אינטערעס, דאָך האָט עס איהר ניט געשטערט, און דערצעהלענדיג, האָט זי געהאַלטען אויף איהם אין איין קוקען מיט איהרע גוטע און פון צייט צו צייט אויפלייכטענדע אויגען.

זי שטאַמט פון עלזאַס. איהר טאַטע איז געווען פאַבריקאַנט, און האָט איבערגעלאָזען פאַר די קינדער אַ קליינעם פערמעגען, וועל־כער האָט געמאַכט מעגליך פאַר די קינדער צו זיין זעלבסטשטענדיג;

אבער זיי זיינען אלע פיליסטער. ווען זיי וואלטען עס געוואוסט, אז איך האב אין מיין צימער צו־גאסט אזא מאן, ווי איהר! די אויגען וואלטען זיי אויסגעריסען. פון שרעק וואלטען זיי אפשר פאראליזירט געווארען.

ער, פון זיין זייט, האט איהר אויף דערצעהלט זיין לעבענס־געשיכטע:

— מיין פאטער איז געווען סאלדאט, און איז געקומען צוריק א קאליקע. מיין מאמע איז איהר גאנצען לעבען געווען א וועשערין. איהר האט בעדארפט זעהן איהרע הענד, דיעזע ברייטע, רויטע, גרויסע הענד, פון וועלכע עס האט אימער זיך געהערט דער ריח פון גרינע זייף, און די שוועסטער... נא, דיעזע זיינען געשטארבען איינע נאך דער צווייטער. מיין מאמע האט איינענטליך געוואשען פאר די באבע און דעם בית הקברות מאן. וואס, א שעהנע מעשה? — מיר איז דא א ביסעל צו ווארים.

ער איז אויפגעשטאנען, און ניט פרעגענדיג, האט ער געעפענט דעם פענסטער.

די אינגאלף, אויפגערעגט, האט נאכגעקוקט יעדער בעוועגונג זיינער. זי האט געפיהלט דייטליך, אז דיעזער מענש מאכט אויף איהר א שטארקע ווירקונג.

די דיענסט־מיידעל איז אריינגעקומען און האט געגרייט צום טיש. זי האט אוועקגעשטעלט טעלער, פול מיט ברויט, מיט פו־טער, מיט וואורשט און יאפאנעזיישע טהעע־געשיר. די מעסער און גאפלען זיינען געווען ענגלישע, די טעלער זיינען געווען פון איידעלען פארצעלאי און אלעס האט אויסגעזעהן זעהר שעהן און זויבער. די סטודענטקע האט אריינגעגאסען דעם טהעע, דער מע־כאניקער האט צוגעמאכט דאס פענסטער, און זיך ווידער געזעצט אויפ׳ן סאפע.

ער האט געגעסען, גאנץ פערטיעפט אין זיך, ווידער פערגע־סענדיג אן זיין ווירטהין. זי האט געמערקט, דאס ער האט קיינע מאניערען ניט, דאס ער האט פערשלונגען די ביסענס, ווי א רויב־טהיער, מיט א שנעלקייט, וועלכע האט געהאט אין זיך עטוואס משונה׳דיגעס און אבשטויסענדעס.

און דאך האט עס איהר וועניג געקימערט. זי האט זיך אליין

געוואונדערט אין דער שטיל, ווארום דאָס ארט איהר גאָר נים. נאָך קיינמאָל האָט זי ניט געזעהן אַ מענשען, וועלכער זאָל זיין אזוי טיעף, אזוי איבערגעבען פערנומען מיט זיך אליין. ווען ער האָט געטראַכט איבער עטוואָס שווערעס, האָט זיך אויף זיין שטערען איינגעגראָבען אזאַ טיעפער קנייטש, דאָס זיין גאַנצער פּנים איז געוואָרען אַ גאַנץ אַנדערער. זי האָט איהם בעטראַכט מיט איהר גאַנצער אויפמערקזאַמקייט און זי האָט זיך געשראָקען פאַר זיין זיכערקייט. זי האָט אויף איהם געקוקט גאָר אָהן שעהמעריי, און, ווי עס איז איהר אליין פאָרגעקומען, מיט אַן אונפערשעהמטער חוצפּה.

און דאָס אלעס האָט דעם מענשען אויף אַ האָר ניט געריהרט. ער האָט געגעסען ווייטער, ניט לאָזענדיג זיך אויף איין אויגענבליק אונטערברעכען.

— אזוי ! — ער האָט זיך אָבגעווישט מיט'ן האַנד דעם מויל, און האָט אוועקגעלייגט גאָפּעל און מעסער אָן אַ זייט.

זי איז ניט געוועזן אימשטאַנדע צו אונטערדריקען אַ הויכען געלעכטער.

ער האָט עס גלייך בעמערקט און געזאָגט:

— נו, איהר דאַרפט זיך ניט אזוי גרוים האַלטען מיט אייער ביסעל קולטור — אָנווייזענדיג אויף דעם ווייסען טיש־טוך. אָבער אין זיינע ווערטער איז ניט געוועזן קיין סימן, דאָס ער פיהלט זיך מיט עטוואָס בעליידיגט. גאָר אונגעשטערט איז ער צוגעגאַנגען צו די ביכער אויפ'ן שרייב־טיש, בלעטערענדיג זיי. ער האָט אויפ־געעפענט אַ קליין ביכעל, וועלכער איז געוועזן טעינ'ס „פּילאָזאָפיע פון קונסט“ אין פראַנצויזיש.

— איהר לייענט פראַנצויזיש ?

— יאָ.

— איהר בעזיצט די שפּראַך פאָלשטענדיג ?

— איך דענק אזוי.

— קענט איהר אויך ענגליש ?

— אזוי חאָב איך זיך איינגערעדט.

— און איהר רעדט אויף פאָלקאָמען דיעזע שפּראַכען ?

— אזוי ווי דייטש.

און ווידער האָט זיך געזעהן אַ ניט־פּערבעהאַלטענער געפיהל פון קנאה אין זיינע אויגען. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטען. ער איז מעהרערע מאָל ארומגע־גאַנגען איבער'ן צימער הין און צוריק, אַזוי ווי ער וואָלט דאָרט געוועזן דער בעל־הבית, ביז ער האָט איהר ענדליך געפרעגט, שטע־לענדיג זיך גאַנץ נאָהענט צו איהר:

— איז עס שווער צו לערנען נייע שפּראַכען?

— ניין, יעדער קלענער לערנט זיי אויס. מען דאַרף נור פיעל צייט, ווען מען הויבט אָן ניט ריכטיג.

— הם, האָט איהר טאַלענט צו לערנען מיט אַ צווייטען?

— ווי מיינט איהר?

— איך מיין, אויב איהר וואָלט זיך געטרויט צו געבען אַ ריכטיגען לעסאָן איינעם אין שפּראַכען אַזוי, דאָס ער זאָל זיי שנעל אויסלערנען.

זי האָט געענטפערט לאַנגזאַם:

— איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געטראַכט פון דעם צו ווערען שפּראַך־לעהרערקע; דאָך גלויב איך, אַז איך וואָלט געקענט אַ ליידליך־אינטעליגענטען מענשען אריינפיהרען אין פראַנצויזיש און אין ענגליש.

ער האָט זי אָנגעקוקט קיהל מיט פעסט־געשלאָסענע ליפּען און זי געפרעגט:

— ווילט איהר זיין מיין לעהרערין? בעצאָהלען וועל איך אייך ניט. איהר מוזט עס טהאָן איינפאַך דערפאַר, ווייל איהר אינטערעסירט זיך מיט מיר.

דאָס האָט איהרווירקליך געמאַכט גאַנץ צומישט.

— איך אינטערעסיר זיך מיט אייך?

— נו, אודאי אינטערעסיר איך אייך — האָט ער געענטפערט פעסט, אַזוי ווי עס קען דאָ גאָר קיין ספק ניט זיין. איבעריגנס, אז איהר ווילט ניט... איך בעט קיינעם ניט.

זי האָט געענטפערט, פערייסענדיג דעם קאָפּ אין דער הויך:

— איך וויל — און טיעף אויפאָטהעמענדיג האָט זי צוגע־לייגט — איך האָב פאַר אייך גאָר קיין מורא ניט. אין אַ ווײלע ארום האָט זי איהם געפרעגט מיט אַ טאָן פון מיטלייד:

— איהר האָט פיעל געליטען, אלס קינד, און ליידט איהר נאָך איצט פון אייער קינדהייט?

ער האָט זיך פארגאנדערגעלאכט.

— איך לייד ניט פון אזעלכע זאכען. גאנץ פערקעהרט. יענע ליידען האָבען מיך געמאכט צו דעם, וואָס איך בין, און אויף אזוי פיעל בין איך זיי דאנקבאר.

שאַרלאָטע אינגאָלף האָט אליין אָבגעבראָכען דיעזען געשפרעך, און איז אריבערגעשפרונגען אויף גאנץ עטוואָס אנדערעס:

— איהר האָט פריהער געזאָגט, אז טהאָמאס טרוק איז א פאנ־טאזיאָר. קענט איהר מיר געבען מעהר גרינגרע פאר אייער בעהויפ־טונג? איך האָב א שטארקען אינטערעס אין דיעזען מענשען. זיין אויפפיהרונג האָט עפעס טיעף ריהרענדעס.

— פאנטאזיאָרען ליידען פון א בעשטימטער קראנקהייט. זיי ווילען בעפרייען. זיי געהען צו גרונד פון דעם געדאנק צו בעפרייען די מענשהייט. אָדער מען שלאָגט זיי צו צום קרייץ אָדער זיי שלאָ־גען זיך אליין צו, וואָס דאָס איז, סוף כל סוף, אלץ איינס.

— איהר האלט דעם בעפרייאונגס־געדאנק פאר עטוואָס קראנקעס?

— אין שיכות צו דעם כלל — יא. אין שיכות אָבער צו דעם איינצעלנעם — ניט.

— דער איינצעלנער בין איך אליין, נור איך קען זיך בעפרייען.

— אָה, איהר שטעהט אויף אן עהנליכען שטאנדפונקט, ווי דער לעהרער היינזיאוס?

— עס איז דאָ אן עהנליכקייט, אָבער איך גלויב, דאָס איך געה נאָך ווייטער פון איהם.

— איך אלעמען, אייך נביאים, האָט מען געדארפט אויפ־העננען, און אייערע לעהרען האָט מען געדארפט אין דער ערד פער־שארען, אז קיין פארע זאָל פון זיי ניט בלייבען — האָט זי אויס־געשריען אויפגערעגט.

פרינדעל׳ס פנים איז מיט א מאָל געוואָרען פאנאטיש, און ער האָט געענטפערט, בערוישענדיג זיך מיט זיינע אייגענע ווערטער:

— אונזער לעהרע איז ווי יענע לעגענדארישע שלאנג, אויף

וועלכער עס וואקסען אוים טויזענד נייע קעפּ, ווען מען האקט איהר אָב איינעם.

— און וואָס וועט זיין דער סוף פון טהאָמאס טרוק? — האָט זי נעפּרעגט.

— איך זאָג ניט קיין נביאות. האָט איהר אָבער א מאָל זיין האלז געזעהן?

— יא — האָט זי געענטפערט — ער האָט אַן איידעלע שלאַנקע האלז.

— ער האָט די האלז פון ענמאַנט — האָט נעזאָגט דער מעכאַניקער פרינדעל — איהר געדענקט דאָך דעם פּלאַץ ביי געטהע.

— איך געדענק — האָט זי געענטפערט אויפגערעגט און זי איז גאַנץ בלאַס געוואָרען — איהר לייענט געטהע?

— איך האָב איהם ניט לאַנג געלייענט.

— און דאָס דענקט איהר וועט זיין דער גורל פון טהאָמאס טרוק?

— יא.

— ניין, איך גלויב עס ניט. — זי האָט געברענט אין איהר גאַנצען קערפּער — דאָס איז עס ניט, און דאָס וועט ניט זיין.

מעכאַניקער פרינדעל האָט אָנגעטהאָן זיין אויבערראָק, און האָט גענומען זיין היטעל אין האנד. ער האָט בייז געשמייכעלט.

— איך וויל אייך פאַר אייער אבענד־מאָהלצייט און פאַר די צונעזאָגטע ביכער און לעסאָנס אין פראַנצויזיש און ענגליש עפּעס קלוגעס שענקען. שטעלט אַן אייערע אויערען — האָט ער צוגע־ליינט מיט א בייסענדער איראָניע.

— איך הער.

און אין א שטילען טאָן, דריקענדיג אויף יעדע זילבע, האָט ער ארויסגערעדט:

— אלעס, וואָס שטאַרבט, דאַרף שטאַרבען. גוטע נאַכט, גוטע נאַכט, פריילין אינגאָלף.

— גוטע נאַכט... הערר פרינדעל.

.17

דער באַנקיער בערג האָט בעגריכט טהאָמאַס'ן מיט אַן אמת־טיפער פריינדליכקייט און האָט איהם גלייך צוגעפיהרט צום טיש.

די גנעדיגע פרוי איז אריינגעקומען, ווען די זופּ איז שוין גע־שטאַנען אויפ'ן טיש. זי האָט אויסגעזעהען בלאַס און ליידענד, און שטום האָט זי איהם אויסגעשטרעקט איהר האַנד.

איהר אנבליק האָט איהם שטאַרק געריהרט. און חאָטש אין דער ערשטער מינוט האָט ער געפיהלט זיך שלעכט, וואָס זי האָט איהר מאַן בעגריסט פאַר איהם, האָט אָבער איהר אויסזעהען גע־מאַכט איהם דאָס באַלד פערגעסען.

אויך זייער איינגעל איז געזעסען ביין טיש. ער האָט גערופען איהם „פעטעריל טהאָמאַס". זיין שוואכער קערפּעריל האָט גע־טראָגען אַן אַלטען קלוגען פּנים.

זי פלעגט נור פון צייט צו צייט אריינוואַרפען אַ וואָרט. זי איז געווען זעהר נערוועז און פול מיט אַ ציטערענדע אונרוהיגקייט. מעהרערע מאָל איז זי געוואָרען בייז, ווען דער מאַן האָט צו איהר נור מיט אַ וואָרט זיך געווענדעט.

דער איינגעל האָט געקוקט צושראָקען פון דער מוטער אויפ'ן פאָטער און פון פאָטער אויף די מוטער, און, ווי עס האָט אויסגעזע־העז, האָט ער שוין געקאָנט זיין מאַמע אין אַזעלכע מינוטען און ער האָט געשוויגען.

און דער באַנקיר האָט אויך אויסגעמידען צו רעדען מיט איהר.

— מיין פרוי — האָט ער געזאָגט, שמייכלענדיג — האָט היינט איהר טאָג. ווען צו דעם, ווער עס רופט ארויס איהר צאָרן. איך ראַטה אייך, איהר זאָלט זיך אין אכט נעהמען. און איהר זיינט דאָך גאָר ביי איהר פערערבענט זעהר הויך, און איהר מעגט שוין עטוואָס ריזיקירען.

ביי דיזע ווערטער האָט זי איהם אָנגעקוקט ביטער־בייז. זי האָט געעפענט דעם מויל, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט איהם ענטפער־רען, אָבער באַלד האָט זי מיט פעראַכטונג געשלאָסען איהרע ליפּען.

ווען דער סערווירענדער דינער האָט דורך עפּעס אַ בעוועגונג

געמאכט א גערויש, האָט זי זיך ניט געקאָנט בעהערשען און אויס־
געשריען:

— זיינט איהר משוגע געוואָרען? און ווען דער דינער האָט גע־
מאכט אַ מינע צו פערענטפערען זיך, האָט זי איהם מיט אַ ראשער
בעוועגונג פון איהר האנד געוויזען די טיר.

דער פאָטער און דער אינגעל האָבען זיך אָנגעקוקט און האָבען
באלד אראָבגעלאָזען זייערע בליקען אין די טעלער.

וואָס איז מיט איהר? האָט טהאָמאס זיך געפרעגט, און האָט
ניט געוואוסט וואָס באר אן ענטפער זיך צו געבען. איהר אויפפיה־
רונג היינט האָט איהם שטארק געפייניגט. ער האָט נור אָנגענומען
די איינלאדונג, אום צו שאפען קלאָהרהייט, און איצט איז אלעס
נאָך מעהר פערפלאָנטערט. ווארום ווייזט זי זיך איהם פון איהר
ערגסטער זייט?

און דאָך האָט ער געפיהלט, ווי שטארק ער ליעבט איהר! מעג
זי זיך פאר איהם ווייזען אין איהר העסליכסטער געשטאלט, ער איז
געווען פול מיט זיין ליידענשאפט, און דיזע האָט געמאכט איהם זע־
העו אלעס אין אן אנדער ליכט. אין יעדער סעקונדע האָט ער גע־
האַט טויזענד און איינס ענטשולדיגונגען פאר איהר.

דער מאָהלצייט איז געווען צו ענדע.

— איהר וועט מיך ענטשולדיגען, ווען איך וועל זיך צולייגען
פאר אַ ווייל — האָט דער באנקיער געזאָגט — איהר פערשטעהט
דאָך, אין מיינע יאָהרען...

ער האָט מיטגענומען דעם אינגעל, און ניט רעדענדיג קיין
וואָרט צו איהר, איז ער אוועק. ווען ער איז שוין געשטאַנען ביין
טיר, האָט ער געמאכט אַ בעוועגונג מיט'ן האנד צו איהר און צו
טהאָמאס, און ער איז פערשוואונדען.

אין מינוט האָבען זיי זיך ביידע צוגעהערט.

דאן האָט זי אַ דריק געטהאָן אַן עלעקטרישען גלעקעל.

— איך וויל פון קיינעם ניט געשטערט זיין — האָט זי געזאָגט
צו דעם אריינקומענדען דינער.

איהר טאָן איז געווען ווי פון אַ הערשערין.

— אזוי, איצט קום — האָט זי געזאָגט שטילערהייד צו טהאָ־
מאס'ען.

זי האָט איהם שטיל געפיהרט פאר'ן האנד דורך א רייהע פון צימערען אין א קליינעם דאמען־צימער.

זי האָט פערשלאָסען די טיר. דאן איז זי צו איהם צוגעגאנ־גען און האָט איהם אָנגעקוקט פאר א קורצע ווײלע אין א טיפער, פערהאַלטענער אויפרעגונג. מיט איין מאָל איז פערשוואונדען איהר טאָן און איהר מינע פון א הערשערין. איהר געשטאלט איז געוואָ־רען אזוי הילפלאָז און צובראָכען. זי האָט קיין וואָרט ניט ארויס־גערעדט, אָבער איהר שטומע מינע האָט געשיינט צו בעטען זיך: זעה, איך ליעג אויף די קניע פאר דיר, הויב מיך אויף.

דיזע שנעלע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט איהר, האָט טהאָמאָס'ען שטאַרק אויפגערעגט. דאָס איז געווען די רעגינא, וועלכע ער האָט ליעב געהאט מיט'ן גאנצען הארצען. ער האָט ארויפגעלייגט זיין ציטערענדע האנד אויף איהרע שווארצע האָר.

זיין בעריהרען איהר האָט ביי איהר צוגענומען דאָס ביסעלע זעלבסט־בעהערשונג, וואָס איז איהר נאָך פערבליבען. ניט ארויס־לאָזענדיג קיין טאָן, האָט זי איהם צוגעצויגען צו זיך, ווי איינע, וועלכע געהט אוים פון דורשט, און האָט איהם ליידענשאפטליך גע־קושט.

טהאָמאָס'ען האָט זיך אָבגעדוכט, אזוי ווי איהרע בליקען וואָל־טען מיט איינמאָל אויסגעברענט די אלע בילדער און געדאנקען, אין וועלכע ער האָט געלעבט. ער האָט אין איהרע אויגען קיין טרעהרען ניט געזעהען, און דאָך זיינען זיי געווען פייכט און האָבען געשלוכצט אין טיעפער אונבעשרייבליכער פרייד, וועלכע האָט זיך אויך איהם מיטגעטהיילט. אלעס, וואָס זי האָט גערעדט, האָט איהם געקלונ־גען, ווי שטילע, פערשטיקטע מוזיק, וועלכע איז געקומען אזוי ווי פון דערווייטענס און האָט איהם פערטויבט זיינע חושים. ער האָט אויך געפיהלט זיינע האָר ציטערענדיג, ווען זי האָט איהם אָנגע־ריהרט.

— מאך צו די אויגען.

טהאָמאָס האָט געפאָלגט.

זי האָט איהם געקושט די האלז, דעם אויער, דעם שטערען, די אויגען און ענדליך דעם מויל.

— דו דארפסט זיך ניט ריהרען — האָט זי געשוּרמעלט, און

ווידער איהם געקושט — נו, איצט קענסטו א קוק טהאָן אויף מיר... ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי איך גאַר נאָך דיר!

זי האָט איהם מיט זיך געריסען און אָנגעצונדען זיין יונגע מענ־ליכע קראַפט.

— דו צודריקסט מיך — האָט זי איינמאָל ארויסגעקרעכצט; אָבער ווען ער האָט געוואָלט נאָכלאָזען, האָט זי מיט טרערען אין די אויגען שנעל ארויסגערעדט: — ניין, צודריק מיך; איך וויל, אז דו זאָלסט מיך צודריקען.

דאָס האָט איהם געבראכט צו בעזינונג.

— איך וויל דיך ניט צודריקען. איך וויל אָבער מיט דיר לע־בען — האָט ער געענטפערט.

זי האָט זיך איינגעבויגען, ווי אַ קעצעלע, האָט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע פייכטע אויגען, אזוי ווי זי וואָלט ניט פערשטאַנען דעם פולען זין פון זיינע ווערטער.

ער האָט געוואָלט איהר ערקלערען, אָבער זי האָט איהם פער־שלאָסען דעם מויל מיט טויזענד צערטליכקייטען. נור גאַנץ דונקעל האָט ער געפיהלט די אויפלייזונג פון זיינע כחות. ער האָט גע־פיהלט, ווי זיין ווילען איז שוואך, און ווי דער גאַנצער ווידערשטאַנד איז ביי איהם צושמאָלצען געוואָרען אין דער ברענעניש פון דעם ליע־בעס־פייער. ער האָט זיך געוואָלט ווערען. ער האָט געוואָלט זאָ־גען דאָס, וואָס ער האָט געמוזט זאָגען, אָבער ער האָט געפיהלט, דאָס איצט וועט ער עס ניט אויספיהרען.

מיט איינמאָל האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, צו זיך געקומען און איז צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער צום טיר.

און דיזע בעוועגונג האָט אויך איהם אויפגעטרייסעלט און גע־בראכט צוריק צו זיין בעזינונג.

זי האָט זיך פערשאַרט די האָר און פול מיט אַ שמערצליכער אי־בערגעבענהייט, האָט זי צו איהם געזאָגט:

— קום אריין, ער וואַרט שוין געווים.

אָבער, ווען זי האָט אַ בליק געטהאָן אויף זיין געזיכט, האָט זי דערזעהען דאָרט אַ טויטליכען אויסדרוק. אויך האָט עס איהר אויס־געזעהען, אזוי ווי זיינע אויגען וואָלטען געשפּריצט מיט בלוט.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט זי אויסגעשריען דערשראָקען, און האָט זיך גלייך צוגעדריקט צו איהם.

איצט האָט זי דייטליך געפיהלט, דאָס יעדעס וואָרט, וואָס ער רעדט ארויס, איז פונקט, ווי ער וואָלט עס ארויסגעריסען פון זיך מיט א צוואנג. זי האָט אינסטינקטיוו געפיהלט, ווי שווער עס איז איהם צו רעדען.

— איך מוז נאָך רעדען מיט דיר. זאָג מיר צו, דאָס איך וועל נאָך היינט דיר קענען ערקלערען — האָט ער קוים אויסגעשטאמעלט.

— איך זאָג עס דיר צו. דו וועסט מיט מיר מיטפאָהרען צו בע־קאנטע, וועלכע איך מוז בעזוכען. און איצט קום.

אין עס־צימער איז געוועזן געדעקט פאַר קאפּע.

די גנעדיגע פרוי האָט פאר אן אויגענבליק פערלאָזען טהאָ־מאס'ען. ער איז געבליבען אליין, אָנשפּאַרענדיג זיך אָן וואנד.

„ווען איך זאָל נאָר ניט אומפאַלען", האָט ער געטראכט צו זיך אליין. „איך טאָר עס ניט."

עס איז אוועק א שטיקעל צייט, וועלכע האָט איהם אויסגעזעזען א גאנצע אייביגקייט.

ווען זי איז ווידער אריינגעקומען, האָט ער גלייך בעמערקט אויף איהר פּנים אן אויסדרוק פון נערוועזער אונרוהיגקייט.

— וואָס איז דען?

— גאָר ניט, גאָר ניט — האָט זי געענטפערט צושטרייט, זי־כענדיג צו פערבעהאלטען פון איהם, וואָס זי האָט בשעת מעשה גע־פיהלט.

דאן האָט ער זי אָנגעקוקט טיעף־טרויעריג.

— איך זוך מיין מאן — האָט זי צו איהם געזאָגט, אי אלס אן ערקלערונג און אויך אלס אן ענטשולדיגונג. דערביי האָט זי אויס־געמידען איהם אָנצוקוקען — איז ער אפשר דאָ געוועזען? — האָט זי ראש צוגעלייגט, אום צו פערטרייבען פון טהאָמאס יעדען אנדערען געדאנק.

— ניין — האָט ער געענטפערט.

— אָבער וואו קען ער דען זיין? זי האָט א דריק געטהאָן אן עלעקטרישען קנעפּעל, און באלד איז אָנגעקומען א דינער.

— איז דער הערר אויסגעגאנגען?

— איך ווייס עס ניט, גנעדיגע פרוי, איך בין נור וואָס געקומען. איך האָב...

— דאָס איז מיר אַלץ איינס.... פרעגט ביי'ן פּאַרטיער, אויב דער הערר איז שוין אוועק.

דער דינער איז ארויס שנעל.

און ווידער איז אוועק א פּאָר מינוט צייט, ווען זיי ביידע האָבען געפיהלט עטוואָס עהנליך צו שרעק.

— ער איז אימער דאָ ארום דיזע צייט — האָט זי ארויסגערעדט מיט כעס — איך מוז דאָך איהם זאָגען, דאָס איך געה אוועק, דאָס איך — זי האָט פּלוצלונג זיך אליין אונטערבראָכען, בעמערקענדיג, ווי זי פּייניגט טהאָמאָסען מיט יעדען וואָרט איהרען. איהר האָט זיך געדוכט, דאָס זי האָט זיך פערזינדיגט אָן איהם. ער האָט געליטען צוליעב איהר. זי האָט געוואָלט ווידער גוט מאַכען דאָס, מיט וואָס זי האָט זיך פערשולדיגט געגען איהם. און מיט א גליקליכען שמייכעל, וועלכער האָט איהר פּנים אזוי ווי בעלויכטען, האָט זי ארויסגעצויגען איהר זיידענע טאשענטיכעל און אריינגערוקט זי איהם אין האנד.

אין דיזען אויגענבליק איז הערר בערג ערשיענען אויפ'ן שוועל. זיין פּנים איז געווען צוקרימט, עס איז געווען אין איהם עטוואָס פערוויינטעס און פערצאַרענטעס. ער האָט אָנגעקוקט טהאָמאָס'ען פּאָר א קליינע וויילע מיט אויגען, אין וועלכע יעדער פונק פון פערשטאַנד איז געווען אויסגעלאָשען, און דאן האָט זיך זיין שטומפּיגער בליק אָבגעשטעלט אויף רעגינאַ.

— וואָס איז מיט דיר ? — האָט זי געפרעגט שטרענג ; אָבער אין איהר שטימע האָט זיך דאָך געהערט עטוואָס עהנליכעס צו שרעק.

ער האָט קיין ענטפער ניט געגעבען, ער האָט זי אזוי אָנגעקוקט, ווי פריהער, און זיינע געזיכטסציגע האָבען אָנגעהויבען ווערען נאָך שמערצליכער.

אום גאָטעס ווילען, וואָס איז דאָס ? האָט טהאָמאָס געטראַכט. ער האָט געפיהלט, דאָס באַלד, באַלד און ער וועט אומפאַלען. איהם האָט זיך אָבגעדוכט, אזוי ווי די ערד וואָלט זיך געעפענט, וועלענדיג

איהם איינשלינגען. נעהם זיך צוזאמען, האָט ער געשריען צו זיך אליין, און האָט פעסט צוזאמענגעדריקט זיינע הענד.

רעגינע האָט אַ וואָרף געטהאָן איהר קאָפּ אויף צוריק, און איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו איהר מאַן:

— ווילסטו מיר זאָגען, וואָס איז מיט דיר?

איהר בליק און איהר שטימע האָבען איהם אזוי ווי דערשראָקען. ער האָט געוואָלט רעדען, אָבער נור אונפערשטענדליכע ווערטער האָבען זיך ארויסגעריסען פון זיין האלז.

זי האָט אַ קורצען לאַך געטהאָן און איהרע בליקען זיינען געוואָרען פול מיט האַס.

איהר געלעכטער האָט איהם צוריקגעבראַכט צו דער ווירקליכקייט.

— מען האָט מיר... מען האָט מיר — האָט ער קוים אויסגעשטאַמעלט — מען האָט מיר געלאָזט וויסען, דאָס מיין מוטער איז פּאראַליזירט געוואָרען.... איהר וועט מיר ענטשולדיגען — האָט ער זיך געווענדעט צו טהאָמאַס'ען.

דיזער האָט ארויסגעשטאַמעלט אַ פּאָר ווערטער פון קיין בעדייטונג, און האָט מיט שווערע טריט פערלאָזען דאָס צימער.

אויפ'ן גאַס איז ער געווען אַ פּאָר מינוטען, ווי בעטויבט. דאָס, וואָס ער האָט ערלעבט אין דער לעצטער שטונדע, האָט איהם נידריג געמאַכט אין זיינע אייגענע אויגען. וואָס פאר אַ ראָליע האָט ער געשפּיעלט? בין איך דאָס? בין איך דאָס ווירקליך? ער איז זיך אויסגעקומען אזוי געמיין, אזוי נידריג. ער האָט געפיהלט אַ נאָגענדען שמערץ, פון וועלכען ער האָט ניט געקאָנט לויז ווערען. ער האָט ניט געקאָנט פערטרייבען פון זיך דאָס בילד פון דעם אָבגעמאַרטען און צודריקטען באַנקיר בערג, איהר מאַן. די עראינערונג אָן זיין צוקרימטען, פערוויינטען פּנים האָט איהם פערפאָלגט. אה... ער האָט אויפגעאָטהעמט ערלייכטערט, ארויסציהענדיג איהר זיידענע טיכעל פון קעשענע. ער האָט אין זיך איינגעזויגען דעם ריח פון דעם פּארפיום, און ער האָט געפיהלט, ווי זיין פּיין און שמערץ פערלאָזען איהם שטילערהייד. אויף אַן אויגענבליק האָט ער געטראַכט פון דעם, אז אויך דאָס איז אַ בעטויבונגס־מיטעל, דאָס אויסשוואַכקייט און מורא זעהט ער צו פערגעסען... דאַן אָבער האָט ער

געזעהען נור זי. איהרע האָר האָבען איהם אָנגעריהרט. ער האָט געפיהלט פול מיט זיסקייט איהר אָטהעם. איהרע ליפּען האָבען זיך דורשטיג אראָבגעבויגען צו איהם.

.18

אין דער קוואַרטיר זייַער איז איהם די אַלטע פרוי אָנגעקומען אַנטקעגען.

— הערר דאָקטאָר — האָט זי געזאָגט מיט אַ וויכטיגע מינע — הערר דאָקטאָר. פאַר אַ מאָמענט איז זי שטיל געבליבען, און האָט אויפגעעפענט ווייט איהרע קליינע אויגען, אין וועלכע עס האָט נאָך אַלץ געפינקעלט דער פייער פון נייגעריגקייט. דערביי האָט זי גע־זוכט אין קעשענע, פון וועלכע זי האָט ארויסגעצויגען אַ צוקנייטש־טע טעלעגראַמע — מיט אַ שטונדע צוריק איז זי אָנגעקומען.

וואָס איז דאָס? ווערענד ער האָט ביי איהר די טעלעגראַמע ארויסגענומען, האָט איהם בעהערשט אַ געפיהל, אַזוי ווי עס האָט געמוזט עטוואָס שרעקליכעס געשעהען. ער האָט פאַר אַ ווײַלע גע־קוקט מיט אויסגעלאָשענע אויגען אויף די אַלטע פרוי, און איז דאַן אריין צו זיך אין צימער.

„איך בין געוואָרען אַזאַ טרוס", האָט ער זיך געטראַכט, „דאָס איך האָב אפילו ניט דעם מוטה צו לעזען די טעלעגראַמע."

ער האָט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ. אויף דעם טיש איז געלעגען נאָך אַ בריעף. די האַנדשריפט איז איהם פאָרגעקומען בעקאַנט. אהא, דאָס איז די האַנדשריפט פון מאַריא ווערפט.

וואָס וויל זי נאָך? האָט ער ביי זיך אליין געפרעגט אונגעדול־דיג, און מיט אַ האַסטיגער בעוועגונג האָט ער אויפגעריסען דעם קאָנ־ווערט. ער האָט געלייענט:

„גנעדיגער הערר, איך ליג אויף די קניע און דאַנק אייך אין דעם נאָמען פון אונזער ערלייזער, יעזוס קריסטוס. אַם ליעבסטען וואָלט איך געוואָלט בעהאַלטען די אַלע וואונדערבאַרע זאַכען און אימער קוקען אויף זיי און זאָגען זיך: דאָס האָט מיר מיין גנעדי־גער הערר געשענקט. עס איז צו־פיעל פאַר מיר. און אַ שאָד דאָס פיעל געלד. איהר האָט בעדאַרפט זעהען, וואָס פאַר אויגען מיינע

בעלי־בתים האָבען געעפּענט, זעהענדיג די אַלע גוטע זאכען. איך בין איצט ווי א פּרינצעסין, איך בין א גליקליכע, און דערפאר איז דאָס אַלעס געקומען צו מיר. עס קושט אייך די הענד, גנעדיגער הערר,
מאַריא ווערפט."

דאָס איז אָבער שרעקליך, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין. די וואונדערליכסטע ווידערשפּריכע האָבען איהם בעוועגט. דאָס איז אי ריהרענד, אי קינדיש. און פון וואנען וויים זי, דאָס איך בין עס?

ער האָט זיך דערמאָנט, דאָס שיקענדיג איהר דאָס געלד, האָט ער מיט גאנץ אונדייטליכע בוכשטאבען אָנגעגעבען א גאנץ אונבע־קאנטען נאָמען.

דיזע נשמה קלאַמערט זיך אָן מיר, האָט ער ווייטער געטראכט. און איהם איז געוואָרען זעהר איבעלדיג אויפ'ן הארצען. ער האָט געפיהלט דאָס זעלבע, וואָס עס פיהלט דער, וועלכער ווערט אָנגע־פאסט פון א קראנקען מענשען, און וועלכען, אויס רחמנות אָדער לאַנגווייליגקייט, מען ווארפט צו א נדבה, און מען זוכט זיך צו בע־פרייען פון דעם געדאנק. מען וויל א וואָרף טהאָן די נדבה, אבי זיך נור אָבצעפּען, און מען וויל גאָר ניט מעהר צו טהאָן האָבען מיט'ן בעטלער. מען גיט דאָך גאָר ניט פון טיפען הארצען. מען גיט דאָס נור אויס בעקוועמליכקייט, אויס זעלבסטליוב, הויכמוטה און שרעק!

ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט ארויסגעקוקט אין די פינסטערע גאַס. ער האָט זיך געשעהמט פאר זיין כעס אויף יענע אונגליקליכע אָרעמע מיידעל, וועלכע איז געלעגען אויף איהר שמוציגען קישען, און האָט פאר אַן אויגענבליק געפיהלט זיך, ווי א פּרינצעסין.

אָבער ווארום לאָזט זי מיך ניט צורוה? האָט ער זיך אַליין גע־זאָגט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דערמיט געוואָלט ענטשולדיגען. ווארום?... ווארום זוך איך אָבער אינערליכע און אויסערליכע בע־פרייאונג? טהו איך דען ניט דאָס זעלבע, וואָס זי?

און ווידער איז איהם געקומען אין זינען די טעלעגראַמע, אָן וועלכער ער האָט געוואָלט פערגעסען. ער האָט עס גענומען אין האַנד, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט טרעפען דעם אינהאַלט, לויט איהר געוויכט.

וואָס בין איך פאר א נאר? איך בין דאָך פריהער גאָר ניט גע־

ווען אזוי. איך בין אימער געוועזן מוטהיג, אויפריכטיג און איצט — וואס איז געוואָרען פון מיר ?

ער האָט עטוואס פערוואָרפען דעם קאָפּ און האָט פארנאנדער־געעפענט די טעלעגראמע.

„קום צעהן און א האלב א זייגער באהנהאָף, פריעדריכ־שטראססע. בעטינא.“

אלזאָ, דאס איז עס, האָט ער צו זיך גערעדט שטיל, און זיין פּנים איז בלאס געוואָרען. עס האָט זך איהם אויסגעדוכט אין די־זער מינוט, אז קיין גרעסערער אונגליק האָט איהם גאָר ניט געקאָנט טרעפען.

ער האָט בעגראָבען אלע זיינע עראינערונגען אָן איהר. עס איז איהם געלונגען צייטענוויז אויסצומעקען איהר פון זיין זכרון; דער געדאנק אָן יענע צייטען האָבען ביי איהם אזוי ווי עפּעס גע־מאָנט. און מיט דאס אלץ איז ער פארטיג געוואָרען. איצט האָט ער געפיהלט א גאנץ אנדער ליידענשאפט. ער האָט געגלויבט, דאס ער האָט צובראָכען די פערבינדונג צווישען איצט און דער קינדהייט. און מיט א מאָל קומט זי!

צו וואס איז זי געקומען? פּונקט אין מיטען פון זיין נייעם גליק! איז דאָ עפּעס געהיימניספּולעס אין דעם? איז עס איינע פון די פּעדים, וועלכע דער שיקזאל שפּינט פון צייט צו צייט, אום אויס־צופלעכטען פאר איהם אָן אונזיכטבארע נייע נעץ? און זאָל ער אין דיזען נעץ געפאנגען ווערען? אָדער זאָל עס זיין פאר איהם א שטריק, מיט וועלכער ער וועט זיך דערשטיקען?

מענש, דאָס איז דאָך אלעס איינבילדונגען, קראנקע פאָרשטע־לונג! — האָט ער גערעדט צו זיך אליין. אָבער פּלוצלונג איז זיין בליק געפאלען צופעליג אין שפּיגעל, און ער האָט זיך דערשראָקען פאר זיך אליין. זיין פּנים איז געוועזן צוקרימט און צודרעהט.

— דאָס איז אלץ איינס — האָט ער צו זיך אליין ווייטער גע־מורמעלט — אָבער די געשיכטע איז א מערקווירדיגע. און איך קען עס בשום אופן ניט בעגרייפען.

ער האָט געעפענט זיין שופלאָדע, און האָט פון דאָרט ארויסגענו־מען די צוויי לעצטע בריעף פון בעטינא, וועלכע ער האָט נאָך ניט געעפענט. ער האָט עס ניט געטהאָן, ווייל אין זיין לאגע האָט ער

געפיהלט, ווי איהרע בריעף ווען איהם וועה טהאָן. און ניט עפּענענדיג זיי, האָט ער זיי ווידער אוועקגעלייגט אויף דעם אלטען פּלאַץ.

ווי מאָדנע דאָס איז אלעס! דאָ, אויף זיין סאַלקע, דאָ, אין מי־טען פון דעם ברוויזענדען לעבענס־שטראָם, האָט מיט ציטערענדע פינגער די קינדהייט געקלאַפּט אין זיין טיר. וויפיעל יאָהרען זיינען אוועק זייט זיי האָבען זיך ניט געזעהען! מוזען זיי זיך ניט בעגעג־נען, אלס צוויי גאַנץ פרעמדע מענשען? ער האָט פּרובירט צו דער־מאָנען זיך אָן איהר, ווי זי האָט אויסגעזעהען מיט איהרע שווארצע ציגיינער־לאָקען, מיט איהר בלאַסען פּנים און אין דעם טרויער־קלייד, אַזוי ווי ער האָט איהר געזעהען צום ערשטען מאָל. און דאַן אין א העלער, ווייסער קלייד, ווי זי איז געלאָפען מיט איהם איבער'ן סאָד, ווי זי האָט געלייגט איהרע קליינע הענטלאך אויף זיין קלאַ־פּענדע הארץ.. אלעס, אלעס האָט ער זיך איצט דערמאָנט. דאָס, אָן וואָס ער האָט יאָהרען גאַנצע ניט געטראַכט, דאָס איז געוואָרען ווי לעבעדיג פאַר זיינע אויגען.

אַ ביטערער געפיהל איבער זיך אליין האָט איהם דורכגעדרונגען. ווי שלעכט און הארט איך בין געוואָרען, האָט ער געטראַכט. דאָס האַמערט עס אויס דאָס לעבען פון איינעם.

איז זי ניט געוועזען זיין אָרימע, קליינע בעטינאַ, וועלכע, פּונקט ווי ער, איז ארויסגעיאָגט געוואָרען אין די איינזאַמקייט און אין קאַמפּף? און האָבען זיי ניט פערבונדען ברידערליכע געפיהלען, וועלכע קיינער און קיינס קען ניט צורייסען?

— אָה, עס איז גוט, וואָס איהר קומט — האָט ער געזאָגט צו דער אלטער ווירטהין, וועלכע האָט אריינגעשטעקט איהר קאָפּ — איך קריעג בעזוך, נאָך היינט אָבענד. מיינע א קוזינע קומט פון פּאַריז.

די אלטע האָט ביטרע געשמייכעלט.

ער איז גאַנץ ערשטוינט געוואָרען פון איהר שמייכעל.

— איהר זיינט זיכער משוגע? וואָס דענקט איהר פון מיר? זאָל איך אייך זאָגען, וואָס איהר דענקט פון מיר? גוט. איהר מיינט: אָט האָט דער עלעגאַנטער הערר ביי זיך אָן עלעגאַנטע

דאמע, און איצט קומט ער מיט א מעשה וועגען א קוזינע! האט איהר דאס געטראכט, אָדער ניט?

די אַלטע האָט זיך געדרעהט שטארק צוטומעלט.

— אום גאָטעס ווילען, ווי קען איך? אין מיין עלטער דענקט מען שוין איבערהויפּט ניט מעהר. און מענשען פון מיין שטאנד האָבען איבערהויפּט ניט קיין רעכט צו דענקען — האָט זי צוגעלייגט עטוואָס סאַרקאַסטיש.

— אזוי, איהר האָט ניט? דאָס איז פאר מיר גאנץ ניי. איבעריגעס, וואָס מיינט דער טאָן, מיט וועלכען איהר רעדט? איהר רעדט צו מיר מיט א טאָן, וועלכען איך האָב ביז איצט ניט געהערט פון אייך — און אויפהויבענדיג זיין שטימע, האָט ער אויסגעשריען: — איך פערלאנג, אז מען זאָל מיר ענטגעגענקומען מיט דער זעלבער אכטונג, וועלכע איך אליין....

די אַלטע פרוי האָט פערבראָכען מיט די הענד:

— וואָס איז מיט אייך, הערר דאָקטאָר?

— וואָס איז מיט מיר? איהר האַלט מיך אפשר פאר משוגע? איהר קענט עס זאָגען גאנץ פריי. עס איז מיר זאָגאר ליעב, ווען איהר וועט זיין אָפּפענהערציג. יא, איך וויל וויסען אייער מיינונג און גאנץ ערנסט פאָרדער איך פון אייך מיר עס צו זאָגען.

— מיין מיינונג איבער אייך?... מיין מיינונג? וואָס פאר א ווערדע האָט זי? אָבער איהר ווילט טאַקי וויסען מיין מיינונג? נו, גוט, איך דארף איהר ניט פערבאָרגען.... מיין גאָט האָב איך גע־דאנקט, דאָס איך האָב געקראָגען אזא באָרדער, אזאַ אנשטענדיגען מענשען.... אַלעס איז געוועזען גוט און שעהן, ביז... ביז יענע דאמע איז צו אייך געקומען. זייט יענער צייט, הערר דאָקטאָר, איז אַלעס אַנדערש געוואָרען מיט אייך... דאָס איז מיין מיינונג, הערר דאָק־טאָר, ווען איהר ווילט עס דורכאויס וויסען. זאָל מיר דער הערר נאָט העלפען, אָבער דאָס איז מיין מיינונג.

ער האָט אָנגעקוקט די אַלטע לאנג און טרויעריג:

— עס איז גוט, וואָס איהר האָט עס מיר געזאָגט. איך דאנק אייך — און ער האָט גענומען איהר צוקנייטשטע האנד און זי גע־האַלטען פאר א מאָמענט. — עס איז גאנץ ריכטיג, איך בין ווירק־

ליך געוואָרען אַן אַנדערער. זעהר פיעל האָט פּאַסירט זייט דאַן. דאָס זאָג איך ניט, אום זיך צו ענטשולדיגען, נור צו ערקלעהרען.

די אַלטע האָט נארישעוואטע געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— דאָס ליגט אין בלוט.

— איך דאַנק אייך — האָ ער נאָך אַ מאָל ווידערהאָלט.

אָבער אין דיזען אויגענבליק האָבען פערשיעדענע פאָרשטעלונ־גען און פראַגען אָהן אַ צאָהל געשטורעמט אין זיין זארצען און מח.

„ווארום בין איך איצט אזוי, ווי איך בין?“ — האָט ער זיך אליין געפרעגט. — „ווארום בין איך אזוי אונרוהיג און צושראָקען, דאָס איך בין גערן צו אנטלויפען פון זיך אליין?

„ווארום ווער איך איצט בעפאַלען פון אזוי פיעל זאָרג, און פאר וואָס ווער איך דאָס פלוצלונג אזוי פּאַרמאַלנע, אזוי צערע־מאָניעל? קען איך זיך אליין, אָדער איך קען זיך ניט?“ און אויף איינמאָל האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם, ווי ניט לאַנג צוריק האָט איהם אימיצער געזאָגט, אז דער וואָרט: „דערקען זיך אליין“ ענט־האַלט אין זיך דעם גרעסטען אונזין, ווייל מיט דעם אייגענעם קאָפּ קען מען זיך אליין ניט דערקענען. סוף כל סוף קומט עס אויס די־זעלבע געשיכטע פון יענעם שלאַנג, וועלכער בייסט זיין אייגענעם עק.

— האָט דער הערר דאָקטאָר נאָך עטוואָס פערלאַנגט? — האָט די אַלטע געפרעגט.

דיזע ווערטער האָבען איהם אויפגעוועקט פון זיין גריבלען זיך אין זיך אליין, און ער האָט געענטפערט:

— דאָס מיידעל קומט היינט אום האַלב עלף. איך האָב גע־וואָלט וויסען, צו איהר האָט פאר איהר פּלאַץ, וואו זי זאָל קענען שלאָפען.

— זיכער, געוויס האָב איך. איך האָב דאָך מיין גוטען צימער מיט דער לעדערנער סאָפע. ווען דאָס פריילין וויל נור שלאָפען אויף דער סאָפע.... אויך האָב איך בעט־געוואַנד און גאַנץ פרישע, זויבערע איבערציִיג. אויך וועל איך אויסגעפינען ריינע, ציכטיגע וועש. איהר מוזט וויסען, אז דאָס אַלעס האָב איך געהאַלטען פער־פּאַקט, זייט מיין מאַן איז געשטאָרבען. צו וואָס דען האָב איך גע־דארפט אזוי פיעל בעטען און בעט־געוואַנד? דאָס ווערט גאָר איינעם אַ לאַסט.

די אַלטע פרוי איז פון סעקונדע צו סעקונדע געוואָרען אַלץ מעהר רעדענדיג.

ער האָט אָבגעהאַלטען דיזען ווערטער־שטראָם מיט א קורצען ענטפער:

— זעהר גוט. אַלזאָ, דאָס פריילײן קען דאָ וואָוינען. איהר נאָמען איז בעטינא — האָט ער א ווײַלע שפּעטער צוגעלייגט מיט א שטילען שמייכעל

די אַלטע איז געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט:

— אויב אזוי, מוז איך זיך אַ ביסעל צואיילען. און זי האָט גלייך פערלאָזען דאָס צימער.

ער האָט א קוק געטהאָן אויפ׳ן זייגער. עס איז געוועזען האַלב ניין. ער האָט זיך א טרייסעל געטהאָן פון א מאָדנער קעלט, וואָס איז דורכגעלאָפען איבער זיין קערפּער. ער האָט געפיהלט קאַלט, חאָטש עס איז שוין געווען באַלד פריהלינג־צייט. יעדענפאַלס, דאָס איז געוועזען א בייזער ווינטער, וועלכער האָט זיך גאָר ניט געוואָלט ענדיגען. ערשט גאָר ניט לאַנג האָט זיך גאַנץ לאַנגזאַם און שרעקע־דיג אָנגעהויבען ווייזען א סמן פון דעם אָנקומענדען פריהלינג, און עס האָט אָנגעהויבען ווערען עטוואָס וואַרימער. טהאַמאַס האָט זיך געפיהלט טוידט־מיעד. די אויגען האָבען זיך ביי איהם צוגע־קלעפּט. און אין גאַנצען האָט ער זיך געפיהלט שלאַף און אויסגע־וועבט אין גאַנצען. נאָך א מאָל האָט ער ארויסגענומען דעם זייגער פון קעשענע, און גאַנץ מעכאַניש האָט ער געקוקט אויף דאָס ציפער־בלאַט. און ווי מערקווירדיג איז עס אזא זייגער מיט זיינע רעדלעך, מיט זיין ווייסען ציפערבלאַט, און מיט זיין אונהיימליכען טיק־טאַק. מען טראָגט ביי זיך אין קעשענע אזא מין מאַשינקע, וועלכע מאַכט די אונענדליכע צייט ענדליך, ענדליך לכל הפּחות פאַר דעם אוועקלוי־פענדען טאָג און אוועקפליהענדע נאַכט. ווי נאַריש דאָס איז, ווי זאָנדערבאַר, ווי אונהיימליך! דער זייגער ווייזט אָן די שטונדען, די מינוטען, די סעקונדען. ווי לעבערליך דאָס איז!

— הם... לויט, אַלזאָ, נאָך דיזען זייגער קען איך זיך צולייגען שלאָפען פאַר א גוטע אָנדערהאַלבען שטונדען.

ער האָט אויסגעלאָשען דעם לאָמפּ, האָט זיך א וואָרף געטהאָן

אויפ'ן בעטעל, צודעקענדיג זיך מיט'ן פאלטא. „אנדערהאלבען שטונדען", האט ער צו זיך אליין געמורמעלט מעהרערע מאל, און איז גלייך איינגעשלאפען. מאדנע משונה'דיגע זאכען האבען זיך איהם גע'חלום'ט. אבער צולעצט האט ער געזעהן גאנץ זאנדערבארע געשטאלטען טאנצענדיג אין קאראהאד. אלעס האט אויסגעזעהן איהם אזוי משונה'דיג און טייפליש. די מענער זיינען געשפרונגען, ווי פאיאצען, און די פרויען, וועלכע האבען געהאט קרענצע אין זייערע האר, און האבען געטראגען פיעל־פארביגע קליידער, האבען זיך געדרעהט און געקרוטשעט אזוי שנעל, אזוי אהן אבהאלט, פונקט ווי זיי װאלטען געטראגען געווארען פון א שטורם, אז עס האט איהם אזש אנגעהויבען שווינדלען אין קאפ. עס איז געווען א מאדנער פלאנטער, אין וועלכען ער האט בשום אופן ניט געקאנט אויסגעפינען אירגענד וועלכען זין. אבער די מינען פון די טאנצענדע פרויען און מענער זיינען געווען בייז און העסליך. אויך האט זיך איהם געדוכט, דאס ער הערט א פערעכטליכען געלעכטער, קומענדיג פון זייערע העלזער. שרעקליך האט דיזער געלעכטער געריסען איהם פאר'ן הארצען.

— אלזא, איצט וועלען מיר פליהען — האט איין שטימע אויסגערופען; און אלע זיינען געפלויגען אין דער לופטען, די מענער האבען אויף די קעפ געטראגען זילבערנע גלענצענדע מיצען, און די פרויען האבען געטראגען גארטלען ארום זייערע טאליעס. „מיר פליהען, מיר פליהען", האט זיך געהערט א זשומעריי פון אלע זייטען; און צווישען דיזער זשומעריי איז דורכגעדרונגען דיזער שרעקליכער, נידערטרעכטיגער געלעכטער, וועלכער האט איהם אזוי וועה געטהאן.

עס איז געווען פונקט צעהן, ווען ער האט זיך אויפגעכאפט. מיט מיה איז איהם אנגעקומען צו דערמאנען זיך אן דעם, וואס ער דארף איצט טהאן. די ווירקליכקייט איז איהם פארגעקומען, ווי א חלום, און דער חלום, ווי א ווירקליכקייט. ערשט, ווען ער האט אנגעצונדען דעם לאמפ, און האט דערזעהען אויפ'ן טיש די טעלעגראמע, האט ער זיך דערמאנט אן אלעס, וואס עס האט פאסירט.

ער האט זיך האסטיג אנגעטהאן, און ווי געטראגען פון א שטורם האט ער זיך געלאזט לויפען פון די טרעפ.

.19

ווען ער איז אָנגעקומען אויף דעם באהנהויף, איז געווען א פער־טעל אויף עלף. ער האָט, אַלזאָ, געהאַט צו וואַרטען א גוטע פערטעל שטונדע. דאָך איז ער גלייך אַוועק אויפ׳ן סטיישען. דאָרט איז געווען פול מיט מענשען. עס איז געווען פאר פסח, און מענשען מיט זייערע פערשיעדענע געפעק האָבען זיך געשפּאַרט וואָס גיכער צו כאַפּען א טריין. פיעלע מענשען, וועלכע זיינען, ווי ער, געקו־מען עטוואָס צו־פריה, זיינען אריין מיט זייערע אויפגערעגטע פּנים׳ער אין די דערבייאיגע וואַרט־צימערען. דאָס אַלעס האָט אויסגעזעהען טהאָמאַס׳ען שטאַרק איבערטריבען. דריי דאַמען, גע־קליידעט דורכאויס אין שוואַרץ, אַן עלטערע פרוי מיט צוויי יונגע מיידלאַך, זייערע האָר משונה׳דיג פריזירט, האָבען בעזאָנדערס צוגע־צויגען זיין אויפמערקזאַמקייט. פּלוצלונג האָט ער אָבער לעבען זיי דערזעהען די געשטאַלט פון דעם אַדוואָקאַט קאָרנפעלד, און ער האָט זיך ראַש אָבגעקעהרט אָן א זייט. די, וועלכע האָבען זיך שוין גאָר צו־שטאַרק געאיילט, האָבען פאַר זיך געמאַכט א וועג מיט זייערע עלענבויגענס. מען האָט זיך געשטויסען איינע די אַנדערע, גאָר ניט טראַכטענדיג וועגען דעם, ווי איינעם קען דאָס א מאָל וועה טהאָן.

„פונקט ווי אויף דעם באַהנהויף, אַזוי איז דאָס גאַנצע לעבען", האָט טהאָמאַס געטראַכט; „יעדער זעהט נור זיין ציעל. יעדער טראַכט נור, ווי צו קומען אויף זיין פּלאַץ, און טראַכט גאָר ניט וועגען דעם, ווי זיין שטופּען־זיך בעריהרט א צווייטען. און אַלע זיינען אַזוי אונרוהיג, און אַלע זוכען נור דאָס, וואָס איז גוט פאַר זיי.

פון וואַרט־צימער, וואו ער איז געווען א פּאָר מינוטען, איז ער נאָכדעם, ווי ער האָט אָבגעגעבען זיין קאַרט, אריין אין סטיישען. אויף די שינעס איז געשטאַנען א צוג, וועלכער האָט בעדאַרפט אָב־געהן אין עטליכע מינוטען. ער איז געווען פול געפּאַקט מיט מענ־שען. ביי א פענסטער פון וואַגאָן זיינען געהאַנגען א פּאָר רויטע קינדער־היטלען. פון די פערשיעדענע וואַגאָנען האָבען ארויסגע־קוקט די פּנים׳ער פון די צוזאַמענגעפּראָבטע מענשען, ריידענדיג מיט די אויפ׳ן סטיישען, וועלכע האָבען זיי בעגלייט. א יונגע פרוי האָט געהאַלטען צוויי קינדער אויף איהרע אַרעמס און אָן איהרע פּאָלעס

האָבען זיך געשלעפּט נאָך צוויי קינדער, פון דעסטװעגען האָט זי גע־לאכט מיט׳ן גאנצען הארצען, ארויסווייזענדיג איהרע געזונדע שטאר־קע ציינער, וועלכע האָבען ארויסגעלויכטען פון איהר רויטען מויל. אין די וואגאָנען פערטער קלאַס איז די שטיקעניש געווען גאָר גוואל־דיג. א פּאָר פּוילישע אידען אין לאַנגע קאַפּאָטעס און מיט שיטערע לאַנגע האָר, וועלכע האָבען זיי דערגרייכט ביז צו די פּלייצעס, האָ־בען געמאכט מיט די הענד אויף זייער שטייגער. אין א ווינקעל איז געזעסען א מאן מיט א שלעכט־בעשניטענער באָרד. ער האָט גע־האט א מעלאנכאָלישען מידען פּנים און האָט אויף אלעם געקוקט אָהן דעם מינדעסטען אינטערעס. אן עלטערע פרוי, מיט א פער־זאָרגטען, צוקנייטשטען פּנים, איז געזעסען לעבען איהם און אויך, ווי ער, געקוקט גלייכגילטיג אויף אלעם, וואָס האָט זיך געטומעלט ארום איהר.

פון א צווייטען פענסטער האָט ארויסגעקוקט א יונג פּאָריל, וועלכע האָט זיך געהאלטען צערטליך ארומגענומען, פלוידערענדיג צווישען זיך אויף דעם נארישסטען און לוסטיגסטען שטייגער.

טהאָמאס איז פערבייגעגאנגען דעם גאנצען לאַנגען טריין. אין דער צווייטער קלאַס האָט א זעהר שעהן־געקליידעטער הערר נור־וואָס אָנגעטהאָן א מיץ אויפ׳ן קאָפּ, און פאנטאָפעל אָנשטאָט זיינע שטיפעל. דאן האָט ער זיך עטוואָס איינגעבויגען און האָט זיך בע־דעקט די קניע מיט אן עלעגאנטע דעקע. ניט ווייט פון איהם זיי־נען געשטאַנען א פּאָר אויסלענדער. ער האָט געהערט א פרעמדע שפּראך, וועלכע האָט געקלונגען, ווי רוסיש. איין מענש לעבען איהם האָט געזאָגט מיט א שארפער שטימע: „דיזער אייזענבאהן־צוג שטעלט מיט זיך פּאָר אונזער קלאַסען־שטאאט“.

ער האָט זיך שנעל אומגעדרעהט. עס האָט זיך דערהערט א הילכענדער פייף — פון אלע פענסטער האָבען געפּאָכעט טאשענטיכ־לעך, פון דעם לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגעהויבען צו געהן א שטארקער רויך, און דער צוג האָט זיך אָנגעהויבען ריהרען. אין א מינוט שפּע־טער איז דער פּלאַץ געווען פּאָלשטענדיג פּוסט און דאָס בילד גענצ־ליך אן אנדערע. פּוסט און וויסט ארום. דאָס גאנצע לעבען און בעוועגונג ווי פערשוואונדען. דער פּלאַץ האָט איצט אויסגעזעהען,

ווי א מתים־הויז, אזוי איינזאם, אזוי מעלאנכאליש, אזוי אונבע־וועגליך.

טהאָמאס איז געגאנגען פארביי די שינעז, שטיל זיך אוועקליי־גען דאָ, האָט ער געטראכט, און לאָזען דעם מאָנסטער איבער זיך אריבערלויפען, און אלעס איז דאן פערביי. קיין טראכטעניש מעהר, קיינע ווינשע מעהר — נור די רוהע פון קבר און פרידען.

פאר דעם צייטונגס־סטענד האָט ער זיך אָבגעשטעלט. אָהן אינטערעס האָט ער געקוקט אויף די פיעלע שווארצע צייטונגס־בלע־טער, די געלע איינגעבונדענע ביכער און די אנדערע דרוק־שריפטען.

— פערלאנגט איהר עטוואָס ?

— איך דאנק אייך.

טהאָמאס איז געגאנגען ווייטער. דאָרט הינטען איז געוועזען א בודקע, אין וועלכע מען האָט געקענט קויפען ערפרישונגען, סעלצער, ביער, אפּעלסינען און אנדערע פרוכט.

עס איז איהם איינגעפאלען, דאָס ער האָט אפילו א בלום פאר איהר ניט מיטגעבראכט. ער האָט א קוק געטהאָן אויפ׳ן זייגער. עס איז געבליבען נאָך זעקס מינוטען צייט. • ענטשלאָסען איז ער מיט א פּאָר שפּרונגען אראָבגעלאָפען די טרעפּ, און אָהן אן אָטהעם האָט ער געפּאקט די בלומען־הענדלערין, פון וועלכער ער האָט געקויפט א פיילכען־בוקעט.

ווען ער איז ווידער געווען אויף דעם באהן־סטאַציאָן, האָבען בלויז נאָך צוויי מינוטען געפעהלט. דער סיגנאל, אז דער צוג קומט אָן, איז שוין געגעבען געוואָרען.

א נערוועזע אונרוהיגקייט האָט איהם ערגריפען : ווי קען זי איצט אויסזעהען ? וועט ער זי דערקענען ? וועט ער זיין אין פער־לעגענהייט ? ווי וועט איבערהויפּט אויספאלען די ערשטע בע־גריסונג ?

ווידער האָט זיך געהערט א הילכענדער, לאנג־געצויגענער פייף. עס האָט געקלונגען אזוי זיפצענדיג, אז עס איז דורכגעגאנגען דורך אלע גליעדער.

ער האָט דערזעהן די ביידע פול־בעלויכטענע אויגען פון צוג. אין עטליכע סעקונדען וועלען זיי שטעהן פּנים על פּנים. א לייכטער ציטערניש איז איהם בעפאלען. נאָך א פּאָר שטויסונגען, און דער

צונג האָט זיך אָבגעשטעלט. ער האָט גאָר ניט בעמערקט, ווי דער פּלאַץ איז ווידער פול געוואָרען מיט מענשען, וועלכע זיינֶען געלאָ־פען, זוכענדיג פון וואַגאָן צו וואַגאָן.

אויך זיינע אויגען האָבען געבלאָנדזשעט זוכענדיג. אָבער אויף איינמאָל האָט ער דערפיהלט זיך אַרומגעכאַפּט אַרום האַלז, און אַ ליעבע, זיסע שטימע האָט אויסגערופען מיט גרויס פרייד נור דאָס איינציגע וואָרט:

— טהאָם! טהאָם!

דאַן איז צו איהם צוריקגעקומען די אַלטע הערצליכקייט, און שטיל האָט ער געזאָגט:

— בעטינאַ.

זי איז געוועזן אָנגעטהאָן אין אַ העל־גרויען רייזע־מאַנטעל פון גומי־שטאָף און אין אַ שווארצען פילץ־הוט אָהן אירגענד וועלכע בע־פוצונג. איבער איהרע אַקסלען איז געהאַנגען אויף אַ שמאָלען לאַנ־גען רימען איהר געלד־טאַש, און אין דער האַנד האָט זי געטראָגען די פידעל־קעסטעלע.

ער האָט זי אָנגעקוקט פערוואונדערט און מיט אַ ניט־פערבע־האַלטענע נייגעריגקייט. דער מאַנטעל האָט פערדעקט איהר שלאַנ־קע אונעטוויקעלטע פיגור. אָבער איהר פּנים איז געוועזן דער זעל־בינער ווי פון אַ מאָל, נור דאָס ער איז געוועזן בלייך און איבערגעאַר־בייט. פון איהרע גרויסע אויגען האָט געלויכטען דער אַלטער אונרו־היגער פייער. עס האָט זיך איהם אָבגעדוכט אַזוי ווי דיזע אויגען וואָלטען געהאַט אין זיך עטוואָס זוכענדעס, פאָרשענדעס און עט־וואָס, וואָס איז נאָך גאָר ניט אָנגעריהרט געוואָרען.

פון איהר מאָגערען פּנים האָבען פאַר איהם אַרויסגעקוקט זיין הײמאַטה און דער גאָרטען; און אין איהר שטימע האָט ער ווידער דערהערט זיין גאַנצע קינדהייט. נור אַ פיינער שלייער איז געלע־גען איבער איהר שפּראַך, עטוואָס פון אַן אויסלענדישען אַקצענט, וואָס האָט איהר נאָך געמאַכט פאַר איהם פיעל חן'עווריגער, פרעמ־דער און זאָנדערבאַרער.

ער האָט פּלוצלונג אָנגעכאַפּט איהרע מאָגערע הענדטלאַך, וועלכע זיינען ניט געוועזן אין הענדשקעס און האָט זיי מילד גע־גלעט. און זי האָט אָנגעהויבען צו וויינען ביי דיזער בעריהרונג.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט ער געפרעגט דערשראָקען.

— אָך, טהאָם, איך בין אַזוי גליקליך!

זי האָט איהם דערלאַנגט איהר קליינע געלד־טאַשע און האָט איהם אָנגענומען פאַר זיין אָרעם. און ווי קינדער, ווי ברודער און שוועסטער, זיינען זיי, איינער לעבען אַנדערען, צוגעגאַנגען צו די טרעפּ, וועלכע האָבען געפיהרט צום ארויסגאַנג.

זיי זיינען ארוים אויפ'ן גאַס. די אַלע פערשיעדענע גרויסע האָטעלען האָבען געקוקט אַזוי ווי מיט אַ פראַגע אויף די קליינע נור־וואָס אָנגעקומענע מיידעל. ביין עק־גאַס האָט זיי אַ פינקעל געטהאָן אין די אויגען די אויפשריפט: „ווינטער־גאַרטען."

— איך זאָל דאָך ניט וואָוינען אין איינע פון די פרעמדע הייזער? — האָט זי ביי איהם געפרעגט מיט אַנגסט.

— ניין, דו וועסט וואָוינען מיט מיר.

זי האָט טיעף אויפגעאָטהעמט און האָט איהם געוויזען אַ פּנים, פון וועלכען דער גליק האָט ארויסגעשטראַהלט.

מיט אַ מאָל איז איהם איינגעפאַלען, אַז ער האָט גאָר פערגע־סען אָן איהר באַגאַזש.

זיי זיינען צוריקגעגאַנגען צום באַהנהויף און האָבען באַלד גע־קראָגען אַ גאַנץ אָרימען קאָרב.

ווען זיי זיינען געזעסען אין דראָזשקע, האָט זי זיך שטאַרק צו־גערוקט צו איהם. זי האָט קיין זאַך אויסער איהם ניט געזעהען. זי האָט אויך גאָר ניט געוואָלט זעהען עטוואָס אַנדערעס.

— איך האָב דיך גלייך דערקענט — האָט זי צו איהם געזאָגט מיט טריאומף — דו ביסט פּונקט אַזוי ווי איך האָב זיך פאָרגע־שטעלט, אַזוי גרויס, אַזוי שלאַנק און אַזוי שעהן — האָט זי צוגע־ליינט גאַנץ נאַאיוו און צו דערזעלבער צייט האָט זי געזאָגט: — דו קוק מיך ניט אָן. איך בין אַזוי שרעקליך העסליך. ניין, קוק מיך ניט אָן.

ער האָט געלאַכט און האָט איהר געזאָגט, אַז זי איז אַ קליינע איינגעבילדעטע מיידעל.

עטוואָס אונערקלערליכעס, מערקווירדיגעס, וואָס האָט איהם מאָדנע אָנגעגריפען, האָט איהם אַ גלאַנץ געטהאָן ביי דיעזע ווערטער זיינע פון איהרע אויגען. נור עס האָט אויסגעזעהען, אַזוי ווי זי

האָט ניט געוואָלט, אז ער זאָל טראַכטען פון דעם, האָט זי אָנגענומען זיינע הענד און זיי שוין מעהר ניט אָבגעלאָזען.

— ווי ערשטוינט דו ביסט עס מסתמא געוואָרען, ווען דו האָסט ערהאַלטען מיין טעלעגראַמע! — און זי האָט געלאַכט אזוי שטיפעריש אין זיך — איך האָב עס מיר כמעט ווי פאָרגעשטעלט, וואָס פאר אויגען דו וועסט אויסגלאָצען, לעזענדיג מיין טעלעגראַמע. האָסט זיך עפּעס שטאַרק דערשראָקען? — זי האָט ניט געוואַרט אויף זיין ענטפער — דו דאַרפסט ניט דענקען, דאָס איך בין אימער אזוי מיאוס. דו קענסט זיך עס פאָרשטעלען, דאָס אזא רייזע קאָסט א סך געלד, און דאָס האָב איך צוליעב דעם די גאַנצע צייט געשפּאָרט — איהר פּנים האָט געלויכטען — ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי ווענינ איך האָב געגעסען אין די לעצטע וואָכען. ביי יעדען ביסען, וועלכען איך האָב גענומען, האָב איך צו זיך אַליין גערעדט: „וואָס ווילסטו דען, בעטינכען, דו ביסט דאָך זאַט, אָבער טאַקע אמת זאַט". און, ווירקליך, דאַן האָב איך ניט אָנגעהויבען מעהר וועלען עסען.

אזוי האָט זי געהאַלטען די גאַנצע צייט אין איין פּלוידערען, אָבער ניט אַוועקנעהמענדיג אויף איין מינוט פון זיין פּנים איהרע אויגען, פול מיט ליעבע און בעוואונדערונג צו איהם.

— טהאָם, איך בין אזוי גליקליך!

— ביסטו מיעד?

— איך בין גאָר ניט מיעד. איך ווינש נור, אז דיזער פאָהרען אין דראָזשקע זאָל זיך קיינמאָל ניט ענדיגען.

עס האָט איהם שטאַרק געריהרט, ווי אזוי ניט פערבעהאַלטענדיג און גאָר אָהן אירגענד וועלכע קאָקעטירעריי זי דריקט אויס איהר פרייד.

— טהאָם, איך וועל ביי דיר פערבלייבען 10 טעג, ווען דו וועסט לאָזען. וועסטו לאָזען?

צעהן טעג! ער איז געוואָרען אינערליך אונרוהיג, אָבער אין דער הויך האָט ער געענטפערט:

— איך בין דאָך אזוי צופריעדען, בעטינא! — און אין דער־זעלבער צייט האָט צו איהם געמורמעלט א שטימע: „ווי שענדליך דו בעשווינדעלסט עס איהר!"

— איך וויל גאָר ניט זעהען פון דער שטאָדט; איך וויל אין ערגעץ ניט געהען. איך וויל נור זיין אימער ביי דיר. פון פריה ביז אין אבענד. מעג איך עס, טהאם?

— יא, דו זאָלסט עס.

די דראָזשקע האָט זיך אָבגעשטעלט, און ער האָט איהר געהאָל־פען ביין ארויסשטייגען. דער קוטשער האָט ארויפגעטראָגען דעם קאָרב אויף די שמאָלע טרעפ.

אין דער טיר איז שוין געשטאַנען די אַלטע פרוי, פערנייגענדיג זיך פאַר איהר גאַסט. אין די הענד האָט זי געהאַלטען אַ קליינעם אויל־לאָמפּ, מיט וועלכען זי האָט בעטראַכט בעטינא. ווי עס האָט אויסגעזעהן, איז זי געוועזן צופריעדען, ווייל איהר פערוויאַלעטער פנים האָט געגלאַנצט מיט פרייד.

— אַ גוטען אבענד, יונגע פריילינכען! איך בין די ווירטהין פון דעם הערר דאָקטאָר. קומט נור אריין, און פאַר אַלץ מאַכט זיך עס בעקוועם.

אָבער בעטינא האָט ניט גלייך געפאָלגט. זי האָט זך פריהער אומגעקוקט, אויב אויך טהאָמאַס געהט ניט מיט.

זיי זיינען אריין אין צימער, וועלכע האָט געהאַט אין זיך די גאַנצע ציערונג און עשירות פון דער אַלטער. אין אַ גלעזערנעם שראַנק זיינען געלעגען דער מירטענקראַנץ, דער זילבער־קראַנץ, גע־מאָלטע טעלער און טאַסען, גרויסע גלאָז־גלאָקען, אַ פּאָר צינענע קריגלאַך, אַ ביבעל, בעשלאָגען מיט זילבער, און נאָך אַזעלכע זאַכען. אויף דער סאָפע איז געלעגען די בעט־געוואַנד, און איבער דער סאָפע זיינען געהאַנגען אַ פּאָר שלעכטע אַלטע פּאַמיליען־בילדער.

— דאָס אַלעס איז האַנד־געמאַכטע לינען — האָט געזאָגט די אַלטע פרוי, אָנווייזענדיג אויף די בעט־צייג — די קומען נאָך פון מיין באָבען. אַזעלכע געוועבעכץ איז שוין ניטאָ מעהר היינטיגע צייטען, מיין פריילינכען. איהר קענט עס זוכען איבער'ן גאַנצען לאַנד, וועט איהר עס ניט געפינען.

בעטינא האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, האָט אוועקגעלייגט איהר פידעל אויפ'ן טיש, האָט אויסגעטהאָן דעם מאַנטעל און זיך ארומגעקוקט.

— אָה, איהר מיינט דאָס וואַש־וואַסער! — די אַלטע האָט

איהר צוגעפיהרט אין א ווינקעל פון צימער, וואו עס איז געשטאַנען א קליינער אייזערנער געשטעל.

טהאַמאַס איז אונבעמערקט ארויסגעגאַנגען פון צימער.

זי האַט זיך עטוואַס פארנאנדערגעשפּילעט די טאַליע, און גע־וואשען הענד און פּנים. דאן האַט זי זיך שנעל ווידער צוגעשפּי־לעט, האַט פאר'ן שפּיגעל עטוואַס זיך צורעכט־געמאכט איהרע וויל־דע האָר און האַט געבעטען די אַלטע פרוי צו ווייזען איהר טהאָמאַ־סעס צימער.

פאר טהאַמאַסעס טיר האַט זי גענומען די האַנד פון דער אַלטער פרוי און אין א געפיהל פון דאנקבארקייט און ריהרונג האַט זי זי א קוש געטהאַן. די אַלטע איז אין שרעק אַבגעשפּרונגען.

— דאַ בין איך, טהאָם. און ניט אויסרעדענדיג עס, אַבער איהרע אויגען האָבען אזוי ווי געזאָגט : נו, קוק מיך איצט אָן און זאָג מיר, ווי געפעהל איך דיר.

זי האַט געטראָגען א גרינע טוך־קלייד, וועמעס טאַליע איז גע־ווען ארומגעכאַפּט מיט א שמאָלען פּאַסיק.

אָבער זי האָט באַלד פערגעסען אָן איהר אייגענעם וואונש און האַט נור איהם בעטראכט. און אין דעם איז געלעגען עטוואַס פון אנשטרענגונג און שמערץ. יעדען צוג אין זיין פּנים האַט זי, ווי עס האַט אויסגעזעהען, געוואָלט דערגרונטעווען, און איהר פּנים איז געוואָרען פאר א ווײַלע ערנסט און פערטראכט.

דאן איז זי ארומגעגאַנגען אין צימער הין און צוריק, האַט פון צייט צו צייט געוואָרפען א שנעלען בליק אויף דעם געדעקטען טיש, די ביכער, שרייב־געצייג.

— ווען איך וואָלט דיר געקאָנט קלאָר מאכען, ווי מאָדנע איך פיהל מיך, ארומגעהענדיג דאַ הין און צוריק. אזא מערקווירדיגער געפיהל איז עס, טהאָם, וועלכער כאַפּט אָן דעם מענשען, וועלכער איז ענדליך ביי זיין ציעל נאָך א לאנגער רייזע. מען איז גאָר ניט מיעד, חאָטש מען האַט עס בעדארפט זיין. מען איז אזוי אויפגע־רעגט, אז עס ווילט זיך בלייבען אויף די גאנצע נאכט, אום צו דער־צעהלען אַלעס, וואָס איז אויפ'ן הארצען. טהאָם, מען האַט אזוי פיעל צו דערצעהלען, און מען ווייס אייגענטליך ניט, פון וואָס אָנצו־הויבען.

— יא, אזוי איז עס, פּונקט, ווי דו זאָגסט.

ער האָט געמאַכט אַ בעוועגונג מיט׳ן שטערען, און עס האָט זיך איהר אָבגעדוכט, אַזוי ווי זיינע אויגען־ברעמען וואָלטען זיך צונויפגעטראָפען.

— ווייסטו, טהאַם — האָט זי אָנגעפאַנגען וויעדער איהם אָנ־קוקענדיג — דו ביסט געראַדע אַזוי געוואָרען, ווי איך האָב עס זיך געטראַכט. און אַ געוויסער עטוואָס, וואָס איך האָב ניט פערשטאַ־נען אין דיינע בריעף, דאָס פערשטעה איך איצט. עס איז דאָ עט־וואָס אין דיין פּנים, וואָס איז אויך געווען אין דיינע בריעף.

— וואָס איז עס, בעטינא?

— טהאָם, עטוואָס, וואָס שמערצט דיך, וואָס מאַכט דיך אַזוי פּערקלעמט.

ער איז געוואָרען ערשטוינט און צוטומעלט. אַלעס, וואָס זי האָט געזאָגט, האָט געקלונגען אַזוי איינפאַך און אַזוי ערנסט. ער האָט געפיהלט, דאָס ער פערלירט זיין פעסטקייט, זיין זיכערהייט, זיצענדיג געגען איהר. ער האָט געפיהלט, דאָס זי קען נאָך אימער אין איהם לעזען, ווי אַ מאָל, און דאָס פון איהר קען מען גאָר ניט פערבאָרגען.

זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט אויף די סאָפע.

ער איז שנעל רויט געוואָרען. דאָ, אויף דעמזעלבען פּלאַץ, איז אויך זי געזעסען, און עס איז געווען גאַנץ אַנדערש, גאַנץ אַנדערש!

זי האָט בעמערקט די מאָמענטאַנע ענדערונג פון זיין געזיכט־פאַרב — אָבער זי האָט געשוויגען.

— זעה נור — האָט ער געזאָגט מיט זיין אַלטער הערצליכ־קייט — ווי דו קענסט עס אין מיר לעזען. אין די פיעלע יאָהרען האָב איך זיך אַלץ געמאַטערט צו ווערען זיכער מיט זיך אליין. איך האָב צו דעם געשטרעבט מיט אַלע מיינע כחות, בעטינאַ. איך האָב פּראָבירט, בעטינאַ — איך ווייס ניט, דו פערשטעהסט עס — אריינצוברענגען הארמאָניע, איינהייטליכקייט אין די אַלע ווידער־שפּריכע, און דאָס אַלעס — האָט ער צוגעלעגט גאַנץ שטיל — איז געווען אומזיסט. איך בין עלטער געוואָרען, אָבער איך בין פּונקט אַזוי אונזיכער און הילפלאָז, ווי דעמאָלט. אַך, וואָס פלוידער איך

— האָט ער פּלוצלונג זיך אונטערבראָכען — דו ביסט דאָך געווים הונגעריג. קום, לאָמיר עפּעס טרינקען, און פרעהליך זיין.

— איך בין ניט מיעד און ניט הונגעריג — האָט זי געענטפערט גאַנץ אונרוהיג.

ער האָט אַריינגעטראָגען א העלען דינעם ביער, אָנגעגאָסען עס אין די גלעזער, און מיט די הארטע, אונגעשליפענע גלעזער האָבען זיי זיך געזאָגט „צום וואהלזיין". אָבער עס האָט זיך קיין טאָן ניט געהערט פון דעם אָנשטויסען מיט די גלעזער. זיי זיינען געווען צו־פראָסט. מיט א מאָל האָט זיך געעפענט די טיר, און די ווירטהין האָט אַריינגעטראָגען אויף א טאַץ א פלאַש רויטען וויין מיט איידעלע, געשליפענע גלעזער.

דאָס איז געווען זעהר אונערוואַרטעט און איבערראַשענד. און אַזוי שנעל, ווי זיי זיינען ווידער געבליבען אליין, און די גלעזער האָבען ארויסגעגעבען א העלען קלאַנג, האָט אויפגעבליצט אין בעטינאַ'ס אויגען די אמאָליגע שטיפעריי. מיט איין צוג האָט זי אויסגעטרונקען א גלאָז וויין, און איהם אָנגעקוקט גליקליך און לאַכענדיג מיט איהרע ברייט־געעפענטע אויגען. איהר גאַנצער וועזען האָט איהם מיטגעריסען פאר געוויסע מאָמענטען, אָבער אין מיטען דעריינען פלעגט ער זיך דערמאָנען אָן רעגינע, און זיך פרעגען: וואָס וואָלט געווען, ווען בעטינאַ וואָלט אַלעס געוואוסט!

פּלוצלונג האָט זי אָנגעהויבען צו לאַכען אַזוי, דאָס ער איז געוואָרען שטאַרק ערשטוינט.

— וואָס איז מיט דיר?

— אַך, עס איז צו־קאָמיש! דו מוזט עס הערען. איין טאָג קומט מיין פאָטער נאָך פאריז, אום אָבצוגעבען קאָנצערט. איך האָב דערפון ניט געוואוסט. ער האָט טעלעגראַפירט, איך זאָל קומען אין זיין האָטעל. איך קום און פרעג מיך נאָך אויף איהם. מען זאָגט מיר, איך זאָל וואַרטען. איך וואַרט א גאַנצע אייביגקייט. ענדליך קומט ארויס א פערשלייערטע דאַמע, און איך ווער אַריינגעלאָזען. און ווי שטעהט ער פאר מיר? — זי האָט זיך אויפס־ניי צולאַכט — אין א גאַנץ רויטען דזשעקעט מיט זיינע שווארצע, צושויבערטע האָר. ער איז געשטאַנען פאר'ן שפּיגעל, און ניט א קוק טהוענדיג אויף מיך, האָט ער מיך בעפוילען: וואַרט אַן אויגענבליק! און וואָס

האָט ער געטהאָן? ער האָט זיך געפּארבט פאר'ן שפּיגעל זיינע וואָנצעס. טהאָם, איך האָב זיך געמוזט אָנטהאָן א כח, אום ניט צו־לאַכען זיך אויפ'ן קול. ער האָט זיך געפּארבט די וואָנצעס מיט דער גרעסטער גענויאיגקייט, ניט אויסלאָזענדיג קיין איינציגען האָר. דאן איז ער צו מיר צוגעגאנגען און האָט מיך געוואָלט קושען. אָבער דו האָסט מיך דאן בעדארפט אָנקוקען: „דו ווילסט דאָך מיך ניט שווארץ מאכען?" האָב איך איהם געזאָגט אזוי גאַנץ גראָב. ער האָט דאן א גאַנצע פערטעל שטונדע דערצעהלט מיר פון זיינע ער־פאָלגען. ענדליך האָט ער מיר דערלאַנגט א פּיעדעל, און געהייסען מיר שפּיעלען פאר איהם עטוואָס. און נון, האָסטו געזאָלט זעהען, וואָס עס האָט פּאַסירט! ער איז געוואָרען גאַנץ בלאַס און האָט מיך אָנגעקוקט אזוי פערוואונדערט. טהאָם, מעגסט מיר גלויבען אָדער ניט, אָבער דער מאַן איז געווען אין כעס און איפּערזיכטיג, דאָס איך האָב עטוואָס געלערענט. און דאן האָט עס ווידער געקלאַפּט, און ווידער איז אריין א דאמע. ער האָט מיך גלייך אוועקגעשיקט.

— ווי האָט ער דען געשפּיעלט? — האָט טהאָמאַס געפרעגט אָהן אירגענד אן אינטערעס, אָט אבי נור עטוואָס צו זאָגען.

זי האָט ניט געהערט גוט דעם מאָן פון זיין פראַגע און זי האָט געענטפערט:

— ווי א רייזענדער קינסטלער. ער איז גענצליך פערלומפּט. זעהר עלעגאַנט, ווי די פראנצויזען זאָגען, אָבער פּוסט. נאָך דעם קאָנצערט האָט ער מיך געכאַפּט פאר'ן האַנד און געפרעגט: „נו, וואָס זאָגסטו?" „צו געניאַל!" האָב איך געענטפערט. פון יענעם מאָמענט איז עס געוואָרען אין גאַנצען אויס צווישען אונז. ערשט שפּעטער האָב איך בעמערקט, וואָס פאר א געוואַלדיג גרויסע נאַ־רישקייט איך האָב בעגאַנגען. איך האָב געוואָלט אוועקפאָהרען פון פּאַריז, אום צו שטודירען דאָ ווייטער. וואָלט איך זיך צו איהם צו־געשמייכעלט, וואָלט ער געווים נאָכגעגעבען מיין וואונש. איצט אָבער, טהאָם, האָט ער מיך אמת פּיינד, דו מעגסט עס מיר גלויבען. און אימער צו האָב איך געזעהן איהם מיט נייע דאמען. איינמאָל האָט ער צו מיר געזאָגט מיט א טאָן פון פעראכטונג: „דו קענסט אָן דעם דערקענען, ווי מען האַלט פון מיר, דו גרינינקאָבעל!" איך האָב אויף דעם געענטפערט גאַנץ חוצפה'דיג: „אָן דעם קען מען

נור זעהען, אז עס זיינען די גענוג משוגענע פרויען". ער האט גע־זאגט, אז איך האב ניט קיין טעמפעראמענט, און גאנץ שטיל מיט א ציטרענדע שטימע האט זי צוגעלייגט:

— אך, ווען ער וואלט מיך געקענט!

איהרע אויגען האבען געפינקעלט. זי איז מיט א מאל אויפגע־שפרונגען און האט זיך אוועקגעשטעלט פאר טהאמאס'ען.

— יא, איך האב זיין טעמפעראמענט, נור שטארקער און אמת'־דיגער, אבער איך האב נאך עטוואס אנדערעס. איך האב עטוואס אין מיר, וואס איך נור אליין האב; איך קען עס ניט אויסדריקען און ערקלערען. איך פיהל בעטהאווען, ווי איך פיהל אונזער סאד אין אלע זיינע קנאספען, בלעטער, בליהונגען און בלומען. ווען איך בין פערטיג, שפיעל איך בעטהאווען, ווי נור איך קען איהם שפיעלען. אה, וויפיעל איך האב געארבייט, וויפיעל איך האב געוויינט טאג און נאכט! ווי פערצווייפעלט בין איך עס געווען!

עס האט געפינקעלט און געלויכטען אין איהרע אויגען. זי איז געווען דורך און דורך בעוועגונג און אויפגערעגטקייט. זי איז גע־ווען א קערפער, איינגעטונקט אין פייער. אבער נאך דיזען רויש־געפיהל איז זי פלוצלונג ווי צוזאמענגעבראכען און א ביטערע ליניע האט זיך איינגעגראבען ארום די ווינקלען פון איהר מויל.

— דאס איז אלעס נארישקייטען. איך וועל עס קיינמאל ניט דערגרייכען. איך בלייב מיין גאנצען לעבען א קאליקע. איך קען גאר ניט און וועל גאר ניט קענען. איך מוטשע זיך, און עס איז אלעס אומזיסט. דאס, וואס איך וויל, קען מען ניט. איך קען איינ־פאך ניט, דו הערסט?

— אפשר ווילסטו צופיעל?

עטוואס ביטערעס און שמערצפולעס האט זיך געוויזען אין איהר פנים. דאן האט זיך דער אויסדרוק שנעל געביטען. און וויעדער האט זי געשמייכעלט פול מיט טיעפער פרייד.

— אימער, ווען איך גלויב, אז איך בין געקומען צום גרענעץ, אז ווייטער קען איך שוין ניט געהן, ווי פלייסיג איך זאל ניט זיין — און פלייסיג בין איך געווען, טהאם — האב איך צו זיך אליין גע־זאגט: וואס וואלסטו פאר אויגען מאכען, ווען איך זאל נור קענען אזוי שפיעלען, ווי איך האב עס זיך פארגעשטעלט? און אויף אזא

אופן ביזטו עס אימער געווען, וועלכער האט מיך ווייטער גע־האלפען.

אין גרויס פערלעגענהייט איז ער א פאהר געטהאן מיט זיין האנד איבער'ן שטערען, און וועלענדיג ארויספיהרען איהר אויף אן אנדער געשפרעך, האט ער איהר געפרעגט:

— ביסטו אזוי עהרגייציג?

— פאר דעם, וועלכער האט א טיעפען בעגריעף פון קונסט, קען ניט זיין קיין ערגערע זאך, ווי די מיטעלמעסיגקייט. אין יעדער אנ־דערער פראפעסיע, גלויב איך, איז מיטעלמעסיגקייט גאנץ רעס־פעקטאבל — אין דער קונסט אבער איז עס כמעט א פערברעכען.

איהם איז דאס פארגעקומען צו איבערטריבען. ווי קען עס אזא פיבערישער און שטארקער ווילען ארבייטען אין איהר, האט ער זיך געטראכט, אנקוקענדיג איהר פון דער זייט. איהר געשטאלט איז געווען אזוי מאגער, איהרע פארמען אזוי ווינקעלדיג, אונענט־וויקעלט און כמעט קינדיש. נור פון איהרע אויגען האט געלויכטען א שטרעבען, א קעמפפען, וואס קען ניט צוריקגעהאלטען ווערען. און דאך זיינען די אויגען געווען דיזעלבע, ווי פון דער קליינער בעטינא, נור מעהר אונרוהיג, און פול מיט אן איידעלער ערנסטקייט.

פלוצלונג האט זי ארויסגענומען די פיעדעל פון קאסטען און מיט א ראשער בעוועגונג האט זי פערלאשען דעם לאמפ.

— ווארום מאכסטו פינסטער?

— לאז מיך — האט זי געבעטען שטיל, און אין א ווײלע ארום האט זי אנגעהויבען צו שפיעלען.

דאן האט ער אלעס פערגעסען. ער האט זיך צונעהערט, איינ־האלטענדיג דעם אטהעם. דאס איז געווען א ליידענשאפטליכקייט, וועלכע האט אלעס מיטגעריסען מיט זיך. דאס איז געווען אן ארויס־ברעכען פון דער גאנצער פערזענליכקייט, וועלכע האט זיך געצויגען צו איהם מיט אלע זיינע כחות דורך דיזען שפיעלען. אימער אין יעדען טאן האט ער געשפירט בעטינא. דאך איז דאס שוין ניט מעהר געווען די קליינע בעטינא, מיט איהרע דינע ארעמס, מיט איהר קליינעם קערפער, אויף וועלכען עס חענגען איהרע קליידער — עס איז געווען פונקט ווי א גייסט וואלט ארויסגעווארפען פון זיך אלעס, וואס פערדעקט איהם. ער האט געפיהלט, אז דאס, וואס זי האט

איהם איצט געגעבען, איז עס געווען איהר סאמע נשמה, איהר אור־וועזען, און דאס זי וועט אפשר שוין קיינמאל זיך ניט ווייזען פאר איהם אזוי נאקעט, ווי אין דיזער שטונדע, ווען איהר שפיעלען האט איינגעטונקט זיין דונקעלע סאלקע אין א ווייסע, אונערהערטע ליב־טיגקייט. ער איז געשטאנען אונטער דעם איינדרוק, און ער האט געהערט זיין הארץ קלאפען. ער האט זי געפיהלט, ווי עטוואס, וואס האט פון זיך אראבגעשליידערט אלע באנדען, פערצוימונגען און פליהט אין ווילדער פרייהייט.

זי האט אויפגעהערט שפיעלען, האט אוועקגעלייגט די פיעדעל אויף זיין בעט, און צודריקענדיג זיך צו איהם, ציטערענדיג פון אויפ־רעגונג, האט זי שטיל געמורמעלט:

— ביסטו צופריעדען, טהאם?

דער קלאנג פון איהר שטימע האט איהם געטראפען אין סאמע הארצען. ער האט געגלויבט, דאס אין דיעזער פינסטערניס זעהט ער איהרע אויגען, וועלכע זיינען געריכטעט אויף איהם, פול מיט אלטע עדאינערונגען און ניט נור דאס. פון איהרע אויגען האט געלויכ־טען צו איהם א געבעט; ער האט עס געהערט: „נעהם מיך, און קוש מיך, ווי פריהער. נעהם מיך און זאג מיר מויזענד גוטע זא־כען. מיט מיין גאנצער קונסט בין איך עלענד אהן דיר!

דאן האט ער גענומען איהר קאפ און האט איהר א קוש געטהאן אין שטערען, פרום, כמעט ווי א פריסטער. און דיעזער קוש האט איהר ענטדעקט דעם גאנצען סוד, און האט געמאכט איהר בלוטען פון טויזענד וואונדען.

זי האט זיך ארויסגעדרעהט פון איהם און האט מיט איהרע הענד פערדעקט זיך די אויגען. זי האט געוויינט אין זיך, און אזוי וויינען האט ער נאך קיין מענשען ניט געהערט.

און אלע דונקעלהייטען און אלע פינסטערניסען פון דער נאכט האבען זיך געלייגט אויף זייביידע.

.20

אין דיזער גאנצער נאכט איז זי געלעגען מיט אויסגעשטארטש־טע אויגען אויף איהר סאפע. זי האט געפרווירען, און פון צייט צו צייט האט זי אזוי געציטערט, דאס די ציינער פון איהר מויל האבען

געקלאַפּט. זי איז ניט געלעגען אויסגעצווינגען, נור האָט געהאַלטען איהרע קניע פעסט צוגעדריקט צום קערפּער. זי איז געווען גאַנץ צובראָכען פון דער לאַנגער רייזע, אָבער דאָס האָט זי ניט געפיהלט. זי האָט געקרעכצט, ניט ארויסלאָזענדיג פון זיך קיין טאָן. קיינמאָל איז זי אין דער גרויסער שטאָדט פּאַריז אזוי איינזאם, אזוי פערלאָזען, אזוי עלענד ניט געווען, ווי דאָ. דאָרט האָט זי געהאַט איהרע חלומות, איהר הייסען בעגעהר, איהרע ליכטיגע פאָרשטעלונגען, אָן וועלכע זי האָט זיך פעסט געהאַלטען ווי א שוואכער קינד אָן זיין מוטער. איצט אָבער איז דאָס אלעס מיט אמאָל צושטערט געוואָרען. זי האָט דיזע ווערטער געמורמעלט צו זיך אליין, און זי האָט זיך דערשראָקען פאר דעם קלאַנג פון איהר שטימע.

אין די אַלטע ווענד, אין פּאָדלאָגע האָט עס גערוישט און געקלאַפּט אין דער שטילקייט פון דער נאכט. אפשר זיינען עס געווען הונגעריגע מייז, וועלכע זיינען איצט ארומגעקראָכען און האָבען מיט זייערע שאַרפע ווייסע ציינדלאַך געביסען אלעס, וואָס איז זיי געקומען אין וועג.

זי האָט ניט אויסגעהאַלטען, און אין איהר דינער העמדעל איז זי אראָב פון בעט, זוכענדיג אין דער פינסטער א שוועבעלע. זי האָט געפונען איינע, אָנגעצונדען עס, און אראָבגענומען פון לאָמפּ דעם גלאָבוס און די גלאָז. נאָך איין האָר, און זיי זיינען שיער ארויסגעפאַלען פון איהרע הענד, וועלכע זיינען געווען איצט אזוי שוואך, ווי איהר נשמה. דאן איז זי געבליבען אויף איהר בעט, האַלב זיצענדיג און האַלב ליגענדיג, קוקענדיג מיט איהרע אויגען אין די פוסטקייט ארום איהר, שטומפּיג, אָהן אירגענד וועלכען געפיהל און זין. דאָס האָט געדויערט א היבשע ווײַלע. ווען זי איז וויעדער געקומען צו זיך, האָט זי אָנגעהויבען צו קעװעלען זיך מיט דעם געדאנק, ווי אזוי האָט דאָס פּאַסירט. זי האָט אלעס פערשטאַנען. זי האָט פערשטאַנען זיין שווייגען און זיינע קאַלטע בריעף, וועלכע האָבען יעדעס מאָל אָנגעזאָגט אויף איהר אזא קעלט. „ווען מען וואָלט נור געלאָזען מיך לעבען איהם", האָט זי געטראַכט, „וואָלט עס אנדערש געוואָרען..." „ניין, דאָס איז ניט אמת. ניט דאָס איז די אורזאכע. ער האָט מיך קיינמאָל ניט ליעב געהאַט. עס איז געווען ניט מעהר, ווי רחמנות." זי האָט געקראָגען א האַס צו דיזען

רחמנות־געפיהל, וועלכער איז איהר בעפאלען פון הינטען און האט איהר אזוי חיטרע אבגענארט. צוליעב דיזען געפיהל איז זי דאס אריינגענארט געוואָרען אין נעץ, אין וועלכען זי ווארפט זיך איצט, ווי א צושראָקענע, הילפלאָזע פויגעל.

וואס איז עס געווען פאר אן אונגליקס־שטימע, וועלכע האט איהר געוואָרענט די פיעלע מאָנאטען פאר איהר רייזע! זי האט זיך דערמאָנט אָן די קליינע שמוציגע קעסטעל, אין וועלכע זי האט גע־האלטען די פאר אבגעשפארטע גראָשען. זי האט זיך דערמאָנט אָן די שמחה איהרע, זעהענדיג קלייבען זיך א פראנק צו א פראנק. זי האט זיך דערמאָנט אָן די צערטליכע בליקען און געפיהלען, וועלכע זי האט געהאט פאר די הארטע מטבעות און ווי זי האט זיך אלעס פאָרגעשטעלט.... היינט די לאנגע רייזע! זי האט די מינוטען גע־צעהלט! עס איז געווען א גליקס־שטראָם, וועלכער איז געפלאָסען דורך איהר קערפער און נשמה און האט זי געמאכט אזוי ריין און אונשולדיג. ווי גלויביג זי איז געווען אין איהר פרייד און אין איהרע צויבערליכע פאָרשטעלונגען פון דעם קומענדען ווידערזעהען.

זי האט זיך אריינגעביסען די ציין אין די אונטערשטע ליפ, ביז א פאר טראָפען בלוט האבען ארויסגעשפריצט און זיינען געפאלען אויף דעם ווייסען ליילאך.

וואס וועט איצט זיין? עפעס מוז דאך ווערען. דאס איז פאר איהר געווען קלאָר און פעסט. דאס גאנצע לעבען וועט איצט אָנ־נעהמען אן אנדער געשטאלט — פרעמד און קאלט, ווי זי האט זיך עס קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט — דאס, אלזאָ, איז געווען דאס לע־בען און דער שיקזאל פון בעטינא!

זי האט פלוצלונג פערלייגט די הענד. ליעבער גאָט, מאך מיר פאר אימער צו די אויגען, האט זי תפלה געטהאָן. זי האט זיך פאָר־געשטעלט, דאס ער וועט דאן שטעלען זיך אויף די קניע פאר איהר בעט, און דאן וועט ער בלויז אויפ'ן שטערען איהר א קוש טהאָן.

אויפ'ן שטערען האט ער איהר געקושט! אזוי קאלט און מיט אזא מינע פון א בעשיצער! ניין, דערצו איז זי געווען צו שטאָלץ. ער טאָר איהר ניט קושען, ווען זי וועט זיין טוידט. א ווייסען ברי־וועלע מיט שווארצע בוכשטאבען וועט זי איהם איבערלאָזען, און

דאָרט וועט זיין געשריעבען: „איך ליעב דיך. קוש מיך ניט. בעטינא“.

זי האָט ניט געוואָלט קיין גנאַד אין איהר ליעבע... אָבער גאָט האָט ניט צוגעמאכט איהרע אויגען.... גאָט איז געוועזן גרויזאם און אָהן רחמנות. פון קליינווייז אויף האָט גאָט איהר ארומגעשטויסען. דער איינציגער מענש, וועלכער איז געשטאַנען נאָהענט צו איהר, האָט קוים געזאָרגט פאַר איהר אָרימע עקזיסטענץ, און האָט זיך קנאַפּ וואָס געקימערט וועגען איהר.

זי האָט איהם וויעדער געזעהען אין דעם רויטען דזשעקעט מיט די ווילדע צופּלאָנטערטע האָר, און די פּרויען, וועלכע זיינען אריין און ארוים פון איהם. איצט האָט ער איהר גאָר ניט אויסגעזעהען מעהר קאָמיש. ער איז געוועזן ווי א פּירשט אין זיין רויטען דזשע־קעט, שטרענג, צוריקגעהאַלטען. ער איז געוועזן אי בעריהמט, אי בעליעבט. מיט איינמאָל איז ער איהר פאָרגעקומען ווי א קארדי־נאַל. זי האָט אַליין ניט געוואוסט, ווי אזוי עס איז איהר געקומען דער געדאנק... ווען גאָט אָבער איז ניט געוועזן גוט גענוג איהר צוצו־מאכען די אויגען אויף אימער, איז ער אָבער פון דעסטוועגען געוועזן אזוי פיעל גוט, דאָס ער האָט איהר געמאכט איינשלאָפען, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבען טאָגען. און ווען זי האָט זיך אויפגעכאפּט, האָט זי זיך געפיהלט ווי געלעהמט אין גאַנצען קערפּער. פּאַראלי־זירט אויף אימער! דאן וואָלט מען דאך געמוזט איהר אוועקנעהמען וואוהין. זי וואָלט דאן מיט קיינעם ניט גערעדט, נור איהר פיעדעל וואָלט געלעגען לעבען איהר, און פון צייט צו צייט וואָלט זי איהר גערדריקט און געגלעט..... אָבער קיינמאָל וואָלט זי שוין מעהר ניט געשפּיעלט.

אָבער אויף איין מאָל האָט זי זיך געפיהלט בעפאַלען פון א מורא'דיגען שרעק — וועט זי טאקע שוין קיינמאָל ניט קענען מעהר שפּיעלען? וועט זי קענען ווען־עס־איז שפּיעלען נאך דעם, וואָס זי האָט דורכגעלעבט און דורכגעפיהלט? אפשר האָט זי גאָר אַלעס פערגעסען און וועט קיין טאָן מעהר ניט קענען ארויסציהען פון דעם אינסטרומענט? און אין דעם מאָמענט האָט זי געגלויבט פעסט, אז אזוי איז עס טאקע.

וויעדער האָט זי געוואָלט אראָבשפּרינגען פון בעט, אום זיך

גלייך צו איבערצייגען, אָבער זי האָט זיך דערמאָהנט, דאָס איהר פידעל, די אונגליקליכע פידעל, ליעגט אין זיין צימער. עס איז איהר איינגעפאַלען, דאָס זי האָט וואו־עס־איז געלייענט, דאָס אימי־צער האָט פערלאָרען זיין שפּראַך דורך אַ גרויסע, שטאַרקע אויפ־רעגונג, נור אַ פּאָר ליעדער האָט ער געקענט ארויסשטאַמלען.

קען מיט איהר עטוואָס עהנליכעס פּאַסירען? קען עס ניט זיין, אַז אויך זי זאָל מעהר ניט קענען שפּיעלען? מען וועט איהר נעהמען נאָך פּאַריז און אַ פּראָפעסאָר פון מעדיצין וועט איהר ווייזען פאַר די סטודענטען. מען שטעלט דאָך פאַר די קראַנקע צו די סטודענטען. דאָס האָט זי געוואוסט. דער פּראָפעסאָר וועט דער־צעהלען איהר געשיכטע, און זי וועט דאָס אַלעס אויסהערען אָהן דעם מינדעסטען אינטערעס. און דער פּראָפעסאָר וועט זאָגען: פּראָבירט דאָך עפּעס שפּיעלען. און זי וועט נעהמען די פידעל, און וועט צודריקען דעם סמיק מיט איהר גאַנצער מאַכט צו די סטרו־נעס, און דאַן וועט זיך הערען אַזאַ שווידערליכער טאָן, און זי וועט אַ שאָקעל טהאָן מיט׳ן קאָפּ און אַראָבלאָזען שלאַף איהרע אָרעמס. זעהט איהר, וועט זאָגען דער פּראָפעסאָר, אָנרופענדיג איהר קראַנק־הייט מיט אַ לאַטיינישען נאָמען. און אין דער גאַנצער צייט וועט זיך פאַר איהר פאָרשטעלען אַ פולער בילד פון איהר גאַנצען לעבען, און איבעראַל וועט זי זעהן דעם פּנים פון טהאָמאַס טרוק. ער איז געווען איינגעוואַקסען אין איהר, און זי האָט איהם ניט געקענט ארויסרייסען פון איהר האַרצען.

עס איז געווען נאָך אַ מיטעל, און יעדער שמערץ איז צו ענדע... מיט איין שפּרונג איז זי געשטאַנען ביים פענסטער, און האָט אַרונ־טערגעקוקט אין די ווייטע טיעפקייט. זי האָט אויפגעריסען די פענסטער און אַריינגעלאָזען די לופט. זי האָט ארויסגעקוקט אויפ׳ן גאַס, וועלכע איז געווען איינזאַם און פּוסט.

„ווען איך שפּרינג איצט אַרונטער... און אין איין מינוט איז אַ סוף צו אַלץ“...

זי האָט זיך דערשראָקען פאַר דיעזען געדאַנק, און האָט האַסטיג צוגעמאַכט דעם פענסטער. עס איז געווען שרעקליך נור צו טראַכ־טען פון דעם, דאָס מען וועט געפינען דאָ איהר נאַקעטען און צו־

שמעטערטען קערפּער. ער וועט זעהן איהר אין איהר נאַקעטקייט, צוקלאַפּט, צובלוטיגט און צוריסען. דער טוידט־שרעק פון די לעצ־טע סעקונדען וועט מאַכען איהר פּנים זהעסליך, און מיט אַ שוידער וועט ער זיך אַבקעהרען פון איהר. דאָס וועט זיין די לעצטע עראַי־נערונג, וואָס ער וועט האָבען פון איהר. ער... ער... און אַלץ ער... דורך די אַלע יאָהרען איז עס אימער געווען ער... עס איז פּאַר איהר געווען פּעסט, אַז זי וועט מוזען דעם פערשטאַנד פערלירען, ווען זי וועט ווייטער אַזוי האַלטען אין טראַכטען... דאַן וועט מען איהר אַוועקנעהמען אין אַ משוגעים־הויז, וואו זי וועט ריידען אַזעל־כע נאַרישקייטען, און ענדיגען מיט די ווערטער אימער: מיינע דאַמען און הערען, ער איז געווען מיין חתן.

זי האָט פּלוצלונג אַ קוק געטהאָן אין שפּיגעל, און זי האָט דערזעהן, דאָס איהר פּנים איז געווען ווייסער, ווי דער ליילאַך. זי האָט זיך איינגעביסען מיט די צייהנער אין די קישען, אום אָבצו־האַלטען דעם משוגה׳דיגען לויף פון איהרע געדאַנקען.

דאַן איז געקומען איבער איהר אַ שטאַרקע מיעדיגקייט, און זי איז געבליבען זיצען איבערגעבויגען מיט אַ ליידיגען אויסגעברענ־טען קאָפּ. נור אין איהר פּנים איז געווען צו זעהן איהר גאַנצער יאָמער.

שליסליך איז זי גענצליך צוזאַמענגעבראָכען געוואָרען. עס איז אָבער ניט געווען קיין שלאָף, וועלכער איז זי בעפאַלען. עס איז געווען מעהר אַ סאָרט דרעמעל, וועלכער איז אַלע מאָל אונטער־בראָכען געוואָרען פון מינוטען פון וואַכיגקייט, אין וועלכער זי האָט האַרץ־רייסענד געזיפצט, אום באַלד ווידער איינצוזינקען אין אַ פיבערישען טרוים.

און דיעזע חלומות זיינען געווען דאָס שרעקליכסטע. זי האָט געזעהן שוואַרצע געשטאַלטען, צונויפגעדרעהט ביי איהרע פיס, וועלכע האָבען צווישען זיך עפּעס גערעדט, ביז איינע פון זיי איז צו איהר צוגעגאַנגען, און האָט איהר אָנגעטהאָן אין די לאַנגע, ווייסע טוידטען־העמד. דאַן האָט מען איהר אַריינגעלייגט אין אַ שוואַרצע טרונע, און די שוואַרצע געשטאַלטען האָבען איהר אַראָבגעלאָזען אויף דינע שטריק אין קבר. דאַן איז פאַר איהר קלאָהר געוואָרען,

דאָס זי האָט ניט געוואָלט און ניט געקענט שטאַרבען, און זי האָט געהאַלטען אין איין אויסקרעכצען די ווערטער:

„טהאָם, גיב מיר מיין פידעל“.

דאַן האָט זי אויסגעשריען פון איהר קבר, אַז זי איז גאָר ניט טוידט. מען האָט איהר לעבעדיג בעגראָבען.

זי האָט זיך ווידער אויפגעכאַפּט. און פון דיעזען מאָמענט אָן איז זי מעהר ניט איינגעשלאָפען.

געשטיצט דעם קאָפּ אויף די עלענבויגענס, האָט זי געבענקט נאָך דער מינוט, ווען עס וועט אמת טאָג ווערען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און וועהרענד זי האָט אזוי געליטען פון ערנידריגונג און פערצווייפלונג, איז טהאָמאַס געזעסען וואַכענדיג אַ גאַנצע נאַכט ביי זיין שרייב־טיש. ער האָט זיך געהאַלטען אין איין זאָגען, דאָס ער האָט איהר אונגליקליך געמאַכט, און ער האָט שרעקליך געליטען פון דעם. ער האָט געפיהלט, דאָס ער האָט אין איהר פערלאָרען זיין טהייערסטען אוצר, און זיין האַרץ איז געווען פול מיט שמערץ און וועה. אין זיין איבער־רייכטהום האָט ער איהר אַוועקגעוואָרפען.

„האָב איך געקענט אַנדערש? האָט ער זיך געהאַלטען אין איין פרעגען. און יעדעס מאָל האָט אַ שטימע אין איהם געענטפערט: „ניין!“

אָבער אַ זייטיגע שטימע האָט איהם שטיל אָנגעקלאָגט, פול מיטלייד און שמערץ. ער האָט געהערט דייטליך, ווי דיעזע שטימע האָט גערעדט: „נו, ביסטו אַן אָרימער, בעטעל־אָרימער מענש. נו, האָסטו פערשליידערט פון זיך דיין קינדהייט און דיין ריינהייט“.

און דאַן האָט ער געזעהן אַ שוואַרצען רייטער מיט אַן אייזערנער מאַסקע אויפ׳ן פּנים, וועלכער איז אויף זיין שטאַרקען פערד געלאָפען איבער בליהענדע פעלדער, און האָט צוטראָטען אַלעס, וואָס האָט געבליהט און געשפּראָצט, און די ליניען פון דעם רייטער׳ס פּנים האָבען זיך הינטער דער מאַסקע אויסגעקרימט אין אַ טוידט־שמייכעל.

אָבער ביי דער זייט פון דעם רייטער האָט אויף אַ ווייסען פערד געריטען שנעל פרוי רעגינאַ.

.21

א שטארקער ווינד האָט געבלאָזען אין די פּנים'ער פון טהאָמאַס און בעטינאַ. צוליעב דעם האָבען זיי ניט געקענט ניט נור ריידען, נור זאָגאר זעהן איינע די אנדערע. זיי האָבען נור געקענט געהן מיט א שטארקער אָנשטרענגונג, אָנבויגענדיג זייערע קערפּער אין פאָראויס. איינמאָל איז אימיצענס א הוט פערבייגעפלויגען פאר־ביי זיי. עס איז געווען אַן אמת'ער פריהלינגס־שטורם, וועלכער האָט געיאָגט און געמאַכט פליהען די פּערוויאַלעטע בלעטער און האָט נאָך דערצו אונטערגעפּייפט זיינע אונפערשעהמטע מעלאָדיען.

פּאר אַן אויגענבליק האָבען זיי אָבגעאָטהעמט אונטער'ן בריק, וואָס איז געווען ביין זאָאָלאָגישען גארטען. בעטינאַ האָט אויסגע־זעהן בלאַס, און א געוואלטזאַמע, אויסגעמוטשעטע רוהיגקייט איז געלעגען אויף איהר.

עס איז געווען פריהלינג, אָבער דער טיערגארטען איז נאָך גע־ווען זעהר נאַקעט און אָרעם. נאָך גאַנץ שרעקעדיגע קנאָספּען האָ־בען זיך ערשט אָנגעהויבען ווייזען אויף די שווארצע שטאַמען, און א קארגליכער מאָגערער גרינס האָט ארויסגעקוקט פון צווישען די בוימלאָך. זיי זיינען פארבייגעגאַנגען דעם וואסער־שטראָם און די וואָלקענס האָבען פּלוצלונג אָנגעהויבען צו פליהען פונקט, ווי אימי־צער וואָלט זיך נאָך זיי געיאָגט, און די זון האָט דורכגעריסען דעם טומאַן. די אורא͏לטע אייכען־בוימער האָבען געמאַכט א שווערע דריקענדע ווירקונג, און פון די גאַנצע שווארצקייט האָבען זיך ארויס־געהויבען די ווייסע בירקענשטאַמען, וועלכע האָבען אריינגעבראַכט אין די הערשענדע דונקעלהייט עטוואָס פארב און ליכט. ביי די בוימער־אַלעען זיינען געלאָפען וועגען און שטעגען, וועלכע זיינען געווען פערלאָזען און איינזאַם.

זיי זיינען ביידע געגאַנגען שווייגענדיג.

ביין שליוז האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט און געקוקט אין דעם וואסער, וועלכער האָט אויף איין פּלאַץ געקאָכט און געזאָדען מיט זיין ווייסען שוים, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט אליין זיך פערניכ־טען. א פּאָר לאָדקעס און עטוואָס גרעסערע שיפלעך זיינען געלעגען

גאַנץ בעוועגלאָז, ביז אויף איינער פון זיי האָט זיך יא געוויזען א סימן פון לעבען.

פון דער קאַיוטע זיינען אַרויסגעגאַנגען צוויי מאַטראָזען; איינער מיט פלאַקס־געלע האָר, דער צווייטער מיט רויטע, און די פנים'ער פערברוינט ביז'ן האַלז. זיי האָבען גענומען אין האַנד צוויי גרויסע וועסלעם און האָבען זיך אָבגעשטופּט פון ברעג. די אייזערנע טויערען זיינען אויפגעעפענט געוואָרען פון א מאַן מיט א העלער רונדער באָרד. ער האָט געטראָגען וואַסער־שטיוועל און האָט גערויכערט פון א פּאָרצעלייענער ליולקע. די שיפעל האָט זיך לאַנגזאַם אַרויסגערוקט אויפ'ן וואַסער. פון דעם קוימען פון קאַיוטע איז געגאַנגען אַ רויך, וועלכער האָט געוויזען, אַז דאָרט האָט זיך געקאָכט אַ מיטאָג־מאָהלצייט.

צו זיי איז באַלד צוגעשטאַנען קוקען אַ קליין מיידעל מיט א גרויסען הוט אויפ'ן קאָפּ און הינטער איהר האָט זיך געוויזען א פרוי, וועלכע האָט אויסגעזעהן צו האָבען פיעל געלעבט און איבער־מיעד.

און פּלוצלונג האָט זיך לעבען טהאָמאַסען און בעטינאַ גע־שטעלט אַ גרויסער מאַן מיט אַ ווייסען באָרד און אַ ווייסע קאָפּ האָר, וועלכע זיינען אַראָבגעפאַלען אין דינע לאָקען ביז צו זיינע פּלייצעס. ער האָט געהאַט זעהר לעבעדיגע אויגען, האָט געטראָגען אַ סאָלדאַטען־היטעל און אַ סאָלדאַטען־מאַנטעל, אויף וועלכען עס איז ניט געווען קיין פּלאַץ, וואו עס האָט ניט אַרויסגעסטאַרטשעט אַ גרויסע לאַטע. זיין נאָז איז געווען רויטליך, און פון איהם אַליין האָט זיך געהערט דער גערוך פון בראַנפען. אין דער רעכטער האַנד האָט ער געהאַלטען אַ גרויסע·געלע גיטאַרע, און כאָטש ער איז געווען שוין גאַנץ אַלט, האָט ער זיך געהאַלטען ווי אַ סאָלדאַט, גלייך און שטאָלץ. לעבען איהם איז געשטאַנען אַ צוועלף־יעהריגע מיי־דעל, וועלכע האָט געשיינט צו פערזינקען אין איהר העל־גרויען דזשעקעט. עס איז געווען קענטיג, אַז אַ הויך־געוואַקסיגע פרוי האָט איהר געשענקט דעם דזשעקעט, וועלכער האָט געגרייכט ביז צו איהרע קניע, איז געווען פול מיט פלעקען און האָט דעם קינד געגעבען א זאָנדערבאַרען אויסזעהן. אויפ'ן קאָפּ האָט די מיידעל געטראָגען עטוואָס עהנליכעס צו אַ מיץ, און איהרע פיס זיינען געווען

אַנגעטהאָן אין צולעכערטע שיך. די זאַקען, וועלכע זיינען געוועזן צו גרויס פאַר איהרע פיס, זיינען אריבערגעהאנגען און זיך נאָכ־געשלעפּט.

דיעזע פיער מענשען זיינען געשטאנען אויפ'ן בריק און האָבען געקוקט אויף די שיפלאַך און שלעפּ־דאַמפּפער.

דער אַלטער מאַן האָט צוגעלייגט אויף דעם שטייגער פון א סאָלדאַט זיין האַנד צו זיין היטעל און האָט געזאָגט צו טהאָמאַסען:

— ווייסט איהר, אַז דיעזע קליין מיידעלע אָט דאָ מיט מיר וואָלט געקענט זינגען אין דער אָפּערא? די הערען פון דער אָפּערא מאַכען אַלע אָנשטרענגונגען איהר צו קריגען. אָבער ביי מיר געהט עס ניט. איך לאָז ניט.

דאָס אָבזאָגענדיג, האָט ער מיט זיין ווייסער און גאַנץ גוט אויסגעהאָליעטער האַנד זיך אויסגעגלעט זיין ווייסע באָרד.

טהאָמאַס האָט שטום א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— איך בין סאָציאַליסט — האָט דער אַלטער ווייטער גערעדט. איך האָב מיטגעמאַכט דריי מלחמות — ער האָט פאַרנאַנדערגע־שפּיליעט זיין מאַנטעל — זעהט איהר דיעזען מעדאַל? דאָס קען פון מיר קיינער ניט רויבען. זאָלאַנג איך גנב'ע ניט, קען דאָס ביי מיר קיינער ניט צונעהמען, און גנב'ענען — דאָס טהו איך ניט. איך בין סאָציאַליסט. אַלע צרות קומען פון די גלחים. מיין הערר, איך קען די ביבעל און איך פערשטעה איהר. מען זאָל ניט זאָגען, דאָס איך האָב קיין גלויבען ניט. מיין הערר, איך האָב א גלויבען, איך וויין דאָ ניט וויים. ווייסט איהר, וואָס עס טהוט אָט דיעזעס קינד נאָך דעם, ווי זי קומט פון דער שולע? זי נייהט מעהל־זעק פאַר דעם בעקער, צעהן פעניג א זאַק.

ער האָט זיך א ריב געטהאָן די נאָז.

— זיי ווילען איהר האָבען פאַר די אָפּערא, אָבער איך לאָז איהר ניט. זי איז די איינציגע, וועלכע איז מיר פערבליבען פון צעהן. וויל פיליכט דאָס פרייליין הערען א שפּאַנישען ראָמאַנס?

— זינגט, אַז איהר ווילט.

— זייט צוואַנציג יאָהר שפּיעל איך אויף דער גיטאַרע — האָט דער אַלטער גערעדט — זיך מאַכענדיג ניט הערענדיג, וואָס בעטינא האָט צו איהם געזאָגט — איך בין אַלט צוויי און זיבציג יאָהר; ווער

קען עס גלויבען? איהר מוזט וויסען, אז איך שטאם פון גרויסען יחוס. איך קלאַג ניט אָן אונזער געליעבטען קאיזער. אונזער קאיזער איז אונשולדיג. איך קלאַג אָן די רעגיערונג. איך בין א קעניג־געטרייער סאָציאַליסט. איהר מיינט, דאָס איך טרינק? איך טרינק קיינמאָל ניט. פרעגט דיעזעס קינד. וויל דאָס פריילין הערען א שפּאַנישען ראָמאַנס?

ער האָט דער קליינער א שטורכע געטהאָן אין זייט און האָט אָנגעהויבען צו צימבלען אויף די סטרונקעס. די מיידעל האָט גע־זונגען מיט א שטימע אָהן א טאָן, וועלכע האָט געקלונגען פּוסט און אָהן אירגענד וועלכען אויסדרוק, א לאַנגעס, טענטימענטאַלעס ליעד. דעם צווינג־פּערז האָט דער אַלטער מיטגעזונגען, אָדער ריכטיגער מיטגעגאָרגעלט. ער האָט גראַדע געשפּיעלט און געזונגען מיט חשק און ער האָט אויסגעזעהן כמעט ווי געריהרט אין דער צייט, ווען ער האָט געשפּיעלט.

אָבער און וויעדער האָט זיך ווידערהאָלט דער פּערז, וועלכער האָט דערצעהלט פון דעם זינגער, וועלכער ווערט געשטויסען און ניט פערשטאַנען פון דער וועלט, אָן וועלכער וויל ווערען בעגראָבען אונטער די שאָטיגע קאַשטאַנען־בוימער פון שפּאַניען.

די גאַנצע סצענע האָט געהאַט א זעהר מאָדנע און קאָמישע ווירקונג. און דאַן דיעזעביידע מענשען אין זייער מאָדנער קליי־דונג, וועמעס מינען האָבען געקראָגען ביין געזאַנג עטוואָס הייליגעס. צום שלום האָט דער אַלטער טיעף אויפגעאָטהעמט. דאַן האָט ער וויעדער געזאָגט סאַרקאַסטיש:

— פּאַר די אָפּערא ווילען זיי איהר קריגען.

— קום — האָט בעטינאַ געזאָגט מיט א שטימע פּול מיט שמערץ צו טהאָמאַסען.

טהאָמאַס האָט דערלאַנגט דעם אַלטען א מטבע.

יענער האָט זיך פאַר איהם געשטעלט אין מיליטערישער האַל־טונג, און דאָס מיידעל האָט זיך פייערליך פערבויגט.

א לאַנגע צייט האָבען טהאָמאַס און בעטינאַ מיט קיין וואָרט זיך ניט אומגעביטען, ביז טהאָמאַס האָט ענדליך געזאָגט:

— אָט אַזוי עסט עס אויף דאָס לעבען דעם מענשען! צוויי און זיבציג יאָהר איז ער אַלט געוואָרען, אוב זיך צו נעהמען מיט זיינע

לאנגע גרויע האָר צו דער פלעשעל. ער זאָגט געוואלדיגע ליגענס, אום אויף אזא אופן אויסצובעטלען עטוואָס פון די קונדען. פאר איינעם איז ער קאָיזערליך, פאר א צווייטען שפּיעלט ער דעם רעוואָלוציאָנער, און ווען ער איז אין צווייפעל וועגען איינעם, איז ער ביידעס צוזאמען. און דאָס אלעס בלויז אום ווי־עס־איז דאָס עלענדע לעבען אויפצוהאלטען.... און דאָך קען מען ניט זאָגען, דאָס ער איז א שווינדלער. ווער ווייס, אפשר ליגט אין זיינע פּיעלע ליגענס דער לעצטער רעשטעל פון אידעאליזמוס, דער סוף פון אלע זיינע לעבענס־חלומות... וואָס קען זיין עטוואָס אנדערש דאָס, וואָס דיעזער אלטער שכור האָט זיך אריינגענומען אין קאָפּ, דאָס מיליאָנען שטעקען אין דער האלז פון זיין קינד, דאָס די העררען פון דער אָפּערא ווילען איהר אזוי קריגען, און ער ווייזט זיי די טיר? און איז עס ניט נאַטירליך, דאָס ער טשעפּעט זיך אָן מיט זיינע אלטע הענד אזוי שטארק אָן דאָס לעצטע, וואָס איז ביי איהם פון אלעס אנדערע איבערגעבליבען? שטעל דיר פאר, אז עס איז געוועזן א צייט, ווען פול מיט לעבענס־פרייד און פערטרויען אין זיך זעלבסט איז ער געגאנגען אויף זיין לעבענס־וועג, ארבייטענדיג פון אין דער פריה ביז שפּעט, אום אויפצוהאלטען זיין הויז, זיין פאמיליע. שטעל דיר פאָר, דאָס ווען ער איז געקומען אין אבענד אהיים, האָט זיך שטאָלץ אוועקגעזעצט ביי זיין פאמיליען־טיש, לעבען איהם זיין פרוי און ארום איהם זיינע קינדער, וועלכע האָבען געפיהלט צו איהם ליעבע און פערטרויען. דערמאָן זיך, ער האָט געהאַט צעהן קינדער, און יעדעס פון זיי האָט געזעהן אין איהם ניט נור דעם שפּייזער, נור אויך דעם גוטען פאָטער, וועלכער האָט באגילט זייער נויט מיט זיין ליעבע און גוטסקייט, און איהם אליין האָט זיך אָבגעדרוקט, דאָס ער איז רייך און גליקליך אין זיין אָרימקייט. ער איז געוועזן ווי א קרעפּטיגער בוים, אויף וועמעס צווייגען די פרוכט איז צייטיג געוואָרען. דאָס אלעס מוז מען זיך פאָרשטעלען, ווען מען וויל ריכטיג פערשטעהן אזא מענשען, ווען מען וויל איהם בעגרייפען איצט אין זיין גרויסען צער.

ער האָט זי אָנגעקוקט פון דער זייט.

אויף איהר פּנים איז נאָך אימער געוועזן דער פערשטאָרבענער בלאסער אויסדרוק. ווי עס האָט אויסגעזעהען, האָט זי זיך אָנגע־

טהאָן א גרויסען כח איהם אויסצוהערען, האָטש זי האָט קיין וואָרט ניט פערשטאַנען פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט. זי האָט גע־קעמפּפט צו בלייבען רוהיג, און דאָך האָט זי שיער, שיער צוזאמענ־געבראָכען ביי יעדען וואָרט זיינעם. וואו איז דער סוף פון מ י י נ ע חלומות? האָט זי זיך געפרעגט שטיל. אָבער זי האָט דיזע פראגע ניט ארויסגערעדט. זי האָט איהם נור אָנגעקוקט מילד, אונטער־טהעניג און מיט א בעזאָנדערע גוטסקייט.

ווידער איז געוואָרען שטיל, ביז ער איז שטעהן געבליבען און האָט גענומען איהר האנד.

—— בעטינא, בלייב גוט צו מיר. איך פיהל, דאָס איך דארף דיין גוטסקייט.

זיין שטימע האָט געציטערט פון אינערליכע אויפרעגונג; און זי האָט געענטפערט מיט א זעהר שמערצליכען שמייכעל:

— איך קען גאָר ניט אנדערש, ווי נור צו זיין גוט צו דיר, און איך דארף עס דיר גאָר ניט זאָגען.

ער האָט געפיהלט, דאָס זי האָט געזאָגט דעם אמת, און ער איז געוואָרען טיעף גערירט.

אָבער אין דיזען אויגענבליק האָט ער דערזעהן א קאָטש אָב־שטעלען זיך לעבען זיי. ער האָט געהערט, ווי אימיצער פון קאָטש האָט איהם אָנגערופען ביים נאָמען, און ער האָט דערזעהען רעגינא.

צוערשט איז ער געוואָרען אזוי צוטומעלט, דאָס ער האָט קיין טאָן ניט געקאָנט ארויסברענגען פון זיך.

די גנעדיגע פרוי האָט אויסגעשטרעקט צו איהם איהר האנד.

דאן האָט ער זיך צוזאמענגענומען, און אָנווייזענדיג אויף בע־טינא, פון וועמעס פּנים יעדער בלוטסטראָפּען איז ווי אוועקגערונען, האָט ער איהר פּאָרגעשטעלט:

— דאָס איז בעטינא, פון וועמען איך האָב אייך דערצעהלט, מיין קוזינע בעטינא, אָדער, ריכטיגער, מיין איינציגע שוועסטער בעטינא.

—— אום גאָטעס ווילען, איהר זעהט דאָך אויס אזוי קראנק — האָט רעגינא אויסגערופען — און ווענדענדיג זיך צו טהאָמאָס — נו, העלפט איהר דאָך אריינצושטייגען אין קאָטש.

און איידער זיי האָבען צייט געהאַט זיך צו איבערלייגען, זיי־

נען זיי שוין ביידע געזעסען מיט רעגינא אין קאַטש. און טהאַמאַס איז געזעסען געגען זיי ביידע, און ער האָט געמיינט, אז דער קאָפּ ווערט ביי איהם צושפּרונגען.

— מיר איז גאנץ גוט — האָט בעטינא געזאָגט פּול מיט ליידען אויף איהר פּנים — איך האָב נור איין וואונ׳ש, וואָס גיכער צו זיין צו־הויז. טהאָמאַס האָט גאַנץ גוט געזעהען, ווי שווער עס קומט איהר אָן יעדעס וואָרט.

— אויב אַזוי, פאָהרען מיר, נאַטירליך, גלייך צו אייער הויז, און רעגינא האָט געהייסען דעם קוטשער צו פאָהרען נאָך דער לו־איזען־שטראסע.

דאַן האָט פרוי בערג גענומען בעטינא׳ס האַנד, האָט איהר צערטליך געגלעט, בעטענדיג איהר צו קומען אין איהר הויז.

— איך דערמאָן מיר גאַנץ דייטליך — האָט זי צו איהר געזאָגט — דאָס טהאָמאַס האָט פאר מיר שטארק געלויבט אייער שפּיעלען אויפ׳ן פּידעל. איך בין געוואָרען אמת אייפערזיכטיג אויף אייך.

זי האָט אָבער גלייך דערזעהען, דאָס זי האָט שוין צו־פיעל גע־זאָגט, און זי איז שטארק רויט געוואָרען.

בעטינא האָט אויף איהר ביטע גאָר ניט געענטפערט, האָט זי געשוויגען פאר א ווײַלע, און דאַן געזאָגט א פּאָר ווערטער פון קיין וויכטיגקייט צו טהאָמאַס. זי האָט איהם דערצעהלט, דאָס איהר שוויגער איז איצט ווידער געזונד, דאָס די גאנצע געשיכטע איז גע־ווען בלויז אַן אַנשטעל. דיזע פרוי — האָט זי געענדיגט איהר ער־צעהלונג — לאָזט זיך זאָגאר טרעפען פון א שלאַג, אויב זי קען נור דערמיט ארויסרופען א סענסאציאָן.

דיזער האַרטער אויסדרוק איהרער וועגען איהר שוויגער האָט איהם טיעף געקרענקט.

די קאָטש איז שטעהן געבליבען, און פרוי בערג האָט ווידער א מאָל איינגעלאדען זיי צו זיך.

אין קאָרידאָר איז בעטינא שטעהן געבליבען, און האָט זיך אָנ־געשפּארט אָן וואנד.

— לאָז מיך אליין פאר א ווײַלע — האָט זי קוים ארויסגערעדט.

זי האָט געציטערט אין איהר גאַנצען קערפּער. זי האָט צו־נויפגעדריקט איהרע קליינע הענד און צוגעמאכט די אויגען. אזוי

איז זי געשטאַנען אַ פּאָר סעקונדען — אַ בילד פון טיפסטען יאמער.

און טהאָמאַס האָט געגלויבט, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען ניט געזעהען עטוואָס מעהר עלענדערעס, הילפלאָזעס און פערלאָזענעס.

אָבער זי איז מערקווירדיג שנעל געקומען צו זיך. אין איהר שמערץ האָבען איהרע בלוטלאָזע ליפּען געמורמעלט: גאָט, פערלאָז מיך ניט; גאָט, דערלאָז ניט, אַז איך זאָל איצט צוזאַמענברעכען; פערגעס און פערגיב מיר אַלע מיינע זינדיגע רייד און מחשבות פון לעצטער נאַכט. מיין הערר און מיין ערלעזער, שטעה מיר ביי!

און דאַן האָט זי געפונען דעם כח זיך צוזאַמענצונעהמען.

— זייט ניט בייז אויף מיר, וואָס מיר איז פּלוצלונג געוואָרען אַזוי איבעלדיג — און מיט אַ טאָן, וועלכער האָט געקלונגען כמעט ווי לוסטיג און רוהיג, האָט זי געענדיגט: — קום, לאָמיר ארויפ־געהן.

ער האָט געוואָלט זי זאָל איהם נעהמען ביים אָרעם, אָבער זי האָט זיך איינגעשפּאַרט צו געהן אליין, און אָנשפּאַרענדיג זיך אָן דער פּאַרענצע, האָט זי אליין אַרויפגעקלעטערט אויף די טרעפּ.

אויבען איז זי איז געזעסען אַנטקעגען איהם אין זיין צימער. זי האָט איהם געקוקט רוהיג און אָפען אין די אויגען, און קוים וואָס מען האָט געהערט, האָט זי איהם געפרעגט:

— ניט אמת, טהאָם, דאָס איז ז י?

— יאַ — האָט ער געענטפערט פּונקט אַזוי שטיל.

— איך גלויב, זי האָט דיך ליעב — האָט זי צוגעלייגט פער־טראַכט — און שעהן איז זי אויך.

זי איז מיט מיה אויפגעשטאַנען און איז ארויס פון צימער. אָבער גלייך איז זי צוריק אריין.

— טהאָם, איך האָב דיר עפּעס צו בעטען. וועסטו עס טהאָן?

— איך וועל.

— דערצעהל מיר אַלעס, ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט. דערצעהל מיר פון אָנהויב אָן און פערגעס קיין זאַך ניט. דו האָסט דאָך גע־זאָגט, אַז איך בין דיין שוועסטער.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט געגענאיבער איהר, און האָט זיך אין אַלעס מתודה געווען.

זי האָט איהם אויסגעהערט מיט דער גרעסטער געשפּאַנטקייט, אזוי ווי דאָ וואָלט זיך געהאַנדעלט אום די לייזונג פון די שווערסטע וועלט־פּראגען, און אין דער גאַנצער צייט איז ניט די מינדעסטע ענדערונג פאָרגעקומען אין איהר פּנים. זי האָט פערפאָלגט יעדען בליק זיינעם און יעדען וואָרט האָט זי אין זיך איינגעזויגען. זי האָט ניט געוואָלט פערגעסען דעם טאָן פון זיין שטימע און אויך בע־האַלטען אין איהר זכרון דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט. איהרע אויגען האָבען איהם אזוי ווי דורכגעבויערט. זיי האָבען איהם גע־צוואונגען איהר אַלעס צו דערצעהלען. עס איז געווען אין איהר עטוואָס שטרענגעס און צווינגענדעס.

אַלעס האָט ער איהר דערצעהלט, נור די גרויסע פרייד פון זיין נשמה — דאָס האָט ער געוואָלט א ביסעל פערשטיקען און פערבע־האַלטען פון איהר.

ווען ער האָט געענדיגט, האָט זי זיך טיעף ארונטערגעבויגען צו איהם, האָט געקושט זיינע הענד מיט אזא האסטיגקייט, דאָס ער האָט איהר ניט געקאָנט שטערען אין דעם, און זי איז פערשוואונ־דען פון צימער.

ער האָט איהר נאָכגעקוקט, שטארק צוטומעלט. אַלעס אין איהר איז איהם פאָרגעקומען אזוי שאָטענדיג, אזוי געשפענסטעריש.

22.

גרינע פּלאַקאַטען אויף די ווענד פון א פערזאַמלונגס־לאָקאַל, אין וועלכען עס פלעגט אויך פון צייט צו צייט געגעבען ווערען קאָנ־צערטען, האָבען געמעלדעט, דאָס א געוויסער הערר עגידי וועט דאָ רעדען נעכסטען זונטאג פאָרמיטאג אויף די טהעמא: „פּערזענליכ־קייט, איינינגקייט און פערגעבונג.“

די פריינד פון דער גרופּע „נאַכטליכט“ האָבען אָבגעמאַכט צווישען זיך צו זיין אויף דיזער פערזאַמלונג. אויך טהאָמאַס האָט נעקראָגען אַן אויפפאָדערונג צו זיין דאָרט, און ער האָט זי, שוויי־גענדיג, געוויזען בעטינאַ. זי האָט גאַנץ אָהן אינטערעס געזאָגט „יאַ“, ווי צו אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט, צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. ער איז געווען זעהר צופרידען מיט דיעזער געלעגענהייט, טייטענדיג

אז ער וועט אויף אזא אופן קענען גאנץ נאטירליך, אהן אירגענד וועלכע צערעמאָניעס, בעקאנט מאכען איהר מיט זיינע פריינד.

עס איז געקומען זונטאג. עס איז געווען א גרויער, רעגענדיגער אפריל־טאג, מיט העסליכע שווארצע וואָלקענס און מיט א שטארקען ווינד.

בעטינא האָט געמוזט ארייגליינגען איהר ארעם אין זיינעם. וועהרענד ער האָט אין דער לינקער געהאלטען דעם געעפענטען שירם. אָבער דער שירם איז גיוועזען צו שוואך געגען ווינד, און טהאָמאס, זעהענדיג, אז דער שירם איז פון זעהר ווייניג נוצען, האָט איהם אין גאנצען צוגעמאכט.

— וואָס ארט אונז דער רעגען? — האָט ער געזאָגט מיט א געמאכטער פרעהליכקייט.

זי האָט שטילערהייד ארויסגעצויגען איהר ארעם פון זיינעם אזוי, דאָס ער האָט עס קוים בעמערקט.

דער רעגען האָט איבעראל אָנגעמאכט לוזשעס, וועלכע האָבען זיך גוט נוקם געווען אָן די קליידער פון די פערבייגעהער, ווען א וואָגען אָדער א קאָטש איז אין זיי דורכגעפאָהרען.

די הייזער פון דער שטאָדט זיינען געשטאנען עלענד און פערלאָזען און די אלטע באָרדינג־הייזער האָבען אויסגעזעהען, ווי נעסטען פון מענשליכען עלענד און יאמער — וועניגסטענס האָט עס טהאָמאס אזוי געמיינט, פערביילויפענדיג פערביי זיי אין דעם איצטיגען רעגען־שטורם.

דער אלטער קאָנצערט־זאל איז געווען אין דער לייפציגער גאס. די קארס זיינען געווען איבערפול, און די קאָנדוקטאָרען האָבען מיט א וואונק געלאָזט וויסען, אז עס איז ניטאָ מעהר קיין פּלאַץ, און זיי האָבען ניט געהאַט קיין אנדער ברירה, ווי צו געהען צו־פוס. פאר אַן אוינענבליק האָט טהאָמאס געטראַכט צו נעהמען א דראָזשקע, אָבער בעטינא האָט עס ניט געוואָלט.

ווען זיי זיינען ועקומען אין האָל, איז ער שוין געווען שטארק פול. די, וועלכע זיינען ערשט אנגעקומען, זיינען געלאָפען צו די טרעפּ, אויפ׳ן באלקאָן. טהאָמאס און בעטינא האָבען געטהאָן דאָס זעלבע, און דער גליקליכער צופאל האָט עס געוואָלט, דאָס זיי זאָלען

קריגען א פלאץ געראדע אין דער ערשטער רייהע, פונקט געגען דער פלאטפארמע.

א פערשטיקטע לופט האט געהערשט פון די פיעל מענשען, און א מערקווירדיגע צוזאמענמישעניש פון געשטאלטען האט זיך דא פערזאמעלט. אלע האבען גערעדט צווישען זיך. די מינעס זייערע זיינען געוועזן פול מיט אויפרעגונג, און די נייגעריגקייט האט גע־פלאקערט אין זייערע אויגען. אלע האבען געקוקט אויף די פלאט־פארמע.

טהאמאס האט אומזיסט געזוכט זיינע פריינד. אין דער גרוי־סער געדרענגעשאפט האט ער זיי ניט געקאנט געפינען.

און מיט אמאל איז אויפ'ן פלאטפארם געשטאנען א מיטעל־גרויסער, קרעפטיג־געבויטער מאן, פון וועמעס שטארקער האלז האט זיך אויפגעהויבען א פעסטער, אבער זאנדערבאר גוטמוטהיגער קאפ. צו די ברייטע, עטוואס פעטע מארדע האט זיך אנגעשלאסען א פיינ־געשניטענער, זאנפטער מויל, וועלכער איז געוועזן בעוואקסען פון געדיכטע, גרויסע וואנצעס. העלע מילדע אויגען מיט שטארקע ברעמען האבען ארויסגעקוקט פון טיפע הוילען. דער שטערן איז געוועזן הויך און גלייך. די האר איז געוועזן שיטער און פערקעמט אויפ'ן מיליטערישען שטייגער. די שעהנע ענערגישע אויערען און א שטארק־ענטוויקעלטער נאז האבען ארויסגעצייכענט געפאסט דיזער מענליכער פיגור. און האטש זיין פנים איז געוועזן פול און דיקלאך, דאך האט ער געהאט א גייסטיגען אויסדרוק, געמישט מיט ענטשלא־סענהייט און טאלעראנץ.

אין דיזער פערזאמלונג איז ניט געוועזן קיין טשערמאן. דער מאן איז אליין ארויס אויפ'ן פלאטפארם, פון קיינעם ניט פארגע־שטעלט, און אין זאל איז געווארען זעהר שטיל. ער האט גערעדט אין אבגעריסענע, שארף־בעטאנטע זעצע. זיין גאנצער ארט רעדען האט ארויסגעוויזען אן איינפאכקייט, וועלכע האט גענומען אלע צו־הערער.

אלעס איז ביי איהם ארויסגעקומען פעסט, ווי פון א מענשען, וואס האט שוין זיין פעסטע וועלט־אנשויאונג. דאך די צוהערער האבען געפיהלט, ווי עס ציטערט ביי איהם די הארץ. זיי האבען געפיהלט די ליידענשאפטליכע ערנסטקייט פון דעם רעדנער.

ער האָט גערעדט פון די אינדיווידואליזירונג פון דער פּערזענ־ליכקייט. און מיט אַ העלער שטימע האָט ער אויסגערופען: „צו־ערשט מוז דער מענש בעגרייפען און ווערען טיעף בעוואוסט וועגען זיין איך, וועגען זיין רעכט, וועגען זיין מענשענווערדע, וועגען זיין הויכקייט. ער זאָל פערשטעהן, דאָס זיין „איך“, דאָס יעדער איך איז דער מיטעלפּונקט פון דער וועלט. דיזע מענשען מעגען זיך דאַן בילדען פערשיעדענע גרופּפּען וועגען זייערע עקאָנאָמישע בעדירפ־ניסע. נור, ווען מיר, די איינצעלנע מענשען, וועלען פיהלען זיך, אַלס „איך“ מיט אַלע רעכטע, נור דאַן קען די סאָציאַליזירונג פון דער מענשהייט בעדייטען אַ פּאָרטשריט; נור דאַן איז עס אַ בעפריי־אונג! די ענטוויקלונג פון דער פּערזענליכקייט קען נור פיהרען צו איין ציעל: צו דיענען מיט טרייהייט און ליעבע דער גאַנצער גע־מיינדע און יעדען איינצעלנעם אין איהר. אין דער ענטוויקלונגס־קייט פון דעם מענשען, וועלכער האָט זיך ענטוויקעלט צו אינערלי־כער פרייהייט און צום רעכט אליין צו בעשטימען וואָס צו טהאָן און וואָס ניט — אין דיזער קייט איז דער לעצטער רינג דער בע־וואוסטזיין פון דעם איינצעלנעם איבער זיין פעסטע פעראייניגט־קייט מיט די אַלע אַנדערע איינצעלנע. דאָס נייע קען נור ארויס־וואַקסען פון דאָס אַלטע; קיין פּאַלשטענדיגע פערניכטונג פון אַלע וואָס איז אַלט; קיין ריס אין דער ענטוויקלונג, אָבער אַן ענערגי־שער פּאָרווערטס־געהן, און לויט אומשטענדען אַ מאָל אַ שפּרונג טהאָן איבער'ן גראָבען, ווען ער פערשפּאַרט אונז דעם וועג; רעכע־נען זיך מיט די מענשען, ווי זיי זיינען, אָבער טהאָן אַלעס, אום זיי ביסלעכווייז צו ענדערען, און דאָס דוקא מיט ליעבע, ניט מיט גע־מיינעם, קליינליכען האַס. דער צאָרן געגען די טרעגער פון די איצ־טיגע צושטענדע, דאָס זידלען און שעלטען פון דער פערגאַנגענהייט און קנאה — דיזע זאכען דארפען ניט זיין די טרייב־קרעפטען פון פּראָגרעס, נור אַט וואָס: דער וואונש צו פּאַלקאָמענעם, די אידעע פון פערגעבונג — דיזעס דארף אונז פיהרען אין אונזער קאַמפּף, אין דעם קאַמפּף, אין וועלכער יעדער מוז זיינע חברים אויפקלערען און פיהרען זיי מיט זיך אַ שטיק וועג“.

ווען דער מאַן האָט אַזוי גערעדט, האָט געהערשט אַן אַטהעמ־לאָזע שטילקייט. ווען ער האָט געענדיגט, האָט דיעזע שטילקייט

נאָך אָנגעהאַלטען פאַר עטליכע סעקונדען, און ערשט דאַן האָט אויס־געבראָכען איבער'ן גאַנצען זאַל א שטאַרקער, אַן ענטהוזיאַסטישער אַפּלאָז.

דער מאַן האָט געקוקט רוהיג און ערנסט איבער די טויזענד־קעפּיגע פערזאַמלונג.

עס האָט זיך אָנגעהויבען די דיסקוסיאָן. און טהאָמאַס האָט זיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט, דערזעהענדיג אויף דער פּלאַט־פאָרמע ליסאַוער מיט זיינע רויטע באַקען־קנאָכען, און ער האָט אויסגעשריען:

„איך הייס בנימין ליססאַוער, און בין א שרייבער. פון פער־געבונג און פון אויסמעקונג פון אַלע קלאַסען־אונטערשיידונגען רעדט דער רעדנער, וועלכער דאַרף נאָך געדענקען די אַלע ראַנגס־אונטערשיידונגען, אַלס געוועזענער אָפיציער. ווי אַזוי זאָלען מיר, אידען, קענען דענקען פון פערגעבונג, ווען מען אונטערדריקט אונז און מען בעשימפּפט אונז....?“

— וואָס וויל דער האַרבאַטער איד? — האָט אויסגעשריען איינער.

דיזער וואָרט האָט געטראָפען ליססאַוער'ן פּונקט ווי מען וואָלט איהם א שמיץ געטהאָן מיט א בייטש. אָבער אין דער זעל־בער מינוט איז שוין בלינסקי געשטאַנען לעבען איהם, און ער האָט אויסגעשריען: „זאָל דער פּייגלינג ארויסקומען אויג אין אויג, וועלען מיר זיך מיט איהם אָברעכענען.“

עס איז ענטשטאַנען א געוואַלדיגער טומעל.

אָבער באַלד איז ווידער שטיל געוואָרען, ווען דער רעדנער אַליין האָט זיך אויפגעהויבען. אין איין מינוט האָט ער די גאַנצע מאַסע געהאַט אין דער האַנד, און איידער ער האָט נאָך דעם מויל געפּענט, איז זי שוין מיט אונגעדולד געהאַנגען אָן זיינע ליפּען.

„מיר זיינען אהער געקומען זיך צו פערשטענדיגען, און ווער עס איז געקומען אהער צו העצען, דער מעג עס טהאָן וואו און ווען ער וויל, אָבער דאָ איז ניט קיין פּלאַץ פאַר איהם. מיר ווילען גלאַט מאַכען די וועג פון פערגעבונג! די קרומע וועגען, אויף וועלכע מען העצט און מען פערדעכטיגט, די מיידען מיר אויס. אונזער שלאַג־וואָרט צום קאַמפּף איז די ליעבע“, און ער האָט זיך געזעצט.

בלינסקי האָט ליססאוער'ן מיט זיך אוועקגענומען און ביידע האָבען געמאַכט פּלאַץ באַר א בּלאַסען, פערהונגערטען מענשען, וועלכער איז ניט געווען קיין אנדערער, ווי דער לעהרער היינזיאוס.

זיין שטימע איז געווען שוין אויפגערעגט, ווען ער האָט אָנגעגעבען זיין נאָמען, בעשעפטיגונג און וואָוינונג. ער האָט אויסגעזעהען אין גאַנצען איינגעטונקט אין האַס און אויפרעגונג, און טהאַמאַס האָט פון ערשטען בליק שוין געזעהען, דאָס היינזיאוס האָט בעטראַכט דיזע שטונדע פאַר די שטונדע פון אָברעכענונג, נאָך וועלכע ער האָט אזוי געגאַרט.

„וואָס איך וויל זאָגען", האָט ער אָנגעהויבען, „איז ניט געגען די פּערזענליכקייט פון דעם הערר רעדנער. איך קעמפּף ניט מיט איהם, איך קעמפּף געגען זיינע אידעען. מען וועט מיר לאָזען אויסרעדען, מעג עס פאַר פּיעלע זעהר ביטער זיין."

און זיך אומדרעהענדיג צום רעדנער, האָט ער אויסגעשריען:

„איהר, הערר עגידי, זיינט, לויט מיין מיינונג, א פערפיהרער פון דער מאַסע. איהר זיינט פיעל געפעהרליכער, ווייל אייער אויסזעהען רעדט זעהר פיעל גוטעס פאַר אייך. איהר זיינט א גרינדליכע שלעכטסקייט, ווייל איהר געהערט צו די האַלבע, צו די קריכער, צו די געלעגענהייטס־מאַכער, צו די אָפּאָרטיוניסטען. איהר דינגט זיך וועגען דעם פּרייז, וועהרענד אין דער ווירקליכקייט האַנדעלט עס זיך גאָר אום דאָס גאַנצע. דאָרט, אָבער, וואו עס האַנדעלט זיך אום די גרויסע אידעען פון דער מענשהייט, אָדער, ריכטיגער, פון דער פערזענליכקייט, דאָרט געהט ניט קיין האַלבע זאַכען, קיין דונקעלע, הויכע פראַזען; דאָרט מוז מען ציהען די לעצטע קאָנזעקווענצען, ווען מען וויל ווערען דער הערר איבער די מאַסע קנעכט. מען קען ניט ערציהען מענשען, וואָס זאָלען זיין פריי און רעדען פון פעראייניגונג צווישען די קלאַסען, פון פערגעבונג, און ווען מען בעהאַנדעלט די לומפּיגע געוואַלט־מענשען פון שטאַאַט, פון הערשאַפט, מיט זיידענע הענדזשקעס. דאָס זיינען נידערטרעכטיגע פראַזען, מיט וועלכע מען קען שוין אפילו א הונד היינטיגע צייטען ניט נאַרען. דאָס איז קנעכטשאַפט און הינטישע דרעהען מיט'ן עק. מען מוז פערדאַמען דעם פערברעכען און די בלוט־זויגעריי, אפילו ווען זיי זיינען געהייליגט פון געזעץ; מען מוז בראַנדמאַרקען דעם גע־

זעצליכען רויב און מאָרד מיט פיעל גליהענדערע אייזענס, ווי די, וועלכע מען געברויכט, ווען אן אונגליקליכער פערצווייפעלטער מענש טהוט עפּעס אַן אונרעכט. ווער עס שטעלט זיך אָפּ אין זיינע פערדאמונגען ביי די, וועלכע האָבען די מאַכט, דער איז א פייגלינג, און ער געהערט צו די פּראָפיט־מאַכער, צו די אָפּאָרטיוניסטען. איהר רעדט זעהר פיעל פון קריסטוס. איך וויל איצט פון איהם ניט רעדען, אָבער אין דער ווארהייט דיענט איהר דעם געץ פון געועלד. א גרויסער דייטשער שריפטשטעלער, וועמעס נאָמען איז אייך אלעמען בעקאַנט, און וועמעס גייסטיגע גרויסקייט, איהר וועט מוזען צוגעבען, איז העכער פון דער פון אונזער הערר רעדנער — איך מיין דאָ ניט קיין אַנדערען, ווי ה ע ר ד ע ר, און איך זאָג אייך דעם נאָמען, ווייל איהר זיינט דאָך אלע אזעלכע אויטאָריטעטס־גלויביגע — האָט אָט וואָס אָנגעשריבען:“

ער האָט ארויסגענומען פון בוזעם־קעשענע א ווייסע שטיקעל פּאפּיער און האָט פאָרגעלייענט:

„דער מענש, וועלכער האָט גויטיג א הערשער איבער זיך, איז א חיה. אזוי שנעל, ווי ער ווערט מענש, נויטיגט ער זיך ניט מעהר אין א הערשער. אין דעם בעגריעף פון דעם וואָרט „מענש“ ליגט שוין, אז איהם איז ניט נויטיג צו האָבען איבער זיך א הערשער, וועלכער איז אויך ניט מעהר ווי א מענש. מען מוז איינעם האַלטען פאר ש וו א ך, אום מען זאָל האַלטען, אז ער נויטיגט זיך אין א בעשיצער, פאר וו י ל ד, אז אימיצער זאָל איהם האַלטען אין אָרדנונג; פאר שלעכט, אז מען זאָל פאר איהם דארפען א בעשטראָפער. פונקט ווי דער פאָטער איז א שלעכטער. וועלכער ערציהט זיין קינד אזוי, אז ער קען קיינמאָל ניט ווערען זעלבסטשטענדיג; פונקט ווי דער דאָקטאָר איז א שארלאטאַן, וועלכער פערציהט איינעמס קראַנקהייט, אום געלד צו צאַפּען פון זיין פּאַציענט, פונקט אזוי זיינען די לעהרער פון פאָלק, וועלכע האַלטען אין איין שרייען, אז דאָס פּאָלק מוז אימער האָבען אַן אויבער־האַר.“

„מיינע העררען! עס איז ניט דאָס רעדען, ווי דאָס טהאָן. א לעבענספיהרונג הויבט זיך ערשט דאַן אָן, וואו דער רייגער געדאַנק ברעכט זיך דורך, ווי א ברוזענדער באַרג־טייך אין פריהלינג. ביי אייך, הערר עגידי, איז אלעס גור פראזען און סענטימענטאַלער

קוואטש. ביי אייך איז די רעליגיעזע געמיינשאפט דאס זעלבע, וואס דער שטאאט; און פאר אונז, פרייע גייסטער, איז ביידעס דער סאמע ווארצעל פון קנעכטשאפט. איהר האט היינט געזאגט, אז איהר ווילט צולייגען די האק צום סאמע ווארצעל. איהר מעגט עס מיר גלויבען, אז אייער האק וועט די ווארצלען ניט אנריהרען. אייער ארעם וועט פאראליזירט ווערען גלייך נאך די ערשטע קלעפ, און דער בוים, וועלכען איהר ווילט אונטערהאקען, וועט אויספלאצען אין א שפאטישען געלעכטער איבער אייער שוואכקייט. ווער עס וויל אויסראטען דעם בוים מיט'ן ווארצעל, דער מוז האבען אנדערע מוסקולען, אנדערע, שטאהלענע געדאנקען. און דארום זאג איך: נידער מיט די אלע פעסט־רעדען, אוועק מיט די, וועלכע קומען מיט דעם פרעדיגען פון פערגעבונג, פון שלום. עס איז דא נור איין יעוואנגעליום, און דער געהערט נור מיר, מיין איך. און ווען איהר מוזט שוין האבען א נביא, זאג איך אייך זיין נאמען. דאס איז מאקס שטירנער. יעדער זאל זיך אליין בעפרייען, און קיינער זאל זיך ניט אבגעבען מיט דער משוגענער אידעע צו בעפרייען די נארישע, שטומפיגע מאסע. נידער מיט דעם ערלייזונגס־שווינדעל. יעדער זאל זיך אליין בעפרייען."

די ווירקונג פון זיין רעדע איז געווען זעהר א שטארקע. אנפאנגס האט מען געמורמעלט און איהם אונטערבראכען, באלד אבער האט מען ניט־ווילענדיג איהם אויסגעהערט.

ווי אימער אין אזעלכע פערזאמלונגען, דער, וועלכער זאגט עטוואס מיט א פאנאטישער בעשטימטקייט, דער צווינגט די צוהערער איהם אויסצוהערען. און אזוי איז עס אויך געווען אין דיזען פאל. און דאך אלע האבען זיך געפיהלט געקרענקט און טיעף פערשפאט פון זיינע ווערטער.

עס האט געהערשט, ווען היינזיאוס האט געענדיגט זיין רעדע, א טעמפע רוהע, ביז פלוצלונג איינער האט אויסגעשריען: „דיזער מענש האט געזאגט דעם אמת, ער האט הונדערט מאל רעכט!"

אלע האבען זיך אומגעדרעהט אין די ריכטונג, פון וואנען דיזע שטימע איז געקומען. די שטימע האט געהאט אין זיך עטוואס פון מעטאל, פון אייזען. טהאמאס האט ניט בעדארפט זוכען דעם מענשען, וועלכער האט אויסגעשריען דיזע ווערטער. ער האט געקאנט

גוט די שטימע. און ציטערענדיג פון אויפרעגונג, האָט ער געזאָגט צו בעטינאַ:

— דאָס איז פרינדעל, דער מעכאַניקער. איבעריגס, דאָס זיי־נען אַלץ די לייט פון „נאַכטליכט". גאַנץ זאָנדערבאַרע מענשען.

ער האָט זיך ניט צוגעהערט, וואָס בעטינא האָט איהם געענט־פערט, נור ער האָט זיך איבערגעבויגט איבער דער פאַרענצע פון באַלקאָן, אום צו זעהען, וואָס דאָרט קומט פאָר.

דער מעכאַניקער איז געשטאַנען מיט פערלייגטע הענד און מיט א שפּאָטישען שמייכעל. ער האָט אויסגעהאַלטען געלאַסען די אַלע בליקען, און פון צייט צו צייט האָט ער זיך געווענדעט מיט א סאר־קאסטישער בעמערקונג צו דיביידע פרויען פון רעכטס און לינקס, וועלכע האָבען זיך אויך אויפגעהויבען.

דאָס זיינען געווען דזשאָזעפא ערווינג און די סטודענטקע שאר־לאָטע אינגאָלף.

אהא, זיי זיינען זיינען אויך דאָ, האָט טהאָמאס געטראַכט, און פאר אַן אויגענבליק האָט ער זיך געוואונדערט, דאָס אויך די אינגאָלף זיצט לעבען איהם.

אויף די פּלאַטפאָרמע איז ארויס א שטארקער גרויסער מאן מיט פעך־שווארצע האר און מיט א גרויסער נאָז. אָבער איידער ער האָט אָנגעהויבען רעדען, האָבען אַלע אָנגעהויבען שרייען: „עגידי! עגידי!"

און ווידער האָט ער זיך אויפגעשטעלט.

— איהר וועט רעדען — האָט ער געזאָגט צום דעבאַטאַנט. — אָבער עס איז ניט מעהר, ווי רעכט, דאָס איך זאָל פריהער ענטפע־רען דעם, וועלכער האָט דאָ מיך בעשולדיגט. איך וועל רעדען אָהן כעס, דען ווי קען איך זיין אין כעס אויף איינעם, וועלכער פסל'ט מיך אָב, ניט קענענדיג מיך און ניט פערשטעהענדיג מיך. איך קען מיך וואונדערען, דאָס מען פערשטעהט מיך ניט, מיך, וועלכער רעדט אזוי איינפאך. איך זאָל געהערען צו די האַלבע, איך זאָל זיין אַן אָפּאָרטיוניסט! איך, וועמעס גאנצער לעבען איז א פּראָטעסט גע־גען דעם אָפּאָרטוניזמוס. איך האָב אָבגעבראָכען מיט מיין גאנצער פערגאַנגענהייט נור דערפאר, ווייל איך בין ניט קיין אָפּאָרטוניסט. איך האס דעם אָפּאָרטוניזמוס. איך האלט עס פאר דעם וואָרצעל

פון אל־דאָס־בייז. אָבער וואָס האָט עס צו טהאָן מיט דעם געדאנק פון דער ערלייזונג פון די גרויסע מאסען? הערר היינזיאוס דענקט, אז די מאסען זיינען נאַריש, שטומפּיג, איך בין מיט איהם ניט איינ־פערשטאַנען; הערר היינזיאוס דענקט, אז די, וועלכע זיינען איצט די הערשער, זיינען פון דער נאטור בייז און שלעכט. איך זאָג, אז דאָס איז ניט ריכטיג. עס איז איצט אַ צייט, ווען מען האַלט אין איין בויען בריקען, וועלכע פעראייניגען ווייטע, אָבגעזונדערטע פּלעצער, פערניכטען פיעלע טיפע גראָבענס. אויך איך בין אַ וועג־מייסטער, אויך איך וויל אויסבויען אַ בריק צווישען די פערשיעדענע קלאַ־סען. איך בין דער פרעדיגער פון קריסטענטהום, און מעג דיזע לעהרע זיין צוויי טויזענד יאָהר אַלט, אָבער זי איז נאָך ביז איצט ניט בעגריפען געוואָרען; און ערשט דאַן, ווען די מענשען וועלען פערשטעהען דיזע לעהרע, און מען וועט פערשטעהען דאָס וואָרט פערגעבונג אין דעם ריכטיגען זין, ערשט דאַן וועט זיך אָנפאנגען אַ נייעס לעבען פאר'ן מענשען."

די מענשען אין זאַל האָבען געאָטהעמט שווערער. די פּנים'ער פון מאנכע זיינען בלייכער געוואָרען. איינצעלנע האָבען זיך אויפ־געהויבען און אויסגעשטרעקט זייערע אָרעמס צום רעדנער. אַ פּאָר אויפגערעגטע פרויען האָבען געפּאָכעט מיט זייערע טיכלאָך, און עס האָט געהערשט אַ טומעל אין יעדען ווינקעל פון זאַל.

דער מאַן מיט דער לאַנגער נאָז און מיט די שווארצע האָר, אום צו מאכען, אז די מענשען זאָלען איהם אויסהערען, האָט אויסגע־שטרעקט זיין אָרעם און האָט אויסגעשריען אין דער הויך: מעטאַל־ארבייטער דרעוויץ, אקער־גאַס נומער 14.

די מענשען האָבען זיך ווידער אָװעקגעזעצט. דער מענש האָט געוואָרט אַן אויגענבליק, האָט זיך אַ פּאָרקע געטהאָן מיט זיין גרויסער ארבייטער־האַנד אין זיין ניט־געקאַמטער באָרד, האָט פער־קאַטשעט די אַרבעל און האָט געוואָרט, ביז עס איז געוואָרען אין גאַנצען רוהיג. זיין גאַנצע בענעהמונג האָט געהאַט עטוואָס מערק־ווירדיג זיכערעס.

„וואָס דער הערר עגידי האָט אונז דאָ דערצעהלט, איז זעהר שעהן פאר די, וואָס זיינען זאַט. מיר מיט די הונגעריגע מאָגענס לאָזען זיך ניט אָנ'שיכור'ן פון פוסטע פראַזען, ווייל מיר ווילען אָזוי

— אזוי קאָמיש, ווי דאָס מעג אויסזעהען די הערדען — פריהער פון אלץ זיך גוט אָנפרעסען. איך זאָג „פרעסען", מיינע הערשאפטען, ווייל מיר געלוסטען נאָך שפייז און אין אונזער גרויסען הונגער ווע־לען מיר זיך ניט נעהמען די צייט צו עסען געמיטהליך, נור טאַקי פרעסען. איהר מיט דער קלינגענדער בייטעל, און מיט דער וואַ־רימער הויז, איהר האָט עס גוט, און קענט זיך רעדען; אָבער מיר רופען צו אייך: עס איז פוילע פיש, מיט וועלכע איהר ווילט אונז פאנגען. מיר לאָזען זיך ניט פאנגען מיט דער פוסטער פראזע פון פערגעבונג. מיר ארבייטער ווייסען, אז צווישען אונז און אונזערע רויבער איז ניטאָ קיין שלום און קיין פערגעבונג. מיר ווייסען, אז דער בעזיץ מאכט איינעם פרעך, חוצפה'דיג, יא, הוצפה'דיג, חוצפה'דיג!"

ער האָט די לעצטע ווערטער אויסגעשריען מיט א שרעקליכען כעס, און אונטערשפּארענדיג די אָרעמס זיינע אין די זייטען, האָט ער ווייטער גערעדט:

„אלזאָ, ניט קיין קלאסענקאמפף? ווער לאכט עס? מיר זאָלען דולדען און שווייגען? דאָס פרעדיגט איהר אונז. מיר דאנקען אייך זעהר שעהן. איך האַלט עס פאר פערשפּאָטונג פון פּראָלעטאריאט, ווען מען פרעדיגט איהם, ער זאָל זיך ניט ווערען, צו ראטהען איהם ער זאָל אויפגעבען דעם קאמפף געגען זיינע בלוטזויגער."

ער האָט זיך א ציה געטהאָן אין דער הויך, און עס האָט אויס־געזעהען, ווי ער וואָלט אויסגעוואקסען. „צו אונז, וועלכע פראצע־ווען טאָג פאר טאָג און דערביי הונגערען און לעבען ווי די הזירים, קומט מען מיט אזעלכע דרשות פון פערגעבונג. בייט זיך דאָך מיט אונז, מיט וועמען־עס־איז פון אונז, און דאן וועט איהר זעהען, וואָס דאָס איז פאר א שעהנע זאך צו דולדען! מיר לעבען ערגער ווי די הינד. די הינד ווארפט מען צו א מאָל א שטיק פליישׁ. מיר זעהען נור אָבגעגריזשעטע ביינער. ווי קען אויפהערען דער קלאסענ־קאמפף, איידער די קלאסען זיינען אויסגעראָטעט? מיר ארבייטען ווי טייוואָלים און מיר הונגערען.

„זאָל איך אייך עטוואָס דערצעהלען?.... אכט קינדער האָב איך צו הויז. מיין פרוי איז אלט געוואָרען, און די קינדער זיינען איהר זויער און ביטער געוואָרען, איהר מעגט עס מיר גלויבען. איך

שיכור גיט, איך שפּיעל ניט, און קען דאָך ניט אזוי פיעל פערדיע־נען, אז מיר זאָלען אלע ווי־עס־איז קענען דורכקריכען די בלאָטע.“

זיין פּנים האָט זיך אויף איין מאָל אויסגעקרימט און זיין טאָן איז געוואָרען פערשטיקט, זאָגענדיג:

„ווען א קינד קומט אויף דער וועלט, דאַרף עס דאָך זיין א שמחה, א גדולה — אָבער מיין ווייב און איך האָבען אימער געהאַט נור איין וואונש: עס זאָל אויסגעדאַרט ווערען אין דער מוטער׳ס בויך; עס זאָל שטאַרבען איידער עס עפענט נאָך די אויגען, כדי עס זאָל ניט דאַרפען אויסגעהן פון הונגער און עלענד. ווייסט איהר, וואָס דאָס הייסט, ווען מען האָט צו הויז אכט הונגעריגע ווערים, און מיט דער גאַנצער האָרעוואַניע קען מען זיי אפילו זאַט ניט מאַ־בען? איהר ווייסט עס ניט, וויל דאַן וואָלט איהר ניט געהאַלטען אייער שעהנע זונטאַג־דרשה פאַר אונז. איהר וואָלט זיי געהאַלטען פאַר די, וועלכע האַלטען די ראַפּניקעס אין די הענד; פאַר די, וועל־כע האָבען אלעס.

„מיין עלטעסטער אינגעל איז געקומען פון דער שולע און האָט צו מיר געזאָגט אין זיין דומהייט: פּאָטער, היינט האָט אונז דער לעהרער געגעבען צו פערשטעהן, ווי און ווען מען דאַרף אָנווענדען די ווערטער: „מיין, דיין און זיין“. דיזע ווערטער זיינען אזעלכע, פאָטער, וואָס ערקלעהרען איינעמס בעזיץ. ווייסט איהר, וואָס איך האָב איהם געענטפערט?... הער, מיין זוהן: „מיין, דיין און זיין“ — דאָס שטעהט אין דעם פערברעכער׳ס ווערטער־בוך פון די רייכע, פאַר אונז איז ניטאָ אזא זאַך. עס איז דאָ נור איין וואָרט פאַר אונז, און דאָס איז „אונזערע“, אונזער אלעמענס, מיין איך.

„מיינע הערשאַפטען, דאָס איז א משוגעת, וועלכע האָט זיך נור פערקליבען אין די נאַרישע מוחות פון אונז ארבייטער. די נאָבלע הערען ווילען גאַר ניט הערען פון דעם, און דאַרום זאָג איך צו די אלע, וועלכע הונגערן: ערהויבט אייך געגען אייערע פּייניגער, קעמפּפט ביז אויף מעסער, קעמפּפט ביז אויף בלוט, קעמפּפט, כדי איהר זאָלט איינמאָל אָנפילען אייערע מאָגענס; פערשליסט אייערע אויערען געגען די פּוסטע פראַזען פון פערגעבען און דולדען. איהר קענט זיך פערלאָזען, גוטע ברידער, אין קריסטוס, אז די אלע גוטע מידות וועלען קומען, ווען איהר וועט זיין זאַט, מיר ווילען פריהער

זאט ווערען. דאָס איז אונזער פילאָזאָפיע, דאָס איז אונזער אלף־בית, און דאָס וועלען מיר אויסשרייען, אפילו ווען מיר זאָלען הייזעריג ווערען ווי די וואנד. מיט אונזערע קראנקע לונגען וועלען מיר דאָס ארויסשרייען, מיט דעם לעצטען רעשטעל פון אונזערע קראַנקע לונגען.“

און אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט נאָך פעסטער בעטאָנען זיינע ווערטער, האָט ער גענעבען א קלאפּ מיט׳ן האנד אָן טיש, און מיט א פּנים, וועלכער איז געוואָרען געל, ווי וואקס, האָט ער אָנגעקוקט דעם רעדנער, הערר עגידי.

— אויף דעם זאָל ער ענטפערען! לאָמיר הערען, וואָס ער קען אויף דעם ענטפערען — האָט מיט שפּאָט אויסגעשריען דער מעכאַניקער פרינדעל.

הערר עגידי האָט א קוק געטהאָן אויפ׳ן זייגער. אַלע בליקען זיינען געווען געצילעוועט אויף איהם, יעדער איז געווען נייגעריג צו הערען, וואָס ער וועט זאָגען.

„דאָס איז דער ביטערער שלום אקאָרד, מיט וועלכען מיר ענדיגען“, האָט ער אויסגעשריען מיט א ציטערענדער שטימע, „ווייל אין א פּאָר מינוטען מוזען מיר פערלאָזען דיזען פּלאַץ. מיר מוזען, ווי דער זייגער וועט שלאָגען צוויי, פערלאָזען די פערזאמלונג. די הויכע נאטשאלסטוואָ דענקט, אז מיר זיינען מחלל דעם הייליגען זונטאג, ווען מיר רעדען איבער די לעבענס־פראגען פון פאָלק.“

זיין מינע איז געווען פול מיט ביטערנים און ער האָט געענדיגט: „די אנקלאַגע פון דיזען מאַן וועט נאָך לאַנג קלינגען אין אונזערע אויערען; די שרעקליכע אנקלאַגע, וועלכע מיר אַלע קענען בעגרייפען און פערשטעהן. דיזער מאַן האָט אין דער איין זאַך רעכט: עס איז א יאמער, עס איז מעהר ווי א יאמער, ווען א מענש האָט ניט זאט צו עסען, האָטש ער ארבייט און פראצעוועט אזוי שווער. גלויבט מיר, איך פיהל דעם שמערץ פון פאָלק און זיין בערעכטיגונג. מיין גאנצע לעבענס־ארבייט איז געצילעוועט אויף דעם צו פערלייכטערען זיין שמערץ.

„די אנקלאַגע פון דעם מאַן מעג קלינגען אין די אויערען פון די, וועלכע בעדאַרפען זיך אין אַלעם וואוילטאָג אויף דעם ארבייטער׳ס פראצע, און דאָך ניט דיזע אנקלאַגע דאַרף בעשטימען אונזער ריכ־

טונג אין אונזער קאַמפּף. מיר ווילען ארויפקלעטערען אין דער הויך, מיר ווילען רייגע בערג־לופט איינאָטהמען. ניט קוקענדיג אויף אַלעס, גלויבען מיר דאָך אין דאָס גוטע אין מענשען, אין דאָס אויפוואַכען פון אלעס, וואָס איז איידעל, און מיר גלויבען, אז עס וועט דאָך קומען א טאָג, ווען מענשען וועלען פערגעבען איינע די אַנדערע און זיך פערשטענדיגען. קיין ערפאהרונג, מעג זי זיין ווי ביטער, קען ניט צושטערען אונזער גלויבען. מיר ווארטען אויף דעם אויפגאַנג פון דער זון, וועלכער איז אונז פערשפּראָכען גע־וואָרען."

דאָס זיינען געוועזען די לעצטע ווערטער, וועלכע הערר עגידי האָט ארויסגערעדט. אין דיעזען אויגענבליק האָט דער זייגער געשלאָגען צוויי.

אַלע האָבען זיך אויפגעהויבען. די זאַל־טירען זיינען געעפענט געוואָרען, און אַלע האָבען זיך א שפּאַר געטהאָן צו די ארויסגענגע.

.23

דער רעגען האָט אויפגעהערט, אָבער א פערוואָלקענטער, בליי־ענער הימעל, וועלכער האָט קיין שטראהל פון דער זון ניט דורכגע־לאָזען, האָט ארונטערגעקוקט אויף דעם מענשען־קנויל.

די מיטגליעדער פון דער גרופּע „נאַכטליכט" האָבען אָבגערעדט צו טרעפען זיך ביי'ן קאָרנער פון דער לייפּציגער און ירושלים'ער גאַס.

בעטינא'ן האָט דער קאָפּ אזוי וועה געטהאָן, דאָס זי האָט מורא געהאַט ער זאָל ביי איהר ניט צושפּרונגען ווערען. אין איהר אייגע־נעם גרויסען שמערץ האָט זי געהערט געדאַנקען, וועלכע זיינען פאַר איהר געוועזען אזוי ניי, אזוי פרעמד, און די רעדען דאפיר און דאגע־גען האָבען איהר אזוי צוטומעלט, דאָס זי האָט ניט געוואוסט וואו איין און וואו אויס. און פון הינטער דיזע אַלע ווערטער און גע־דאנקען האָט זיך געשפּאַרט איהר אייגענער אינערליכער וועהטאָג, וועלכער איז אויף אַן אויגענבליק ווי בערטויבט געוואָרען פון דעם אנבליק פון דיזע פרעמדע מערקווירדיגע מענשען.

און אויך מיט טהאָמאַס טרוק איז עס ניט פיעל אנדערש גע־

ווען, און גאנץ פול מיט זיינע אייגענע געדאנקען, האט ער געזאגט צו בעטינא:

— איך קען מיך לייכט פארשטעלען ווי דיר איז צו מוטה. אין מיר אליין דרעהט זיך אלעס ווי א ראד פון א מיהל. אלעס זעהט מיר אויס נאך פיעל מעהר פערפלאנטערט, דונקעלער און פראבלעמאטישער, ווי פריהער.

זי האט געענטפערט:

— ווען איך וועל איצט אהיים קומען, וועל איך האבען פאר א לאנגע צייט וואס צו צוקייען. ביז איצט האב איך נאך ניט גע־טראכט פון קיין אנדער זאך, ווי פון מיין פידעל.

און ביי זיך אליין האט זי געטראכט: ניין, אייגענטליך, האב איך ניט פון מיין פידעל געטראכט, נור פון דיר. ווען איך האב גע־שפיעלט אויף מיין פידעל, האב איך עס אימער נאר פאר דיר גע־שפיעלט.

זי האט געפיהלט, דאס עס קומען ווידער אן טרעהרען אין איהרע אויגען, און זי האט שנעל צונויפגעפרעסט די ציין איהרע, אז דאס זאל ניט פאסירען.

טהאמאס האט געהערט אימיצען רופען איהם מיט'ן נאמען. ער האט זיך ארומגעקוקט און ער האט דערזעהען די ליערס מיט איהר מאן, דעם פאעט, און דעם מוזיקער אברהם געבהארדט. זיי זיינען צו איהם גלייך צוגעגאנגען. די ליערס איז געווען אנגעטהאן אין אן אונמעגליכען פעפער־קאלירטען רעגען־מאנטעל, מיט א קאפיו־שאן, וועלכער האט איהר געמאכט אויסזעהען נאך ברייטער און דיי־קער, ווי זי איז געווען. דערביי האט זי ארום איהר קאפ געהאט ארומגעוויקעלט א שאל, און דאס האט איהר געמאכט זעהר עהנליך אויף א גאנץ געוועהנליכע מארק־זיצערקע. איהר מאן, דער פאעט, האט שוין געמאכט בעצייטענס זומער. ער האט געטראגען א הע־לען אויבער־ראק מיט א העלען האלז־טוך. דער מוזיקער איז געווען אנגעטהאן אין א היטעל, וועלכע מען האט שוין לאנג געמעגט ארויס־ווארפען, אויב זי איז שוין א מאל ערגעץ־וואו ניט געלעגען אויפ'ן מיסט.

און באלד זיינען צוגעקומען דער מעכאניקער פרינדעל מיט זיינע צוויי מיידלאך, מיט דזשאזעפע ערווינג און שארלאטע איג־

גאָלף, דער סטודענטקע. דיביידע מיידלאך האָבען זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע, ווי ביטערע שונאים, אַזוי ווי עס וואָלט שוין אויסגעבראָכען צווישען זיי אַן אָפענער קאַמפף. די אַנדערע האָבען דאָס גלייך בעמערקט, כאָטש זיי האָבען ניט געוואוסט קיין ערקלערונג פאר דיזע פיינדשאַפט.

אין אַ ווײַלע אַרום זיינען אויך צוגעקומען די ליסאוערס, בלינסקי און היינזיאוס, דער פאָלקס־לעהרער.

דיזע מענשען האָבען אויפן׳ גאס געבילדעט מיט זיך אַ קליינע פאָלקס־פערזאמלונג.

די פערבייגעהער זיינען שטעהן געבליבען און אָנגעקוקט די גאַנץ מאָדנע געזינדעל.

— מיר קענען דאָך ניט בלייבען דאָ און זיין אַ בייז־וואונדער פאר אַלעמען — האָט דער דיכטער זיך אָבגערופען — וואו, אַלזאָ, וועלן מיר עסען?

— איך שלאָג פאָר צו געהן צו אשינגער — האָט געענטפערט אַ שטימע, וועלכע האָט געהערט צום סטודענט פון טהעאָלאָגיע, בעכערט.

— אשינגער איז אָבער אַ איד — האָט בלינסקי בעמערקט מיט אַ מינע פון שפּאָט.

— דאָס מאַכט ניט — האָט בעכערט געענטפערט גראָב — ער קאָכט ניט כשר און אויף דעם, ווי גוט צו עסען, אויף דעם פערשטעהען זיך אייערע גלויבענס־גענאָסען.

מאַדאַם ליסאוער האָט אַ שפּאַר געטהאָן די בלוט אין קאָפּ פון צאָרן.

— הפנים, איהר האָט עס געמוזט זיין, וועלכער האָט אויסגעשריען געגען מיין מאַן: „דער האַרבאַטער איד!“

— איך בעדויער, איך בין אַ מענש, וואָס בעהאַלט זיך ניט הינטער פרעמדע פּלייצעס. דאָס, וואָס איך האָב צו זאָגען, דאָס זאָג איך גלייך איינעם אין פּנים.

— נור קיינע קריגערייען איצט — האָט זיך ליסאוער אריינגעמישט — מיר זיינען הונגעריג, מיר ווילען עסען.

אַלע זיינען געווען איינפערשטאַנען צו געהן צו אשינגער. און

אלע האָבען גענומען לויפען אויף די אנדערע זייט פון גאַס, אום אין א פּאָר מינוטען שפּעטער צו זיין אין אשינגער׳ס רעסטאָראַן.

מאריא ווערפט האָט געקוקט אויף בעטינא מיט טרויעריגע אויגען, און דיזע האָט גלייך דערפיהלט, דאָס אויך דיזע מיידעל ליעבט טהאָמאסען גאָר אָהן האָפנונג.

אויף דיזע איז אָן אָרעמער וואָרם, איבער וועלכען ער מוז איבערטרעטען. מוז... מוז... מוז... האָט זי איבערגערעדט צו זיך אליין אייניגע מאָל.

דזשאָזעפא אוירווינג האָט אזוי פערשטאַנען עס צו מאַכען, דאָס פרינדעל איז אויסגעקומען צו זיצען לעבען היינזיאוס, וועהרענד מיט א שנעלער בעוועגונג האָט זי פערכאַפּט דעם פּלאַץ אויף דער אנדערער זייט פון פרינדעל. ניט קענענדיג אנדערש מאַכען, האָט שוין די סטודענטקע שאַרלאָטע אינגאָלף געמוזט זיך צופריעדענשטעלען מיט א זיץ אַנטקעגען איהם.

פרינדעל האָט בעשטעלט פאַר זיך און פאַר דזשאָזעפא באַקוואורשט מיט זויער־קרויט. און עס האָט אויסגעזעהן, אז ער האָט מיט דיעזער בעשטעלונג געמאַכט ביי אַלעמען א גרויסען אַפּעטיט נאָך באַק־וואורשט און זויער־קרויט. אַלע האָבען בעשטעלט דאָס זעלבע.

— בעטראַכט נור ווי דער שנץ האַלט זיך גרוים מיט זיין גרויסער אידעע פון באַק־וואורשט און זויער־קרויט, — האָט דער פאָלקס־לעהרער געזאָגט, זעהענדיג ווי דער קעלנער נעהמט אָן און נאָטירט אַלץ דעמזעלבען אָרדער.

דערפאַר אָבער, ווען דער קעלנער איז אָנגעקומען צו דעם דיכטער, האָט דיעזער בעשטעלט: איין ביפשטיק מיט געבראָטענע קאַרטאָפעל און איינמאָל באַק־וואורשט מיט זויער־קרויט.

אַלע האָבען זיך צולאַכט איבער דעם פּאָעט׳ס הוצפּה. נור פרינדעל אליין האָט געהאַלטען מיט איהם. ער האָט געזאָגט:

— ער האָט פּאָלקאָמען רעכט פון זיין שטאַנדפּונקט. ווען זי האָט מיט איהם חתונה געהאַט, מוז זי דאָך מסתמא וויסען, פאַר וואָס זי האָט עס געטהאָן. איהר קענט טרינקען איינס אויף מיין חשבון, הערר פּאָעט!

די ליעבע האָט געזאָגט מיט א נאָטסוטחינער איראָניע:

— דער אָרעמער יונג, ער מוז זיך קרעפטיגען; ער אַרבייט ביי מיר צופיעל. און מיט אַ מינע פון אַ צערטליכער מוטער, האָט זי איהם אַ גלעט געטהאָן איבער'ן באַק.

ענדליך זיינען אַלע בעשטעלונגען געמאַכט געוואָרען, און אויף אַ ווייַלע איז אַלעס שטיל געבליבען. בלינסקי האָט זיך אַריבער־געבויגען צו היינזיאוס און האָט געזאָגט מיט אַ טאָן פון איינעם, וואָס האָט פּאַראיבעל.

— ווייסט איהר, דאָס איהר האָט היינט גערעדט אַזוי, דאָס איהר וועט מוזען פערלירען אייער שטעלע?

היינזיאוס האָט אַרונטערגעצויגען די ליפּען און געענטפערט:

— וואָס אַרט מיר פאַר אַ שטעלע, ביי וועלכער איך שטאַרב כמעט פון הונגער.

טהאָמאַס האָט פאַרגעשטעלט בעטינאַ'ן צו יעדען בעזונדער, און די ליערס האָט אָנגענומען איהר האַנד און זי פריינדליך געדריקט.

— מיר זיינען היינט אַלע איינגעלאַדען צום קאַפע אין נאַכט־ליכט, ביי דעם מאַהלער בראַזע, פון וועמען איהר האָט אודאי גע־הערט, ליעבע קליינע פריילין. און איך לייג נאָך צו, ווען דאָס איז ניט צופיעל פערלאַנגט, ברענגט מיט אייער פידעל. איהר וועט דערמיט אַ גוטען מענשען זעהר פיעל פערגניגען פערשאַפען.

טהאָמאַס האָט אָנגעקוקט בעטינאַ און ווידער האָט זי צוגעשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ, ווי איינער, וואָס איז מיעד און קען איהם קיין זאַך ניט ענטזאָגען.

— איבעריגנס — האָט פרינדעל אויסגערופען — איהר זיינט היינט, הערר היינזיאוס, געוועזן גרויסאַרטיג. איך וואָלט פאַר אייך אַראָבגענומען מיין הוט, ווען איך וואָלט איבערהויפּט געהאַלטען עפּעס דערפון.

די אינגאַלף האָט אַ שמייכעל געטהאָן אין זיך, און דזשאָזעפּאַ, וועלכע האָט גלייך בעמערקט דיעזען שמייכעל, האָט אַריבערגעבויגען זיך מיט איהר קערפּער איבער'ן טיש, און האָט אויסגעשריען אויפ'ן קול:

— עס זעהט מיר אויס, אַז איהר מאַכט זיך לוסטיג. איך זאָג אייך אָבער, אַז ער נעהמט פאַר קיינעם ניט אַראָב זיין הימעל. איהר קענט עס מיר גלויבען, פריילין.

די דארפסט מיך ניט פערטהיידיגען — האָט דער מעכאַניקער געזאָגט צו איהר גראָב.

— אויך איך בין מוזיקער — האָט אברהם געבהארדט גערעדט צו באָטינגאַ — און איך ווייס, אַז איהר מוזט שפּיעלען גאָר אויף אַן אַנדער אַרט.

— פון וואַנען ווייסט איהר עס?

— איך זעה עס אין אייער פּנים. איהר... איהר, איהר וואָלט ניט געשפּיעלט, ווען איהר וואָלט ניט געהאַט אויסצודריקען עפּעס בעזאָנדערס. איך ווייס, ווי איהר שפּיעלט, כאָטש איך האָב אייך נאָך קיינמאָל ניט געהערט. עס איז גאָר ניט מעגליך, אַז איהר זאָלט מיך איבעררא׳שען.

— דאָס איז זעהר פריינדליך און אפשר שוין צו פריינדליך — האָט זי געענטפערט, און דאַן איז צו איהר געקומען אויף אַ מאָמענט איהר אמאָליגע פערשייטקייט, און זי האָט צוגעלייגט: — איך וואָלט אין אַזאַ פאַל זיך מעהר פערלאָזען אויף מיין אויער, ווי אויף מיינע אויגען.

— איך קען גאָר קיין טעות ניט האָבען — האָט דער מוזיקער געענטפערט פעסט — עס איז מעגליך, דאָס פּיעלעס אין אייער שפּיעלען איז נאָך ניט פאָלקאָם, ניט גוט אויסגעאַרבייט; אָבער די הויפּטזאַך, דאָס, וואָס מען קען ניט אויסלערנען, דאָס האָט איהר, דאָס ווייס איך בעשטימט.

— ווי געהט עס בראָזען? — האָט טהאָמאַס געפרעגט.

— שטעלט זיך פאָר — האָט די ליערס געענטפערט — דאָס ער ווערט געזינטער. אָבער ווי זי פּאַסט אויף איהם אויף! איהרע אויגען האָבען געשטראַהלט.

איהר מאַן האָט קאָקעטירט מיט דזשאָזעפּאַ און דיעזע האָט איהם גראַדע געלאָזען, און נאָך אויפגעמונטערט. איהרע אויגען האָבען אונרוהיג געפלאַקערט. זי האָט זיך געצוואונגען צו מאַכען חן׳דלאַך צו דעם פּאַעט. טהאָמאַס האָט עס בעמערקט, און באַלד איז איהם געקומען דער געדאַנק, אַז די אָרימע מיידעל טהוט עס, מיינענדיג, אַז זי וועט דערמיט מאַכען דעם מעכאַניקער אייפערזיכטיג, און וועט אויף אַזאַ אופן צוריק געווינען זיין ליעבע.

די ליסאוער האָט עס אויך בעמערקט, און איהר איז געקומען

דער זעלבער געדאַנק, און אַנבויגענדיג זיך צו בלינסקי האָט זי געזאָגט גאַנץ שטיל:

— ווען איך וואָלט געווען אַזוי שעהן, ווי דיעזע, וואָלט איך דעם פּאַסקודניאַק געגעבען מיט'ן פוס אין הינטען און געלאָזט איהם אליין.

דער סטודענט בעכערט האָט גערעדט מיט מאַריא ווערפּט ווי איינער, וואָס לאָזט זיך ארונטער זעהר ניעדריג. זי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטען ארונטערגעלאָזען די אויגען, און זיך קוים אַ ריהר געטהאָן.

— עגידי איז אַן אידיאָט און אַ פאַנטאַזיאָר, נור נאַרען לאָזען זיך פערפיהרען פון איהם — האָט היינזיאוס אויסגעשריען אין דער הויך. איבעריגעס, דער ארבייטער האָט איהם דערלאַנגט אַ שעהנע פּאָרציע.

— דער מאַן איז עטוואָס צודרעהט — האָט בעכערט בע־מערקט — דאָס גיב איך אייך צו, אָבער איך בין מיט אייך ניט איינפערשטאַנען, וואָס איהר זיינט איהם גאָר אין גאַנצען מבטל. דאָס קומט איינפאַך פון דעם, ווען פּריוואַט־מענשען נעהמען זיך אויסטייטשען די הייליגע שריפט. איהר לאָזט דאָס צורוה. דערצו געהערט ארבייט און וויסענשאַפט. אַזוי גרינג איז עס ניט. דערצו מוזען זיך נעהמען ספּעציאַליסטען.

— מענש — האָט איהם פרינדעל אונטערבראָכען — אייך מוז פעהלען עפּעס אַ קליעפּקע אין קאָפּ... זאָגסט וואָלט איהר דאָך אונז ניט ווערען איינשמועסען אַזעלכע נאַרישקייטען. איהר דאַרפט דאָך זעהן, אַז איהר זיינט עפּעס ניט צווישען חדר־אינגלאַך.

— איך בין צווישען פערדרעהטע. דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס איך האָב איצט פערשטאַנען — האָט בעכערט געענטפערט מוטהיג.

— און איהר זיינט גאָר ניט ווייט פון ווערען אַ משוגענער — האָט געענטפערט קורץ דער מעכאַניקער, און האָט זיך געווענדעט מיט אַ פראַגע צו דער סטודענטקע אינגאָלף. באַלד אָבער האָט ער איהר אָבגעלאָזען און האָט זיך געווענדעט צו טהאָמאַס:

— איך האַלט עס גאָר ניט פאַר אַזאַ קרומע מיינונג, דאָס אונזער זאָנטאָגדיגער בעל־דרשן איז אַ געריבענער שווינדלער, וועל־

כער שטרעבט צו ווערען עפּעס אַ רעדעל־פיהרער. איך האָב אַלץ געוואַרט, טאָמער וועט איהר עפּעס זאָגען, אָבער עס זעהט מיר אויס, דאָס איהר פערגראָבט זיך מיט אייערע געדאַנקען אין זיך, עפּעס אויף דעם שטייגער פון אַ מויל־וואורף.

בעטינאַ האָט אויפגעבליקט שטאַרק דערשראָקען. אין וואָס פאַר אַ טאָן דיעזער מענש ערלויבט זיך צו ריידען צו טהאָמאַסען? אָבער אין טהאָמאַסעס פּנים איז ניט געווען צו זעהן די מינדעסטע מינע, דאָס ער האָט זיך געפיהלט געקרענקט; נור עטוואָס זוכענ־דעס, גריבלענדעס האָט זיך איינגעקריצט אין זיין פּנים.

טהאָמאַס האָט געענטפערט געלאַסען:

— איך האַלט ניט דעם מאַן פאַר אַ שווינדלער. ער איז זיכער ערנסט. דיעזע מיינונג מיינע קענט איהר אפילו, הערר פרינדעל, ביי מיר ניט אוועקנעהמען. אָבער אין דעם האָט איהר פאָלקאָמען רעכט, דאָס איך האָב מיך פערקראָכען אין זיך. איך אנטלויף פאַר דעם שיין פון דער אויסערליכער וועלט, און פערקריך אין די דונקעלהייט, הערר פרינדעל, ווייל דער שיין בלענדעט מיר די אויגען.

— קום, לאָמיר געהן — האָט בעטינאַ צו איהם געזאָגט שטיל — ביי מיר זיינען די אויגען אויף איין מאָל געוואָרען אזוי שווער און מיעד.

— איהר לאָזט זיך פערטרייבען אָט פון יענעם קערל? — האָט די ליערס געזאָגט גראָב, אָנווייזענדיג מיט'ן האַנד אויף דעם מעכאַניקער.

— דערפון איז גאָר קיין רעד ניט. פרינדעל האָט אַ פאָל־קאָמענעם רעכט אויסצודריקען זיין מיינונג.

— אַך, לאָזט מיר צורוה — האָט די ליערס געזאָגט אין כעס — וואָס צופיעל, איז צופיעל.

דער מוזיקער האָט בעטינאַ'ן געדריקט די האַנד, און האָט זיך פאַר איהר פערבויגט זעהר עהרפירכטיג.

ווען טהאָמאַס און בעטינאַ זיינען געווען אַליין, האָט זי צו איהם געזאָגט:

— איך פערשטעה ניט דיעזע מענשען. איך ערלויב זיך ניט קיין מיינונג, אָבער זיי קומען מיר פאָר, ווי מענשען, וועלכע דרעהען

זיך ווי אין א ראד. און ווער עס קוקט אויף זיי, דעם הויבט אָן שווינדלען אין די אויגען.

— דו האסט רעכט — האט טהאָמאס געענטפערט — אָבער ניט זיי זיינען שולדיג, נור מיר. אלעס איז איצט אויפגערודערט; אלעס דרעהט זיך. און אין דיעזער דרעהעניש זוכען אלע א פונקט, אויף וואָס זיך אָבצושטעלען, ביי וואָס זיך אויסצורוהען.

דעם איבעריגען וועג זיינען זיי געגאנגען שווייגענדיג. בעטינא האָט פערגעסען אָן אלעס, וואָס זי האָט דורכגעמאכט אין די לעצטע פאָר שטונדען, און האָט ווידער דערפיהלט איהר גרויסען שמערץ. זי האָט געהאט נור איין געדאנק, ווי ניכער צו זיצען אין אייזענבאהן.

אויבען, אויף די טרעפ, איז זיי געקומען די ווירטהין אנטקעגען מיט א זעהר וויכטיגער מינע אין איהר פנים. א דיענער אין א ליווריע איז דאָ געוועזען און האָט איבערגעלאָזען א בריעף, האָט זי געזאָגט.

טהאָמאס האָט שנעל געעפענט דעם בריעף. ער איז געוועזען פון רעגינא, און ער האָט ענטהאלטען אן איינלאדונג פאר היינט אווענד. „נור א פאָר מענשען וועלען זיין“, האָט זי געשריעבען, „ווען די פריילין וויל נאָך מיטברייננגען די פידעל, וועט זי איהר שולדיג זיין א דאַפּעלטען דאנק.“

ווען ער האָט בעטינא'ן דערלאנגט דעם בריעף, איז איהר פנים געוואָרען בלייך, ווי קאלך, איהרע הענד האָבען געציטערט, און טהאָמאס האָט איהר שנעל צוגעצויגען צו זיך און געזאָגט:

— זיי נור רוהיג. נאטירליך, וועלען מיר אהין ניט געהן. דער אָווענד געהערט צו די בראָזעס. דאָרט האָבען מיר דאָך צו־געזאָגט.

זי האָט פאר א סעקונדע צוגעמאכט די אויגען. דאן האָט זי איהם אָנגעקוקט מיט א פייערליכען אויסדרוק. איהרע נאָז־לעכער האָבען געציטערט.

— טהאָם, איך מוז נאָך היינט פאָהרען. טהאָם, נאָך היינט. איך געה אויף א שטונדע צו דיינע פריינד און דאן ברענגסטו מיך צום באהן.

ער האָט איהר ניט אָבגערעדט. ער האָט געפיהלט, דאָס זי האָט רעכט.

— טהאַם, איך דאַנק דיר.

זי איז אוועק אין איהר צימער און די אַלטע פרוי האָט איהר געהאָלפען ביין פּאַקען. אָבער איינמאָל האָט זי גענומען בעטינאַ'ס האַנד, און וועהרענד איבער איהר צוקנייטשטען פּנים האָבען זיך טרעהרען געקייקעלט, האָט זי געזאָגט בליפענדיג:

— אַך, פרייליינכען, זי האָט איהם בע'כשופ'ט, גלויבט עס מיר, זי האָט איהם בע'כשופ'ט.

בעטינאַ האָט זיך טיפער אריבערגעבויגען איבער'ן קאָרב, אין וועלכען עס זיינען ניט פיעל זאַכען געווען. זי האָט געוויינט אין זיך און דערשטיקט איהר שמערץ. זי האָט זיך געשעהמט. דאַן האָט זי זיך אוועקגעלייגט אויפ'ן סאָפע, און די אַלטע האָט איהר איינגעוויקעלט בעקוועם און וואַרעם.

24.

עס איז שוין געווען דונקעל, ווען זיי זיינען געקומען צו בראָזע. אַלע פון נאַכט־ליכט זיינען שוין געווען פערזאַמעלט. דער מאַהלער איז געלעגען אויף אַ זאָפע און האָט אויסגעזעהן, ווי אַ מאַרטירער. ער האָט בעטינאַ'ן אויסגעשטרעקט זיינע הענד, און אַ מאָמענטאַנע רויטקייט האָט בעדעקט זיינע איינגעפאַלענע באַקען, ווען ער האָט געכאַפּט אַ בליק אויף די פידעל.

אין אַ ווינקעל איז געשטאַנען אַן אַלטע פּיאַנאָ. בעטינאַ האָט געפרעגט מיט אַן אונטערדריקטער שטימע ביי פרוי בראָזע, אויב זי מעג גלייך שפּיעלען, ווייל אין אַ שטונדע אַרום מוז זי שוין פאָהרען צום באַהן.

די פרוי בראָזע איז געוואָרען שטאַרק איבעררשט פון דיעזע ווערטער, און האָט איהר אַ קוק געטהאָן גלייך אין פּנים. בעטינאַ'ס אויגען זיינען געווען אַזוי פערשלייערט, אַזוי דונקעל, אַזוי פּי־בעריש, און איהרע ווערטער האָבען אַרויסגעוויזען אַזאַ אינערליכען וועהטאָג, דאָס די פרוי בראָזע האָט דאָס ניט געקענט ניט בעמערקען. זי האָט פערשטאַנען, דאָס דיעזע אידעלע שוואַכע בעשעפעניש האָט אָנגעווענדעט איהרע לעצטע קרעפטען, אום זיך אַרויסצושלעפען צו איהר. זי האָט דאָס געפיהלט גאַנץ דייטליך, כאָטש זי האָט

ניט געוואוסט קיין גרונד, ווארום דאָס איז אזוי. זי האָט געוואָלט שטעלען א פראגע, אָבער זי האָט זיך באלד אנדערש איבערגעלעגט, און אָנשטאט א פראגע האָט זי געענטפערט:

— געווים, פריילין, אז איהר ווילט, קענט איהר שוין עטוואָס שפּיעלען.

דער מוזיקער אברהם געבהארד איז שוין געזעסען ביין פּיאנאָ, בלעטערענדיג אין די נאָטען.

בעטינא האָט געשפּיעלט א זאץ פון דעם בעטהאָווענשען וויאָלינקאָנצערט. זי האָט געהאלטען צוגעמאכט די אויגען, ווען רענד זי האָט געשפּיעלט. דער מוזיקער האָט איהר בעגלייט מיט אזא פיינקייט פון געפיהל, אזוי ווי זיי וואָלטען די גאנצע צייט צוזאמען דיעזען זאץ איינגעשטודירט.

דער טאָן פון איהר פידעל האָט געקלונגען ציטערענדיג. די צוהערער האָבען געפיהלט, דאָס בעטינא'ס נשמה ציטערט מיט.

פּלוצלונג האָט זי מיעד געלאָזען פאלען דעם סמיק.

— איך קען ניט מעהר — האָט זי געמורמעלט.

קיינער פון די אנוועזענדע האָט ניט אפּלאָדירט. זיי זיינען אלע געוועזען גאנץ שטיל. בעטינא'ס שפּיעלען איז געווען פאר זיי א גאנצע לעבענס־פּאסירונג.

זי האָט זיך שנעל ארויסגעגליטשט פון צימער, האָט אָנגעטהאָן איהר מאנטעל און זיך טיעף פערבויגט פאר די אנוועזענדע.

— גוטע נאכט, פריילין — האָט אברהם געבהארד געזאָגט שטיל, אז קיינער זאָל ניט הערען — איהר האָט אונז מיט אייער שפּיעלען אריינגעפיהרט אין דעם קעניגרייך פון פרייד. אין אייער שפּיעלען ליעגט דער דריטער קעניגרייך.

די לעצטע ווערטער האָט טהאָמאס געהערט.

— דער דריטער קעניגרייך — האָט ער געמורמעלט, אליין ניט וויסענדיג, וואָס ער רעדט נאָך.

25

זיי האָבען גענומען א דראָזשקע און שנעל זיינען זיי געפאָהרען צום באהן. איהרע זאכען האָט מען שוין פריהער געלאָזט אוועק־

טראָגען. דאָרט זיינען איצט ניט געווען פיעל מענשען, און דיזער צוג אליין איז געווען גאָר בעזאָנדערס ליידיג. פאר א וואַגאָן דריטער קלאַסע האָט זי איהם דערלאַנגטביידע הענד, און דיעזע זיינען געווען פייכט און קאַלט.

— אום גאָטעס ווילען, בעטינאַ, וואָס איז דיר?

— גאָר ניט — האָט זי קוים ארויסגערעדט, און א שמערצ־ליכער שמייכעל האָט געמאַכט א שניט אין איהר פנים... דאָס איז געווען אן אויסדרוק, וועלכען ער האָט קיינמאָל ניט פערגעסען.

ער איז אריין מיט איהר אין וואַגאָן. זי האָט זיך גלייך אוועק־געזעצט, האָט אוועקגעלייגט ביי זיך אויפ'ן שויס די פידעל.

— געה אוועק יעצט, איך בעט דיך.

ער האָט ניט געוואַגט צו קושען איהר.

ווען ער איז שוין געווען ביין טיהר, האָט זי איהם צוריק־גערופען.

— טהאָם, וואָס האָט ער געמיינט מיט די ווערטער: „דער דריטער קעניגרייך“?

— ער האָט געמיינט יענעם קעניגרייך, ביי וועמעס פער־שלאָסענע אייזערנע טיהרען מיר קלאַפען מיט ציטערענדע פינגער, און וועלכען אלע מענשען זוכען אזוי פול מיט אנגסט.

— דאָס אלזאָ האָט ער געמיינט! און דאן האָט זי וויעדער־האָלט מעהר זיך, ווי פאַר איהם: דאָס דריטע קעניגרייך!

פאר א ווייל זיינען זיי געשטאַנען איינער געגען צווייטען אין א לעצטען טיעפען שוויינען.

— גוטע נאַכט, טהאָם — האָט זי ענדליך ארויסגעבראַכט.

— גוטע נאַכט, בעטינאַ.

און ער איז געבליבען שטעהן אויפ'ן סטיישאָן, כאָטש זי האָט איהם ניט געזעהן... און ווען דער באַהן איז שוין לאַנג אוועק, איז ער נאָך אלץ געגאַנגען הין און צוריק איבער דעם סטיישאָן, אויף וועלכען קיינער איז ניט געווען. די בעאַמטע האָבען געוואָר־פען אויף איהם פערדעכטיגע בליקען, אָבער ער האָט דאָס גאָר ניט בעמערקט. שטאַרק געפייניגט פון אן אינערליכען וועהטאָג האָט ער געשפּרייזט הין און צוריק. ער האָט זיך ניט געקענט אָברייסען פון דעם פּלאַץ, וואו ער האָט זי אפשר געזעהן צום לעצטען מאָל.

ענדליך האָט איהם אימיצער א קלאפּ געטהאָן אין פּלייצע און האָט געזאָגט:

— איך דענק, אז איהר דאַרפט שוין געהן אהיים.

איהם האָט א טרייסעל געטהאָן. ער האָט אָנגעקוקט דעם מענשען גאַנץ צוטומעלט, האָט ארויסגעשטאַמעלט א פּאָר ווערטער, און אָנשפּאַרענדיג זיך פעסט אָן די פּאַרענטשע, האָט ער זיך לאַנג־זאם ארונטערגעלאָזען איבער די טרעפּ.

(ענדע פון צווייטען בוך).

## דריטער בוך.

# לייד און קאמפף

.1

נאָך די שטורמס און רעגענס איז אָנגעקומען דער זונניגער פריהלינג. לייכט האָט ער געטאַנצט איבער דער שוואַרצער ערד, און מיט יעדען טראָט האָט ער ארויסגעצויגען פון איהר גרינע גרעזעלעך; פון יעדען ריהר זיינעם האָבען אויף די בוימער זיך קנאָספּען געוויזען. און די הייזער, וועלכע האָבען ניט לאַנג אויסגעזעהן אזוי מרה־שחורה׳דיג, זיינען מיט א מאָל געוואָרען אזוי לוסטיג און העל. די הוילע ווענד האָבען אויסגעזעהן ווי בעגולט פון דער יונגער פריהלינגס־זון, וועלכע האָט געוואָרפען איהר ליכטיגקייט דורך די פענסטער־שויבען, און האָט קאָקעטירט און געלאַשטשעט זיך צו אַלץ, וואָס איז איהר געקומען אין וועג. זי איז געווען, ווי א מוטער, וועלכע איז אַוועקגעפאָהרען אויף א שטיקעל צייט פון דער היים. פּוסט און אומעטיג איז געווען דאָס הויז אָהן איהר — נון אָבער טרעט זי אַריבער דעם שוועל, און די קינדער לויפען איהר אנטקעגען מיט א יובעל־געשריי, דער הויז־פאָטער שמייכעלט איבער זיין גאַנצען געזיכט, און זי איז צוויי מאָל אזוי ליעב און צערטליך, ווי פריהער, אזוי ווי זי וואָלט געוואָלט גוט מאַכען, פערהיילען די שמערצען, וועלכע אַלע האָבען געפיהלט פאַר די צייט, וואָס זי איז געווען אוועק.

טהאָמאַס טרוק האָט געפיהלט, אַז קיינער קען ניט אזוי פיהלען דעם זיסען טעם פון דער ערוואַכענדער נאַטור, ווי ער; קיינער קען ניט טרינקען דעם פריהלינג פון אַזאַ גאָלדענעם כוס, ווי ער....

זי איז געשטאנען פאר איהם אין דעם שמעקענדיגען פריה־לינגס־אנצוג, האט ארויפגעלעגט איהר האנד אויף זיין קאפ און האט איהם אנגעקוקט מיט גוטע פרומע אויגען... און אלעס האט זיך פערוואנדעלט אין זיין קליינער סאלקע.

ער איז געגאנגען מיט איהר איבער הויכע בערג, דורכגעבראכען זיך דורך וועלדער און לאנקעס, אויף וועלכע דער מארגענטוי האט געבליאסקעט. אויף די צווייגען זיינען געהאנגען די ווייסע טראפען, ווי וואונדערבארע פערל אדער ווי לייכטענדע דימענטען. און אלץ העכער און העכער זיינען זיי געשטיגען. טומאנען־ווענד האבען זיי איינגעוויקעלט, בערג און טהאלען האבען זיך אזוי ווי צונויפגעוועבט; בוימער, וועלכע זיינען, דאכט זיך, געווען נור עטליכע טריט ווייט פון זיי, האבען אנגענומען וואונדערליכע געשטאלטען און פארמען. דאס לאנד ארום איז געווען פער׳כשופ׳ט; פונקט ווי אין דעם אמאליגען גרויען אלטערטהום, האבען טייכען געפלאסען אין געהיימניספולע טהאלען, גרויסע פעלזען זיינען מיט א מאל פאר זיי אויסגעוואקסען, און באלד זיינען זיי ווידער צוגאנגען אין דעם טומאן. דער גליק פון טיעפסטער איינזאמקייט האט זיי דורכגעדרונגען אין דיעזער שטילקייט, וועלכע האט געהאט אין זיך עטוואס אייביגעס. און באלד איז דער טומאן פערשוואונדען; די זון האט זיך א ווייז געטהאן אין איהר גאנצער פראכט, אבטונקענדיג אלעס אין פליסיגען גאלד...

.2

— דיעזע מיידעל — האט רעגינא געזאגט צו טהאמאסען — האט געהאט אין זיך עטוואס, וואס איך וועל קיינמאל ניט פערגעסען. ווי מאדנע דאס איז, דאס איך האב אייך בעגעגענט.

זי האט, דאס זאגענדיג, גענומען איהרע מאט־בלויע הענדזשקעס ארויפציהען אויף איהרע שלאנקע פינגער.

— און ווי זי שפיעלט! — האט ער געזאגט אנשטאט אן ענטפער — עס איז ניט מעהר קיין שפיעלען; עס איז ניט מעהר קיין שפיעלען; עס איז גאנץ עטוואס אנדערעס.

זי האָט איהם אָנגעקוקט א ווײלע מיט איהרע פאַרשענדע אויגען און האָט געזאָגט:

— ווען איך וואָלט געווען דו, וואָלט איך זיך פערליעבט אין איהר. איך וואָלט זיך ניט געקענט אָברייסען פון איהר. זי האָט אין זיך עטוואָס צוציהענדעס, וואָס עס ווילט זיך ערגרינדען, אויס־פאָרשען. אָבער איך בין גליקליך, דאָס דו ביסט דו און ניט איך. און — האָט זי געענדיגט מיט א שמייכעל — ניט אמת אפשר, דו האָסט דאָך קיינעם ניט ליעב אויסער מיר!

— קיינעם ליעב איך ניט אזוי, ווי איך ליעב דיך. פאַר איהר האָב איך א גאַנץ אנדער געפיהל. זי איז פאַר מיר מיין קינדהייט.

— שטעל דיר אָבער פאָר, דאָס איך האָב געהאַט שטארק מורא, אז זי זאָל דיך ביי מיר ניט צונעהמען. און ווען איהר זיינט ביידע ניט געקומען צו מיר יענעם זונטאָג אבענד, האָב איך איהר געהאַסט; איך האָב גערעכענט, אז זי האָט מיר שוין געשפיעלט א מיאוס׳ען טריק, דען איך מוז דיר זאָגען, אז דיעזע מיידעל האָט עטוואָס, פאַר וואָס איך האָב מורא.

ער האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— דו קענסט איהר ניט. ווען דו הערסט איהר שפּיעלען, דאַן וואָלסטו איהר געקענט.

— אָה, איך קען איהר אזוי אויך זעהר גוט. און וואָס אָנבע־טרעפט איהר ריינקייט, מוז איך דיר זאָגען דעם אמת, אז איך גלויב ניט אין דעם. זי האָט אין זיך עפּעס טייפּלישעס... מיט איין וואָרט, איך האָב מורא פאַר איהר. איך שטעל מיר פאָר, אז זי האָט זעהר שאַרפע, שפּיציגע נעגעל, מיט וועלכע זי קען איינעם די אויגען אויסקראַצען.

איהם האָט די מיינונג איהרע וועגען בעטינאַ שטארק פער־דראָסען, און ער האָט געזאָגט:

— זי וויינט אין זיך, און קען קיינעם דעם מינדעסטען וועהטאָג ניט פערשאַפען. און ווען זי וואָלט געהאַט שאַרפע, שפּיציגע נעגעל, וואָלט זי מיט זיי זיך אַליין בלוטיג צוקראַצט און פערוואונדעט. צוויי מאָל האָב איך זי געהערט שפּיעלען, און יעדעס מאָל איז עס געווען עטוואָס גאַנץ אנדערעס. מען וואָלט געקענט זאָגען, דאָס וועהרענד זי שפּיעלט, שטעהט זי פאַר איינעם אין גאַנצען נאַקעט.

דאָס, גלויב איך, איז עס, וואָס איינעם ציהט צו איהר. אָבער הינטער דעם איז דאָ נאָך עטוואָס, וואָס איך קען נאָך ניט פערשטעהן.

— דו — האָט זי צו איהם געזאָגט, שטארק צודריקענדיג זיך צו איהם — דו רעדסט פון איהר, ווי פון א געליעבטער.

א רויטקייט האָט זיך פאר א רגע איבערגעגאָסען איבער זיין פנים, ווען ער האָט געענטפערט:

— איך רייד פון איהר, ווי פון א שוועסטער, וועלכע ליידעט צוליעב מיר. זי ליידעט, דו הערסט?

— איך הער.

און זיי זיינען ביידע שטיל געוואָרען פאר א ווייލע. עס זיינען אויסגעוואקסען אין זיי נייע געדאנקען, און זי האָט געפיהלט עטוואָס עהנליכעס צו א האַס צו איהם. אָבער דאָך האָבען זיי זיך איצט געפיהלט נאָהענטער איינער צום אנדערען, ווי ווען עס איז פריהער.

— דיעזע בעטינא — האָט זי ענדליך ארויסגעזאָגט — וועט געוויס קומען איין שעהנעם טאָג און דיך אוועקרייסען פון מיר. — ער האָט זי אָנגעקוקט ערנסט און מיט אזוי פיעל ליעבע, דאָס זי האָט ניט בעדארפט הערען פון איהם אן ערקלעהרונג, דאָס ער האָט נור איהר ליעב.

ערשט אין א פּאָר סעקונדען אַרום האָט זי געזאָגט:

— איך ווייס, דאָס מען דארף ניט האָבען קיין צוטרוי צו די פּאָליאקען. זיי זיינען ליידענשאפטליך און היטרע, און צוליעב זייערע ליידענשאפטען שטעלען זיי זיך פאר קיין זאך ניט אָב.

— און מיר? מיר זיינען דען אנדערש?

זי איז עטוואָס בלאסער געוואָרען פון זיין בעמערקונג. און פּלוצלונג האָט זי א וואָרף געטהאָן איהרע הענד אַרום זיין האלז.

— מיר — האָט זי געמורמעלט — מיר נעהמען דאָס, וואָס איז אונזער רעכט, אונזער ביידענס רעכט.

ער האָט ערשטוינט זיך צוגעהערט צו איהרע ווערטער, וועלכע האָבען געקלונגען אזוי ערנסט און גרויס. ווי מערקווירדיג זי איז געווען. ער האָט איהר בעטראכט מיט א ניט־פערבעהאלטענער נייגעריגקייט. איהר קאַלטער, קלאָהרער שטערען, די פיינע ברעמען, די ליכטיגע אויגען, די ציטערענדע נאָז־לעכער און דער עטוואָס

געעפּענטען מויל, וועלכער האָט זיך צוגעצויגען צו איהם אין ליי־דענשאַפטליכען בעגעהר, דער ווייכער אויבער־קערפּער איהרער, וועל־כער האָט זיך געצויגען צו איהם מיט אַזאַ הייסען פערלאַנג; ער האָט געפיהלט איהרע ווייכע פאָרמען דורך די קליידער. וואָס האָט דען איהר האַס צו בעטינאַ פאַר אַן אַנדער בעדייטונג, אויב ניט איהר גרויסע ליעבע צו איהם?

— דו זאָלסט ניט טראַכטען אַזוי פיעל. איך זעה, וואָס עס קומט פאָר אין דיר. איך זעה אַלעס, דו קענסט פון מיר גאָר ניט פערבאַהאַלטען.

— איך קען ניט און וויל עס אויך ניט.

ער האָט גענומען איהר עלענבויגען און עס געדריקט...

— דו, וואָס טהוסטו?!

ער האָט גלייך אָבגעלאָזען איהר האַנד און ביידע האָבען זיך גלייך אויפגעשטעלט.

זי האָט אַרויפגעקוקט צו איהם מיט אַ מינע פון איינעם, וואָס וויל עטוואָס אויסשפּיאָנירען, און זי האָט צו איהם געזאָגט:

— איצט זאָג עס מיר ניט. ניט איצט. און איך בעט דיר, קוק מיר ניט אָן אַזוי שטרענג. איך קען עס ניט אַריבערטראָגען. דו מוזט זיין ליעב און גוט צו מיר.

איך זעה ווי זי ליידט, האָט ער ביי זיך געטראַכט, אָבער איך קען איהר ניט העלפען. און ער האָט געזאָגט אויפ'ן קול:

— איך קען אַזוי ניט לעבען... דו אָדער איך, איינער פון אונז ביידע מוזריידען מיט איהם. דאָס איז געווען, וואָס איך האָב דיר געוואָלט זאָגען יענעם נאָכמיטאָג.

— איך וויים, איך וויים — האָט זי איהם האַסטיג אונטער־בראָכען — אָבער דאָס מוז דאָך ניט זיין גראַדע איצט. עס האָט דאָך נאָך צייט.

— ניין — האָט ער געענטפערט פעסט — עס האָט ניט קיין צייט.

— ניין, ניין — האָט זי געמורמעלט און אַ נערוועזער שמייכעל האָט אַ בלאַנדזשע געטהאָן איבער איהר פּנים. דאַן האָט זי צו־נויפגעדריקט איהרע קליינע הענד, און איז צוגעגאַנגען צו איהם זעהר נאָהענט.

— נאָך מיין מיינונג דאַרף מען עס גאָר ניט טהאָן. עס האָט ניט קיין צוועק. צו וואָס זאָל איך עס איהם זאָגען? ווארום זאָל איך איהם ברענגען אין אזא פערצווייפלונג? דיעזער מענש, דאַרפ־סטו וויסען, ליעבט מיך — ער ליעבט מיך, ער ליעבט מיך — האָט זי נאָך א מאָל איבערגעזאָגט — כאָטש ער איז מיר עקעלדיג. ער איז דאַנקבאַר, ווי א הונד, ווען איך קוק איהם נור אָן. און דאַרום זעה איך גאָר קיין צוועק ניט אין דער גאַנצער געשיכטע. ער וויים, ווי איך פיהל צו איהם, און דו... דו... זי האָט ניט דערענדיגט איהר זאַץ, און גענומען זיין קאָפּ צווישען איהרע הענד. — טהאָמאַס, זיי א גוטער, מוטשע מיך ניט.

אָבער, ווען זי האָט איהם אָנגעקוקט, האָט זי אין שרעק גע־לאָזט פאַלען איהרע הענד. ער האָט אויסגעזעהן פּונקט ווי אין יענעם אבענד, ווען ער איז אנטלאָפען פון איהר הויז. אויף דעם האַלז און די שלייפען זיינען די אָדערען אַרויסגעטראָטען אין אַן עטוואָס בלויען קאָליר, און טיעפע קנייטשען האָבען זיך איינגע־גראָבען אין שטערען. זי האָט פאַר איהם זיך דערשראָקען, און זי איז צוריקגעטרעטען א פּאָר שריט. דאַן אָבער האָט זי ווידער א בליק געטהאָן אויף איהם, און זי האָט געפיהלט, ווי זיין כעס מאַכט אַלץ גרעסער און הייסער איהר ליידענשאַפט פאַר איהם. א לוסט, א בעגעהר, וואָס איז איהר געווען גאַנץ פרעמד און ניי, האָט איהר אָנגעכאַפּט. וואָס איז ווערטה מיין גאַנצער לעבען ביז איצט, — האָט זי געטראַכט — איז עס מיר אַזוי שווער אַלעס אוועקצו־שליידערען פון זיך?

און ווידער האָט זי אָנגעהויבען ווינקען צו איהם מיט איהרע פערשלייערטע אויגען, און ווידער האָט זי געפיהלט א מאָדנעם נענוס, וועלכער איז געקומען דערפון, דאָס זיין ליעבע צו איהר איז אַזוי שטאַרק, אַז ער פערטרייבט אַלעס שרעקענדיגע און יאָמערליכע אין איהר נאַטור.

ער האָט זיך אָבגעקעהרט פון איהר, ניט ריידענדיג קיין וואָרט. אויף די שפּיץ פינגער איז זי צוגעגאַנגען צום טיהר, האָט זי עטוואָס אָן עפען געטהאָן. דאַן האָט זי געזאָגט, אַז מען האָט עס קוים געקענט הערען:

— איך וועל אַלעס טהאָן, וואָס דו ווילסט. איך וועל ריידען מיט איהם.

און איידער ער האָט נאָך געקענט עטוואָס ענטפערען, איז זי שוין געוועזען אוועק.

.3

ענדיגענדיג לעזען דעם 12טען בריעף אין מאַנטעסקיוס בוך, האָט פרינדעל איהם צוגעמאכט.

— פאר היינט וועט זיין גענוג — האָט ער געזאָגט, זיך אָנ־געהמענדיג פאר'ן קאָפּ, וועלכער האָט איהם עטוואָס וועה געטהאָן.

די סטודענטקע אינגאָלף האָט שמיל צוגעשאָקעלט מיט איהר קאָפּ.

ער האָט זיך אָנגעשפּארט אָן דער ווענטעל פון דער זאָפע און האָט אָנגעקוקט די סטודענטקע, זיין לעהרערין, מיט האַלב צוגעפּ־געדריקטע אויגען. זי האָט ארויסגענומען א זילבערנע פושקע, פול מיט פּאַפּיראָסען, האָט זיך פערזאָרגט מיט איינעם פון זיי און דאָן עס איהם דערלאַנגט. ביידע האָבען געראויכערט פאר א קורצער ווייַלע, ניט רעדענדיג א וואָרט איינער מיט'ן צווייטען.

— די בריעף זיינען גאַנץ שעהן — האָט ער ענדליך געזאָגט — און פאר יענער צייט זיינען זיי געוועזען פול מיט געפּעפערטער איראָניע. היינט אָבער ווירקט אזא קריטיק עטוואָס זיסלאָך. זי געהט ניט ביז צום סאַמע וואָרצעל. זי האָט אין זיך גאָר ניט רע־פאָרמאַטאָריש־צוברעכענדעס.

די אינגאָלף האָט זיך צולאַכט. — רעפאָרמאַטאָריש־צוברע־כענדעס, דאָס איז גאָר א נייער אויסדרוק, כאָטש ער איז אפילו ניט גאַנץ לאָגיש און פערשטענדליך. מען קען זיין אָדער רעפאָר־מאַטאָריש אָדער ארונטערברעכענד, אָבער ביידעס צוזאַמען —

— איהר האָט א טעות, און גאָר אומזיסט האָט איהר זיך אַזוי צולאַכט. עס איז דאָ צווייערליי ארונטערברעכונגען. ווען איך ווייס, וואָס איך וויל אויפבויען אויף דעם פּלאַץ פון דעם, וואָס איך ברעך ארונטער, האָט דאָך שוין מיין צושטערענדע ארבייט אויך עטוואָס פּאָזיטיוועס. איך דענק, אז דאָס איז קלאָהר.

די אינגאָלף האָט אַרונטערגעלאָזען די אויגען. אין זיין פעסט־קייט איז געווען עטוואָס, וואָס האָט איהר בעצויבערט און צוטו־מעלט. זי האָט זיך געוועהרט געגען איהם און זי האָט זיך גע־פיהלט, ווי זי פערוואונדעט זיך אַליין אין דיעזען קאַמפף. ער האָט געהאַט די געוואוינהייט אָנצוקוקען זי אַזוי דורכדרינגליך און אַזוי אונפערשעהמט, דאָס יעדעס מאָל האָט זי געמוזט אַראָבלאָזען די אויגען. זי האָט פּרובירט זיין בליק אויסצוהאַלטען, אָבער עס איז געווען אומזיסטע מיה. דיעזער מענש האָט געהאַט עטוואָס אייזער־נעס, וואָס האָט זיך ניט געלאָזען בויגען. קיין זאַך האָט איהם ניט געקענט מאַכען פערלירען זיין קראַפט פון זעלבסט־בעהערשונג.

— איך גלויב — האָט זי געזאָגט גאַנץ שטיל, און דער טאָן פון איהר שטימע האָט געקלונגען זעהר ווייך — דאָס אונגליקליכע צופעלע האָבען אין אייך אַרויסגערופען אַזוי פיעל ביטערקייט און אַזאַ קראַפט צו וויעדערשטעהן אַלעס. איך קען מיר דענקען, דאָס אונטער בעסערע לעבענס־בעדינגונגען, מיט אייער פערשטאַנד און מיט אייער ארבייטס־קראַפט — ווייל קיינמאָל האָב איך נאָך ניט בעגעגענט אַ מענשען, וועלכער קען אַזוי פיעל ארבייטען — וואָלט איהר געוואָרען אַן ערנסטער פאָרשער און געלעהרטער, אַ שטערען פון דער וויסענשאַפט.

ווען זי האָט אַרויפגעקוקט צו איהם נאָך דיעזע ווערטער, האָט ער געשמייכעלט — צו דאָס איז געווען אַ שמייכעל פול מיט רחמנות אויף איהר, צו אַ שמייכעל פול מיט נידערטרעכטיגקייט, דאָס האָט זי ניט געקענט בעשטימען אויף זיכער. יעדענפאַלס די מינע אויף זיין פּנים האָט איהר געצייגט, דאָס ער האַלט זיך ווייט, ווייט העכער איבער איהר. און פאַר דיעזען געפיהל זיינעם האָט זי ווירקליך מורא געהאַט. זי האָט זיך געטראַכט: געבילדעט בין איך פיעל מעהר פאַר איהם, און דאָך דריקט ער מיך אַרונטער, ווי איך זאָל מיך ניט וועהרען. ער צווינגט מיך, ווי אַ רייטער צווינגט זיין פערד, אַריינרוקענדיג איהם די שפּאָרען אין די זייטען.

— וואָרום ווייזט איהר צוריק אַלעס, וואָס איך זאָג, אַזוי הויכמוטהיג.

— טהו איך דאָס?

— יא — האָט זי געענטפערט, און איהר פּנים איז געוואָרען בלוטיג רויט.

— הם, איך קען מיך ניט פערשטעלען. איך קען ניט אונטער־דריקען מיינע געפיהלען, ווי איהר. דיעזען לוקסוס ערלויבען מיר ניט מיינע מיטלען. איך וואָלט אייך געקענט ענטפערען, דאָס אין יעדער לעבענסלאַגע האָב איך זיך געמוזט אַזוי ענטוויקלען, ווי מיין גייסט האָט עס געפאָדערט, און ווי דאָס האָט טאַקע פּאַסירט. איך מאַך פּעסט די אַרט פון מיין דענקען דורך אַרבייט און שטודירען. איך האָב געזוכט און זוך נאָך איצט צו בעגרינדען דאָס, וואָס איז געווען אין מיר, ווען איך בין געבאָרען געוואָרען. איך בעטראַכט עס אַלס דעם איינציגען גליק פון מיין לעבען, דאָס איך האָב גע־פונען דיעזע בעגרינדונג און האָב אַזוי געקענט אויסוואַקסען אין מיין זיכערהייט מיט זיך אַליין, ווי איהר דריקט זיך אויס.

זי האָט ווייט אויפגעעפענט איהרע אויגען.

— דאָס איז געווען דער איינציגער גליק פון אייער לעבען? דער איינציגער? — האָט זי נאָך אַ מאָל איבערגעזאָגט, און ביי דיעזער פראַגע האָט איהר קלוגער פּנים אויסגעדריקט אַ טיעפען שמערץ.

— דער אויסדרוק גליק איז אַ נאַרישער און ער קלינגט מיר צו סענטימענטאַל. אַזאַ זאַך איז גאַר ניטאָ. נור שוואַכזיניגע בעשעפעניסע אין זייער איינבילדונג —

— ניין, ניין — האָט זי איהם אונטערבראָכען — איך וויל ווייטער גאָר ניט הערען. איהר זאָלט ניט אַלעס צושטערען. איך בין ניט אַזאַ איבער־מענש, אַז איך זאָל קענען לעבען אָהן דיעזע אַלע זאַכען. פאַר מיר איז אַ געפיהל אַ זאַך פון הארצען. איך שרעק מיך פאַר אייך.

— פאַר מיר?

זי האָט איהם ניט געענטפערט און זיך אָבגעקעהרט פון איהם.

— קוקט מיך אָן, פריילין!

— צו וואָס?

— אָט איך וויל, אַז איהר זאָלט איצט קוקען אויף מיך.

— גוט. אייער וואונש איז אַ בעפעהל פאַר מיר.

— איך בעפעהל קיינעם ניט, פּונקט ווי איך לאָז ניט, אַז

אימיצער זאָל מיר בעפעהלען. איך בין פאַר די וויטעסטע פריוו־הייט אין אַלע איהרע רעזולטאַטען. אָבער וועגען דעם האָב איך ניט געוואָלט רעדען מיט אייך. איך וויל ויסען, וואָס האָט איהר מיר געוואָלט זאָגען, און ניט דערזאָגט.

— פון וואַנען ווייסט איהר עס?

איך וויים עס, ווייל איך קען אייך. עס איז ניט שווער צו זעהן, וואָס ביי אייך געהט פאָר.

— דאָס איז אָבער אַ ביסעל חוצפה.

— אָבער אמת איז עס דאָך. אַלזאָ, וואָס האָט איהר נאָך געוואָלט זאָגען?

זי האָט זיך איבערלייגט אַ קורצע ווײַלע, קעמפּפענדיג מיט זיך אַליין. דאַן האָט זי טיעף אויפגעאָטהעמט.

— פון מיינעט־וועגען! איך האָב נור געוואָלט זאָגען, דאָס אויך אַ מענש, ווי איהר, קען זיך אַליין אָבנאַרען. אַזוי גאָר אָהן געפיהלען, ווי איהר גיט זיך אַרויס, זיינט איהר דאָך ניט. ווען יאָ, וואָלט איהר דאָך ניט — זי האָט ניט דערענדיגט דעם זאַץ.

— איך בעט אייך, רעדט ווייטער. מען שטעלט זיך ניט אָב אין מיטען פון אַן אַנקלאַגע. דאָס איז אַ ביסעל פייג, מיין פריילין.

זי האָט ביטער געלאַכט.

— אַ שעהנעם שטייגער האָט איהר, ווי צו רעדען מיט אַ פרוי. איהר שטעלט איינעם אימער פיאַוואָקעס; איהר פערשטעהט עס אויסגעצייכענט, ווי ביי איינעם די בלוט צו צאַפּען, העדר מעכאַ־ניקער פרינדעל. איבריגענס קען איך עס אייך זאָגען: אייער פער־העלטניס צו דזשאָזעפאַ בעווייזט דאָך, אַז איהר זיינט גאָר ניט אַזאַ מענש גאָר אָהן געפיהלען.

ער האָט פערקאַטשעט די אַרבעל און געענטפערט, ציהענדיג יעדען וואָרט:

— איהר דריקט זיך אויס זעהר ניט ריכטיג. איהר מיינט אודאי דזשאָזעפאַ'ס פערהעלטניס צו מיר. דאָס וואָלט געוועזן לאָגיש, ווען איהר וואָלט אַזוי געזאָגט, ווייל איך האָב צו יענעם נפש קיין פערהעלטניס, וועניגסטענס איצט ניט מעהר. אָבער עס איז ריכטיג, דאָס זי האָט אַ פערהעלטניס צו מיר. און אין דעם בין איך ניט שולדיג. דאָס איז איהר שלים־מזל.

— זייט מיר מוחל. איך האָב גאָר גיט געוואָלט בעריהרען אייערע פּערזענליכע אנגעלעגענהייטען.

— דאָס טהוט איהר אָבער ניט. דאָך איז מיר אנגענעהם צו ערקלערהרען אייך דיזע געשיכטע. איך קען אייך ניט צווינגען מיך אויסצוהערען, אָבער עס וואָלט מיר געווען אנגענעהם, ווען איהר וואָלט איינגעוויליגט מיך אויסצוהערען.

זי האָט גאָר ניט געענטפערט אויף דעם. ער האָט דאָס אָנגענומען, אַלס צייכען, דאָס זי איז איינפערשטאנען, האָט אונטערגעשפּאַרט די מאָרדע זיינע מיט דער לינקער האנד און האָט אָנגעפאנגען:

— עס איז ריכטיג, דאָס איך האָב א לאַנגע צייט געיאָגט זיך נאָך איהר. עס איז ריכטיג, דאָס איך בין געווען פערנאַרט אין איהר און בין איהר נאָכגעלאָפען, ווי א פערליעבטער בחור קען נור. עס איז ריכטיג, דאָס אָנפאַנגס האָט זי פון מיר געלאָפען, אָבער ענדליך האָב איך דערגרייכט דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט. און ווי דאָס קומט אָפט פאָר, אַז זי איז שוין געווען אין נעץ, האָט זי מעהר ניט געוואָלט אַרויסגעהן. ווען איך האָב געעפענט דעם שטייגעל, האָט דער פויגעל ניט געוואָלט מעהר זיין פרייהייט. דאָס איז געווען מיין שלים־מזל, פריילין אינגאָלף. און דאַן איז די געשיכטע געוואָרען פונקט א פערקעהרטע. דאַן האָט זי אָנגעהויבען יאָגען זיך נאָך מיר. זי האָט זיך איינגערעדט, אַז זי האָט דאָס רעכט פון בעזיץ אויף מיין פערזאָן, און אויף דעם איז ניטאָ דער מינדעסטער גרונד. זי איז פול מיט געדאַנקען פון מלך סאָביעצקי׳ס צייטען, און דאָס קען איך ניט אַריבערטראָגען. זי האָט זיך איהרע געדאַנקען איבער טרייקייט, וועלכע זיינען גוט גענוג פאַר ראָמאַנען פון דיעגסט־מיידלאך, אָבער ניט פאַר מיר. דיעזער נפש מאַכט עקעלהאַפטע פּרעטענזיעס אויף דאָס רעכט צו בעזיצען מיך. זי בילדעט זיך איין צו קענען רויבען די פרייהייט פון א מענשען, וועלכער האָט אין גאַנצען געענדיגט מיט איהר, איהר פערשטעהט, אָבער טאַקע אבסאָלוט געענדיגט מיט איהר. און אין דעם האָט איהר רעכט, עס מוז נאָך זיין ביי מיר א רעשטעל פון יענעם נאַרישען געפיהל, ווען איך מאַך מיט איהר ניט א קורצען פּראָצעס.

ביי דער אינגאָלף האָט פאַר א מאָמענט אָבגענומען דער לשון.

— איהר זיינט אן איבערמענש אָדער אן אונמענש — האָט זי קוים ארויסגעשטאַמעלט — אין קיין פאַל פערשטעה איך אייך ניט. איהר גיט אליין צו, דאָס איהר האָט דייזע אָרימע מיידעל פערפאָלגט, ווי נור איינער קען. און אָט פאַסירט, דאָס דער בע־זיעגטער גיט זיך איבער צו אייך מיט דעם גאַנצען פייער, אָבגע־בענדיג זיך אליין, און וואָס טהוט איהר? — אין איהרע אויגען האָט געפלאַקערט א פייער פון צאָרן — וואָס טהוט איהר? איהר טרינקט אויס דעם כוס, ביז איהר קענט ניט מעהר, און טהוט איהם א וואָרף אָן דער ערד, און ער ווערט צוקלאַפּט אין טויזענד שטיקער. דאָס האַלט איך פאַר געמיין און ניעדערטרעכטיג! איז דען גאָר ניטאָ עטוואָס, פאַר וואָס די ברוטאַלע לעבענס־קראַפט זאָל זיך אָבשטעלען? איז די טרייהייט ווירקליך אזא פעראַלטערטער און זינלאָזער בעגריעף?

ער האָט איהר אויסגעהערט גאַנץ רוהיג, אָהן די מינדעסטע ענדערונג אויף זיין פנים.

— זיינט איהר פערטיג? — האָט ער געפרעגט מיט א טאָן פון שפּאָט — און ערלויבט איהר מיר אייך צו ענטפערען?

די אינגאָלף האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן רוקען פון שטוהל. איהר ברוסט האָט זיך געהויבען און אראָבגעלאָזען; איהר געזונדער פנים איז געוואָרען בלאַס, און א פיינער שוויים האָט זיך געוויזען אויף איהר שטערען.

— איך בין ווירקליך נייגעריג צו הערען, וואָס איהר קענט מיר ענטפערען אויף דעם.

— איהר האָט עס מיר אליין געמאַכט זעהר גרינג. איהר האָט אליין זיך זעהר ריכטיג אויסגעדריקט: איהר טרינקט, ביז איהר קענט שוין ניט מעהר. דאָס איז ריכטיג. פערלאַנגט איהר דען, מיין געעהרטע דאַמע, דאָס איטיצער, וועלכער האָט א פונק פון פערשטאַנד, און ווען עס ווערט שוין אזוי איבעלדיג פון טרינקען, ווילט איהר, אז ער זאָל ווייטער זויפען, ביז ער זאָל קראַפּירען? א מענש מיט עטוואָס שכל הערט אויף צו טרינקען, ווען ער קען ניט מעהר; ער הערט אויף, ווען ער איז ניט קיין נאַר און אידיאָט. עס האַנדעלט זיך דאָ טאַקע נור וועגען דאָס קענען. און אזוי זאָל

געניסען דער מאַן די פרוי און די פרוי דעם מאַן. ווען זיי קענען ניט מעהר, זאָלען זיי, ווי קלוגע מענשען, אויפהערען. טהוען זיי עס ניט, זיינען זיי אָדער היגטישע שקלאַפען־נשמות, פאַר וועלכע דער בייטש איז נאָך צו גוט, אָדער זיי זיינען משוגע. און דאָס, וואָס איהר פלוידערט פון טרייהייט, דאָס מיינט נור אין דיעזען פאַל עטוואָס, וואָס איז ענהליך צו משוגעת, אָבער אין יעדען פאַל איז דאָך די טרייהייט עטוואָס, וואָס איז העכסט אונמאָראַליש. איהר פערשטעהט ניט פאַר וואָס? נו, טו הערט. אויב איך האָב ניט קיין טעות, זיינען די בעציהונגען צווישען מאַן און פרוי פון אַ זעהר דעליקאַטער און אינטימער נאַטור, און ווען איינער, געגען זיינע געפיהלען, נור אום צו געפעהלען דעם ליעבען בורזשוי אָדער דעם צווייטען טהייל, בלייבט טריי, איז דאָס, לויט מיין מיינונג, עטוואָס עקעלדיגעס. די טרייהייט קריגט דאַן אַזאַ ווערטה, ווענען וועלכע איך וויל איצט פיעל ניט ריידען, נור אַזוי פיעל וויל איך זאָגען, דאָס די אַלע פוילע פאַמיליען־לעבענס זיינען געבויט אויף דעם קרומען בעגריעף פון טרייהייט — דאָס איז אַ פיינער פונקט, מיין דאַמע. דאָס איז יעזואיטען־מאָראַל פון דעם ערגסטען סאָרט. איך פערלאַנג אונבעדינגטע פרייהייט. איהר זעהט פון דיעזען ביישפיעל, דאָס די פאַמיליען־פרויען זיינען ערגער, ווי די גאַסען־פרויען. זיי פראָסטיטואירען זיך און גיבען עס ניט צו. זיי זאָגען ליגענס מיט חוצפה'דיגע שטערענס און אָפענע מיילער — דאָס איז, וועניגסטענס, מיין אַנזיכט.

זי האָט איהם אויסגעהערט מיט געשפאַנטער אויפמערקזאַמקייט, און מיט אַ טאָן פון טיעפען שמערץ האָט זי געענטפערט:

— אין אַלץ, וואָס איהר רעדט, גיט אייך מיין שכל רעכט, אָבער מיין האַרץ און געפיהלען וועהרען זיך געגען דעם. אין אייך איז דאָ אַזוי וועניג גוטסקייט, אין אייך איז נור האַרטקייט.

— גלויבט איהר עס? — האָט ער געפרעגט און פאַר אַ מאָמענט האָט עס אַ לויכט געטהאָן אין זיינע שמאָלע אויגען.

זי האָט איהם אָנגעקוקט גאַנץ ערשטוינט און כמעט ווי דערשראָקען. וואָס איז דאָס געוועזן?

ער האָט הפנים געפיהלט, וואָס זי האָט געטראַכט, און ער האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו ריידען:

— איך האָב פאר א ווײלע געליעבט דיעזע דזשאָזעפא אויף מיין הארטנעקיגען אופן. איך האָב איהר גערן געהאט. און דא־מאָלס האָב איך געהאט דעם איינציגען געדאנק, אז איך מוז זי בעזיצען, איך מוז איהר ערגרינדען, איך מוז ווערען הערר איבער איהר. איך האָב יעמאָלט געפיהלט זעהר ערנסט. קען מען מיך בעשולדיגען, דאָס נאָך מיין שכרות — עס איז געווען ווירקליך עט־וואָס עהנליך צו דעם — איז געקומען באלד די אויסניכטערונג, וועהרענד ביי איהר איז געווען פונקט פערקעהרט, זי איז געוואָרען אלץ מעהר און מעהר משוגע? ווען איך זאָל ווירקליך ערלויבען אימיצען דאָס רעכט צו אורטהיילען אין דיעזער פראגע — עטוואָס, וואָס איך וועל קיינעם דערצו ניט געבען דאָס רעכט, וואָלט ער מיר דען געקענט מאכען צום פאָרוואורף, דאָס דער מענש, צו וועמען איך האָב געהאט א פיזישען פערלאנג, און וואָס האט זיך אין זיין אינערליכען אינהאלט ארויסגעוויזען אזוי פוסט, דאָס איך האָב ניט געקענט איהם לאנג ליעב האָבען? נאטירליך ניט. אלזאָ, וואָס ווילט איהר אייגענטליך?

— אָבער איז עס ניט געווען גראדע אייער ליידענשאפט, וועל־כע האט ארונטערגעשלעפט דיעזע אָרימע מיידעל פון איהר וועג, גאָר אָהן א שום בעדענקען וועגען די צוקונפט?

— איך לייקען עס ניט. איך לייקען ניט, דאָס איך בין א מענש פון פלייש און בלוט. איך בין יונג און וויל געניסען מיין יוגענד. און ניט איך בין שולדיג, וואָס מיר לעבען אין א געזעל־שאפט פון אזעלכע ניעדריגע מענשען, אז דער פרייער לעבען ווערט בעטראכט אלס זינד. אָבער איך האלט ניט דערפון. איך האָב די רעכט, וועלכע איך נעהם זיך.

אזוי ריידענדיג, האט ער איהם אָנגענומען פאר'ן האנד.

— זעהט, לאָזט אָב די האנד; איך האָב מורא פאר אייך.

ער האָט די זעלבע מינוט איהר האנד פריינגעלאָזען, האט גע־נומען זיין הוט, און ניט אויסרעדענדיג קיין איינציגען וואָרט, איז ער ארויס פון צימער.

די אינגאָלף האָט צוגעדריקט איהר פנים צום פענסטער, און האָט געוואָרט, ביז ער איז ארויס פון קאָרידאָר. זי האָט נאכמיט־

קוקט זיין שאָטען, און ווען ער איז שוין לאַנג געווען אוועק, האָט זי נאָך אַלץ געקוקט, ווי צומישט, אין גאַס ארוים.

---

„זעהר געעהרטער הערר!

איך ערוואַרט אייך אין מיין ביוראָ אין דער פראַנצויזישער גאַס צווישען צעהן און עלף, מעלדעט ביים פּאָרטער אייער נאָמען און זייט אַזוי גוט צו פרעגען זיך אויף מיר.

הויכאַכטונגספאָל,

ב ע ר ג.“

ווען טהאָמאַס האָט איבערגעלייענט דיזען קורצען בריוועל, האָט ער זיך געפיהלט, ווי איינער, פון וועמען עס פאַלט אַרונטער אַ שווערע לאַסט. זי האָט אַלזאָ מיט איהם גערעדט, ווי שווער און ביטער דאָס האָט פאַר איהר געמוזט זיין. ער האָט אויף אַ מינוט פערשפּירט אין זיך דעם געפיהל פון רחמנות צו איהם, צו איהר, אבער נאָך שטאַרקער איז געווען אין איהם דער דראַנג ניט צו שפּיעלען די ראָלע פון איינעם, וואָס נאַרט אָב דעם מאַן.

נאָך פיעל פריהער פאַר דער בעשטימטער שטונדע איז ער שוין געשטאַנען פאַר די ברייטע טהירען פון אַ פּאַלאַץ־עהנליכע הויז.

מענשען זיינען אַרויס און אַריין. אַלע, ווי עס האָט זיך אָב־געדוכט טהאָמאַס׳ן, מיט ערנסטע פּנים׳ער. מאַנכע פון זיי האָבען אין דער האַנד געהאַלטען פּעקלעך אַסיגנאַציעס, צעהלענדיג זיי. איהם איז די גאַנצע קאָכעניש דאָ פאָרגעקומען אַזוי קאָמיש. אָט וועגען דעם קאָכט זיך אַלץ אַזוי, און פאַר דעם געלד בויגען זיי דאָס אַזוי אונטערוווירפּיג זייערע קניע. ווי קען זיך עס בעוועגען דער גאַנצער מענשליכער לעבען נור אין איין ריכטונג? אויף איהם האָט עס געמאַכט אַן עקעלהאַפטען איינדרוק. דיזער איבער־טריעבענער יאָגען זיך נאָך געלד דערשטיקט אין זיי אַלעס, וואָס איז ערדעל און שעהן אין זיי, און דאָס לעבערליכסטע דערביי איז, דאָס זעהר אָפט מיינען זיי נור אַז זיי קריגען עפּעס רעכטס. דאָס איז נור, ווייל זיי שטעלען זיך פאָר, אַז זיי זיינען רייך, דיעזע אָרימע מענשען.

מיט פעסטע טריט איז ער געגאַנגען דורך דעם קאָרידאָר און איז פאַרביי־געגאַנגען צווערשט אַ גרויסען זאַאַל, וואו הינטער אַ דראָטענע פערצאַמונג זיינען געזעסען פערשיעדענע מענשען,

נעהמענדיג און צעהלענדיג געלד. עס האָבען געהאַלטען אַלץ אין איין קומען מענשען, וועלכע האָבען געבראַכט געלד, אָדער אזעלכע, וועלכע זיינען געקומען נעהמען געלד.

טהאָמאַס איז געשטאַנען אין מיטען זאַאל און בעטראַכט די פאַר איהם אין גאַנצען פרעמדע וועלט. עפּעס אַ האַרבאַטע דאַמע האָט גערעדט מיט אַ בעאַמטען, וואָס פאַר אַוּוערטה־פּאַפּיערען זי זאָל איצט קויפען. אַ פּערזאָן, געקליידעט אַזוי, דאָס מען האָט איהם געמוזט בעמערקען, בעהאַנגען מיט בריליאַנטען פון אויבען ביז אונטען, האָט אריינגעגעבען אין באַנק אַ גאַנצען באָנדעל פון טויזענד־מאַרק אַסיגנאַציעס. איהר האָט מען בעהאַנדעלט מיט בעזאָנדערער העפליכקייט. טהאָמאַס האָט געהערט איהר נאָמען, וועלכער איז געוועזן זעהר עהנליך צום נאָמען פון אַ גוט־בעקאַנטער אַקטריסע. געשעפטס־לייט האָבען דעפּאָנירט געלד. בעאַמטע האָבען זיך געלאָזט געבען די פּראָצענטען פון זייערע דעפּאָזיטס. אַ גענעראַל מיט אַ דונקעלען, עטוואָס פערטראַכטען פּנים האָט אַרויס־גענומען פון באַנק אַ זעהר היבשע סומע, און מיט געמאָסטענע טריט האָט ער פערלאָזען דעם זאַאל. דער, וועלכער האָט איהם דערלאַנגט דאָס געלד, האָט זיך געשושקעט פאַר אַ ווײַלע מיט זיין קאָלעגע.

טהאָמאַס איז געשטאַנען שטאַרק צוטומעלט אין דיזער שפּאַרעריי. פאַר אַ קורצע ווײַלע האָט ער גאָר פערגעסען אָן דעם צוועק, צוליעב וואָס ער איז געקומען. אַ יונגען מענשען האָט ער געפרעגט עטוואָס צושראָקען, וואו געפינט זיך דער צימער פון דעם דירעקטאָר.

— דער דירעקטאָר פאַר דיזער צייט איז פאַר קיינעם ניטאָ! — האָט איהם דער יונגערמאַן געענטפערט גראָב. דער באַנק־בעאַמטער האָט אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם אַ בליק פול מיט פעראַכטונג, און איז אוועק.

איצט האָט זיך טהאָמאַס דערמאָנט, אז ער דאַרף זיך מעלדען ביים פּאָרטער. ער איז ווידער אוועק צום אריינגאַנג און האָט זיך געווענדעט צו אַ גרויסען שטאַרק־געבויטען מאַן.

— איך וואָלט געוואָלט זעהען דעם דירעקטאָר בערג. — האָט ער קוים אויסגעשטאַמעלט.

דער פּאַרטעער האָט געמאַכט אַ מינע, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר ניט געהערט. ער האָט געקוקט איינפאַך אין די לופט.

ווי מען בעהאַנדעלט עס דאָ אַ מענשען, האָט טהאָמאַס אַ טראַכט געטהאָן, און ער האָט אָנגעהויבען ווערען אין כעס.

— זיינט איהר דער פּאַרטעער פון דער באַנק? — האָט ער געשריען מיט אַ הויכער שטימע און אין אַן ארויספאָדערנדען טאָן.

— דער בין איך. וואָס ווינשט איהר?

— איך וויל רעדען מיט'ן דירעקטאָר, הערר בערג.

— איהר מוזט אודאי ניט זיין קיין היגער. — און דער פּאַרטעער האָט געמאַכט אַ בעוועגונג מיט'ן האַנד צום שטערען.

טהאָמאַס האָט זיך אויסגעגלייכט. די געשיכטע האָט איהם אָנגעהויבען מאַכען שפּאַס, און ער האָט געזאָגט:

— איהר נעהמט אויף זיך צרות. דער דירעקטאָר וואַרט אויף מיר.

— זיינט איהר אפשר הערר טר...

— געוויס, מיין נאָמען איז טרוק.

און אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט זיך די האַלטונג פון פּאַרטעער אין גאַנצען געענדערט.

— איהר מוזט מיר מוחל זיין. — האָט ער געזאָגט שטאַרק דערשראָקען — איך וואָלט זיך דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט... אום גאָטעס ווילען, איהר וועט דאָך ניט... דער הערר דירעקטאָר האָט מיר אויסדריקליך אָנגעזאָגט קיינעם ניט צוצולאָזען צו איהם, אַזוי שנעל, ווי איהר קומט. דאָס איז אָבער אַ — —

ער האָט אַראָבגענומען די היטעל, וועלכע ער האָט שוין מעהר ניט אָנגעטהאָן אַזוי לאַנג ווי ער האָט גערעדט צו טהאָמאַס — איך בעט אייך...

— דאָס פעלט מיר גאָר ניט איין. — האָט טהאָמאַס געענט־פערט — פיהרט מיך נור צו איהם, אָדער זאָגט מיר —

דער פּאַרטעער איז געגאַנגען פאָראויס. אין אַן עלעגאַנטען פאַרצימער, וועמעס פּאָדלאָגע איז געווען בעדעקט מיט פערסישע קאַרפּעטס, האָט ער זיך אָבגעשטעלט.

— איך בעט אייך צו וואַרטען דאָ פּאָר אַ רגע — האָט ער געמורמעלט מיט דער מינע פון אַ לאַקעי.

טהאָמאַס האָט זיך געזעצט אויף איינעם פון די פּאַטעלען.

אָבער אין אַ פּאָר מינוטען איז אַריין אַ דיענער און האָט איהם געבעטען ווייטער צו געהן. ער האָט געמוזט פאַרבייגעהן פיעל צימער. אין יעדען פון זיי זיינען געזעסען מענשען און האָבען געוואַרט. ער האָט געפיהלט, דאָס ער ווערט אַלץ אונרוהיגער, און דאָס זיין פולס הייבט אָן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער צו קלאַפּען. דאָך האָט ער געמאַכט אַן אנשטרענגונג צו געבען זיך דעם אָנבליק פון אַן אויסערליכער רוהיגקייט — און איצט איז ער געשטאַנען פּנים צו פּנים מיט בערג.

דער פעטער פּנים פון באַנקיער האָט אויסגעזעהן בלאַס און פערזאָרגט. די באַקען זיינען איהם אַראָבגעהאַנגען, ווי פרעמדע שמאַטעס, און אַרום די ליפּען האָט געשפּיעלט אַ געמאַטערטער שמייכעל.

— איך בעט אייך, זעצט זיך. — האָט ער טהאָמאַס'ן אָנגעוויזען אויף אַ שטוהל — איך וועל אייך ניט אויפהאַלטען דאָ לאַנג. איך... מיין פרוי... נו, איהר ווייסט דאָך וועגען וואָס דאָ געהט.

טהאָמאַס האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— די פּאַסירונג... — האָט ער ווייטער געשטאַמעלט — קורץ און גוט, פאַר קיין געלד וויל איך ניט האָבען קיין סקאַנדאַל — פאַר קיין געלד.

די טהיר איז פון אימיצען געעפענט געוואָרען.

— הערר דירעקטאָר— אָבער דער דיענער האָט ניט געענדיגט.

— איצט בין איך פאַר קיינעם ניטאָ.

— אין מיין לאַגע — האָט ער ווייטער גערעדט צו טהאָמאַס — וואָלט דאָס געווען פאַר מיר זעהר שמערצליך... אפילו ווען איך זאָל שוין ניט קוקען אויף די אַלע אנדערע זאַכען, וואָלט איך עס דאָך ניט... גלויבט איהר, דאָס איך וועל מיר רואינירען מיין גאַנצען לעבען? — האָט ער זיך אַליין אונטערבראָכען, און זיין טאָן איז געוואָרען מיט איינמאָל פול מיט כעס.

אויך טהאָמאַס איז געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט איצט שוין ניט געפיהלט דעם מינדעסטען מיטלייד מיט איהם. יאָ, ער האָט דייטליך געפיהלט, אז ער האַסט איהם. ער וויל זי ניט פּריילאָזען, האָט ער ביי זיך געטראַכט, ער וויל זי צושמידען צו זיך.

ער וויל לעבען מיט איהר געגען איהר ווילען; דאס איז אבער איינפאך געמיין, האט ער ביי זיך בעשלאסען. דאס איז די מאראל פון דעם רייכען, וועלכער מיינט, אז ער קען אלץ קויפען מיט זיין געלד, וועלכער וויל אויך די ליעבע קויפען. דאס איז אבער האנדעל, געמיינער האנדעל, פראסטיטוציאן.

אבער איידער ער האט נאך געקענט ענטפערן, איז בערג צוגעגאנגען צו איהם גאנץ נאהענט.

— איהר זאלט מיך ניט פערשטעהען שלעכט, לאזט מיך נור אויסרעדען. איך בעגרייף, ווי אזוי א יונגער מענש, ווי איהר, פער־ליעבט זיך אין דיזער פרוי; און איך בעגרייף אויך רעגינא׳ן, כאטש מיר איז עטוואס וואונדערליך, דאס זי האט געראדע אייך אויסגעקליבען. אבער דאס האט גאר ניט צו טהון מיט דער אנגעלעגענהייט.

ער האט ארויסגענומען זיין זייגעריל און האט נערוועז און אהן בעוואוסטזיין געקוקט אויפ׳ן ציפערבלאט.

— אום צו מאכען עס קורץ, — זיין שטימע איז געווארען אזוי ניעדריג, דאס מען האט זי קוים געהערט — איך וויל גאר ניט וויסען פון די אלע זאכען...

ביי דיזע ווערטער האט ער זיך אבגעקעהרט און אויסגעמיעדען צו קוקען טהאמאס׳ן אין די אויגען.

— יא, וואס מיינט איהר דערמיט? — האט טהאמאס גע־פרעגט צומישט, ניט בעגרייפענדיג וואס אייגענטליך וויל דער באנקיער.

בערג האט זיך אומגעדרעהט. זיין געזיכט איז געווארען פול מיט פלעקען און קנייטשען. עס האט אויסגעזעהן, ווי די גאנצע לעבענסקראפט זיינע פערלאזט איהם. ער האט איצט אויסגעזעהן אלט און עלענד.

— וואס דאס מיינט? — האט ער געזאגט מיט א ציטערנדע שטימע — דאס מיינט איינפאך, דאס איך קען זיך ניט אברייסען פון דיזער פרוי, וועלכע מאכט מיך לעבערליך פאר דער גאנצער וועלט: דאס מיינט, דאס איך וויל ניט זיין ביי יעדען איך מויל, און איך פערלאנג פון אייך ביידען נור דאס איינע, אז איהר זאלט עס נעהמען אין אנבעטראכט...

טהאָמאַסען האָט כמעט ווי דער לשון אָבגענומען. ערשט איצט האָט ער פערשטאַנען, וואָס דער מאַן וויל פון איהם. איינפאַך, ער מוטהעט איהם צו צו זיין דער געליעבטער פון זיין פרוי, נור קיינער זאָל דערפון ניט וויסען. אַלעס אין איהם האָט פּראָטעסטירט געגען אַזאַ צומוטהונג.

ער האָט געוואָלט אויסברעכען אין צאָרן, אָבער עס איז איהם געוועזען אונמעגליך, אַזוי ווי אימיצער וואָלט איהם געשטיקט ביים האַלז. ער האָט אַ פּאָאַר מאָל פּרובירט עפּעס זאָגען, אַרויסברענגען אַ טאָן, אָבער איהם האָט זיך אָבגערוכט, אַז זיין צונג קען זיך ניט בעוועגען.

— דאָס קענט איהר אָבער ניט מיינען ערנסט. — האָט ער ענדליך אַרויסגעשטאַמעלט — דאָס קען דאָך נור זיין אַ שלעכטער שפּאַס, וועלכען איהר ערלויבט זיך מיט מיר.

דער באַנקיער האָט געשמייכעלט. אבער דיזער שמייכעל האָט געהאַט אין זיך עטוואָס, וואָס האָט טהאָמאַס'ן אין גאַנצען אויפ־געטרייסעלט. פאַר אַ פּאָר מינוטען האָט דער באַנקיר געשוויגען, דאַן האָט ער געזאָגט:

— איהר קענט זיך הפנים ניט פאָרשטעלען, ווי מען קען זיין פער'כשופ'ט פון אַ פרוי, און מען קען זיך פון איהר ניט אָברייסען, און מען פערליערט יעדע ווילענסקראַפט. גוט, איהר קענט זיך עס ניט פאָרשטעלען, אבער אַזוי איז עס. איך קען אָהן דיזער פרוי ניט לעבען. זי האָט מיך אין איהר געוואַלט, און איך קען מיך ניט ריהרען. מיינעטוועגען מעגט איהר דענקען פון מיר וואָס איהר ווילט, אָבער דאָך איז עס אַזוי. דאָס, וואָס איך זאָג אייך, מיין איך אַבסאָלוט ערנסט. איך בין איצט ניט אין דער שטימונג צו מאַכען וויצען. איבריגענס טרייב איך אייך ניט מיר צו געבען אַ בעשטימ־טען ענטפער.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער.

— מיין צייט גייט אַוועק. איך האָב נור געוואָלט אייך קלאָר מאַכען מיין שטאַנדפונקט. ווען איהר זייט קלוג, נעהמט איהר אָן דעם איינציגען פאָרשלאַג, וואָס איך קען מאַכען. עס איז דאָך גענוג, ווען איך וועל מיך לאָזען אַזוי בעהאַנדלען פון אייך ביידען. זי

בעהאנדעלט מיך זאָ ווי זאָ ווי אַ הונד. ווייסט איהר, וואָס דאָס מיינט?

ער האָט ווידער אָנגענומען אַ שטייפערע האַלטונג. אין דיזער מינוט האָט עס אויסגעזעהען, ווי ער האָט ווידער פערזוכט דעם טעם פון אַלע אויסגעשטאַנענע בעליידיגונגען, און עס האָט אויפגעפלאַקערט אין איהם דער שטאָלץ פון מאַן.

ער האָט דערלאַנגט טהאָמאַס'ן די האַנד צום אבשיעד, אבער יענער האָט איהר ניט אָנגעריהרט. ער האָט זיך נור פערבויגט פאר איהם שטייף. דאָס גאַנצע איז איהם פאָרגעקומען ווי אַ ווידערליכע קאָמעדיע.

דאָס פאָרצימער, דורך וועלכען ער איז ארויס, איז געוועזען געדיכט מיט ווארטענדע מענשען. שטונדען לאַנג זיינען דאָ געזעסען און געוואַרט איינפלוסרייכע מענשען, אום נור צו רעדען אַ מינוט מיט דעם הערר דירעקטאָר. מען האָט אָנגעקוקט טהאָמאַס'ן מיט פיינדליכע און פערוואונדערטע בליקען. מען האָט ניט געקענט בעגרייפען, וואָס האָט דיזער יונגער מענש פאר געשעפטען מיט דעם הערר דירעקטאָר.

טהאָמאַס איז ארויס צוטומעלט און מיט אַן אראָבגעלאָזטען קאָפּ. אַלעס איז איהם פאָרגעקומען אזוי לעכערליך און משונה'דיג.

אויפ'ן גאַס האָט ער גענומען אַ דראָשקע און געהייסען דעם קוטשער צופאָהרען אזוי שנעל ווי מעגליך נאָך דעם בערג־פּאַלאַץ אין דער ליכטענשטיין גאַס.

אַלעס האָט זיך געדרעהט ביי איהם אין קאָפּ. ער האָט נור געוואוסט, דאָס ער מוז איצט פאסען אַ בעשלוס, און אַ בעשלוס, וואָס זאָל זיין ריין.

ווען דער קאָפּ וועט ביי מיר ניט צושפּרינגען, וועט עס זיין אַ נס, האָט ער ביי זיך געטראַכט.

ער האָט פערלאָזען די דראָשקע און פערגעסען צו בעצאָהלען.

דער קוטשער האָט אָנגעהויבען שרייען, אז ער וויל בעצאָהלט האָבען.

ער האָט איהם דערלאַנגט אַ טהאַלער, ניט ווארטענדיג אויף קיין רעשטע.

דער קוטשער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ער האָט געהאַלטען דעם מאַן פאַר משוגע. דאַן איז ער אָבער שנעל אװעקגעפאָהרען.

רעגינא איז ניט געװען אין דער הײם. זי האָט אױך ניט געלאָזט קײן װאָרט, װען זי װעט צוריקקומען.

אין א מינוט אַרום איז ער שױן װידער געװען אױף דער גאַס.

.5

— די דאַמע איז דאָ געװען — האָט די אַלטע װירטהין זײנע געזאָגט צו טהאָמאַסען, װען ער איז געקומען אַהײם — א גאַנצע שעה האָט זי דאָ געװאַרט. זי האָט אין אײער צימער געלאָזען א בריעף פאַר אײך.

ער האָט האַסטיג אױפגעריסען דעם קאָנװערט, פון װעלכען עס איז אַרױסגעפאַלען א בילעט צו א פאָרשטעלונג אין װינטערגאַרטען. זי האָט נור אײן שורה אױפגעשריעבען אױף א בױגען פּאַפּיער: „איך ערװאַרט, אַז דו קומסט. רעגינא“.

װאָס מײנט דאָס? האָט ער זיך אַלײן געפרעגט. עס קלינגט עפּעס װי א בעפעהל. די גנעדיגע פרױ בעפעהלט איהר לאַקײ. ער האָט געפיהלט א שטאָך אין האַרצען. אָרקעסטער לאָדזשע נומער 2, האָט ער איבערגעלעזען אױפ'ן בילעט.

זײן פּנים האָט זיך בעדעקט מיט א רױטקײט פון שאַנדע. זי קױפט פאַר מיר אַן אָרקעסטער־לאָדזש־בילעט. זי האַלט מיך פרײ, האָט ער בײ זיך געטראַכט. פיהלט זי דען גאָר ניט װי טאַקט־לאָז דאָס איז?

ער איז געװאָרען א װײלע שרעקליך אין כעס, אָבער באַלד האָט דער כעס פּלאַץ געמאַכט פאַר א געפיהל פון טיעפע ערביטערונג.

װאָס בין איך פאַר א נאַר, האָט ער צו זיך אַלײן גע'טענה'ט. דאָס איז דאָך שױן דער רעזולטאַט פון דעם קאָנטראַקט, װעלכען זי און איהר מאַן האָבען אָבגעמאַכט צװישען זיך... זײ מאַכען מיך פאַר דעם־אָפיציעלען ליעבהאָבער. זײ בעצאָהלען מיר פאַר מײן אַרבײט... בײ דעם לעצטען געדאַנק האָט ער זיך געבאָפּט פאַר'ן קאָפּ... האָב איך עס פערדיענט? האָב איך מיך אױפגעפיהרט אַזױ לומפּיש, דאָס מען קען זיך ערלױבען צו בעהאַנדלען מיך אױף אַזא שטײנער?

אָבער באַלד האָט ער פערגעסען אָן אלץ, וואָס האָט געהאַט צוּ טהאָן מיט זיין פּערזאָן. ער האָט נור געטראַכט פון איהר. איז זי ווירקליך אַזעלכע? זי, זי, וועלכע איז דאָ געווען אין זיין סאַלקע... ער האָט עס ניט געקאָנט אויסדענקען ביז צום סוף... אפשר איז דאָס געווען אַ שלעכטער שפּאַס פון איהר זייט... און אפשר איז דאָס גאָר ניט איהר האַנדשריפט?... און נאָך אַ מאָל האָט ער גענומען דעם בויגען פּאַפּיער, זיך צוגעקוקט צו די בוכשטאַבען — ניין, עס איז איהר האַנדשריפט, וועגען דעם קען גאָר קיין ספק ניט זיין.

אָבער האָט עס דען ניט געקאָנט זיין, אַז עס איז אַלעס פון זיין קאָפּ, אַז ער האָט עס אויסגעטראַכט, ווי איהם אַזוי צו בעליידיגען, און דאָס ער האָט איהר דיקטירט די ווערטער. איהם האָט זיך אָבגעדרוכט, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר ביי איהם פּלוצלונג זיך די אויגען געעפענט.

יא, אַזוי איז עס. אַנדערש קען עס גאָר ניט זיין. דער העררבאַנקיר האָט דאָס געמאַכט דיעזע פּראָגראַם פאַר „לייטענס וועגען“, און אום צו פערמיידען אַ סקאַנדאַל, יא, אַ סקאַנדאַל, דאָס איז געווען דאָס וואָרט, וועלכען דיעזער מענש האָט געברויכט, רייד־דענדיג מיט איהם. ער האָט געוואָלט בעגלייטען די צוויי ליעבענדע, אום אויפצוכאַפּען יעדען בליק זייערען, וועלכען זיי וועלען צו־וואַרפען איינער צום אַנדערען. ווי אַ הונד איז ער איהם פּאָרגעקומען! עס זיינען דאָך דאָ אַזעלכע נאַטורען, וועמעס ליעבע ווערט אלץ שטאַרקער, וואָס מעהר מען ערניעדריגט זיי.

ער איז פּלוצלונג געשטאַנען פאַר'ן שפּיגעל, אין וועלכען ער האָט דערזעהן זיין צוקרימטען פּנים.

מיט שרעק האָט ער זיך פון איהם אָבגעקעהרט. וואָס איז פון מיר געוואָרען? האָט ער געטראַכט. אין וואָס פאַר אַ קרומע וועגען בין איך אוועק?

און אויף איינמאָל האָט זיך איהם פּאָרגעשטעלט, ווי זי שטעהט שטאַרק נאָהענט צו איהם. ער האָט זי געזעהן דייטליך, טאַקע נור ווי אָנצוריהרען איהר; ער האָט געזעהן איהרע גלוסטענדע דונקעלע אויגען, איהר בלאַסען דורכזיכטיגען פּנים — און די גאַנצע ערביטע־רונג האָט איהם פערלאָזען.

ער האָט געפּיהלט, ווי איהר האַנד האָט זיך אויף איהם צוועק־

געלעגט, און ווי ער איז געוואָרען שוואַך, אָהן אַ סימן פון ווילענס־קראַפט; ווייך, ווי אַ קינד.

ער האָט זיך מיט געוואַלד אַרויסגעריסען פון דיעזען צושטאַנד.

איז עס ניט עטוואָס שרעקליכעס, האָט ער זיך געפרעגט, דאָס דער בעסטער געפיהל מאַכט איינעם אזוי שוואַך? וואָס איז ווערטה די ליעבע, אז זי צושמעטערט איינעם און ברענגט איהם אויסער זיך? ווי מאָג מען עס לאָזען אַ צווייטען האָבען אַזאַ איינפלוס איבער זיך, אז מען הערט אַליין גאָר אויף צו זיין?

ער האָט זיך פּלוצלונג פערגליכען צו בערג.

הויבט ער דען ניט אָן צו שפּיעלען די זעלבע ראָלע, וואָס דער באַנקיר? ער ווערט פּונקט אזוי בעהערשט ווי יענער; און ער הויבט שוין אָן צו פאָלגען, ווי יענער.

ניין, איך געה ניט אהין, האָט ער געזאָגט אין דער הויך צו זיך אַליין. איך וועל זיך ניט לאָזען אזוי אַרונטערשלעפּען. און ער האָט געפיהלט, אזוי ווי זיין בעשלוס האָט איהם בעפרייט און איהם אוועקגעטראָגען הויך, הויך...

איך האָב אין דער גאַנצער צייט גאָר אָן מיר אַליין פערגעסען. איך האָב ניט מעהר געאַרבייט, איך האָב גאָר אויפגעהערט צו זיין...

און ער האָט אָנגעהויבען צו וואַנדערען זיך וועגען זיך אַליין. ער איז זיך אַליין אויסגעקומען עפּעס ווי אַ פרעמדער. און מיט אַמאָל איז איהם געקומען אַ געדאַנק, אַז ער איז גאָר ניט ער.

ער איז ווידער צוגעגאַנגען צום שפּיגעל, אום צו איבערצייגען זיך פון דער ריכטיגקייט פון דיעזען געדאַנק. ער האָט זיך בעטראַכט אויפמערקזאַם און פאָרשענדיג אין שפּיגעל. ער האָט געפונען, דאָס ער האָט זיך שטאַרק געענדערט. אויף זיין פּנים איז געלעגען עטוואָס אונרוהיגעס, נערוועזעס. ער האָט געמיינט, דאָס אַרום זיין מויל האָט ער ענטדעקט דעמזעלבען ברוטאַלען אויסדרוק, וועלכען ער האָט אַזוי גוט געקאָנט ביי זיין פאָטער.

ער האָט זיך דערשראָקען.

אהאַ, האָט ער זיך געטראַכט, אָט איצט ברעכט זיך דורך אין מיר זיין נאַטור, וועלכע איז טאַקע די ריכטיגע. אַלעס אַנדערע איז געוועזען בלויז שווינדעל. איך בין ער, נור ער, און מיט גאָר נישט אַנדערש, ווי ער.

צום טײַפעל, איז עס אָבער דאָן ניט אַ פּוסטע קאָמעדיע, וואָס איך וועהר זיך געגען זיך זעלבסט? און איז עס ניט אַ נאַרישער קאַמפּף, ווען איך וויל אונטערדריקען מײַן אײַגענע נאַטור?

בין איך אָבער ווירקליך אַזוי? טאַמאַראַ... טאַמאַראַ...

ער האָט צוריקגעשיקט דעם בילעט דורך דער רעהר־פּאָסט, ניט צושרײַבענדיג קײן אײנציגע צײַל.

אין די נעכסטע עטליכע שטונדען האָט ער זיך געכאַפּט צום לערנען. אָבער וואָס ער האָט געלײענט, האָט ער ניט אָנגעהויבען פערשטעהן. יעדעס מאָל האָט ער זיך צוגעהערט מיט גרויס גע־שפּאַנטקײט, טאָמער קומט פון איהר עפּעס אַ וואָרט. אָבער ער האָט ניט געהערט דעם מינדעסטען שאָרך.

עס איז געוועזען דונקעל. די אויגען האָבען בײַ איהם געברענט, און ער האָט זיך געפּיהלט זעהר מיעד.

וואָס פאַר אַ נאַרישקײט איך האָב דאָ אויפגעטהאָן, איז איהם דורכגעלאָפען פּלוצלונג אַ געדאַנק. זי האָט דאָך גענומען בילעטען אין דער לאָדזשע, אום נור צו זײַן מיט מיר צוזאַמען, אום זיך אויס־צורײדען מיט מיר. קײן בעסערען, קײן בעקוועמערען אופן האָט זי ניט געקאָנט אויסקלערען... און דאָס טאַקע איז דאָך די בעדײַטונג פון דער קורצקײט פון איהר בריעף.

אין זײַן סאַלקע איז געוואָרען אַלץ דונקעלער. און פון אַ פינ־סטערען ווינקעל האָט צו איהם געמורמעלט אַ געהײמע שטימע: דאָס איז דאָך אַלץ זעלבסט־נאַרערײַ, לעכערליכער שווינדעל. איהר ווילט זיך אַלײן זאָגען אַ ליגען.

ווען ער וואָלט געקאָנט, וואָלט ער דעם וועזען, וואָס האָט צו איהם אַזוי גערעדט, געכאַפּט און דערשטיקט, ווײַל נאָך די ווערטער האָט זיך געהערט אַזאַ שפּאָטישער, נידערטרעכטיגער געלעכטער.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן בעט, און איז געשלאָפען אַ קורצע װײַלע. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער אָנגעטהאָן רײנע וועש, און ניט ווײַטער טראַכטענדיג, איז ער שנעל אַרונטער־געלאָפען פון די טרעפּ, האָט גענומען אַ דראָזשקע און איז אַוועקגע־פאָהרען צום ווינטערגאַרטען.

ער האָט געקויפט אַ געוועהנליכען אײַנטריטס־בילעט.

די פאָרשטעלונג האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען. דער גרויסער פּלאַץ

איז געווען געדיכט בעזעצט מיט מענשען, וועלכע האָבען געקוקט אויף די ביהנע, וואו אַ קאָמפּאַני אַקראָבאַטען האָבען איצט געוויזען זייערע האַלז־ברעכענדע קונצען. די אַקראָבאַטען זיינען געווען אַלע ריעזיגע געשטאַלטען, וועלכע האָבען זיך ניט אָבגעשראָקען פאַר די גרעסטע געפאַהר.

ווי מערקווירדיג, האָט טהאָמאַס געטראַכט, דיעזע מענשען שטעלען זיך אויפ'ן קאָפּ, גוט צו מאַכען אַ לעבען, און די אַנדערע פּאַסען דאָס אויף אַלס אַ גאַנץ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך, אַלס אַ בויגען זיך פאַר זייער געלד־בייטעל. אין דעם אויגענבליק, ווען איינער צוברעכט דעם האַלז אָדער אַן אַנדער גליעד, שטעהט שוין הינטער איהם איינער, וואָס וואַרט אויף זיין פּלאַץ. און דיעזע סטאַדע האַלט דאָס פאַר גאַנץ נאַטירליך, טהוט אַ קוועטש מיט די פּלייצעס, און געהט זיך גאַנץ קאַלטבלוטיג איבער צו איהרע געשעפטען.

דאָך ניט ווילענדיג האָט ער אויך געריכטעט זיינע בליקען אויף די אַרטיסטען. דער עולם איז געווען ענטציקט פון דעם ריזיקאַלישען שפּרינגען און פליהען פון די אַקראָבאַטען. ער האָט געטראַכט פון די אַמאָליגע „ברויט און ספּעקטאַקעלס" פון אַלטען רוים. ברויט און צירק דאַרפען זיי. און ווען דער מאָגען איז פול און די אויג איז בעפריעדיגט, זיינען זיי צופריעדען. אָט פון דעם שטאַמען דאָס אַלע צרות. זיי ווייסען נור פון דעם מאָמענטאַנעם גענוס. קיינער טרייסעלט זיי ניט אויף.

ער איז געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט. וואָס נוצט דאָס אַלעס? ער זוכט דאָך נור זי... זי אַליין! און איצט האָט ער אויסגעפונען די לאָדזשע, און הינטער אַ ווייסען שפּיצען־פעכער האָט ער דערזעהן איהרע שוואַרצע האָר און דעם ווייסען שטערען. איהר פּנים האָט ער ניט געזעהן.

ניט אָבלייגענדיג עס, האָט ער זיך גלייך אַ שפּאַר געטהאָן צו איהר לאָדזשע. ער איז געשטאַנען באַלד לעבען איהר. אויף איין זייט פון איהר איז געזעסען אַ מאַן מיט לאַנג־אויסגעצויגענע באַקען־באַרדען, מיט דער מאָרדע גלאַט אָבגעגאָלט, וועלכע ער האָט געהאַלטען געשטיצט אָן זיין רעכטע האַנד. זיינע הענד האָבען געהאַט זעהר פיין פערשפּיצטע נעגעל און זיינען געווען בעזעצט מיט לייכטענדע

רינגען. דער הערר האָט געטראָגען אַ מאַנאָקעל אין אויג. ער האָט געהאַט דאָס אויסזעהן פון אַן אָפיציער.

פון דער אַנדערער זייט איז געזעסען דער אַדוואָקאַט קאָרנפעלד. ער האָט דאָס אויפ'ן ערשטען בליק ניט געוואָלט גלויבען, אָבער ער האָט באַלד געזעהן, דאָס ער האָט ניט געמאַכט קיין טעות. און גאַנץ אין הינטערגרונד איז געזעסען צוזאַמענגעבויגען דער מאַן איהרער, דער באַנק־דירעקטאָר בערג.

אליין ניט וויסענדיג, וואָס ער טהוט, אַזוי ווי ער וואָלט גע־טריבען געוואָרען פון אונזיכטבאַרע כחות, איז ער צוגעגאַנגען שטאַרק נאָהענט צו דער לאָדזשע. אין דעם אויגענבליק, ווען די גנעדיגע פרוי האָט געלאָזט פאַלען איהר פעכער, האָט ער זיך טיעף פערבויגט פאַר איהר. ער האָט בעמערקט, ווי עס האָט איהר אין גאַנצען אויפגע־טרייסעלט. אָבער גלייך האָט זי רוהיג איהם אויסגעשטרעקט די האַנד איבער די פאַרענצע פון דער לאָדזשע, און ניט קוקענדיג אויף די, וועלכע זיינען געזעסען ארום איהר, האָט זי געזאָגט אין אַ ליידענ־שאַפטליכען טאָן:

— אַ גליק, וואָס איהר זייט געקומען.

ער האָט אויף דעם גאָר ניט געענטפערט. ער האָט זי נור אָנגע־קוקט ווי איינער, וואָס קען זיך ניט בעהערשען.

— קומט אריין אין די לאָדזשע.

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אָבער ער האָט געפיהלט, ווי עס שטעלען זיך איהם טרעהרען אין די אויגען.

— זיינט דאָך ניט אַזוי איינגעשפּאַרט.

— איך קען ניט — האָט ער געענטפערט.

— גוט, טו וואַרט אויף מיר דרויסען. פאַר דער לעצטער נומער נעהען מיר.

ווידער האָט ער זיך טיעף פערבויגט פאַר איהר. די אַנדערע האָט ער ניט געזעהן. לאַנגזאַם איז ער אוועק אין הינטער־גרונד פון זאַל.

אַ פראַנצויזישע קופּלעטען־זינגערין איז אויפגעטראָטען, אַ שוין עטוואָס אָבגעלעבטע פרוי, וועלכע האָט מיט איהר שאַנסאָנעטען־שטימע געזונגען אַלעריי געוואַגטע קופּלעטען. ער האָט זי ניט געהערט.

א זשאַנגליאר האָט געמאַכט די בעקאַנטע קונצען. אויך דאָס האָט ער ניט געזעהן.

ענדליך איז געקומען דער הויפּט־נומער, וועלכער האָט עס אַלע־מען געצויגען אין ווינטערגאַרטען. דאָס איז געווען דער פּייט. דער עולם איז געוועזן שטאַרק צוקאָכט. ער האָט עס ניט בעגריפען.

ער האָט פערלייגט די הענד און אויפמערקזאם בעטראַכט די אַרומיגע, אַזוי ווי זיי וואָלטען געוועזן עטוואָס זעלטענעס, אונער־גרינדליכעס.

דאַן האָט ער אַרויסגעצויגען דעם זייגער, און געהאַלטען אין איין קוקען אויפ׳ן ציפערבלאַט. לויט זיין אַנזיכט האָבען די ווייזערס נעקראָכען שרעקליך לאַנגזאַם, אַזוי, דאָס מען האָט געקאָנט פער־צווייפעלט ווערען. קיינמאָל אין זיין גאַנצען לעבען האָט ער זיך ניט געפיהלט אַזוי צודריקט, אַזוי פערבלאָנדזשעט, ווי אין דיעזע שטונדע.

דערווייל האָט זיך דער פּייט אויך געענדיגט. א ווילדער גערויש האָט זיך דורכגעטראָגען איבער׳ן זאַל. דער זייגער איז אויפגענומען געוואָרען מיט א געוואַלדיגען יובעל־געשריי.

מיט שנעלע טריט איז טהאָמאַס אוועק צום אויסגאַנג. ער האָט לאַנג געוואַרט. ענדליך האָבען זיך געוויזען די בערגס און דיביידע אַנדערע הערען. פּאָמיעסטשיק בראַנדט האָט מען איהם פאָרגע־שטעלט. דער אַדוואָקאַט קאָרנפעלד איז געשטאַנען מיט צונויפגע־שטייפטע ליפּען אָן א זייט. בערג האָט מיעד געשמייכעלט.

דער דיענער האָט געעפענט די טהיר פון קאָטש, אָבער די גנעדיגע פרוי האָט געגעבען א וואונק, אַז זי וויל ניט פאָהרען. דער באַנקיר האָט געזאָגט דעם קוטשער, וואָס ער האָט צו טהאָן.

ניט קימערענדיג זיך אום די אַנדערע, האָט זי גענומען טהאָ־מאַסען אונטער׳ן אָרעם און איז אַוועק מיט איהם פאַראויס.

— וואָרום האָסטו מיר צוריקגעשיקט דעם בילעט? — האָט זי ביי איהם געפרעגט, און דער טאָן פון איהר שטימע האָט געהאַט עטוואָס סטראַשענדעס.

— ווייל איך האָב ניט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט דיר און מיט איהם.

— איך גלויב, אַז ער האָט מיט דיר גערעדט.

— אַט טאַקע דערפאַר.

זי האָט איהם אָנגעקוקט גאַנץ ערשטוינט.

— איך פערשטעה דיךְ ניט.

— דו פערשטעהסט מיךְ ניט? — ער האָט געציטערט אין זיין גאַנצען קערפּער.

— ניין, ניין, ניין — האָט זי געענטפערט נערוועז און אונגעדולדיג.

דאַן האָט ער געלאָזט פאַלען איהר אָרעם.

— וואָס מיינט דאָס?

— איך קען דאָ זיךְ ניט אויס'טענה'ן מיט דיר — האָט ער קוים ארויסגעבראַכט פון זיין מויל — מיר פעהלט דאָ לופט — האָט ער צוגעלייגט.

זי האָט זיךְ איבערלייגט פאַר אַ סעקונדע. און מיט אַמאָל האָט זי שטאָלץ צוריקגעוואָרפען דעם קאָפּ.

— דו זאָלסט זיין אין אַ האַלבע שטונדע אַרום אין מיין וואוינונג!.... דו ווילסט ניט?

און פערוואָרפענדיג פון זיךְ אַלערליי געדאַנקען, וועלכע זיינען בשעת מעשה געקומען איהם אין קאָפּ, האָט ער געענטפערט:

— איך וויל.

— גוט. אויף ווידערזעהן. דער דיענער וועט וואַרטען אויף דיךְ פאַר'ן טהויער.

די דריי הערען זיינען איצט צוגעגאַנגען. טהאָמאַס האָט אָראָבגענומען דעם הוט, האָט אַרויסגעמורמעלט אַ פּאָר אונפערשטענדליכע ווערטער און האָט גענומען פון אַלעמען אַבשיעד.

פאַר אַ ווייַלע איז ער געשטאַנען אין מיטען גאַס, און האָט זיךְ ניט אַ ריהר געטהאָן. ער איז געשטויסען, געשפּאַרט געוואָרען, מען האָט איהם געלאַכט אין פּנים — און ער האָט דאָס אַלץ ניט בעמערקט. ער האָט אויךְ ניט געוואוסט, ווי ער איז געקומען אין אַ דראָזשקע, וועלכע האָט איהם בעדאַרפט ברענגען צו איהר.

ער האָט ניט געקאָנט זיךְ אָבשטעלען אויף קיין איינציגען געדאַנק. אַלעס איז געוועזען ביי איהם צונויפגעמישט. נור דאָס איינע האָט ער געוואוסט, אַז אין דיעזער שטונדע וועט בעשלאָסען ווערען זיין ווייטערער לעבען.

ווען די דראָזשקע איז אריינגעפאָרען אין טהיר־גאָרטען, איז פאַר איהם פערבייגעלאָפען א געשטאַלט.

— וואָס ווילט איהר? — האָט טהאָמאַס געפרעגט מיט א הייזעריגער שטימע.

אין דערזעלבער סעקונדע איז שוין אָבער די געשטאַלט פער־שוואונדען געוואָרען. דאָך טהאָמאַסען האָט זיך אָבגעדוכט, אַזוי ווי די געשטאַלט האַלט נאָך אַלץ אין איין נאָכיאָגען די דראָזשקע, און פּאַרבעהאַלט זיך הינטער די רעדער.

— שטעלט זיך אָב א ווײלע — האָט טהאָמאַס געשריען צום קוטשער.

ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון דראָזשקע. קיין מוטער נפש איז ניט געווען.

— האָט איהר ניט בעמערקט איינעם, וואָס האָט אונז נאָכגע־יאָגט? — האָט טהאָמאַס געפרעגט ביים קוטשער.

— איך ניט — האָט דער קוטשער געענטפערט געלאַסען, און האָט בעטראַכט טהאָמאַסען האַלב מיט שפּאָט און האַלב מיט רחמנות — איהר ווייסט, עס קומט פאָר, דאָס מען זעהט גייסטער אין דיזער געגענד. עס קומט פאַר אַרום דיעזע צייט ביינאַכט.

טהאָמאַס איז וויעדער אריין אין דראָזשקע, הייסענדיג דעם קוטשער וויטער צו פאָהרען.

פאַר א קורצע שטיקעל וועג האָט ער צוגעדריקט די הענד צו די אויגען. ער האָט אונטער קיינע אומשטענדען ניט געוואָלט זיך לאָזען נאַרען. אָבער אין דערזעלבער סעקונדע, ווי ער האָט וויעדער פריי געלאָזען די אויגען, איז אין הינטען פון דראָזשקע געזעסען א מאַן אין א צוריסענעם מאַנטעל און אין א צודריקטען גרינעם הוט.

קיין טאָן האָט זיך ניט אַרויסגעריסען פון טהאָמאַסעס מויל. עטוואָס האָט ער אויפגעהויבן די שלאַף־אַראָבהענגענדע אָרעמס. ער האָט געוואָלט ריידען, אָבער ער האָט ניט געקאָנט. דער פרעמדער האָט איהם אָנגעקוקט מיט שמערצפולע אויגען. זיין אָרעמער העס־ליכער פּנים האָט אויסגעזעהן בערוהיגטער און איינגעפאַלען. דער בליק פון דיזען ליידענדען מענשען איז איהם דורכגעגאַנגען דורך אַלע אברים. אָבער גלייך איז דער פרעמדער וויעדער פערשוואונדען. און אין עטליכע סעקונדען שפּעטער איז שוין די דראָזשקע געשטאַ־

נען פאר דעם פּלאַץ פון באנק־דירעקטאָר בערג. און דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען אזוי שנעל, דאָס טהאָמאס האָט גאָר קיין צייט ניט געהאט א טראכט צו טהאָן, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען.

א דיענער איז צו איהם צוגעגאנגען, געגאנגען פאָראויס און האָט פאר איהם אויפגעשלאָסען דעם טהויער.

די גנעדיגע פרוי האָט אויף איהם געוואַרט שוין, מערקווירדיגער ווייזע, אין שפּייז־זאַל. אָבער אַנשטאָט די עלעקטרישע בעלייכטונג האָבען נור געברענט צוויי ליכט אין זעהר אַלט־מאָדישע זילבערנע לייכטער און האָבען פערברייט א מאַטע העלקייט איבער׳ן צימער.

זי האָט מיעד א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ, ניט אויפהויבענדיג זיך. איהר האנד, וועלכע זי האָט איהם דערלאנגט, איז געווען קאַלט.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט אקעגען איהר. ער האָט געזעהן איהר מיעדען פּנים, די שווארצע ראנדען ארום די אויגען, און ווי זי איז אזוי געזעסען מיט די צוזאַמענגעצויגענע אקסלען, אַזוי ווי זי וואָלט געפראָרען — און ביי דיעזען אנבליק האָט ער געפיהלט, ווי די גאַנצע ערביטערונג געגען איהר וועבט זיך אויס. זי האָט געהאלטען איהר קאָפּ אַנגעשפּאַרט אויף די עלענבויגענס, און האָט פאר א ווײַלע געקוקט אין די פּוסטקייט.

— דו ווייסט, אז איך האָב מיט איהם גערעדט?

ער האָט שטום צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— איך האָב איהם אַלעס געזאָגט, אָהן רחמנות און ניט שאָנענדיג איהם. דו ווייסט, וואָס ער האָט געענטפערט?

ביי איהר פראגע האָט זיין פּנים אָנגענומען א שטייפען אויסדרוק.

— איך וויל וויסען — האָט ער געענטפערט לאַנגזאַם, ניט אראָבנעהמענדיג פון איהר די אויגען זיינע — צו דו ביזט געווען דערמיט איינפערשטאַנדען.

ער האָט ארויסגעבראַכט דיעזע ווערטער מיט גרויס מיה. און אז ער איז שטיל געבליבען האָבען זיינע ליפּען ניט אויפגעהערט זיך צו בעוועגען.

זי האָט עטוואָס א ציטער געטהאָן.

— ווי זעהסטו אויס? מען קען זיך דערשרעקען, קוקענדיג אויף דיר.

ער האָט ביטער געשמייכעלט.

— איך האָב אַלעס געוואוסט — האָט זי געענטפערט פעסט. און ווען ער האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן אויף צוריק, האָט זי זיך צוגעבויגען צו איהם, און האָט אויסגעשריען:

— דו זאָלסט מיר לאָזען אויסריידען, דו דאַרפסט ניט אונ־טערברעכען מיך, איידער דו ווייסט אַלעס. — און שטילער מאַכענ־דיג איהר שטימע, האָט זי ווייטער גערעדט: — דיעזער מענש קאָן אָהן מיר ניט לעבען. איך מוטשע איהם און מאַך איהם ליידען, ווייל איך האָב מיט איהם ניט קיין מגע ומשא. און דאָך קען ער אָהן מיר ניט לעבען. דו האָסט איהם בעדאַרפט זעהן דאַן — זי האָט פערדעקט דעם פנים, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי איהרע הענד געלאָזט ווײַדער אַראָבפאַלען, און זי האָט פאָרטגעזעצט: — עס גרוילט מיר, ווען איך דערמאָן זיך, ווי ער האָט פערדרעהט די אויגען, ווי עס האָט איהם פלוצלונג אויסגעפעהלט לופט... עס איז געוועזען, אַזוי ווי איך וואָלט איהם פערגיפטעט — איהרע צייהן האָבען געקלאַפט — דו מוזט מיך בעגרייפען. דו ווייסט דאָך, וואָס דאָס איז פאַר אַ צושטאַנד בעסער, ווי איך. דו האָסט שוין געוויס געזעהן אַזעלכע מענשען, וועלכע ווילען ניט שטאַרבען, און וועלכע קעמפפען מיט'ן טוידט. גראַדע אַזוי האָט ער אויסגעזעהן. וואָס האָב איך געזאָלט טהאָן? מען האָט דאָך אויך אויף אַ חיה רחמנות. און דאַן האָב איך דאָך דאָס קינד פון איהם. וואָס זאָל מיט'ן קינד ווערען, ווען איך זאָל פון איהם אוועקגעהן? קוק מיך ניט אָן אַזוי שרעקליך, פערשטעה מיך אַ ביסעל.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, האָט איהם אָנגעכאַפּט ביי זיינעביידע הענד, און אויסגעשריען:

— זאָג, אויב איך האָב געקאָנט אַנדערש האַנדלען... אויב איך האָב זיך ניט געמוזט בענוגענען מיט דעם, וואָס ער האָט אונז נאָכ־געגעבען. ווי מוז דער מענש ליעבען, ווען ער האָט דאָס געקאָנט ביי זיך פועל'ן. האָב איך אַנדערש געקאָנט האַנדלען?

דורך דעם געעפענטעז פענסטער איז אַריינגעדרונגען די קאַלטע

נאכטלופט און האָט זייביידען געטראָפען. די בלויליך־רויטע פלאַמען פון די ליכט האָבען געפלאַקערט אונרוהיג.

טהאָמאַס האָט געזעהן, ווי זיי האָבען זיך בעוועגט, און דאָס שיער, שיער זיינען זיי אויסגעלאָשען געוואָרען.

ער האָט זיך אַ פאָהר געטהאָן מיט'ן האנד איבער'ן שטערען. זיין שטימע, צו זיין אייגענער פערוואונדערונג, האָט פלוצלונג גע־קראָגען עטוואָס רוהיגעס, פעסטעס און קאַלטעס.

— איך בעגרייף דאָס גאָר ניט. איך בעגרייף ניט דעם האנדעל, וואָס דו האָסט פאָר מיט מיר. ער... אָדער איך! עטוואָס אנדערש איז ניטאָ.

זי האָט אָבגעלאָזען זיינע הענד און איז צוריקגעטראָטען אַ פאָר טריט.

— האָסטו דען גאָר קיין רחמנות ניט?

ער האָט זיך פון איהר אָבגעקעהרט. אַלעס אין איהם איז געווען אויפגערודערט. ער האָט ניט בעגריפען ניט זיך און ניט איהר. ער האָט נור געפיהלט דאָס איינציגע, דאָס אין איהר געפיהל פון שרע־קעדיגקייט האָט זי איהם אויפגעאָפפערט, דאָס זי האָט אָבגעשלאָסען אַ האנדעל, אום צו זיין גערעכט געגען ביידע.

ער האָט זי ווידער אָנגעקוקט גלייך אין פנים און בעטאָנענדיג יעדען וואָרט, האָט ער געזאָגט:

— אזאַ רחמנות איז אין מיינע אויגען אַ געמיינהייט.

זי האָט זיך ניט אַ ריהר געטהאָן.

צאָרן און ביטערקייט האָבען איהר בעהערשט. ער איז געבליבען גאַנץ שטום, אָבער זיינע אויגען האָבען געשריען.

— ווייסטו— האָט ער ענדליך ארויסגעזאָגט מיט אַ ציטערענ־דער שטימע — דאָס דו האָסט מיך און דיך פערלייקענט? און גיט עס דען דאָ עטוואָס צו איבערלייגען? ווי קענסטו זיין, לעבען צוזאַ־מען מיט אַ מענשען, וועלכער איז דיר פערהאַסט?

— און דאָס קינד?

— דאָס קינד? — האָט ער אויסגעשריען — עס איז דאָך אויף אַ פערברעכען געגען דאָס קינד! אַ קינד, וואָס וואַקסט אויף אין אזאַ פאַמיליע... אַך, לאָז מיך, לאָז מיך. און אזוי ווי ער וואָלט ניט

געקאַנט אריבערטראַגען דעם שמערץ, האָט ער זיך געהאַלטען דעם קאָפּ מיטביידע הענד.

זי האָט ניט געקאַנט דאָס אַלעס אריבערטראַגען, און האָט גע־פרעגט ביי איהם פאַרזיכטיג:

— ווי האָסטו זיך דען דאָס אַלעס פאַרגעשטעלט? ווען דו וואָלסט נאָר געוואָלט, ווי גוט און שעהן וואָלט עס אַלעס געקאָנט זיין.

דאַן האָט ער אַראָבגענומען פון זיך איהרע הענד. אין איהם האָט געקאָכט. זי איז איהם מיט איינמאָל פרעמד געוואָרען. ער האָט געפיהלט, ווי אַלעס ווערט ביי איהם צו אייז, פערפראָרען. ער האָט געפיהלט, ווי עטוואָס האַלט אין איהם ביים צובראָכען ווערען, וואָס וועט שוין קיינמאָל ניט קענען גאַנץ ווערען.

מיט ביידע הענד האָט ער זיך אָנגעהאַלטען אָן רוקען פון שטוהל און האָט ארויסגעקוקט דורך דעם געעפענטען פענסטער אין די דונ־קעלע נאַכט, וועמעס פינסטערקייט האָט געשיינט צו זיין אונדורכ־דרינגליך.

און ער האָט זיך פלוצלונג דערמאָנט אָן יענע מעשה׳לעך, אין וועלכע דער אָרעמער מאַן ווערט אזוי שווער געשטעלט אויף פּראָבע, כדי ער זאָל שפּעטער פיהלען דעם גרויסען גליק.

און ווידער האָט אויפגעבליהט אַ טיעפער געפיהל פאַר איהר.

— דאָס איז געווען דאָס העכסטע פאַר מיר — האָט ער געמור־מעלט — דיעזע געמיינשאַפטליכקייט צווישען מיר און דיר.

אויף איהר פנים איז איצט פאַרגעקומען עטוואָס רעטזעל־האַפטעס, וואָס האָט איהם נאָך מעהר צוטומעלט, ווייל ער האָט עס ניט פערשטאַנען.

— קום!

זי האָט איהם גענומען פאַר׳ן האַנד און איהם געפיהרט דורך צימער און גענג אין אַ דונקעלען זאַל.

זי האָט אַ דריק געטהאָן אַ קנעפּעל און מיט איינמאָל איז דאָס צימער געוואָרען ליכטיג העל.

דיעזעס צימער איז געווען אָנגעפילט מיט שאַפעס. זי האָט זיי אַלע געעפענט, און האָט איהם צוגעפיהרט צו יעדען שראַנק. איבעראַל זיינען געהאַנגען טהייערע מאַנטלען און קליידער.

— וואָס מיינט דאָס?

זי האָט ניט גליך געענטפערט. זי האָט פאַר אַן אויגענבליק אַריינגעגראָבען איהרע ווייסע צייהן אין די אונטערשטע ליפּ, איידער זי האָט געענטפערט:

— ער האָט רעכט... דאָס איז אַ טהייל פון מיר. דאָס און אַלעס אַנדערע, וואָס דו זעהסט דאָ — עס איז אַ טהייל פון מיר — האָט זי ווידערהאָלט, ציטערענדיג, און איהרע נאָזלעכער האָבען זיך דערביי בעוועגט נערוועז — הערסטו דען ניט? איך קען אָהן דעם מעהר ניט לעבען. מען קען מיך ניט מעהר אַריבערפּלאַנצען... מען מוז... זי האָט ניט געענדיגט.

ער האָט זיך צו איהר אומגעקעהרט מיט'ן רוקען. ער האָט דערפיהלט אַ שוואַכקייט דורכנעהמענדיג זיין גאַנצען קערפּער; דאָך איז ער געלאָפען אַזוי שנעל, ווי ער האָט געקאָנט, אָנשטרענגענדיג זיינע לעצטע קרעפטען, דורך די פערשיעדענע צימער. צו אַ דיענער, אויף וועלכען ער האָט זיך אָנגעשטויסען, האָט ער געזאָגט הייזעריג: „לאָזט מיך אַרויס!" דערביי האָט ער זיך געהאַלטען איינגעבויגען. ער האָט ניט געוואָלט, אַז אימיצער זאָל זעהן ווי ער זעהט אויס.

ער איז ניט אַוועק אַהיים. ווי אַ טרעמפּ, וואָס האָט קיין היים ניט, האָט ער געוואַנדערט איבער'ן טהיר־גאָרטען. קיינמאָל האָט ער ניט געקאָנט זיך דייטליך דערמאָנען, וואָס עס איז אין איהם פאָרגעקומען אין יענער נאַכט.

6.

עס איז געווען אַ זייגער צוויי נאָכמיטאָג, ווען די אַקושאָרין ליערס האָט זיך אַראָבגעלאָזען פון די טרעפּ פון אַ גרויסע טענעמענט קאַזאַרמע אויף דער נאָרד זייט פון בערלין. זי איז געווען אָבגעאַרבייט און מיעד. איבער איהר רעכטען אָרעם האָט זי געטראָגען איהר לעדער־בייטעל. פון די טרעפּ האָט זי זיך אַראָבגעלאָזען לאַנגזאַם, ווי איינער, וועלכער איז פערטראַכט איבער עטוואָס, וואָס מאַכט איהם אונרוהיג. זי האָט צונויפגעדריקט איהרע אויגען, אַראָבלאָזענדיג זיך פון טרעפּעל צו טרעפּעל. דער גרויסער ראָק, אין

וועלכען עס איז געווען איינגעוויקעלט איהר שטארקער קערפער, האט זיך נאכגעשלעפט. קומענדיג אויף דעם לעצטען פלאר איז זי א ווײַלע שטעהן געבליעבען, איידער זי איז ארויס אין גאס.

די מאי זון האט געברענט, ווי אין דזשולאי.

די ליערס איז קוים געגאנגען. אזוי שווער און שלאף האט זי זיך געפיהלט אין איהרע פיס.

די קארס, וועלכע זיינען פארביינעפאהרען, זיינען געווען איבער־פילט. מיעד האט זי זיך אנגעשפארט אן א לאטערנע־סלופ. מיט איין מאל אבער איז איהר מיעדקייט און שלאפקייט אוועק־גענומען געווארען ווי מיט'ן האנד. די דיקע אקושארין האט גענומען נאכלויפען א יונג מיידעל, וועלכע איז געגאנגען אויף דער אנדערער זייט פון גאס.

— פרייליין, פרייליין! — האט זי געשריען מיט אלע איהרע כחות.

— אה, איהר זיינט עס! — האט געזאגט די מיידעל, נאך וועלכער די ליערס האט זיך נאכגעיאגט. די מיידעל האט אויס־געזעהן א קליין ביסעל דערשראקען און איז שטעהן געבליעבען.

די ליערס האט איהר צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ. זי האט פריהער איניגע מאל אויפגעאטהעמט, איידער זי האט געקענט ענטפערן. באלד אבער האט זי געזאגט:

— וואס פאר א העלישע היץ. נו, איך האב אבער מיין ארבייט שוין אבגעטהאן און איך געה שלאפען.

דזשאזעפא, וועלכע איז געווען די מיידעל, האט איהר בעטראכט פון דער זייט, און האט געפרעגט מיט א בייסענדער איראניע.

— האט איהר שוין ווידער געהאלפען ברענגען אויף דער וועלט אן אונגליקליכען ווערימעל?

— יא, אום האלב פינף האבען זיי מיך פון בעט ארויס־געשלעפט. אום איינס בין איך ערשט פארטיג געווארען. דאס איז א לעבען, פרייליין, פון וועלכען איהר קענט זיך גאר קיין בעגריף ניט מאכען.

— און אין אזא היץ צו שטעהן אלס מאדעל איז אויך ניט אזא פערגניגען.

א פּאָר מינוטען זיינען זיי געגאַנגען ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט.

— פריילין ערווינג!

דזשאָזעפּא האָט ניט געקענט אונטערדריקען אַן אומעטיגען שמייכעל.

— נו, אויב אַזוי, איז עס זעהר גוט. איך זעה, אַז איהר ווייסט שוין פון וואָס איך וויל מיט איך רעדען. איך האָב געוואָלט אימער קומען צו אייך מיט אַ בעזוך, אָבער איך האָב זיך אַלײן ניט אויס־געקליבען. נו, איך האָב פיינט צו מאַכען פיעל פּאַררעדען, איך טרעט גלייך צו צו דער הויפּטזאַך. דאָס איז שוין אַזוי די נאַטור פון מיין פּראָפעסיאָן. דאָרט האָט מען ניט קיין צייט זיך מישב צו זיין. איך האָב אייך נור געוואָלט פרעגען: האָט איהר עטוואָס צו טהון מיט מיין מאַן?

דזשאָזעפּא גערווינג האָט עטוואָס פערקאַטשעט די אַרבעל. ווי עס האָט אויסגעזעהן, האָט איהר דיזע פראַגע געמאַכט ניט ווענינ שפּאַס, און זי האָט געענטפערט:

— ווענען דעם דאַרפט איהר זיך ניט מאַכען קיין זאָרג. פאַר מיר ווערט ניט איינער אַזוי לייכט געפעהרליך, און איהר ווייסט דאָך, אַז איך בין שוין ניט צום האָבען...

ביי די לעצטע ווערטער האָבען זיך ביי איהר צונויפגעצויגען פינסטער די אויגען־דעקלעך.

—איך האָב מיר טאַקע אַזוי געטראַכט. עס איז כמעט ניט אויסצוהאַלטען פון מיין מאַן... דער האָט עטוואָס — דערביי האָט זי אָנגעצייגט אויפ׳ן שטערען — און אפשר איז עס די לופט שולדיג. אַך, קינד, מיט די מענער איז אימער גרויסע צרות. איך בין שוין איינגענטליך אַרויס פון די יאהרען, ווען... אָבער, ווען מען האָט איינעם, האָט מען איהם און מען ווערט צוגעבונדען צו איהם אַזוי פעסט, מעהר, ווי עס איז געזונד פאַר איינעם. פערדיענען, פער־דיענען זיי עס ניט. דאָס מעגט איהר מיר גלויבען. יאַ, דאָס איז זיכער, ער איז אין איך פערליעבט ביז איבער די אויערען. אַזאַ מענש איז יונג און דערצו נאָך אַ קינסטלער. איך פערשטעה איהם דאַרום זעהר גוט. די צרה איז נור די, וואָס דאָס איז מיין צרה.

איבריגענס, ווען איך וואָלט געווען ער, וואָלט איך מיך אויך פער־ליעבט אין אייך.

דזשאָזעפא האָט געלאכט, זאָגענדיג:

— דאָס רעדט איהר אזוי איצט, וויסענדיג, ווי ער איז פון מיר אָבגעבליצט געוואָרען. יעדענפאלס א שעהנעם דאנק אייך פאר אייער קאָמפלימענט.

— אלזאָ, נאָכגעלאָפען אייך האָט ער?

די מיידעל האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט געענטפערט:

— אך, איהר ווייסט דאָך, אז מען דארף עס ניט נעהמען ערנסט. אזעלכע רייד פון די מענער הער איך צעהן מאָל א טאָג, און עס מאכט גאָר קיין איינדרוק ניט אויף מיר. אלע מענער פלוידערן דאָס זעלבע. אמת נאריש זעהען זיי אלע אוים אין מיינע אויגען. איינער דארף נור עפענען דעם מויל, און איך ווייס שוין וואָס עס קומט. אך, גאָט, דאָס איז מיר אלעם אזוי דערעסען און אלעס אזוי גלייכגילטיג.

— ווארום איז אָבער איינער אזוי נאריש און קלאמערט זיך אָן אָן איינעם? — האָט די ליערס געפרעגט נאָך א קורצען שטיל־שווייגען — אייך קען איך שוין גאָר ניט פערשטעהען. אָפען גערעדט, וואָס האָט איהר געפונען אין איהם? און ווי ער בעגעהט זיך מיט אייך? דער מענש טרייבט דאָך אייך איינפאך א צווייטען אין די אָרעמס.

— דאָס וועט ער ניט דערלעבען! — האָט דזשאָזעפא אויס־געשריען מיט ביטערקייט — מיינט איהר, איך ווייס ניט, דאָס איך וואָלט איהם דערמיט געטהאָן די גרעסטע טובה? אבער אזוי נאריש בין איך נאָך ניט. איך וועל איהם טריי בלייבען איהם אויף צו־להכעים, און וועל זיך נימ לאָזען אוועקגעשליידערט ווערען פון איהם אָן א זייט, זיכער... זי האָט זיך אָבגעשטעלט, צונויפדריקענדיג די ליפען, אזוי ווי איינער, וואָס האָט שוין צופיעל גערעדט.

— מען זעהט איהם אָפט מיט דער סטודענטקע אינגאָלף. — האָט די ליערס געזאָגט, ציהענדיג יעדעס וואָרט.

דזשאָזעפא'ס פּנים האָט זיך בעצויגען מיט א פינסטערען וואָלקען.

— ווען עטוואָס פּאַסירט, — האָט זי אַרויסגערעדט אין דער שטיל — וועט עס ניט זיין מיין שולד, ניין, ניט מיינע.

— אָבער וואָרום גיט איהר איהם ניט איינפאַך אַ טריט אין הינטען? אַ דאַנק גאָט, זיינט איהר דאָך מיט דיזען מענשען ניט פערהייראַטה. — און גראָב לאַכענדיג האָט זי צוגעלעגט — איהר דאַרפט נור די הענד אויסשטרעקען, און אויף יעדען פינגער וועלען ביי אייך הענגען מענער. — די ליערס האָט בעמערקט ווי בלייך דזשאָזעפאַ איז געוואָרען ביי דיזע ווערטער, און זי האָט זיך גלייך פאַפּראַוועט: — אָה, איך האָב עס נור געשפּאַסט. איהר קענט דאָך מיך. איך ווייס, וואָס פאַר אַ הינטישען לעבען איהר פיהרט, און ווי גוט איהר וואָלט עס געקענט האָבען, ווען איהר וואָלט געוועזען אַן אַנדער סאָרט. און ווען איך מעג אייך געבען אַן עצה, זאָג איך אייך, לאָזט איהם לויפען און זייט צופריעדען, דאָס איהר האָט פון איהם גאָר ניט — אַ מיידעל מיט אַ קינד איז זעהר אַ מאוס'ע געשיכטע. איך ווייס, וואָס דאָס איז. יעדער לומפּ קוקט אויף אייך מיט קרומע אויגען... יעדער... נאַ, איהר האָט בעדאַרפט אַזוי פיעל דורכמאַכען, ווי איך. איינער האָט זיינע ערפאַהרונג מעהר, וויפיעל עס איז איינעם ליעב.

דער ליידענשאַפטליכער פּנים פון דזשאָזעפאַ האָט ביי דיזע ווערטער אָנגענומען אַן אויסדרוק פון ווייכקייט, פון עטוואָס מוטער־ליכעס, און האָט געזאָגט:

— איך וואָלט זעהר פיעל געגעבען, ווען איך האָב פון איהם אַ קינד. מען האָט דאָך דאַן עטוואָס, וואָס מען קען אַזוי שטאַרק ליעב האָבען. גלויבט מיר, איך וואָלט אַ זעהר גוטע מאַמע געוועזן. איך בין ניט אַזוי, ווי איך זעה אויס... איך האָב ליעבע אין מיר, און, ווער ווייס, אפשר מיט אַ קינד וואָלט איך איהם געקענט האַלטען. ווענען דעם האָב איך אָפט געטראַכט. אַזאַ מוטער האָט עס גוט. אַזאַ קליינעם צו באָדען און זעהען, ווי ער קלאַפּט מיט די הענטעלעך און פיסעלעך אין וואַסער, און נאָכדעם אַזוי ריין איינגעוויקעלט, צודריקען עס צו דער ברוסט — שעהנערס קען איך מיר גאָר ניט פאָרשטעלען.

די אַקושאָרין ליערס איז געוועזן ערשטוינט.

— אַזעלכע נעפיהלען וואָלט איך אייך קיינמאָל ניט צוגעטרויט.

איבריגענס, איהר זעהט דאָך די זאַך אביסעל צו שעהן. ווען אזא ווערימעל מאכט געוואַלדען די גאַנצע נאכט, אז מען קען קיין אויג ניט צומאכען; אָדער ווען עס וויל ניט וואַקסען, און פערשיעדענע קראַנקהייטען קומען אָן, דאַן, מיין טהייערע פריילין, ווייסט איהר גאָר ניט וואָס פאַר א מאכל דאָס איז.

דזשאָזעפאַ האָט געלאַכט אַזוי, דאָס עס האָבען זיך געזעהען אַלע איהרע ווייסע געזונדע ציין:

— דאָס וואָלט פאַר מיר ניט אויסגעמאכט. איך בין פאַרנאַרט אין קינדער. וואָס מעהר, אַלץ בעסער — און פּלוצלונג, גאָר אָהן א צוזאַמענהאַנג, האָט זי געפרעגט ביי דער אקושאָרין: — האַלט איהר די אינגאַלף פאַר שעהן?

— דאָס קען איך ניט זאָגען. העכסטענס האָט זי עטוואָס בעזאָנדערעס.

— בעזאָנדערעס? איך וואָלט זעהר געוואָלט וויסען, וואָס דאָס איז. פון דער ערשטער מינוט אָן האָב איך דיזע פערזאָן געהאַסט. גלויבט מיר, זי איז א פאַלשע קאַץ. די האָט עס אין זיך. דאָס איז דער סאָרט מיט די טייבען־אויגען. זיי זעהען אויס, אזוי ווי זיי פרעסען ביי איינעם פון האַנד.

איהר פּנים האָט געפלאַמט מיט צאָרן. איהרע הענד האָבען זיך צונויפגעדריקט אין פויסטען. זי איז שטעהן געבליבען פאַר דער אקושאָרין און אָנקוקענדיג איהר מיט פעסטע אויגען, האָט זי אַרויסגעבראַכט מיט א מערקווירדיגע פעסטקייט: אזא איינער וואָלט איך קאַלטבלוטיג געקענט אריינגיסען א ליטער וויטריאָל אין פּנים. איך וואָלט דערביי קיינע געוויסענסביסע ניט געהאַט. פערקעהרט, עס וואָלט מיר גוט געטהאָן.

די אקושאָרין האָט צוריקגעטרעטען א פּאָר טריט, שטאַרק דערשראָקען.

— הערט נור, טראַכט ניט פון אזעלכע זאכען. איהר ווילט דאָך זיך ניט אונגליקליך מאכען!

— דאָס בין איך שוין!

— ניין, ניין, אזעלכעס דאַרפט איהר ניט זאָגען, אזוי יונג, ווי איהר.

דזשאָזעפאַ איז געוואָרען בלאַס. זי האָט, ווי עס האָט אויס־

געזעהען, נאָך עטוואָס געוואָלט ענטפערן, דאַן אָבער האָט זי זיך איבערלעגט, און ניט רעדענדיג אַ וואָרט, האָט זי שנעל אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, און האָט איהר ראש פערלאָזען.

צוטומעלט האָט איהר די אַקושאָרין נאָכגעקוקט. אבער איידער זי איז נאָך געקומען צו זיך, איז איהר אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגען געוואָרען אויף אַ מאַסע מענשען, וועלכע האָבען געשריען, געמאַכט געוואָלדען, צוזאַמענקלייבענדיג זיך אַרום אַ וואָגען, געשלעפּט פון אַ הונד.

אין אינסטינקטיווער נייגיעריגקייט איז זי צוגעגאַנגען נעהנטער.

דער פיהרער פון דעם הונד־וואָגען איז געווען גאַנץ פערשוויצט, און האָט געשריען:

— ווען איהר האַלט ניט די פּרעסע, וועל איך אייך באַלד אַלע ביינער צוברעכען.

פאַר איהם איז געשטאַנען דער שול־לעהרער היינזיאוס, וועלכער האָט אויסגעזעהן נאָך פיעל קלענער און מאָגערער אין פער־גלייך מיט דעם פעטען, שטאַרקען פוהרמאַן. די באַקען־קנאָכען זיינען ביי איהם אַרויסגעטראָטען פון דעם איינגעפאַלענעם פּנים. מיט זיינע אינגעלשע הענד האָט ער געפּאָכעט אין דער לופט, און זיין פאַנאַטישער בליק האָט אַזוי ווי דורכגעבויערט זיין שטאַרקען געגנער.

— ריהרט מיך נור אָן, איהר הינט־שינדער! — האָט ער אויס־געשריען מיט אַ שטימע פול צאָרן, און צוטרעטענדיג צו איהם נאָך פיעל נעהנטער, האָט ער געשריען אויף אַ קוויטש — איהר שופט, ווי קענט איהר אַזוי פּייניגען אַ הילפלאָזע חיה?

די אַרומשטעהענדע האָבען אָנגעהויבען צו האָבען שפּאַס. און עס האָבען זיך שוין געבילדעט פּאַרטייען.

— וואָס געהט עס אָבער אייך אָן? — האָט זיך אַריינגעמישט אַ ניינצעהן־יעהריגער בחור.

היינזיאוס האָט זיך אומגעדרעהט צו דעם, וואָס האָט גערעדט. אָבער אין דיזער מינוט האָט דער פוהרמאַן געכאַפּט דעם לעהרער פאַר די אַקסלען.

— איצט וועסטו זיך פון מיר ניט אויסדרעהען. דיר וועל איך שוין בעזאָרגען.

דער פּאָלקס־לעהרער האָט זיך צולאַכט מיט אַ קוויטש, און דער פוהרמאַן איז פון דעם שטארק צומישט געוואָרען.

מיט דיזען מאָמענט האָט זיך די אקושאָרין ליערם בענוצט. מיט איהרע ברייטע עלענבויגענם האָט זי זיך דורכגעשטופּט צו די צוויי, און האָט געזאָגט צום פוהרמאַן:

— מען האָט איך בעדאַרפט מכבד זיין מיטן׳ בייטש, און איהר האָט נאָך די העזה דיזען מענשען אָנצוריהרען. איהר זאָלט גלייך...

אַ פּאָר מענער זיינען גלייך צו איהר צוגעשטאַנען. אַלע האָבען געקאָנט די גוטע אקושאָרין.

— נו, ברודער, רוק זיך אָב וואָס שנעלער, — האָט איינער פון די ארומשטעהענדע געזאָגט צום פוהרמאַן — אז ניט, וועט עס דיר געהן שלעכט.

אַ צווייטער האָט איהם אַ שטויס געגעבען אין הינטען, געבענדיג איהם דיזעלבע עצה, דאָס אויב ער וויל דאָ ניט איבערלאָזען אַ פּאָאָר ביינער זיינע, זאָל ער זעהן וואָס שנעלער נעלם ווערען.

די מענער האָבען געדריקט דער אקושאָרין די האַנד. די נייגיערינגע זיינען זיך צוגאַנגען. דער וועג איז פריי געוואָרען, און אין אַ מינוט ארום זיינען אויפ׳ן פּלאַץ געבליעבען בלויז היינזיאום און די ליערם.

— ווי קענט איהר פערפיהרען אַ קריעג מיט אזא באַנדע? — האָט די ליערם געפרעגט — צו ריזיקירען די פעל ביי אזא געזינדעל איך דאָך לייכטזיניג.

דער פּאָלקסשול־לעהרער האָט אויסגעפייפט פאר זיך אַ ליעד:

— עס איז ניט אַזוי געפעהרליך. מיט דיזער חברה ווערט מען לייכט פערטיג. און ווען עס טרעפט זיך יא איינעם עפּעס, באַה, וואָס איז די נפקא מינה?

די ליערם האָט גאָר ניט געענטפערט.

— ווייסט איהר שוין די לעצטע נייעס?

— ניין.

— זיי האָבען מיר שוין געגעבען די סעק. זיי האָבען אויס־

געפונען, אז דאָס לערנען מיט די קינדער איז ניט גוט פאר מיינע לונגען.

— איז עס ניט פאר יענע רעדע ? — האָט די ליערם געפרעגט.

— ריכטיג. איהר זעהט, מען מאַכט דאָס שנעל ביי אונז. און איך׳ בין זעהר צופריעדען. ווען איינער ווערט ארעסטירט אונשול־דיג, קען עס פאסירען, אז עס געהט אוועק א יאָהר אָדער צוויי, ביז מען געפינט עס אויס ; ביי מיר אָבער האָבען זיך די הערען צו־געאיילט, און דערפאר בין איך זיי דאנקבאר. איהר האָט בעדאַרפט זעהען די פנים׳ער פון דירעקטאָר און די קאָלעגען ! ווי א משוגענעם הונד האָבען זיי מיך בעטראַכט. קיינער האָט עס ניט געגלויבט, אזוי גוט האָבען זיי מיך געקאָנט. צוערשט האָט מיך דער דירעקטאָר געראטהען איך זאָל זיך לאָזען אונטערזוכען וועגען מיין גייסטיגען צושטאנד, אום איך זאָל אויף אזא אופן זיין בערעכטיגט צו מיין פענסיע. דער איז א פילאנטראָפּ, וועלכער מיינט עס גוט מיט מיר. נו, האָב איך איהם געעפענט זיינע פערבלענדעטע אויגען. איהר האָט בעדאַרפט אָנקוקען בשעת מעשה דיזען מענשען. ער האָט געגלויבט, דאָס ער זעהט פאר זיך דעם טייפעל אין מיין געשטאַלט. זאָבען האָב איך איהם געזאָגט — הייגזיאום פנים האָט געלויכטען פון גליק, דערמאָנענדיג זיך אָן דעם — ליערם, דאָס איז געוועזן די שעהנסטע שטונדע פון מיין לעבען. די גאנצע געקנעכטעטע מענש־הייט, פערזאָרגט מיט אַלע שקלאפען־אינסטינקטען, האָב איך געזעהן פערקערפּערט אין דיזען צירקעל פון דירעקטאָר און לעהרער. דיזע געזינדעל, וועלכע קען זיך ניט האלטען אויף די פיס, ווען א פריוואַטהייטס־ווינד טהוט א בלאָז איז זייערע דומפע מוחות... ווי דער מענש האָט זיך אָנגעהאלטען אָן טיש און געקוקט אויף מיר מיט פערגלאָצערטע אויגען. איך האָב ווירקליך געזעהן, ווי זיין קליינער מארך האָט געשוויצט, און ווי ער האָט מיט זיינע פערוויאַלעטע ליפּען געמורמעלט. „גאָט מיט אונז“. ליערם, עס איז געוועזן א פערגניגען !

— און איצט זיצט איהר אויפ׳ן פּראָבקע. — האָט די ליערם געזאָגט טרוקען.

— ריכטיג געזאָגט.

— הם, וואָס קען אָבער ווערען? — איהר גוטער פּנים איז געוואָרען פול מיט זאָרג.

— מען האָט מיר בעצאָהלט מיין געהאַלט פאַר דעם נעכסטען פערטעל יאהר. און אזוי ווי איך דענק זאָ ווי זאָ אויפצולייזען דעם געשעפט, האָף איך, אז ביז צו יענער צייט וועט עס מיר קלעקען.

— דאָס געשעפט אויפלייזען? — זי האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— מען קען די זאַך רופען, ווי מען וויל.

— טהוט עס ניט, הערר היינזיאוס!

— פּאָרלויפיג דענק איך גאָר ניט פון דעם. צוערשט וואַרט איך אָב, און אויסער דעם האָט אין אזעלכע זאכען דער אייגענער ווילען פערדאמט ווענינ צו זאָגען. די מייסטע געשעפטען לייזען זיך אויף פון זיך אליין.

זיי זיינען אָנגעקומען צו ליערס' הויז.

— קומט אַרויף טרינקען מיט אונז אַ טאַסע קאַפּע, — האָט די ליערס געבעטען — ער וועט זיך פרעהען און איהר האָט דאָך גאָר ניט צו פערזאַמען.

— פון מיינעטוועגען.

זי האָט אויפגעשלאָסען די אריינגאנג־טהיר און האָט געעפענט דעם וואוינצימער. עס איז אלעס געווען בעקוועם און בירגערליך: אַ שוואַרץ־לעדערנע סאָפע, דער געוועהנליכער קליינער בופעט, אַ רונדער טיש, אַ פּאָר פאַמיליען־בילדער, אַ קאָמאָד און אזוי ווייטער.

— גאַנץ נעט דאָ.

די ליערס האָט זיך אומגעדרעהט צו איהם מיט אַ ברייט־לאַכענדען פּנים און האָט געזאָגט:

— דאָס מוזט איהר איהם זאָגען, ווייל ער מאַכט חוזק פון דער גאַנצער איינריכטונג.

זי האָט געעפענט די טהיר פון שלאָפצימער.

— זעהט איהר, דאָ ליעגט ער נאָך און שנאָרכט. ער האָט עס גוט. ווען איך וואָלט זיך אַמאָל געקאָנט אויסשלאָפען! אַן אַקושאָ־רין קען זיך אַפילו ניט אויסשלאָפען פון שבת אויף זונטאָג. ער איז

פערליעבט אין שלאָפען. און איך גלויב, ער האָט רעכט. ער איז איבערהויפט א פילאָזאָף.

זי האָט איהם געטרייסעלט ביין אָרעם און געשריען:

— מאַן, עס איז דאָ בעזוך. און אויסער דעם איז דער זייגער שוין דריי.

הייגזיאוס האָט געהערט א פּאָר בייזע טענער, וועלכע זיינען געוועזען עהנליך צו שילטען. דאַן האָט זיך געהערט א צוויישטימיגער געלעכטער, באַלד נאָכדעם א שטאַרקע בעוועגונג, פון וועלכער מען האָט געקענט שליסען, אז דער דיכטער האָט פערלאָזען די בעט. און עטוואָס שפּעטער איז ער אריינגעקומען אין א שלאָפראָק און האָט מיט א נאאיווער אונשולדיגער מינע בעגריסט דעם פאָלקסשול־לעהרער.

באַלד האָט געקאָכט די קאַפע־מאַשין, און דער דיכטער איז ביסלעכוויז פון א שטענדיגען, מידען גענעצען אריבער אין דעם צושטאַנד פון וואַכעדיגקייט.

— וואָס טהוט איהר אייגענטליך דעם גאַנצען טאָג? — האָט היינזיאוס געפרעגט.

דער דיכטער ליערס האָט איהם אָנגעקוקט רוהיג און מיט א מינע פון שפּאָט:

— מיינט איהר עס אַלס א פאָרוואורף?

— אָה, ניין, אין געגענטהייל, איך בעוואונדער דעם פרייהייט־ליכען שטייגער פון אייער לעבען. איך ווינש, אז די אנדערע זאָלען שוין זיין אַזוי ווייט, ווי איהר. איהר זיינט דער איינציגער צווישען מיינע בעקאַנטע, וועלכער פיהרט א לעבען, ווי עס פּאַסט פּאַר א מענשען. און דערפאַר האָב איך זיך געוואָלט ריכטיג ערקונדיגען ווי איהר טהיילט איין אייער טהעטיגקייט.

ליערס האָט פערלעגט די אָרעמס און געענטפערט:

— איהר מוזט אודאי האַלטען מיין לעבען פאַר פיעל לייכטער, ווי עס איז אין דער אמת'ן. מיינט איהר, אז עס איז ניט קיין אנשטרענגונג אויפצושטעהען, זיך צו וואַשען, אָנצוטהון זיך, צו עסען, צו טרינקען און אויסצופיהרען די איבעריגע טהעטיגקייטען פון קערפּער? ווען איהר וואָלט געוואוסט ווי איך לייד פון דעם! און קוים איז מען פערטיג מיט דעם אַלעם, איז שוין ווידער נאַכט,

מען מוז זיך שוין ווידער אויסטהון, זוכען די ריכטיגע לאגע אין בעט און זעהען איינצושלאָפען. ביי מיר, דארפט איהר וויסען, קומט ניט דער שלאָף אזוי לייכט, ווי ביי די אנדערע מענשען. די אלע פאנטאזיעס און אידעען, וועלכע בעוועגען מיך, מוז איך איינ־אָרדנען און איינשלעפערן, איידער איך אליין קום אין די רייהע. ווייל איהר מעגט עס מיר גלויבען, ערשט אין בעט האָב איך צייט צו בעשעפטיגען זיך מיט מיינע אידעען. דער טאָג סטייעט מיר ניט דערצו.

ער האָט דאָס אלעס ארויסגערעדט מיט גרויס ערנסטקייט, און היינזיאוס האָט איהם אָנגעקוקט מיט א געפיהל פון בעוואונדערונג געמישט מיט קנאה.

ארבייטען האָט איהר זיך אין גאנצען אָבגעוועהנט — האָט איהם היינזיאוס געפרעגט.

— איך גלויב, אז איך בין שוין באלד נאָהענט צום ציעל. — האָט דער דיכטער געענפערט — ארבייט איז א קינסטליך־געוואָרע־נער קולטור־בעגריף, וועלכער האָט גאָר ניט צו טהון מיט מיין אויפ־פאסונג פון מענשען־ווירדע און פרייהייט. דער טיעפסטער סימבאָל איז די פערטרייבונג פון אדם און חוה פון גן־עדן. ערשט, ווען די זינד, מיט אנדערע ווערטער, דער בעוואוסטזיין, איז געקומען, ערשט דאַן איז געוואָרען א סוף צום דעם אונבעוואוסטען גענוס. אין דעם אויגענבליק פערשליסען זיך פאַר איהם די טויערען פון גן־עדן — ער שטעהט אין דער ווילדערניס פערלאָזען און עס קומען אויף איהם די געמיינסטע געפיהלען, וועלכע זיינען דאָ: הונגער, קעלט און דאַן הויבט זיך אָן דער פערפלוכטער טריעב צו ערהאלטען זיך זעלבסט, וואָס דאָס צווינגט איהם צו ארבייטען. דאָס איז איינע פון די שעהנסטע געשיכטען וואָס די אידען האָבען אויסגעטראכט. עס קען גאָר ניט זיין קיין שעהנערע. און אזוי ווי איך בין א גן־עדן מענש, און דיזע גוטע — ער האָט אָנגעוויזען אויף די אקושאָרין — ווייל אויף מיר עטוואָס תשובה טהון פאַר די שווערע זינד פון איהר אור־אור־מוטער חוה (ווייל דיזער פערברעכען איז בעגאנגען געוואָרען פון דער פרוי געגען דעם מאַן) בין איך אזוי ביסלעכווייז צוריק־געגאנגען צו דעם איינציגען מענשענווירדיגען צושטאנד—איך לעב, אזוי ווייט ווי דאָס איז דענקבאַר, צוריקהאלטענדיג זיך פון יעדער

ארבייט, וועלכע איז ערניעדריגענדיג און שמוציג. דאָס געוויסע זאכען זיינען אונפערמיידליך, דאָס איז זעהר שמערצליך, און דאָס זוך איך צו פערגעסען אין אַ'לײן אַ לענגערען שלאָפען.

— די העכסטע אכטונג! איהר זיינט דער איינציגער, וואָס לעבט לויט זיין איבערצייגונג. איהר רעדט ניט — איהר האַנדעלט!

די ליערס האָט ביז איצט שטיל זיך צוגעהערט. זי האָט אריינ־געגאָסען דעם פּאַרעדיגען קאַפּע אין די טאַסען, און גאַנץ לאַנגזאַם האָט זי ארויסגערעדט:

— אויב שלאָפען מיינט טהאָן, האָט איהר געוויס רעכט, העררר היינזיאוס. וואָס דערפון קומט ארויס, וויים איך אַם בעסטען. ער ווערט שוואכער פון טאָג צו טאָג.

דער דיכטער האָט זיך אויפגעהויבען. ארום זיינע פיינע, מידע ליפּען האָט זיך געבילדעט אַ קנייטש, און ער האָט געזאָגט:

— אום גאָטעס ווילען, פערביטערט מיר ניט גלייך דעם פריה־מאָרגען.

די ליערס האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער. עס האָט געפעהלט פינף מינוטען צו 4.

— נאַ, — האָט זי געזאָגט — אייגענטליך האָסטו רעכט. עס איז דאָך ניט וויכטיג, וואָס דו ביזט אין דער צייט־רעכנונג מיט צוועלף שטונדען צוריק. איבריגענס, איך האָב געטראָפען די גערווינג. דו ביזט איהר הפּנים גוט נאָכגעלאָפען. זי דאַנקט דיר בעסטענס פאַר דעם.

ער האָט אוועקגעשטעלט די טאַסע, האָט אַ פאָהר געטהאָן מיט'ן האַנד אין די האָר:

— דו האָסט שוין ווידער שפּיאָנירט?

— איך פערלאַנג, — האָט די ליערס געענטפערט רוהיג — אַז דו זאָלסט מיך ניט זוכען צו בעשווינדלען אויף שריט און טריט. איך פערלאַנג, אַז ווענינגסטענס אין דיזער הינזיכט זאָלסטו זיך בענעהמען אַנשטענדיג געגען מיר.

— ענטשולדיגט — האָט זיך אָבגערופען היינזיאוס — ווען איך מיש מיך אריין — איך קען מיט אייך ניט איינשטימען; ווען איהר ווילט בעשרענקען די פּערזענליכע פרייהייט פון אייער מאַן, נעה איך ניט מיט מיט אייך.

די ליערס האָט אריינגעשטעקט איהרע אָרעמס אין די זייטען:

— קינדער, איהר זיינט אַלע עטוואָס... נאַ, האָט ניט קיין פּאַראיבעל; איהר האָט זיך אַלע געמאַכט אַ בעגריף פון פערזענלי־כער פרייהייט, וועלכען איך האַלט פאַר געמיין.

ליערס, אום איהר צו בערוהיגען, איז צוגעגאַנגען צו איהר און האָט געזאָגט:

— זעה נור, אייער גאַנצער פּרוויענגליק בעשטעהט אין דעם, וואָס איהר זיינט שקלאַפען ביז אין די ביינער. עס האָט נאָך אייך גאָר ניט אָנגעהויבען צו חלום'ען זיך, וואָס דאָס איז פרייהייט. איהר ווילט אַליין זיין געקנעכטעט און קנעכטען אַנדערע. איהר טשעפּעט זיך אָן אָן איינעם אין אייער הילפלאָזיגקייט ווי אַ טרינקענדער אָן אַ קרעפטיגען שווימער, און דער זינקענדער דענקט גאָר ניט, דאָס אויף אַזא אופן שלעפּט ער ארונטער אויך דעם צווייטען. איהר פער־געסט די איינהייט פון דער פערזענליכקייט, איהר זוכט זיך אַ צווייהייט. אָבער — האָט ער זיך אַליין אונטערבראָכען — דאָס זיינען צו שווערע זאַכען פאַר דיין קאָפּ. און וואָס וואָלט עס גענוצט, ווען דו וואָלסט זיי פערשטאַנען. קום, זיי גוט, און דענק נור פון דעם, אַז ניט אַלעס איז אַזוי ליכט און קלאָר, ווי דו רעדסט זיך איין. מען קען זיין אַ גוטע הייבאַם און דאָך ניט וויסען פון דיזע העכערע זאַכען.

— ביזט צו ענדע?

— יאַ, מיין הארץ־בלאַט!

— פאַר אַ הארץ־בלאַט בין איך אַביסעל צו הויך געוואַקסען. פאַר נאַריש האַלטסטו מיך, דאָס וויים איך. אָבער איך בין ניט אַזוי נאַריש ניט צו פערשטעהען, וואָס דו האָסט געזאָגט. עס שטימט... און עס שטימט ניט. און עס שטימט פיעל װעניגער, ווי עס שטימט. און דאָס קומט דערפון, ווייל ביי אייך איז דער שטאָלץ און ביי אונז איז די גוטסקייט. הינטער אַלע אונזערע פעהלער און קליינליכקייטען שטעקט וועניגסטענס די גוטסקייט.

הײנזיאוס איז געוואָרען נערוועז. —

— טהייערע פרוי, איהר נעהמט אויף זאַכען מיט'ן הארצען. איהר מוזט עס זיך אָבגעוועהנען. און אייך, הערר ליערס, מוז איך זאָגען, דאָס איך בעוואונדער אייך. איך האָב ניט געגלויבט, דאָס

איהר, אלס דיכטער, זאָלט בעזיצען אזא הויכען גראד פון קלאָרהייט.

די ליערס האָט זיך פּלוצלונג צולאַכט.

— וואָרום לאַכט איהר? — האָט היינזיאוס געפרעגט.

— עס איז מיר גראדע איינגעפאַלען, ווי איהר האָט זיך אויפגערעגט צוליעב א הונד. וואָס האָט עס אייך געאַרט? און ווי אזוי האָט איהר געוואָלט שטערען די פּערזענליכע פרייהייט פון פוהרמאַן? דאָס איז דאָך א פערשוועכונג פון איינעמס רעכט, וואָס איהר האַלט פאַר אזא פערברעכען.

— איהר האָט א טעות. דאָס איז ניט געווען דער אויפגעבלאָזענער מענשליכקייטס־געפיהל, נור דער ריינער עגאָאיזמוס. איך האָב זיך געפיהלט געקרענקט, זעהענדיג, ווי דער הונד איז געפּייניגט געוואָרען, האָב איך געהאַלטען פאַר נויטיג מיין קרענקונג אויסצודריקען אפילו ווען עס וואָלט געווען א סכנה, אז איך זאָל דערביי ליידען.

— ניין, דאָס פערשטעה איך ניט. איהר ווייסט אַלעס צו פערדרעהען, אַז מען ווערט איינפאַך צומישט. אָפּט, ווען איך בעגעגען מיך מיט אייך, מיין איך, אַז איך בין אין א משוגעים־הויז. איהר קענט מיר אויס׳פּשט׳לען, אַז דיזער ווייסער טישטוך איז גאַר שוואַרץ.

— און איז ער דען ניט שוואַרץ? — האָט היינזיאוס געפרעגט איראָניש — ווי קענט איהר זאָגען, אַז ער איז ווייס?

די ליערס האָט אויפגעאָטהעמט טיעף, זאָגענדיג:

— גוטע נאַכט, הערר לעהרער, איך חלש שלאָפען. איך האָב אויסגעפונען, אַז עס איז פיעל שווערער זיך צוצוהערען צו אייערע רייד, ווי צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט.

אין דער טהיר פון שלאָפצימער האָט די דיקע פרוי געוואָרפען א פערליעבטען בליק אויף איהר פאָעט, אויף וועלכען דיזער איז געווען אזוי גנעדיג צו ענטפערן.

דער לעהרער האָט זיך אָבגעקעהרט ביי דיזער אינטערמעצצאָ.

— דאָס געהערט צו דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם פאַמיליען־לעבען. — האָט ער געמורמעלט, און אויף זיינע ליפען האָט זיך געוויזען א איראָנישער שמייכעל.

ער האָט זיך געזעגנט מיט׳ן דיכטער, און איז שנעל אוועק.

דער דיכטער האָט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן שווארץ־לעדערנעם סאָפּע מיט א צייטונג אין האנד.

.7

פאר עטליכע וואָכען האָט טהאָמאסען בעהערשט א געפיהל פון קליינליכקייט, פון שאנדע, פון זעלבסטפעראכטונג און פון א לייד־דענשאפטליכען וועהטאָג, וועלכען ער האָט ניט געקאָנט בייקומען.

ער האָט מיט אלע כחות זיך געמאטערט צו בעגראָבען אלע זייגע ערפאהרונגען און זיי בעשיטען מיט דער דונקעלער ערד. אָבער דאָס האָט זיך איהם בשום אופן ניט איינגעגעבען. פון דער טיפע־ניש האָט ער געהערט שטימען, וועלכע האָבען איהם געקוועלט און געפייניגט. ער האָט זיך פערטיפט אין זיינע ביכער, אָבער די שטימען האָבען איהם ניט צורוה געלאָזען. זיין פיין איז אלץ מעהר און מעהר געוואקסען. איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אז ארום איהם הערשט א פינסטערניס, וועלכע קיין ליכט־שטראהל קען ניט דורכדרינגען. און אין דיזער פינסטערניס האָבען געבאליבאַ־טעוועט משונה'דיגע געשטאלטען, אזוי ארומבלאָנדזשענדיג און פערפאָלגט ווי ער אליין.

וואָס האָב איך אייגענטליך געטהאָן? האָט ער זיך געפרעגט. און די שטימע פון שאנדע האָט איהם אלע מאָל אונטערגעזאָגט: דו האָסט געזינדיגט געגען דעם הייליגען גייסט, געגען דיין אייגענעם „איך" האָסטו געזינדיגט!

די זינד! ער האָט שרעקעדיג אין זיך אליין געלאכט. די זינד — דאָס איז דער נארישסטער וואָרט פאר דאָס, וואָס איז געלעגען אויף איהם אזוי שווער און האָט איהם אזוי געדריקט. צוערשט האָט ער געדענקט, אז דאָס איז די געקרענקטע, פערוואונדעטע איינגענ־ליעבע, וואָס טהוט איהם אזוי וועה. אָבער באלד האָט ער פער־שטאנען, אז עס איז ניט דאָס. די קראנקהייט איז געוועזען פיעל טיעפער ביי איהם אין בלוט. איהם איז אויסגעקומען, אזוי ווי ער וואָלט פערשווענדט זיין בעסטע קראפט, אזוי ווי ער וואָלט צו־שטערט דאָס בעסטע אין איהם. ער האָט זיך געפיהלט, ווי א בוים, ארום וועלכען די ערד איז אויסגעגראָבען ביז אין די וואָרצלען.

וועלכע איצט טריקענען און דארען איין אונטער דער ברענענדיגער זון.

ער האָט זיך אליין פערלייקענט, אָנקלאַמערענדיג זיך מיט זיין גאַנצען הארצען אָן א וועזען, וועלכע האָט איהם אַ שלײדער געטהאָן אָן א זייט פאר א פּאָר שמאַטעס. עס איז דער צייכען פון זיין געמיינער נאטור — האָט ער זיך ווייטער געגריבעלט, ווען ער האָט געקאָנט זיך אזוי פערליעבען אין איהר. דער אמת־ריינער מענש געפינט אין דעם דונקעלען דראנג, דורך זיין ריינעם אינסטינקט, דעם אמת־ריכטיגען וועג.

ער האָט פערלייקענט זיין נשמה. ער האָט געאָפּפּערט אַלעס, וואָס איז ריין, צו א ברוטאלען בעגעהר. זיך אליין האָט ער פערלאָרען. זיין ליעבע איז איהם איצט פאָרגעקומען שמוציג און פערעכטליך. ער האָט גאָר פערגעסען אָן די אלע מענשליכע ליידען — אַלעס גוטע, וואָס האָט געהאלטען ביין אויפשפּראָצען אין איהם, האָט ער צוטראָטען.

ליעבע... ליעבע פון א מאַן צו דער פרוי!... ער האָט געמוזט זיך צולאַכען. אָט דאָס זאָל זיין דער לעצטער וואָרט פון דער גאַנצער לעבענס־חכמה, אויב מען זאָל די נארען גלויבען!

ער האָט געפיהלט אין מויל אַן עקעלהאַפטען, ביטערען טעם, אזוי ווי ער וואָלט געגעסען עטוואָס גיפטיגעס און געוואָלט עס אויסברעכען. עס איז געווען א קאַמפּף צווישען דער קראַנקער נשמה און דעם אָרימען גוף, וועלכער האָט אריינגעזויגען אין זיך דיזע אַלע גיפטען.

ווען עס האָט געוואָלט קומען אויף איהם עהנליכעס צו פערגעסענהייט, האָט זיך אויפגעכאַפּט א געפיהל פון ביטערען געלעכטער און האָט איהם געמוטשעט: שטעל דיר נור פּאָר, ווי עס וואָלט אַלעס געוואָרען, ווען איהר ליעבע וואָלט עטוואָס לענגער געדויערט! און ער האָט אָנגעהויבען מאָלען זיך דאָס צוזאַמענלעבען מיט דיזער פרוי, די אידיללִיע צווישען אָרעמע פיער ווענד, און ער האָט געזעהען איהרע גלעזרנע ליאַלקע־אויגען אויף זיך געצילעוועט, און ער האָט געפיהלט, אין וואָס פאר א זומפּ ער וואָלט ערשט דאַן געשטעקט. ווי אזוי זי האָט עס איהם ארונטערגעשלעפּט צו זיך; ווי זי האָט עס אזוי גיך געמאכט איהם פאר איהר שקלאַף, און איז עס דען ניט מעגליך, דאָס ער וואָלט אויף דעם לעצטען שריט געמאַכט און אין

גאנצען געזונקען, ווען זי וואָלט נור געוואָלט? ליעבע... פעראייני־
גונג פון גוף און נשמה — צוויי ווערען איינס.... דער דונקעלער גע־
דראנג צו א ווייטערער און העכערער ענטוויקלונג — דיזע אלע פרא־
זען האָבען איהם איצט שרעקליך געקרענקט. די פער׳שיכור׳ונג
פון די חושים, קראנקהאפטע אויפרעגונג — דאָס האָט מען געגעבען
אזעלכע הויך־קלינגענדע נעמען...

— מאָן — דאָס איז די מאַסע, די כטאדע; טהאָמאַס טרוק איז
א מאָן; געהערט ער אויך צו דער סטאדע — אָט דאָס בין איך, האָט
ער ביי זיך בעשלאָסען, און דאָס קען גאָר ניט געענדערט ווערען.

ענדליך האָט ער אָנגעהויבען אויפצושרייבען זיינע געדאנקען,
און ער האָט פון דעם ניט אָבגעלאָזען, חאָטש ער האָט געפיהלט, ווי
ער ערנידריגט זיך ביי אזא צוגלידערונג פון זיינע געפיהלען. אלעס,
וואָס האָט געקאָנט איהם גערעכט מאכען אָדער עטוואָס בעפוצען
זיין האנדלונג, דאָס האָט ער געלאָזט אָן א זייט. הארט, טרוקען,
קלאָר, ווי אן אנקלאגע פון א פּראָקוראָר, וועלכע איז בעגרינדעט
פונקט פאר פונקט, איז געווען זיין וידוי אויפ׳ן פּאַפּיער. ער האָט
זיך ניט אויף דאָס מינדעסטע געשאנעוועט.

נור אויף אזא אופן האָט ער געקאָנט עטוואָס ראטעווען פון דעם
חורבן פון זיך זעלבסט; נור אויף אזא שטייגער איז געווען פאר
איהם א לעצטע מעגליכקייט וויעדער אויפצובויען. אָבער שוין דער
געדאנק אליין אָנהויבען צו בויען פון דאָס ניי, האָט איהם צוטור־
מעלט, שוואך געמאכט זיין ווילען, און ער האָט באלד וויעדער אלעס
צושטערט. און אזוי איז געקומען א לוסט נאָך דער פרייער לופט
פון די בערג, נאָך דעם פליסענדען בערג־טייכעל, אין וועלכען ער
וואָלט זיך אפשר געקאָנט ריינוואשען.

און איין נאכט האָט ער זיך פלוצלונג אויפגעהויבען, האָט איינ־
געפּאקט דאָס נויטיגסטע אין א קליין פּעקעלע און אויף די שפּיץ־
פינגער האָט ער פערלאָזען דאָס הויז. ער איז צוגעגאנגען צו דער
ערשטער דראָזשקע, וועלכע ער האָט געטראָפען, און מיט אן אראָב־
געלאָזענעם קאָפּ האָט ער געזאָגט צום קוטשער:

— פיהר מיך אוועק צום גערליצער באהן־הויף.

דער איזוואָשטשיק האָט זיך אויפגעכאפּט פון זיין דרעמעל,
האָט זיך אויסגעריבען די אויגען, און פערוואונדערט געקוקט אויף

דעם מענשען, וועלכער איז איהם פארגעקומען פערדעכטיג. מיט איינמאל האט זיין פנים אזוי ווי אויפגעלויכטען; ער האט ארויס־גערעדט עטליכע אונפערשטענדליכע ווערטער, און מיט א ראשען שפרונג איז ער געוועזן אויף דער ערד און האט געפרעגט טהאמאסען קאלטבלוטיג:

— איהר קענט מיך ניט מסתמא.

— ניין — האט טהאמאס געענטפערט שטיל.

— נו, איז גוט. איך קען אייך יא. איך האב שוין אייך איינ־מאל געפיהרט.

און פלוצלונג, א בים טהוענדיג זיך אין די ליפען, אזוי ווי ער וואלט שוין צופיעל גערעדט, האט ער זיך וויעדער געזעצט אויף זיין פלאץ.

דאס פאהרען האט זיך טהאמאס'ען אבגעדוכט גאר אהן א סוף. און ווי מערקווירדיג, ווי גייסטערהאפט האבען אויסגעזעהן די הייזער ביי דעם קאלטען מארגענליכט, ווייל דערווייל האט שוין אנגעהויבען טאגען. ווי א גרויסע מתים־הויז איז איהם פארגעקו־מען די שטאדט. קיין מענש איז ניט געוועזן צו זעהען אויפ'ן גאס. אלעס איז געוועזן אויסגעשטארבען. די ווייסע הייזער האבען פאר איהם אין דער מארגען־גרויקייט געהאט עטוואס שרעקליכעס. די רוה אנשטאט די קאבענעש, וועלכע ער האט געקאנט, האט איהם שטארק אויפגעטרייסעלט. אלעס האט איהם אויסגעזעהען משונה'־דיג און פערענדערט. די הייזער האבען איהם אויסגעזעהען ווי חורבות, אזוי ווי אן ערד־ציטערניש וואלט די שטאדט פערוויסטעט און אזוי ווי ער וואלט געוועזן דער איינציגער, וואס איז ביין לעבען געבליבען און ער געהט עס איבער א פעלד פון פעריסטונג און שרעק, וואס וויל זיך גאר ניט ענדיגען. עס האט איהם געשווידערט פון דיזען געדאנק. איהם האט זיך אבגעדוכט, אז דאס פערד פיהלט אויך דעם שרעק, און דארום האט עס אנגעהויבען פלוצלונג אזוי יאָ־גען זיך. און אודאי איז דאס זעלבע מיט'ן קוטשער. קוים, וואס ער קען איינהאלטען די לייצעס אין די הענד... אבער די הייזער זייי־נען געשטאנען דאך פעסט און איינגעמויערט, און איז א פאר שטונ־דען וועט דאס לעבען וויעדער אויפוואכען, און אלעס וועט וויעדער בעוועגען זיך, ווי געוועהנליך.

ער האָט אין זיך געלאכט: דאָס אָבער קען ניט זיין, האָט ער ווייטער געטראַכט: עס איז געווים א זעלבסטנאַרעריי, גלויבענדיג, אז אין דיזע הייזער וואָוינען לעבעדיגע מענשען.

— בדרך — האָט דער קוטשער געמאַכט מיט די ליפּען און זיך אָבגעשטעלט ביין גערליצער באהנהויף.

— וואָס קום איך אייך?

— נו, וואָס זאָלט איהר מיר קומען? ער האָט איהם געזאָגט א דרייפאַכען פּרייז, און קאַלטבלוטיג האָט ער אריינגעשטעקט דאָס געלד אין קעשענע.

פיער שטונדען האָט טהאָמאַס געמוזט וואַרטען, איידער זיין צוג איז אָבגעגאַנגען.

ער האָט זיך געלאָזט געבען בריעף־פּאַפּיער און טינט און האָט אָנגעשריבען א פּאָר ציילען צו זיין ווירטהין. און אין א פּלוצלינגען געפיהל, וועלכען ער האָט זיך אליין ניט געקאָנט ערקלעהרען, האָט ער אָנגעשריבען א בריעף צו זיין טאַטען.

צו וואָס שרייב איך צו איהם? האָט ער געטראַכט. ער האָט ניט געוואָלט זיך מאַטערען דעם קאָפּ מיט דעם. ער האָט עס ניט געוואָלט, ווייל ער האָט מעהר אָדער ווייניגער געוואוסט, ווארום ער טהוט עס.

יעדענפאַלס, האָט ער צו זיך אליין גערעדט, טהו איך עס ניט אויס גוטסקייט אָדער ליעבע, אזוי פּיעל ווי איך וויים. און דאָס אַנדערע איז דאָך שוין גלייכגילטיג...

ער האָט געקויפט א בילעט פערטער קלאַסע.

וואָס פאַר א רעכט האָב איך אנדערש צו פאָהרען? האָט ער געקלערט.

אין דיזער שטונדע איז איהם קלאָר געוואָרען, דאָס פון איצט אָן און ווייטער מוז ער לעבען אזוי אָרעם, ווי עס איז נור מעגליך.

דער וואַרט־צימער איז נאָך אלץ געווען איינזאַם. נור אין א ווינקעל איז געזעסען א מיטעל־גרויער מאַן מיט א ניט־געקעמטע בלאָנדע באָרד. ער איז געווען איינגעוויקעלט אין א לאַנגען מאַנ־טעל און האָט געטראָגען א ברוינעם הוט פון שטייפען פילץ, וועלכע האָט געהאַט אויף זיך מעהרערע פלעקען. דער מאַן האָט אָנגע־

שפּאַרט די עלענבויגענס אויף דעם הילצערנעם טיש און האָט אין זיינע הענד אריינגעלייגט דעם קאָפּ.

טהאָמאַס האָט ניט געקוקט אין זיין ווינקעל. פאַר אַן אויגענ־בליק האָט ער זיך איבערלייגט, צו זאָל ער אויך צו בעטינאַ ניט שרייבען וועגען זיין פערלאָזען בערלין. ער האָט אָבער באַלד דעם פּלאַן אויפגעגעבען. דער געדאַנק אָן איהר האָט איהם פעראור־זאַכט טיעפע שמערצען.

ענדליך זיינען געעפענט געוואָרען די טירען, וועלכע האָבען גע־פיהרט צום וואָקזאַל. ער איז אריין אין וואַגאָן. דער צוג איז גע־ווען ליידיג, נור אַ פּאָר רייזענדע זיינען געווען אין די וואַגאָנען ערש־טער קלאַס.

דער מענש, וואָס איז געזעסען אין ווינקעל פון וואַרט־צימער, איז איהם גלייך נאָכגעגאַנגען. אויך ער איז געפאָהרען פערטע קלאַס.

באַלד האָט זיך דער לאָקאָמאָטיוו אָנגעהויבען ריהרען. זיין רייזע־חבר האָט גלייך ארויסגענומען אַ שטאַרק־געלעזענעם בוך, און זיך פערטיעפט אין איהם. טהאָמאַס האָט געשלאָסען די אויגען און איז גלייך איינגעשלאָפען.

ערשט צו מיטאָג־שטונדע האָט ער זיך אויפגעכאַפּט.

די זון האָט געברענט אין פולער קראַפט דורך די געשלאָסענע וואַגאָן־פענסטער. דער מענש אנטקעגען איהם איז נאָך אַלץ גע־זעסען אין דערזעלבער פּאָזע, לעזענדיג זיין בוך. ער האָט ניט אויסגעטהאָן ניט זיין מאַנטעל און ניט זיין הוט.

טהאָמאַס האָט אַ שנעלען בליק געטהאָן אויף איהם.

דער פּנים פון דעם פרעמדען, וואָס איז געווען איינגעראַהמט אין אַ פולע בלאָנדע באָרד, האָט געהאַט אַזאַ צאַרטען קאָליר, וועל־כען טהאָמאַס האָט ביז איצט בעמערקט נור ביי פרויען. די וואַ־סער־העלע אויגען זיינען טרויעריג און בלייך, ווי די וועש, וועלכע ווערט אויסגעטריקענט אויף דער זון. וואָס טהאָמאַסען איז נאָכהער אויפגעפאַלען, איז עס געווען די לענגליכע, אויסערגעוועהנליך עדעל־געשניצטע האַנד, אויף וועלכער עס האָבען זיך דייטליך געזעהן די בלויליכע אָדערען.

— טאָג איך עפענען דעם פענסטער? — האָט טהאָמאַס גע־

פרעגט, ווען זיין שכן געגענאיבער איהם האָט פּלוצלונג צוגעמאַכט דאָס בוך.

דער פרעמדער האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, און דערביי מאָדנע אַ שמייכעל געטהאָן. דאן האָט ער ארויסגענומען פון אַ קעסטעלע עטוואָס געטריקענטע פרוכט, וועלכע ער האָט געגעסען אין גאַנץ קליינע ביסענס. די קעסטעלע האָט ער פאָרזיכטיג וויעדער אריינגעטהאָן אין קעשענע, פון וועלכע ער האָט ארויסגענומען איצט אַ פלעשעל און אַ גלאָז, איינגעוויקעלט אין אַ צייטונגס־פּאַפּיער. אין דער פלעשעל איז געווען מילך. ער האָט זיך אָנגעגאָסען אַ קליין ביסעלע, און ווען ער האָט עס אויסגעטרונקען, האָט זיין פּנים אזוי ווי אויפגעלויכטען פון דעם גרויסען גענוס.

דאָס אלעס האָט טהאָמאָס געמוזט בעמערקען, חאָטש ער האָט זך געסטאַרעט איהם ניט צו בעאָבאַכטען אויס בעשיידענהייט.

— וואָס פאר אַ וואונדערשעהנער טאָג איז עס היינט — האָט דער פרעמדער געזאָגט מיט אַ שטילער שטימע מעהר צו זיך, ווי צו זיין שכן.

טהאָמאָס האָט ניט געענטפערט. ער האָט געדאַנקענלאָז גע־קוקט אין דעם לויטע־רען הימעל.

דער פרעמדער האָט געשמייכעלט און האָט געוואָלט אויפס־נייע זיך נעהמען לעזען.

אפשר האָב איך איהם בעליידיגט, האָט טהאָמאָס געטראַכט, און ער האָט איהם דארום געפרעגט:

— פאָהרט איהר וויט?

— ניין, איך שטייג אויס אויף דער נעכסטער סטאַנציע. און דער וועג פון מיין רייזע איז אַ וואנדערונג צו־פוס.

און ער האָט אָנגעקוקט טהאָמאַסען מיט אזעלכע פאַרשענדע אויגען, אז טהאָמאָס האָט זיך געפיהלט בעליידיגט.

— בעמערקט איהר עטוואָס בעזאָנדערס אין מיר? — האָט איהם טהאָמאָס געפרעגט. אין דעם טאָן פון זיין שטימע איז גע־ווען עטוואָס אונפריינדליכעס, אויף וואָס ער האָט באלד חרטה גע־קראָגען.

דער אנדערער אָבער האָט עס אזוי ווי גאָר ניט בעמערקט. זעהר העפליך האָט ער געענטפערט:

— עס איז נאָך א לאַנגער וועג פון ליידען, וועלכען איהר מוזט דורכגעהן.

און ווידער האָט ער געשמייכעלט אויף א זאָנדערבאַרען שטייגער.

— קענט איהר מיך דען?

— איך קען אייך, ווייל איהר זיינט אַן אונגליקליכער, וועלכער שטרעבט געדעטעט צו ווערען.

און גאַנץ פּלוצלינג האָט ער מיט א הארציגער בעוועגונג אויס־געשטרעקט צו טהאָמאַסען זיין האַנד.

טהאָמאַס האָט זי ניט אָנגענומען. ער האָט בעטראַכט זיין רייזע־חבר מיט א סקעפּטישען בליק.

אויף ניט דאָס מינדעסטע געקרענקט, האָט דער פרעמדער גע־זאָגט:

— איהר מעגט מיר געבען אייער האַנד. די ברידער אין ליעבע קענען זיך.

פאָלגענדיג אַן אינערליכען דראַנג, האָט טהאָמאַס איהם דער־לאַנגט זיין האַנד, וועלכע דער פרעמדער האָט געהאַלטען פאַר א קורצע ווײַלע.

— אזוי ווי איך בין רייכער פאַר אייך, מעג איך אייך געבען א קליינע נדבה — האָט דער פרעמדער געזאָגט, איינבויגענדיג זיך צו טהאָמאַסען — און ניט קוקענדיג אויף טהאָמאַסעס ערשטוינטען פּנים, האָט ער ווייטער געזאָגט: עס זיינען צוויי ווערטער, וועל־כע איך שענק אייך: הבל הבלים.

אין דיעזער סעקונדע האָט זיך דער צוג אָבגעשטעלט. דער פרעמדער האָט מיט א ראַשער בעוועגונג אויפגעעפענט די וואַגאָן־טיר, און איידער טהאָמאַס האָט געקאָנט עטוואָס ענטפערען, איז שוין דער פרעמדער ניט געווען.

8.

טהאָמאַס איז געגאַנגען איבער די בערג אין דער פריהמאָרגען־רויטקייט, ווען דער טהוי איז נאָך אויף די גראָזען געלעגען.

ער איז געגאַנגען איבער די שפּיץ־בערג צו מיטאָג־צייט, ווען

די זון האָט געגליהט, און האָט אַלעס איינגעטונקט אין איהר ווייסע ליכט.

און ווען עס איז געקומען די אָוועגד־רויטקייט, און האָט פער־גולדעט וועלדער און הויכקייטען, איז טהאָמאַס געשטאַנען אויבען, און האָט געקוקט פערטרוימט מיט גלענצענדע אויגען. קיין הויז, קיין בוים, קיין מענש.

ער האָט זיך מיט טיעפער אנדאכט צוגעהערט צו דער איינזאַמ־קייט. ער האָט געהערט דאָס רוישען פון איהרע פליגעל.... ער האָט פערנומען איהרע ליעדער אָהן טענער.

זיין בלייכער פנים איז ברוין געוואָרען. זיין ביינערדיגע גע־שטאַלט איז געוואָרען נאָך קרעפטיגער פון דעם שטענדיגען וואַנ־דערען.

קיין טאָן איז ניט געבליבען אונבעמערקט פון איהם. ער האָט געהערט מיט פערפיינערטע און פערשאַרפטע אויערן, און צו דיעזען הערען האָט ער זיך איבערגעגעבען. אין דעם האָט ער געפונען זיין גרעסטען פערגעניגען אין דער איינזאַמקייט.

א טיעפע רוהיגקייט איז געקומען איבער איהם. פרייד און פעסטקייט האָבען וויעדער אריינגעצויגען אין זיין נשמה. א מאָדנע מילדקייט האָט איהם בעהערשט.

ער איז זיך אליין פאַרגעקומען גענצליך געענדערט. אָבער דיעזע ענדערונג איז איהם פאַרגעקומען נאַטירליך, און ער האָט זיך גאָר ניט געוואונדערט איבער דעם.

אַלע זאכען האָט ער מיט איינמאַל געזעהען גאַנץ אנדערש. עס איז איהם פאַרגעקומען, אזוי ווי ביז איצט וואָלט זיין בליק גע־ווען פערשלייערט, און ער האָט אַלץ געהאַלטען אין רעדען צו זיך, דאָס ער וועט איצט לעבען לויט דעם, וואָס ער האָט ענדליך אויס־געפונען. ער האָט געהאַט דאָס געפיהל, דאָס נור אויף אזא אופן וועט ער קענען פערטרייבען אַלערליי ספיקות, וועלכע לויערען אין דעם הינטערגרונד פון זיין זעעלע. מען איז ניט דערצו דאָ, אום צו לעבען פאַר זיך אליין. מען טראָגט אין זיך די אייביגע ליכט נור דאַן, ווען מען ווערט איינס מיט דאָס גאַנצע.

און דיעזע פאָרשטעלונג האָט איהם אָנגעפילט מיט א טיעפער שמחה.

ווי ווערט אַ לעבעדיגער וועזען? דורך וויפיעל אָרגאַנישע פּראָ־צעסען, דורך וויפיעל וועגען מוז ער דורכגעהן, איידער ער ווערט אַ גאַנצער וועזען? דאָס קען מען זעהן אויף שריט און טריט אין דער נאַטור.

איז עס דען דאַרום אַזאַ וואונדער. ווען די ריינע ווידערגעבורט פון גייסט פאָדערט אַ וואַנדערונג, וועמעס וועג איז אַזוי אייביג און אונענדליך, ווי דער גייסט אַליין?

ווי אַ בין שוועבט ארום די בליהענדע בלום, און ציהט פון איהר ארויס די גאַנצע זיסקייט, אום איהר ארבייט אויסצופיהרען, אַזוי האָט ער זיך אָנגעזויגען ביי דעם בעגריף „ווידערגעבורט“.

דיעזער וואָרט האָט געקראָגען פאַר איהם די העכסטע בעדייטונג. עס איז שוין ניט מעהר געווען אַ וואָרט, אַ פוסטער קלאַנג... עס איז געוון עטוואָס וואקסענדעס, בליהענדעס, אייביגעס.... עס איז געוועזן אַ ציעל צו אַנדערע ציעלען.

ער איז זיך פאָרגעקומען ווי אַ רייזענדער, וועלכער האָט צו בעזאָרגען וויכטיגע געשעפטען אין פערשיעדענע פּלעצער, און דאָס ער איז גליקליך אָנגעקומען אויף איינער פון זיינע סטאַנציעס נאָך אַ שווערער און אַ לאַנגער רייזע...

ווען ער האָט אין פיעלע וואָכען ארום געמאַכט זיין רייזע צוריק נאָך בערלין, האָט ער געוואוסט, דאָס איצט הויבט זיך אָן פאַר איהם דער לעבען. ער האָט געפיהלט, אַזוי ווי הינטער די לעצטע פּאַסירונגען וואָלט ניט געווען וואָכען, נור לאַנגע, לאַנגע יאָהרען.

ער איז געווען אַ פרעמדער, אַ נייער, אַן אומגענדערטער, וועלכער האָט זיך קוים דערקענט, ווען ער האָט געוואָרפען אַ בליק אויף צוריק. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט ער געפיהלט, דאָס ער איז אַ וואַנדערער, וועלכער טאָר זיך אין ערגעץ ניט אָבשטעלען און ניט אָברוהען. קרומע וועגען, פינסטערע וועלדער, ווייטע שטרעקען אָהן אַ בוים און אָהן אַ גרעזעלע, פון דער זון אויסגעטריקענט, אַ נאַכט־פינסטערניס, וואָס בלענדעט איינעם — אָט אַזאַ מין וועג האָט ער געהאַט דורכצומאַכען.

און דאָס אַלעס האָט ארויסגערופען אין איהם אַ טיעפע ערנסט־קייט און אַ קראַפט, וועלכע האָט איהם שטאַרק געמאַכט.

.9

די סטודענטקע אינגאָלף האָט דורכגעמאכט מיט זיך א קאמפף, אין וועלכען זי איז ענדליך צוזאמענגעבראָכען. זי האָט ניט גע־וואָלט מעהר זעהען דעם מעכאַניקער פרינדעל און זי האָט זיך גע־וואָלט צווינגען ניט צו טראכטען וועגען איהם. זי האָט געלאָזט צו זיך רעדען אלע גרינדע פון פערנונפט. זי האָט איהם צוגלידערט אין זיין גאנצער שלעכטקייט, אום ארויסרייסען איהם פון איהר הארץ. זי האָט ביי זיך פעסטגעשטעלט, אז 1) איז פרינדעל א מענש, וואָס האָט נור זיך אליין ליעב און האָט קיינע ריקזיכטען אויף אנדערע; 2) ער האָט ניט א טראָפּען גוטסקייט; 3) ער האָט זיך ארייגעארבייט אין א סיסטעם פון אבסטראקטע בעגריפע, וואָס האָט איהם פערשטיינערט, און לאָזט איהם ניט צו פיהלען און צו זעהען עטוואָס אנדערעס, ווייל די ארטעריען פון זיין הארצען זיינען ווי פערטינקעוועט; 4) זיין גייסטיגער צושטאנד האָט אין זיך עטוואָס קראנקהאפטעס; 5) ער געהערט צו דעם סאָרט מענ־שען, פון וועלכע מען מעג ערווארטען יעדע געוואלד־טהאט; שלום. מייד איהם אויס, ווי די בייזקייט אליין. דאָס אלעס האָט זי אויפ־געשריעבען אויף א ווייסען בויגען פאפיער, אריינגעלייגט איהם אין א קאָנווערט, אויף וועלכען זי האָט אָנגעשריעבען: צו דער פסיכאָ־לאָגיע פון דעם העררפראנק פרינדעל.

און דאָך האָט זי ניט געקאָנט אויפהערען צו דענקען פון איהם. אימער האָט זי איהם געזעהען פאר זיך. אימר האָט זי געזעהען זיינע אויגען, וועלכע ער האָט געקענט אויסשטארטשען אויף איינעם, און אימער האָט זי געפיהלט דעם קאלטען געלעכטער און די זיכערהייט זיינע. וואו זי איז געזעסען און געשטאנען — ער איז געוועזען הינטער איהר; ער האָט זי פערפאָלגט. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט א ני־דערטרעכטיגען מיטלייד, וועלכער האָט איהר געמאכט שווידערען. זי האָט געהערט זיין שטימע, וועמעס פעסטער, געלאסענער טאָן האָט איהר גאָר אין גאנצען צוטומעלט. און גאנץ דייטליך האָט זי גע־הערט, ווי ער האָט געזאָגט: זעה, איך וואָלט דיך געקאָנט נעהמען אין מיינע הענד און צוברעכען — אָבער איך טהו עס ניט. עס וואָלט פאר מיר געוועזען א קליינינקייט צו געברויכען געוואלד, און

אריבערציהען דיך צו מיר. און דאָך האַלט איך זיך צוריק. איך האָב דיך, ווי שטאַרק דו זאָלסט זיך רייסען פון מיר. דיין גאַנצער פיהלען גילט מיר, חאָטש דו מיינסט, דו האַסט מיך. איך בין זי־כער, אז דו וועסט אליין צו מיר קומען און זיך מיר איבערגעבען מיט דיין׳ איינענעם ווילען.

אזעלכע פאָרשטעלונגען האָט זי מיט אלע איהרע כחות געמאַ־טערט זיך צו בעקעמפפען. איהרע וואפען זיינען געווען האַס, עמ־פערונג און שטאָלץ. באַלד אָבער האָט זי דאָס אלעס בעגראָבען, און אויף דעם קבר האָבען אויפגעבליהט די ליעבע און האָפנונג. זי האָט געוואַרט, דאָס ער זאָל איהר געבען אַ ליעבעס־צייכען, ער זאָל איהר שרייבען. אָבער איהר וואַרטען איז געווען אומזיסט. דאַן איז געקומען איבער איהר אַ טרויעריגע אונרוהיגקייט. זי האָט גע־פיהלט, דאָס איהר ווידערשטאַנד־קראַפט איז צובראָכען, דאָס ער דאַרף נור קומען, אום איהר אויפצונעהמען, ווי אַ פויגעל, וואָס קריכט אויף דער ערד, ווייל די פליגלען זיינען צובראָכען.

זי האָט ניט מעהר געטראַכט שוין פון דער מיידעל דזשאָזעפּאַ. זי האָט פערגעסען גאָר, ווער זי איז. זי האָט געפיהלט נור איין זאַך, דאָס ער איז הערר איבער איהר. ער איז געווען דער זיעגער, און ער האָט געהאַט די אייזערנע קראַפט, וועלכע האָט זי געמאַכט אי ציטערען און אי העכסט גליקליך. זי וואָלט עס איהם געזאָגט אונטער טרערען פון פרייד, דאָס איהר איינציגער גליק איז זיך צו בויגען פאַר איהם. און דאַן איז געקומען די שטונדע, ווען איהר שעהמעדינגקייט איז ווי דער פריהלינג־שנעע צושמאָלצען געוואָרען. זי האָט איהם געשריבען, בעטענדיג איהם ער זאָל קומען.

מעכאַניקער פרינדעל האָט אָבער ניט געהאַלטען פון האַלבע ארבייט. ער האָט ביי איהר צוגענומען דעם רעשט פון איהר זעלבסטבעוואוסטזיין. ער האָט איהר געענטפערט, דאָס ער וואַרט אויף איהר אין זיין וואָוינונג. ער האָט איהר אָנגעגעבען גענוי די שטונדע, קלאָר און בעשטימט, אָהן אן איינציגען פריינדליכען וואָרט.

נאָך אַ מאָל האָט אַלעס אין איהר רעבעלירט. זי האָט בע־שלאָסען אויף קיין פאַל ניט נאָכצוגעבען. אָבער ווען דער אבענד איז אָנגעקומען, האָט זי זיך אָנגעטהאָן דעם הוט, און איז אוועקגע־

פאַהרען צו איהם. זי האָט געבעטען דעם קוטשער צו פאַהרען שנעלער. זי טאָר איהם ניט לאָזען ווארטען.

ביי דער געזונדער מיידעל האָבען געציטערט די פיס, ווען זי איז אראָב פון דראָזשקע.... קיינמאָל איז זי ניט געווען אזוי שוואך און עלענד. שוין ביי דער טיר האָט זי געוואָלט זיך אומקעהרען. דאן האָט זי דאך אין זיך אליין פערצווייפעלט געשמייכעלט. איהר ווידערשטאנד איז איהר פאָרגעקומען נאריש.

די מינדעסטע שוויריגקייט האָט ער איהר ניט איינגעשפּאָרט. וואָס העכער זי האָט ארויפגעקלעטערט אויף די טרעפּ, דאָס זיכערער האָט זי ערוואַרט, דאָס ער וועט ארויס איהר אנטקעגען, וועט איהר זאָגען א גוט וואָרט און אריינפיהרען איהר אין זיין אָרימען צימער... ווי דאנקבאר וואָלט זי איהם געווען. אָבער דאָס מינדעסטע פון דעם אַלעם האָט ניט פּאַסירט.

זי האָט געקלאַפּט אין זיין טיר, און האָט געהערט, ווי עס האָט ביי איהר געקלאַפּט דער פּולס.

זי האָט געהערט זיין רוהיגען „קומט אריין", האָט מיט א הייסער פיבעריגער האַנד א דריק געטהאָן די טיר־הענטעל און איז אריין אין צימער בלייך און צוטומעלט.

— אה, גוטען טאָג — האָט ער געזאָגט און זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל. ער האָט ניט גלייך דערלאנגט איהר די האנד, נור ער איז צוגעגאנגען צום לאָמפּ, וועלכען ער האָט געוואָלט אָנ־צינדען.

— טהוט עס ניט — האָט זי געבעטען.

ער האָט דעם לאָמפּ ניט אָנגעצונדען.

— איהר וואונדערט זיך, דאָס איך בין צו אייך געקומען — האָט זי קוים ארויסגערעדט.

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין.

— איהר האָט מיך ערוואַרט?

— יאָ.

זי האָט פּלוצלונג גענומען זיין ווייכען פילץ־הוט, וועלכער איז געלעגען אויפ'ן קאסטען, און האָט איהם אָנגעהויבען גלעטען. — ער איז אין גאנצען צוזאמענגעדריקט — האָט זי געזאָגט עטוואָס שעהמעדיג.

— בעסער דער הוט, איידער איך — האָט ער געענטפּערט, שמייכלענדיג.

זי האָט פערלייגט די הענד, און עמוואָס קינדישעס, וואָס האָט שטארק געענדערט איהר קלוגען פּנים, האָט זיך אריינגעגראָבען אין איהר מינע.

— איז דען דאָ אַ מענש, וועלכער קען אויף אייך אויסאיבען דעם מינדעסטען דרוק?

ער האָט געשוויגען.

זי האָט זיך געמאַטערט צו לייענען אין זיין פּנים. עס איז אָבער אזוי טונקעל געווען אין צימער, דאָס זי האָט גאָר ניט געקאָנט זעהען.

— עס וואָלט יא געקאָנט זיין אזא מענש — האָט ער ענדליך געזאָגט — דיזער מענש אָבער וואָלט געמוזט רעספּעקט האָבען פאר מיר, און קיינמאָל ניט פּרובירען מיך צווינגען צו עטוואָס. ער וואָלט מיר געמוזט שאפען די זיכערהייט, דאָס ער אַכטעט מיך און מיין פרייהייט. און ער וואָלט געמוזט זיין אזא מענש, אז איך זאָל מיט איהם קענען רעדען איבער אלעס און האַלטען עס פאר ווערטה די מיה צו הערען וואָס ער זאָגט. קיינמאָל וואָלט ער ניט געטאָרט דענקען, אז ער האָט וועלכע רעכט אויף מיר און מיך פּייניגען מיט זיינע ווינשע. ער וואָלט זיך געמוזט איבערגעבען צו מיר און קיינע פּאָרדערונגען מיר שטעלען. און ער וואָלט געמוזט — די פאָלגענדע ווערטער האָט ער ארויסגערעדט אות ביי אות — געמוזט וויסען די שטונדע, ווען איך דאַרף איהם און ווען ניט. דיזער מענש — האָט ער געענדיגט — קען נור זיין אַ פרוי.

— יא — האָט זי געענטפערט איינפאַך און פול מיט שמערץ, וואָס זי האָט ניט געקענט אויסדריקען — דיעזער מענש קען נור זיין אַ פרוי. און פּלוצלונג האָט זי ארויפגעלייגט איהרע הענד אויף איהם, זאָגענדיג: — איך וויל עס פּרובירען.

דאַן האָט זי דערפיהלט, ווי אימיצער האָט איהר ארומגעכאַפּט מיט שטארקע ארעמס, ווי שטאָהל, און צוגעצויגען צו זיך פאר אַ מאָמענט. ער האָט זי עטוואָס אויפגעהויבען, און עס האָט זיך איהר אויסגעדוכט, ווי זי וואָלט געשוועבט אין דער לופטען.

זי האָט אין דיזען אויגענבליק געהאַט נור איין געדאַנק: איך

בין א דיענסט, א גליקליכע, און פאר מיר שטעהט מיין הערר. אבער גלייך נאך דעם זיינען פערשיעדענע געדאנקען דורכגעגאנגען דורך איהר מח. זי האט זיך דערמאנט, ווי זי איז געווען פון קליינווייז אויף א שטענדיגע רעבעלין געגען איהר לעהרער און עלטערען, און האט אימער אויסגעפיהרט, וואס זי האט געוואלט. און מיט א מאל איז זי גאר א דיענסט, א שקלאפין, און דאס געראדע האלט זי פאר איהר גרעסטען גליק. דאס האט זי איהם געזאגט. עס האט איהר עטוואס געשפארט דאס צו זאגען איהם. דאן האט זי גענומען זיין האנד און עס געגלעט.

— קיינמאל זאלסטו מיך ניט פיהלען, אלס לאסט — האט זי צו איהם געזאגט — קיינמאל זאל דיין פרייהייט, דיין ווילען זיין געבונדען דורך מיר. זי האט עס געזאגט מיט דעם טאן פון א פייערליכער שבועה. און ווען ער האט ארויפגעקוקט צו איהר עטוואס איבערראשט און מיט א געפיהל פון אונאנגענעהמליכקייט, וואס זי האט גלייך אויסגעפונען, האט זי גלייך צוגעליינט: — דאס איז דער ערשטער און לעצטער פערשפרעכען, וואס דו וועסט הערען פון מיר.

זי האט זיך אנגעשפארט אן איהם. און דאן איז מיט איהם פארגעקומען אן אונערווארטעטע ענדערונג. ער האט זי ליידענשאפטליך געדריקט צו זיך, ניט אכטענדיג אויף איהר שמערץ. ער האט זי געקושט מיט א ווילדקייט און שטארקייט, וועלכע האבען ביי איהם צוגענומען דעם אטהעם און די בעזינונג.

זי האט ניט אויפגעשריען און האט זיך פון איהם ניט אוועקגעריסען. זי האט געציטערט אונטער זיין גרויזאמער צערטליכקייט. זי האט געשלאסען די אויגען און פערגעסען אלעס.

ער האט זי פלוצלונג אבגעלאזען, האט זי גענומען ווי א קינד אין זיינע ארעמס, און האט געזאגט:

— אזא גרויסע, שטארקע מיידעל און ווערהט זיך ניט. שטעלט זיך פאר דעם שוס און ציטערט ניט.

ער האט זיך צולאכט און האט ווידער געקושט איהר מויל.

— קוש מיך — האט ער געזאגט — און זי האט געפאלגט.

— אזוי ! — ער האט זי פרייגעלאזען און האט אנגעצונדען דעם לאמפ.

פערוואונדערט האָט זי בעטראַכט זיין צימער.

— יא — האָט ער געזאָגט — אָט אזוי לעב איך. דערביי האָט ער געגלעט איהרע צופלאָנטערטע האָר און איהר געגלעט איבער'ן שטערען.

— דו מיינסט, אז איך האָב זיך ניט געוועהרט? — האָט זי נעפרעגט, ערוואכענדיג פון איהר פערטראַכטקייט.

— איך גלויב עס.

זי האָט ארויסגענומען פון קעשענע א צוקנייטשטען קאָנווערט און האָט עס איהם דערלאַנגט.

ער האָט איהם פאָרזיכטיג געעפענט, נאָכדעם ווי ער האָט אי־בערגעלייענט די אויפשריפט. דאַן איז ער צוגעגאַנגען גאַנץ נאָ־הענט צום לאָמפּ. און וועהרענד זי האָט איהם אָנגעקוקט עטוואָס שטיפעריש, האָט ער געלעזען איהר צוגליעדערונג פון איהם וואָרט ביי וואָרט.

— הם, ווילסט מיר שענקען דיעזע שריפטשטיק?

זי האָט איהם צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

ער האָט דעם בריעף ווידער פאָרזיכטיג אריינגעלייגט אין קאָנ־ווערט און איהם אריינגעלייגט אין זיין בוזעם־קעשענע. דאַן איז ער מעהרערע מאָל דורכגעגאַנגען זיך איבער'ן צימער, ניט קימערענ־דיג זיך וועגען איהר.

אין א ווייל ארום האָט ער דעם פּאַפּיער ווידער ארויסגענו־מען, האָט עס נאָך א מאָל איבערגעלעזען, האָט צוגערוקט דעם שטוהל נאָהענט צום קאַסטען, האָט זיך געזעצט און אונטערגעשריעבען פאָלגענדען זאַץ:

„דאָס האָב איך ערהאלטען דאָנערשטאָג, דעם 17טען מאַי, 189..., האלב ניין אבענד.“

ער האָט אָנגעצונדען א שוועבעלע און מיט דעם קליינעם פלאַם האָט ער טרוקען געמאכט די נאַסע בוכשטאַבען, דאַן האָט ער גענו־מען א בוך און אָנגעהויבען לייענען.

איננאָלף האָט געקראָגען מיט א מאָל אנגסט פאַר איהם.

עס האָט אויסגעזעהען, אז ער האָט אין גאַנצען פערגעסען אָן איהר. אָבער זי האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט.

אין א פּאָר מינוטען שפּעטער האָט ער צוגעמאַכט דאָס בוך און האָט זיך אויפגעהויבען.

— קום — האָט ער געזאָגט — היינט איז א יום טוב ביי אינז, מעגען מיר זיך דורכגעהן.

אַרונטערגעהענדיג פון די טרעפּ, האָט ער אריינגעלייגט זיין אָרעם אין איהרען.

אויף דעם גאַנצען וועג, ביז זיי זיינען אָנגעקומען צום טהיער־גאַרטען, האָט ער צו איהר קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. דאָך האָט זי איהם פערשטאַנען און האָט זיך פעסט צוגעדריקט צו איהם.

.10

די מיטגליעדער פון דער גרופּפּע נאַכטליכט האָבען געהאַט א פערזאַמלונג, אויף וועלכער קיין איינציגער האָט ניט געפעהלט. דער שיין פון דעם ענגלאָמפּ האָט וויעדער א מאָל בעלויכטען זייערע געזיכטער, וועלכע זיינען געוועזן שטאַרק אויפגערעגט.

דער מאַהלער בראָזע איז געזעסען אָנגעשפּאַרט מיט'ן רוקען אָן זיין שטוהל. ער האָט זיך שטיל צוגעהערט צו דעם, וואָס די אַנדערע האָבען גערעדט. די קראַנקהייט האָט זיין פּנים געמאַכט נאָך גייסטיגער, ווי געוועהנליך. עפּעס אַזוי ווי א ניט־אירדישער גלאַנץ האָט ארויסגעשטראַהלט פון זיין געזיכט.

זיין פרוי איז געזעסען נעבען איהם, האַלטענדיג איינע פון זיינע הענד, וועלכע ער האָט ניט אָוועקגענומען פון איהר. זי איז געוועזן זעהר אונרוהיג. יעדער בליק איהרער האָט געהערט צו איהם. זי האָט אָהן אירגענד אָן אינטערעס זיך צוגעהערט צו די רעדען. די לאַנגע, שלאַפּלאָזע נעכט, פול מיט מורא און זאָרג וועגען איהר געליעבטען מאַן, האָבען זי געמאַכט זעהר נערוועז. דאָך האָט זי זיך בעהערשט, ווענינגסטענס, אויסערליך. ביי אירגענד א גערויש פלעגט זי שטאַרק אויפציטערען. האָט זי א בליק געטהאָן אויף בראָזע, איז זי געוואָרען רויט, ווי א קליין קינד, פערזיכערענדיג איהם, דאָס עס איז גאָר ניט, פון קיין בעדייטונג ניט.

מען האָט גערעדט וועגען טהאָמאַס טרוק. וואָכען שוין, ווי ער איז ניט געקומען צווישען זיי. ער איז פערשוואונדען געוואָרען, איז

אוועקגעפֿאָהרען, ניט איבערלאָזענדיג א וואָרט צו אימיצען פֿון זיי. קיינער האָט ניט געוואוסט, וואו ער איז געווען. מעכאַניקער פּרינ־דעל האָט ערקלערט, אז דערפֿאר קען מען איהם ניט מאַכען דעם מינדערסטען פֿאָרוואורף. ווען ער קומט ניט מעהר, דאָס איז זיין זאך. צוליעב דעם וועט זיין אורטהייל וועגען זיין כאַראַקטער ניט ווערען אנדערש. די לעצטע צייט האָט פּרינדעל ארויסגעוויזען אַ גאָר בעזאָנדערע רעדנער־קראַפֿט. זיין שווייגזאַמקייט האָט אויפֿ־געהערט. און אַלע האָבען זיך געוואונדערט, אין וואָס פֿאַר א הויכען גראַד דער ארבייטער, וואָס פֿלעגט פֿריהער מייסטענס שווייגען, בעהערשט די קראַפֿט פֿון רעדען, מיט וואָס פֿאַר א פֿעסטקייט ער רעדט ארויס יעדען זאַץ. ער איז געווען אזוי ווי שוין אָנגעגרייט אויף יעדען אנגריף, אום צו בעקעמפֿפֿען איהם מיט א בעזאָנדערער געשיקטקייט. פֿיעלע פֿון דער גרופּפּע האָט ער אָבגעשטויסען דורך זיין אָפֿענהערציגקייט און דורך די שאַרפֿקייט פֿון זיינע מיינונגען, וועלכע ער האָט געוואוסט צו פֿערטהיידיגען אזוי גוט, דאָס קיינער האָט מיט איהם ניט געקאָנט לאַנג דעבאַטירען און ניט פֿיהלען זיך בעזיעגט. אַלע אָבער האָבען איהם געאַכטעט, אלס א שטאַרקע פֿערזאָן.

— וואָס איז דען אייער מיינונג וועגען טהאָמאָס טרוק? — האָט ליסאוער ביי איהם געפֿרעגט.

פּרינדעל האָט אָנגעקוקט שאַרף דעם פֿראַגע־שטעלער, איידער ער האָט געענטפֿערט:

— איך האָב ניט צו איהם א בעזאָנדערס שטאַרקען צוטרוי. איך האַלט איהם פֿאַר א טרוימער און א שוועכלינג.

און היינזיאוס, וועלכער האָט מיט פּרינדעל אם בעסטען גע־שטימט, ווייל ער האָט זיך געפֿיהלט שטאַרקער און פֿעסטער אין זיינע אייגענע מיינונגען דורך דאָס פֿעסטע אויפֿטרעטען פֿון דעם געזונדען ארבייטער, האָט צוגעלייגט:

— טהאָמאָס טרוק איז איינער פֿון די האַלבע, פֿון די טרוימער, וועלכע האָבען גאָר ניט פֿעסטעס אין זיך, וועלכע ווערען געטריבען אַט אהין און אַט אהער, וועלכע וואָלטען אייביג עפּעס געוואָלט, נור קענען קיינמאָל ניט. אַזעלכע מענשען ווערען געוועהנליך אָדער קלאָגמוטערס אָדער משוגעים.

דיזע ווערטער האָט ער ארויסגערעדט מיט אזא פעסטקייט, דאָס אלע האָבען פאר א קורצע ווײלע אָנגעקוקט איהם ערשטוינט.

אָבער פּלוצלונג האָט זיך אויפגעהויבען מאַריא ווערפּט, און אריבערבויגענדיג זיך שטארק איבער׳ן טיש, אזוי ווי זי וואָלט גע־וואָלט דעם רעדנער דורכבויערען מיט איהרע בליקען, האָט זי אויס־גערופען מיט א שטימע, וועלכע האָט געציטערט פון כעס:

— ווי קענט איהר אזוי בעליידיגען דעם גנעדיגען הערר, ווען ער איז דאָ ניטאָ?

די אינגאָלף, וועלכע האָט שוין ביי פרינדעל׳ס ווערטער ניט אויפגעהויבען איהרע אויגען פון טיש און איז געבליבען זיצען, ווי צונויפגעדריקט, אזוי ווי זי וואָלט ניט געוואגט זיך א ריהר צו טהאָן, האָט שטארק אויפגעציטערט, הערענדיג ווידער א מאָל זיין שארפע שטימע, אלס אַן ענטפער צו מאַריא ווערפּט.

— רעדט דאָך ניט — האָט ער געזאָגט — אזא אונזין פון גנאַ־דע און גנעדיג. דאָס ווערט דאָך סוף כל סוף לאַנגווייליג.

מאַריא ווערפּט האָט זיך געפּיהלט געטראָפען פון דיזע ווערטער, ווי פון א בייטש. איהר קערפּער האָט זיך אין גאַנצען אויסגע־קרימט. דאַן אָבער האָט זי זיך אויסגעגלייכט און האָט געזאָגט:

— איהר זיינט אָהן א טראָפּען גוטסקייט. זאָל אייך קריסטוס מוחל זיין.

היינזיאוס האָט איהר געוואָלט עפּעס ענטפערען, אָבער אלע־מענס אויגען זיינען געווען געצילעוועט אויף דעם קראנקען מאהלער בראָזע, וועלכער האָט זיך לאַנגזאם אויפגעהויבען פון שטוהל און האָט זיך מיט זיינעביידע הענד פאַסט אָנגעהאַלטען אָן טיש.

— איך וואָלט ניט געוואָלט — האָט ער געזאָגט, אז מען זאָל חושד זיין מיך, דאָס דורך מיין שווייגען שליס איך מיך אָן אָן די מיינונגען איבער טהאָמאַס טרוק. וואָס מיר אנבעטרעפט, איך צווייפעל ניט דאָס מינדעסטע אין דיזען מענשען. דאָס אַלעס, פון וואָס היינזיאוס און פרינדעל דרעהען פאר איהם שטריק, שיינט מיר צו זיין גאָר ניט מיט גאָר ניט. פערקעהרט, פאר די אלע, וועלכע ווילען איהם פערשטעהן, מאכען דיזע אלע זאכען איהם ערשט אמת טהייער. עס איז אמת, דיזער מענש ליידעט אָן דעם פאָלקס־שמערץ, ער ליידט אָן זיין איך. דאָ ליגען די וואָרצלען פון אלע זיינע זאָר־

נען, פון וועלכע, איהר מעגט עס מיר גלויבען, עס וועט זיך ענטוויק־לען זיין בעזאָנדערע לעבענס־אנשויאונג און זיין בעזאָנדערע קראַפט. דיזער מענש קען צוגערעכענט ווערען צו יענעם סאָרט, וועלכער גע־פינט זיך זעלבסט זעהר שווער און לאַנג, וועלכען הערען ניט אויף צו זוכען און צו גראָבען. ער איז געשניטען פון דעם האָלץ, פון וועלכע איידעלע מענשען זיינען. פיעלע טאַנען וואקסען אין דעם דונקעלען וואַלד. דער שטורם רייסט זיי אזוי שטאַרק, דאָס זיי קרעכצען אזש, ביז ער רייסט זיי ארויס אָהן רחמנות מיט די וואָרצ־לען. און צו א יונגען בוים, וועלכער שטעהט פרייער, ווי די אַלע אַנדערע, קוקען די איבערגעבליבענע אריבער, אויב ער שטעהט נאָך, אָדער אויב אויך איהם האָט דער שטורם ארויסגעריסען. אָבער דיעזע בוים שטעהט נאָך פעסט. דער שטורם האָט איהם ניט בייגעקומען. ער בויגט איהם אהין און אהער, אָבער יעדעס מאָל בלייבט ער שטעהן פעסטער, ווי פריהער, און נאָך דעם שטורם און פינסטערניס קומט דער טאָג און די רוה. און די אַנדערע בוימער ליגען צובראָכען, וועהרענד דער פרייער בוים שטעהט פעסט. ווען איך מיין מיט דיזען בוים, ווייסט איהר. איך בין פאָלשטענדיג איינפערשטאַנען מיט מאַריא ווערפט, אז מען זאָל ניט אָנגרייפען איינעם, וועלכער קען זיך ניט פערטהיידיגען.

דער מוזיקער אבראהאם געבהארד האָט געזאָגט:

— איך האַלט עס פאר זעהר ניט שעהן, דאָס אין אונזערע קריי־זען האָט מען אזוי וועניג צוטרוי איינער צום צווייטען. וואָס פאר א נוצען האָבען מיר פון דיזע קליינליכע זידלערייען. דאָ, לכל הפחות, האָט דאָך יעדער בעדאַרפט האָבען אכטונג פאר א צווייטענס פערזענליכקייט.

פרינדעל האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

— אויב דאָס איז א פאָרוואורף, ווייז איך איהם צוריק. איך האָב געזוכט צו פערשטעהן דעם כאַראַקטער פון טהאָמאַס טרוק, און גענומען זיך די פרייהייט דאָ מיין מיינונג ארויסצוזאָגען. איך וואָלט איהם געזאָגט דאָס זעלבע, ווען ער איז דאָ. איבעריגנס...

דער מעכאַניקער האָט מעהר ניט גערעדט. אַלע בליקען האָ־בען זיך געווענדעט צום טיר, וועלכע האָט זיך געעפענט. אויפ'ן שוועל איז געשטאַנען טהאָמאַס טרוק, פערברוינט פון דער זון און

ראָך בלאַס. ער איז אויסגעקומען שטאַרק פערענדערט אין אלע־מענס אויגען. זיין האַלטונג איז געווען שטייפער, זיין אַנצוג אָרע־מער, נור זיין אויג האָט בעזאָנדערס געלויכטען.

די בראָזע איז איהם געלאָפּען אַנטקעגען, דערלאַנגענדיג איהם ביידע הענד, און זי האָט צו איהם געזאָגט:

— איהר זיינט געקומען צו דער ריכטיגער צייט, ווייל אָט איצט האָט מען אייך געמאַכט אַ פּראָצעס.

ער איז אַלץ געבליבען שטעהן ביין טיר. אַלעס איז געווען שטיל. קיינער האָט זיך ניט אויפגעהויבען צו בעגריסען איהם. אַלע האָבען געקוקט אויף איהם מיט אַ בעזאָנדערער געשפּאַנטקייט. אין דיזען מאָמענט איז עס פאַר איהם קלאָר געוואָרען, דאָס ער מוז פאַר זיי איצט זיך אויסרעדען, און דאָס ער דאַרף עס ניט אָבלייגען און קיינער האָט זיך ניט געוואונדערט, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען:

— ליעבע מענשען, אין אייער קרייז האָב איך אימער־צו צוגע־הערט און געלערנט. עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך וועל פּרובירען צו געבען אייך עטוואָס. קיינער זאָל פון מיר ניט ערוואַר־טען קיינע בעזאָנדערע געדאַנקען. איהר האָט געהאַלטען געריכט איבער מיר, און איהר זיינט געווען גערעכט. אָבער איהר האָט ניט געוואוסט, דאָס איך האָב מיך אין דער איינזאַמקייט, פון וועלכער איך קום איצט צוריק צו אייך, אַליין אָנגעקלאָגט און געפאָרדערט פון זיך רעכענונג. און אויב איהר האָט מיך שטרענג געאור־טהיילט, האָב איך זיך אַליין גע'מישפּט נאָך שטרענגער. איך האָב איבערגעזיפּט מיין גאַנצען לעבען, האָב אריינגעקוקט אין זיך אַליין און איך האָב זיך דערשראָקען.

פאַר אַ ווײַלע איז ער שטיל געבליבען, האָט טיעף אויפגע־אָטהעמט און האָט פאָרטגעזעצט:

— איך וויל צו אייך, ליעבע מענשען, ריידען פון דעם וועג, וועלכער עפענט זיך אויף פאַר מיר. אין אייער קרייז מיט אייך צוזאַמען, האָב איך געשטרעבט בעסער צו פערשטעהן דאָס לעבען און אַלעס, וואָס איז מענשליך. געגענזעצע, אָבגרונדען האָבען זיך געעפענט פאַר מיר, אָבער דער שטרעבען נאָך פרייהייט האָט אוועק־געלענט אַ בריק איבער אַלע אָבגרונדען. יעדער האָט געשטרעבט פאַר פרייהייט נאָך זיין טהייל. און דיזער בעגריעף איז געוואָרען פאַר

איהם עטוואס איבינגעס. אין דיעזען בעגריעף האבען מיר געפונע־
אלעס, וואס איז ריין און איידעל. אונטער דעם בעגריעף פון פריי־
הייט האבען מיר פערשטאנען א רעבעליאן, א קאמפף געגען יעדע
צוואנג, פון וואנען ער זאל ניט קומען, פון דרויסען אדער פון אינע־
ווייניג. מיר האבען געוואלט צוברעכען אלעס, וואס די ערציהונג אוי
די געוואלט־הערשאפט האבען איף אונז ארויפגעצוואונגען. עס זאי
פאר אונז ניט זיין קיין אויטאריטעט. מיר האבען זיך צוריקגעצויגע
פון דער געזעלשאפט, וואו די פערזענליכקייט פון דעם איינצעלנעב
ווערט אונטערדריקט, אום צו געהן אונזער אייגענעם וועג, וועלכען
זאל אונז פיהרען הויך, הויך. מיר האבען אנערקענט, אז נור דער איי
א מענש, ווער עס איז פריי, פאר וועמען עס זיינען ניטא קיינע
אויסערליכע געבאטען און קיינע אנציהונגען פון דיעזער וועלט.

ער איז ווידער שטיל געווארען א ווײלע, און באלד ווידער
אנגעפאנגען אין א שטילער שטימע:

— מיר האבען בעגריפען, דאס מיר האבען זיך אוועקגע־
שטעלט אן א זייט און האבען פערלארען דעם צוזאמענהאנג מיט די
מענשען, וועלכע פראקטיצירען די געוואלט אדער ווערען געקנעכטעט
פון דער געוואלט. מיר האבען געפיהלט אונזער אינערליכען גליק
אין אונזער איינזאמקייט. ליעבע פריינד, איך וויל פרובירען צו
לייגען א נייעם בריק, וועלכער זאל אונז צוריקפיהרען צום לעבען.
דאס לעבען שליסט אויף זיינע טהירען. עפענט ווייט אייערע
אויגען און קוקט אריין אין דאס נייע קעניגרייך. געדענקט דעם
ווארט: „מיר זיינען דאס ליכט פון דער וועלט". געהט אין דער
ליכטינקייט. זי וועט ברענגען העלקייט און טאג. איך וויל צונויפ־
קלייבען די, וועלכע דורשטען נאך ליכטינקייט. איך וויל די מענשען
ברענגען די בשורה פון פרייד. איבעראל ציהט מען זיך און מען
שטרעבט צו פרייד. זיי ווארטען נור, די אונגליקליכע, אז אימיצער
זאל קומען און זיי אויפוועקען.

אויף דיעזער שטעלע האט ער אבגעבראכען. עס האט זיך איהם
אבגעדוכט, אזוי ווי עס איז פלוצלונג דונקעל געווארען אין זיינע
אויגען, אזוי ווי עס וואלטען זיך צונויפגעקליבען שווארצע שאטענס
צווישען איהם און די אלע אנדערע. ער האט געהאט דעם געפיהל
פון עלענדקייט, פון זיין איינער אליין. ער האט פאר א מאמענט

נעגלויבט, אז ער וועט אומפאַלען, אזוי שוואַך האָט ער זיך געפיהלט. ער האָט פּלוצלונג דערזעהן פאר זיך רעגינע'ס פּנים. און ער האָט נעמוזט זיך אָנטהאָן געוואלט, אום ווייטער צו ריידען. ער האָט ביי זיך געטראַכט: איך זאָל וועקען? בין איך דען אַליין איינער, וואָס איז אמת וואַכעדיג? יא, איך בין וואַך, איך בין עס! און ער האָט געענדיגט זיין רעדע מיט פאָלגענדע ווערטער:

— איך פאָדער אויף יעדען אריינצוטרעטען מיט מיר אין דעם פעסט־זאַל, און מאַכען זיינע ערקלערונגען. און יעדער האָט וואָס צו זאָגען און וואָס צו ערקלערען. מיר טרעטען דאַן ארויס פון אונזער ענגען צירקעל און זוכען די גלייכע. זיי שטעהען אויף אַלע עקען פון לאַנד. איך הער, ווי זיי קלאַפּען, אַז מען זאָל עפענען דעם פעסט־זאַל.

און פּלוצלונג האָט ער ארויסגעצויגען א ווייסען בלאַט פּאַפּיער פון קעשענע.

— אויף דיעזען בלאַט שטעהן נור די צוויי ווערטער „דער פעסט־זאַל". יעדע וואָך זאָל עס בעשריבען ווערען פון אונז, עס זאָל ארויסגעהן אין די וועלט צו רופען די פרייע גייסטער זיך אָנצו־שליסען. דאָס זאָל זיין א פורכטבארע וואַרנונג פאר די, וועלכע ווילען אונטערגראָבען דאָס אויפבליהען פון דער פרייהייט און דאָס פריי ווערען. זיי גראָבען זיך אַן אייגענעם קבר, און אויף זייערע קברים וועלען מיר פערפלאַנצען נייע פרוכט. מיר קעמפּפען פאר א פרייע געזעלשאַפט. מיר קעמפּפען פאַר דאָס נייע לעבען, וועלכעס איז אייגענטליך ערשט לעבען. דאָס איז עס, ליעבע פריינדע, וואָס איך האָב אייך געוואָלט זאָגען.

ער איז איצט געוואָרען נאָך בלייכער, ווי ער איז געוועזן ביים אָנפאַנג פון זיין רעדע. אָבער ער איז געשטאַנען פעסט, שטאַרק אין יעדען גליעד, דורכגעגליהט דורך די ריינקייט פון זיין ווילען. אַלע האָבען געהאַט דעם איינדרוק, דאָס ער איז פול פון א גרויסער און ריינער איבערצייגונג, און דאָס ער האָט עטוואָס אין זיך פון דעם ארכיטעקט, וואָס בויט, און ניט בלויז צושטערט.

דער וואַרעמער קלאַנג פון זיין שטימע, דער אינערליכער טיעפער געפיהל זיינער האָט אויף זיי מעהר איינדרוק געמאַכט, ווי דער אינהאַלט פון זיין רעדע. דאָס האָבען זיי נאָך ניט געוואוסט קלאָר, וואָס ער מיינט.

פאר א פּאָר מינוטען האָט געהערשט א ציטערענדע שטילקייט, וועלכע האָט אָבער פיעל מעהר גערעדט, ווי א בראַוואָ־געשריי.

דער קליינער בלינסקי איז צוגעגאנגען דער ערשטער צו טהאָמאס, האָט גענומען זיין האנד, און ערקלערט פריינדליך:

— איך בין מיט אייך.

נאָך איהם האָבען אויך די איבעריגע אָנגעהויבען ריידען צווישען זיך און עס האָבען זיך געבילדעט קליינע גרופּען. יעדער האָט געפיהלט, דאָס דיעזע נאכט וועט מאכען אַן ענדערונג אין דעם גאנצען פריהעריגען לעבען פון יעדען איינעם, דאָס טהאָמאס וויל זיי ארויסציהען פון זייער ענגען צירקעל אין דעם קאמפּף־ליארעם פון דער גרויסער וועלט.

אין א ווינקעל איז געשטאנען דזשאָזעפּא גערווינג, קוקענדיג אויף פרינדעל, וועלכער האָט היציג גערעדט מיט דעם לעהרער היינזיאוס.

דער פּאָעט ליערם איז צו איהר צוגעגאנגען.

— איך בעט אייך, מאכט ניט אזא שרעקליך ערנסטען פּנים. איהר זעהט אוים אזוי צורודערט!

— דענקט איהר אזוי? זי האָט אויף איהם א וואָרף געטהאָן א בליק פול מיט פעראכטונג.

— יא, איך דענק אזוי.

— דאכט זיך, אז איצט האָט איהר בעדארפט האָבען עטוואָס וויכטיגערעס צו טהאָן, ווי צו קוקען אויף מיר.

— פאר מיר איז ניטאָ קיין וויכטיגערע זאך.

— אזוי גאָר!

— איהר זיינט פאר מיר דאָס וויכטיגסטע אויף דער גאנצער ערד.

— ווען איהר ווערט ניט שטיל, רוף איך גלייך אייער פרוי. א גליק, דאָס אלע זיינען איצט פערטהאָן אין אנדערע זאכען, און מען קוקט זיך ניט ארום אויף אונז.

און ווידער איז איהר בליק געווען געצילעוועט אויף פרינדעל. צו דערזעלבער צייט האָט איהר אויג אויך געזוכט די סטודענטקע אינגאָלף.

— איהר קענט רופען, ווען איהר ווילט. דאָס, וואָס איך האָב אייך צו זאָגען, קען יעדער הערען.

— מיינט איהר עס?

— געוויס.

זיין בילד־שעהנער פּנים, וועלכער איז געווענליך געווען מיעד און פערשלאָפען, האָט איצט בעקומען אַ פייערליכען אויסדרוק.

די מיידעל האָט איהם בעטראַכט אויפמערקזאַם, און אין דער שטיל האָט זי געזאָגט, ווי שעהן ער איז. אויפ'ן קול האָט זי איהם געזאָגט:

— איך האָב אייער פרוי געזאָגט ניט לאַנג, דאָס איהר לויפט מיר נאָך, ווי אַן אונפערשעהמטער מענש. און דו, ליעבער גאָט, איהר זיינט דאָך אַ פערהייראַטהער מאַן. שעהמט איהר זיך דען גאָר ניט?

— ווי קענט איהר צו מיר אַזוי רעדען? אָט איצט האָט מען גע־רעדט פון פרייהייט, און איהר...

— ווען איהר צילעוועט מיט אייער פרייהייט, דאָס איינע ביי דער אנדערער זאָל דעם מאַן גנב'ענען, פייף איך אויף אַזאַ פרייהייט.

ער איז געוואָרען נערוועז.

— וואָס פאַר אַ קינדישע אויסדריקע איהר געברויכט. וואָס בין איך, עפּעס אַ טוידטע זאַך, וואָס מען קען מיך צו'גנב'ענען?

— לאָזט מיך — האָט זי איהם אונטערגעבראָכען גראָב — איך קען ניט פערטראָגען אַזעלכע נאַרישקייטען, פערשטעהט איהר?

ער איז צוגעאַנגען אַ טריט נעהענטער צו איהר, פּרובירענדיג צו מאַכען זי שטעהן מיט זיין בליק.

זי אָבער האָט זיך געוואָלט אָבקעהרען פון איהם. דאַן האָט ער איהר געכאַפּט ביין עלענבויגען. זי האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן און אין איהרע אויגען האָט עס אויפגעפלאַקערט.

— אָדער געהט שוין אוועק פון מיר, אָדער איך וועל שרייען! איך שריי גאַנץ הויך. מיינט איהר אפשר, איך וועל מיך שעהמען?

זי האָט אויסגעפונען די איינגאָלף, וועלכע האָט גערעדט מיט דעם מאַהלער'ס פרוי, און ביי דיזען אנבליק האָט זיך איהר פּנים גע־רעהט אין אַ נידערטרעכטיגען שמייכעל.

— הערר ליערם — האָט זי געזאָגט פּלוצלונג אין א גענענדער־טען טאָן.

— פריילין !

— ווען איינער האָט אימיצען ליעב, ברענגט ער דאָך עפּעס אָפּפער פאר איהם. ניין, אפשר ?

— אזוי זאָגט מען.

— האָט איהר מיך ליעב ?

— איהר ווייסט עס.

— ווילט איהר עטוואָס טהאָן פאר מיר ?

— אלעס.

— דארף איך אייך האלטען ביים וואָרט ?

— איר מעגט עס.

— גוט ! איהר זאָלט אויף שריט און טריט נאָכגעהן דיזער פרוי — זי האָט געוויזען מיט'ן פינגער אויף די אינגאָלף, — איהר זאָלט ניט שאָנעווען ניט קיין געלד, קיין מיה און ניט קיין צייט, און איהר זאָלט מיר לאָזען וויסען, ווען און וואו איהר וועט איהר געפי־נען צוזאמען מיט פרינדעל. נאטירליך, מוזט איהר צוליעב דיזען צוועק עטוואָס וועניגער שלאָפען.

דער קאָליר אין פּנים האָט זיך ביי איהם אין פּנים שטארק גע־ביטען, הערענדיג איהר פערלאנג.

— אין גרונד גענומען, פערלאנגט איהר פון מיר א געמיינהייט — האָט ער קוים ארויסגעבראכט — איך זאָל ווערען א דעטעקטיוו... א שמוציגער געשעפט.

— אהא, אָט האָבען מיר עס ! איך האָב נור געוואָלט זעהען. איך דאנק אייך. איך בין בערוהיגט. איהר וועט זיך שוין ניט טוידטען צוליעב מיר.

— הערט נור, איך האָב נור געזאָגט, אז דאָס איז א געמיינהייט. איך האָב אָבער ניט געזאָגט, דאָס איך ענטזאג זיך צו טהאָן עס. איך אנערקען, אז דאָס איז א שמוציגע געמיינהייט, אָבער איך טהו עס אונבעדינגט.

איהרע אויגען האָבען געפינקעלט. זי האָט גענומען זיין האנד און זי געדריקט.

דער מאהלער האָט איצט אַ קלאַפּ געטהאָן מיט אַ שליסעל אויפ'ן טיש און יעדער האָט זיך געזעצט אויף זיין פּלאַץ.

— דעם וואָרט האָט אבראהאם געבהאַרדט — האָט ערקלערט דער פּאָרזיצענדער.

דער מוזיקער האָט זיך געשטעלט הינטער זיין שטוהל, אויף וועלכען ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטביידע הענד. ער האָט עט־וואָס אָנגעבויגען זיין קאָפּ, אַזוי, דאָס מען האָט געקאָנט זעהען זיין פיינע, שלאַנקע פיגור, און ער האָט אָנגעפאַנגען:

— מיר דוכט זיך, אַזוי ווי איך וואָלט געהערט קלינגען די גלאָ־קען פון דעם ד ר י ט ע ן קעניגרייך. אַ מוזיקער האָט אַ פיינעם גע־הער. דאָס ליעבסטע אין די קלויסטערס איז פאר מיר אימער גע־ווען דאָס קלינגען פון די גלאָקען. פאר מיין אויער האָט דאָס קלינג־גען אימער עטוואָס שטאַרקעס, אויפוועקענדעס, אייפּרעגענדעס, און ווען דאָס קלינגען הערט אויף, הער איך עטוואָס, וואָס ברענגט דעם פריעדען, עטוואָס עהנליכעס צו אַ תפלה. די גלאָקען, וועלכע איך האָב היינט געהערט, האָבען אָבער פאר מיר געהאַט נאָך עטוואָס. עטוואָס טיעף־פריידיגעס, עטוואָס, וואָס רופט אין די צוקונפט. אי־מיצער פון אונז הויבט זיך אויף און רעדט ארויס דאָס גרויסע בע־פרייענדע וואָרט. דער, וועמען מיר האָבען נור וואָס געשימפּפט, ברענגט אונז די בשורה, אויף וועלכע מיר האָבען געוואַרט און זיך פאַרבערייטעט אַזוי לאַנג. וועמען פון אונז ווילט זיך ניט מתודה זיין אין אלע אונזערע געפיהלען און ארויפשטייגען אויפ'ן טהורם צוזאַמען מיט טהאָמאַס טרוק, ארויפשטייגען אויף אונזער טהורם, און צו קלינגען אין די גלאָקען און צו רופען די ברידער צו דער סעודה, וועלכע הייסט „לעבען“! איך בין איינפערשטאַנען מיט איהם מיט מיין גאַנצען הארצען. וואָס איז פרייהייט? פרייהייט מיינט אַ לעבען אָהן מורא און האָפנונגען. וואָס איז אַ בורזשואַ? אַ הוילע קישקע, אָנגעפילט מיט מורא און האָפנונג, אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען. די פּוסטע פערלאַנגען, און די נאַרישע מורא — דיזע בעגראָבען מיר גאַנץ טיעף, מיר וואַרפען פון זיך אַראָב אונ־זערע שקלאַפען־קייטען, און מיט בעוואוסטזיין פערגאָלדען מיר אונ־זער לעבען מיט דעם גלאַנץ פון פרייד. מיר זעהען אונזער לעבען איבעראל. אונזערע אויגען, ערשט געעפענט, בליקען אין די ווייט־

קייטען. רופען מיר דיזע רעליגיאָן שכרות — פרייד, טאַנץ אָדער תפלה, אימער אָבער ווערט זי געבאָרען פון דעם שטאַרקען שטרעבען נאָך ריינע לופט פון דער הויך. און אזוי פערטיעפען מיר אונזער רעליגיאָן, בויען איהר, און בויען איהר, ביז מיר צוקלאַפּען די קייטען פון יעדער דאָגמא. זי איז פאַר אונז אַן איינהייט, אין וועלכער מיר פאַסען צוזאַמען אונזער טויזענד־פאַכיגעס עווינעס לעבען. אונזער קונסט, און אונזער ארבייט, אונזער לעבענס־פיהרונג, אונזער פיהלען און אונזער נייער טרוימען.

— איך פערלאַנג אַ וואָרט — האָט ליסאָוער אויסגעשריען, ווען נעבהארד האָט געענדיגט. דער קליינער מענשעל האָט איינפאַך געגליהט.

— איך וועל מיך זעהר קורץ פאַסען. איך וויל נור זאָגען, דאָס מיר וועלען נאָך לאַנג מוזען ארומטערייסען, איידער מיר וועלען קענען עפּעס אויפבויען. אָבער איך האַלט עס פאַר זעהר שעהן, דאָס היינטער דיזער ארבייט פון צושטערען איז דאָ אַן אויפבויענדער געדאַנק. איך שטעה צו, און האַלט עס פאַר פראַקטיש. איך וואָלט דארום געוואָלט פרעגען הערר טרוק, ווי ער דענקט עס צו פערווירקליכען.

איידער טהאָמאַס האָט געקאָנט ענטפערען, האָט היינזיאוס, וועלכער האָט די גאַנצע צייט שטילערהייד גערעדט מיט פרינדעל, גענומען דאָס וואָרט. ער האָט געזאָגט:

— האָטש מיר — אָנווייזענדיג מיט׳ן פינגער אויף פרינדעל — פיהלען זיך שטאַרק ווייט פון דער וועלט־אנשויאונג, וועלכע איז דאָ פאָרגעלייגט געוואָרען, דאָך אין פיעלעס זיינען מיר איינפערשטאַנען. אויך מיר קענען אונטער געוויסע אומשטענדען צושטעהן צו דעם פעראיין פון גלייכע, וואו די איינצעלנע פערזענליכקייט זאָל זיך קענען פול און גאַנץ ענטוויקלען. דעריבער ווילען מיר היינט ניט בעטאָנען דאָס, וואָס שיידט אונז אָב איינע פון די אַנדערע, און מיר ערקלערען זיך פאַר פערטיג מיטצוהעלפען, נאַטירליך, מיט דער בעדינגונג פון פאָלשטענדיגער פרייהייט.

טהאָמאַס האָט אויף דעם געענטפערט:

— זיך האָב נאָר קיינמאָל ניט געטראַכט צו בעגרענצען איינעמס פרייהייט. איידער איך וועל ערקלערען די פראַקטישע ציע־

לען, וואָלט איך נאָך געוואָלט הערען, וואָס יעדער פון אונז האָט צו זאָגען וועגען דער זאַך אליין.

דאן האָט זיך אויפגעהויבען דער טהעאָלאָגישער סטודענט בע־כערט און האָט געזאָגט:

— איך האָב מיך דאָ אימער בעטראַכט, אַלס א גאַסט. איך בין דאָ געוועזען אַ גאַסט, וועלכער האָט זיך ניט געלאָזט ארויסטרייבען. איך פאַר מיר מוז זאָגען, אז איך גלויב ניט אין דיעזע נייע בשורה. זי שיינט מיר צו זיין זעהר דונקעל און אונטער דעם מאַנ־טעל פון פאַנטאַסטישע פראַזען, איז פערשטעקט דער גייסט פון רע־בעליאָן, פון אונגלויבען און פון צושטערונג. צו אַזאַ ארבייט קען איך ניט מיטהעלפען. אָבער קומען וועל איך צווישען אייך, אַלס איינער, וואָס פרעדיגט דעם גלויבען אין גאָט. איהר זיינט אַלע פערבלענדעט, אַזוי זאָל מיך גאָט העלפען. דאָס, וואָס איהר פּלאַ־נעוועט דאָ, איז אַ געפעהרליכע זאַך. דער שפּאַס פון דיעזער גע־שיכטע איז, דאָס די שטורם־און־איך־גייסטער פון דיעזען קרייז האָ־בען זיך אין אַ האלבע שטונדע געענדערט און זיי נעהמען אנטהייל אין דיעזען האַנדעל. נור דאָס, וואָס די אידען האָבען זיך אָנגע־כאַפּט אָן דעם, דאָס, זעהט איהר, געפין איך פאַר זעהר פערשטענד־ליך. דאָרט, וואו מען דאַרף צוברעכען, דאָרט זיינען די אידען אי־מער אויפ'ן פּלאַץ. זיי זיינען דער נעגאַטיווער, דער צושטערענדער עלעמענט אין אונזער געזעלשאַפט. זיי זיינען דער זויער־טייג ביי אַלע פערניכטונגס־פּראָצעסען. פאַר מיר איז אַזאַ זאַך פון אָנפאַנג אָן איינפאַך און פון גרונד אויס פאַלש, ווען די אידען האָבען אַ חלק אין דעם. דיעזע געזעלשאַפט...

ווייטער האָט מען איהם שוין ניט געלאָזט רעדען.

דער קליינער בלינסקי איז אויפגעשפרונגען און האָט געשריען:

— איהר זיינט אַ קריסט, וועלכער האָט אַפילו די בעדייטונג פון דעם וואָרט ניט בעגריפען. איהר זיינט אַ פאַנאַטיקער, און אַ יעזואיט פון דעם ערגסטען סאָרט. דאָרט, וואו עס וויל געשאַפען ווערען עטוואָס הייליגעס, גרויסעס, קומען אַזעלכע ווערים, ווי איהר, און ווילען אַלעס פערפּאַטשקען. ווען ליסאַוער האָט גערעדט פון אדונטערדרייסען, האָט ער געמיינט אַזעלכע מענשען, ווי איהר. איהר זיינט דער סם פאַר אַלעס, וואָס איז גרויס און שעהן אין לעבען.

איהר געהט דעם וועג פון פינסטערנים, און מיר שטרעבען נאך ליכט.

ער איז שטיל געוואָרען. שטאַרק מיעד פון דער אנשטרענגונג. און איצט האָבען אלע געקוקט אויף טהאָמאַסען.

— מיר קענען איידָ, הערר בעכערט—האָט טהאָמאַס געזאָגט— און מיר האָבען פאַר אייך קיין מורא ניט. ניט אייערע אנגריפע אויף היינזיאוס און פרינצ׳יפּיעל האָבען פאַר אונז עפּעס א בעדייטונג, ווייל זיי שטיצען זיך אויף דעם, וואָס איהר ווילט ניט פערשטעהן אונזערע שטרעבונגען, און אויך ניט אייער פאַנאַטישער אָנפּאַל אויף די אידען. יעדענפאַלס אָבער אייערע ווערטער דערמאָהנען אונז, דאָס מיר האָבען פאַר זיך א שווערען קאַמפּף. און מיר נעהמען איהם אויף. מיר ערקלעהרען זיך אמת איינפערשטאַנען מיט אייער בעהויפּטונג, דאָס איהר זיינט ביי אונז געווען א גאַסט. אייער גייסט איז ניט אונזערער, און מיט דיעזע ווערטער בין איך צו ענדע מיט אייך.

נאָך א קורצען שטילשווייגען האָט ער רוהיג פאָרטגעזעצט:

— די פערווירקליכונג פון דעם נעכסטען ציעל פאַר אונז שטעל איך מיר אזוי פאָר. מיר לאָזען ערשיינען יעדע וואָך א צייט־שריפט, אין וועלכער מיר וועלען אויסדריקען אונזערע אידעען. מיר וועלען אָבהאַלטען פערזאַמלונגען, אין וועלכע מיר וועלען פּרעדיגען אונ־זערע אידעען. היינט זיינען מיר ווענינע, אָבער מיר וועלען וואַק־סען, ווי עס וואַקסט דער בערג־טייך, ווען דער פריהלינג צושמעלצט לאַכענדיג דעם שנעע פון די בערג. די צייטונג וואָלט איך געוואָלט א נאָמען געבען „פעסט־זאַל". דאָס, וואָס וועט זיין נויטיג אין געלד אין אָנפאַנג, דאָס וועל איך געבען. די זאָרג פאַר שפּעטער, דאָס דאַרף אונז היינט ניט קימערען. יעדער פון אונז אַרבייט לויט זיינע כחות, און מיר וועלען בויען דעם טהורם און הערען קלינגען די גלאָקען, פון וועלכע אַבראַהאַם געבהאַרד האָט געטרעדט.

דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער זיינע יענעם אָווענד, ווען עס איז בעשלאָסען געוואָרען אַרויסצוגעבען די צייטונג „דער פעסטזאַל".

די רעדאַקציאָן פון דיעזער צייטונג האָבען איבערגענומען טהאָ־מאַס טרוק און היינזיאוס.

.11

די רעדאקציע פון דעם „פעסטזאל“ האָט זיך בעזעצט אין טהאַמאַסעס וואוינונג.

אָנפאַנגס האָט טהאָמאַס געהאַט בדעה צוזאַמען מיט דעם נייעם לעבען אויך פערלאָזען זיין אלטע וואוינונג, דאָך, נאָך א קורצען איבערלעגען זיך, האָט ער בעשלאָסען צו בלייבען אין זיין אַלטע סאַלקע, ווייל דיזע סאַלקע פון איצט אָן און ווייטער געהערט שוין ניט מעהר צו איהם אַליין. זי איז געווידמעט צו א העכערען צוועק.

און דאָן זיינען עס געוועזען געוויסע עראינערונגס־קייטען, וועלכע האָבען איהם געהאַלטען אַ ביסעל צוגעבונדען. ער האָט געפיהלט, אַז ער טאָר ניט פערלאָזען דעם פּלאַץ, וואו עס האָט פּאַסירט אזוי פיעל דונקעלעס און אונפערשטענדליכעס, וואָס ער קען זיך נאָך ביז היינט ניט ערקלעהרען.

און צו אַלערלעצט האָט דיזער פּלאַץ געהאַט פאַר איהם א בעזאָנדערע צוציהונגס־קראַפט, ווייל אין איהם האָט ער נאָך אמאָל איבערגעלעבט זיין יוגענד אין דער געשטאַלט פון בעטינאַ. און כאָטש ער האָט נור געקאָנט דענקען פון איהר מיט א געפיהל פון א טיעפער און פיינינגענדער שאַנדע; כאָטש ער האָט עס איבערהויפּט אויסגעמיעדען צו דענקען פון איהר בעוואוסט, אָבער אין גרונד פון זיין הארצען האָט געלעבט די עראינערונג אָן איהר, ווי אַן אייביגער לייכט־פייער.

ער האָט אין דער לעצטער צייט גענומען אויף זיך אזוי פיעל ארבייט, אַז זיין געזונדהייט האָט עס קוים געקענט אַריבערטראָגען. ער האָט אָבער וועגען דעם זיך וועניג־וואָס געקימערט.

דעם גאַנצען טאָג האָט ער געהאַלטען אין איין ארומלויפען מיט היינזיאוס. זיי האָבען פערהאַנדעלט מיט דרוקערייען און מיט פאַפּיער־געשעפטען, און האָבען זיך ערקונדיגט ווי אזוי א בלאט קען פערברייטעט ווערען. זיי האָבען פון די אַלע זאַכען ניט געהאַט די מינדעסטע ידיעה.

שוין גלייך פון אָנפאַנג זיינען פיעלע פון זייערע האָפנונגען צושטערט געוואָרען. איבעראַל האָבען זיי זיך בעגעגענט מיט שוויעריגקייטען, וועלכע זיי האָבען זיך ניט פאָרגעשטעלט.

ביי יעדער אונטערנעהמונג, וואָס האָט זיך ניט איינגעגעבען, האָט היינזיאוס געהאַט אַ טריאומפּירענדען שמייכעל. פאַר איהם זיינען ניט געוועזען קיינע איבעראַשונגען. נור ווען עס וואָלט אַנדערש געוועזען, וואָלט ער זיך געוואונדערט, האָט ער געזאָגט צו טהאָמאַס'ען.

טהאָמאַס האָט נור שטיל געשמייכעלט, הערענדיג דיזע ווערטער. ביי איהם האָט קיין זאַך דעם מוטה ניט אוועקגענומען. ער איז געקומען צו דעם בעשלוס, אַז פריהער מוז זיין די צייטונג, און דאַן וועט מען שוין זעהען. די פערברייטונג פון בלאַט וועט שוין במילא קומען.

דער ערגסטער קלאַפּ איז געקומען, איידער מען האָט זיך גענומען צו דער ארבייט.

טהאָמאַס האָט געוואָלט האָבען גרייט זיין גאַנצען פערמעגען, וואָס איז איהם נאָך איבערגעבליעבען פון זיין מוטער, — ארום 25־טויזענד מארק. ער האָט אָבער פון זיין פאַטער געקראָגען די נאַכריכט, דאָס ער קען איהם ניט שיקען מעהר, ווי אַ פינפטעל פון זיין פערמעגען, ווייל דאָס איבריגע געלד ליעגט אין פערשיעדענע מאָרטגעדזשעס.

טהאָמאַס האָט קיינמאָל ניט געטראַכט וועגען געלד־אַנגעלעגענהייטען, און ער האָט עס ניט פערשטאַנען. ער האָט נור געוואוסט, דאָס זיין פאָטער שאַפט זיך מיט זיין געלד אָהן אַ שום רעכט דערצו, ווייל טהאָמאַס איז שוין געוואָרען גראָסיעהריג.

ווען ער האָט דערצעהלט דיזע טרויעריגע בשורה דעם שול־לעהרער היינזיאוס, האָט יענער אויפגעריסען די אויגען אין פערוואונדערונג.

— איך האָב גאָר ניט געוואוסט, — האָט היינזיאוס געזאָגט — אַז איהר זיינט אַזאַ עושר. און איבריגענס איז פינף טויזענד מארק אַ מאַסע מיט געלד, און פאַר אַן אָנפאַנג איז עס איבערגענוג.

ענדליך זיינען געמאַכט געוואָרען די נויטיגע פאָרבערייטונגען, און די רעדאַקטערע האָבען זיך געקענט נעהמען צום שרייבען.

די פעדערן, ווי עס האָט אויסגעזעהען, האָבען זיך ביי זיי בעוועגט פון זיך זעלבסט. זיי זיינען געוועזען אַזוי פול פון זייערע אידעען און אנשויאונגען, דאָס זיי האָבען געהאַט גרויס מיה איינצוהאַלטען דעם שטראָם פון געדאַנקען, וועלכער האָט געשפּאַרט

פון זיי. זיי זיינען געווען זעהר ניט געאיבט און זעהר אונגעשיקט אין שרייבען. אָבער דער אינהאַלט, וועלכען זיי האָבען געוואָלט אויסדריקען, האָט זיי געמאַכט בייקומען אַלערליי שוועריגקייטען.

ביי דעם פּאַרלעזען פון די אָנגעשריעבענע אַרטיקלען האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַ שאַרפער אונטערשיעד צווישען די שרייבער. אַלעס, וואָס טהאָמאַס האָט געשריעבען, איז געווען פון אַ טיעפע ערנסטקייט און כאָטש גאַנץ פעסט, דאָך איז עס געווען דורכגעזאַפּט פון אַ וואַרימער גוטסקייט.

היינזיאוס פעדער איז געווען איינגעטונקט אין גאַל.

— איך הויב אייגענטליך ערשט אָן צו לעבען — האָט ער געזאָגט צו טהאָמאַס'ן — איצט קען איך אַלעס אַרויסרעדען. עס איז גאָר ניטאָ קיין שעהנערע פּראָפעסיאָן אויף דער וועלט, ווי די פּראָפעסיאָן פון אַ פרייען שריפטשטעלער. עס קומט אַרויס אַלעס, וואָס עס קאָכט און זידט אין איינעם. איך בין געראַדע אין אַ מין שכרות פון פערזענליכער פרייהייט. ניין, נאָך מעהר, איצט ערשט וויים איך, וואָס עס הייסט שכור זיין.

יעדער אַרטיקעל זיינער, בעשטימט פאַר די צייטונג, האָט געהאַט אין זיך עטוואָס גיפטיגעס, בייסענדעס, דערביי איז אַלעס געווען גייסטרייך, שאַרף און אויך לאָגיש.

— עס וועט זיין גאַנץ גוט. — האָט ער געזאָגט צו טהאָמאַס'ן

— איך רייס אַרונטער, און איהר בויט. די לעזער וועלען זיך ניט נאַרען פון אונז ביידען.

טהאָמאַס האָט איינגעשטימט, כאָטש ניט מיט אַזאַ גרינגע האַרץ. ער האָט בעסער געוואָלט אַנשטאַט אַרטיקלען, פול מיט אַזוי פיעל גאַל, אַרטיקלען פול מיט איבערלעגטקייט און מיט אַ סאָקראַ־טישער איראָניע, וועלכע נאָך זיין אַנזיכט, מוזען האָבען אַ טיעפערע ווירקונג אויפ'ן לעזער.

ער האָט אָבער זיך צוריקגעהאַלטען מיט זיינע איינווענדונגען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די ליידענשאַפטליכקייט פון קריסטוס, ווען ער האָט געוואָלט אויפטרייסלען ביז'ן פונדאַמענט די יעמאָלט־דיגע אָרדנונג.

מען האָט זיך געאייניגט, אַז אָפיציעל זאָל דער איינציגער רעדאַקטאָר זיין טהאָמאַס. היינזיאוס נאָמען פון אַן אַרויסגעטריע־

בענעם לעהרער וואָלט באַלד צוגעצויגען אויף זיך די אויפמערק־זאַמקייט פון דער רעגיערונג, און דאָס וואָלט שטאַרק געשאַדעט דער צייטונג.

היינזיאוס האָט זעהר אונווילליג זיך אונטערוואָרפען דיזען בעשלוס.

ער האָט געראַדע זיך געפּרעהט אויף דעם קומענדען טאַנץ, און דאָ וויל מען איהם גאָר פּענטען די פיס. עס האָט איהם אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפען.

איין אָבענד האָט פרינדעל אָנגעקלאַפּט און האָט געבראַכט אַן אַרטיקעל אונטער'ן נאָמען „דאָס היילינגע איך".

דער אַרטיקעל איז געווען אָנגעשריבען אונגעוועהנליך שווער; אָבער טהאָמאַס איז געווען ערשטוינט צו זעהען, ביז צו וואָס פאַר א הויכען גראַד האָט ער אין זיך אויסגעאַרבייט דיזע וועלט־אַנשוי־אונג, און איהר געמאַכט פאַר זיין אייגענע. און דאָס מערקווירדיג־סטע איז געווען, דאָס שווער, ווי דער אַרטיקעל האָט זיך געלייענט, אָבער דאָך דער סטיל איז געווען זעהר אָריגינעל, קרעפּטיג און האָט געמוזט אויף זיך ציהען די אויפמערקזאַמקייט. דער אַרטיקעל האָט געליטען נור פון צופיעל געדאַנקען.

ליססאַוער'ס אַרטיקעל איז געווען קורץ און שאַרף: „די טראַגעדיע פון דעם מאָדערנעם איד".

די איבעריגע מיטגליעדער פון דער גרופּע „נאַכט־ליכט" האָבען דערווייל זיך געהאַלטען פון ווייטען. און מען האָט טאַקע קיינעמס הילפע ניט געדאַרפט.

היינזיאוס און טהאָמאַס האָבען מעהר, וויפיעל נויטיג, אָנ־געגרייט אָנגעשריבענע אַרטיקלען פאַר די נעכסטע נומערען. זיי האָבען ביידע געלעבט אין פיעבערישער שפּאַנונג, און זייערע הערצער האָבען ביי זיי געקלאַפּט שטאַרקער, ווי אַלע מאָל, ווען זיי האָבען געבראַכט צוטראָגען זייערע אַרטיקלען אין די דרוקעריי. זיי זיינען אַליין געגאַנגען נאָך די ערשטע קאָרעקטורען.

דער זאַץ איז נאָך ניט געווען פאַרטיג, און זיי האָבען געמוזט וואַרטען אין זעצער־צימער.

אַלעס איז דאָרט פאַר זיי געווען ניי און פרעמד. ווען דער זאַץ איז ענדליך פאַרטיג געוואָרען, און מען האָט עס בעשמירט מיט

דרוק־פאַרב, און אריבערגעלעגט איבער דעם א ווייסען פּאַפּיער, האָט זייער אויפרעגונג דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט. פאַר־זיכטיג האָבען זיי גענומען אין די הענד די פייכטע פּאַפּיער.

זייערע אויגען האָבען אויסגעזעהן ווי פער'שכור'ט, איבער־פליהענדיג דעם אינהאַלט. האָבען זיי ווירקליך געשריעבען דאָס אַלעס ? עס האָט גאָר אַנדערש געווירקט אויף זיי, זעהענדיג זייערע איינגענע אַרטיקלען געדרוקט. שטרענג, פול מיט בעדייטונג האָבען געקלונגען איצט פאַר זיי די ווערטער.

די זעצער האָבען געשמייכעלט און געמאַכט חוזק פון די „גרינע". פון דער אַנדערער זייט אָבער האָבען דיזעלבע זעצער געפיהלט א שטאַרקען רעספּעקט פאַר די גרינע. זיי זיינען געווען גאַנץ אינטעליגענטע מענשען, און זיי זיינען געווען ביז צו א געווי־סען גראַד ערשטוינט איבער דעם אינהאַלט פון די אַרטיקלען, וועלכע זיי האָבען אויסגעזעצט.

און דאַן איז דער גאַנצער נומער צונויפגעשטעלט געוואָרען, און אויבען האָט געגלענצט אין גרויסע בוכשטאַבען : „דער פעסט־זאַל".

זיי האָבען צונויפגעלעגט דעם געדרוקטען בויגען אין זיין פּאָליאָ־פאָרמאַט, און זיי האָבען געפיהלט יענע זיסקייט פון דעם יונגען שרייבער, וועלכע איז די אָנזאָגערין פון דעם קומענדען שמערץ.

טהאָמאַס האָט געהאַלטען אין איין קוקען אויפ'ן טיטול, און שטיל האָט ער געמורמעלט פאַר זיך מעהרערע מאָל : „דער פעסט־זאַל".

און אין דיזען וואָרט איז געווען פאַר איהם אַלעס : זיין נייער וידוי, זיין נייער גלויבען, זיין שמערץ און זיין לעבענס־אַרבייט.

א לאַנגע צייט האָבען זיי זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז זיי האָבען געמאַכט דיעזע צייטונג. עס איז זיי פאָרגעקומען ווי אַן אילוזיאָן, ווי א פאַרבייפליהענדער חלום.

דער פאָרמאַן פון שאַפּ האָט זיי געמוזט אויפמערקזאַם מאַכען, דאָס אַלע זעצער זיינען שוין אַוועק, און דאָס דער פּלאַץ מוז ווערען געשלאָסען.

זיי זיינען געווען די לעצטע צו פערלאָזען די דרוקעריי. אין מיטען גאַס האָבען זיי נאָך אַמאָל פונאַנדערגעוויקעלט זייערע

פעקלעך צייטונגען, זיינען שטעהן געבליעבען, און האבען גאר מיט א נייעם וואונדער בעטראכט דעם ערשטען נומער פון זייער וואכענ־שריפט.

די נעמען פון די פינף ארטיקלען זיינען געווען פאלגענדע: „אין די צושפרייטע איבער'ן לאנד“, „טאנץ און תפלה“ — א בייטראג צו א נייער רעליגיאן, „דאס הייליגע איך“, „די שקלאפעריי אין סאציא־ליסטען־שטאאט“ און „די טראגעדיע פון דעם מאדערנעם איד“.

דעם ארטיקעל „טאנץ און תפלה“ האט מהאמאס געשריעבען, און דעם ארטיקעל „שקלאפעריי אין סאציאליסטען־שטאאט“ האט היינזיאוס געשריעבען.

— איך בין זיכער, — האט היינזיאוס געזאגט צו טהאמאס'ן — דאס אין קיין מאדערנער צייטונג זיינען דיזע טהעמאס ניט בעהאנ־דעלט געווארען מיט אזא טיעפער ערנסטקייט און מיט אזא גרויסער אגיטאטארישער אנציהונגס־קראפט.

טהאמאס האט אויף דעם גאר ניט געענטפערט. שוויינענדיג זיינען זיי געגאנגען צוריק אין די רעדאקציע, אין טהאמאס'עס סאלקע אויף דער לואיזען שטראסע. יעדער איז געווען בעשעפטיגט מיט זיינע אייגענע געדאנקען, און האט גאר פערגעסען אן דעם צווייטען.

היינזיאוס האט אויסגערעכענט אין דער שטיל, וויפיעל ער קען נאך האבען אזעלכע גליקליכע מאנאטען. „איך פרעה זיך,“ האט ער ביי זיך געטראכט, „און אין מיטען־דערינען קומט דער מלאך המות און גיט א וואונק. אבער עס איז גאר ניט. מעג קומען וואס עס מוז קומען. דערווייל לעב איך און איך בין גליקליך.“

טאמאס האט אבער ניט געטראכט ניט פון לעבען און ניט פון טוידט.

מיט א ציטערנדער פרייד האט איהם אנגעפילט דאס נעהנטער קומען פון דעם דריטען קענינגרייך.

.12

ווען דער „פעסט־זאל“ איז ערשיענען אפיציעל, האבען די מיטגליעדער פון דער גרופע נאכט־ליכט איהם נאטירליך גלייך

איבערגעלייענט, און יעדער איינער האָט אין גרויסער אויפרעגונג אויסגעדריקט אלעס, וואָס ער דענקט; אבער זיי האָבען בעשלאָסען זיך צוזאמענצוקומען ביי בראָזע, אום דאָרט אלעס צוזאמען צו דיס־קוטירען איבער די ציישונג. יעדער פון זיי האָט מיט אונגעדולד געוואַרט אויף דעם אבענד. פאַר דעם אויגענבליק האָט מען פער־געסען אָן אלע מיינונגס־פערשיעדענהייטען — נור דער געפיהל פון אחדות האָט בעהערשט אלעמען.

דער פעסט־זאל האָט פאַר זיי געהאַט א פיעל וויכטיגערע בעדייטונג, ווי דער ערשטער נומער פון א ציישונג. דאָרט זיינען געוועזען מיינונגען און אידעען, וועלכע מען האָט אין דעם ענגען קרייז זעהר אָפט צוגליעדערט אויף די קלענסטע טהיילכעלעך. די ציישונג האָט אויפגעוועקט די עראינערונג אָן יענע שטונדען, ווען דער מיינונגס־קאמפף איז געוועזען אזוי הייס און האָט זיי אלע געמאַכט אזוי ענטהוזיאסטיש.

און אָט אויף אזא אופן האָט דאָס בלאַט מיט זיך פאָרגעשטעלט א שטיק גייסטיגען מענשען פון יעדען איינעם פון זיי, און יעדער האָט עס דארום בעטראַכט מיט א געפיהל פון עהרפורכט, אזוי ווי דאָס וואָלט איהם פערזענליך נוגע געוועזען.

און דאן האָט דאָך דיזעס בלאַט געהאַט די ראָלע פון א וועג־ווייזער אין דער צוקונפט, א זאך, וואָס דאַרף נאָך ערשט אויפגעבויט ווערען — א סאָרט אורטהייל־פייער האָט געזאָלט זיין דיעזע צוזא־מענקונפט.

אָבער די טהיר ביי די בראָזעס האָט זיך געעפענט נור פאַר טהאָמאַס׳ן. און ווען פרוי בראָזע איז געקומען איהם אנטקעגען אָהן א וואָרט פון בעגריסונג, און ווי פערשטיינערט פון איהר גרויסען וועה, דאן האָט ער געוואוסט אז דער פעסט־זאל האָט זיך אומגעוואַנ־דעלט אין א טוידטען־הויז.

גאַנץ פלוצלונג איז דער מאָלער בראָזע אוועק אין זיין אייביגע רוה. און ווען טהאָמאַס איז איצט געשטאַנען פאַר דעם בעטעל, וואו דער מאָגערער מאַן איז געלעגען ערנסט, בלייך און שטיל, האָט ער געפיהלט דאָס זעלבע, וואָס ער האָט געפיהלט אלס אינגעל, ווען ער האָט נאָכגעטראָגען פאַר זיין פאָטער די עלעקטריזיר־מאַשין, און איז דאן צום ערשטען מאָל געשטאַנען פנים אל פנים מיט׳ן טוידט.

און נאָך עטוואָס אנדערעס האָט ער געפיהלט, קוקענדיג איצט אויף דעם מת. דער געשטאָרבענער, וואָס איז געווען פאַר איהם, איז ניט געווען אזוי טוידט ווי טאמארא. ער האָט געפיהלט, דאָס צווישען איהם, דעם טוידטען און זיי, די לעבעדיגע, איז ניטאָ קיין צושיידונג. זיי האָבען געלעבט אין איהם, און ער אין זיי. זיי זיינען געווען איינס.

און אזוי האָט ער בעטראַכט אין טיעפער ריהרונג, וועלכע קיין וועלטליכער טאָן האָט ניט געשטערט, דעם שטילען שלעפער. און אין דיזער שטונדע האָט זיך טהאָמאַס דערמאָהנט אָן יעדען וואָרט זיינעם; ער האָט געזעהען זיינע איינפאַכע בעוועגונגען, זיין איידעלען גאַנג. דאָ איז געלעגען איינער, פאַר וועמען דער סוף איז ניט געווען קיין סוף; איינער, וועלכער רוהט נאָך אַ שווערען וואַנדערען.

דיזע טיעפע פערטראַכטקייט האָט טהאָמאַס'ן געמאַכט פערגעסען אָן אַלעס ארום איהם.

ער האָט זיך ווידער געזעהען אויף הויכע שפּיצען צווישען פעלזען־וועגד און רוישענדע בערג־טייכען; ער האָט איבערבליקט דעם לאַנגען וועג, וועלכען ער האָט אַליין דורכגעמאַכט, און אויף וועלכען אַ שטיק וועג דער געשטאָרבענער איז מיט איהם מיטגעגאַנגען.

אָבער אויפ'ן גרונד פון זיין נשמה האָט זיך ביי איהם אויפגעכאַפּט די מורא'דיגע פראַגע, צי עס פילט איהם טאַקע אָן די רוהיגקייט און די ערקענטניס, וועלכע קענען דורך קיין זאַך ניט צושטערט ווערען.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט שרעקעדיג, האָט אַריינגעקוקט אין דעם פּנים פון פרוי בראָזע, פון וועלכער עטוואָס קאַלטעס, ווי אייז, האָט ארויסגעשטראָמט.

אָבער זיין געפיהל איז איהם פאָרגעקומען פאַלש און משונה'דיג. און פּלוצלונג האָט זי פאַר איהם געהאַט עטוואָס גרויסעס, עטוואָס, וואָס הויבט איהר אויף פון דיזער ערד.

ער האָט ניט געוואַגט אַ וואָרט אויסצורעדען מיט איהר. נור זיינע אויגען האָט ער געהאַלטען פעסט אַנגעצילעוועט אויף איהר.

און ערשט איצט האָט ער איהר בעגריפען. ער האָט אריינגעקוקט אין איהר נשמה.

זי עפענט אויף די טויערען — האָט ער געטראַכט — וועלכע פיהרען אין דעם קעניגרייך פון די מאַמעס. און גאָר אונערוואַרטעט איז ער געשטאַנען אין דיזען קעניגרייך, און האָט געזעהן מאַרשירען די מאַמעס אין לאַנגע רייהען. אַ הייליגע לופט האָט געוועהט ארום איהם. די פּנים'ער פון די מאַמעס זיינען געווען דורכזיכטיג און אין דער זעלבער צייט אונערגרינדליך. זיי האָבען געווירקט, ווי די לעצטע קלאָהרקייט אין דאָס טיעפסטע געהיימניס. קיינע פון זיי האָט צו איהם ניט גערעדט, נור זייערע בליקען האָבען זיך איינגעבויערט אין איהם. ער האָט געוואָלט רעדען, נור אַ טיעפער געפיהל פון גליקזעליגקייט האָט געהאַלטען געשלאָסען זיינע ליפּען. זיינע אויגען זיינען מיט אמאָל געוואָרען די אויגען פון אַ נביא. ער האָט זיך געפיהלט אין טיעפסטען צוזאַמענהאַנג מיט די, וועלכע האָבען אַלע זייערע צרות און ליידען אומגעוואַנדעלט אין גוטסקייט און פערשטאַנד. און אויף איינמאָל האָט ער זיך פערבויגט פאַר דער פרוי בראָזע, און האָט בעריהרט איהרע הענד מיט זיינע ליפּען.

מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ האָט ער פערלאָזען דאָס הויז.

ער האָט איצט ניט געקענט זעהען קיינעם פון די פריינד. יעדער טאָן פון גאַס האָט איהם וועה געטהאָן, און אַלע פאַראיבערגעהענדע האָבען איהם אויסגעזעהן אַזוי צוקרימט, צודריקט, צוקוועטשט, און אַזוי פול מיט מורא פאַר די ליכטיגקייט פון טאָג. זיי זיינען געגאַנגען אין פינסטערניס. און איבער זיי האָט זיך פערשפּרייט די נאַכט מיט רויטע פערלאָשענע שטערען.

וואָרום איז דאָס אַלעס אַזוי אונדורכדרינגבאַר? האָט ער זיך געפרעגט שרעקעדיג. זיין פּנים איז געוואָרען פערטרוימט, זיינע פינגערשפּיצען האָבען געקלאַפּט און מיט פערשלייערטע אויגען איז ער געלאָפען ווייטער.

אויף די שפּיץ פינגער איז ער ארויף די טרעפּ צו זיין סאַלקע. פאַרזיכטיג האָט ער געעפענט די טהיר, וועלכע ער האָט גלייך פערריגעלט.

די דונקעלהייט פון זיין צימער האָט איהם וואויל געטהאָן. יוען די אַלטע ווירטהין זיינע האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ ווייל[illegible]

ארום, האָט ער זיך פון אָרט ניט א ריהר געטהאָן. די אַלטע האָט שטאַרקער אָנגעהויבען קלאַפּען, און האָט אויסגערופען: „הערר דאָקטאָר!“

„ניין, ניין, ניין!“ האָט ער געענטפערט פול מיט אַנגסט, און אַזוי האָט ער געהאַלטען זיך די אויערען פעסט, אום ניט צו הערען קיין טאָן פון דרויסען.

.13

עס איז געווען זיבען דער זייגער, ווען מעכאַניקער פרינדעל האָט געענדיגט די ארבייט, האָט אויסגעטהאָן די ארבייטס־בלוזע, האָט פערקאַשערט די אַרבעל פון זיין העמד, און זיך גענומען איינ־וואַשען.

א ווײַלע איז ער געבליעבען אין דיזער שטעלונג. זיין פּנים איז געווען אויסגעקרימט און בעשאָטענט פון א פינסטערן שמערץ. די אַנדערע ארבייטער, וועלכע האָבען זיך שוין לאַנג איבערטהאָן, זיינען פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי איהם, און האָבען זיך געשושקעט שפּאַסיגע בעמערקונגען. איינער האָט געוואָלט אָנהייבען רעדען צו איהם, איז ער אָבער גלייך צוריקגעטרעטען, זעהענדיג זיין דער־צאָרנטען פּנים.

ווען פרינדעל איז געווען אין אַזאַ שטימונג, האָבען די אַנדערע ארבייטער עס שוין געוואוסט אז עס איז א סכנה זיך מיט איהם אָנצופאַנגען. זיי האָבען איהם ניט ליעב געהאַט, אבער זיי האָבען געהאַט רעספּעקט פאַר איהם. דאָס, וואָס ער איז געווען אַזוי הויך איבער זיי, דאָס האָט זיי אָנגעפילט מיט מיסטרוי צו איהם, און ווי ווייט ווי מעגליך האָבען זיי אויסגעמיעדען צו רעדען מיט איהם איבער פּאָליטישע פראַגען, ווייל פאַר זייער בעוועגונג האָט ער געהאַט נור ווערטער פון שפּאָט און חוזק.

איינמאָל האָט ער שיער, שיער ניט געכאַפּט קלעפּ פון זיי. ער האָט זיי אָלעמען אָנגערופען א סטאַדע, וואָס פוילט זיך צו דענקען, און וועלכע קען ניט לעבען אָהן דעם קנוט. דאָס האָבען די איבריגע ארבייטער ניט געוואָלט ליידען, און מען האָט זיך א לאָז געטהאָן צו איהם מיט די קולאַקעס.

דער מעכאַניקער האָט פּערלעגט די אָרעמס, די ליפּען פעסט געשלאָסען, און ניט אַ ריהר טהוענדיג מיט אַ ברעם, האָט ער בלויז געזאָגט:

— נו, שלאָגט!

פאַר דיעזע רוהיגקייט האָבען זיך אַלע צוריקגעשראָקען. אָבער זייט יענעם טאָג האָבען זיי מיט איהם קיין מגע ומשא ניט געהאַט. דאָס איז געווען שוין מיט אַ לאַנגער, לאַנגער צייט צוריק.

די אייזערנע טהיר, וועלכע האָט געפיהרט צום אַרויסגאַנג, איז געעפענט און צוגעמאַכט געוואָרען מיט גרויס גערויש פון איין אַרבייטער נאָכ'ן אַנדערען. ענדליך איז געבליעבען דער לעצטער, וועלכער האָט געהאַלטען דעם שליסעל ביי זיך.

ער איז צוגעגאַנגען צו פרינדעל און האָט געפרעגט מיט פערדרוס:

— וועט עס נאָך לאַנג דויערן?

דער מעכאַניקער האָט עטוואָס אַ טרייסעל געטהאָן זיך, האָט אַרויסגעברומט עטוואָס אונפערשטענדליכעס און האָט איצט אָנגעהויבען שייערן זיך די הענד. דאַן האָט ער אַרונטערגעשטעקט דעם קאָפּ אונטער'ן וואַסער־שטראָם און געלאָזען דאָס וואַסער גיסען אויף זיך. דערביי האָט ער זיך אָבגעדעקט דעם האַלז און די פּלייצעס, און האָט גאָר ניט געקוקט, דאָס אַרום איהם איז געוואָרען אַ גאַנצע לוזשע. ענדליך האָט דאָס וואַשען זיך אויפגעהערט, ער האָט זיך טרוקען געמאַכט דעם פּנים, האָט זיך געטרייסעלט ווי אַ נאַסער הונד און האָט זיך רוהיג טרוקען געמאַכט. מיט גרויסער שנעלקייט האָט ער זיך דאַן אָנגעטהאָן. אַ ריינעם קראַגען, אַ האַלז־טוך, מאַנשעטען האָט ער אָנגעטהאָן אין איין אויגענבליק.

אַ מינוט שפּעטער איז ער שוין געשפּרונגען פון די טרעפּ. זיין פּנים איז נאָך אַלץ געווען פערביטערט און פערקרימט. ער איז ערשט שטעהן געבליעבען פאַר די הויז פון שאַרלאָטע אינגאַלף. ער האָט אַ מינוט זיך געקווינקעלט, דאַן איז ער שנעל אַרויף.

די אינגאַלף איז שוין געשטאַנען אין פּאָרצימער, וואַרטענדיג אויף איהם. אין זיין אַנוועזענהייט איז די מיידעל געוואָרען ווירקליך אַן אַנדער בעשעפעניש. זי האָט פערלאָרען איהר גאַנצען ווילען. זי האָט געהונגערט נאָך איהם אַזוי לאַנג, ווי זי האָט איהם

ניט געזעהן, און האָט געציטערט אין זיין געגענוואַרט. זי האָט שוין לאַנג אויפגעגעבען יעדען ווידערשטאַנד.

— גוטען טאג. — האָט זי געזאָגט אויפגערעגט, און האָט גלייכצייטיג געמאַכט אַ שרעקעדיגע בעוועגונג אַרומצונעהמען איהם.

ער האָט אונפריינדליך אָבגעשטופּט איהר פון זיך.

דאַן האָט זי טיעף־טרויעריג געלאָזט פאַלען איהרע אָרעמס.

זיי זיינען אַריין אין איהר צימער. דער מעכאַניקער איז געוועזן שרעקליך הונגעריג. אָבער ווען די דיענסטמיידעל האָט גלייך נאָך זיין אָנקומען אַריינגעטראָגען אַ גוטען סטייק מיט געבראָטענע קאַר־טאָפּעל און קאַלטען ביער, האָט ער ערקלערט קורץ, אַז ער קען ניט אַ ביסען אַרונטערשלינגען.

די אינגאַלף האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ שטומען בעטענדען בליק נאָך דעם, ווי די דיענסטמיידעל איז אַוועק.

— דו הערסט דאָך, אַז איך האָב קיין אַפּעטיט ניט ! — האָט ער אויסגעשריען קאַלט און מיט שפּאָט. און ביי זיך איז ער געווען אַזוי צופריעדען, דאָס ער קען איהר פּייניגען.

איצט האָט זי שוין ניט געוואַגט אַ וואָרט אויסצורעדען. זי האָט זיך אָנגעשפּארט אָן די ווענטעל פון סאָפאַ, און אויך זי האָט זיך ניט צוגעריהרט צום עסען.

וואָרום מוטשע איך זי אייגענטליך ? האָט ער זיך געפרעגט. און ער האָט זיך אַליין געענטפערט : וואָס פאַר אַ נאַרישע פראַגע ! עס מאַכט מיר איינפאַך שפּאַס, און גענוג ! איך וואָלט מיך פונקט אַזוי גוט געמעגט פרעגען : וואָרום בין איך ווי איך בין ?

די אינגאַלף איז אויפגעשטאַנען, האָט פאָרזיכטיג אַרויפגעלעגט איהר האַנד אויף זיין אַקסעל, און האָט געפרעגט :

— האָסטו געהאַט עפּעס אַ קרענקונג ? דו זעהסט אויס אַזוי ערביטערט.

— ניין. — האָט ער אַ קורצען לאַך געטהאָן.

דיזער געלעכטער האָט איהר שטאַרק וועה געטהאָן.

— קיין זאַך איז מיר ניט עקעלדיגער, ווי רחמנות — [illegible]אָט ער געזאָגט אין אַ ווײלע אַרום — און קיין זאַך קען איך, ווי אַזוי שלעכט אַריבערטראָגען, ווי ווען מען מוטשעט מיך מי[illegible]זאָן או אין געבען זיין ע

אן אונפאסענדער צייט. האט איהר, ווייבער, גאר קיין געפיהל ניט פאר דעם אין אייערע קערפער?

זי איז אבגעטראטען פון איהם און האט זיך אוועקגעזעצט ביים פענסטער. זי איז גאנץ בלאס געווארען, און האט צונויפגעדריקט איהרע פויסטען.

דאס האט איהם ניט אנגעהויבען ארען. ער האט זיך אנגע־שפארט מיט די עלענבויגענס אן טיש, און האט געקוקט אין די לופט.

די איינגאלף האט ניט ארויסגערעדט קיין ווארט. זי האט אלץ געווארט, טאמער וועט ער צו איהר אנהייבען רעדען. אבער עס איז געוועזן אומזיסט. און כאטש זי איז שוין געווען צוגעוועהנט צו דיזער פייניגונג, און כאטש זי האט שוין געוואוסט, אז דיזער מאן קען אבזיצען שווייגענדיג שטונדענלאנג, דאך האט זי אימער אין דיזע שטונדען געפיהלט א שוידער דורכנעהמענדיג איהר גאנצען קערפער. וואס קען דארט פארקומען אין זיין מח? פלעגט זי זיך פרעגען, שוידערנדיג. איבער וואס ברעכט ער זיך דעם קאפ, ווען ער ארבייט זיך אריין אין זיין ערביטערונג פאר שטונדען לאנג, און האט קיין איינציג ווארט ניט פאר איהר?

אויף דעם האט זי ניט געפונען קיין ענטפער.

דיזער מענש איז געווען ווי די אייביגע דונקעלהייט, וועלכע בעגרייפט נור זיך אליין, וועלכע איז אבער אונדורכדרינגליך פאר די צוקוקער. נור אין ווענינגע אויגענבליקען פלעגט עטוואס אויפפלאקערן אין דער פינסטערקייט פון זיין זעלע. אבער אזוי שנעל, ווי זי האט געוואלט אנכאפען דיזע ליכטיגקייט, איז ווידער אלעס געווא־רען פערלאשען; און די פינסטערקייט האט זיך אבגעדרוכט צו זיין נאך געדיכטער, ווי פריהער.

און גראדע אין זיין שווייגען איז געלעגען זיין קראפט איבער איהר. זי האט עס געפיהלט. ווי מוז ער עס ליידען, האט זי צו זיך אליין גערעדט אין איהר ליעבענדער הארץ. און זי האט איהם טויזענד מאל מוחל געווען פאר אלע וועהטאגען און צרות, וואס ער האט איהר געבראכט.

אוי[illegible]יז זי ארומגעגאנגען מיט איהר שטענדיגער מורא פאר דזשי[illegible] ווען זי האט איהר צופעליג געזעהען — און דאס האט די [illegible] זי האט ניט אנגעהויבען טרעפען גאנץ אפט — פלעגט זי פון

איהר אנטלויפען ווי איינע, וואס איז שטארק שולדיג אין עטוואס געגען איהר. אבער ניט אלע מאל פלעגט איהר גערעטען אויסצו־מיידען דיזע מיידעל. דאן פלעגט דזשאזעפא צו איהר צושטעהן, און געהן מיט איהר א שטיק וועג. און וואס פאר א שמייכעל דיזע מיידעל האט עס געהאט! זי פלעגט שוידערן. און וואס פאר א פראגען זי פלעגט איהר שטעלען, און מיט וואס פאר א בליקען זי פלעגט איהר דורכבויערן.

און אימער האבען דיזע צוויי מיידלעך געטראכט נור פון איהם, און קיינמאל האבען זיי עס ניט ארויסגערעדט, אזוי ווי עס וואלט געוועזן דער גרעסטער פערגניגען פאר זיי צו פייניגען זיך. און איננאלף האט זיך אלע מאל געשראקען, אז די אנדערע וועט אנ־הייבען רעדען פון איהם. אפט האט עס איהר אויסגעזעהן, אז דזשאזעפא וויל איהר שלאגען, אבער גראדע אין דעם מאמענט פלעגט זי אוועקגעהן פון איהר, ניט אויסרעדענדיג קיין ווארט.

עס איז געוועזן א שרעקליכע מוטשעניש. און ווען זי וואלט כאטש אין איהם געפונען א שוואכע שטיצע! ווען אמאל וואלט ער כאטש געוויזען איהר א פונק פון גוטסקייט, פון פריינדליכקייט, אבער — זי האט זאגאר ניט געטארט רעדען צו איהם פון דעם אלעם.

ער האט ניט געוואלט וויסען פון איהרע זארג. זי האט עס געוואוסט. און אין איהר לעבערליכען קליין־האלטען־זיך האט זי אפט געטראכט, אז זי דארף טאקע ניט רעדען צו איהם פון אזעלכע נארישקייטען.

דאס אלעס האט זי איצט איבער־א־נייעס דורכגעלעבט, זיצענדיג ביים פענסטער, און קוקענדיג מיט איהרע פערדונקעלטע אויגען אין גאס אריין.

ווי וואונדערליך און משונה׳דיג עס איז אלעס.

די גאנצע גערעדעריי פון פרייהייט און זעלבסטבעשטימונג איז איהר איצט פארגעקומען אזוי פוסט און נאריש. מיט דעמ־זעלבען רעכט וואלט מען געקענט רעדען פון שולד און שיקזאל. ווי קען מען עס גלויבען, דאס דער מענש זאל פאר זיך אליין בויען געפעננניסע, וועמעס אייזערנע גראטעס זיינען ערגער, ווי די פון דער ווירקליכקייט, דאס פרייערהייט זאל ער אנטהאן אויף זיך קייטען, זיך פערשקלאפען, און זאל ניט וועלען אבגעבען זיין שקלא־

פעריי פאַר קיין זאַך אין דער וועלט? ווי וואָלט עס געווען דענקבאַר, ווען עס וואָלט ניט געווען קיין שיקזאַל? די לוסט נאָך דעם קנוט, און דער פערלאַנג געטרעטען צו ווערען איז פיעל שטאַרקער, ווי דער דראַנג נאָך פרייהייט.

זי האָט זיך געריבען דעם שטערן. אַך, גאָט, וואָס איז עס פאַר אַן אונזין, צו דולען זיך דעם קאָפּ מיט אַזעלכע זאַכען!

בגנבה האָט זי אַריבערגעוואָרפען אַ בליק צו איהם.

און ער איז נאָך אַלץ אַזוי געזעסען אונבעוועגליך, קוקענדיג מיט אויסגעשטאַרטשטע אויגען אין לאָמפּ אַריין.

פאַר אַן אויגענבליק איז איהר געקומען דער געדאַנק אין קאָפּ, אַז ער איז געוויס קראַנק. נור אַ קראַנקער וואָלט אַזוי געקענט פייניגען זיך און אַנדערע.

אַ ציטערניש איז בעפאַלען איהר ביי דיעזען געדאַנק. וואָס איז קראַנק און וואָס איז געזונד? יעדער איינזאַמער דענקער, יעדער, וואָס ווייכט אָב פון געוועהנליכען וועג, איז פאַר דעם בורזשוי אַ משוגענער. מען דאַרף נור עטוואָס אַנדערש טראָגען דעם ראָק, ווי חיים און שמערל, אום געהאַלטען צו ווערען אַלס איינער, וועמען עס פעהלט אַ קליעפּקע אין קאָפּ.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט געזאָגט פּלוצלונג:

— היינט האָב איך זיך בעגעגענט מיט דזשאַזעפּאַ, און — דאָס האָט זי געזאָגט גאַנץ שטיל — איך האָב מורא פאַר איהר.

דער מעכאַניקער האָט עטוואָס צוגעווענדעט זיין קאָפּ אין איהר זייט. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע פערוואונדערטע אויגען, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר ניט פערשטאַנען, וואָס זי רעדט צו איהם. דיעזער רוהיגער און קאַלטער בליק זיינער האָט איהר גאָר צוטומעלט.

ג׳ין מיט איינמאָל האָט איהר אָנגעהויבען וואַרפען ווי אין אַ פיעבער. זי האָט זיך געזעהען ליעגען אויפ׳ן אָפּעראַציאָנס-טיש, ווי איינע פון יענע עלענדע פרויען, וועלכע מאַכען מיט דעם לעצטען ביסעל מוטה וואָס איז זיי נאָך איבערגעבליבען, אַ סוף צו זייער יאָמער-לעבען. און זי דיענט איצט דער וויסענשאַפט, אַלס אַ קערפּער, פון וועלכען די סטודענטען לערנען. דער פּראָפעססאָר צונעהמט איהר אויף שטיקער און ערקלערט זיינע סטודענטען, וואָס דיזע אַלע ביינער בעדייטען, און קיינער טראַכט גאָר ניט, דאָס אַמאָל האָט אין

דיזער זאַך, וואָס ליעגט איצט אויפ׳ן זעציר־טיש, געשלאָגען אַ נשמה מיט שטרעבונגען, אַ נשמה וואָס האָט געהונגערט נאָך ליכט, נאָך גליק.

דיזע פאַרשטעלונג איז איהר אַנגעקומען, ווען זי האָט געזעהן ווי קאַלט ער בעטראַכט איהר, אָהן אַ שליאַד פון אירגענד וועלכען געפיהל.

איך וועל ניט וויינען... ניין, איך וועל ניט וויינען... און זי האָט געפיהלט גאַנץ דייטליך, ווי זי האָט דערשטיקט איהר שמערץ.

שווער האָט זיך אויפגעהויבען דער מעכאַניקער פון זיין שטוהל.

ער האָט גענומען זיין הוט, און האָט ארויסגעמורמעלט, אַז מען האָט קוים געהערט: „גוטע נאַכט". אפילו דיזע קאַרגע פריינד־ליכקייט, האָט אויסגעזעהען, קומט איהם אָן שווער.

זי האָט איהם אַנגעקוקט מיט ווייט־געעפענטע אויגען. זי האָט געזעהען, ווי ער האָט, בעגעגנענדיג איהר בליק, צוזאַמענגעצויגען די ברעמען, האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר שטום מיט׳ן רוקען, און איז ארויס פון טהיר.

זי האָט נאָך געהערט, ווי זיינע טריט זיינען פערקלונגען געוואָרען.

דאַן איז זי אויף אַ שטוהל צוזאַמענגעבראָכען, און האָט פער־דעקט איהר פנים. אַזוי צוטרעטען, אַזוי שרעקליך מיסהאַנדעלט איז זי זיך פאַרגעקומען!

וואָרום טהוט ער עס? האָט זי געפרעגט אין זיך.

אין דער נעכסטער גאַס איז ער שטעהן געבליעבען, און האָט פון זיין בוזים־קעשענע ארויסגענומען דעם „פעסט־זאַל". ער האָט וואָרט פאַר וואָרט איבערגעלייענט זיין אייגענעם ארטיקעל, ניט לאָזענדיג זיך אויף דאָס מינדעסטע שטערען פון די פערבייגעהענדע. און נאָכהער האָט ער פונקט אַזוי אויפמערקזאַם איבערגעלייענט טהאָמאַסעס ארטיקעל.

דאָס איז דאָך אַ טרוימער; אַ מענש אָהן אַ האַמער, אַ מענש מיט אַ געוויסען! און אין דער שטיל האָט ער צוגעלעגט: קיינמאָל וועט דיזער מענש אראָבהאַקען די קעפּ פון די סטאַטוען; קיינמאָל וועט ער צוברעכען אויף פיצלעך אַלעס, וואָס קומט איהם אין וועג! ער האָט אַ האַמער, ער האָט אבער ניט קיין מוסקולען.

דאָס איז געווען ווענען וואָס ער האָט געטראַכט דעם גאַנצען אבענד, זיצענדיג ביי אינגאַלף.

.14

דאָס ווייטערע לעבען אין דער רעדאַקציאָן פון „פעסט־זאַל“ איז געווען שעהן און גוט, כאָטש עס זיינען געווען פיעלע ענטטוישונגען.

די מיטאַרבייטער פון „פעסט־זאַל“ האָבען געאַרבייט מיט אַן אמת־פלאַקערנדער בעגייסטערונג. און ווען זיי זיינען אָנפאַנגס געווען זעהר אונגעשיקט אין דער פערברייטונג פון בלאַט; און ווען זיי האָבען באַלד בעמערקט, אַז די פרעסע האָט זיי אָדער טויט־געשוויגען אָדער האָט זיי מכבד געווען מיט איניגע בייסענדע בעמערקונגען, האָט דאָס אַלעס אָבער זיי גאַנץ ווייניג געאַרט. דאָס האָט ניט אויף דאָס מינדעסטע געשטערט זיי אין זייער אַרבייט.

אויך האָט דאָס בלאַט ביסלעכווייז דאָך אָנגעהויבען צו האָבען אַ שטיקעל ווירקונג. עס זיינען געוואונען געוואָרען פאַר'ן בלאַט מאַנכע גאַנץ נייע לעזער, און היינזיאוס, וועלכער איז געווען דער ממונה איבער די עקספּעדיציאָן, האָט צו דער צופריעדענהייט פון דער גרופּע באַלד געקענט מיטטהיילען, דאָס אויך אין אַנדערע גרויסע שטעדט האָט דאָס בלאַט געקראָגען אַ באָדען.

נאַטירליך, טהאָמאַס האָט שנעל בעמערקט, ווי זיין קאַפּיטאַל, מיט וועלכען ער האָט דאָס בלאַט אָנגעפאַנגען, ווערט צוגאַנגען; ווי גרויס עס זיינען די קאָסטען, און ווי קליין די איינגאַהמען; ער האָט אָבער ווענען דעם ניט געוואָלט טראַכטען. די צוקונפט פון אַן אידעע, האָט ער זיך געטראַכט, קען ניט געהן געבראָכען צוליעב מאַטעריעלע מיטעל; ער איז געווען ביי זיך זיכער, דאָס ער וועט אוועקגעגעבען דעם לעצטען ראָק, דעם לעצטען גראָשען, ווען עס וועט געהן פאַר די זאַך, וועלכע ער האָט גענומען זיך דורכצופיהרען.

ער האָט אין דיעזער צייט פערגעסען דאָס, וואָס האָט איהם אַזוי געגאַנט און געפּלאָגט. די נייע אַרבייט האָט איהם אַריבערגעטראָגען איבער די פערגאַנגענהייט. ער האָט זיך, אַלס יונגער מאַן, פערליעבט, און האָט פערלאָזען אויף אַ ווייַלע דעם גלייכען וועג, וועלכער איז געווען אַזוי שטאַרק אין איינקלאַנג מיט זיין נאַטור. ער האָט זיך

אבגענארט אין זיין ריינעם לויטערען געפיהל. אבער זיין באנקראט איז פארט געווען אן עהרליכער. ער איז געבליבען זיין אייגענער בעל־חוב, מיט וועמען ער האט זיך אויסגעגליכען אויף אן אנשטענדיגען אופן. פאר איהם איז געלעגען דאס גאנצע לעבען. און דיעזען האט ער געוואלט אויסלעבען אין ריינקייט און אמת.

זיין טרייעסטער חבר אין זיין ארבייט איז געווען די פרוי בראזע. זי האט איהם געהאלפען אין די רעדאקציאנס־ארבייט און האט אלעס געטהאן שווייגענדיג, מיט כמעט אן אונהיימליכער רוהיג־קייט. זי איז אימער געווען אויפ'ן פלאץ, ווען מען האט איהר בע־דארפט, און זי האט געהאט אין זיך אן ארבייטס־קראפט, וועלכע האט זיך קיינמאל ניט אויסגעשעפט. זי האט אויך אליין געשריבען פאר'ן בלאט, מערקווירדיגע זאכען, אפט שפרונגהאפט אין געדאנק, אבער פון א זעלטענער ענערגיע פון אויסדרוק און פון א מערקוויר־דיגער זעלבסטפערשטענדיגקייט אין דער בעטראכטונג פון זאכען. זי איז געווען זעהר פעהיג אויף א בייסענדע קריטיק, וועלכע איז געגאנגען גלייך צום ציעל, ניט פערדרעהענדיג זיך אויף קיינע ארו־מיגע וועגען, און אונערבארעמליך געגען דעם שונא.

דאס איז פאר די רעדאקטערע געווען פונקט, ווי געוואונשען; בעזאנדערס פאר היינזיאוס, פאר וועמען דער טאן פון די ארטיקלען האט גאר ניט געקאנט זיין שארף גענוג.

דיעזע יונגע מענשען האבען נאך ניט געלערענט די פארזיכ־טיגקייט פון צייטונגס־מענשען. זיי האבען ניט געוואוסט וואס דאס הייסט מורא אדער ריקזיכט. זיי זיינען שטורעמדיג געטריבען געווא־רען פון זייער שטארקען פרייהייטס־שטרעבען, זיי זיינען געווען פול מיט דעם צוקונפטס־אידעאל אין זייערע האפנונגען; און זייערע בעווענטע נשמות האבען בעדארפט א שטארקען אויסדרוק פיר זייערע שטארקע געפיהלען.

דאך פלעגט עס קומען אין דער רעדאקציאן צו שטורמדיגע דעבאטען.

טהאמאס איז געווען דער יעניגער, וואס האט געוואלט אויפ־בויען, וועלכער האט געהאלטען אין איין זאגען צו זיינע קאמעראדען:

— קינדער, איך וויל די מענשען אין א פעסט־זאל פיהרען, איך וויל אויפוועקען אין זיי לעבענס־לוסט, און לערנען זיי צו בעטראכ־

טען דאָס לעבען, אַלס עטוואָס שעהנעס און הייליגעס. זאָל זיך יעדער פערטראַכטען איבער זיינע גרויסע און גוטע געפיהלען, איבער זיין מענשענווערדע, און אין דעם ניעדריגען געמיינעם קאַמפּף, וועלכען ער פיהרט, און וואו ער שפּרייזט אריבער איבער דעם ערשטען, בעסטען, ווי איבער אַ טויטען גוף, זאָל ער וועניגסטענס זיך אָבשטעלען אויף אַ ווײַלע און בעדענקען. איהר אָבער מאַכט מיר פון דיעזען „פעסט־זאַל“ אַ בית־עולם. איהר רייסט אַלעס אַרונטער, און איהר זיינט גליקליך, ווען איהר זעהט אַרום זיך בלויז אַש און חורבות.

אויף אַזעלכע רייד פלעגט היינזיאוס אַזוי ענטפערען:

— איהר זייט אַ טרוימער, אָבער די פרייהייט, די נייע וועלט־ און לעבענס־אַנשויאונג נויטיגען זיך אויך אין אַזעלכע מענשען, ווי איהר. מיר זיינען בית־הקברות־לייט, און ווילען עס אויך זיין. מיר ווילען ניט חלום׳ען. מיר ווילען טויטען־ליעדער זינגען, וועלכע זאָלען זיי אין די אויערען קלינגען. אַ מענש, ווי איך, מוז וויסען, אַז ער האָט ניט פיעל צייט אויף חלום׳ען.

טהאָמאַס האָט באַלד אויסגעפונען, אַז דאָס איינציגע דעבאַ־טירען העלפט ניט פיעל דער זאַך. ער האָט אויך געהאַט אַ טיעפען רעספּעקט פאַר די פעסטקייט, מיט וועלכע היינזיאוס, פרינדעל און בראַזע זיינען אויפגעטראָטען.

דיעזע מענשען זיינען שוין געוועזען אַזוי פאַרטיג, אַזוי אָבגע־שלאָסען אין זיך, וועהרענד ער האָט נאָך אַלץ געטאַפּט און געזוכט זיך דורכצואַרבייטען צו נייע בעגריפע. יעדער זאַץ, וואָס ער האָט אויפגעשריבען אָדער אַרויסגערעדט, האָט איהם געקאָסט אַזוי פיעל אַנשטרענגונג און נאָכדענקען. ער איז זיך פאָרגעקומען אַזוי פול מיט פעראַנטוואָרטליכקייט. ווען עטוואָס איז אָבגעדרוקט, איז עס שוין פערפאַלען. מען קען עס שוין ניט אויסמעקען, און אַלס עהרליכער מענש איז מען פעראַנטוואָרטליך פאַר יעדען אות.

דאַמאָלסט האָט ער נאָך ניט געוואוסט, דאָס זיין פאַרזיכטיג־קייט און שרעקעדיגקייט, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר אַ פעהלער, פערגלייכענדיג זיי מיט אַנדערע, זיינען ניט נאָר געוועזען דער רעזול־טאַט פון זיין שווערער געוויסענהאַפטער נאַטור, נור אויך פון זיין טיעפער בילדונג און רייכערען וויסען, און ער האָט אָפט געטראַכט:

איך בין דערווייל נאָך הינטערשטעליג; איך מוז מיך נאָך אַרויפ־אַרבייטען צו דעם געדאַנק, וועלכען מיינע קאַמעראַדען האָבען שוין דערהגרייכט.

געוויס זיינען זיינע אויך געוועזען צייטען, ווען ער איז געוועזען העכסט איינגעשפּאַרט אין זיינע צוזאַמענשטויסונגען מיט פרינדעל. איז ער שוין איין מאָל געקומען צו אַ זיכערען שלום, צו דער קלאָרער בעאורטיילונג פון אירגענד אַ זאַך, האָט דער מעכאַניקער, וועלכער האָט פערטראָטען די ראַדיקאַלסטע ריכטונג צווישען זיי, גאָר ניט געקאָנט אויספיהרען מיט איהם.

אין אַזעלכע דעבאַטען זיינען געפאַלען די ביטערסטע ווערטער. מען האָט געקלאַפּט מיט די קולאַקעס אויפ'ן טיש, אַז די מעבעל פון סאַלקע האָט אַזש געקראַכט; די פּנים'ער זיינען געוואָרען הייס־רויט, און קיינער האָט ניט געהאַט בדעה אָבצוטרעטען פון זיין מיינונג די ברייטקייט פון אַ האָר.

פרינדעל האָט עס פערשטאַנען אויף אַ זעהר קונציגען אופן צו פערוואונדען טהאָמאַס'ען. ער האָט פשוט געזוכט ווערטער, וועל־כע זאָלען איהם מעהר וועה טהאָן. איינמאָל האָט ער איהם פאַר־געוואָרפען:

— איהר זיינט אַ פייגלינג, אַ טרוס, וועלכער האָט הנאה פון שאָקלען זיך בעקוועם אין שטוהל און אַרויסלאָזען פון זיך שעהנע פראַזען.

טהאָמאַס האָט איהם אויסגעהערט שווייגענדיג, אָבער מען האָט איהם נאָך קיינמאָל ביז דאַן ניט געזעהן אַזוי אויפגערעגט. ער איז געוואָרען גאַנץ בלאַס, און פאַר אַ קורצע ווייל האָט ער ניט אויסגערעדט אַ וואָרט. ער האָט נור אָנגעקוקט דעם מעכאַניקער מיט אַ לאַנגען בליק, ביז ער האָט ענדליך געזאָגט:

— איך וויים, אויף וואָס איהר מאַכט אָנדייטונגען, אָבער אונטער קיינע אומשטענדען גיב איך אייך ניט דאָס רעכט צו ריידען פון מיר אין אַזאַ טאָן און מיט אַזעלכע ווערטער. איך וואָלט אייך געקאָנט ענטפערען אין דעם זעלבען טאָן, איך זאָג אייך אָבער, דאָס פאַר מיר אויפגעבלאָזענקייט און גוואַלד־ריידעריי זיינען זעהר פריוהייט־פיינדליך און זיי מוזען בעקעמפפט ווערען, און איך וועל אונטער קיינע אומשטענדען ניט דולדען דיעזען טאָן. מעגען מיר

דעבאַטירען ווי היציג, מעג יעדער איינער ווי שטאַרק פערטהיידיגען זיין שטאַנדפּונקט און מעגען דערביי פאַלען שווערע ווערטער, אָבער אַזוי וויט טאָר עס דאָך ניט געהן, אַז מען זאָל פערדעכטיגען איינעם׳ס כאַראַקטער. און וואָרום זיינט איהר אַזוי אָנגעפאַלען? ווייל איך האָב מיך געוועהרט געגען דעם, אַז מען זאָל אין „פעסט־זאַל״ מאַכען פאַר א העלד דעם מערדער פון דער קייזערין עליזאַ־בעטה! איך פערשטעה, דאָס איינער מיט א לעדיגען מח און אָן אויסגעהונגערטעען מאָגען, וועלכער האָט אימער געליטען אַלערליי צרות, קען פלוצלונג פערלירען דעם פערשטאַנד, און קען קומען אויף דעם מאָדנעם געדאַנק, אַז מען קען ברענגען בעסערע צושטענדע דורך מאָרד... איך פערשטעה אויך דאָס א מענש קען זיך איינרעדען צו זיין א מאַרטירער און א מענשהייטס־ערלייזער. איך בעגרייף דאָס אַלעס, און ערקלער, דאָס די געזעלשאַפט איז פעראַנטוואָרטליך פאַר דעם, דאָס אין א מענשליכען מאָרך קענען זיך ענטוויקלען אַזעלכע משונה׳דיגע געדאַנקען, און זיך אומוואַנדלען אין א טהאַט. אָבער גוטצוהייסען, מסכים צו זיין דערצו, אָדער זאָגאַר נאָך אַוועקשטעלען אַזא האַנדלונג, אַלס מוסטער, דאָס וועל איך אימער זיין געגען. איך האַלט דאָס, אויסדריקענדיג זיך מילד, פאַר משוגעת. ווען א משוגע׳־נער ערמאָרדעט פון הינטען אַן עדעלע פרוי, וועלכע זיצט צופעליג אויף א טהראָן, און מיינט דערמיט צו פערלייכטערען דעם פאָלקס־שמערץ, זאָג איך מיר איינפאַך, אַז דאָס איז א מענש, וועמעס פע־היגקייט צום קלאָרען דענקען איז אין גאַנצען צוקאַליעטשעט.

אין דעם טאָג, ווען טהאָמאַס האָט געזאָגט דיעזע ווערטער צו פרינדעל, זיינען כמעט אַלע, וואָס האָבען גענומען אַנטהייל אין דער ציטונג, געווען אַנוועזענד. און טהאָמאַס האָט געפיהלט, אַז זיינע ווערטער מאַכען א טיעפע ווירקונג אויף די אַלע אַנוועזענדע.

נור אויף דעם מעכאַניקער האָבען זיי ניט געמאַכט דעם מינד־סטען איינדרוק.

ער איז געשטאַנען געגען איהם מיט א שמייכעל אויפ׳ן פּנים, מיט פערלעגטע הענד; ער האָט קוים אַז מען זאָל עס קענען בעמער־קען, געוואָרפען א בליק אויף שאַרלאָטע אינגאַלף, וועלכע האָט ציטערענדיג געהאַלטען די אויגען אַראָבגעלאָזען, אָבער ביי זיין בליק האָט זי זיי אויפגעהויבען מיט אנגסט.

זי האָט געזעהן די ביטערע ליניע אַרום זיין מויל, וועלכע זי האָט אזוי גוט געקענט און מורא געהאט. און כאָטש זי האָט שוין אין פאַראויס פערוואָרפען יעדען וואָרט זיינעם, און כאָמ'ש עס האָט איהר געשווידערט פון זיין ענטפער, דאָך האָט זי אין דיעזער שטונדע, ווען אַלע זיינען געווען געגען איהם, געליעבט איהם שטאַרקער, ווי ווען־עס־איז.

— עס האנדעלט זיך דאָ גאָר ניט אום דעם — האָט ער געענטפערט קורץ — צו איך האָב אייך בעליידיגט, צו ניט. פערזענליכע געפיהלען אין אזעלכע זאכען געהען מיר ניט אָן. פאר מיר האנדעלט עס זיך, ווי מען דאַרף זיך האַלטען פּרינציפּיעל אין אזעלכע פראגען —

ער האָט אויף א ווײלע אָבגערוהט זיך, איידער ער האָט אָנגעהויבען ווייטער ריידען לאנגזאם און שטיל. אָבער אזוי, דאָס יעדער האָט געקאָנט הערען יעדען איינציגען וואָרט:

— אזוי ווי איך בין א טעראָריסט, שטעה איך פונקט אויף אָן ענטגעגענגעזעצטען שטאנדפונקט, ווי איהר. איך האַלט אזא טהאט ניט פאר קיין משוגעת, ניט פאר א רעזולטאט פון א קראַנקען מאָרך, נור פאר די לעצטע ערקענטנים פון דעם מוטהיגען, וואָס האָט קיין מורא ניט פאר'ן טויט.

און מיט א ציניזשען שמייכעל האָט ער צוגעלעגט:

— דאָס איז דער וויץ פון געגענגיפט. ווי איינפאַך דאָס איז, אזוי ווענינ זיינען געוויסע מענשען געניינט צו ציהען די לעצטע קאָנזעקווענצען פון זייערע אייגענע געדאנקען. הערר טהאָמאָס טרוק, איהר דאַרפט אויף מיך ניט פעראיבעל האָבען, ווען איך אונטערשייד מיך אין דעם עטוואָס פון אייך.

א ווײלע זיינען אַלע געבליבען, ווי פערשטיינערט. נאָך קיינמאָל האָט פרינדעל ביז יעצט ניט ארויסגעזאָגט זיין איבערציינונג אזוי דייטליך און אונפערשלייערט. זיי האָבען געפיהלט א סאָרט גרויל פאר איהם.

אפילו היינזיאוס האָט געפיהלט אן אונאנגענעהמען איינדרוק. דיעזער מענש, האָט ער געטראכט, בערעכענט אַלעס מאטהעמאטיש. אזא זאך, ווי געפיהל, דאָס איז ביי איהם איבערהויפּט ניטאָ, און בגנבה האָט ער איהם בעטראכט פון דער זייט.

— זייט איהר טעראָריסט? — האָט בלינסקי איהם ענדליך געפרעגט.

ווידער האָט דער מעכאַניקער געשמייכעלט, ווי איינער, וואָס איז פיעל העכער פון אַלע אַנוועזענדע. ער האָט אָנגעקוקט דעם קליינעם מענשעל, וואָס האָט איהם געשטעלט די פראַגע, און האָט געענטפערט.

— איך האָב גאָר ניט צוצולעגען און גאָר ניט אָראָבצונעהמען פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט. דאַן האָט ער אַ וואונק געטהאָן צו דער אינגאָלף אויף אַוועקגעהן.

טהאָמאַס האָט זיך איהם רוהיג געשטעלט אַנטקעגען, און האָט געזאָגט:

— איך וויל ניט, איידער איהר געהט אַוועק, אַז עס זאָל בלייבען עטוואָס אונקלאָר. עס איז גוט, דאָס עס איז געקומען דערצו, אַז איהר זאָלט זיך אַזוי קלאָר אויסדריקען. עס איז גוט, דאָס מיר ווייסען, וואו עס צושיידען זיך אונזערע וועגען. קיינמאָל וועט איהר ניט געפינען אונטערשטיטצונג אין „פעסט־זאַל" פאַר אַזעלכע געדאַנקען. מיר ווילען ניט מאַכען מעהר קאָפּ־פערטומלענעש, וויפיעל עס איז שוין דאָ.

דער מעכאַניקער האָט גאָר ניט געענטפערט. ער האָט פעסט צונויפגעדריקט זיינע ליפּען, און איז אַרויס פון צימער. פריילין אינגאָלף איז איהם נאָכגעגאַנגען.

— איהר וועט זעהן — האָט פרוי ליססאוער געשריען — דיעזער וועט נאָך אונז אַלע שטירצען אין אַן אונגליק.

— שווייג — האָט איהר געזאָגט גראָב הערר ליססאוער — מיש זיך ניט אַריין.

זי האָט איהם צוגעוואָרפען אַ ביטער־בייזען בליק.

מען איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין אַ געדריקטער שטימונג. אָבער לאַנג נאָך דעם האָט טהאָמאַס געמאַטערט זיך דעם מח, טראַכטענדיג איבער דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען.

וואָס איז עס פאַר אַ מענש, האָט ער זיך געגריבעלט. מיר וועלען איהם ניט פאָלגען, אָבער עס איז קלאָר, אַז אויך מיר אויף איהם וועלען ניט האָבען דעם מינדעסטען איינפלוס. דיעזער איז

פעסט־געשמידט. מען קען איהם ניט בויגען און ניט ברעכען. און דאָס געראָדע האָט טהאָמאָס׳ען אם מעהרסטען בעאונרוהיגט.

וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם? ווי מוז זיין דער סוף? האָט ער זיך געפרעגט מיט אַ געפיהל פון אנגסט.

## .15

ארום דיזע צייט האָט טהאָמאָס טרוק צוזאַמען מיט פרוי בראָזע, היינזיאוס און מאַריאַ ווערבט געגעסען אין אַ וועגעטאַריאַנישען רעסטאָראַן.

אַ קליין טרעפּעל האָט געפיהרט פון דער גאַס דירעקט אין רעסטאָראַן. דאָרט האָט מען געקאָנט טרעפען גאַנץ זאָנדערבאַרע מענשען; איינצעלנע פרויען, מיידלעך און מענער פון פערשיעדענעם עלטער.

אין דער צייט פון עסען איז דאָרט צוגעגאַנגען אַלעס זעהר שטיל. כמעט אַלע, וועלכע האָבען דאָרט געשפּייזט, האָבען אויסגעזעהן צו זיין געדריקט פון שווערען לעבען. זייערע פּנים׳ער זיינען געווען בלאַס און דורכגעשניטען פון ליידען, אָדער זיי זיינען געווען קענטיג דורך אַ געוויסע פאַנאַטישע ענערגיע, און אָפט אויך האָט מען דאָרט געזעהן איינגעמאַטערטע און אויסגעלאָשענע פּנים׳ער.

דאָרט זיינען געווען מענשען פון די פערשיעדענסטע פּראָפעסיאָנען: דאָ אַ סטודענט, דאָרט אַ קרעמערקע, אַ קליינער קויפמאַן, און אַזוי ווייטער.

מען האָט זיך געפיהלט גאַנץ גוט אין דיזער געזעלשאַפט. יעדער איינער האָט מיט זיין פּנים פול מיט ליידען צוגערופען צו די אַלע איבריגע: האַלט אויס! בלייבט שטאַרק, איהר קעמפפט פאַר אונז!

פאַר דיביידע פרויען: מאַריאַ ווערבט און די פרוי בראָזע, וועלכע זיינען די לעצטע צייט געוואָרען שטאַרק בעפריינדעט, איז דיזער טעגליכער מאָהלצייט אין רעסטאָראַן געווען די פעסט־שטונדע פון טאָג. זיי האָבען זיך ביידע געהאַלטען אָן טהאָמאָס׳ן. זיי האָבען געפיהלט זיין רייַנקייט. זיין פּנים, אויף וועלכען מען האָט

געקענט לייענען די שפורען פון לײדען, װעלכע ער האט דורכ־געמאכט, איז געװארען שמעלער, און דערמיט האט דער פנים זײנער אױסגעזעהען די בײדע פרױען נאך אײדעלער; און װען ער האט געשמײכעלט, האבען זײ זיך אזױ װי ניט געקענט אבדײסען פון זײן פנים. אבער זײ האבען עס געטהאן אזױ פארזיכטיג און אזױ צוריקגעהאלטען, דאס ער האט ניט געקענט װערען געקרענקט פון זײער ליעבע צו איהם.

די מאריא װערפט האט ביסלעכװײז אױסגעפונען, אז קײן זאך האט איהם ניט אזױ װעה געטהאן, װי צו בעמערקען איהר שטארקע, כאטש גאנץ האפנונגסלאזע ליעבע צו איהם.

מען האט געגעסען גאנץ ארעם. מען האט אױך אזױ װײט, װי מעגליך אײנגעשרענקט די לעבענס־בעדירפניסע. מען האט ניט געהאט דאס רעכט צו שטאפען זיך, װעהרענד אזױ פיעל מענשען שטארבען פון הונגער. נור הײנזיאוס האט מען געצװאונגען ער זאל עסען װאס מעהר און װאס בעסערס.

ער האט זײ אױסגעלאכט. ער איז אױך פיעל מאל געװארען גוט אין כעס, װען מען האט זיך אײנגעעקשנ׳ט, אז ער זאל נאך עפעס נעהמען. ער האט גערעדט פון זײנע צולעכערטע לונגען מיט א פעסטקײט און גלײכגילטיגקײט פון א פילאזאף. דער געדאנק אן טױדט האט פאר איהם ניט געהאט גאר ניט שרעקעדיגעס. דאך האט ער ליעב געקראגען דאס לעבען, זײט דער „פעסטזאל" איז ערשיענען. אפט איז ער אריינגעפאלען פון אײן שטימונג אין די אנדערע. אט האט ער גערעדט צופיעל, און אט האט ער אײנ־געשפארט געשװיגען, שטום װי א פיש; אט איז ער געװען פרײנד־ליך און גוט, און אט איז ער געװארען בײז און ציניש.

אײנמאל, זיצענדיג בײם עסען, האט ער געזאגט:

איך װיל זיך גוט בענוצען מיט דער ביסעל צײט, װאס איז מיר נאך געבליעבען. איך װיל זעהען, זעהען ביז אױפ׳ן גרונד. איהר מעגט מיר געבען איבער׳ן פיסק, װען איך װער פאר אײך אונבעקװעם — אבער אנדערש װערען װעל איך שױן ניט. װען איהר װאלט געװאוסט װאס פאר א נײגיעריגקײט עס האט זיך ערװעקט אין מיר! א מאדנע, א משונה׳דיגע נײגעריגקײט. דאס איז עס אײגענט־ליך װאס האלט מיך נאך אױף בײם לעבען. איך װאלט זעהר געװאלט װיסען, װאס עס װעט װערען פון אײך. װען איך קען,

וואָלט איך אין אייך אַריינגעקראָכען, אום צו דערוויסען זיך אויף קלאָר. דער אמת איז, דאָס איך טרוי אייך קיינעם ניט.

און מיט א בייזען אויסדרוק אויף זיין פנים האָט ער פאָרט־געזעצט:

— יא, איך טרוי אייך ניט. איך בין גאָר ניט זיכער מיט אייך. אפשר זיינט איהר גאָר אַלע אָנגעפילט מיט א שוואַכען רויש. קוקט מיך ניט אָן אזוי נאַריש, — האָט ער זיך אונטערבראָכען, זיך ווענ־דענדיג צו טהאָמאַס'ן — דאָס וואָס איך זאָג, איז גאַנץ מעגליך.

ער האָט זיך אַריבערגעבויגען איבער זיין טעלער, און האָט אַריינגעשטאָפּט אין זיך א לעפעל מיט בעבלעך. דאַן האָט ער זיך א טרייסעל געטהאָן, מורמלענדיג:

— ווי עקעלהאַפט דאָס שמעקט!

— זיינט איהר דען מיט זיך אַליין אזוי זיכער? — האָט איהם די בראָזע געפרעגט.

ער האָט עטוואָס צונויפגעדריקט די אויגען און האָט געענטפערט:

— די, וועלכע זיינען נאָהענט פון טוידט, די זיינען גאַנץ קלאָר וועגען זיך. און וואָלט עס דען געווען אזוי מערקווירדיג, ווען איהר וואָלט אומגעפאַלען? איך דענק, אַז דאָס וואָלט געראַדע געווען זעהר נאַטירליך. דאָס אומגעקעהרטע וואָלט געווען ווירקליך מערק־ווירדיג. מען קען זיך דאָך אזוי לייכט איינרעדען. ווער איז דען אזוי קלאָר איבער זיך, דאָס ער זאָל קענען אונטערשיידען דאָס, וואָס איז אמת אין איהם, און דאָס, וואָס איז אָן אָנשטעל? און דאָס מייסטע איז דאָך בלויז אַן אָנשטעל. מען שפּיעלט זיך געראַדע די קאָמעדיע, וועלכע איז איינעם אנגענעהם. ווער קען עס בעשטי־מען, וואו עס פאַנגט זיך אָן דאָס אמת'ע?

— און ווי קענט איהר דיזע פראַגע פאַר זיך פערענטפערן? — האָט איהם טהאָמאַס געפרעגט.

— דאָס איז גאַנץ ריכטיג געפרעגט. אָבער, מיין ליעבער, דערמיט האָב איך מיך, און דערמיט אַליין טאַקע קען איך זאָגען, האָב איך זיך פערנומען די אַלע לעצטע יאָהרען, און ענדליך, גלויב איך, בין איך זיכער וועגען זיך אַליין. איך וויים ז׳אָך, אַז עס האָט פאַר מיר קיין צוועק צו פערדרעהען זיך א מח מיט פראַזען. זעהט

איהר, ווען איך וואָלט געהאַט אַ לאַנגען לעבען פאַר מיר, מיט אויסזיכטען, מיט האָפּענונגען, וואָלט איך טאַקע ניט געווען זיכער מיט זיך, איך וואָלט מיר דיזעס אָדער יענעם דאַן געקענט האָבען איינגערעדט. אַזוי אָבער זעה איך ניט קיין פּערנינפטיגען גרונד, וואָרום איך זאָל מיט מיר אַליין שפּיעלען אין בעהעלטעניש. דאָס איז דער וויץ, מיין ליעבער.

— און וואָרום צווייפעלט איהר אין מיר?

— ווייל פאַר אייך ליעגט נאָך דאָס גאַנצע לעבען, ווייל איהר האָט אַזאַ איבערפלוס פון טעמפּעראַמענט. און דאַן, טהייערער, די אַמביציע! עס האָט דאָך אין זיך אַזאַ כשוף צו בעשאַפען פאַר זיך אַ רעאַליע. די איינזאַמע און די אַליין־שטעהענדע, די, וועלכע דענקען אַביסעלע אַנדערש, ווי די גרויסע מאַסען, קומען זיך דאָך פאַר אַזוי אָריגינעל, אַזוי אַנדערש, ווי די גרויסע מאַסע. גלויבט מיר, אַז דאָס האָט פאַר מאַנכע אַ בעזאָנדערען רייץ.

טהאָמאַס האָט זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם און מיט אַנשטרענגונג צו דעם, וואָס היינזיאוס האָט גערעדט. עס האָט איהם אינערליך געפּרוּירען פון דיזע ווערטער. ער האָט געהאַט דאָס געפיהל, ווי אימיצער וואָלט ביי איהם לאַנגזאַם און זיכער דאָס בלוט געצאַפּט.

היינזיאוס האָט עס געזעהען און גערעדע דאָס האָט איהם געטריעבען צו ווערען נאָך בייסענדער און ניעדערטרעכטיגער.

— איהר שליידערט דונערן און בליצען, היינזיאוס, — האָט איהם טהאָמאַס געענטפערט, קלאַפּענדיג מיט די פינגער נערוועז איבער׳ן טיש — איהר זיינט אַ סקעפּטיקער פון סאַמע גרונד. ווען איך וואָלט געווען, ווי איהר, וואָלט איך בשום אופן ניט געקענט לעבען. אַ שטיק פעסטע ערד דאַרף איך האָבען אונטער מיינע פיס. איך גלויב פעסט אין דעם, דאָס אַן אמת־ליעבענדער מענש קומט צו אַזאַ פּונקט, וואו ער הערט אויף זיך איינצורעדען אָדער פאַרשטעלען. אויב אַלעס איז ליגען, אויב אַלעס איז זעלבסט־נאַרעריי, מוז איך דאָך שליסליך צווייפלען אין מיין אייגענער עקזיסטענץ.

— און דאָס זאָלט איהר טאַקע. — האָט איהם היינזיאוס אונטערבראָכען — דאָס אַליין איז שוין אַ טעות, וואָס איהר רעדט נאָר פון אַן אייגענער עקזיסטענץ. וואָס איז דען אין אייך אַיי־

נענעס? איהר זיינט דאָך נור א צוזאמענמישונג, וועלכע איז שוין פעסט בעשטימט געוואָרען, איידער איהר האָט נאָך געקענט גאָר ריידען. און דאן האָט איהר פריהער געזאָגט, אז איהר „גלויבט“. דאָס איז אָבער די העכסטע נארישקייט: איהר זאָלט טאקע גאָר ניט גלויבען, ניט גלויבען אין קיין זאך.

טהאָמאס איז געוואָרען שטארק אין כעס.

מאריא ווערפט האָט עס בעמערקט און האָט זיך דערשראָקען.

אויך פרוי בראָזע האָט איהם בעטראַכט מיט גרויס געשפאנט־קייט.

טהאָמאס האָט א פיהר געטהאָן מיט'ן האנד איבער'ן שטערען, און האָט פאָלגענדעס געענטפערט:

— איהר האלט זיך פאר דעם גרויסען שווארצען ציגיינער, און מיך האלט איהר פאר א קינד, ווענען איהר דענקט, מען קען דערשרעקען, ווען עס ווערט דונקעל. איך וועל אייך איצט זאָגען, פאר וואָס עס איז אזוי שווער מיט אייך אויסצוקומען. ערשטענס מיינט איהר, אז איהר זיינט עפּעס א יחסן געגען אונז אלע דער־מיט, וואָס איהר זיינט שוין פארטיג מיט'ן לעבען. צו אייער רעכע־נונג איז ריכטיג, דאָס צווייפעל איך. צווייטענס — און דאָס שיינט מיר צו זיין דאָס געפעהרליכסטע — מישט איהר צוזאמען דאָס פאלשע און דאָס אמת'ע מיט אזא געשווינדקייט, אז עס איז שווער אייך בייצוקומען. עס שווינדעלט איינעם פאר די אויגען, ווען מען הערט זיך צו צו אייערע רייד. מען מוז גוט זיך אָנשטרענגען צו דערהערען די פאלשע טענער. אלזאָ, די איינציגע חכמה, וועלכע איהר האלט אין איין איבערקייען, איז שוין זעהר און זעהר אַן אלטע. זי שטאמט נאָך פון שלמה המלך. די חכמה הייסט „הכל הבל“. איך לייקען ניט, אז דאָס איז איינע פון די טיעפסטע פאר־מולען. אין דער ערקענטניס פון לעבען און אין דער אָבשעצונג פון די אויסערליכע זאכען קען זיין, אז זי איז א גוטער ריכט־שנירעל פאר דעם, וואָס דענקט. אָבער דער מעדאל האָט צוויי זייטען: אויף דער אנדערער זייט שטעהט: „אלעס בעוועגט זיך, אלעס פליעסט!“ און דאָס איז פאר מיר א טיעפער טרייסט. אמת, איך בין בעשטימט געוואָרען פון פריהערע אורזאכען, און דאָך בין איך א נייער, א וויטערער, אַן אור־פערזענליכעס, א וועזענטליכעס, א

פאָלגע, און איך אַליין העלף דער אייביגער ענטוויקלונג. איך בין בעגרענעצט און מאַך דאָך די גרענעצען אַליין ווייטער. איך בין ניט פריי, און האָב דאָך פרייהייטען. איך בין, אויב איהר ווילט, טאַקע אַ צונויפמישונג פון פערשיעדענע זאַכען, אָבער ווען איך בעשטעה פון אַן אונענדליכער צאַהלען־שורה, גיב איך דאָך צו אַ קליינעם ברוך־טהייל צו דיעזע צאָהלען, און דערמיט ענדערט זיך שוין דורך מיך דיעזע צאָהלען־שורה. און דערפאַר טאַקע בין איך אַן איך אויף צו להכעים אַלע שטערונגען. אַן איך מיט מיין פרייהייט און מיינע געפיהלען. און אייער גאַנצער סקעפּטיציזמוס וועט ניט אָבברעכען אַ ברעקעל פון דיעזער ערקענטנים. דורך דעם קריגט מיין איינצעלנע עקזיסטענץ עטוואָס אייביגעס, עטוואָס פול מיט בעדייטונג. איך בין געוועזן. איך בין און איך וועל זיין.

ביי די לעצטע ווערטער איז זיין פּנים געוואָרען זאַנפט און מילד און זיינע אויגען האָבען געלויכטען ריין און שעהן.

— איהר האָט עס זיך זעהר נעט און שעהן אויסגעקליגעלט — האָט געזאָגט היינזיאוס, זיך אויפהויבענדיג פון טיש, און מיט אַ טאָן, וועלכען קיינער וואָלט ניט געקאָנט ריכטיג פערטייטשען, האָט ער צוגעלייגט: — איך קען אייך גראַטולירען.

אויף דעם האָט קיינער ניט געענטפערט.

.16

צו יענע געשמאַקלאָזע פון רויטע באַק־שטיינער אויסגעמוי־ערטע געביידען, אין וועלכע בערלין איז אזוי רייך, געהערט אויך די ירושלים־קירכע.

דאָ איז אַרומגעגאַנגען דער דיכטער ליערס הין און צוריק.

ער האָט ערוואַרטעט דזשאָזעפאַ גערווינג.

די מיטאָגס־זונן האָט געוואָרפען איהר שיין אויף די טהורעמס און האָט זיך אויך אָבגעשפּיגעלט אין די פענסטער־שויבען פון די הייזער.

ביי דער קירכע איז געשטאַנען אויף צוויי קוליעס אַנגעשפּאַרט אַ גרויס געוואקסענער מענש, וועמעס פּנים איז געווען אַרומגעראַמט פון אַ לאַנגען גרויען באָרד. זיין פּנים איז געווען בלאַס און דורכ־

**זיכטיג.** איהם האָט געפּרוירעז איז דער זונז. צו קיינעם פוז די פּער־בייגעהענדע האָט ער זיך ניט געווענדעט מיט ווערטער. ער האָט זיי נור אָנגעקוקט שטום מיט אַ קלאַגע אין די אויגען. ווען אימיצער איז צו איהם צוגעגאַנגען און איהם דערלאַנגט אַ קליינע מטבעה, האָט ער גאַנץ וועניג געדאַנקט, ער האָט נור עטוואָס אַ נייג געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

דער דיכטער ליערס האָט איהם גאַנץ אויפמערקזאַם בעטראַכט. די רויטע קאַלטע קירכע און די ליידענס־געשטאַלט האָבען עפּעס גאָר ניט געשטימט. דער דיכטער האָט פאַנטאַזירט: דאָס איז אַ מענש פון אַ גרויסען אַריסטאָקראַטישען הויז. אפשר איז ער אַמאָל געווען אַ גראַף, אָדער גאָר אַ פירסט. ער האָט עפּעס אין זיך פאַרנעהמעס, שטאָלצעס פון דעם אַמאָליגען גוטען לעבען... און דאַן האָט איהם דאָס לעבען צובראָכען. און איצט שטעהט ער אַ מאַרטירער, אַ קאַליקע ביי דער קירכע. וואָס קען ער זיך דענקען? טראַכט ער איבער דאָס געהיימנים פון עקזיסטענץ — אָדער איבער די פּער־זונקענע צייטען? מאַכט ער שפּאַס איבער די מענשען, וועלכע געהען פערביי? וואָס פאַר אַ משוגע'נע געדאַנקען קומען מיר — האָט זיך ליערס געכאַפּט — דער מאַן פריהרט דאָך; ער האָט דינע, צולעכערטע קליידער, ווי קען ער שפּאַס מאַכען פון אימיצען? הם... עס קען דאָך זיין, אַז מיר זאָל אַמאָל אויך אַזוי געהן, ווי אָט דיעזען מענשען, מען דאַרף זיך אויסלערנען ביי איהם זיין מינע. עס קען אַמאָל אין דער צוקונפט צוניץ קומען. עס איז זיכער, אַז דיעזער בעטלער פערשטעהט זיין מלאכה. ניין, ער האָט דאָס בעטלען אומ־געוואַנדעלט אין אַ קונסט.

דער דיכטער האָט פּשוט הנאה געהאַט דערפון.

אין דעם אויגענבליק איז אָנגעקומען דזשאָזעפאַ געררווינג. ליערס איז האַסטיג צו איהר צוגעלאָפען. ער האָט גאָר אין־גאַנצען פערגעסען אָן דעם בעטלער; די מיידעל אָבער האָט איהרע אויגען אויסגעשטאַרטשט געראַדע אויפ'ן בעטלער. זי האָט אַרויסגענומען פון קעשענע איהר געלד־בייטעל, און וויפיעל עס איז דאָרט געווען, האָט זי אַריינגעלייגט אין די בלייכע האַנד פון דעם קריפּעל. דאַן, ניט זאָגענדיג צו ליערס אפילו „גוטען טאָג“, האָט זי ראַש אַרויס־גערעדט:

— קומט אוועק פון דאנען.

— וואָרום האָט איהר איהם אוועקגעגעבען אייער גאַנצעס געלד?

— וואָרום? — זי האָט געשמייכעלט און דערביי געוויעזען איהרע ווייסע, גרויסע צייהן — איהר דענקט אודאי, אַז איך האָב עס אויס גוטסקייט געטהאָן? הויבט זיך גאָר ניט אָן. עס האָט א געוויסע ערקלערונג, און נעמליך, דאָס איז א טריק. איך האָב זיך א נדר געטהאָן אָבצוגעבען היינט דעם ערשטען און בעסטען בעטלער מיין גאַנצעס געלד, וואָס איך האָב אין קעשענע. איך וויל איינמאָל ברענגען א קרבן. אפשר וועט דאָס העלפען.

— מיר ווערט ניט גוט.

— פאַר וואָס?

— דערפאַר וואָס איהר קענט יענעם נפש אַזוי ליעב האָבען!

זי האָט איהם אָנגעקוקט ערנסט און מיט וועה. ער האָט איהר ניט פערשטאַנען.

אין א ווייל ארום האָט זי ביי איהם געפרעגט:

— דערצעהלט, וואָס האָט איהר אויסגעפונען?

— זאָל איך אַלעס דערצעהלען?

— אַלעס — און זי האָט צוזאַמענגעדריקט די ליפּען.

ער האָט געשוויגען א ווײלע.

— וואָס וועל איך אָבער האָבען דערפאַר? — האָט ער געפרעגט.

איהר פּנים האָט זיך אויסגעקרימט פון אונרוהיגקייט און זאָרג.

— איהר זאָלט מיך איצט ניט פּייניגען — האָט זי געענט־פערט מיט א טאָן פון א הערשערין — רעדט!

— גוט! — ער האָט אַרויסגענומען א קליינעם נאָטיץ־ביכעל און האָט פאָרגעלייענט: — דאָנערשטאָג אום 7 א זיינער איז ער געוועזען ביי דער אינגאָלף, און איז דאָרט געבליבען ביז האַלב־צעהן. פרייטאָג איז ער דאָרט געוועזען בלויז צעהן מינוטען אום האַלב נאָך זעקס. שבת און זונטאָג האָבען זיי זיך גאָר ניט געזעהן. מאָנטאָג איז ער ווידער געוועזען ביי איהר פון 7 ביז 12. די דיענסטמיידעל האָב איך אונטערגעקויפט. זי ווייס זעהר ווייניג. מאַנכעס מאָל לייענט ער אָדער שרייבט. זיי זאָגען איינער דעם אַנדערען „דו“.

דאָס האָט זי געהערט, און זיי האָבען אַ ריכטיגען פערהעלטניס אַלס מאַן און פרוי. איז עס גענוג פאַר אייך?

זי האָט געשוויגען. עס האָט געצוקט אונטער איהרע אויגען. זי האָט געהאַלטען ביידע הענד, וועלכע זי האָט צונויפגעדריקט אין קולאַקעס, פעסט צו איהר ברוסט.

ער האָט געזעהן איהר שמערץ, וועלכער האָט איהר נאָך שעהנער געמאַכט און פאַר אַ קורצע צייט האָט ער פערגעסען זיין אייגענעם פערלאַנג. איהר אַנבליק האָט איהם אָנגעפילט מיט אַ טיעפע ליעבע צו איהר. אָבער דאָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. וואָס נוצט מיר איהר שעהנקייט, האָט ער זיך געפרעגט אומעטיג. איך בין פאַר איהר גאָרניט, גאָרניט, און מיט כעס האָט ער ארויסגעשטויסען:

— ווי קענט איהר ליעב האָבען אַזאַ אידיאָט? — און אַזוי ווי זי האָט איהם גאָר ניט געענטפערט, האָט ער צוגעלייגט: לאָזט מיך, איך ווייס, וואָס איך זאָג, ער איז אַן אידיאָט.

זי האָט איהם ניט געלאָזען אויסריידען, און איז אַנטלאָפען פון איהם.

ער האָט די ערשטע מינוט געוואָלט איהר נאָכלויפען, אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטען. האָב איך זי דען טאַקע ליעב? — האָט ער ביי זיך אַליין געפרעגט. יאָ, האָט איהם אַ שטימע געענטפערט. איך שלאָף ווייניגער און לויף צוליעב איהר אַרום איבער די גאַסען. מיך פיבערט, ווען איך דענק פון איהר. אַ ווייל׳ע האָט ער וועגען דעם געטראַכט, אויב ער וואָלט געקאָנט קומען צו זיין ציעל, אָבראַמענדיג פרינדעל פון וועג אויף וועלכען עס איז אופן. ער האָט געהאַסט דיעזען מענשען, דיעזען אידיאָט, וואָס האָט ניט אָנגעהויבען צו וויסען, וואָס שעהנהייט איז. און צו אַזאַ איינעם קלעפּען זיך די פרויען!

ער האָט זיך אומגעדרעהט אין שרעק, טאָמער הערט איינער, וואָס ער טראַכט, און איז ווייטער געגאַנגען. איהם איז געקומען דער געדאַנק פון זיין פרוי. וואָס נוצט מיר דען דיעזע דיקע פערזאָן, האָט ער געזיפצט אין זיך, כאָטש זי איז אַזוי גוט צו מיר, און כאָטש זי פיטערט מיך אַזוי? זי ווייכט דאָך גאָר ניט, זי האָט דאָך קיין אהנונג, וואָס עס קומט פאָר אין מיר.

ער האָט זיין ווייכען פילץ־הוט פעסטער אַרויפגעדריקט אויפ׳ן

קאַפּ און איז ווייטער געגאַנגען, ביז ער האָט פּלוצלונג זיך דערזעהן שטעהענדיג פאַר קרעמפּינסקי'ס וויין־רעסטאָראַנט אין דער לייפּציגער גאַס. אַה, דאָס איז שעהן, און ער איז אַריין.

עס איז געווען פול מיט מענשען דאָרט, און קוים צו קריגען אַ פּלאַץ.

דאָ האָט זיך געפונען גאַנץ בערלין. אָפיצירען, בערזען־מענשען, טוריסטען, דאָקטוירים, קלאָירקס א. ז. וו. די האַלבע פּאָרציאָנען, וועלכע מען האָט ערהאַלטען פאַר 75 פּפעניג, האָבען דאָס צוגעצויגען אַזוי פיעל מענשען. עס איז געווען אַ שטענדיגער קומען און געהן. די יעניגע, וועלכע האָבען ניט געהאַט אַזאַ פולען בייטעל, זיינען דאָ זיך פאַרגעקומען גרויס און רייך. אויך זיי זיינען געזעסען אין אַ וויין־הויז צוזאַמען מיט די אַלע נאָבעלע הערען. צופריעדען איז געווען דער דיכטער, ווען דער געשעפטס־פיהרער האָט איהם אָנגעוויזען אַ פּלאַץ. ער האָט בעשטעלט אַ פּלאַש רהיין־וויין, אַ פּאָרציע קאַוויאַר און אַנדערע דעליקאַטע מאכלים. מען לעבט דאָך נור איינמאָל. מען מוז זיך פילעווען. האָט מען פּעך אין דער ליעבע, מוז מען דעם גוף שטאַרקען. דאָס איז דער געזעץ פון דער ערהאַלטונג פון די כחות.

דאַן האָט ער זיך אַריינגעגאָסען דעם קלאָרען העלען וויין און האָט געהאַלטען אין איין טרינקען.

די אַרומזיצענדע האָבען נייגיעריג געקוקט אויף דעם שעהנעם מענשען מיט די גלענצענדע אויגען און מיט דעם פערטרוימטען פנים. אויך די מאכלים, וואָס ער האָט בעשטעלט זיינען זיי פאַרגעקומען עטוואָס זאָנדערבאַר. ער האָט עס בעמערקט, און דאָס האָט איהם הנאה געטהאָן. ער האָט אַ וואונק געטהאָן צו אַ פעטער פרוי, וועלכע האָט געפינקעלט פון די בריליאַנטען אויף איהר, און האָט געוואָרפען ליעבעס־בליקען אויף איהם.

דאָס פעהלט מיר נאָך — האָט ער געטראַכט — איך האָב גענוג מיין אייגענע. עס איז אייגעטליך געמיין פון מיר — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט — דאָס איך עקספּלואַטיר איהר אַזוי. אַלע די, וואָס זיינען דאָ דאָ, וואָלטען געווים געזאָגט, אַז איך דאַרף איהר דאַנקבאַר זיין. דאַרף איך עס אָבער? דאָס איז אַלעם אונזין? וואָס פיהר איך מיר איבער דעם וויין מיט אַזעלכע נאַרישע פראַגען? איצט דענק איך שלעכט פון איהר, אָבער אין אַ שטונדע אַרום וועל איך איהר

קושען אויף די דיקע באַקען, און לאָזען זיך צערטלען פון איהר און איך וועל זי וואהרשיינליך האַלטען פאַר גוט און ליעבליך... און אויף דאָס וועט זיין אמת...

די דזשאָזעפאַ איז פּלוצלונג איהם געקומען אין געדאַנק.

ער האָט אַ זיפץ געטהאָן אין זיך, און האַסטיג אויסגעטרונקען אַ פרישע גלאָז וויין.

.17

עס זיינען געוועזען טעג, ווען טהאָמאַס האָט געמיינט, אַז ער וועט צוזאַמענברעכען אונטער דער שווערער אַרבייט. דער „פּעסט־זאַל“ האָט ניט נור געוואָלט קריטיקירען, נור ער האָט אויך געוואָלט אויס־בויען דעם גרויסען אידעאַל, געבען עטוואָס פּאָזיטיוועס אויף דעם פּלאַץ, וואָס איז בעקעמפּפט געוואָרען. עס זיינען פּעראַנשטאַלט געווו־אָרען דיסקוסיאָנס־אַבענדען, אַזעלכע, ווי מען האָט פריהער געהאַט אין דער גרופּע נאַכטליכט. עס פלעגען קומען פרעמדע. פון צייט צו צייט האָט מען געהערט נייע אַרגומענטען דאַגעגען, און מען האָט געמוזט צוזאַמעננעהמען דאָס גאַנצע וויסען, אום צו ענטפּערען אויף זיי.

עס איז געוועזען פרינדעל׳ס גרויסער פּערדיענסט, וועמעס חשק צו אַרבייטען און לערנען האָט געהאַט עטוואָס פאַנאַטישעס, דאָס ער האָט דיעזע דיסקוסיאָנס־אַבענדען געגעבען אַ בעשטימטע ריכטונג. מען האָט זיך בעשעפטיגט סיסטעמאַטיש מיט די רעפאָרמאַטאָרישע דענקער, וועלכע זיינען געוועזען ווענגוויזער פאַר זיי. פרינדעל אַליין האָט געהאַלטען פּאָרטרעגע איבער דיהרינג, וועלכע זיינען נאָכהער אין אַ געקירצטע פאָרם געדרוקט געוועזען אין „פּעסט־זאַל“.

טהאָמאַס האָט זיין מעדיצינישען שטודיום געוואָלט אין גאַנצען אויפגעבען, אָבער די בראָזע האָט איהם ניט דערלאָזען דערצו. זי האָט צו איהם געזאָגט:

— איהר האָט אַ ציעל פאַר זיך, פאַר וועלכען איהר האָט יאָהרען לאַנג געאַרבייט. איהר זיינט שוין גאָר ניט ווייט פון איהם, און איהר טאָרט ניט אָוועקשליידערען די נוצען, וואָס איהר קענט אַמאָל האָבען דערפון. אין אייער פּראָפעסיע אַלס דאָקטאָר, האָט איהר אַ שטיצע, וועלכע קיינער קען פון אייך ניט אָוועקנעהמען.

זי, וועלכע איז קיינמאָל ניט געווען קיין אָפּאָרטיוניסטין, האָט איצט געהאַט טויזענד טעמים, ווארום טהאָמאַס מוז ענדיגען זיין שטודיום. אירגענד אַן ארבייט, וועלכע זי אַליין האָט געקאָנט אויס־פיהרען, האָט זי פון איהם צוגענומען. און איהרע אויגען האָבען געפינקעלט מיט פרייד, ווען ער האָט איהר ענדליך געפאָלגט.

מעהר נאָך, ווי די ארבייט, האָט טהאָמאַסען געדריקט די זאָרג. ווי שפּאָרזאַם ער האָט געלעבט, אָבער די געלד־מיטעל זיינען צוגאַנ־גען, ווי שנעע, ווייל אַ חוץ דעם, וואָס דער „פּעסט־זאַל" האָט געקאָסט אַ סך געלד, האָט מען נאָך געמוזט בעצאָהלען פאַר היינזיאוסעס אונטערהאַלט. די פרוי בראָזע האָט קיין גראָשען ניט גענומען פאַר איהר ארבייט, און וויפיעל מען האָט ניט געמאַטערט זיך איבערצורעדען איהר, זי זאָל עפּעס נעהמען פאַר איהר שווערע ארבייט פאַר די צייטונג, האָט זי זיך איינגע'עקשן'ט ענטזאַגט. זי פּערדיענט געלד אויף אַן אנדער שטייגער, האָט זי ערקלערט, און זאָל מען איהר ניט פערביטערען דאָס לעבען מיט אַזעלכע צומוטהי־גונגען, פאַר איהר ליטעראַרישע און אנדערע טהעטיגקייטען פאַר'ן „פּעסט־זאַל". זי, וועלכע איז געווען אַ שוויינעדיגע זייט איהר מאַן איז געשטאָרבען, האָט געקאָנט ווען עס איז געקומען צו רייד וועגען דעם, ווערען אַזוי אין כעס, דאָס טהאָמאַס האָט ענדליך נאָכגעגעבען.

זי איז געווען די פּערטרויטע פון זיינע געלד־געשעפטען. זי האָט געמאַכט די חשבונות, געפיהרט די ביכער, און האָט פונקט אַזוי געפיהלט די שווערקייט פון געלד־זאָרג, ווי טהאָמאַס, כאָטש זיי האָבען וועגען דעם קיינמאָל ניט גערעדט צווישען זיך.

איין טאָג האָט טהאָמאַס געמאַכט אַ קורצען פּראָצעס. ער האָט געשריבען אַ בריעף צום פאָטער זיינעם, דאָס ער דאַרף נויטיג האָבען זיין איבעריגען פערמעגען. ער האָט אין דעם בריעף געשריבען, דאָס ער וועט ניט אָננעהמען קיין תירוצים. ער וויל זיין געלד, און ער וויים, ווי ער קען זיך פערשאַפען זיין רעכט.

ער האָט געוואַרט נערוועז אויף אַן ענטפער. און זיין נערוועז־זיטעט איז געווען ניט אומזיסט. לויט פרוי בראָזע'ס אויסרעכענונ־גען איז גראַדע געבליבען נאָך אַזוי פיעל געלד, אום ארויסצוגעבען בלויז נאָך דריי נומערען פון „פּעסט־זאַל".

טעג זיינען אוועק, און נאָך די טעג זיינען געקומען שלאָפלאָזע

נעכט, און פון דער הײם איז קײן צײל ניט אָנגעקומען. טהאָמאַסען האָט עס שרעקליך געקרענקט. ער האָט אָבער ניט געוואָלט ווײזען פאַר קײנעם, וואָס עס קומט פאַר אין איהם. ער האָט זיך אַלײן געהאַלטען פעראַנטוואָרטליך פאַר די גאַנצע אונטערנעהמונג, און ער טאָר ניט גלײך אין אָנפאַנג אַזוי קלעגליך דורכפאַלען.

בײ יעדער פאָסט איז ער געלאָפען דעם בריעפּטרעגער אַנט־קעגען. דער בריעפּטרעגער האָט מיט רחמנות געשמײכעלט, דער־זעהענדיג איהם. דיעזער שמײכעל האָט איהם געשניטען אין האַרצען. ער איז איצט זיך פאָרגעקומען זעהר נאַריש, דאָס ער האָט אָנגעהױ־בען אַזאַ גרויסע אונטערנעהמונג מיט אַזעלכע לײכטע מיטלען. אײן נאַכט איז ער אויפגעשטאַנען, האָט זיך האַסטיג אָנגעטהאָן און נעמאַכט אַ קלײן פּעקעל פון די נויטיגסטע זאַכען. אַלעס האָט ער געטהאָן שטיל און פאָרזיכטיג, אַזוי ווי אַ גנב. ער האָט מורא געהאַט, אַז הײנזיאוס זאָל זיך ניט אויפכאַפּען און איהם אָנהויבען שטעלען פראַגען. פון צײט צו צײט האָט ער געוואָרפען אויף איהם אַ מיס־טרויאישען בליק. יענער איז אָבער פעסט געשלאָפען.

מיט אַ ציטערענדע האַנד האָט ער אָנגעשריבען אַ פּאָר צײלען צו דער פרוי בראַזע. ער האָט איהר געשריבען, דאָס ער פאָהרט אַהײם צו זעהן זיך מיט זײן טאַטען, ווײל קײן אַנדער אויסוועג איז איהם ניט געבליבען, דאַן האָט ער שטילערהײט זיך אַרויסגעשאַרט פון צימער, און האָט פערלאָזען דאָס הויז אויף די שפּיץ־פינגער. ערשט, ווען ער איז געווען אין גאַס, האָט ער פרײ אויפגעאָטהעמט... עס איז געווען שטאָק פינסטער.

וואָרום טהו איך דאָס אַלעס אַזוי געהײם? האָט ער בײ זיך געפרעגט, און ער האָט ניט געפונען קײן ענטפער אויף דעם, און אימער ווידער האָט ער זיך געהאַלטען אין אײן פרעגען, וואָרום קומט ער זיך פאַר אַזוי אונפרײ? אפשר האָב איך מורא פאַר'ן טרעפען זיך מיט'ן פאָטער? ער האָט זיך געשעהמט פאַר דיעזען געדאַנק, אָבער גאָר אין גאַנצען מבטל זײן איהם האָט ער ניט געקאָנט. זײ האָבען זיך שוין אַזוי פיעל יאָהרען ניט געזעהן!

וועהרענד ער איז אַזוי געגאַנגען דורך די פינסטערניס, זײנען מיט אײנמאָל פערשיעדענע קינדהײטס־בילדער פערבײגעצויגען פערבײ איהם. אַלעס, וואָס איז געווען אַזוי לאַנג פערזונקען, האָט

וויעדער זיך ערוועקט אין לעבעדיגע פאָרמען און געשטאַלטען: זיין מוטער טאַמאַראַ, וועלכע איז אַט געוועזן די פרוי טאַמאַראַ, און אַט אַ ווייסע ליליע... די קליינע בעטינאַ מיט איהר קליין פידעל און איהרע צאַרטע הענטלעך... דער פרעדיגער... דער גאָרטען... ווי שעהן דאָס אַלעס איז געוועזן, ווי פערקניפּט און פערבונדען דאָס איז געוועזן אַלעס צוזאַמען.

ער האָט שווער געאָטהעמט און איז געגאַנגען שנעלער. זיין גאַנצעס לעבען איז געוועזן אַ רעטענים פאַר איהם. אַלעס אין זיין לעבען איז איהם פאָרגעקומען אַזוי דונקעל און פערשלייערט. ער איז געוועזן אַ וואַנדערער אין דער פינסטערניס. ער האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך אַ דינעם פאַס פון ליכט־שיין, אָדער אפשר איז עס געוועזן אַ בלאָנדזשענדע ליכט, וועלכע איז גלייך פערשוואונדען, ווי ער איז נור נאָהענט צוגעקומען צו איהם? אויף דער באַהנהויף האָט ער זיך דערוואוסט, דאָס דער צוג, וועלכען ער האָט בעדאַרפט נעהמען אַוועק אין פינף מינוטען. אַלזאָ, דיעזער צוג האָט געראַדע געוואַרט אויף מיך, האָט ער ביי זיך געטראַכט.

דער וואַגאָן איז געוועזן בעלויכטען פון אַ דונקעל־ברענענדען לאָמפּ. נור ווענינע זיינען מיטגעפאָהרען. עס איז געוועזן אַ שלעפּ־צוג, וועלכער האָט זיך אָבגעשטעלט כמעט אויף יעדער סטאַנציע. אימער דער זעלבער בילד פון אַ באַהנהויף. בריעף און פּאַקעטען זיינען אַרויסגעגעבען און אַריינגענומען געוואָרען. ביי יעדען אָב־שטעל איז טהאָמאַס אַרויס אויפ'ן בריקעל און האָט זיך אומגעקוקט דערשראָקען, אַזוי ווי ער וואָלט ערוואַרטעט עטוואָס בעזאָנדערעס. ענדליך איז ער מיעד געוואָרען און איז איינגעשלאָפען פאַר עטליכע שטונדען. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט געראַדע דאַן, ווען דער באַהן איז געקומען אין זיין געבורטס־שטאָדט. ער האָט געפיהלט זיך מיעד און צובראָכען. אָבער אין איין אויגענבליק איז די גאַנצע מיעדקייט פערשוואונדען געוואָרען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אַלעס, ווי געוועזן, און דאָך אַזוי פרעמד.

ווען ער איז אַרויס פון וואַגאָן, האָט דער סטאַציאָנס־מייסטער געוואָרפען אויף איהם אַ שנעלען בליק. ער איז געוואָרען אַלט און גרוי און ער האָט איהם ניט דערקענט; קיינער דערקענט איהם ניט מעהר. ער איז אַרויס אין גאַס. ווי בעטויבט איז ער געגאַנגען אין

פריהמאָרגען דורך די אַלט־בעקאַנטע גאַסען. ער האָט געקוקט אויף די בליהענדע פלעצער, אין דעם קלאָרען הימעל. ער האָט געהערט דאָס פישטשען און זינגען פון די פויגעלעך. נור וועניג מענשען האָט ער געטראָפען.

ענדליך איז ער אריינגעקומען אין סאַמע שטאָדט. אויף שריט און טריט האָט מען איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינטע בליקען... פאַר יעמען איז ער געווען אַ פרעמדער, און ער האָט זיך אַליין געפיהלט דאָ פרעמד, ארויסגעריסען מיט'ן וואָרצעל.

און אָט איז ער שוין געשטאַנען פאַר'ן גאָרטען. ער האָט געפיהלט, ווי עס האָבען ביי איהם געציטערט די קניע. דער טהויער איז געשטאַנען אָפען. ער האָט זיך אריינגעכאַפּט אַהין. איהם איז אויסגעקומען, אַזוי ווי בעטינאַ און טאַמאַראַ מוזען איהם קומען אַנטקעגען אין זייערע ווייסע קליידער און דערלאַנגען איהם זייערע ווייסע הענד. ווי דער גאָרטען זעהט עס איצט אויס! אַזוי ווילד, אַזוי ניט אויפגעפּאַסט! נור די אַלטע בוימער שטעהען נאָך אויף זייערע פּלעצער. אויך איז דער טייכעל אַזוי שמוציג... און דאָך איז דער גאָרטען נאָך אימער שעהן... יאָ, אפשר צוליעב זיין ווילדקייט און פערלאָזענקייט איז ער נאָך שעהנער, ווי ווען עס איז פריהער.

די הענד אָהן ליעבע האָבען ניט געקאָנט צושמעטערען זיין שעהנקייט. און אַזוי שטיל, אַזוי וואונדערבאַר שטיל איז דאָ געווען... געוויס, ער האָט גאָר ניט געצווייפעלט, דאָס דער גאָרטען געפינט זיך נאָך אַלץ אונטער טאַמאַראַ'ס שוץ... און אָט שוועבען די טענער פון בעטינאַ'ס פידעלע... איז דאָס ווירקליך אַלעס אַמאָל געווען?... זיינען שוין ווירקליך אַזוי פיעל יאָהרען אוועק זייט דאַן? אָדער האָט ער נור געטרוימט?

אַ שטילקייט, אַ טוידט־שטילקייט ארום איהם... און ווידער איז ער געלעגען אין גראָז און געקוקט אויף די זונן לאַנג און אונבע־וועגליך. אַ זיסער שלוכצענדער זינגען פון די נאַכטיגאַלען האָט איהם אויפגעוועקט, און אפשר אויך דער ריח פון די גראָזען און בלומען, און אפשר אויך דאָס רוישען אין די קרוינען פון די בוימער.

ער האָט זיך האַסטיג אויפגעהויבען, איז ווידער ארויס אין גאַס, און האָט אָנגעקלונגען אין הויז.

אַ דיענסט־מיידעל האָט איהם געעפענט די טהיר. זי האָט איהם

געפרעגט, וואָס ער וויל, ניט קריגענדיג פון איהם קיין ענטפער. ער איז איהר פערבייגעגאַנגען. איצט איז ער געשטאַנען פאַר זיין פּאַטער׳ס שפּרעך־צימער, און האָט געעפענט די טהיר. ער האָט ניט אָנגעקלאַפּט. דאָס צימער איז געוועזן ליידיג.

ער האָט געוואַרט אַ ווײַלע, ער האָט געהערט שווערע טריט, און זיין פּאַטער איז געבליבען שטעהן אויפ׳ן שוועל, אַרויסלאָזענדיג אַ קורצען געשריי פון פערוואונדערונג; ער האָט איהם אָנגעקוקט שטום און ערשטוינט.

אויך טהאָמאַס איז פאַר אַן אויגענבליק געוואָרען עטוואָס צו־טומעלט. איז דאָס דער פּאַטער? ער איז געוואָרען פעט און קײלעכ־דיג מיט אַ רויטען פּנים פון איינעם, וואָס האָט האָלד דעם טרונק. אויף דיעזען פּנים איז געווען צו בעמערקען יענע מינע פון הערשאַפט, וועלכע מען געפינט אָפט ביי דאָקטוירים אין קליינע שטעדטלעך. דער פערקעהר מיט די בויערען און מיט די גאַנץ איינפאַכע בעלי־מלאכות ברענגט זיי דעם געפיהל פון זיכערהייט, פון אַן איבערלעגענ־הייט, וועלכע הופט אַרויס ביסלעכווייז אַ געפיהל פון הערשאַפט און טיראַניי. זיינע האָר און וואָנצעס האָט דער פּאַטער נאָך אימער געהאַלטען שעהן פערקעמט.

— גוטען טאָג — האָט טהאָמאַס געזאָגט, וועהרענד דער דאָק־טאָר איז צוגעקומען נעהנטער.

זיי האָבען זיך דערלאַנגט די הענד, אָבער אין דעם האַנד־דרוק פון פּאַטער איז געלעגען עטוואָס קאַלטעס און פיינדליכעס. טהאָמאַס האָט עס געפיהלט.

דער דאָקטאָר האָט איהם בעאָבאַכטעט מיט נייגיעריגקייט און מיט אַ געפיהל פון מורא. ער האָט איהם בעטראַכט, ווי איינעם, וואָס האָט זיך אַריינגעריסען אין זיין הויז און געגען וועמען ער וועט זיך מוזען וועהרען. און דערביי האָט ער עפּעס געפיהלט זיך זעהר אונ־זיכער געגען דעם גרויס־געוואַקסענעם שלאַנקען יונגען מאַן, וועלכער האָט איהם בעטראַכט אַזוי רוהיג און ערנסט.

— דו האָסט הפּנים ליעב צו מאַכען איבעראַשונגען — האָט דער פּאַטער ענדליך אַרויסגערעדט.

— טהאָמאַס האָט געענטפערט:

— דו ווייסט, צוליעב וואס איך בין געקומען.

געלד. איך האב אומזיסט געווארט אויף דיין ענטפער.

דעם דאקטאר'ס רויטער פנים איז געווארען נאך רויטער. און ער האט געזאגט:

— איך וויים, צו וואס דו דארפסט דאס געלד. איך קען דעם טהייערען צוועק! שעהנע זאכען מאכסטו דארט! דו ווילסט הפנים, מען זאל דיך נאך ווען־עס־איז אויפהענגען פאר דיינע משוגע'נע אידעען!

ער האט זיך א ווײלע אבגעשטעלט, ווארטענדיג, וואס טהאמאס וועט איהם ענטפערען. אבער טהאמאס האט גאר ניט געענטפערט. ער האט דייטליך געפיהלט, דאס צווישען זיי איז ניטא דאס מינ־דעסטע געמיינשאפטליכע, דאס יעדע פראבע צו ערקלערען איהם וועט זיין גאנץ ארויסגעווארפען. ער האט געפיהלט, דאס ער קען גאר ניט מעהר זיין אין כעס אויף איהם. זיין רוהיגקייט האט דעם פאטער געמאכט נאך מעהר אין כעס, און ער האט געשריען:

— ווי קענסטו אין אזא טאן ריידען וועגען אלעס! א טהייערע פראפעסיע האסטו זיך אויסגעקליבען, צו שפּיעלען די ראלע פון אן אדוואקאט פאר אלע פוילענצער, טרעמפּס און טויגעניכטסען! ביסטו טאקע ווירקליך פון זינען? ווייסטו, אז דו קאמפּראמיטירסט מיך דערמיט? אויב דו ווייסט עס ניט, מוז איך דיר לאזען וויסען, דאס איך בין קרייז־דאקטאר, קעניגליכער בעאמטער, איך בין אויך פארשטעהער פון דעם שטאדט־ראטה. איך פוילענץ ניט. און ווער עס טהוט זיין פליכט, דעם איז גאנץ גוט.

און מיט אמאל, גאנץ צוטומעלט פון טהאמאסעס שווייגען, האט ער צוטומעלט ארויסגערעדט:

— ווילסטו מיר ניט רעכענשאפט געבען איבער אלעס, וואס דו טהוסט דארט?

— ניין — האט טהאמאס געענטפערט — דאס וויל איך נים.

און א שמערצליכער קנייטש האט זיך אוועקגעלעגט צווישען זיינע אויגען־ברעמען.

דער דאקטאר האט פערקאטשעט די ארבעל. א שרעקליכער צארען איז איהם בעפאלען. דאן האט ער אנגעהויבען ריידען מיט א בייסענדער איראניע:

— איך וואָלט נור געוואָלט וויסען, אויף גרונד פון וועלכע געניאַלע פעהיגקייטען דיינע דו נעהמט זיך עס די חוצפה צו קעמפּ־פען געגען פערנונפט, אָרדנונג און געזעץ? איך קען עס פערשטעהן, ווען ווירקליך אַ גרויסער מאַן... אָבער דו, דו ליעבער גאָט, וואו ליעגט דען דיין גרויסקייט?... ווען יעדער איינגערעדטער, אויפגע־בלאָזענער נאַר...

ער איז פלוצלונג שטיל געבליבען. ער האָט זיך פלוצלונג דער־מאָנט אָן יענע סצענע, ווען ער האָט געוואָלט ווערען מייסטער איבער טהאָמאַסען, ווען ער איז נאָך געווען אַ אינגעל, און ווען טאַמאַרא איז אָנגעקומען צווישען זיי... עס האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַזוי ווי עטוואָס סטראַשענדעס איז געווען צו לעזען אין טהאָמאַסעס פנים, און ער האָט זיך אָוועקגעזעצט און צונויפגעבויגען.

דאַן האָט זיך געוויזען אַ ביטערער שמייכעל אויף טהאָמאַסעס פנים, און ער האָט זיך אָוועקגעזעצט און זיך צונויפגעבויגען.

— איך האָבען וועגען דעם אַלעם ניט געוואָלט ריידען מיט דיר. צו וואָס? אָבער אפשר איז עס דאָס לעצטע מאָל, וואָס מיר טרעפען זיך, און דאַרום וועל איך דיר ענטפערען: ניט איך בין אַ רויבער און אויפהעצער, און אויך בין איך ניט קיין גרויסער זשעניע. קיינמאָל האָב איך דאָס ניט געזאָגט וועגען זיך. איך בין איינפאַך אַ מענש, וואָס גלויבט אין די מענשליכע ענטוויקלונג און אין די מענשליכע גוטסקייט. איך האָב בעגריפע און געדאַנקען, וועלכע זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרען פון אַנדערע פאַר מיר. איך וויים עס. אָבער דאָס אַלעס האָט אין מיר געלעבט און געקעמפּפט פון קליינוויז אויף. אַזאַ שטאַרקער דראַנג נאָך ליכט, נאָך וואַהרהייט און נאָך פרייהייט. און איצט טהו איך אַלעס צו פערווירקליכען דאָס, וואָס איז מיר קלאָר געוואָרען, אין לעבען, אין טהאַט. איך פּרוביר מיך אַליין צו ערפילען. מעג זיין, אַז אַנדערע האָבען ערפונדען דיעזע וואַהרהייטען, אָבער דאָס מאַכט ניט אויס. זיי זיינען געוואָרען מיינע וואַהרהייטען, ווען איך האָב זיי בעשאַפען אין מיר. און פאַר דאָס, וואָס איך טהו, פערלאַנג איך פון קיינעם ניט קיין דאַנק. איך טהו עס איינפאַך, ווייל איך מוז עס טהאָן. אין מיר איז דאָ אַ ראָד, וואָס טרייבט מיך... פאַר מיר איז דאָ אַן אייביגע וואַהרהייט, וועלכע מען מעג זי טרעטען מיט די פיס, וועט מען איהר דאָך ניט

צוטרעטען. און דערפאַר קעמפף איך און דערפאַר מוז איך קעמפפען.

און מיט אַן אונענדליך טרויעריגען אויסדרוק אויפ'ן פּנים האָט ער צוגעלייגט:

— איך קען מיר גאָר ניט פאָרשטעלען עטוואָס מעהר שענד־ליכעס, אַז נור דער אויסנאַהמס־מענש האָט אַ רעכט צו קעמפפען פאַר זיינע געדאַנקען. עס איז דאָך קלאָהר, אַז ענדליך מוז די וואהר־הייט ווערען דער פערמעגען פון אַלע מענשען. וואָס איך וויל? איך וויל בעוואוסטהייט, איך וויל ניט נאָכשלעפּען זיך נאָך אַנדערע — ווען איינער וויל נור זיין אַ מענש, הויבען זיי אויף אַ געשריי, אַז ער וויל שפּיעלען די ראָלע פון אַ גניוס, אָדער זיי האַלטען איהם פאַר אַ פאָלשטענדיגען משוגע'נעם. אָבער אויף דעם דאַרף מען זיך ריכטען.

דער דאָקטאָר האָט איהם אויסגעהערט אָהן די מינדעסטע פערשטענדניס. ער האָט איהם ווירקליך ניט בעגריפען. דאָס איז ניט געוועזן פליישׁ פון זיין פליישׁ, און נאָך וועניגער גייסט פון זיין גייסט. עס האָט איהם שוין אָנגעהויבען צו לאַנגווייליגען. און דערצו איז ער געוועזן אַ ביסעל אונרוהיג.

— איך האָב ניט דאָס געלד — האָט ער ארויסגערעדט גראָב און אָהן אירגענד אַ צוזאַמענהאַנג.

אין דיעזען אויגענבליק איז אריין אַ דיקע פרוי אין צימער. מיסטרויאיש האָט זי געקוקט אויף טהאָמאַסען. זי איז געוועזן זעהר אָבגעלאָזען אין איהר קליידונג, און איהרע האָר איז געוועזן ניט פערקעמט. זי האָט די הענד געהאַלטען אין די זייטען.

— דאָס איז טהאָמאַס — האָט דער דאָקטאָר פאָרגעשטעלט דערשראָקען.

זי איז צוגעקומען נעהנטער און דערלאַנגט איהם איהר פולע האַנד מיט אַ שלעכט געמאַכטער צוטרויליכקייט.

פאַר אַ מינוט איז אַלעס געוועזן שטיל אין צימער.

דער דאָקטאָר האָט געגעבען דער פרוי אַ צייכען, און זי איז גלייך אוועק.

טהאָמאַסען איז אויפגעפאַלען, ווי דער דאָקטאָר האָט זיך געפיהלט זעהר אונזיכער אין דער אַנוועזענהייט פון דיעזער אַזוי

אונגעהייער דיק געוואָרענער פרוי. ווען די טהיר האָט זיך צוגעמאַכט, האָט טהאָמאַס געזאָגט:

— איך קען דיר גאָר ניט העלפען. איך מוז האָבען דאָס געלד אונבעדינגט.

דער קופּער־רויטער פּנים פון פּאָטער האָט געקראָגען דעם קאָליר פון קרייד.

— פאַר די צייטונג?

— יאָ.

— איך האָב אָבער ניט דאָס געלד. איך האָב עס פערלאָרען.

— דאָס איז אָבער אונמעגליך! — האָט טהאָמאַס געשטאַמעלט, און עס האָט זיך איהם אָבגעדוכט, ווי אימיצער וואָלט איהם ארונטערגעשלעפּט אין אַ דונקעלע גרוב...

און איצט האָט מיט אַמאָל טהאָמאַסעס פּאָטער אָנגעהויבען צו ווערען קליין, ניעדריג און שרעקעדיג. עס האָט זיך אויסגעדוכט, ווי ער האָט זיך צונויפגעדרעהט אין צוויי. אין ווערטער אָהן אַ צוזאַמענהאַנג האָט ער דערצעהלט, ווי ער האָט ספּעקולירט מיט טהאָמאַסעס געלד. טהאָמאַס האָט ניט פיעל פערשטאַנען פון זיין ערצעהלונג. ער האָט געוואוסט נור איין זאַך, דאָס זיין פערמעגען איז אַזוי גוט, ווי פערלאָרען.

— ווען דו האָסט רחמנות אויף אַלע איבעריגע — האָט דער דאָקטאָר געענדיגט כיטרע — מוזטו מיט מיר אָנהויבען.

טהאָמאַס האָט זיך מיט מיה אויפגעהויבען פון זיין שטוהל. ער איז בלאַס געוואָרען. אַ גאַנצע מאַסע פערשיעדענע געדאַנקען האָט זיך דורכגעיאָגט ביי איהם אין קאָפּ. עס האָט איהם געשווינדעלט פאַר די אויגען. איך מוז בלייבען רוהיג און געלאַסען, האָט ער צו זיך גערעדט. איך מוז זעהן, וואָס מען קען נאָך ראַטעווען. ער האָט זיך צוזאַמענגענומען און געזאָגט:

— איך וועל אַזוי ניט אַוועקגעהן; איך דאַרף האָבען דאָס געלד.

דער פּאָטער האָט אָנגעהויבען אַריינפאַלען אין אַ וויינענדיגען טאָן.

— פריינד זיינען דיר אַלזאָ נעהנטער, ווי דיין טאַטע!

טהאָמאַס האָט אויף דעם גאָר ניט געענטפערט, און האָט נור געזאָגט, בעטאָנענדיג יעדען וואָרט:

— איך וויל וויסען, וויפיעל געלד דו קענסט איצט שאַפען. איבער דאָס איבעריגע וועל איך מיך שפּעטער מישב זיין.

זיין פּנים האָט געצייגט אַ פעסטע ענטשלאָסענהייט. זיין טאָן האָט געקלונגען רויה און פעסט.

דער שטאַרקער, ברייט־פּלייציגער מאַן האָט געשיינט צו זיין איבערגעשראָקען, און ער האָט אַרויסגעשטאַמעלט:

— איך קען געראַדע שאַפען אַ פינף טויזענד מאַרק.

— דאָס איז אַלעס?

דער פאָטער האָט נור אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

טהאָמאַס איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט געקוקט אויף די גאַס מיט די קליינע הייזער. ער האָט שטאַרק געליטען ביי דיעזער סצענע. ער האָט זיך אומגעדרעהט, און געזעהן, ווי זיין פאָטער ציטערט אין שרעק, און ער האָט געזאָגט:

— אויב איך קען גלייך קריעגען דיעזע סומע, וויל איך ניט מעהר דאָס איבעריגע, וואָס מיר קומט.

— יאַ, דו קענסט עס — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט שנעל — איך האָב גלייך, ווי איך האָב געקראָגען דיין בריעף — ער האָט ניט דערענדיגט, איז צוגעלאָפען צו טהאָמאַס, האָט איהם געכאַפּט פאַר'ן האַנד און געזאָגט: — יונגע, ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי עס איז מיר געגאַנגען — דאָס האָט ער געזאָגט שטיל, זיך אומקוקענדיג אויף אַלע זייטען — איך, איך, און אַ פּאָר זיפצען האָבען זיך ביי איהם אַרויסגעריסען.

דאָס איז געווען אַ גרויסע מוטשענעס פאַר טהאָמאַסען. דער פאָטער האָט עס געפיהלט, האָט זיך צוזאַמענגענומען, און זיי זיינען ביידע אריין אין וואָוינצימער.

אַ שטאַרקע מיידעל, רויט און געזונד, איז זיי געקומען אַנטקעגען. זי האָט געהאַט אַ גרויסע עהנליכקייט מיט דעם דאָקטאָר'ס פרוי. זי האָט געקוקט אויף טהאָמאַסען מיט אַ ניט־פערבעהאַלטענע נייגיריגקייט. טהאָמאַס האָט עס אויך געזעהען, אַזוי ווי דער פאָטער וואָלט זיך אויך געשראָקען אַ ביסעל פאַר דער מיידעל.

די פרוי איז ווידער אריינגעקומען. מיט אַ ראַשען בליק האָט

זי אויסגעפונען, אז אלעס איז אין ארדנונג. זי האט מיט די אוי־
גען דיריזשירט איהר מאן.

— דאס איז דיין שוועסטער — האט דער דאקטאר ארויסגע־
בראכט מיט א שווערען שמייכעל, אנווייזענדיג אויף די מיידעל.

די פרוי האט זיך דערווייל ברייט אוועקגעזעצט אויפ׳ן סאפא, און אוועקגעלייגט איהרע הענד אויף די קניע; און גאר אהן דעם מינדעסטען צוואנג האט זי ארויסגערעדט:

שעהנע נארישקייטען האט עס דיין טאטע געמאכט.... דאס גאנצע געלד.... נא לאמיר בעסער ניט רעדען וועגען דעם.

טהאמאס איז צוגעגאנגען צום טיהר. ער האט דא לענגער ניט געקאנט אויסהאלטען. די לופט האט איהם דא געשטיקט.

— איך מוז נאך זיין ביין פרעדיגער — האט ער געזאגט מיט א פערשטיקטער שטימע. קיינער האט איהם ניט צוריקגעהאלטען.

דאס איז, אלזא, געווען דער ווידערזעהען! האט ער געטראכט, געהענדיג איבער׳ן גאס.

פאר׳ן הויז פון דעם פרעדיגער איז ער שטעהן געבליבען. ער האט זיך דערמאנט אן די שטונדע, ווען ער איז צום ערשטען מאל מיט א קלאפענדע הארץ געגאנגען אין דיזע הויז, און ער האט זיך דערמאנט אן די מינסדעסטע קלייניגקייט.

ער האט אנגעקלאפט. און באלד זיינען זיי ווידער געשטא־
נען פנים אל פנים. זיי האבען זיך געהאלטען פאר די הענד. זיי האבען קייןווארט ניט גערעדט. אלעס אין זיי איז געווען פרייד און שמערץ.

אויך פאר דעם פרעדיגער זיינען די צעהן יאהר ניט אריבער שפורלאז. די האר איז גרא געווארען, אבער דער פריינדליכער גו־
טער פנים איז געבליבען דערזעלבער.

ער האט בעטראכט טהאמאסען מיט א פארשענדען בליק. „דו ביזט עס!“ האט ער אויסגערופען, און אין א הארציגען טאן האט ער געזאגט:

— ווען דו וואלסט געוואוסט, ווי געגארט האב איך דיך וויע־
דער צו זעהען. ווארט אן אויגענבליק. ער איז ארויס, און איז באלד צוריק אריין. הינטער איהם איז געגאנגען זיין הויז־האלטערין מיט א פלאש וויין און צוויי גלעזער.

— אונזער וויעדערזעהען מוז געפייערט ווערען!

ער האט אריינגעגאסען דעם וויין, און טהאמאסען האט זיך אבגעדרוכט, אזוי ווי די פיין־געשניטענע האנד פון פרעדיגער האט עטוואס געציטערט. זיי האבען גערעדט פון פערשיעדענע זאכען. אבער אין אלץ האט שטיל אריינגעקלונגען דער נאמען טאמארא. „איך וויל דיר עטוואס ווייזען“, האט דער פרעדיגער געזאגט, האט געעפענט דעם שופלאד, און האט פון דארט ארויסגענומען א מע־דאליאן־בילד, וועלכעס האט פארגעשטעלט טאמארא אין איהר בלי־הענדע יוגענד. טהאמאס האט עס לאנג געהאלטען אין האנד.

— ווען איך וועל ניט מעהר זיין, ועט עס וויעדער זיין דיינס. ביז דאן מוזסטו עס לאזען ביי מיר. ער איז מעהרערע מאל זיך דורכגעגאנגען איבער'ן צימער, פערלייגט די ארעמס פון הינטען. דאן איז ער שטעהן געבליבען לעבען טהאמאס'ען, האט ארויפגעלייגט די הענד אויף זיינע אקסלען, און האט איהם אריינגעקוקט טיעף אין די אויגען. — איך פרעה מיך מיט דיר פון גאנצען הארצען. דיין וועג איז דער ריכטיגער. יעדעס ווארט, וואס דו שרייבסט, קומט פון דיין הארצען. מיט די אנדערע, וועלכע קעמפפען מיט דיר, קען איך ניט אין גאנצען איינפערשטאנען זיין. איך הער פון זיי א טאן, וועלכער גרילצט מיר אין די אויערען. אויך ביי זיי פיהל איך א גרויסען ווילען, אבער עס טהוט מיר וועה.

ער האט זיך אבגעשטעלט אויף אן אויגענבליק, און האט צו־געלייגט:

— גיב מיר דיין האנד, אבער, ניין, דו דארפסט מיר דיין האנד ניט געבען. איך ווינש, אז דו זאלסט קיינמאל ניט לאזען זיך צווינ־גען פון אימיצען, דאס דו זאלסט אימער בלייבען שטארק אין זיך. עס קען פאסירען, אז דו זאלסט זיך מוזען צושיידען מיט דיינע איצ־טיגע פריינד. לאז עס דיך ניט ארען. וועך ניט צומישט אין דיין איינזאמקייט... זעה, זיי ניט בייז אויף מיך פאר מיינע רייד... מען האט זיך אזא אייביגקייט ניט געזעהן. עס ווילט זיך אלעס זאגען, וואס עס האט זיך אנגעקליבען.

דאס איז געוועזען איינע פון די הייליגע שטונדען אין לעבען פון טהאמאס טרוק. א גרויסער ווייטער גליקס־געפיהל איז געקומען אי־בער איהם. עס האט איהם אי צונויפגעשנורט די האלז און אי

איהם אוועקגעטראָגען הויך, הויך. א שטימע האָט אין איהם גע־רעדט: דאָס איז מעהר, פיעל מעהר, ווי דיין ארבייט פערדיענט!

ער האָט זיך אָבגעדרעהט און ארייגנעקוקט אין פענסטער. וואָס פאר א שעהנער טאָג!

זיי האָבען זיך ווידער אוועקגעזעצט און דער פרעדיגער האָט גענומען פון צייט צו צייט טהאָמאַסעס האנד, און איהר געגלעט.

— אין דיזע יאָהרען — האָט טהאָמאַס געזאָגט מיט אַן אונטער־דריקטער שטימע — איז אזוי פיעל לייד און קאמפף געווען אין מיר, און איצט איז אלעס אוועק... ניין, איך בין ניט הויכמוטהיג, גלויב עס מיר.

— איך גלויב עס דיר!

און דאן האָט איהם טהאָמאַס דערצעהלט פון זיינע פריינדע, זיינע מיט־קעמפפער, פון אלעס. פלוצלונג אָבער איז ער שטיל גע־וואָרען, זיין פנים האָט זיך פערוואָלקענט, און ער האָט געזאָגט:

— עס איז דאָ מאַנכעס, וואָס איך קען דיר איצט ניט דערצעה־לען. איך וויל מיר ניט איבערפיהרען דעם שעהנעם טאָג.

— דו דארפסט עס אויך ניט.

און ער האָט גענומען זיין גלאָז וויין, און אָנגעשטויסען עס אָן טהאָמאַסעס. די גלעזער האָבען געקלונגען גוט און ריין צוזאמען.

און איצט האָט דער פרעדיגער געמוזט דערצעהלען אלעס, וואָס ער האָט דורכגעלעבט. און ער האָט איהם דערצעהלט פון דעם גרויסען געדעכטניס־פייער, וועלכען ער האָט געהאַלטען פאר טאָ־מאַס, ווי ער האָט יאָהרען־לאַנג געצעהרט פון דעם קאַרגען גליק, וואָס א פריינדליכער שיקזאַל האָט ארייגעטראָגען אין זיין לעבען.

זיי זיינען געזעסען צוזאמען, און די שטונדען זיינען געלאָפען. זיי זיינען געפאָהרען אויף א וויטען וואסער, ער און דער פריינד, אין פריעדען און שעהנהייט. דאָס שיפעל האָט זיך געגליטשט. זיי האָבען אריינגעקוקט אין די אונענדליכע, אונערגרינדליכע טיפ־קייט, און זיי האָבען געקוקט אין דעם הימעל, וועלכער האָט זיך פערשפרייט איבער זיי מיט זילבערנע, שווערע, בערגיגע וואָלקענס.

עס האָט אָנגעהויבען ווערען פינסטער, ווען זיי האָבען זיך צו־שיידט.

— וואוהין איצט? ער האָט גאָר ניט נאָכגעטראַכט.

און אויף איינמאָל איז ער ווידער געווען אין גאָרטען, אויף דעם קבר פון טאַמאַרא.

פון דער ערד איז ארויסגעשטיגען א פייכטקייט. אויף די גראָזען און בלומען איז געלעגען דער אבענד־טהוי.

— דו, דו, דו — האָט ער געמורמעלט פאר זיך. דאַן האָט ער זיך אויפגעהויבען אזוי גלייך, ווי א ליכט, און איז אריין אין הויז.

די פרויען האָבען איהם אָנגעקוקט קאַלט און פיינדליך. ער האָט עס אָבער ניט בעמערקט.

אום עלף אוהר האָט ער ווידער פערלאָזען דאָס הויז. ער האָט בעשלאָסען צו פאָהרען צוריק מיט דעם נאכט־צוג.

די צושיידונג מיט'ן פאָטער איז געווען קורץ. אָבער אין דעם האנד־דרוק האָבען זיי זיך ווידער געפונען.

ער ליידט, האָט טהאָמאָס געטראכט, און איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אז איצט פערשטעהט ער איהם.

דורך די שווערע נאכט, מיט'ן שווארצען רייזע־טאַש אין האנד, איז ער געגאַנגען שנעל צום באהנהויף. ער איז געגאנגען מיט אַן אנדער וועג, ווי דער, מיט וועלכען ער איז געקומען. עס האָט גע־פינקעלט אין דער פינסטערניס... אלעס האָט ארום איהם געשמעקט פון די פעלדער, מיט וועלכע ער איז געגאַנגען.

— איבעראל איז ליעבע און שעהנהייט — האָט ער געטראכט, און האָט זיך ניט געקאָנט אָברייסען פון דעם שעהנעם אנבליק.

ענדליך האָט ער דערזעהען די ליכטער פון באהן־הויף. און ווידער איז ער געזעסען אין וואגאָן, האָט זיך ארויסגעבויגען פון פענסטער, בעטראכט אלעס ארום איהם מיט דער גרעסטער אויפ־מערקזאמקייט, ביז דער קורצער פייף פון לאָקאָמאָטיוו האָט זיך גע־לאָזט הערען, און דער צוג האָט זיך אָנגעהויבען בעוועגען.

און ער איז ווידער געפאָהרען אהין, וואו דער קאמפף און די געהיימניספאָלע צוקונפט האָט געווארט אויף איהם.

## .18

— איז דאָ די איננגאָלף?

די דיענסטמיידעל האָט מיט שטוינען געקוקט אויף די פרעמ־דענדע.

— איך מיין פריילין אינגאָלף — האָט זי זיך באלד פער־בעסערט.

— נעהמט אריין.

דזשאָזעפא איז געווען אָנגעטהאָן אין א העללעס קלייד פון די־נעם, געלען שטאָף, וועלכער האָט געגלענצט, ווי יאפאנעזישע זייד. ארום האלז האָט זי געהאט אָנגעטהאָן א שווארץ־זיידענעם שאַל, וועלכער האָט איהר געגרייכט ביז די קניע. אויבען איז געווען דאָס קלייד בעציערט מיט א געוועב פון זיידען, פול מיט קליינע לעבלאָך, אזוי, דאָס עס האָט זיך געזעהען איהר פיינע צארטע הויט. איהר הוט איז געווען מיט א ברייטען ראנד, און איהרע שיך גאנץ ווייס, אזוי ווי זי וואָלט געגאנגען צו א באַל. אויפ'ן גאַס האָבען איהר די מענשען נאָכגעקוקט, אָבער זי האָט עס ניט אָנגעהויבען צו פיהלען. זי איז געבליבען שטעהן אין טיהר, אָנגעשפארט אויף איהר לאנגען זונען־שירם.

פון ערשטען בליק האָט זי געמאכט אויף שארלאָטע אינגאָלף א ליעבליכען איינדרוק. אָבער ווען זי האָט זיך אייגעקוקט אין איהרע ווייט־אויפגעריסענע און ביסטרע אויגען, האָט זי זיך שטאַרק אי־בערגעשראָקען. זי האָט איהר שווייגענדיג אָנגעבאָטען א פלאַץ און האָט זיך אליין אוועקגעזעצט אנטקעגען איהר.

דזשאָזעפא האָט לאנגזאם אויסגעטהאָן דעם הוט, האָט אוועק־געשטעלט איהר שירם, האָט ארויסגענומען א טאשענטיכעל און זיך אָבגעווישט איהר צוהיצטען פנים. דאן האָט זי צוגערוקט איהר שטוהל גאנץ נאָהענט צו שארלאָטע אינגאָלף. און, ווען זי האָט זיך ארומגעקוקט אין צימער, אזוי ווי זי וואָלט געוואָלט אָבשאצען יעדע זאך, וואָס איז דאָרט געווען, האָט זי געזאָגט:

— איך וויל וויסען, ווארום האָט איהר איהם פון מיר אוועקגע־גנב'עט?

זי האָט דאָס ארויסגעזאָגט גאנץ לאנגזאם מיט בלאַסע ליפען; און ווידער אמאָל בעטראכטענדיג דאָס צימער, האָט זי צוגעלייגט:

— איהר האָט אלעס, איהר זיינט רייך, איהר זיינט א סטודענ־טין; וואָס ווילט איהר אייגענטליך נאָך מעהר?

די אינגאָלף האָט זיך ביי יעדען וואָרט א טרייסעל געטהאָן, אזוי ווי מען וואָלט איהר געשלאָגען מיט א בייטש.

— גלויבט איהר דען, אז איך וועל דאָס דערלאָזען? — האָט דזשאָזעפּא געפרעגט, און זאַנדערבאַר געשמייכעלט דערויף.

די אינגאָלף איז נאָך אַלץ געבליבען שולדיג אַן ענטפּער.

— איהר מיינט אודאַי, דאָס איך בין אזעלכע, וועלכע מען קען לייכט אוועקשטופּען אָן א זייט? — איצט האָט זי אויסגעבראָכען אין א קראמפּפהאַפטען געלעכטער — איהר האָט א טעות, מיין פריי־לין — דיזע ווערטער „מיין פריילין” האָט זי ארויסגערעדט מיט אַ ביטערער איראָניע — איך וועל ניט לאָזען, אז מען זאָל מיך אזוי פערשליידערען. ווייסט איהר, אייגענטליך, וואָס פאר א פערהעלט־ניסע עס זיינען צווישען אונז?

די אינגאָלף האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— אַלזאָ, ווייסט איהר עס, און איהר האָט איהם דאָך —

די אינגאָלף האָט זיך מיט א מאָל אויפגעהויבען. אַלעס האָט אין איהר געציטערט, און זי האָט געשטאַמעלט:

— איך האָב גאָר ניט געוואָלט... איך... איהר דאַרפט דאָך ווי־סען, דאָס ביי איהם פערלירט מען דעם גאַנצען ווילען.

די אויגען פון שאַרלאָטע האָבען געפינקעלט. זי האָט עס גע־וואוסט, און דאָך אין דיזער מינוט האָט עס איהר פערשאַפט פערגני־גען צו געפינען איהרע ערפאַהרונגען בעשטעטיגט דורך א צווייטע. אָבער דאָס איז באַלד ביי איהר פערבייגעגאַנגען, און זי האָט געזאָגט מיט כעס:

— דיזער מענש האָט מיך געצוואונגען צו ווערען זיינע. איך געהער איהם און ער געהערט מיר. און איך דולד עס ניט, ניין, איך וועל עס ניט לאָזען — האָט זי געענדיגט מיט א ליידענשאַפטליכען געשריי. זי איז אויפגעשטאַנען, און איז זיך דורכגעגאַנגען מעה־רערע מאָל איבער'ן צימער.

די סטודענטין האָט מיט שפּאַנונג פערפאָלגט יעדע בעוועגונג איהרע, און פלוצלונג, מיט א טאָן פון הילפלאָזיגקייט און הכנעה, האָט זי געפרעגט:

— אָבער וואָס קען מען דערצו טהאָן?

— וואָס איז צו טהאָן? — האָט דזשאָזעפּא איבערגעפרעגט מיט א פּנים, אויסגעקרימט פון כעס — איך וועל אייך זאָגען, איהר מוזט אוועקפאָהרען פון דאַנען.

די אינגאָלף האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

— דאָס קען איך ניט. דאָס קען איך איינפאַך ניט.

— איהר ווילט ניט?

— איך קען ניט — האָט זי ווידערהאָלט, און א טיעפער שמערץ איז געוועזן צו הערען אין דעם טאָן פון איהר שטימע.

זיי האָבען זיך אָנגעקוקט לאַנג און שווייגענדיג. יעדע פון זיי האָט געהאַט איהרע אייגענע געדאַנקען, אָבער יעדע האָט געפיהלט דעמזעלביגען שמערץ.

דאַן האָט דזשאָזעפא געענדערט איהר טאַקטיק:

— ווילט איהר עטוואָס וויסען? — האָט זי געפרעגט מיט שפּאָט. און ניט ווארטענדיג אויף אַן ענטפער, האָט זי צוגעלייגט:

— עס וועט לאַנג ניט געדויערען, און ער וועט אייך אוועקווארפען.

שאַרלאָטע אינגאָלף האָט איהר אָנגעקוקט מיט טרויעריגע אויגען, און האָט נור געענטפערט:

— איך ווייס עס.

— איהר ווייסט עס? זעהר גוט. דאַן ווייסט אויך, דאָס דיזער מענש ווייס ניט פון קיינע ריקזיכטען.... ער האָט נור זיך ליעב. שוין מאָרגען קען ער האָבען אַן אַנדערע. און פול מיט האַס האָט זי צוגעלייגט: — דאָס איז אַ געמיינער נידערטרעכטיגער מענש.

— ניין — האָט די אינגאָלף געענטפערט — איהר גלויבט עס אַליין ניט. ער איז נור אונגליקליך.

דזשאָזעפא האָט געוואָרפען אויף איהר בליקען, פול מיט פעראַכטונג, און זי האָט געענטפערט:

— אונגליקליך? איהר מיינט, דאָס ער מאַכט אַנדערע אונגליקליך. ער איז געמיין, זאָג איך אייך. ער לאַכט זיך אויס פון דער גאַנצער וועלט. ער האָט נור זיך אין זינען. ער וואָלט געקאָנט זעהען קרעפּירען זיין מוטער, זיין קינד און זיך, און זיך ניט אַ ריהר טהאָן פון אָרט. ער איז אַ שופט, אַ געמיינער שופט.... ווען מען וואָלט נור געהאַט אַ ביסעל שטאָלץ אין זיך — האָט זי געזאָגט שטיל, מעהר צו זיך, ווי צו אינגאָלף, וואָלט מען איהם בעדאַרפט אָנכראַקען אין זיין צורה און אוועקגעהן פון איהם. אָבער דאָס איז דער אונגליק, וואָס עס פעהלט אונז דער שטאָלץ.

די אינגאָלף האָט נור געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

אין א ווײלע ארום האָט דזשאָזעפּא ווידער אָנגעהויבען צו רעדען:

— אז איהר זײנט זיכער, דאָס ער וועט אײך פערלאָזען, טו ווארום געהט איהר בעסער אלײן ניט אוועק? איהר זעהט דאָך, אז איהר שטעהט צווישען מיר און איהם. איהר זעהט עס דאָך דײטליך.

— איך זעה דאָס אַלעס — האָט זי געענטפערט, אָבער איצט דארף ער מיך נאָך. איך פיהל עס. איך האַלט איהם ניט, ווי איהר, פאר א פערברעכער, איך האַלט איהם פאר אן אונגליקליכען מענשען, און א חוץ דעם, איך ליעב איהם דאָך.

— און וואָס וועט איהר טהאָן? — האָט דזשאָזעפּא געפּרעגט — ווען ער וועט אײך פערלאָזען?

— וואָס וועל איך טהאָן? איך גלויב, איך וועל ארבײטען.

— איהר האָט אָן ארבײט, וואָס ברענגט אײך פערגעניגען?

— יא.

— ווײסט איהר, וואָס איך טהו? — האָט זי געפּרעגט מיט רציחה.

שארלאָטע אינגאָלף האָט אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

לאנגזאם האָט דזשאָזעפּא צוריק ארויפגעזעצט אויפ'ן קאָפּ איהר הוט. זי האָט זעהר פיעל צײט פערברויכט, פערבינדענדיג זיך די בענדער. ווען זי איז דערמיט פערטיג געוואָרען, האָט זי גענומען איהר שירם. זי איז אָבער נאָך ניט ארויס פון צימער, נור זי האָט בעטראכט אויפמערקזאם איהרע ווײסע שיכלעך. זי האָט וועגען עט־וואָס שטארק געטראכט. עס האָט אויסגעזעהען, אזוי ווי זי האָט גאָר פערגעסען אָן די אַנדערע, וועלכע איז געשטאנען נאָהענט צו איהר. ערשט אין א צײט ארום האָט זי זיך צוזאמענגענומען און האָט אָנגעקוקט די אינגאָלף פעסט און דורכדרינגענד.

— איך ווינש אײך פיעל גליק — האָט זי ארויסגערעדט, איז ווידער שטיל געבליבען, און איז אויף ריקווערטס געגאנגען צום טיר. און אז זי האָט שוין געהאט די טיר אָפּען, האָט זי אויסגעשריען אין א טאָן, וועלכער האָט געקלונגען אזוי מורא'דיג און ערנסט: — אויב דאָס וועט אײך נור בעקומען!

און דאן איז זי פערשוואונדען געוואָרען.

שאַרלאָטע איינגאַלף איז געבליבען, ווי פערשטיינערט. זי האָט זיך צוגעהערט צו די פערקלינגענדע טריט. זי האָט געהערט, ווי דער פּולס איהרער האָט געהאַמערט. זי האָט זיך צוגעשלעפּט צום סאָפאַ, האָט איינגעדריקט דעם קאָפּ, און האָט געשלוכצעט אין זיך.

.19

אונטען, אין הויז־פלאָר, האָט דזשאָזעפא זיך אָבגעשטעלט. זי האָט ארויסגענומען פון קעשענע א פלעשעלע מיט וויטריאָל, און האָט לאַנגזאַם בעטראַכט די גרינע פליסיגקייט.

ווארום האָב איך דאָס איהר אין פּנים ניט געשליידערט? האָט זי געפרעגט ביי זיך אליין. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס פּנים, צופרעסען פון וויטריאָל און האָט זיך גענומען מאָלען, וואָס דער מעכאַניקער וואָלט דערצו געזאָגט.

„אָה, אָה“, האָט זי פּלוצלונג ארויסגעלאָזען פון זיך, האָט אריינגעלייגט די פלעשעלע צוריק אין קעשענע, און איז איילענדיג אוועק.

און וויעדער האָבען מענשען איהר נאָכגעקוקט.

איהר גאַנג האָט געהאַט אַ בעזאָנדערען חן, עטוואָס שוועבענדעס. איינער איז איהר נאָכגעלאָפען, און האָט געוואָלט אָנפאַנגען מיט איהר:

— אָה, גוטע פרײלײן, מיר קענען אונז דאָך, מעג איך אייך בע־גלייטען?

זי האָט אָבער געוואָרפען אויף איהם אזא בליק, דאָס יענער האָט זיך גלייך אָבגעטראָגען.

מיט איינמאָל האָט זי דערזעהען דעם סטודענט בעכערט מיט מאַריא ווערפט קומענדיג איהר אנטקעגען.

דער סטודענט האָט נאַריש געשמייכעלט, און דער פּנים פון דער מאָגערער מאַריא ווערפט האָט זיך עטוואָס פערפלאַמט.

זי האָט צו זיי בלויז א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און איז זיי פערביינגעלאָפען.

זי האָט ארויסגעצויגען איהר קליינעם זייגער'ל און האָט אָנגע־הויבען גנעהן נאָך שנעלער.

— וואָס האָט ער ביי דער אינגאָלף ? — האָט ניט אויפגעהערט בויערען א געדאַנק אין איהר קאָפּ — שעהן איז זי דאָך ניט.

זי האָט פּרובירט זיך אָנצוקוקען פון אונטען ביז אויבען.

וואָס געפינט ער ביי איהר? מאַרך האָט זי, דאָס איז אמת. און אויך ער האָט דאָך גור מאַרך, נור מאַרך. און אין דיזען וואָרט האָט זי אריינגעלייגט איהר גאַנצען שמערץ און איהר גאַנצען צאָרן.

ביי א געוויסען ווינקעל האָט זי זיך אָבגעשטעלט. דאָ מוז ער פערבייגעהן. יעדע סעקונדע קען עס פּאַסירען. עס איז דאָך שוין מיטאָג־צייט.

זי האָט זיך איינגעבויגען און אָבגעשטויבט איהרע ווייסע שיך מיט'ן טאַשענטיכעל.

אימיצער האָט זי בעאָבאַכטעט אין דיזער פּאָזע, האָט געזעהען איהר איידעלע ווייסע האַלז און איהרע טיעף־שוואַרצע האָר.

— פערלאַנגט איהר עטוואָס ? — האָט זי געפרעגט גראָב, ווען זי האָט זיך ווידער אויסגעגלייכט.

— איהר זיינט אן אנגענעהמע שלאַנג — האָט יענער געענט־פערט און איז שנעל אוועק.

זי האָט ניט ווילענדיג, טראָץ איהר שמערץ, געמוזט זיך צולאַ־כען איבער דיזען אויסדרוק.

אָה, אָט קומט ער !

זי האָט זיך אוועקגעשטעלט איהם אנטקעגען.

— פּסט !

ער האָט זיך ניט אומגעדרעהט.

דאַן האָט זי נאָך א מאָל און נאָך שטאַרקער אויסגעפייפט :

— פּסט !

דיזען מאָל האָט זי אויסגעפיהרט. ער האָט דערקענט איהר שטימע.

ער האָט זיך אומגעדרעהט, איז צוגעגאַנגען צו איהר, האָט צו־נויפגעדריקט די אויגען, און האָט זיך מיט שפּאָט פערנייגט פאַר איהר.

— דו געהסט מסתמא אויף א מאַסקענבאַל ? — האָט ער גע־פרעגט אָנשטאָט אירגענד א בעגריסונג.

וואָס פאַר א פערגעניגען ער האָט צו ערגערען מיך, האָט זי גע־

טראכט. אין דער הויך אָבער האָט זי געזאָגט מיט א שאַרפען טאָן:

— יא, איך געה אויף א מאַסקענבאַל.

— נו, ווינש איך דיר פיעל פערגנניגען.

— זאָל נור גאָט עס געבען — האָט זי געענטפערט פייערליך.

— א שעהנע קלייד, אָבער פיין! פון ווענען האָסטו דאָס? איז ער אזוי פריינגיביג?

אין דיזער מינוט האָט זי געוואוסט, דאָס איהר פּנים איז געוואָרען ווייס און פול מיט פלעקען. אם ליעבסטען וואָלט זי איינגעראָבען איהרע נעגעל אין זיין האַלז, אום צו דערווערגען איהם. און זי האָט זיך געוואונדערט איבער זיך אליין, ווי קאַלטבלוטיג זי איז געבליבען, און ווי זי בעהערשט זיך.

— דיזעס קלייד — האָט זי געענטפערט — האָב איך מיר אָבגעשפּאָרט גראָשען פאר גראָשען — און מיט אַן אויסדרוק אין איהר פּנים, וועלכער איז איהם געווען גאַנץ אונבעקאַנט, האָט זי צוגעלייגט: — איך וויל מיט דיר טאַנצען, מיר מוזען ביידע געהן אויפ'ן מאַסקענבאַל — און אויף איינמאָל האָט זי זיך שטאַרק צולאַכט — דו וועסט זיין אָנגעטהאָן, אַלס א מילדער גערטנער מיט דעם גיס־קאַן אין האַנד.... דו ביסט דאָך אזא מילדער גערטנער....

— דו ביסט משוגע!

— יא, איך בין משוגע — האָט זי פּלוצלונג געענדערט איהר טאָן, און ארויסגערעדט עס מיט א געוויין.

— וואָלסטו ניט געוואָלט געהן א ביסעל שנעלער?

— גוט, איך וועל געהן שנעלער.

— אין דיר זיצט א שד.

— זאָל זיין אזוי.

זי איז ווירקליך משוגע, האָט דער מעכאַניקער געטראַכט ביי זיך, און האָט אָנגעהויבען געהן נאָך שנעלער.

ער האָט מעהר קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. דזשאָזעפּא האָט שטיל אונטערגעזונגען עפּעס א ליעד. און פרינדעל האָט ביי זיך געטראַכט, אז זי מוז איהם דאָ וועלען אויפשפּיעלען א נידערטרעכטיגע קאָמעדיע.

זיי זיינען שווייגענדיג ארויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ צו זיין צימער. ביים טיר האָט ער צו איהר געזאָגט:

— וואָס ווילסטו אייגענטליך ?

— וואָס איך וויל ? — האָט זי זיך צולאכט — דיך, דיך ! איהר הארטנעקיגקייט האָט איהם געמאכט בייז.

— מיך האָט קיינער ניט — האָט ער אויסגעשריען — איך אליין האָב מיך, פערשטעהסטו ?

— און וואָס איז מכח דער אינגאָלף ?

— דאָס איז ניט דיין עסק ! דו האָסט זיך הפנים איינגערעדט, אז איך בין דיין הונד, וועלכען דו פיהרסט אויפ'ן שטריקעל.

זי האָט אראָבגעלאָזען די אויגען און האָט געענטפערט :

— דער הונד בין איך, איך, איך — דאן האָט זי איהם וויעדער געפרעגט :

— וואו ביסטו געווען די גאנצע צייט ? האָסטו געטראכט פון דעם, ווי איך מוז פיהלען ?

— ניין, וועגען דעם האָב איך קיינמאָל ניט געטראַכט.

און חאָטש זי האָט זיך געדרעהט און געקרימט אונטער זיינע ווערטער, האָט זי איהם נור אָנגעקוקט מיט טרויער און שרעק. זי האָט געזוכט איהם פעסטצוהאלטען מיט איהרע שטומע בליקען, אזוי ווי זי וואָלט געוואָלט אריינקריכען אין איהם, און אין גאנצען איהם האָבען.

ער איז געוואָרען בייז :

— דאָס מוז נעהמען א סוף !

— יא, עס מוז.

ער האָט זיך צוגעהערט פערוואונדערט.

— אלזאָ, לאָמיר זיך שיידען אין רוה און פריעדען.

— אין רוה און פריעדען — האָט זי איהם נאָכגעזאָגט.

— מיינסטו עס ערנסט ?

עס האָט געפינקעלט אין די שווארצאפלען פון איהרע אויגען. זי האָט פלוצלונג אויסגעשטרעקט די ארעמס, האָט איהם ארומגעכאפט און אויסגעשריען :

— ניין, קיינמאָל ניט ! דו און איך ! איך און דו !

ער האָט זיך מיט געוואלד ארויסגעריסען פון איהר.

— דו ביזט דאָך משוגע ! — האָט ער געשריען שרעקליך בייז

— דאָס איז דאָך צוואנגס־משוגעת.

— צוואַנג־משוגעת? — האָט זי געמורמעלט, אזוי ווי זי וואָלט ניט פערשטאַנען דעם וואָרט. און נאָך אַ ווײַלע פון אַ בערליינונג האָט זי געזאָגט:

— מיין ליעבע זאָל זיין נור אַ צוואַנג־משוגעת?

— יא, ניט מעהר, ווי אַ צוואַנג־משוגעת, אַ קראַנקע איינביל־דונג. ווען איך וואָלט היינט געשטאָרבען, און וואָלסט ניט געקאָנט מיך האָבען, וואָלסטו דאָך באלד זיך געטרייסט, מיין קינד, און מאָר־גען וואָלסטו זיך געוואָרפען אויף אַ צווייטען. דער אַלטער ווייבער־שפּאַס.

זי האָט גאָר ניט געענטפערט. זי האָט איהם אָנגעקוקט לאַנג, און צולעצט האָט זיך געוויזען אַ שמייכעל אויף איהר פּנים. עס איז אָבער געווען אַ מאָדנער, אַן אונפערשטענדליכער שמייכעל, פון וועלכען זאָגאַר פרינדעל האָט זיך געפיהלט זעהר אונאַנגענעהם.

.20

„פרייהייט און שטאַאטס־סאָציאַליזמוס“, דאָס איז געווען די טהעמא פון טהאָמאַס טרוק אין אַ געוויסע האַלל.

אַ גרויסע מאַסע מענשען האָט אָנגעפילט דעם זאַל. טהאָמאַס האָט אין דער לעצטער צייט גערעדט אויף אזוי פיעל פערזאַמלונגען. ער איז געוואָרען אַ צימליך־בעקאַנטער רעדנער. ער האָט געהאַט אַ זעהר שעהנע שטימע, און האָט גערעדט מיט געפיהל, חאָטש אָהן אירגענד וועלכע בעוועגונג מיט די הענד.

מען האָט זיך צו איהם צוגעהערט. מען האָט געפיהלט, אז דאָ שטעהט ניט קיין פאַנאַטישער פאַרטיי־מאַן, נור איינער, וואָס זוכט אליין דעם אמת.

אין דעם זאַל זיינען געווען מענער און פרויען.

איידער די פערזאַמלונג איז געעפענט געוואָרען, האָט פרוי בראָזע מיט נאָך אַ פּאָר, וואָס האָבען איהר געהאָלפען, פערטהיילט צווישען די אַנוועזענדע דעם נור־וואָס־ערשיענענעם „פעסט־זאַל“.

ענדליך איז עס געוואָרען גאַנץ שטיל. איידער ער האָט אָנגע־פאַנגען צו רעדען, האָט טהאָמאַס פאַר אַן אויגענבליק געוואָרפען אַ רוהיגען קוק איבער אַלע אַנוועזענדע.

„מען האָט אין אייך ארייגעפּאָמפּט א גלויבען אין דעם גרוי־סען צוקונפטס־שטאאט“ — האָט ער אָנגעפאנגען — „און איהר אין אייער אָרעמקייט און עלענד האָט זיך עס געלאָזט איינרעדען.... אייערע לעהרער האָבען פאר אייך אויסגעמאָלט א בילד, וואָס ברענגט אייך דעם הימעל אויף די ערד; מען האָט אייך פער'שכור'ט און דער־מיט גערויבט אייך אייער לעצטען ביסעל פערשטאנד.... עס מעג זיך זיין א גרויסער פערגעניגען צו פערוואָלקענען דעם קאָפּ מיט בראנ־פען, אום צו פערגעסען דעם גאנצען יאמער, אָבער די אויסניכטערונג, וואָס קומט נאָך אזא שכרות, איז זעהר ניט שעהן... אין אזא לאגע האָבען אייך געבראכט אייערע פיהרער... וואָס ווילען אָבער דיזע הערערען אין דער ווירקליכקייט? דאָס פאָלק זאָל פערשקלאפען אין דעם נאָמען פון פאָלק... מען וויל אייך פיהרען אין דעם נייעם שטאאט, ווי הינד ביין שטריקעל, און דערשטיקען אין וואָרצעל יעדעם פרייע דענקען.... דער היינטיגער צושטאנד איז אין פערגלייך מיט דעם, וואָס מען זאָגט אייך צו, אמת'ע פרייהייט! די הערערען זאָגען: ווער עס ארבייט, דער קריגט צו טרינקען און צו עסען, וויפיעל ער וויל נור. די לאנד, די מאשינען, אלעס זאָל פון איצט אָן געהערען צום פאָלק. די הערערען האָבען גוט אויסגעשפּרייט זייערע נעצען. עס וועט זיין א געראָטענער פאנג, און דאן וועלען זיי עס צוציהען, און דאָס פערלאָרענע פאָלק צאפּעלט זיך אין די נעצען און זוכט צו כאפּען א ביסעל לופט. ווייל, מיינע הערערען, פיטערען וועט מען אייך, אָבער נאָך קיינמאָל האָט דאָס עסען ניט געקאָסט אזוי טהייער. דער פרייז איז ניט מעהר און ניט ווענינער, ווי אייער פרייהייט!

„די גרויסע פערשקלאפונג אין נאָמען פון פאָלק הויבט זיך שוין אָן. די נייע הערערען האָבען הינטער זיך א גרויסע ארמעע פון בעאמטע. אין זייערע הענד איז די גאנצע אָרגאניזאציאָן. זיי זיינען די, וועלכע מאַבען די עפענטליכע מיינונג. זיי שטעלען אוועק א שראנק מיט פיעלע קליינע שופליאָדען, אָבער צו יעדען שופליאָד האָבען זיי דעם שליסעל. איינעם שפּארען זיי אריין אין דעם לאָך, א צווייטען אין אן אנדערען, און דאָרט מעג ער זעהען צו קעמפּפען פאר א בי־סעל לופט. הינטער יעדען שטעהט דער פאָרמאן מיט'ן קנוט, שפּיאָן און מסור, אלץ אין איין פּערזאָן. איהר ווערט געפּאשעט, אָבער

דערפאר מוזט איהר זיין קנעכט. וועה אייך, ווען איהר זאָלט וועלען אָבטרייסלען פון זיך דיעזען יאָך. די נייע ארבייטסגעבער האָבען אלעם אזוי קלוג צענטראליזירט און אָרגאניזירט, דאָס יעדער ווידער־שטאנד וואָלט געווען די העכסטע משוגעת.

„אין נאָמען פון פאָלק זאָלען אונזערע קינדער געבויגען און גע־בראָכען ווערען אין זייער צארטעסטען עלטער — דאָס רופען זיי פאָלקס־ערציהונג! וואָס פאר א קליקע פון דעמאגאָגען און שטעלען־יעגער וועט דיזער שטאאט־סיסטעם ארויסברענגען! עס הויבט זיך אָן אן עקעלדיגער געיעג נאָך מאכט, נאָך שטעלע, נאָך כבוד. דיזע וועלען ברענגען די קאָרופציאָן צו אזא גראד, אויף וועלכע זי איז נאָך קיינמאָל ניט געווען. דאָס, מיינע הערדען, זיינען נור א פאָר שטרי־כען פון דיזען שטאאטס־בילד, וועלכען מען וויל ארויפצווינגען אויף אייך!

„מיר אָבער זיינען געגען דעם שטאאט אין יעדער פאָרם. מיר האלטען דעם שטאאט, לויט א בעקאנטען וואָרט, פאר ניט אנדערעס, ווי אן אָרגאניזירטע רויבער־באנדע, וועלכע האָט זיך אויף אן אונ־פערשעהמטען אופן געמאכט פאר די הערשער׳ין איבער׳ן פאָלק. עס איז אין דער נאטור פון שטאאט, וועלכער איז ענטשטאנען אויף דעם חשבון פון שוואכען, אז ער זאָל בעשיצען די פריווילעגיען פון די שטארקע, דאָס ער זאָל מאכען איין זאך מיט די, וועלכע זיינען גע־וואלד־מענשען, און וועלכע זיינען רויבער פון דער־היים. ער שפיעלט נור ווייטער זיין היסטאָריש־בעשטימטער ראָליע, ווען ער אונטער־דריקט מיט זיין מאכט די אלע, וועלכע טרייסלען זיינע זיילען. עס איז זיין אויפגאבע צו האלטען דאָס פאָלק אין דומהייט און אונווי־סענהייט. אויך אייער סאָציאליסטישער שטאאט זעהט דעם גרעס־טען פערברעכען אין דעם, ווען א פריידענקענדער מענש הויבט אָן אָבצוטרייסלען פון זיך יעדען צוואנג. —

— דאָס איז אלעם אונזין! — האָט פלוצלונג איינער אויס־געשריען.

— שווייגען! — האָבען אנדערע געשריען — לאָזט איהם אויס־רעדען.

— טהאָמאס האָט געקוקט איבער די פערזאמלונג, אין וועלכער עס האָט אָנגעהויבען ווערען אונרוהיג. דיזע מענשען ווילען מיך גאָר

ניט אויסהערען, האָט ער געטראַכט, און זיין פּנים האָט זיך פערצוי־גען מיט אַ וואָלקען. קען מען דאָס פאָלק איבערהויפּט ערציהען? אָדער איז עס נור אַ נאַרישער איינפאַל?

— רוהיג! — האָט מען געשריען פון אַלע זייטען.

עס איז געוואָרען שטיל. אַ טיעפער ליידענסצוג האָט זיך איינגעשניטען אין זיין פּנים. ווער עס גלויבט ניט אין פאָלק, האָט ער געטראַכט, דער האָט עס שוין פערראַטהען.

טרעהרען זיינען געקומען איהם אין די אויגען. איך — איך גלויב אין דאָס פאָלק, האָבען זיינע ליפּען געמורמעלט. ער האָט זיך אויפגעריכט. וואו איז ער שטעהן געבליבען.... אָה, ער האָט זיך דערמאָנט. ער האָט צוריקגעוואָרפען דעם קאָפּ, האָט צוגעדריקט די אַרעמס פעסט צום קערפּער און דערמאָנענדיג זיך פּלוצלונג אָן דעם הערר עגידי, האָט ער אויסגערופען מיט אַ הויכער שטימע:

„מענער און פרויען! מען האָט ניט געקאָנט אויסטראַכטען עט־וואָס ערגערעס, ווי דעם שטאַאַט־קאָמוניזמוס מיט דעם פּאָליצייסקען אַרבייטס־צוואַנג, מיט דעם שטאַאַטס־קאָמוניסטישען פליכט־געפיהל. איך ציטיר דאָ די קריטיק פון אַ דענקער, וועלכער האָט דאָס געשרי־בען שוין מעהר, ווי מיט 25 יאָהר צוריק. ער האָט געמאַכט צו יע־נער צייט אַ געוואַלדיגען טומעל אין דעם ביהנשטאַק. אַלע האָבען זיך אויף איהם אַ וואָרף געטהאָן, און מען האָט איהם געוואָלט דער־שטעכען. וואָס האָט געזאָגט יענער דענקער? הערט. ער ער־קלערט דעם אידעאַל פון דיזען שטאַאַט־דעספּאָטיזמוס אלס אַ פאָל־שטענדיגען געגענזאַץ פון אַ פרייער געזעלשאַפט, אלס די הפקר'דיגע קאָנפיסקירונג פון יעדער אינדיווידועלער בעוועגונג. אין דיזער גע־זעלשאַפט, לויט זיין מיינונג, וועלען נור זיין פּאָליצייסקע, צענזאָרען און פריסטער אין קערפּערליכער און גייסטיגער הינזיכט, נור קאָמו־ניסטישע שטאַאַטס־קנעכט, אָדער אום צו געברויכען דעם אויסדרוק פון דער אַלטער וועלט, עפענטליכע שקלאַפען. ווי אַזוי די סטאַדעס פון דיזען קאָמוניסטישען שטאַל וועלען אין פערשיעדענע פראַגען פערקעהרען איינע מיט די אנדערע: ווי אַזוי דאָס עסען וועט ווערען פערטהיילט, און אין וועלכע פּאָרציאָנען, דאָס בלייבט אַ סוד ביז נאָך דעם יובל־יאָהר. און איהר ווייסט דאָך, מיינע העררען, אַז דיזער

יובל־יאָהר איז שוין אייך אָפט צוגעזאָגט געוואָרען. לויט דעם צוזאָג פון הערר ענגעלס, האָט ער שוין בעדארפט זיין אין 1898."

נאָך דעם לעצטען זאץ האָט זיך אויפגעהויבען א געוואלדיגער טומעל.

— האלט'ס מויל! — ארונטער מיט דעם פלוידער־זאק! — שלים! — האָט טהאָמאס געהערט ליארעמען.

א מאַן מיט ברייטע פלייצעס איז פלוצלונג ארויף אויפ'ן פלאטפאָרמע, און זיך געשטעלט לעבען רעדנער. דאָס איז געווען דער מעטאל־ארבייטער דרעוויץ.

— לאָזט איהם רעדען — האָט ער געזאָגט מיט א דורכדרינגענדער שטימע — מען זאָל איהם לאָזען רוהיג אויסריידען. די נויטיגע קריטיק וועט שוין שפעטער, נאָך זיין רעדע, אויסגעפיהרט ווערען.

וויעדער איז אלעס שטיל געוואָרען.

טהאָמאס איז איצט געשטאנען קאלט און אונבעוועגליך. זיין פנים איז עטוואָס רויטער געוואָרען, אָבער זיין אויג האָט געקוקט קלאָר, פעסט און רוהיג איבער די פערזאמעלטע. מיט א ביטערען שמייכעל האָט ער ווייטער גערעדט:

„ווען מען נעהמט צו ביי א קינד זיינע נאַשערייען, שרייט עס; און זאָגט מען איהם, אז עס וועט זיך דערמיט זיין מאָגען פערדארבען, שרייט עס נאָך העכער. דאָס קינד בעגרייפט ניט דיזע וואהרהייט. דאָס פאָלק איז פונקט אזא קינד. עס וויל ניט הערען די וואהרהייט. עס האסט גאָר צייטענווייז די יעניגע, וועלכע קומען צו איהם מיט דעם ביטערען קרייטעכץ פון אמת. אָבער, דאָס ארט אונז ניט! מיר נעהמען רוהיג אויף זיך דעם האס! מיט 25 יאָהר פריהער האָבען אייערע פיהרער און אייער פרעסע איינפאך שטום געמאכט מיט זייער ליארם און טומעל דעם מאַן, וועמעס קריטיק איהר האָט איצט געהערט. אין דעם ליארם איז זיין שטימע פערטויבט געוואָרען. אָבער זיינע ווערטער לעבען. און זיי לעבען, ווייל זיי זיינען אמת.

— פון וועמען פלוידערט איהר אייגענטליך?

— ווער ער איז? — האָט טהאָמאס געענטפערט, וויעדער שמייכלענדיג — דער מאַן הייסט אויגען דיהרינג!

— אָה, אַ צופוילטער קאָפּ — האָט מען איהם געענטפערט מיט אַ געוואַלדיגען ליאַרעם.

און ווידער איז געוואָרען אַ געפּילדער, און ווידער האָט דער מעטאַל־אַרבייטער דרעוויץ געמוזט אַרויפלויפען אויף די פּלאַטפּאָרמע און אויסשרייען:

— אויסרעדען לאָזט איהם!

— יאָ, לאָזט מיך אויסרעדען — האָט טהאָמאַס טרוק געזאָגט, און זיין לייכטענדער אויג האָט געבראַכט צום שווייגען דעם עולם.

„איהר וועט פרעגען, וואָס ווילען מיר! מיר ווילען אַ פרייע געזעלשאַפט, אַ פרייע געמיינשאַפט. מיר ווילען די פרייהייט פון דעם איינצעלנעם. פאַר אונז זיינען ניטאָ קיינע בעהערשער און קיינע בעהערשטע. פאַר אונז איז דאָס וואָרט פרייהייט ניט קיין פוסטער קלאַנג. פאַר אונז איז עס דער טיעפסטער קערן פון אונזער וועלט־און לעבענס־אַנשויאונג. די ערציהונג פון דעם מענשען־געשלעכט מיינט פאַר אונז זיין ערציהונג צו פרייהייט, צו אַ פרייער פּערזענ־ליכקייט. מיר ווילען ניט קיינע געבויגענע רוקענס, קיין צוואַנג פון לינקס און רעכטס, קיין קלענליכען רייסען זיך און שמייסענעש וועגען אַ ביסען ברויט. דער מענש זאָל זיך איבערקנעטען, איבערבויען. ער זאָל אָבטרייסלען פון זיך די, וועלכע ווילען איהם פאַר אַן ערד־קריכער, פאַר אַ שטומפּפען ווערקצייג פון ברוטאַלער געוואַלד. גע־ראַדע דאָס שיידט איהם אָב פון די, וועלכע אונטערוואַרפען זיך אַ דונקעלען צוואַנג. ער אַליין פאָרמירט און געשטאַלטעט זיין לע־בען. מורא, זאָרג, צווייפעל — דאָס שליידערט ער אוועק פון זיך. מיר ווילען אייך אויפוועקען צו פרייהייט און צו גוטסקייט!

„לאָזט מיר אייך זאָגען, מענער און פרויען, דאָס נור דער העכסט ענטוויקעלטער פרייהייטס־געפיהל פון איינצעלנעם וועט פיהרען צו אַן אמת גערעכטע געזעלשאַפט. די פרייהייט פון איינ־צעלנעם איז ערשט די בריק, וועלכע פיהרט צו אמת'ער געזעל־שאַפטליכקייט. דער, וואָס דענקט פריי און איינפאַך, דער האָט אויך אַכטונג און ליעבע פאַר זיין נעבען־מענשען. און פון דעם שפּראָצט אַרויס די בעגליקענדע געמיינזאַמע אַרבייט.

„איהר האָט געהערט פון אַ מאַן מיט דעם נאָמען פאוסט. צו איהם קומט דער טייוועל, און זאָגט איהם צו די אַלע גליקען פון דער

וועלט. אלס לוין פערלאנגט ער, אז פאוסט זאל איהם פערשרייבען זיין נשמה. דאס איז אן אלטע געשיכטע. אויך צו קריסטוס קומט דער שטן און וויל איהם אראבפיהרען פון וועג. און פונקט אין אזא לאגע איז דאס פאלק. ווייל די פרייהייט איז דעם פאלק׳ס נשמה. מען וויל זי ביי איהם אבקויפען, און מען באט איהם אן אלס פרייז ניט אלע גליקען פון דער וועלט, נור אן עלענדען לעבעל ברויט! מיט ספעקטאקלען און ברויט האט מען דאס פאלק געהאלטען אין צוים אין אלטען רוים. וואס זיינען זיי אנדערש, אויב ניט א רוט פאר די שקלאפען, ווען עס האנדעלט זיך אום די אונאבהענגיג־קייט פון פרייהייט?

ער איז געבליבען שטיל פאר א סעקונדע, און האט געזאגט מיט א הויכער שטימע:

„דער גאט, וועלכער האט מענשען בעשאפען, האט ניט געוואלט קיינע קנעכט. מיר פערברענען אויף א גרויסען שייטער־הויפען די אלע טרויעריגע פאראורטהיילע, וועלכע פערדאמען דעם מענשען צו קנעכטשאפט. אלעס שלעכטע און פערדארבענע מוז פערברענט ווערען אין דיזע פלאמען. אין דעם טיגעל פון פרייהייט וועלען מיר איבערשמעלצען די אבגעריבענע מטבע. מיר וועלען זי אומ־שמעלצען ניט אין דעם זין פון א הערשער־מאראל, נור פון א מענ־שען־מאראל, ווייל פאר אונז, מיינע ברידער און שוועסטער, האנ־דעלט עס זיך ניט אום די פראגע פון שפייז, נור אום די פראגע פון גייסט. מיר האבען ניט מורא, אז מיר זאלען ניט האבען צו עסען, ווען מיר וועלען פייערען דעם פעסט פון דער אויפלעבונג פון גייסט.“

די לעצטע ווערטער האט ער געקאנט ארויסרעדען זעהר שטיל, ווייל אין זאל האט געהערשט א טוידטענשטילקייט. אלע אויגען זיינען געוועזען געצילעוועט אויף דעם גרויסען, בלאסען מענשען, וועמעס אויגען זיינען געוועזען ווייט אפען. די אויגען האבען געהאט עטוואס דורכזיכטיגעס און פראפעטישעס.

און אין די טיפע שטילקייט, וועלכע זיינע ווערטער האבען ארויסגערופען, האט זיך ניט אריינגעמישט קיין מורמלעריי און קיין בראוואָ־קלאפעריי. האטש זיי האבען איהם ניט גוט פערשטאנען, אבער זיי האבען געפיהלט זיך אויפגעקלעהרט. זיי האבען מיט איינ־מאל בעגריפען, אז דאס, וואס ער רופט שטאאט, איז זייער אונגליק,

נענען וועלכען זיי האָבען אימער גענקעמפפט מיט אלע זייערע כחות.

מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ האָט טהאָמאס פערלאָזען די פּלאַטפּאָרמע.

— עס איז געוועזן גאַנץ ניט שלעכט — האָט פּרינדעל געזאָגט צו היינזיאוס — נור אַ ביסעל צו פאַנטאַסטיש, דער מענש טרוימט.

היינזיאוס האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און ליסאוער, וועלכער איז צוגעגאַנגען, האָט געזאָגט, קוקענדיג פעסט אויף פּרינדעל.

— ניט נור איז עס געוועזן גאַנץ ניט שלעכט, נור עס איז געוועזן קלאָר, טיעף און שעהן.

איין ארבייטער האָט געזאָגט צום צווייטען:

— דער מענש האָט וואָס, אויגוסט, דער איז ניט פון קליי. דאָס וועסטו מיר ניט איינריידען.

— מאַך זיך ניט נאַריש — האָט דער צווייטער געענטפערט — עס איז פוילע פיש, ניט מעהר. ווען דו פרעגסט זיך, וואָס האָט ער גערעדט, בלייבסטו דאָך ווי אַ גלאָמפּ. איך קען דיזע ברידער. זיי דרעשען שטרוי, ליידיגען שטרוי.

— אויגוסט, דו וועסט עס מיר ניט איינרעדען. דער מיט דער פרייהייט האָט עפּעס.

— זיי שטיל, איצט רעדט דרעוויץ. ער לאָזט זיך ניט שמי־רען קיין האָניג ארום די ליפּען.

„גענאָסען און גענאָסינען" — האָט דרעוויץ אָנגעהויבען — „לאָזט זיך ניט פערדרעהען אַ מח פון דעם, וואָס איהר האָט נור־וואָס געהערט. אַזעלכע זאַכען געהען ביי אונז ניט אָן. אויף אַזאַ אופן וואָלט דאָך יעדער געקאָנט פּלאַפּלען אַלגעמיינע פראַזען פון פרייהייט. פאַר דעם אָבער זיינען מיר אַ ביסעל צו קלוג. מיר האַלטען זיך ביי פאַקטען, ביי פאַקטען, גענאָסען! און דער פאַקט איז, דאָס מיר האָבען זיך ענדליך געבילדעט אין אַ פּאַרטיי, וועלכע איז שוין היינט אַ גרויסער פאַקטאָר אין לעבען. מען מוז זיך רעכע־נען מיט אונז. דער פּראָלעטאַריאַט איז געוואָרען אַ פאַקטאָר, וועל־כער האָט פיעל צו זאָגען אין לעבען. עס איז אמת'ער קוואַטש, דאָס מיר לאָזען זיך פערפיהרען פון אונזערע פיהרער. דיזע צייטען זיי־נען אוועק. מיר זיינען איצט אויפגעקלערט. מיר רעדען ניט קיינע פראַזען; מיר שטיצען זיך אויף דער וויסענשאַפט.

„יעדער געבילדעטער ארבייטער ווייס היינט, וואָס עס האָט בעוויזען די מאטעריאליסטישע געשיכטס־אויפפאסונג. עס איז ניט קיין צופאל. עס איז א געזעץ, דאָס די בורזשואזע געזעלשאפט מוז זיך אומוואנדלען אין א סאָציאליסטישע. פון דער קאפיטאליסטי־שער פּראָדוקציאָנס־וויזע מוז ווערען די געזעלשאפטליכע. ווי אזוי? דאָס האָט מארקס קלאָר בעוויזען! מיר ווערען בערויבט און פער־אָרימט, ביז דער וואָגען וועט בלייבען שטעקען און וועט זיך ניט קענען א ריהר טהאָן. עס וועט קומען דערצו, אז עס וועלען זיין א פּאָר ריעזען־קאפיטאליסטען און די אלע אנדערע לויטער פּראָלע־טאריער. דאָס איז דער געזעץ פון דער קאפיטאליסטישער פּראָ־דוקציאָנס־וויזע.

„דאָן אָבער, גענאָסען, איז די געשיכטע פארטיג, און עס הויבט זיך אָן די נייע בעליבתישקייט. דאָן קומען מיר צום רודער. ערשט דאן, ווען דער וואָגען וועט זיך שוין מעהר ניט קענען ריהרען, ערשט דאן וועט די געשיכטע נעהמען א סוף. דאן מאכען מיר קורצען פּראָצעס מיט די, וועלכע האָבען אונז בערויבט און געפּלינדערט. דאָס, גענאָסען, איז דער וויסענשאפטליכער סאָציאליזמוס! דער־מיט קומט אויך דער סוף פון פּראָלעטאריאט. אלעס געהערט דאן דער געזעלשאפט. ביז יענער צייט מוזען מיר קעמפּפען מיט אלע כחות, אלע ווי איין מענש! מיר מוזען ווי־עס־איז דורכליידען, מיר מוזען אָבווארטען, ביז יענע וועלען קרעפּירען פון זייער אייגענער פעטקייט! אָט דאָס איז דער ריכטיגער אמת, גענאָסען, אלעס אנ־דערע איז רויך, קוואטש, אונזין!

„דער ווערטהער פאָררעדנער איז אויך, אויב איך האָב איהם פערשטאנען ריכטיג, געגען פארלאמענטאריזמוס. ער האָט עס ניט געזאָגט דירעקט, אָבער דאָס איז געוועזען דער זין פון זיין רעדע. גע־נאָסען, מיר דארפען האָבען די פּאָליטישע מאכט. וועגען דעם איצט דארף מען קיין וואָרט פערלירען. דאָס איז אזוי קלאָר, ווי לאָקשען־יאָוך. מיר דארפען די פּאָליטישע מאכט, כדי מיר זאָלען קענען מאכען די געזעצע, וועלכע פּאסען פאר אונז. גענאָסען, איך זאָג עס מיט'ן גאנצען הארצען, אז איך האלט דעם פאָררעדנער פאר אן אנשטענדיגען מענשען. דאָס איז ער זיכער. אָבער, מיינע העררען,

עס קען איינער זיין אן אנשטענדיגער מענש און א שלעכטער מוזי־קאנט. פון פּאָליטיק פערשטעהט דער מאן גאָר נים.

„ווייסט איהר, ווי איך האָב געפיהלט פאר די גאנצע צייט, וואָס ער האָט גערעדט? איך וועל עס אייך זאָגען: פּונקט ווי ווען מיין אינגעל זינגט דאָס ליעד: „פּריוהייט, די איך מיינע, די מיין הערץ ערפילט." די גאנצע רעדע איז געווען בלויז א מין לאנגע ליעד. דערמיט קען מען שוין אפילו א פייגעל פון דאך ניט אריינגנארען.

„מיר ווילען ענדליך עטוואָס ווארעמעס אריינקריגען אין מאָ־גען. א ריכטיגען, א ווארעמען מאָהלצייט. די אויפלעבונג פון גייסט, דאָס איז א פראזע, גענאָסען; און א טרונק אויפ'ן ניכטערען הארצען איז מיר פיעל ליעבער. ניט די אויפלעבונג פון גייסט, נור די אויפלעבונג פון אונזער פלייש ווילען מיר. מיט א יענער וועלט און מיט נאָך אזעלכע שפּאסען — דערמיט קען מען געהן צו די ני־גערס אין אפריקא, אָבער פאר אונז האָט עס פערלאָרען יעדען חן. דער פּראָלעטאריאט לאָזט זיך ניט מעהר אָב'פּטר'ן מיט פראזען. און דער פאָררעדנער האָט אונז מעהר ווי פראזען ניט געגעבען. פּראקטישע פּאָרשלעגע — ניט א סמן אפילו! אָבשרעקען אונז — דאָס געהט ניט מעהר. מיר זיינען שוין ניט מעהר קיין קליינע קינ־דער. מיר זיינען ציעל און קלאסענבעוואוסטע ארבייטער! מיר לאָזען זיך ניט פערטומלען די קעפּ. א שעהנע מעשה וואָלט דאָס געווען. און דארום שריי איך אוים: הויך די סאָציאל־דעמאָקרא־טיע! הויך די ציעלבעוואוסטע ארבייטער־פּארטיי!"

די גאנצע פערזאמלונג האָט אַפּלאָדירט דיזע רעדע מיט א פייערדיגען ענטהוזיאזמוס.

דער מעטאל־ארבייטער דרעוויץ האָט געהאט א געוויסען שטיי־גער פון רעדען, וועלכער האָט אימער געהאט זיין ווירקונג אויפ'ן עולם. ביי די בעזאָנדערס שטארקע פראזען האָט ער גענומען אויף צו הילף זיינע הענד און קולאקעס. ער האָט ארויסגעשטויסען פון זיך די ווערטער מיט א שארפער בעטאָנונג. ער האָט געהאט א שטימע, וועלכע האָט געגרייכט אין דעם ווייטעסטען ווינקעל. זיין איינפאכע פּאָלקס־שפּראך האָט געהאט איהר ווירקונג; און זיין קיהלע מעטאָדע, ווי ער פלעגט ארויסרעדען אזעלכע שלאג־ווערטער, ווי „דער וויסענשאפטליכער סאָציאליזמוס" אָדער „די מאטעריא־

ליסטישע געשיכטס־אויפפאסונג", האָט דעם עולם שטארק איספּאָ־
נירט. ער פלעגט רעדען אין די פערזאמלונגען פון מארקס, ווי פון
דער ביבעל. מען האָט געהאט רעספּעקט פאר איהם. זאָגאר די
פיהרער האָבען פון איהם געהאלטען. און דערצו האָט ער כמעט ווי
איינגעשראָקען זיינע צוהערער מיט זיין זעלבסטבעוואוסטזיין און
מיט זיין פאנאטיזמוס.

— אום גאָטעס ווילען — האָט געזאָגט פרוי ליסאוער צו איהר
מאן — דו ווערסט דאָך ניט — און זי האָט געזוכט צוריק צו האַלטען
פאר'ן פּאָלע איהר קליינעם הארבאטען מאַן.

ער האָט זיך ארויסגעריסען פון איהרע הענר.

— וואָס פאלט דיר איין? — האָט ער געזאָגט אין כעס.

— ליסאוער — דו ביזט ניט ביין זינען! — האָט זי געשריען.
אָבער זי איז שטיל געבליבען, דערזעהענדיג זיין בליק, פול מיט
צאָרן.

מיט האסטיגע טריט איז ער צוגעגאנגען צו דער פּלאטפאָרמע.
ער האָט פשוט געגליהט.

פרוי ליסאוער האָט זיך געווענדעט צו בלינסקי:

— אום גאָטעס ווילען, איז ער דען משוגע געוואָרען?

— רעגט זיך ניט אויף אזוי! — האָט איהר מאנס פריינד איהר
בערוהיגט, חאָטש ער אליין האָט אויך געציטערט.

ליסאוער איז שוין געשטאנען אויף דער פּלאטפאָרמע. ער האָט
אָנגעפאנגען מיט אַן איבערראשענדער פעסטקייט. די רעדע האָט
זיך פשוט ארויסגעגאָסען פון איהם.

„מיר זיינען דאנקבאר הערר דרעוויץ" — האָט ער אָנגעפאנגען
— „דאָס ער האָט לכל הפחות אנערקענט דעם עהרליכען מיין פון
אונזער געגנאָסע טהאָמאס טרוק. דער הויפּט־פאָרוואורף, וואָס איז
אונז געמאכט געוואָרען, איז דער, וואָס מיר בעקעמפּפען דעם פּאר־
לאַמענטאריזמוס, און מיר האָבען ניט אָנצובאָטען קיין פעסטען פּראָ־
גראם. וואָס דאָס אנבעטרעפט זעהען מיר טאקי אין פּארלאמענטא־
ריזמוס א פּוסטע און א שעדליכע אינסטיטוציאָן. ווער עס וויל
בעשאפען געזעצע, געהט דאָך שוין גלייך פון אָנפאנג ארויס מיט
דעם פּרינציפּ, דאָס מען דארף די אנדערע איינשרענקען, בויגען,
פיהרען זיי. דאָס אָבער בעקעמפּפען מיר. מיר דארפען ניט קיינע

פיהרערשאפט. מיר ווילען, אז דער איינצעלנער זאָל קענען זיין פריי און זיין זיין אייגענער בעל הבית איבער זיך. און דאָס, וואָס מיר האָבען ניט קיין פעסטע פּראָגראם, דאָס איז ריכטיג, אָבער דאָס איז דוקא דער סאמע עצם פון אונזערע בעשטרעבונגען. מיר נעה־מען זיך ניט די חוצפה שוין פון סאמע אָנפאנג אלעס פעסטצושטע־לען, ווי אלעס זאָל זיך פיהרען. מיר גלויבען אין א סאָציאליזמוס, וועלכער איז פון קיין טהעאָריע ניט אבהענגיג. דעם זאָגענאַנטען וויסענשאפטליכען בעוויז פון סאָציאליזמוס האלטען מיר פאר דעם גרעסטען אונגליק. אָבער מיר קעמפפען פאר די ערפילונג פון סאָ־ציאליזמוס מיט אונזער גאנצער ענערגיע. מיר ווילען ניט קיין פארטיי. א פּארטיי איז פאר אונז א הערשאפט.

„ווי שטעלען מיר זיך אָבער פאָר די זאך? מיר זאָגען: ניט שטאאטס־הילפע, וועלכע מאכט מענשען פאר קנעכט. מיר זאָגען: זעלבסטהילפע, וועלכע בעפרייט. מיר זעהען ניט קיין גרונד, וואָ־רום עס זאָלן זיך ניט גרינדען פיעלע, פיעלע קליינע גרופפען, וועל־כע זאָלען צווישען זיך איינאָרדנען די ארבייט־איינטהיילונג. יע־דען זאָל געהערען דאָס, וואָס ער ארבייט אויס. נאטירליך, אנ־דערש, ווי עס איז איצט! ווער עס שליסט זיך אָן אָן אזא גרופפע, דער זאָל האָבען דעם פרייען געברויך פון דעם באָדען, פון די מאשי־נען און פון די וואָוינונגען. מיט איין וואָרט, ניט די פרייהייט פון דער וועלט־פּראָדוקציאָן זאָל פערניכטעט ווערען, נור די אונגלייכ־הייט פון די בעדונגונגען.“

ער האָט זיך אָבגעשטעלט אויף א ווייַלע. דער טאָן פון זיין קול, וועלכער האָט געהאט עטוואָס פייפענדעס, און וועלכער האָט ארויסגעלאָזען טענער, וועלכע האָבען געהאט די עהנליכקייט מיט די טענער פון א צולעכערטען טרומפּייט, האָבען איהם איינפאך בע־רוישט. אין דיזער שטונדע האָט ער זיך ענטדעקט. זיין זעלבסט־געפיהל איז געוואקסען פון מינוט צו מינוט. אלע ציוניסטישע פאנ־טאזיעס זיינען פערשוואונדען געוואָרען. און פון איצט אָן איז ער געשטאנען פעסט אויף דער וועלט־אנשויאונג פון דעם אינדיווידו־אליסטישען מענשען, וועלכע ער האָט זיך אָנגעאייגנעט נאָך א לאַנ־גען מיהזאמען שטודיום.

„איהר פרעגט“ — האָט ער ווייטער געערדט — „וואָרום מיר

לייגען אזוי פיעל געוויכט אויף די קליינע גרופפען? דאָס ענטפּער איך זעהר קלאָר. דורך דיזע דעצענטראליזאציאָן דערגרייכען מיר, דאָס מיר וועלען ניט האָבען קיין ביוראָקראַטיע פון דעספּאָטען און אויסבייטער, ווייל דער פיהרער פון דיזער קליינער גרופּפּע — אויב עס וועט איבערהויפּט נויטיג זיין אזעלכער — וועט האָבען זעהר וועניג וואָס צו זאָגען. פּונקט אָבער דעם געגענטהייל פון דעם וועט איהר האָבען אין דעם צוקונפּטס־שטאַאט! קוקט דאָך זיך אָן די היינטיגע גרויסע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי! וואָס האָט זי דען ניט? פּאַרטיי־פּאַפּסטען, קאַרדינאַלען, שטעלען־יעגער, פּוסטע קעפּ, וועלכע ווילען שפּיעלען אַ ראָליע, חוצפּה'דיגע דעמאַגאָגען, וועלכע דרעשען שטרוי, אַ סטאַדע אונגעבילדעטע שרייבער, וועלכע דערלאַנגען אייך זייערע פּראַזען. און הינטער זיי שלעפּט זיך דאָס גרויסע פאָלק, פערטומעלט און פער'שכור'ט. די חיטרע פיהרער האָבען דאָס פאָלק די קעפּ פערדרעהט דורך אַ טאַקטיק, וועלכע ספּעקולירט אויף די הונגעריגע מאָגענס. מען שטעלט פאַר דיזע אָרימע טייוואָלים אַ גן עדן.

„וואָס טהוען אָבער דיזע שוים־מאַכער אין דער ווירקליכקייט? אָנשטאָט דער דאָגמאַ פון דער קירכע האָבען זיי אוועקגעשטעלט אַ וועלטליכע. און דאָס פאָלק שווערט אויף דעם! דאָס פאָלק, וועלכעס קען ניט דענקען קאָנזעקווענט, ווען עס האָט זיך דעם גאַנצען טאָג אזוי שווער אָנגעהאָרעוועט! מיר האָבען דעם צוטרוי צו דעם שכל פון פרייע מענשען. מיר זיינען איבערצייגט, דאָס דער אויסטויש און דער מענשליכער געגענזייטיגער פערקעהר וועט זיך זעהר גוט רעגעלען דורך די געמיינשאַפטליכקייט פון די אינטערעסען אין דעם זעלבסט־ערהאַלטונגס טריעב.

„בעטראַכט דאָך נור די היינטיגע שטאַאטען־פעראייניגונגען אין דער פראַגע פון פּאָסט, טעלעגראַף, אין אייזענבאַהן און אנדערע אינטערנאַציאָנאַלע אַנגעלעגענהייטען... וואָרום זאָל דאָס זעלבע ניט קענען זיין אין שייכות צו דעם אויסטויש פון די אַרבייטס־פּראָדוקטען? דאָן איז ניטאָ מעהר קיין בעפעהל־געבעריי דורך אָן אַרמיי פון בעאַמטע! עס איז אָבער אויך דאָן ניטאָ קיין אויסבויטונג, ווייל די גרופּפּע, וועלכע זאָל וועלען אַ צווייטע בעשווינדלען, וועט גלייך באָיקאָטירט ווערען.

„און ווידער איז עס א געבאָט פון דער פרייהייט און גערעכ־טינקייט, דאָס יעדען זאָל געהערען די פרוכט פון זיין ארבייט אונטער גלייכע ארבייטס־בעדינגונגען. קיינער קען מיר ניט פערוועהרען צו ארבייטען מעהר פון א צווייטען, און קיינער דארף ביי מיר ניט צונעהמען דאָס, וואָס איך האָב מיר פערדיענט. ווען דער סאָציאלי־סטישער שטאַאט נעהמט צו מיין ארבייט און גיט עס אריין אין די אלגעמיינע קאסע, און דערפאר גיט ער מיר זיך זאט אָנצועסען, בע־גנב'עט ער מיך איינפאך. אויך דאָס געהערט צו דער געפעהרליכ־קייט פון דעם פיעל־געריהמטען שטאַאטס־סאָציאליזמוס. ארבייט איך מעהר, פערדיען איך מעהר. וויל איך וועניגער ארבייטען, איז דאָס אויך מיין עסק. דאָס קען יעדער רעגעלען לויט זיינע בעדירפ־ניסע און ווינשע.

„איהר וועט מיר אפשר זאָגען, אז די, וועלכע וועלען מעהר פער־דיענען, וועלען ווידער אָנזאמלען קאפיטאלען, און קענען ווידער ווערען אויסבויטער. דאָס איז אָבער גרונד־פאַלש. דער באָדען און די מאשינען — דאָס בלייבט דאָך פריי פאר אלע. און מען קען ניט זיין קיין אויסבויטער אָהן דעם באָדען און מאשינען. יעדער, וועלכער האָט נור א פונק פון א פרייהייטליכען געפיהל אין זיך, מוז זיך וועהרען געגען דעם שטאַאטס־סאָציאליזמוס, וועלכער מאכט די פריוואט־שקלאפען פון דער גרויס־אינדוסטריע פאר עפענטליכע שקלאפען פון דעם נייעם שטאַאט. נור א נאר קען אָפּפערן זיין פרייהייט פאר א בעסערע פאַשע.

„ווייסט איהר, וואָס די הערען ווילען? זיי ווילען עטאבלירען א גרויסען זאָלאָגישען גארטען מיט טהייערע איינטריטס־פרייזען. יעדער פון אייך זאָל געפיטערט ווערען אין א שטייג. דאָס זיינען די שעהנע אויסזיכטען, וועלכע ווינקען צו אייך. מיר דאנקען אייך בעסטענס. מיר ווילען ארויסגעהן ווי שטאָלצע פרייע מענשען....
און ווען איהר ווילט דורכאויס האָבען א פראָגראם, טו האָט איהר עס דאָ. זי טראָגט די איבערשריפט: זעלבסטהילפע און פרייהייט!
די דענקער, וועמעס נאָכפאָלגער מיר זיינען, די זיינען געוועזן זעהר פאָרזיכטיג זיך צו שמידען ביז די מינדעסטע קלייניגקייט. זיכער און פעסט זיינען נאָך פאר אונז גאָר ניט די זאכען פון שפעטער. אזוי גענוי קענען מיר נאָך ניט די וועלט פון איבערמאָרגען. און

פאר אונז איז דאָס אויך ניט דער עיקר. מיר זאָגען, אז דער עיקר איז די ערציהונג פון פרייהייט.״

דער קליינער האָרבאטער ליסאוער האָט עס געהאט אין אָנפאנג זעהר שווער צו מאכען זיך הערען. זיין משונה׳דיגע פיגור, זיין קאָמישע בעוועגליכקייט — ער האָט גערעדט מיט די הענד און מיט די פיס — האָבען פון אָנפאנג ארויסגערופען געלעכטער און שפּאָט. אָבער באלד האָט מען אָנגעהויבען זיך צוצוהערען צו איהם.

זיין רעדע האָט געהאט עטוואָס שפּיציגעס, שארפעס, מאטהעמאטישעס.

ער האָט ניט אפעלירט צום געפיהל, נור צום פערשטאנד פון זיינע צוהערער.

ער האָט געוואוסט, דאָס דיזע אויסגעהאָרעוועטע מענשען, וועלכע קומען זיך צוזאמען שפעט אין אבענד אין די בערלינער פאָלקס־פערזאמלונגען, האָבען אַ ריהרענדען דורשט נאָך בילדונג און וויסען. ער האָט געוואוסט, דאָס זיי הונגערען נאָך אַ ביסעל קענטניסע, און ער האָט צו זיך געזאָגט: דיזע מענשען קומען צו אונז, ווען דער אַרבייטס־שוויים איז נאָך ניט אין גאנצען אויסגעטריקענט אויף זיי. זיי שלעפען זיך אהערצו, אום צו ווערען מעהר וויסענד. דארום קען מען זיי ניט ארויסווייזען קיין גרעסערען געפיהל פון אכטונג, ווי נור דערמיט, וואָס מען וועט ריידען צו זיי, ווי צו מענשען, וועלכע ווילען פערשטעהן און בעגרייפען.

ער האָט זיך ניט גענארט אין זיין רעכענונג. דאָס האָט געוויזען דער גרויסער בראוואָ, מיט וועלכען זיין רעדע איז געקרוינט געוואָרען.

ווען ער איז אראָב פון פּלאטפאָרמע, איז עס געווען פעסט, דאָס זיין ערשטער אויפטריט אָלס רעדנער איז געווען אַ ריעזען־ערפאָלג. זיינע פריינד האָבען עס צוגעגעבען אָהן דעם מינדעסטען געפיהל פון קנאה. ליסאוער׳ס רעדע איז פאר זיי אַלע געווען אַ גרויסע איבערראשונג.

בלינסקי איז גאָר געווען אויפ׳ן זיבעטען הימעל פון דעם טריאומף פון זיין גלויבענס־גענאָסען. מען האָט איהם ניט אויסגעפייפט, מען האָט איהם גאָר אויסגעהערט. דאָס איז פאר איהם גע־

ווען א רעזולטאט, וואס האט איבערטראפען אלע זיינע ערוואר־
טונגען.

א סאציאליסטישער רעדאקטאר האט פערנומען אויפ'ן פלאט־
פארמע ליסאוער'ס פלאץ. זיינע באקען האבען ביי איהם געברענט,
און ער האט געשריען מיט א הייזעריגער שטימע:

„געגאסען! דאס, וואס איהר האט איצט געהערט, איז ניט
קיין אנדער זאך, ווי פעררעטה, נידערטרעכטיגער פעררעטה אן דער
זאך פון פאלק! לאזט זיך ניט בלאפען, געגאסען! דאס זיינען גע־
פעהרליכע פראזיארען! לאמיר אייך זאגען קלארע דיבורים. ווער
עס מאכט אונז פערדעכטיג אונזער פארלאמענטאריזמוס, ווער עס
וויל אונז פער'מיאוס'ען אונזער איינציגעס רעכט, דער איז אדער א
פאלקס־פערעטהער אדער א משוגענער, וועמעס פלאץ איז אין דול־
הויז. דער פארלאמענטאריזמוס — דאס איז די ווירקזאמסטע און
שארפסטע וואפע אין דעם קאמפף פון פראלעטאריאט. דער פאר־
לאמענמטאריזמוס — אט איהם האבען מיר צו פערדאנקען אונזער
ערפאלג! און נון קומען דיזע הערען און ווילען אונז גאר פערדעכ־
טיג מאכען דעם פארלאמענטאריזמוס! דאס איז שוין געגוג, גע־
נאסען!

„איידער דיזע יונגע הערען זאלען זיך דערוואגען צו רעדען
אין עפענטליכע פערזאמלונגען, זאלען זיי זיך א ביסעל בעקאנען
מיט מארקס'ען. זיי זאלען אין „קאפיטאל“ שטודירען די קריטיק
פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט. בעזאנדערס רעקאמענדיר
איך זיי צו שטודירען די קאפיטלען איבער דעם מעהרווערטה, און
דארט, וואו ער ערקלערט די טהעאריע פון קאנצענטראציאן און עקס־
פראפריאציאן.“

יעדעס פון דיזע ווערטער האט ער ארויסגערעדט אויסגעצויגען,
אזוי ווי דארט וואלט געשטעקט געוואלדיגע סתרי תורה.

— הו, דער יאגט אן א שרעק אויף אונז! — האט הייגזיאוס
געזאגט.

„אלזא, לערנט פלייסיג מארקס'ען“ — האט דיזער אראטאר
געענדיגט זיין רעדע.

מיט איין שפרונג איז פרינדעל געוועזען לעבען איהם און האט
מיט א הויכער דורכדרינגענדער שטימע געפרענט:

— גלויבט איהר אין גאָט?

— דאָס מוז זיין אַ טהעאָלאָג — האָט געזאָגט אַן ארבייטער
— אָט וועט עס זיין אַ שפּאַס; איבעריגס, דער פון „פאָרווערטס" איז געוועזן פיין. ער האָט בילדונג. דאָס מערקט מען גלייך.

דער רעדאַקטאָר איז שטאַרק צוטומעלט געוואָרען פון פרינ־דעל'ס פראגע. ער האָט געגלויבט, אז עס שטעהט דאָ פאר איהם אַ משוגענער. ער האָט זיך גלייך געפאסט, און האָט געענטפערט:

— איך בין אַן אַטהעאיסט.

פרינדעל האָט זיך שטאַרק צולאכט.

— ער גלויבט ניט אין גאָט, דערפאר גלויבט ער אין מארקס — האָט ער אויסגעשריען מיט אַ ביטערען שפּאָט — אזוי זיינען שוין דיזע מענשען. אין עפּעס מוזען זיי דאָך גלויבען. אויב ניט אין גאָט, איז לכל הפּחות אין מארקס! לאָזט זיך פון איהם ניט בלאָפען. אין דעם בוך פון הערר מארקס איז דאָ געננוג נארישקייט. ווער עס איז ניט קיין פאַלשטענדיגער נאַר, דער וויים עס איצט. נור די רעדאַקטערע פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונגען וויסען עס ניט. זיי האָבען מארקס'ען קיינמאָל ניט געלייענט, אָבער זיי קע־נען זיינע שלאַגווערטער. און ווער גאראנטירט איך, אז אויב מאַרקס'עס לעהרע זאָל מקוים ווערען, ד. ה., אויב עס זאָלען נור בלייבען אַ פּאָר ריעזען־קאַפּיטאַליסטען און מיר אלע וועלען זיין די אויסגערויבטע, ווער גאראַנטירט איך, אז מיר וועלען דאן ווירקליך האָבען די קראפט דיזע פּאָר ריעזען ארויסצושמייסען? איך צוויי־פעל אין דעם. און, איבעריגס, שטימט ניט מארקס'עס גאנצע לעה־רע מיט דער ווירקליכקייט. וועגען דעם איז מען שוין לאנג איינ־פערשטאַנען. נור פאַר איך דערלאַנגט מען נאָך דיזען מאכל.

„אויב איך קען איך געבען אַן עצה, זאָג איך איך: קוקט נור אָן דיזע ברידער. פון אייגענע געדאנקען איז קיין סמן ניטאָ. אַלעס וואָס זיי פּלאַפּלען איז אָבער מארקס און ווידער מארקס. הערט. אין דער הייליגער שריפט שטעהט געשריבען: זעליג זיינען די אָרימע אין גייסט, פאַר זיי איז דער הימעל־רייך. אויב דאָס איז ריכטיג, קומט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען זיכער דער הימעל־רייך, ווייל דאָס זיי זיינען אָרים אין גייסט, וועגען דעם איז גאָר קיין צוויי־פעל ניט."

א הילכיגער געלעכטער האָט געענטפערט אויף דיזען שאַרפען וויץ. דער רעדאקטאָר האָט געוואָלט ענטפערען, אָבער דער עולם האָט איהם שוין מעהר ניט געוואָלט הערען. אַלע האָבען זיך גע־שפּאַרט צום טיר.

— נו — האָט בלינסקי געזאָגט צו פרוי ליסאוער — וואָס וועט איהר איצט זאָגען?

פרוי ליסאוער האָט איהם אָנגעקוקט מיט לייכטענדע אויגען, און האָט געזאָגט:

— איך ווייס ניט, צו איך זאָל מיך פרעהען אָדער טרויעריג זיין. עס איז געוועזן זעהר שעהן, און איך וואָלט עס מיר קיינמאָל אפילו אין חלום ניט פאָרגעשטעלט, אָבער — זי איז איינשוויגען געוואָרען, און האָט געקוקט האַלב־גליקליך און האַלב־שרעקעדיג אויף איהר מאַן, וועלכער איז נור־וואָס צוגעגאַנגען צו איהר.

זי האָט איהם נור געדריקט די האנד, רוהיג איינקוקענדיג זיך אין זיין אויפגערעגטען פנים.

21.

אין דער נעכסטער רעדאקציאָנס־זיצונג איז פאָרגעקומען א הייסער קאמפף.

פרינדעל האָט פאָרגעוואָרפען טהאָמאַסען, דאָס ער איז א קאָמ־פּראָמיסלער; דאָס ער פערבעהאַלט דעם אמת׳ען ציעל, דאָס דער מאָן פון זיין שרייבען איז אזא געלאַסענער, און דאָס ער קאָקעטירט מיט ריכטונגען, וועלכע האָבען גאָר געדארפט שטאַרק בעקעמפפט ווערען. זיין ליוב־געזאַנג אויף דעם הערר עגידי איז איינפאך א שאַנדע.

פרינדעל האָט עס ניט פערגעבען טהאָמאַס׳ען, דאָס ער האָט פריהער איינמאָל ענטזאגט זיך צו דרוקען זיין ארטיקעל. מיט איהם זיינען געוועזן איינפערשטאַנען ניט נור היינזיאוס, פאַר וועמען אַלעס אין „פעסט־זאַל“ איז געוועזן צו לאַנגזאם, נור אפילו ליסאוער, וועלכער איז ביז ניט לאַנג געוועזן מעהר איינפערשטאַנען מיט טהאָ־מאַסען, ווי מיט די איבעריגע.

נור פרוי בראָזע איז געוועזן אויף טהאָמאַס׳עס זייט, און אין

שטארקע ווערטער האָט זי אויסגעדריקט איהר כעס געגען זייער אַטאַקע אויף איהם. אויך בּלינסקי און ליערס האָבען טהאָמאַסען אונטערשטיצט. וויניגסטענס, האָבען זיי קיין אנטהייל ניט גענו־מען אין דעם אנגריעף אויף איהם.

עס איז געקומען צו א העפטיגע ליידענשאפטליכע דעבאטע.

— איהר ווילט פריי זיין — האָט טהאָמאַס אויסגעשריען שטאַרק אויפגערעגט — אָבער איהר ווילט ניט צוגעבען, אז אויך אנדערע האָבען א רעכט אויף זייער פרייהייט.

אימיצער האָט איהם געוואָלט אונטערברעכען, האָט ער עס ניט דערלאָזען; ער האָט א טופּ געטהאָן מיט'ן פוס, און האָט ווייטער גערעדט:

— איהר זייט פּוסטע קעפּ און דאָגמאַטיקער, פּונקט ווי די אנ־דערע. ווער עס איז ניט אין אַלץ איינפערשטאַנען מיט אייך, דעם וואָלט איהר געוואָלט אַם ליעבסטען אַוועקשליידערן צום אַלטען אייזען. מיר קומט דאָס פּאָר קליינליך, דום און קינדיש. איך וועל ניט לאָזען מיך בויגען פאר אייך. איך בין איך. איך בין מיין אייגענער.

מיט אימפּעט האָט ער א קלאַפּ געטהאָן מיט'ן האנד אויף דעם שאַקעלדיגען רעדאקציאָנס־טיש, און ניט ווארטענדיג אויף זייער ענטפער, איז ער שנעל ארויס פון צימער.

— וואָס איז איהם דאָרט אין אויבער־שטיבעל אריין? — האָט הייניזיאוס געפרעגט סאַרקאַסטיש.

— אייער הויכמוטהיגקייט — האָט די בראָזע געענטפערט ערנסט און טרויעריג.

ווען טהאָמאַס איז געווען אין גאַס, איז ער א קורצע ווײַלע גע־לאָפען. עס האָט ווי געקאָכט אין איהם.

עס איז גוט, דאָס איך האָב עס זיי געזאָגט, האָט ער געטראַכט מיט א שמייכעל. אַזאַ געזעלשאַפט, האָט ער געמורמעלט. אָך, גאָט, דאָס איז דאָך אַלעס דומהייטען. צו וואָס קריגט מען זיך איי־גענטליך? עס איז צו קינדיש. צו וואָס מאַכען מיר זיך דאָס לע־בען ביטער? מיר ווילען דאָך אַלע איינס און דאָס זעלבע.

ער האָט שוין געהאַט בדעה צוריקצוגעהן צום מיטינג. אָבער ער האָט בעשלאָסען דעם מאָל פעסט צו בלייבען.

„איך טהו עס ניט. עס איז גוט, אז זיי זאָלען עס וויסען, עס איז גוט אזוי!" האָט ער בעשלאָסען.

ער האָט זיך אומגעקוקט, אום צו זעהען, וואו ער געפינט זיך. ער איז געשטאַנען פאר א הויז, אויף וועלכען עס איז געהאַנגען א גרויסער פּלאַקארד. אויף א בלויען גרונד מיט ווייסע אותיות איז דאָרט געשטאַנען: „סאלוויישען ארמיע".

ער האָט א קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער. עס איז געווען האלב אכט. איהם האָט געצויגען אריינצוגעהן.

— קויפט דעם „קריעגס־רוף!"

ער איז דורכגעגאַנגען א קליינעם הויף. א שמאָלער טרעפּ האָט געפיהרט צו דעם פערזאמלונגס־פּלאַץ. אין דעם פאָדערסטען צימער האָט איהם בעגעגענט א גלאַט־געגאָלטער בעאַמטער, וועלכער האָט איהם אָנגעוויזען וואוהין אריינצוגעהן.

עס איז געווען א מיטעל־גרויסער צימער, אין וועלכען ער איז אריין. די נאַקעטע ווענד זיינען געווען אין מאַנכע פּלעצער פערשריבען מיט פּסוקים פון דער ביבעל. די מעבעל איז בעשטאַנען פון לאַנגע בענק. ביים סוף פון צימער איז געווען א קליינע פּלאַט־פאָרמע.

אין א ווינקעל פון זאַל איז געזעסען א קאַר־טרייבער. ער האָט געשמאַק געשלאָפען. אַלע צוזאמען זיינען געווען א דרייסיג מענשען פון פערשיעדענעם עלטער. די מייסטע האָבען געהאַט אויס־געלאָשענע פּנים'ער. ווי מאַגנעטיזירט האָבען זיי געהאַלטען זייערע אויגען אויסגעשטעלט אויף די דריי פרויען, וועלכע זיינען גע־זעסען אויף דער פּלאַטפאָרמע.

ווען טהאָמאַס איז אריין אין צימער, האָט די מיטעלע פרוי, וועלכע האָט געהאַט דעם טשין „קאַפּיטאַן", געזונגען א תפלה מיט א וועלטליכער מעלאָדיע.

אויף א מינוט האָט זי זיך אָבגעשטעלט, און באַלד האָט די גאַנצע פערזאַמלונג איבערגעזונגען די תפלה.

טהאָמאַס'ען האָט זיך אָבגעדוכט, אז די מענשען זינגען די ווער־טער מיט א התלהבות, אָבער דעם זין פון די ווערטער הויבען זיי ניט אָן צו פערשטעהן.

ווען דאָס זינגען איז געווען צו ענדע, האָט דיזעלבע פרוי גע־

האַלטען אַ רעדע, אין וועלכע די ווערטער „יעזוס“, „זינד“, „ערלייזונג“ האָבען זיך געהערט יעדע פּאָר סעקונדען. און דערביי האָט זי דערצעהלט אַ לאַנגע געשיכטע פון דעם, פאר וואָס זי האָט יעזוסען צו דאַנקען. ער האָט איהר ארויסגעשלעפּט פון אַ טיעפער פינס־טערער גרוב, פול מיט זינד. אין מיטען דער רעדע האָט זי זיך געווענדעט צו דער פרוי, וועלכע איז געזעסען ביי איהר רעכטער זייט, אז אויך זי זאָל דערצעהלען אַ געשיכטע פון איהר לעבען.

יענע האָט אָנגעהויבען דערצעהלען איהר געשיכטע פונקט ווי זי וואָלט עס אויסגעלערענט אויף אויסענווייניג. „איך בין געשטאַנען ביין סאמע ברעג פון פערדאַרבענהייט, יעזוס האָט מיך בע־פרייט. איצט בין איך זעליג.... זעליג... געהט צו יעזוס, כדי ער זאָל אייך אויך זעליג מאכען, אזוי לאַנג, ווי עס איז נאָך צייט. צו יעזוס, דעם חתן פון מיין זעעלע.

דאַן האָט געזונגען די פרוי, וואָס איז געזעסען צו דער לינקער האנד פון דעם קאַפּיטאַן, און די פערזאמלונג האָט ווידער מיט־געזונגען.

און אלץ מיעדער און פערשלאָפענער זיינען געוואָרען די פנים'ער פון די אנוועזענדע, אָבער זיי האָבען געהאַלטען געצילעוועט זייערע אויגען אויף דעם קאַפּיטאַן, וועלכער האָט געהאַלטען אין איין צו־שאָקלען מיט'ן קאָפּ.

„דאָס איז דאָך אַן אמת'ע מוטשענעס“, האָט טהאָמאַס גע־טראַכט, אויפהויבענדיג זיך שווער פון פּלאַץ.

ער האָט געוואָלט פערלאָזען דאָס צימער; אָבער ער איז פּלוצלונג שטעהן געבליבען. ער האָט דערזעהען געצילעוועט אויף זיך צוויי בייזע, ווי עס האָט זיך איהם געדוכט, דונקעל־ברוינע אוי־גען. די אויגען האָבען געהערט צו אַ שלאַנקער מיידעל פון עטוואָס אַ ציגיינער־קאָליר. ארום איהר קאָפּ איז געווען ארומגעוויקעלט אַ רויטע טוך.

ניט אָבגעבענדיג זיך קיין רעכענונג, האָט ער איהר גענוי בע־טראַכט. איהם האָט זיך געדוכט, דאָס איהר פנים האָט אין זיך עטוואָס פערביטערטעס, עטוואָס, וואָס האָט איהם פעסט־געהאַלטען.

לאַנגזאם האָט ער זיך אָבגעקעהרט פון איהר, און איז ארויס פון זאָל. לאַנגזאם איז ער געגאַנגען איבער'ן גאַס. עס האָט איהם בע־

הערשט אַ געפיהל, וואָס איז געווען אין גאַנצען פרעמד פאַר איהם ביז איצט. דיזע אויגען האָבען איהם פערפאָלגט, און האָבען איהם ניט אָבגעלאָזען. אָט זיינען זיי נידערטרעכטיג, און אָט זיינען זיי אַזוי שמערצליך, און אָט זעהט זיך אין זיי אַ שרעקליכע אַנקלאַגע.

דאָס איז אַלעס איינבילדונגען, האָט ער ביי זיך געטראַכט, קו־קענדיג אויף די מענשען־מאַסען אַרום איהם. דער קאָפּ האָט איהם וועה געטהאָן.

ער האָט אַרויסגעלאָזען אַ קורצען געשריי. זי איז געשטאַנען לעבען איהם.

— יאַ, וואָס איז עס? — האָט ער געשטאַמעלט צומישט.

— איך בין עס — האָט זי געענטפערט רוהיג און האָט געביסען מיט איהרע ברייטע אויבערשטע ציין די אונטערשטע ליפּ.

אויף דעם האָט ער גאָר ניט געענטפערט. עס איז איהם אויס־געקומען אַלעס אַזוי זעלטען, אַזוי ווי אַ חלום.

זיי זיינען געגאַנגען ביידע אַ ווײַלע שווייגענדיג.

— איך קען אייך — האָט זי באַלד אָנגעהויבען צו רעדען, מאַ־כענדיג צורעכט איהר טוך אויפ'ן קאָפּ.

— מיך?

— יאַ, איך האָב אייך ניט לאַנג צוריק געהערט רעדען.

— אָה, אַזוי — האָט ער געזאָגט, איהר בעטראַכטענדיג פון דער זייט. איהם האָט זיך געדוכט, אַזוי ווי איהם וואָלט געטראָפען איהר וואַרימער אָטהעם. — איהר בעזוכט מסתמא אַלערליי פערזאַמלונגען.

— ניין, ניט אַלע. איהר מיינט דאָך אודאי די פערזאַמלונג פון די סאָלווישיאַניסטס? — זי האָט אַ קורצען לאַך געטהאָן — אהער־צו האָט מיך מיין בעל־הבית'טע פערשלעפּט. זי האָט געוואָלט מיך ראַטעווען, ד. ה., מיין נשמה — זי האָט זיך אָבגעשטעלט אויף אַ ווײַלע, און האָט פּלוצלונג איהם אַ פרעג געטהאָן: — גלויבט איהר דען אין דאָס אַלעס, וואָס איהר רעדט?

— איך גלויב אין דעם!

— הם — האָט זי געמורמעלט, און עס האָט געצוקט מערקוויר־דיג אַרום איהר פולען ברייטען מויל.

— האָט מען אייך דען היינט אָבענד גערעטעט? — האָט טהאָמאַס נעפרעגט ביי איהר גאַנץ ערנסט.

— מיך, מיך? איהר פנים האָט זיך אויסגעקרימט — מיך קען קיינער ניט רעטען.

א טיעפער האס האָט זיך אויסגעקריצט אויף איהר פנים.

זיי זיינען איצט שנעל געגאַנגען און געשוויגען. אָבער מיט איין מאָל האָט זי זיך אָבגעשטעלט פאר א ביער־סאלון. זי האָט מיט דורשטיגקייט אריינגעקוקט אין פענסטער, אין וועלכען עס האָבען זיך געזעהען פערטריקענטע קליינע סענדוויטשעס.

— ענטשולדיגט, איך בין שמערצליך הונגעריג. איך האָב היינט נאָך כמעט ווי ניט געגעסען.

ער האָט גלייך זיך גענומען צו דער קליאמקע פון טיר. עס זיינען געווען נור אָרימע מענשען, וועלכע זיינען דאָ געווען. זיי האָבען פערוואונדערט געקוקט אויף די אריינגעקומענע.

די מיידעל האָט זיך גאָר ניט ארומגעקוקט. זי איז געגאַנגען פאָראויס. אויף א באַנק אין א ווינקעל האָט זי זיך אוועקגעזעצט. טהאָמאַס האָט איצט בעמערקט, ווי עלענד און מיעד זי איז.

א שמוציגע מאָגערע פרוי אין א פארטוך, וואָס האָט געגרייכט פון די אקסלען ביז צו די פיס, איז צו זיי גלייך צוגעגאַנגען און גע־פרעגט זיי, וואָס זיי פערלאַנגען.

— ברענגט עטוואָס צו עסען — האָט טהאָמאַס בעשטעלט — און ווענדענדיג זיך צו דער מיידעל, האָט ער געפרעגט: — וואָס ווילט איהר טרינקען?

— איך בעט א גלאָז ביער.

— אלזאָ, א ביער און א סעלטערס.

די פרוי האָט אין אַן אויגענבליק געבראַכט דעם אָרדער.

די מיידעל האָט מיט איין מאָל אויסגעטרונקען דאָס ביער און האָט אויפגעשלונגען דאָס פערטריקענטע ברויט. זי האָט אויסגע־זעהען שטאַרק הונגעריג.

טהאָמאַס האָט דערוויילע געהאַט א גוטע געלעגענהייט זי צו בעטראַכטען. איהר פנים איז געווען שמאָל און פון א שעהנער פאָרם. איהר שטערען איז געווען נידריג, אָבער איינדרוקספול. ווי זייד, זיינען געווען די ברעמען ארום איהרע אויגען. און האָטש איהר נאָז איז געווען עטוואָס אויסגעקרימט, דאָך איז עס געווען א שעהנער נאָז. אפילו איהר ברייטער פולער מויל מיט די ברייטע בענעהר־

ליבע ליפּען האָבען איהם געשײנט צו זײן ניט מיאוס. איהר האַלז איז געװען װײך און בױגיג. און איצט, אז זי האָט אראָבגענומען דעם טוך פון איהר קאָפּ, האָט ער אויך געזעהען איהרע רײכע שװאַרצע האָר, װעלכע זײנען געװען גאַנץ אַלט־מאָדיש פערקעמט. אָבער דאָס געראַדע האָט איהר געגעבען דעם אױסזעהען פון עטװאָס בעזונדערעס.

ענדליך האָט זי אױסגעזעהן געזעטיגט. זי האָט אָנגעשפּארט איהרע בײדע עלענבױגענס אױפ'ן טיש און אין די הענד האָט זי אַרײנגעלײגט איהר עלענדען פערביטערטען פּנים.

זי האָט מיט איהרע אױגען געקוקט אין די װײטקײט, קױם זע־הענדיג, אז אימיצער זיצט לעבען איהר. עס האָט אױסגעזעהען, אזױ װי זי טראַכט װעגען עטװאָס, לאַנג שױן פערגעסענעס.

א טיעפּער געפיהל פון רחמנות האָט טהאָמאַס'ען בעהערשט.

— װײסט איהר, װאָס איך װאָלט איצט געװאָלט? — האָט זי געזאָגט, קוקענדיג מיט די אױגען צום בופעט.

און אײדער ער האָט נאָך געענטפערט, איז זי צוגעגאַנגען צו דער װירטהין, פערלאַנגענדיג א גלעזעל בראַנדי. דאַן איז זי צו־ריקגעקומען. און װעהרענד איהרע טונקעלע אױגען האָבען אױפ־געלױכטען, האָט זי צו איהם געזאָגט:

— װען איהר װאָלט געװאוסט, װי גוט דאָס האָט מיר געטהאָן. איך האָב געפיהלט אזא שװאַכקײט אין גאַנצען קערפּער.

זי האָט זיך װיעדער געזעצט און האָט פערטרױליך און זאַנפט אָנגעריהרט זײן האַנד. װי א יונגער אינגעל איז ער רױט געװאָרען בײ דיעזער בעריהרונג.

בעמערקענדיג עס, האָט זי גלײך שרעקעדיג צוגענומען איהר האַנד.

די שענק־װירטהין, קוקענדיג אױף איהר, האָט געזאָגט צו איהר מאַן:

— װאָס פאַר א קעצישע בעװעגונג דיזע דאָרט האָט. זעהסט?

די מײדעל האָט הפּנים דערהערט דיזע װערטער, און זי האָט געזאָגט צו טהאָמאַס'ען ענערגיש:

— קומט, לאָמיר ארױסגעהן פון דאַנען.

ער האָט זיך גלײך אױפגעהױבען.

זי האָט ארויסגענומען א קליינעם שמוציגען בייטעל, און גע־זוכט דאָרט איהרע פעניגע.

— עס וועט ניט זיין גענוג — האָט זי ארויסגערעדט מיט שרעק.

— אָבער, מיין גאָט — האָט ער ארויסגעשטאַמעלט — ווילט איהר דען ניט זיין מיין גאַסט?

זי האָט צוריקגעוואָרפען איהר קאָפּ און האָט געשמייכעלט פער־דעכטיג און פרעמד.

— איך בין קיינעמס גאַסט ניט.

און ניט ווילענדיג האָט זי דערביי געקוקט אויף איהרע הענד, וועלכע זיינען געוועזן שלאַנק און שעהן, נור די פינגער־שפּיצען זיי־נען געוועזן צושטאָכען.

— ווילט איהר מיר אויף מיין אויסזעהען באָרגען פופציג פע־ניגע? — האָט זי געפרעגט, אראָבנעהמענדיג אין דער זעלבער צייט א שמאָלען, גאָלדענעם רינגעל פון דעם מיטעל־פינגער פון איהר לינ־קער האַנד.

ער האָט שווייגענד צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און יעדער האָט בעצאָהלט פאר זיך.

— האָט איהר בעמערקט, ווי פרעך די שענקערין האָט מיך אָנ־געקוקט?

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איך אָבער האָב עס יא בעמערקט. — באַנדע! — האָט זי צונעלייגט, קריצענדיג מיט די ציין.

— אָבער, פריילין!

— נו, נו, איך קען דיזע מענשען. די ווילען נור אויסשפּיאָ־נירען. איבעריגעס, וואָס פאר א העסליכען קאָפּ זי האָט, האָט איהר דאָס בעמערקט?

ער האָט זיך אונאַנגענעהם צולאַכט. זי איז שטעהן געבליבען, און ער האָט געזאָגט:

— איהר זעהט נור בייזעס אין די מענשען.

— נו, זיינט איהר עס אַ קאָפּ א הייליגער! איך טרוי זיי ניט אויף דאָס מינדעסטע.

— איהר האָט געוויס געמאַכט שלעכטע ערפאַהרונגען אין אייער לעבען.

איהר פּנים איז געוואָרען פול מיט ביטערקייט, און עס האָט אויסגעזעהען, אזוי ווי עס וואָלט איהר געוואָרען פּלוצלונג זעהר קאַלט.

זיי זיינען געשטאַנען פאר א קליינעם קאפע.

— קומט, מיר טרינקען נאָך א קאפע — האָט ער צו איהר געזאָגט.

— קען איך דען אריינגעהן אהער? — זי האָט אָנגעוויזען צוטומעלט אויף איהר רויטען קאָפּ־טוך.

— איהר קענט.

איהר געזיכט איז פינסטער געוואָרען. פאר אן אויגענבליק האָט זי זיך געשלאָגען מיט דער דעה, דאן האָט זי חוצפה'דיג א שמייכעל געטהאָן, און איז אריין נאָך איהם.

דאָרט איז געזעסען א געזעלשאַפט פון כינעזער אין בלוי־און געל זיידענע אויבער־רעק און אין שווארץ־זיידענע הויזען. די לאַנגע, שווארצע צעפּ האָבען זיי געהאַלטען פערבאָרגען. די עלטערע פון זיי האָבען געטראָגען ברילען, וועלכע האָבען פערשטעלט דעם אויסדרוק פון זייערע אויגען. זייערע געלע פּנים'ער האָבען אויסגעזעהן ערנסט און פערטראַכט, און זיי האָבען גאָר א קנאַפּען אנטהייל גענומען אין דער אַלגעמיינער אונטערהאַלטונג. די מינען פון די אינגערע ווידער זיינען געוועזען לעבעדיג און אויפגערעגט. צווישען זיי זיינען געוועזען פינף מיידלאך, קרעמער־מיידלאך, וועלכע האָבען זיך געשמאַקלאָז אויסגעפּוצט און געלאַזט זיך בעדיענען פון די כינעזער.

ביי א צווייטען טיש האָבען א פּאָר יונגע דענישע מיידלאך געזופּט אייז־קאַפע, מיט וועלכע זייערע געליעבטע האָבען זיי מכבד געוועזן. דורך דיעזע ביידע גרופּען האָט דאָס גאַנצע אינערליכע פון קאפע געהאַט עטוואָס אינטערנאַציאָנאַלעס און אייגענטהימליכעס.

און איצט, אז טהאָמאַס און די פרעמדע מיידעל האָבען זיך געזעצט ביי א מארמאָר־טישעל, האָט עס אויסגעזעהן, אזוי ווי זיי וואָלטען ביידע געהערט צום פּלאַץ.

דער קעלנער איז צוגעקומען צו זיי און זיי געפּרעגט וואָס זיי פערלאַנגען. טהאָמאַס האָט געוואָלט בעשטעלען צוויי קאָפּעס קאַפע,

— מעג איך ליעבער א גלאז פונש טרינקען? מיר איז אזוי קאלט!

— געוויס, געוויס! — האט ער ארויסגעשטאמעלט.

— אלזא, א קאפע און א פונש?

— יא.

דער קעלנער איז אוועק.

— ווי קאמיש זיי זעהען אויס — האט זי געזאגט צו טהאמאסען ווינקענדיג אין דער זייט פון די בינעזער — זעהט נור, ווי די זייד בלישטשעט אויף זיי.

ער האט ניט געענטפערט.

— איהר האט זיך געוויס געוואונדערט, וואס איך בין אייך נאכגעלאפען. דאס אבער האט זיין גרונד. ווען איך האב אייך געהערט רעדען, האט מיך שוין געצויגען צו אייך. איך האב געוואלט וויסען, אויב איהר זיינט ווירקליך אזוי, ווי איהר רעדט. און דא האב איך אייך געטראפען ביי די סאלווישאניקעס, וואו איך האב קיינמאל ניט פארגעשטעלט זיך צו טרעפען אייך... איך האב גע־מיינט, אז דאס חלום'ט זיך מיר, דארום בין איך אייך נאכגעלאפען.

— עס האט אפשר געמוזט אזוי קומען — האט ער געענטפערט.

און אין דיעזער מינוט איז איהם ווירקליך פארגעקומען, אז זיין צוזאמענטרעפען זיך מיט איהר איז עטוואס בעשערטעס.

דער קעלנער האט געבראכט דעם קאפע און פונש. דער לעצ־טער איז געווען אין א זילבערנעם אונטערגעשטעל. די מיידעל האט ארויסגענומען די גלאז, און עס ארומגענומען מיטביידע הענד, אזוי ווי זי וואלט זיך געוואלט דערווארימען.

— איהר וועט זיך פערברענען.

— אה, ניין!

זי האט אריינגעקוקט אין דעם ווייסען געטראנק, און האט איינגעזויגען אין זיך די פארע, איידער זי האט עס געטרונקען. דאן האט זי געטהאן א קליינעם זופ, און האט עטוואס פאסמאקעוועט זיך. זי האט א קוק געטהאן אויף איהם פערשעהמט. א קינדער־שער שמייכעל האט בעצויגען איהר גאנצען פנים.

— דאָס טהוט מיר אזוי גוט.

און דאַן האָט זי עס געטרונקען מיט אמת'ען פערגניגען, און אַלץ צו קליינע זופּען. איהר פּנים איז לעבעדיג געוואָרען. זי האָט אויפגעכאַפּט זיין בליק, וועלכער איז דורכגעפלויגען איבער איהר גאַנצער געשטאַלט. דער אויסדרוק אין איהרע אויגען איז געוואָרען מיט אַ מאָל אַ פּערביטערטער.

— ווי מאַגער איך בין, ניט אמת — האָט זי געזאָגט מיט פּעראַכטונג צו זיך אַליין — און אָה, ווי שעהן און פול איך בין אַ מאָל געוועזן! וואָס פאַר אַ שעהנע פולע אָרעמס איך האָב עס גע־האַט! ווי האָב איך עס דאַן אויסגעזעהן!

און אין דער עראינערונג אָן איהר אַמאָליגע שעהנקייט, איז זי געוואָרען טיעף־טרויעריג, און האָט באַלד צוגעלייגט מיט שטאָלץ:

— איהר האָט מיך בעדאַרפט קענען פריהער. אָה, וואָס פאַר אַ מיידעל איך בין עס געוועזן. יאַ, דאַן!

און אַזוי ווי זי האָט געוואָלט פערטרייבען פון זיך דיעזע אומעדיגע געדאַנקען, האָט זי גענומען איהר גלאָז, און עס אויסגע־טרונקען ביז'ן דעק. ווען זי האָט די גלאָז אַוועקגעשטעלט, האָט זי זיך אַ טרייסעל געטהאָן, אַזוי ווי עס וואָלט איהר נאָך אַלץ געווען קאַלט.

— איך מוז עס האָבען אין די ביינער, איך וועל נאָך אפשר קריגען אינפלוענזא. דאָס פעהלט מיר נאָך. אַם ליעבסטען וואָלט איך געטרונקען נאָך אַזוינס. איך גלויב, אַז דאָס העלפט.

— איך האָב נור מורא, אַז דאָס זאָל אייך ניט שאַדען.

זי איז געוואָרען גאַנץ לעבעדיג.

— אויב איך האָב ווירקליך אינפלוענזא, איז דאָס דער איינ־ציגער מיטעל; איך וויים, אַז געגען דיעזע קראַנקהייט איז ספּירט־געטרענקע דער איינציגער מיטעל.

ער האָט צוגערופען דעם קעלנער:

— נאָך אַ גלאָז פּונש.

— וואָס קאָסט עס? — האָט זי געפרעגט שנעל.

— פינף און זיבציג פעניג.

— הו! — האָט זי געמאַכט אַ דערשראָקענע מינע. זי האָט ארויסגענומען אַ קליינעם נאָטיץ־ביכעל פון קעשענע און האָט פער־

צייכענט: צוויי גלעזער פונש — איין מארק פופציג פעניג; ביער־סאלון — 50 פעניג. איצט בין איך אייך שולדיג צוויי מארק. טרויט איהר מיר אזוי פיעל?

— איך געטרוי אייך.

— וואס פאר א סומע געלד! אזוי פיעל פערדיען איך קוים אין א גאנצען טאג. איך ארבייט ביי דזשעקעטס — האט זי איהם ערקלעהרט, אין דער זעלבער צייט ווייזענדיג איהרע צושטאכענע פינגער. און פלוצלונג האט זי גענומען זיין האנד, און האט איהר פארזיכטיג געגלעט. אבער דעם נעכסטען אויגענבליק האט זי גע־זאגט מעהר צו זיך, ווי צו איהם: — ניין, ניין! — און האט עטוואס אבגערוקט פון איהם איהר שטוהל.

דיעזע שנעלע בעוועגונג איהרע האט איהם געטריבען די בלוט ביז צו די שלייפען, און האט איהם אויף א מאמענט געמאכט פיהלען זיך העכסט גליקליך.

ביי דעם כינעזער טיש האט מען שטארק געלאכט.

— ווי דיעזע שאקלען עס מיט די קעפ — און בעטראכטענדיג די מיידלאך, האט זי צוגעליינגט — איך וואלט מיט אזעלכע ניט געקענט צוזאמען פערברענגען. ניין, ניין, — און וויעדער האט זי געטרונקען דעם פונש, און זי האט באלד אויסגעשריען: „אה, מיינע האר!" — זי האט זיך צורעכט געמאכט די האר און האט אריינגעגאסען אין זיך דעם ברענענדיגען געטראנק. ער איז איהר נעשטיגען צום קאפ, אבער ער האט זי ניט שכור געמאכט. זי האט איצט פאר א שטיקעל צייט גאר ניט גערעדט.

— וואס איז אייך? — האט ער ביי איהר געפרעגט.

— גאר נימ, גאר ניט — האט זי געענטפערט, און האט צו־געליינגט: — ווען איהר וואלט געוואוסט!

— מעג איך עס וויסען?

— דאן וואלט איהר מיט מיר ביי איין טיש ניט געזעסען. איהר וואלט מיך פעראכטעט.

— איך וואלט אייך ניט פעראכטעט.

— דאס מיינט איהר איצט אזוי. איהר מינע האט געקראגען עטוואס צווייפלענדעס, זוכענדעס, פארשענדעס.

— ניין, איהר האָט געוויס א טעות. וואָס פאר א רעכט האָב איך אימיצען צו פערראַכטען?

דאָס האָט זי ניט פערשטאַנען. אין איהר פּנים האָט עס אָבער אָנגעהויבען צו אַרבייטען. זי האָט געמוזט אימיצען דערצעהלען אַלעס אין דיעזער מינוט.

— פאר וועמען האלט איהר מיך?

— פאר אן אונגליקליכע!

זיין טאָן האָט איהר טיעף גערירהרט.

— דאָס בין איך טאַקע.

דאן האָט זי געזאָגט פלוצלונג, צורוקענדיג זיך נאָהענט צו איהם:

— אויב איהר ווילט, דערצעהל איך עס אייך.

— נור, ווען עס זאָל אייך ניט אויפרעגען.

— ניין, איך וויל עס דוקא, עס וועט מיר לייכטער ווערען.

ביין כינעזער־טישעל האָבען זיך די לייטע אויפגעהויבען.

— לאָמיר אויך געהן. איהר שטערען איז געוועזען גליהענד־הייס.

— גוט.

ווען ער האָט גענומען זיין הוט, האָט זי איהם געבעטען:

— טהוט נור מיר א טאַפּ מיין שטערען.

ער האָט עס געטהאָן, און ווידער האָט איהם בעהערשט א זאָנדערבארער געפיהל. דרויסען האָט זי זיך אָנגעהאנגען שווער אָן זיין אָרעם. אָבער איהר שווערקייט האָט איהם געמאכט צו־פריעדען און גליקליך.

ער האָט זאנפט געשמייכעלט. און דיעזער שמייכעל, וועלכער האָט פאר איהר פערראטהען זיין גאנצע גוטהערציגקייט, האָט פון איהר צוגענומען דעם לעצטען רעשטעל פון שעהמעדינגקייט, האָט זי געמאכט מוטהיג און ריידענדיג.

— שטודירט איהר אויך?

— איך האַלט גראדע ביין מאכען מיין עקזאמען.

— וואָס זיינט איהר דען?

— מעדיצינער.

— דאָס איז אָבער מערקווירדיג.

און מיט איינמאָל האָט עס אויסגעזעהן איז ער פאַר איהר גע־וואָרען א גאַנץ אַנדערער.

— אַזוי! אַזוי! — האָט זי אַרויסגעשטויסען פון זיך. אָבער גלייך האָט זי ווידער אָנגעפאַנגען: — גיט מיר, איך בעט אייך, ווידער אייער אָרעם. איך בין מיעד. הם, ער איז אויך געווען מעדיצינער. איך וועל עס מאַכען קורץ. איך בין ניט פון דאַנען, איך בין ווייט פון וועסטפאַלען. וואָס פאַר א ווילדע מיידעל איך בין געווען!! הויך אויף די בוימער האָב איך געקלעטערט. נעסטען האָב איך גערויבט... אָה, קיינער, קיינער האָט מיך ניט געקענט צווינגען... דעם גאַנצען טאָג בין איך געזעסען אויף די בוימער ביז שפעט אין דער נאַכט. דאַן בין איך אַהער געקומען. עס איז מיר געווען צו ענג אין דער היים. נו, און דאַן האָב איך זיך בעקענט מיט איהם. ער האָט שטודירט מעדיצין. ער איז אויך ניט געווען קיין היעגער. זיין פאָטער איז געווען דאָקטאָר אין פּאָמערען. אויף שריט און טריט איז ער מיר נאָכגעגאַנגען, ביז ער האָט מיך געמאַכט פאַר זיינע... און ענדליך האָב איך איהם ליעב געקראָגען, שרעקליך ליעב.... ווי האָט דער מאַן מיך בעהאַנדעלט, ווי גוט, איהר וועט עס ניט גלויבען. ווען איך בין קראַנק געווען, איז ער פון מיין בעט ניט אָבגעטראָטען. איך זאָג אייך, דאָס איז קיין איבערטרייבונג. דער מענש האָט מיך אויף די הענד געטראָגען, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אַלעס גוט מאַכען, וואָס ער האָט געטהאָן. די שיך האָט ער מיר אויפגעקנעפּט. די זאָקען אויסגעטהאָן.

זי האָט געשמייכעלט אין זיך, ווי פערטרוימט.

— אָה, אָה — האָט זי געזאָגט שטיל — און דאַן איז געקומען דער סוף. ער איז געוואָרען קראַנק, קראַנק אויפ׳ן קאָפּ. ער איז געווען גראַדע ווי איהר בײַן מאַכען דעם עקזאַמען. ביי ווירכאָו איז ער דורכגעפאַלען. דאַן איז געקומען זיין פאָטער און האָט איהם געפונען ביי מיר. וואָס דער מאַן האָט עס צובושעוועט. ער האָט איהם געוואָלט גלייך מיטנעהמען... אָבער דאַן האָט איהר בעדאַרפט מיינעם זעהן. אָהן מיר געהט ער ניט, און דערביי איז ער געבליבען. דער אַלטער האָט געשריען, געזידעלט זיך, ענדליך זיינען מיר אַלע דריי אַוועקגעפאָהרען אין זיין דאָרף. ער איז גע־ווען שווער קראַנק און אָהן בעזינונג, ווען מיר זיינען אָנגעקומען,

אָבער מיין האַנד האָט ער פון זיינער ניט ארויסגעלאָזען. איך זאָג איך, דער אַלטער, און נור ער, האָט איהם קראַנק געמאַכט. איהר קענט זיך פאָרשטעלען, ווי זיי האָבען מיך בעהאַנדעלט. זיין מוטער און שוועסטער האָבען מיך אָנגעקוקט, ווי אַ בייזען וואונדער. זיי זיינען אָבער ניט געווען שלעכט צו מיר. דאָס קען איך ניט זאָגען. ווייל ווי ער איז נור געקומען צו זיין בעזינונג, האָט ער נור געזאָגט: „איהר מוזט איהר גוט בעהאַנדלען, איהר הערט?“... נור דער אַלטער איז געווען געגען מיך, ווי אַ ווילדע חיה. ער האָט מיך גערופען מיט אַלע שענדליכע נעמען, און דאָס איך האָב רואינירט זיין זוהן, האָט ער געשריען, און מיינער איז געלעגען, האָט געפיבערט און ניט געקענט ריהרען מיט קיין גליעד. די פרויען איז געווען שווער איהם אָבצוהאַלטען, ער זאָל מיך ניט שלאָגען. איך האָב ניט געטאָרט זיצען מיט איהם ביין טיש. מיין עסען האָב איך געקראָגען צו־געשיקט.

איהר פּנים האָט געברענט פון צאָרן, דערמאָהנענדיג זיך אָן דעם.

— נו, איך וויל אייך ניט צו לאַנג ציהען. ענדליך איז מיינער געוואָרען גאַנץ ווילד, און דער אַלטער האָט ערקלעהרט, דאָס ער איז משוגע, און ער מוז אוועקגעשיקט ווערען אין אַ משוגעים־הויז. אזוי האָבען זיי געטהאָן און מיך האָבען זיי ארויסגעטריבען. איך האָב מיך געזעצט אויפ'ן באַהן און בין אוועקגעפאָהרען אהיים. און ווי דיעזע האָבען מיך אויפגענומען! געשלאָגען האָבען זיי מיך, פאָטער און מוטער... איך בין צוריקגעפאָהרען נאָך בערלין.

זי האָט זיך אָפּגערוהט אַ ווייל און האָט באַלד פאָרטגעזעצט:

— די פינגער האָב איך מיך אָבגעאַרבייט בלוטיג ביז דאָס קינד איז געקומען. וואָס איז עס געווען פאַר אַ זיסער קליינער מלאך'ל. דו, ליעבער גאָט, וואו אָבער טהו איך זיך אהין מיט'ן קינד? איך האָב עס גענומען צו אַ פרוי, וועלכע האָט מיר אויפ־געפאַסט אויף דאָס קינד אזוי גוט, אז עס איז באַלד געשטאָרבען. און איצט קומט דער סוף. איהר ווילט וויסען, וואָס איז מיט איהם געוואָרען? איך האָב געהערט, אז מען האָט איהם אוועקגעשיקט נאָך אַמעריקאַ, כאָטש איך פערשטעה נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט ווי אזוי. איך האָב געשריבען צום קאָנסול איינמאָל און צוויי

מאָל, ביז ענדליך עס איז געקומען אַן ענטפער: געשטאָרבען. הערט איהר? איז ער ווירקליך טוידט?

זי האָט ארויסגעלאָזען טהאָמאסעס ארעם, און האָט זיך אָנגעשפארט אָן די וואנד פון א הויז.

דער געלבליכער שיין פון דער לבנה איז געפאלען אויף איהר צוקרימטען און פערביטערטען פנים.

טהאָמאס איז געשטאנען ציטערענדיג, און האָט ניט געקענט ארויסרעדען א וואָרט. דיעזער יאָמער האָט אָבגענומען פון איהם די קראפט צו רעדען.

ווען זי האָט זיך ענדליך צוזאמענגענומען, האָט א שמייכעל געבלאָנדזשעט ארום איהר ברייטען מויל, וועלכער האָט איהם גראדע אויפגעטרייסעלט.

— זעהט איהר — האָט זי געזאָגט — דאָס איז געווען דער סוף — זייט דאן גלויב איך אין גאָר ניט און אין קיינעם ניט. און איצט, גוטע נאכט. זי האָט איהם דערלאנגט איהר שמאָלע האנד.

— וואו וואָהנט איהר, הערר?

ער האָט איהר אָנגערופען זיין אדרעסע, און איידער ער האָט איהר עטוואָס געקענט זאָגען, איז זי שוין אוועקגעלאָפען.

דיעזער אָוענד האָט געהאט א שטארקע ווירקונג אויף דאָס גאנצע ווייטערע לעבען פון טהאָמאס טרוק.

.22

נאָך דער לעצטער העפטיגער דעבאטע צווישען טהאָמאס און זיינע פריינד איז געבליבען א היבש ביסעל פערביטערונג. טהאָמאס האָט צו זיי אפילו געזאָגט, דאָס עס איז נאריש פון זיי וואָס זיי פערביטערען זיך דאָס לעבען; אז דאָס, אין וואָס זיי אונטערשיידען זיך, איז פערהעלטניסמעסיג א קלייניגקייט, וועהרענד דאָס, וואָס פעראייניגט זיי, איז אזוי וויכטיג. און מען האָט מיט דיעזע ווערטער זיינע ניט געקענט איינשטימען, אָבער דאָך זיינען די מייסטע געבליבען ניט צופריעדען, ווייל זיי זיינען געווען פון דער מיינונג, דאָס טהאָמאסעס טאקטיק איז א פאלשע, און שטערט דער פערברייטונג פון דער ציטונג.

ראָך איז ער געבליבען פעסט רוהיג, ניט נאָכגעבענדיג זיי דאָס מינדעסטע. ער איז געווען איצט בעזאָנדערס שטארק בעשעפטיגט. א חוץ זיין ארבייט ביי דער ציטונג, האָט ער שטילערהייד געמאכט זיין עקזאמען, אלס דאָקטאָר. עס איז פאר איהם קלאָר געווען, דאָס ער מוז האָבען א געוויסע פראָפעסיאָן. די איינגאהמען פון דער צייטונג זיינען געווען קלעגליכע. ער האָט אָנגעהויבען זיך צו רעכענען מיט יעדען פעניג. זיין קליידונג איז געווען גאַנץ אָרעם. ער האָט געטראָגען איצט בלויז וואָלענע וועש, ווייל ער האָט געוואָלט זיך איינשפּאָרען די קאָסטען פאר דאָס וואשען פון קראַ־גענס, מאַנזשעטען און פראָנט־העמדער. צו די עקזאמענס פלעגט ער נעהמען אויף בארג א פראק־אנצוג, וועלכען ער פלעגט אָנטהאָן אין געשעפט גופא, אזוי דאָס קיינער־האָט וועגען דעם ניט געוואוסט.

די מייסטע זאָרג האָבען איהם געמאכט די עקזאמענס־קאָסטען. ער האָט זיך געשעהמט מיט דיעזער הוצאה פאר זיינע פריינד. איהם האָט זיך געדוכט, דאָס ער בע'גנב'עט דעם געמיינשאפטליכען פערמעגען. דערצו איז נאָך געקומען די זאָרג פאר היינזיאוס, וועלכער איז געוואָרען אלץ קראַנקער, און ביי וועלכען מען האָט ניט געקענט אויספיהרען, אז ער זאָל אָנהויבען פיהרען א נאָרמאלען, פערנינפטיגען לעבען.

אין א געוויסען טאָג האָט ער מיט פערדרוס איינגעפּאַקט זיין ביסעל זאכען, אום צו געהן אויף אַן אנדער קווארטיר. טהאָמאָס האָט איהם אָנגעקוקט שטארק ערשטוינט. און ווען ער האָט איהם געפרעגט, וואָס ער מיינט דערמיט, האָט איהם היינזיאוס געענט־פערט קורץ און גראָב:

— איהר קאָנטראָלירט מיך צופיעל. איהר זיינט מעדיצינער, און דיעזען סאָרט מענשען קען איך ניט אריבערטראָגען.

אין דער ווירקליכקייט אָבער האָט ער פערלאָזען די קווארטיר, ווייל ער האָט געמערקט, ווי ער געהט אלץ מעהר און מעהר אונטער, און ער האָט מורא געהאט, ער זאָל אויך טהאָמאסען ניט אָנשטעקען מיט זיין קראנקהייט. ער האָט צוערשט וועגען דעם גערעדט מיט פרוי בראָזע, און זי האָט איהם גראדע צוגערעדט צו דעם, ער זאָל וואָס גיכער זיך נעהמען אַן אנדער קווארטיר.

— איך וויל קיינעם קיין דאנק ניט שולדיג זיין — האָט היינ־

זיאוס געראדט בייז, אום אבצוגאווענדען יעדען פערדאכט, אז ער טהוט עפּ צוליעב זיין גוטסקייט.

דאך, ניט קוקענדיג אויף די אלע זארג, איז טהאמאס ביי זיך ניט אראבגעפאלען. נור זייט א געוויסע צייט האט ער געגעסען גאנץ פאר זיך, וואס דאס האט שטארק פערוואונדערט און פער־דראסען פרוי בראזע און מאריא ווערפט.

איין געוויסען טאג נאך זיין טרעפען זיך מיט דער מיידעל, ביי דעם סאלוויישאן־ארמעע־מיטינג האט ער ערהאלטען פון איהר א בריעף, אין וועלכען ער האט געפונען צוואנציג צעהן־פעניג מאר־קעס. זי האט אין דעם בריעף איהם געשריבען איהר אדרעס, און האט זיך אונטערגעשריבען מיט דעם נאמען קאטהערינא דירקענס.

צוערשט האט ער די געשיכטע געוואלט בעטראכטען, אלס א קלייניגקייט, וואס פאסירט אפט איינעם אין לעבען. אבער באלד איז פאר איהם קלאר געווארען, דאס דא האט זיך געהאנדעלט אום עטוואס, וואס האט איהם גענצליך בעהערשט. ער האט אין דיעזע טעג ניט געקענט ארבייטען. איהר שאטען האט איהם נאכגעפאלגט אויף שריט און טריט. זי, אין איהר פערזאן, האט זיך איהם פאר־געשטעלט, אלס א שטיק פון די ליידען פון דעם געפייניגטען פאלק.

עס איז אבער ניט געווען דאס געפיהל פון רחמנות בלויז, האט ער געראדט צו זיך אליין. נאר זיך ניט אב! איך פיהל איהרע אויגען, איך פיהל איהרע שמאלע הענד! און צווישען אלע זיינע זארג האט עס איהם אנגעפילט מיט פרייד, ווען ער האט זיך ערא־נערט, ווי זי האט איהם אנגעריהרט מיט איהרע הענד.

און אזא איינע רופען זיי „פערלארען“. א שטימע אין איהם האט הויך גערופען: דאס איז איינע, אן וועלכע די אנדערע האבען זיך פערזינדיגט.

דאן איז ער איין אבענד געקומען צו איהר, און איז ארויס מיט איהר שפּאצירען. און פון יעמאלט אן האבען זיי צוזאמען געגעסען אין א וועגעטאריאנישען רעסטאראנט.

די מיידעל האט אנגעהויבען צו מאכען אויף איהם א מעהר און מעהר שטארקערע ווירקונג. זי האט איהם אבגעשטויסען, ווען זי האט געשאלטען גאט און מענשען; אבער זי האט איהם דאס

פעסטער צונעצויגען צו זיך, ווען ער האָט זי בעטראַכט אין איהר צושטערטען און ביטערען געפיהל.

איינמאָל האָט זי צו איהם געזאָגט פול מיט צאָרן:

— אייך איז גוט צו רעדען. וואָס האָט איהר דען געהאַט בייזעס אין אייער לעבען? קוקט אָבער מיך אָן!

זי האָט גערעדט אַ זעהר אונריכטיגען, ניט גראַמאַטיקאַלישען דייטש; און קיינמאָל האָט עס אויף איהם ניט געמאַכט אַזאַ שלעכטען איינדרוק, ווי דאַן, ווען זי האָט זיך בעקלאָגט אויף איהר מזל. אָבער באַלד האָט ער זיך געמאַכט פּאָרווירפע פאַר זיין נאַרישען אריסטאָקראַטישען שטאָלץ. וואָס איז דען די נפקא מינה, צו איינער זאָגט ריכטיג „מיר" אָדער „מיך"? די נאַרישסטע בריאה קען מען עס דאָך אויסלערנען.

און גלייך נאָכדעם איז ער אַ פערציטערטער געוואָרען, זעהענדיג, ווי זי נעהמט דעם מעסער צום מויל און לעקט איהם אָב. ער האָט איהר געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכען אויף דעם; ער האָט עס אָבער אונטערדריקט.

אַזאַ פּאָלירטער קולטור־מענש בין איך! — האָט ער ביי זיך געטראַכט. איז זי אָבער דערפאַר וועניגער מענש?

ער איז געקומען צום שלום, דאָס די גאַנצע ערציהונג און די אַלע בעסערע געוואוינהייטען פיהרען נור צו אַן אונפערשעהמטען שטאָלץ פון די וואויל־ערצויגענע געגען די אָרימע. דאָך האָט ער ניט אַלע מאָל זיך געקענט בעהערשען. פון צייט צו צייט האָט זי געברויכט שטאַרקע און געמיינע אויסדריקע. און דאָס האָט פּאַסירט בעזאָנדערס דאַן, ווען זי האָט גערעדט פון דעם פאָטער פון איהר געליעבטען אָדער פון איהרע אייגענע עלטערען. דאַן איז איבערהויפּט איהר פּנים געוואָרען אַזוי ווילד, אַזוי טהיריש. זי האָט געשריען: „די הינד, די באַנדע!" ניט קענענדיג בעהערשען זיך.

דאָס האָט איהם זעהר געערגערט, אָבער פון דעם אַלעם האָט ער נאָך מעהר געפיהלט, ווי זי ליידט.

מיט אַ שאַרפען פרויען־אינסטינקט האָט זי באַלד געמערקט, דורך וואָס זי מאַכט איהם פרעמד צו זיך, און דאַן האָט זי צו איהם געזאָגט:

— איך בין ניט שולדיג אין דעם. אזוי ווי איך בין, האָבען מיך די אנדערע געמאַכט.

אין דיעזער צייט האָט זי שטאַרק אויפגעפּאַסט צו בלייבען אונ־אבהענגיג פון איהם. קיינמאָל האָט ער נים געטאָרט בעצאָהלען פאַר איהר. אויך האָט זי זיך אָנגעטהאָן אַלע כחות און זיך גע־האַלטען וואָס ווייטער פון איהם.

אָפט האָט זי קיין וואָרט ניט גערעדט. זי האָט נור גענומען זיין האַנד און גענלעט, ווי אין דעם אבענד פון זייער ערשטער בע־געגענונג. זי האָט גענומען אַ בעזאָנדערם גרויסען אינטערעס, ווי עס געהט איהם ביי די עקזאַמענס. און ניט זעלטען פלעגט זי איהם איבעראַשען מיט איהרע פראַגען, וועלכע האָבען בעוויזען, אז זי ווייס אַלעס, וואָס אַ סטודענט פון מעדיצין האָט דורכצומאַכען ביין עקזאַמען.

— פאַסט נור אויף ניט דורכצופאַלען ביי ווירכאָו. דאָס איז אַ זויבערער הערר. דער מאַכט די מייסטע סטודענטען דורכפאַלען. דאָס האָט איהם געמאַכט שמייכלען. אַ פרעמדער געפיהל פון רויש האָט איהם דורכגענומען. איך האָב זי געוויס ניט ליעב אין דעם זין, וואָס מען רופט „ליעבע“, האָט ער זיך געטראַכט. און דאָך האָט ער זיך געפיהלט גליקליך אין איהר נאָהענטקייט.

זי האָט געהאַט אַ גאַנץ בעזאָנדערען שטייגער, ווי איהם צו־ציהען צו זיך. זי האָט אויך געפיהלט, ווי עס ערגערט איהם איהר שמערץ, און ווי פרעהליך ער ווערט, ווען איהר פּנים ווערט ליכטיג. זי האָט געמערקט, דאָס ער ווערט צוטומעלט, ווען זי קוקט איהם אָן פערלאַנגענדיג מיט איהרע דונקעלע אויגען. זי האָט געפיהלט גאַנץ דייטליך, דאָס ער איז געוועזען איינזאַם און דאָס פּונקט ווי זי, שטרעבט ער נאָך וואַרימקייט. און זי האָט געפיהלט, דאָס די וואַרימקייט דרינגט פון איהר צו איהם.

זיי האָבען אָנגעהויבען געוועהנט צו ווערען איינער צום צווייטען.

לאַנגזאַם האָט ער אָנגעהויבען צו ווינשען צו בעזיצען איהר. וואָס פאַר אַ גליק מוז עס זיין צו קענען ווידער צוריק־געבען דיעזען אונגליקליכען מענשענקינד זיין רוהיגקייט, זיין פריעדען, זיין גליק!

און דער געדאַנק האָט איהם שוין ניט מעהר פערלאָזען. ער

איז געוואקסען אין איהם בייטאָג און ביינאַכט. איך טהו עס דאָך צוליעב מיר, — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט, אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיך רעכטפערטיגען פאַר אימיצען — ווען איך בעפריי איהר פון איהר שווערער פערגאַנגענהייט. וואָס איז דען דאָ רייי־בערעס און בעסערעס, ווי ווען מען האָט אַ מענשען, וועמען מען קען אַלעס זאָגען, אין וועמעס נאָהענטקייט עס פאַלען אראָב אַלערליי משאות, ווענינגסטענס פאַר שטונדען... נאָך דעם האָב איך דאָך געדורשט און געהונגערט די אַלע יאָהרען.

און ער האָט דייטליך געפיהלט, ווי איינזאַם ער איז אימער גע־ווען, ווי עלענד מיט אַלע זיינע טהעטיגקייטען. דער איינציגער גליק בעשטעהט דאָך אין דעם, ווען מען בעפרייט אַ צווייטען. דאָס איז דער טיפסטער געדאַנק פון לעבען און פון ליעבע...

און דיזע טעג פון זייער צוזאַמענלעבען האָט ער געפיהלט, אַלס דאָפּעלט־שעהן, געראָדע, ווייל קיינער האָט פון זיי ניט גע־וואוסט.

איין נאַכט האָט ער זי געבראַכט שפּעט אַהיים.

שוויינענדיג זיינען זיי געגאַנגען דעם גאַנצען וועג. מיט שווע־רע הענד האָט ער אויפגעעפענט די הויז־טיר.... זיין גאַנצער קערפּער האָט געברענט.... און פּלוצלונג האָט ער זיך צוגעצויגען צו איהר און האָט זי זאַנפט אַ קוש געטהאָן אויף איהר ווייכע, שהנע האַלז.

ווען ער האָט ארויפגעקוקט, האָבען זיך זייערע בליקען צוזאַ־מענגעטראָפען.

זי איז געשטאַנען ציטערענדיג און לויכטענדיג פאַר איהם. אין יענעם אבענד האָבען זיי זיך צושייד'ט שוויינענדיג.

אויפ'ן וועג צו זיך אַהיים האָבען זיינע ליפּען געהאַלטען אין איין מורמלען: קאַטהערינא דירקענס... קאַטהערינא דירקענס....

## 23.

— איהר לאָזט זיך גאָר ניט מעהר זעהען — האָט דער דיכטער ליערס געזאָגט צו אבראהאם געבהארד.

זיי האָבען זיך בעגעגענט אין גאַס, און ביידע האָבען געקוקט אין דעם קנויל פון מענשען און פוהרען ארום זיי.

— ארבייט, ארבייט — האט געענטפערט געבהארד און האט געשאקעלט זיינע בלאנדע לאקען, וועהרענד אין זיינע ליכטיגע אויגען איז געוועזען צו זעהען אזוי פיעל בעגייסטערונג. ער האט גענומען דעם דיכטער אונטער'ן ארעם און האט צו איהם געזאגט:

— קומט צו אסט טרינקען א טאסע קאפע.

נור מיט מיה האבען זיי דארט געפונען א פלאץ. זיי האבען פערדרויכערט צו סיגארעטס.

מיט קנאה און טרויער האט ליערם געזאגט:

— איהר ארבייט אלזא פיעל?

— נו, געווים. מיין קאמפאזיציע „דער קעניגרייך פון פרייד“ איז שוין באלד געענדיגט. איך בין שוין ביים דריטען זאץ. ווען איך בין פערטיג מיט דעם, וועט איהר מוזען פאר מיר שרייבען די ווערטער.

— איך? ניין, איך בעדויער!

— איהר מוזט!

— ליעבער פריינד, אויב איהר פערלאזט זיך אויף מיר, וועט איהר אייער אפער קיינמאל ניט פערטיג האבען.

— אבער ווארום ניט?

— ווייל איך קען ניט ארבייטען.

אבראהאם געבהארד האט איהם אנגעקוקט מיט פארשענדע אויגען.

— אונזין! ניט קענען.... נעהמט זיך צוזאמען.

ליערם האט פערצויגען זיין מויל מיט א מינע פון טיעפען שמערץ און האט געזאגט:

— איך ארבייט, איך ארבייט אהן אברוה.... וואס פאר א פאנטאזיעס איך האב! וואס פאר א טענער איך הער!

— נו, אלזא!

— אין מיינע חלומות!

— דאס איז נארישקייט.

— איך קען גאר ניט אויפשרייבען, א שורה ניט. איצט ווענינער, ווי ווען־עס־איז. ווען מיר וועלען ערשט האבען דאס פרייז גענוס־רעכט — פון דעם טרוים איך! דאס איז דער איינציגער פערנינפטיגער צושטאנד פאר די דיכטער, וועניגסטענס, דאס מען

זאָל קענען געניסען, און ניט דאַרפען ווייזען, וואָס מען האָט געטהאָן דערפאַר.

— וואָס זיינען דאָס פאַר זאכען, וועלכע טהוען זיך אָב אין „פעסט־זאַל“ ? — האָט געבהאָרד געפרעגט ביי ליערס.

— לייענט איהר די צייטונג רעגעלמעסיג ?

— נאַטירליך, איך האָב פון דער צייטונג דעם גרעסטען פער־גניגען. וואָס פאַר א גרויסע ארבייט דיזע קערלען טהוען אויף! איך בין ערשטוינט. מען מוז גוט קאָפּ־האַלטען, ווען מען לייענט דיזע צייטונג. מען מערקט גלייך, אז דאָ האָט מען צו טהאָן מיט זעלבסטשטענדיגע דענקער. אזא בחור, ווי דער פרינדעל — וואו האָט ער עס אַלעס גענומען ?

— דיזע מענשען ארביימען — האָט ליערס געענטפערט טרוקען — זיי ארבייטען, ארבייטען. איבעריגס, וואָס אייער פראגע אנבע־טרעפט, קען איך אייך זאָגען, אז מען בורעט געגען טהאָמאס טרוק. ניט אויס פערזענליכקייטען, נור צוליעב פּרינציפּען־רייסעריי. זיי קענען עס ניט בעגרייפען, דאָס א מענש איז מילד און ריין. ער איז דער איינציגער, וועלכער אימפּאָנירט מירווירקליך.

דער מוזיקער האָט זיך פערטראַכט.

— דאָס בעסטע אין דער צייטונג קומט געוויס פון איהם. ער איז אויך דער, פאַר וועמען דער נאָמען פון דער צייטונג איז ניט בלויז א נאָמען. אַלעס איז ביי איהם אָריגינעל. אויך פאָרם און סטיל האָבען דעם אָריגינעלען שטעמפּעל. דאָס עבען פעהלט די אנ־דערע — קען זיין, אז הינטער די אלע קריגערייען שטעקט א סאָרט ניט־פערגינען. אגב אורחא, איך ווייס גאָר ניט, וואָס געהט עס מיך אָן ?

— איך האַלט עס פאַר זעהר בעדויערענסווערטה. איבעריגס, וואָס מאכט ער ?

— דאָס ווייס איינענטליך קיינער ניט אויפריכטיג. מען זעהט איהם איצט זעהר זעלטען. מען רעדט אזוי אונטער פערשיע־דענע זאכען. אויב עס איז עפּעס אין דעם — ווער קען עס וויסען ?

— א פרוי ?

— יא !

— הם! הם!

— אלע ווייבער האט מען געדארפט אויפהענגען נאך דער רייע נאך — האט ליערם געמורמעלט.

אבראהאם געבהארד האט גאר ניט געענטפערט אויף דיזע בעמערקונג. ער האט געזאגט נור לאנגזאם:

— און איך האב געטראכט, דאס עס איז דא עטוואס צווישען איהם און דער מיידעל, וועלכע האט פאר אונז איינמאל געשפיעלט. איהר געדענקט עס דאך געוויס.

— עס שיינט אבער, אז עס איז ניט אזוי.

— און וואס מיר אנבעטרעפט, קען איך יענע מיידעל ניט פערגעסען.

דער דיכטער האט געשוויגען א ווײלע און האט דאן געענטפערט:

— אך, מיין ליעבער, דאס איז א פיינער פונקט.

זיין מיעדער שעהנער פנים האט זיך צונויפגעקנייטשט.

— וואס איז עס פאר א שעהנער מענש, האט געבהארד נעטראכט אין דער שטיל, בעטראכטענדיג זיין שעהנעם פנים.

ליערם האט געקלאפט מיט א געלד־שטיק אן די טאסע, און אהן אירגענד א צוזאמענהאנג, האט ער געזאגט:

— קיינער איז מיר ניט אזוי פערהאסט און אונאנגענעהם, ווי דיזער פרינדעל. דער מענש איז עקעלדיג אין יעדער בעציהונג.

— וואס מאכט אייער פרוי?

— אט זי שטאפט מיך! — האט ער געענטפערט מיט כעס. עס האט געצוקט ארום זיינע ליפען.

— אדיע! איהר האט היינט אייער שלעכטען טאג — האט געבהארד געזאגט צו ליערם.

דער געשפרעך האט איהם געמאכט נערוועז. דיזער טאן האט געמאכט עפעס אזוי ווי א געוואלד־רים אין זיין „קעניגרייך פון פרייד."

— אדיע — האט דער דיכטער ליערם איהם געענטפערט, און יעדער איז אוועק זיין וועג.

.24

גאנץ אונערוואַרטעט איז איינמאָל געקומען קאַטהערינאַ דירקענס אין דער בעגלייטונג פון טהאָמאַס אין זיין וואָוינונג, וואו די איבריגע פריינד פון „פעסט־זאַל“ זיינען געוועזען פערזאַמעלט.

טהאָמאַס האָט ניט געהאַלטען פאַר נויטיג אָבצוגעבען אימיצען אירגענד וועלכע ערקלערונג. אָבער אַלע האָבען גלייך געפיהלט, דאָס צווישען זייביידע איז דאָ מעהר, ווי אַן אויסערליכע בעקאַנטשאַפט.

קאַטהערינאַ האָט זיך אויפגעפיהרט עטוואָס שעהמעדיג און מיסטעריעזיש. זי האָט אין יענעם אָבענד מיט קיינעם פון די אַנוועזענדע קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אויף די פראַגען, וואָס מען האָט איהר געשטעלט, האָט זי געענטפערט נור מיט איינציגע און גאַנץ קורצע ווערטער. עס האָט אויסגעזעהען, אַזוי ווי זי וואָלט יעדען פון די אַנוועזענדע געהאַלטען פאַר איהר שונא.

טהאָמאַס'ען האָט עס זעהר געקרענקט, ווי קאַלט אַלע זיינען צו איהר. ער האָט געפיהלט, דאָס מען איז ניט גענוג פריינדליך צו איהר און אין דעם האָט ער געזעהען אַ בעליידיגונג געגען זיך זעלבסט: ער האָט דאָך איהר געבראַכט אַהער! וואָס ווילען זיי דען פון איהר? האָט ער געבערענט פול מיט צאָרן. זיי בעטראַכטען איהר, ווי אײנעם, וואָס האָט מיט געוואַלד אַריינגעדרונגען צו זיי.

פרוי בראַזע האָט שטום געהאַלטען איהרע אויגען אויסגעשטעלט אויף דער פרעמדער מיידעל, אַזוי ווי זי וואָלט איהר געוואָלט דורכלעכערען מיט איהרע בליקען.

קאַטהאַרינאַ האָט זיך געפיהלט זעהר אומבעקוועם. זי האָט זיך צוגעבויגען צו טהאָמאַס און געמורמעלט:

— וואָס האָט דיזע צו מיר?

טהאָמאַס האָט אַריבערגעקוקט צו פרוי בראַזע.

זי האָט אויסגעזעהען טרויעריג און געדריקט. זי האָט אויסגעמידען זיין בליק, האָט זיך ראָש אויפגעהויבען און פערלאָזען דאָס צימער.

טהאָמאַס און דירקענס האָבען באַלד געטהאָן דאָס זעלבע.

אויפ'ן וועג האָט זי ארויסגערעדט מיט א ציטערענדער שטימע:

— דיזע מענשען האַסען מיך. איך פיהל עס גאַנץ בעשטימט.

— ניין, ניין — האָט ער זי בערוהיגט.

אָבער זי איז געבליבען ביי דאָס איהריגע און האָט זיך ניט גע־לאָזט איבעררעדען. און דאַן האָט זי פערביסען געשוויגען דעם גאַנצען וועג, קוים הערענדיג, וואָס ער האָט צו איהר גערעדט, אין איהר מינע עטוואָס שרעקעדיגעס און כיטרעס. אַלערליי אונרוהיגע געדאַנקען האָבען געשטורמט אין איהר קאָפּ. זי איז געווען זיכער, אז קיינער פון זיינע פריינד גלייכט איהר ניט. מעהר פון אַלע האָט זי מורא געהאַט פאַר דער פרוי בראָזע. איהר גאַנץ זיכערער גע־פיהל, וועלכער האָט זיך ניט געלאָזט אָבנארען, האָט איהר אונטער־געזאָגט, דאָס דיזע פרוי פיהלט מעהר ווי פריינדשאַפט צו טהאָ־מאַס'ען, און מיט א בייזען שמייכעל האָט זי פערצוויגען איהר בריי־טען מויל. זי האָט איבערגערעכענט יעדען איינעם פון טהאָ־מאַס'עס פריינד, און זי איז געקומען צום שלוס, דאָס דער איינציגער, וואָס האָט גאָר ניט געגען איהר, איז געווען פרינדעל. און זי האָט געבראָכען זיך דעם קאָפּ, אויב די אַלע מענשען האָבען א גרויסען איינפלוס אויף איהם, און ווי אזוי זי קען זיך באָרען געגען זיי אַלע. וויל דאָס איז געווען זיכער, דאָס זיינע פריינד וועלען אָנווענדען אַלע מיטלען געגען דעם, אז צווישען זיי זאָל גאָר ניט ווערען.

— מיר טהוט אזוי וועה די ברוסט פון דעם אייביגען ניהען — האָט זי ענדליך געזאָגט — צעהן שטונדען יעדען טאָג. ווער קען דאָס אויסהאַלטען?

— צעהן שטונדען?

און ווידער זיינען זיי געגאַנגען שטום איבער די גאַסען.

— גיב מיר דיין ארעם — האָט ער זי געבעטען.

זי האָט עס געטהאָן און האָט זיך פעסט צוגעדריקט צו איהם. זי האָט געפיהלט, ווי ער ציטערט אויף יעדעם מאָל פון איהר צוריה־רען זיך צו איהם. און דאָס געראַדע האָט איהר פערשאַפט גרויס פרייד. ווי וואַקס איז ער... אזוי ווייך, אזוי ריין, אונפערדאָרבען... זי, וועלכע האָט שוין אזוי פיעל דורכגעמאַכט אין לעבען, האָט זיך געפיהלט אין פערגלייך מיט איהם אַלס די שטאַרקערע, וועלכע

דארף נור די האנד אויסשטרעקען, אום צו האָבען איהם, אַלס איהר אייגענטהום. וועגען דעם איז זי ביי זיך גאַנץ קלאָר געוועזן. פון דעסטוועגען האָט זי די גאנצע צייט געהאַלטען זיך פעסט אין האַנד. זיין ריינקייט האָט איהר געמאכט ניט ווילענדיג שרעקעדיג און צו־ריקגעהאַלטען. עס האָט זיך איהר אָבגעדוכט, דאָס זי מוז געהן לאנגזאם, אום צו קומען צום ציעל. דעם ציעל האָט זי געזעהען גאַנץ דונקעל און זעהר ווייט. זי האָט גאָר ניט געוואגט צוגעוואָוי־נען זיך צו איהר וואונש. עס איז איהר אויסגעקומען אזוי לעבער־ליך און אזוי ריזיקאליש. דאַן האָט זי געפיהלט א ווילדע שמחה, פאָרשטעלענדיג זיך, אז איהר וואונש זאָל יא מקוים ווערען. ווי די איהריגע אין דער היים וועלען דאָרט די אויגען אויפרייסען איבער דעם בייז וואונדער. און אויך, ווי וועט דאָס זיינע פריינד ער־גערן!... אָבער זי וועט שוין ווייזען זיי איהרע ציין און גוט אויס־שפייען. דאָס האָט זי געוואָלט. עס האָט איהר געברענט אונטער די פיס. איך בין דאָך אמת משוגע — האָט זי געטראכט — ווען ער וואָלט דאָס נור בעמערקט.

פלוצלונג האָט ער גענומען איהר האַנד.

— דו... דו.... — האָט ער ארויסגערעדט.

די שווארצאפלען אין איהרע אויגען האָבען זיך בעוועגט אונ־רוהיג. ער האָט עס געזעהען. איינמאָל האָבען זיי איהם אויסגע־זעהען ווי פערשלייערט, דאַן האָט זיך ווידער געלייגט א גלאַנץ אי־בער זיי, ווי טראָפענס טהוי איבער'ן גראָז.

— דו — האָט ער אָנגעהויבען פון דאָס ניי — מאָרגען מאַך איך מיין לעצטען עקזאמען.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט.

זי האָט אָבער קיין טאָן פון זיך ניט ארויסגעלאָזט.

אין איהם איז געוועזן אַלעס אזוי שווער, ווי אויף א פעלד, וואו די תבואה איז אין גאַנצען צייטיג. אין איהם איז געוועזן אזא גרוי־סער פערלאַנג נאָך גליק. ער האָט עס איהר ערשט געוואָלט מאָר־גען זאָגען. אָבער עס האָט איהם געברענט, וואָס מען איז געוועזן אזוי אונפריינדליך צו איהר.... קיינער, קיינער זאָל איהר שוין מעהר ניט בעליידיגען. ער וועט גוט מאכען דאָס, וואָס די מענשען האָבען אזוי פיעל זיך פערזינדיגט געגען איהר.

און זי האָט מיט שרעק און פול מיט האָפנונג געהאַלטען געצי־לעוועט אויף איהם איהרע שוואַרצע אויגען.

דאַן איז עס אַרויסגעקומען פון איהם אין קורץ־געהאַקטע זעצע: צו זי וויל מיט איהם צוזאַמענגעהען, אויב זי וויל אַלעס, אַלעס טהיילען מיט איהם.

זי האָט איהם ניט פערשטאַנען. איצט, איצט, אַז איהר וואונש איז געוואָרען אַ ווירקליכקייט, האָט זי עס ניט געקאָנט בע־גרייפען. איהר האַרץ איז שטיל געבליבען, האָט זיך איהר אָבגע־דוכט. אַ טיפער מיסטרוי האָט איהר אָנגעכאַפּט. דאָס איז אַלעס ניט אמת, האָט זי גערעדט צו זיך אַליין. דאָס קען ניט זיין אמת. דאָס איז אַ בייזער, שלעכטער חלום. זי האָט געציטערט פאַר דאָס אויפ־וואַכען און געפינען, אַז דאָס איז געווען אַ חלום. זי האָט עס ניט געקאָנט אויסדענקען ביז צום סוף. זי האָט איהם אודאי פאַלש פערשטאַנען, שלעכט אויסגעלייגט זיינע ווערטער. יא, יא, אַזוי איז עס. זי האָט דערשראָקען געקוקט אויף איהם. און אין איהר בליק איז געווען נאָך עטוואָס; עטוואָס לויערענדעס, קעצישעס, פערטיג אַ שפּרונג צו טהאָן.

אין טיפען שרעק האָט זי געפרעגט גאַנץ שטיל:

— וואָרום פייניגט איהר מיך?

דאַן האָט ער ווידער אַ מאָל געזאָגט איהר דאָס זעלבע.

און דאַן האָט עס אָנגעהויבען שווינדלען איהר פאַר די אויגען. אַלעס האָט געשפּרונגען און געטאַנצט, אַזוי דאָס זי האָט קיין זאַך ניט געקאָנט אונטערשיידען. ענדליך האָט זי קוים אַרויסגערעדט:

— מיך ווילסטו? דו ווילסט מיך?... און ניט בלויז אַזוי?... פאַר דער גאַנצער וועלט ווילסטו מיך?... מיך?... מיך?....

זי האָט געמיינט, אַז דער קאָפּ צושפּרינגט איהר.

— דיך וויל איך אין די אויגען פון דער גאַנצער וועלט.

דאַן האָט זי פּלוצלונג צוגעלייגט די הענד צו די שלייפען און האָט אָנגעהויבען שטיל צו וויינען. זי האָט געפיהלט, אַזוי ווי זי מוז צוריקהאַלטען איהרע אויגען, זיי זאָלען ניט אַרויספאַלען, ווייל זיי קענען ניט זעהען דיזען גאַנצען גרויסען גליק. זי האָט זיך אויף איינמאָל אַרונטערגעבויגט צו איהם און געקושט זיינע הענד. איהר בליק האָט איהר געמאַכט אַזוי מילד און אונטערטהעניג.

— ניין, ניט אזוי.

און ווען זי האָט זיך ווידער אויסגעגלייכט, האָט זי געזאָגט:

— דו, דו.... לאָז מיך איצט אליין.

אין איהר טאָן איז געווען א טיפער געבעט.

ער האָט שטיל צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. זיין פּנים איז געווען גאנץ בלאס. עס האָט געקלאַפּט אין זיינע פינגער־שפּיצען, ווי מיט האמערס. לאנג האָט ער איהר נאָכגעקוקט, ביז זי איז פערשוואונדען געוואָרען אין דער דונקעלהייט.

זי איז אוועקגעלאָפען נאָך הויז. זי איז געווען ווי בערוישט. אָהן אַן אָטהעם איז זי ארויפגעלאָפען אויף די טרעפּ און האָט אויפגעוועקט איהר באַלעבאָסטע פון שלאָף. דיזע איז געווען שטארק אין כעס, ביז זי איז געוואָרען שטארק נייגעריג. זי האָט געמוזט אויפשטעהען פון בעט, א וואָרף טהאָן א קלייד איבער זיך, דער לאָמפּ איז אָנגעצונדען געוואָרען, און מען האָט זיך גענומען אויסלייגען די קאָרטען. איהר גאנצעס געלד האָט זי איהר פריהער אין די הענד אריינגעשאָטען. זי איז געזעסען שטיל און זיך צוגעהערט דעם מאָל, וואָס די קאָרטענוואַרפערקע האָט בעשטימט פאר איהר. אלעס האָט געשטימט אויפ'ן האָר. דער גרויסער גליק איז געקומען צו איהר. און די ווירטהין האָט געמוזט נאָך א מאָל אויסלייגען די קאָרטען און ביין דונקעלען שיין פון לאָמפּ האָט זי זיך געטיפט אין איהר צוקונפט.

פּלוצלונג האָט זי זיך אויפגעהויבען און האָט מיט אַן ענערגישער בעוועגונג פערשאַרט איהרע ווידערשפּענסטיגע האָר. איהר פּנים האָט געקראָגען עטוואָס שטאָהלענעס.

— באַלעבאָסטע, עס איז געקומען א סוף צום עלענד!

די פרוי האָט איהר אָנגעקוקט ערשטוינט. די מיידעל איז איהר פאָרגעקומען אזוי מאָדנע פערענדערט.

— באַלעבאָסטע — האָט קאטהערינא געזאָגט — טהוט זיך אָן. איך מוז איצט זיין אין גאס.

די אלטע פרוי איז שוין איצט פון גאָר ניט איבערראשט געוואָרען. זי האָט זיך אָנגעטהאָן אין איהרע אלטע קליידער, האָט אריבערגעוואָרפען א שאל איבער די אקסלען, האָט אויפ'ן קאָפּ אָנגעטהאָן א געשמאַקלאָזען הוט מיט רויטע, קנאַקעדיגע מאָהן־בלומען.

מען האָט אַנגעריבען אַ שוועבעלע און דיביידע פרויען האָבען זיך אַראָבגעלאָזען פון די שטיגען, און זיי האָבען אָנגעהויבען געהן מיט גרויסע טריט איבער'ן גאַס.

קאַטהערינאַ האָט געוואָלט ניט אַנדערש ווי אין דעם קאַפּע, וואו זי האָט פערבראַכט דעם ערשטען אבענד פון איהר בעקאַנטשאַפט מיט טהאָמאַס טרוק.

ענדליך זיינען זיי אָנגעקומען צום פּלאַץ ערהיצט און אויפגערעגט. זיי האָבען זיך מאַט אַראָבגעלאָזען אויף אַ שמאָלע פּלושענע סאָפאַ.

קאַטהערינאַ האָט בעשטעלט גליה־וויין. איהר שטימע האָט געקלונגען שטאָלץ און חוצפה'דיג.

זיי האָבען געטרונקען מיט גרויסער דורשטיגקייט.

זי האָט בעשטעלט נאָך און נאָך. זי האָט גאָר ניט געקאָנט האָבען גענוג. זי איז געוואָרען אויפגערעגט און לוסטיג, און איצט ערשט איז איהר שמחה געווען אָהן אַ ברעג. אַם ליעבסטען וואָלט זי איצט אָנגעהויבען צו טאַנצען. דער וויין האָט געווירקט, און אַזוי שנעל, ווי די גלעזער זיינען ליידיג געוואָרען, האָט זי צוגעוואונקען צום קעלנער.

— אַזאַ נאַכט קומט ניט מעהר — האָט זי געשטאַמעלט שכור'לעך.

ענדליך האָט די עלטערע פרוי אָנגעהויבען צו דרינגען, אַז מען דאַרף שוין געהן. זי האָט ניט געקאָנט מעהר האַלטען זיך פון שוועריגקייט און מידיגקייט.

— מיר נעהמען אַ דראָזשקע — האָט די מיידעל געטרייסט.

דער קעלנער האָט געלאַכט הינטער זיי, ווען זיי האָבען פערלאָזען דעם קאַפּע: „נו, קען דאָס דיזע אַ קאַפּ טרינקען", האָט ער געזאָגט צו דער מיידעל, וועלכע איז געשטאַנען ביים בופעט. „דאָנערוועטער, נאָך איינמאָל."

ווען זיי זיינען שוין געזעסען אין דער דראָזשקע און דאָס פערד האָט זיך לאַנגזאַם געשלעפּט, האָט קאַטהערינאַ געשושקעט צו איהר באַלעבאָסטע:

— דער איז אויך אַ דאָקטאָר.

און ביי דיזע ווערטער האָט עס דונקעל און געהיימניספאָל אויפגעלויכטען אין איהרע אויגען.

זי האָט געטרונקען זעהר פיעל וויין. דאָך האָט זי די גאַנצע נאַכט מיט אַן אויג ניט געקאָנט צומאַכען, און האָט זיך צוגעהערט צום קלאַפּען פון איהר הארץ.

.25

אויף מאָרגען האָט טהאָמאַס טרוק מיטגעטהיילט זיינע פריינד, דאָס ער האָט דורכגעמאַכט זיין עקזאַמען, אַלס דאָקטאָר. עס איז געוועזען פאַר אַלעמען אַ פּאָלשטענדיגע איבערראַשונג, וועלכע איז אויפגענומען געוואָרען מיט אַ ווארימען אינטערעס און מיט עהרליכען רעספּעקט. אָבער זייער שמחה איז שטאַרק פערדונקעלט געוואָרען, ווען ער האָט זיי גלייכצייטיג מיטגעטהיילט, דאָס ער איז ענטשלאָסען גאָר גיך צו פעראייניגען זיך מיט קאַטהערינא דירקענס.

פרוי בראָזע'ס פּנים איז געוואָרען בלאַס, ווי קאַלך; און חאָטש זי האָט געפיהלט, ווי זי בעליידיגט איהם מיט איהר אויסדרוק פון שרעק און עקעל, דאָך האָט זי זיך ניט געקאָנט בעצווינגען און ניט ארויסווייזען דיזע געפיהלען.

אַ שמערצליכע ביטערקייט האָט איהם ארומגעכאַפּט. ער איז געוועזען אָבגעשפּאַנט און מיעד פון דאָס אַלעס, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע וואָכען. ער האָט געוואָלט אַ ביסעלע אָברוה, אַ ביסעלע שטילקייט, גוטסקייט און פריעדען. און אָט קומען גאָר דיזע מענשען, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געקעמפּפט און געליטען און גיסען ארויף קאַלטע וואַסער איבער זיין הייסע פרייד. אָט דאָס איז זייער חבר'שאַפט, זייער פריינדשאַפט! ער פייפט אויף דעם אַלעס איז בלויז שווינדעל. מען שטעהט אַליין, אימער פאַר זיך.

מעהר פון אַלץ האָט איהם געערגערט די פרוי בראָזע.

זי האָט געוואוסט, וואָס ער האָט געפיהלט, און זי האָט צו איהם געזאָגט:

— איך וויים, דאָס דיזע שטונדע קען אונז אפשר אויף אייביג צושיידען. איך וויים עס, פון דעסטוועגען מוז איך רעדען. איך בעט אייך אויסצוהערען מיך, אויב עס איז שוין ניט צו שפּעט. בע־

פרייט זיך פון דיזער פרוי, ווי אייער גליק, אייער לעבען איז אייך ליעב.

זי האָט געזעהען ווי זיין פּנים איז אויסגעקרימט געוואָרען פון צאָרן. זי האָט אָבער אויף דעם ווענינ־וואָס געקוקט און זי האָט ווייטער גערעדט:

— איך זעה, דאָס איהר מאכט זיך אונגליקליך. מיט אָפענע, נייןן, מיט פערמאכטע אויגען לויפט איהר אין פייער.

— אָבער וואָס איז עס? — האָט טהאָמאס געשריען — וואָס ווילט איהר אייגענטליך? קענט איהר דען די מיידעל?

— איך קען אייך גענוג, אום צו וויסען, אז די מיידעל איז אייער אונגליק — האָט גענטפערט פרוי בראָזע, איבערטראָגענדיג מיט א ציטער זיין בליק.

— איהר קענט זי? — האָט ער נאָך א מאָל געפרעגט.

פרוי בראָזע האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איהר האָט מיך, אלזא, שפּיאָנירט?

ער האָט מעהר ניט געקאָנט בעגרייפען דיזע פרוי.

— וואָס האָט איהר דען צו איהר? דאָס, וואָס זי איז אונ־גליקליך?

די בראָזע האָט א ביס געטהאָן אין דעם אונטערשטען ליפּ, און האָט זיך עטוואָס אויסגעגלייכט.

— איך וואָלט מיט איהר מיטלייד געהאָט, ווען זי וואָלט אייך ניט בעגעגענט אויף איהר וועג. און האַסטיג, אזוי ווי זי וואָלט מורא געהאָט ער זאָל איהר ניט אונטערברעכען, האָט זי געזאָגט:

— דיזע מיידעל איז פערברויכט געוואָרען פון לעבען. זי.. זי... זי האָט געזוכט א פּאַסענדען וואָרט — זי איז פלעקיג געוואָרען. זי וועט זיין פאר אייך א לאַסט, וועלכע וועט אייך אראָבשלעפּען צו דער ערד. איך זעה, איך זעה, איך זעה עס גאַנץ דייטליך. איך האָב אימער געטראַכט פון עטוואָס ריינעס, שעהנעס און איידעלעס, ווען איך האָב מיר פאָרגעשטעלט די פרוי, די... זי איז פּלוצלונג שטיל געבליבען, דאַן האָט זי אַרויסגערעדט קוים וואָס מען האָט גע־הערט — איך האָב געטראַכט פון א מיידעל, מיט וועלכער איהר האָט אונז איינמאָל בעקאַנט געמאכט.

זי האָט געשראָקען געקוקט אָן א זייט.

זי האָט געוואוסט, אז עטוואָס מעהר שמערצליכעס האָט זי איהם ניט געקאָנט זאָגען, און האָט ניט געוואָלט זעהען וואָס אויף זיין פנים איז פאָרגעקומען.

ער האָט ניט ארויסגעלאָזען קיין טאָן. אַלעס אין איהם איז געוועזען פערוואונדעט. זי האָט איהם געטראָפען פונקט אין דעם פלאַץ, וועלכען ער האָט ניט געסמייעט אָנצוריהרען. אין דעם אוי־גענבליק האָט ער געמיינט, אז ער האָסט און פעראכטעט פרוי בראָזע, און ווייטער האָט ער געזעדט צו זיך אליין: איז דען דאָ עטוואָס ערגערעס, ווי מענשען צווישען זיך? אַלעס פערוואונדען זיי אין איינעם. נור אין זיך אליין געפינט מען די אמת'ע שטיצע. נור אין דער איינזאמקייט געפינט מען א האפען. אַלעס אנדערע איז א ליגען פון סאמע גרונד. אַלעס אנדערע?

א ביטערע פערצווייפלונג האָט איהם ערגריפען... אַלעס אנ־דערע?

און נאָך ערגער האָט ער עס געהאָט ביי היינזיאוס, ווען ער האָט געבעטען צו זיין דער עדות ביי דער חתונה־צערעמאָניע.

— איהר ווילט פון מיר שפּאַס מאכען — האָט היינזיאוס גע־ענטפערט ביטער, און זיינע גרויסע אויגען, פון וועלכע דער טוידט האָט ארויסגעקוקט, האָבען טיעף געפינקעלט — איך זאָל מיך מיט מיין פערזאָן בעטהייליגען אין אייער געוואלדיגער נארישקייט? ניין, ניין, ליעבער, דערצו קענט איהר מיך ניט ברענגען. אפילו ווען מען איז אן אויבער־מענש, בעגעהט מען ניט אזעלכע פערברע־כען, ווען מען איז פנים אל פנים מיט'ן טוידט.

דיזע ווערטער האָבען טהאָמאַס'ען ווילד געמאכט. ער האָט פערלאָרען דאָס לעצטע ביסעל פון זיין זעלבסטבעהערשענדער קראפט. ער האָט שטארק זיך געביסען די ליפּ... ער האָט גע־קעמפּפט מיט זיך אליין.... ער האָט געוואָלט רעדען, אָבער די ווער־טער זיינען איהם געבליבען שטעקען אין האלז, אזוי ווי זיי וואָלטען זיך אָנגעשטויסען אָן שטערונגען, וועלכע מען קען גאָר ניט בייקומען.

די אנדערע האָבען מורא געקראָגען און זיי האָבען זיך פיעל רוהיגער אָנגעהויבען פיהלען, ווען ער האָט ענדליך געפונען ווער־טער פאר זיין צאָרן:

— זיינט איהר דען משוגע געוואָרען? בין איך דען א קינד,

ווּעמען איהר ווילט עס פיהרען? ווילט איהר, פרייע מענשען, בינדען מיך? ער האָט זיך הילפלאָז ארומגעקוקט — ווען איך וואָלט נור געוואוסט, וואָס איהר דענקט זיך דערביי — האָט ער קוים ארויסגע־בראכט, אָנשפּארענדיג זיך אָן דעם רוקען פון א שטוהל. ער האָט געפיהלט זוי אומצופאַלען. און ווען קיינער האָט איהם ניט געענט־פערט, האָט זיך ארויסגעריסען פון איהם:

— טרויט איהר מיר דען ניט צו די פעראנטוואָרטליכקייט פון מיינע אייגענע האנדלונגען? איז דאָס די גאנצע אכטונג, וואָס איהר האָט צו מיר?

היינזיאוס האָט איהם אָנגעקוקט מיט רחמנות און האָט גע־ענטפערט:

— איהר זיינט אין פיבער; איהר ווילט דורכאויס עסען א מאכל, וואָס איז גיפטיג.

טהאָמאָס'ען איז פאָרגעקומען, דאָס ער איז פון זיינע פריינד שענדליך פעררעטהען און פערקויפט געוואָרען. און ער האָט זיך גאָר ניט בעסער געפיהלט, ווען ער האָט ענדליך געקראָגען הילפע דאָרט, פון וואנען ער האָט עס אם וויינינגסטען ערוואַרטעט.

— איך האלט אייך אלע פאר אונפעראנטוואָרטליך און נאריש — האָט מעכאניקער פרינגרעל געזאָגט — מען קען ניט און מען דארף ניט קיינעם שטערען צו לויפען אין זיין אונגליק. וואָס געהט עס אייך אָן? אויסער דעם, זעה איך גאָר ניט איין, ווארום איהר מוזט האָבען רעכט. און ענדליך — האָט ער צוגעלייגט גאנץ געהיימניס־פאָל — פיליייכט קען איהם גאָר ניט טרעפען קיין גרעסערער גליק, ווי דיזער אונגליק זיינער.

די לעצטע ווערטער האָט קיינער ניט פערשטאַנען.

טהאָמאָס האָט איהם אויסגעהערט מיט פערצווייפעלטער אויפ־מערקזאמקייט. וואָס מיינט ער מיט די לעצטע ווערטער? האָט ער זיך געפרעגט. אָבער באלד האָט ער זיך א פיהר געטהאָן מיט'ן האנד איבער זיין שטערען. ער האָט זיי אלע אָנגעקוקט, ווי דאָס איז געוועזן זיין שטייגער, פאר א גאנצע מינוט גאנץ רוהיג, וועהרענד ויינע מויל־ווינקלען זיינען געוואָרען שלאַף און פערביטערט.

ער האָט פּרובירט עטליכע מאָל צו ענטפערען, אָבער יעדעס מאָל האָט ער ארונטערגעשלונגען די ווערטער. מיט א מאָל האָט ער א

שמייכעל געטהאָן, האָט אויפגעבליקט צו זיי און האָט געזאָגט לאנגזאם:

— א דאנק אייך פאר אייער גליק־וואונש.

דאן האָט ער געכאפּט שנעל דעם הוט און איז אוועק.

אָט דאָס איז געוועזן טהאָמאס טרוק'ס פערלאָבונג.

.26

עס איז געוועזן א זעהר שטילע חתונה, ביי וועלכער עס זיינען געוועזן נור אבראהאם געבהארד און מעבאניקער פרינדעל, אלס עדות און געסט.

די חתונה־מאָהלצייט האָבען זיי געהאט אין א קליינעם רעס־טאָראן. דער ווירטה האָט פאר זיי אָבגעגעבען א בעזונדערען קליי־נעם צימער, אין וועלכען עס איז געשטאנען אן אלטע, צושרויפּטע פּיאנאָ.

דער מוזיקער האָט א ביסעל געשפּיעלט לכבוד דער שמחה, דער מעכאניקער האָט אָנגעגאָסען אין די גלעזער קלאָרען וויין און האָט געהאלטען דערביי אזא מין רעדע:

— איך בין צוגאסט אויף א שמחה, וועלכע איך האָב געהאל־טען פון אימער אָן פאר אן אונגליק. איך האלט עס פאר א חוצפּה, ווען צוויי מענשען קייטלען זיך אָן איינער אָן צווייטען. אָבער דיזע געוואלדיגע דומהייט איז אזוי אָפט געמאכט געוואָרען, דאָס זי איז כמעט אזוי אלט, ווי די ערשטע זינד. איך גלויב און האָף, דאָס דאָ נעהמען אויף זיך צוויי פרייע מענשען א צוואנג, וועלכען זיי ווע־לען נור אזוי לאנג טראָגען, אזוי לאנג ווי ער וועט ניט זיין פאר זיי קיין צוואנג. דער העכסטער געזעץ אין אייער פעראייניגונג דארף זיין די פרייהייט. און אויף דעם הויב איך אויף מיין גלאָז און טרינק די געזונדהייט פון טהאָמאס טרוק און פרוי.

די רעדע האָט אויסגעדרוכט צו זיין טאקטלאָז, ניט פּאסענד פאר דיזע געלעגענהייט. מען האָט געטרונקען דעם וויין, און דער מוזי־קער האָט נאָך צוגעלייגט די ווערטער: „אויף די פרייד פון אונזער פּאָר.“

קאטהערינא דירקענס האָט די גאנצע צייט פּעסט געהאלטען די

האנד פון טהאָמאַס, אזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט, דאָס אימיצער קען נאָך איהם צונעהמען פון איהר. פאַר דעם האָט זי געציטערט די גאַנצע צייט. איהר באַלעבאָסטע האָט איהר געמוזט אָבענד פאַר אָבענד קאָרטען ווארפען. זי האָט זיך ערשט בערוהיגט, ווען ער האָט אין געריכט אונטערגעשריבען זיין נאָמען.

די געסט האָבען שנעל אָבשיעד גענומען, און די יונגע פּאָר פּאָלק איז אוועק לאַנגזאַם און פול מיט ערוואַרטונגען צו זייער וואָוינונג. עס איז געווען די אַלטע סאַלקע, אין וועלכער זיי האָבען גערעכענט געמיינזאַם צו לעבען.

אָבער אַן איבערראַשונג האָבען זיי דאָך געהאַט ביין אריינקור־מען. די אריינגאַנגס־טיר איז געווען רייך מיט בלומען בעקרענצט און טהאָמאַס'עס אייגענער צימער איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין א גאָרטען. אויף דעם שרייב־טיש זיינען געשטאַנען אַלס חתונה־מתנה פון דער גרופּפּע „נאַכטליכט“ צוויי ביוסטען.

— ווער איז דען דאָס ? — האָט קאַטהערינאַ געפרעגט.

און טהאָמאַס האָט געענטפערט שטאַרק בעוועגט:

— געטהע.

— הם, און דער דאָ ?

— סאָקראַטעס.

— סאָקראַטעס ? — ווער איז דער געווען ?

— א הייליגער — האָט ער געענטפערט, טיעף טראַכטענדיג.

אויף דעם האָט זי קיין וואָרט ניט געענטפערט. און ער האָט אויך ניט געזעהען, דאָס איהרע ליפּען האָבען זיך אויסגעקרימט מיט א מינע פון חוזק.

דער געלעגער פון טהאָמאַס טרוק איז נאָך, ווי פריהער, גע־בליבען די סאָפאַ; פאַר זיין פרוי האָט ער איבערגעלאָזען די בעט, אין וועלכער היינזיאוס האָט פאַר דעם אויסגעשטרעקט זיינע קראַנ־קע, אָבשטאַרבענדע גליעדער.

אין דיזער ענגער, נידריגער סאַלקע, וואו ער האָט דורכגע־מאַכט אזוי פיעל שטורם און דראַנג, דאָ, ביי זיין אַלטער און אָבגע־שטומפּפטער באַלעבאָסטע, וועלכע האָט איהם שוין מעהר ניט גע־קאָנט פערשטעהן — דאָ זאָל וואַקסען זיין גליק, אַלס מאַן...

דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון זיין לאַנגען טרוימען.

.27

דרויסען פון הויז איז באלד ארויסגעהאנגען געוואָרען א שילד, וועלכער האָט אָנגעצייגט דעם עולם, אז אין הויז וואוינט א געוויסער מאן מיט'ן נאָמען טרוק, וועלכער איז א פּראקטיצירענדער ארצט.

דעם עקזאמען אויף דעם טיטעל דאָקטאָר האָט ער ניט געמאכט. ער האָט געהאסט דעם טיטעל. א חוץ דעם, האָט ער דערצו בעדארפט האָבען מעהר געלד. און דאָס געלד, האָט ער גערעכענט, קען געברויכט ווערען אויף עטוואָס בילכערעס ווי אויף א פּוסטען טיטעל.

זי האָט זיך שטאַרק געערגערט איבער דעם. „פרוי דאָקטאָר" קלינגט דאָך אזוי שעהן.

ער האָט זיך נור אויסגעלאכט פון איהר. איהם איז געווען אין גאנצען פרעמד דער געפיהל פון גאוה.

דער שילד איז געהאנגען, אָבער די קראנקע האָבען זיך געמאכט ניט וויסענדיג פון דעם נייעם דאָקטאָר. וואָס מוז עס זיין פאר א דאָקטאָר, וועלכער, ערגעץ אויפ'ן פערטען פלאָר, אין ענגען צימער, וואָס איז שלאָפצימער און זאל צוזאמען, ווארט דאָרט אויף פאציענטען!

פאר די בעזוכענדע פאציענטען האָט איהם זיין ווירטהין געלאָזט בענוצען דעם בעטינא־צימער, אָבער וואָס איז די פּעולה, אז די פאציענטען האָבען זיך ניט געוויזען?

מיט זיינע פריינד איז ער איצט זעלטענער צוזאמענגעקומען. איצט, אז אלץ איז שוין געווען פאָראיבער, איצט ערשט האָט ער זיך געפיהלט טוידט־מיעד. ער איז זיך פאָרגעקומען אזוי צובראָכען. אזוי מיעד. מאנכעס מאל זיינען איהם צוגעפאלען די אויגען אין מיטען דער ארבייט. דאָס לעבען איז געווען אזוי שווער פאר איהם, און דערצו נאָך אזוי נייע, אזוי גאנץ אנדערש.

ער האָט געלעבט נור טראַכטענדיג וועגען איהר. ער האָט איהר געוואָלט געבען רוה און א ריינעם לעבען. אונטער זיינע הענד זאָל זי אויפס־ניי געבאָרען ווערען. נאַטירליך, איז פאר איהם דער פערהייראַטהער לעבען געווען עטוואָס, אָן וואָס ער האָט זיך נור

שווער און לאנגזאם געקאָנט צוגעוואוינען. ווען זי איז שוין לאנג געשלאָפען, און ער איז נאָך געלעגען מיט אָפענע אויגען, האָבען איהם בעהערשט פערשיעדענע צווייפעל און זאָרג.

וועגען דעם האָט ביי איהם קיין ספק ניט געקאָנט זיין, דאָס זייערע נאטורען זיינען געווען גרונד־פערשיעדען. און דאָך האָט ער עס ניט געטאָרט ארויסווייזען, ווי איהר ארט פיהלען, און זאָגאר איהרע תנועות זיינען איהם צו־ווידער. אלע פּראָבלעמען זיינען פאר איהם געווען אין דער וועלט פון גייסט. ער האָט געפיהלט, דאָס ער איז ליידענשאפטספול און לעבענס־לוסטיג, אָבער דורך זיין גאנצען וועזען איז דורכגעגאנגען א שטריך פון בעהערשען זיך און פון פערדעלען זיך. עס האָט געלעבט אין איהם א דראנג נאָך די הויכקייט פון די בערג.

און אין דעם האָט זי איהם ניט פערשטאנען. זי האָט איבערהויפּט ניט פערשטאנען, וואָס ער טהוט. צו וואָס טויגען איהם דיזע אלע נוצלאָזע שרייבערייען, ביי וואָס ער האָט צוגעלייגט זיין גאנצעס געלד? זיי האָבען איהם גאָר ניט איינגעטראָגען, און האָבען איהם נור דאָס לעבען פערביטערט. זי האָט אָנגעהויבען בוי־ערען אין איהם, אז ער זאָל אויפהערען זיך א קאָפּ פערדרעהען מיט דיזע נארישקייטען.

— דאָס זיינען אלץ הונגער־ליידער — האָט זי געמורמעלט בייז — און דו מוזט זיך בעפרייען פון זיי. דו מוזט זעהען קריגען א ריכטיגע פּראקטיס, אז ניט, וועט אויך ביי אונז אימער דער דלות פייפען.

ער האָט זי אָנגעקוקט ערשטוינט. ער האָט איהר ערקלעהרט, דאָס עס איז גאָר ניט זיין אבזיכט צו ווערען אַן ערפאָלגרייכער דאָקטאָר מיט א פּראקטיק; דאָס האָט ער נור געענדיגט זיין שטודיום, אום ער זאָל ווען־עס־איז דאָס קענען בענוצען פאר א לע־בען צו מאכען, אָבער ער איז ענטשלאָסען אָבצוגעבען זיין גאנצען לעבען פאר א פּריוואַטליכען אידעאַל.

זי האָט איהם רוהיג אויסגעהערט, אָבער ווען ער האָט געענ־דיגט, האָט זי צו איהם געזאָגט גאנץ טרוקען:

— האָב ניט קיין פּאראיבעל אויף מיך, אָבער דאָס איז דאָך אלעס אונזין.

דיזער וואָרט האָט איהם געטראָפען פּונקט ווי אימיצער וואָלט איהם א שמיץ געטהאָן מיט א בייטש. ער האָט עס לאַנג ניט גע־קאָנט פערגעסען.

ער האָט געזוכט צו איבערצייגען זי מיט גוטען. ער האָט אָנ־געווענדעט אַלע פריינדליכע מיטעל, אום זי זאָל אָנהויבען איהם פערשטעהן, און זאָל אַליין פון זיך קומען צו געוויסע אידעען און שטרעבונגען.

זי אָבער האָט זיך ניט געריהרט. זי איז געווען שטאַרק אויפ־געבראַכט, דאָס ער וויל איהר ניט פאָלגען.

ער אַליין איז געוואָרען אין כעס אויף זיך, ווען ער האָט גע־פיהלט, ווי ער פערלירט די געדולד מיט איהר. ווי האָט ער גע־קאָנט אזעלכעס פערלאַנגען פון איהר? און ער האָט זיך אַלץ מעהר אָנגעשטרענגט צו זיין גוט און נאָכזיכטיג מיט איהר. זי מוז בע־האַנדעלט ווערען, ווי א יונגע פּלאַנצע, וועלכע איז געווען שוין נאָ־הענט צום אונטערגאַנג און וועלכע דער גערטנער נעהמט אויף און ארבייט אונערמידליך, אום עס צוריק צום לעבען צו ברענגען.

ער האָט ניט בעמערקט איהר שלעכט־פערבעהאַלטענעם כעס.

אַנשטאָט דעם, דאָס זי זאָל עס א מאָל האָבען אזוי גוט, ווי די אַנדערע, איז זי גאָר אריינגעפאַלען אין צרות און אָרעמקייט. און ווער איז שולדיג? ער מיט זיין פער'עקשן'טקייט. ער דאַרף דאָך נור ווילען, און עס וואָלט גאַנץ אַנדערש געוואָרען. זי האָט איהם געשאָלטען אינערליך. ער האָט אויסגעזעהען אזוי קאָמיש אין איה־רע אויגען. פלעגט איהם אַלץ פערגלייכען מיט דעם אַנדערען, וועל־כער האָט איהר אימער אזא טרייסעל געטהאָן מיט זיינע ברייטע בויערן־הענד, ווען זי האָט געוואָלט איהם נעגען. דיזער האָט דאָך גאָר קיין ביינער ניט, האָט זי געטראַכט פול מיט חוזק. און גאָר אָפט האָט זי זיך געמאַטערט צו פערשטעהן, וואָס פאַר א מין בריאה דאָס איז איהר מאַן.

זיינע פריינד, די מיטאַרבייטער פון „פעסטזאַל“, האָבען איהר געהאַסט פון גאַנצען האַרצען. זי איז געווען אויסער זיך, ווען טהאָמאַס פלעגט אוועקגעהן צו די רעדאַקציאָנס־מיטינגען, וועלכע האָבען זייט זיין פערהייראַטהונג שטאַטגעפונען ביי פרוי בראַזע.

ווען ער איז איין אָבענד געקומען צוריק אהיים, האָט ער זי נים געפונען.

ער האָט געוואַרט, אום צוזאמען מיט איהר עסען דעם קארגען סאפּער.

ער האָט געוואַרט — און זי איז ניטאָ.

עס איז געוואָרען אַלץ מעהר שפּעט.

ער האָט אָנגעהויבען צו שרעקען זיך.

ער האָט אָנגעצונדען אַ לאָמפּ, און האָט זיך איבערגעגעבען צו זיינע געדאַנקען. עס איז איהם געווען אזוי שווער אויפ'ן הארצען; דאָס קעמפּפען איז איהם געוואָרען אַלץ שווערער און שווערער און דערצו די זאָרג פאר'ן שטיקעל ברויט. ער אַליין האָט געקאָנט הונ־גערען, פאַר איהם מאַכט עס ניט אויס. פאַר איהם איז געווען עטוואָס אַנדערעס, וואָס האָט איהם אזוי טיעף אראָבגעדריקט — אָבער די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר איהר!

נור דורך די באָבע ליערס האָט ער געהאַט אַ ביסעל פּראַקסיס. וואו זי האָט נור געקאָנט, האָט זי איהם נאַראיעט פּאַציענטען. און צו די ארבייט־ביטערע טעג זיינען נאָך אָפּט צוגעקומען די נעכט, וועלכע ער האָט פערבראַכט וואַכענדיג, צוזאמען מיט דער הייבאַמע.

אין די מייסטע פעלע זיינען עס געווען קבצנים, פון וועלכע ער האָט זיך געשעהמט צו נעהמען זאָגאַר אַ גראָשען, האָטש פרוי ליערס האָט איהם געמאַכט פאָרווירפע פאַר דאָס, און וואָס זי איז ניט גע־ווען בעסער פאַר איהם.

שטונדענלאַנג פלעגט ער אָבזיצען מיט איהר ביין בעט.

די הייבאַמע האָט געקוקט טרויעריג אין די פוסטקייט און גע־אַכטעט זיין שווייגען. דיזע דיקע פרוי וואָלט זיך גיכער דעם צונג אָבגעביסען, איידער זי זאָל איהם אַ פראַגע שטעלען.

איינמאָל האָט ער צו איהר געזאָגט נאָך אַ לאַנגען טראַכטען.

— ליערס, וואָס איז עס פאַר אַ פערברעכען צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט? פון וואַנען נעהמען מענשען דעם מוטה דערצו? איך קען עס ניט בעגרייפען.

פרוי ליערס האָט פערשטאַנען די קונסט זיך צוצוהערען, און האָט אַ וואָרט ניט געענטפערט.

ער האָט געוואוסט, דאָס אַלע זיינען שטאַרק ערשטוינט איבער

זיין שווייגעדיגקייט אין דער לעצטער צייט. און איצט, אין דיזער שטונדע פון ביטערער איינזאמקייט, האָט ער זיך מודה געווען, דאָס ער האָט זיך אָבגעריסען פון זיינע פריינד.

ער האָט זיך גענומען צוהערען.

איהם האָט זיך אָבגעדוכט, דאָס ער הערט אימיצען געהן... ניין, קיינער ניט.

און ווידער האָט ער זיך פערטראַכט.

אימיצער האָט שטיל אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר.

— אריין!

די באַלעבאָסטע מיט אַ קליין לעמפּעל האָט זיך געוויזען ביים שוועל.

— זאָל איך עפּעס אייך מאַכען צום עסען, הערר דאָקטאָר? אייער פרוי האָט געזאָגט, דאָס זי וועט אפשר קומען שפּעט.

ער האָט קוים געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט, און האָט גע־ענטפערט, אז ער וויל גאָר ניט.

און ווידער איז געוואָרען דונקעל ארום איהם. און אין דער דונקעלהייט איז פאר זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט ארויפגעשוואומען אַ בילד, וואָס האָט איהם געבראַכט גרויסע שמערצען.

ער האָט אויפגעשריען פון וועהטאָג.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן סאָפא, טאָמער וועט ער איינשלאָפען, אָבער קיין שלאָף איז ניט געקומען.

עס איז געוואָרען זעהר שפּעט. עפּעס אַן אונגליק האָט איהר געטראָפען, האָט ער אָנגעהויבען טראַכטען.

און פּלוצלונג האָט ער אויפגעוואָרפען אויף זיך דעם מאַנטעל, האָט אָנגעטהאָן דעם הוט און אין גרויס איילעניש איז ער ארויס־געלאָפען אויפ'ן גאַס.

פאר'ן הויז האָט ער זיך אָבגעשטעלט. וואו זאָל ער לויפען זוכען איהר?

אָבער טאָמער האָט פאַרט עפּעס פּאסירט מיט איהר? ניין, ניין, ניין — האָט ער זיך געענטפערט געפּייניגט.

מיט איינמאָל האָט ער אַ שוידער געטהאָן אין זיין גאַנצען קערפּער.

ער האָט געזעהען אימיצען קומען, א געשטאַלט, וועלכע האָט זיך געשאָקעלט הין און צוריק.... דאָס קען דאָך ניט זיין!

ער איז צוגעגאַנגען מיט גרויסע טריט צו איהר.

א שרעקליכער גערוף האָט געטראָגען פון איהר.

דאָס זיינען גאַלוצינאַציעס! איך חלום! האָט ער גערעדט צו זיך.

— ביסט דו עס? — האָט ער קוים ארויסגעשטאַמעלט.

זי האָט זיך שווער אָנגעהאַנגען אָן זיין אָרעם. ער האָט זי פשוט געמוזט שלעפען. דער שרעקליכער גערוף האָט איהר ניט פערלאָזען.

זי האָט געגעבען נור שבור'ע ענטפערס.

דאַן האָט ער אויפגעהערט צו פרעגען. ער אליין האָט זיך קוים געשלעפּט. ער איז געווען ווי בעטויבט, פונקט ווי אימיצער וואָלט איהם א שליידער געטהאָן צו דער ערד, און אזוי ווי ער וואָלט פערלאָרען דעם בעוואוסטזיין. ער האָט זי ארויפגעשלעפּט אויף די טרעפּ, און שווער אָטהעמענדיג איז ער מיט איהר אריין אין צי־מער. די פענסטער האָט ער אליין געעפענט.

ער האָט זי געבראַכט צו בעט און געזיפצט שווער אין זיך.

דאַן האָט ער פערלאָזען דאָס הויז, ארומלויפענדיג שטונדען־לאַנג איבער די פינסטערע גאַסען.

ערשט, ווען עס האָט אָנגעהויבען טאָגען, איז ער א צושלאָ־גענער אוועק צוריק אהיים.

## 28.

פון יענעם טאָג אָן איז זיין לעבען געווען צושטערט.

עס האָט שוין אָנגעהויבען אָפּט פּאַסירען, אז זי זאָל אזוי אוועק פון הויז, און קומען צוריק שפּעט אין דער נאַכט טוידט־שכור.

אויף אלע זיינע רייד האָט זי געענטפערט מיט א שטומען שמייכעל.

— ווער דו אַנדערש — האָט זי איהם איינמאָל געזאָגט —

דענק פון מיר און זיך, און אפשר וועל איך סוף כל סוף ווערען אנדערש.

אויף זיין פראגע, וואו זי איז געווען, האָט זי געענטפערט:

— ביין מיין באַלעבאָסטע. מיר איז לאַנגווייליג דאָ. איך מוז דאָך אויך ווען פערגעניגען האָבען. איך בין דאָך ניט מעהר ווי א מענש.

דאַן האָט ער אין טיעפער פערצווייפלונג אויפגעגעבען דעם געדאַנק אומצוענדערען איהר.

יעדען גראָשען האָט ער געמוזט פערבעהאַלטען פון איהר. זי פלעגט דורכזוכען זיינע קעשענעס און איהם בע׳גנב׳ענען.

איין טאָג איז ער אַוועק צו איהר אמאָליגער באַלעבאָסטע. ער האָט געוואָלט איצט אַלעס וויסען.

די פרוי האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס עניוות.

שטאַמלענדיג, בעגיסענדיג זיך מיט בלוט פון שאַנדע, האָט ער אַנגעהויבען שטעלען פראַגען.

די ווירטהין האָט איהם גלייכגילטיג אויסגעהערט.

— אך — האָט זי געזאָגט ארויפלייגענדיג די הענד אויף די קניע — דאָס איז דאָך אַן אַלטע געשיכטע, זי קען ניט אויפגעבען דאָס טרינקען. זי דאַרף נור דערשמעקען דעם ריח פון שנאַפּס, און זי קען עס מעהר ניט אויסהאַלטען. ניט איין גראָשען האָט די מיידעל געקאָנט אָבשפּאָרען. דאָס איז איהר נאָך איבערגעבליבען פון איהר אונגליק. דאמאָלס האָט זי זיך געצוואונגען דערצו — האָט די באַלעבאָסטע צוגעלייגט, אַלס אַן ענטשולדיגונג פאַר איהר.

— ווי אזוי האָט זי דאַן געקאָנט ארבייטען?

ער האָט ניט געוואַגט צו קוקען דער ווירטהין גלייך אין די אויגען.

— ווייסט איהר, אזוי ווייט ווי איצט, האָט זי דאַן ניט גע־טריבען. זי האָט עס אויך ניט געקאָנט. אויך האָט זי דערפאַר א פּאָר מאָל איהר שטעלע פערלאָרען. אָבער זי איז זעהר א גוטע ארבייטערין; ווען זי איז ניכטער, ארבייט זי פאַר צוויי. אַזאַ איינע געפינט אימער ארבייט. איבעריגעס, מאָנטאַגס איז זי קיינ־מאָל צו דער ארבייט ניט געגאַנגען.

טהאָמאַס האָט איצט געוואוסט גענוג. עס איז געווען נור איין

מיטעל נאָך. זי מוז וויעדער האָבען א בעשטימטע בעשעפטיגונג, וועלכע זאָל איהר צוריקהאַלטען פון איהר שכור'ען.

ער איז געקומען אהיים, און האָט איהר ערקלערט אין קורצע טרוקענע ווערטער, דאָס זי מוז זיך וויעדער זוכען ארבייט, אום צו העלפען דער הוצאה.

— אונטער קיינע אומשטענדען! אָט דערצו האָב איך עס חתונה געהאַט?

א געפיהל פון עקעל האָט איהם דורכגענומען. ער האָט גע־מוזט זיך אָבקעהרען פון איהר. ער האָט נאָך געהערט, ווי זי האָט געלאַכט הינטער איהם.

ארבייטען.... ארבייטען און פערגעסען.

ער האָט געזוכט א בוך. ער האָט עס אָבער ניט געקענט געפינען. האָט ער גענומען זוכען אַן אַנדער בוך, אָבער אויך דער איז ניטאָ אויף דעם אַלטען פּלאַץ.

ער האָט זיך שנעל אומגעדרעהט צו איהר.

— וואו זיינער די ביכער? — האָט ער געפרעגט מיט א פער־שטיקטער שטימע.

זיין מינע האָט אָבער געהאַט זאָ־וואָס שרעקליכעס און סטראַ־שענדעס, ווי זי האָט עס נאָך קיינמאָל געזעהן ביי איהם.

זי האָט אין שרעק זיך אָבגערוקט אויף א פּאָר טריט.

ער איז צו איהר צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט:

— וואו זיינען די ביכער?

עס איז איהם געוואָרען אייז־קאַלט אין יעדען גליעד, אויס־ציהענדיג יעדעס וואָרט. זי האָט זיך איינגעבויגען און געקריממט זיך ווי א קאַץ; און עס האָט זיך איהם איצט געדוכט, אַז זי האָט ווירקליך דאָס געזיכט פון א קאַץ.

זי האָט ניט געקענט אַריבערטראָגען זיין בליק, און זי האָט ארויסגעשטאַמעלט:

— איך האָב זיי... איך האָב זיי — פערזעצט.

א שרעקליכער צאָרן האָט איהם אָנגעפילט.

ער האָט אויפגעהויבען ביידע קולאַקעס, און האָט געוואָלט זיך א וואָרף טהאָן אויף איהר. זי האָט זיך נאָך מעהר צוזאַמענגע־דרעהט, קוקענדיג אויף איהם מיט צושראָקענע אויגען.

אבער אין דעם אויגענבליק, ווען ער האט זי געוואלט שלאגען, זיינען ביי איהם די אָרעמס שלאף אראבגעזונקען.

ער איז צוזאמענגעבראכען אויף דעם דערביישטעהענדען שטוהל, האט אריינגעליגט זיין געזיכט אין די הענד און זיך צואוויינט.

זי האט טיעף אויפגעאטהעמט.

דאן האט זי פערליגט די הענד איבער'ן בוזעם און האט איהם אנגעקוקט גלייכמוטהיג.

אין דיזער שטונדע האט זי פערלארען צו איהם איהר גאנצען רעספעקט. אנשטאט איהר צו שלאגען, האט ער גאר געוויינט.

.29

ער איז געזעסען אין א קאפע־הויז און האט געוואלט צייטונגען לעזען. די אותיות האבען געטאנצט פאר זיינע אויגען. קיין ווארט האט ער ניט געקענט איבערלייענען.

אום גאטעס ווילען, האט א שטימע גערופען אין איהם, דו מוזט דענקען קלאהר! דו מוזט דיך צוזאמענעהמען... נור ניט פערלירען דעם פערשטאנד... נור ניט לאזען זיך צוברעכען.

ער האט זיך אויפגעהויבען, אויסגעגלייכט, האט ארויסגענומען פון קעשענע א נאטיץ־ביכעל און האט געבלעטערט אין איהם א ווײַלע.

דאן האט ער אויפגעמישט א זייטעל, וואס איז געווען נאך ניט פערשריבען, האט גענומען די בלייפעדער, און האט פאלגענדעס פערצייכענט:

„מעג א קראנקער בעהאנדלען קראנקע? ווער איז נאך אזוי קראנק, ווי איך? איך זעה קלאהר און דייטליך, דאס מיין לעבענס־גליק איז צושטערט. איך ענטזאג זיך פון יעדער פרעטענזיע אויף גליק. איך בעגראב אלע מיינע לעבענס־האפנונגען. קען מען אזוי לעבען? קען מען? איך מוז — מוז — מוז! איך בין ניט דערצו דא, אום צו זיין גליקליך. ט. ט.“

— נו, דאס איז מיין טוידטען־שיין.

און מיט אויסגעלאשענע אויגען האט ער עלענד געשמייכעלט. זיין מאגערער פנים איז פלוצלונג בעגאסען געווארען מיט בלוט.

הערר גאָט, האָט ער געשטאַמעלט, ווען איך זאָל קריגען אַ זוהן פון דיעזער פרוי!

און דער געדאַנק האָט איהם פערפאָלגט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ער האָט געזעהן קאַטהערינע'ס שאָטענבילד, ווי עס בויגט זיך אַריבער צו איהם און שושקעט איהם אין אויער ווערטער פול מיט חוזק און שפּאָט. און דער שאָטען האָט געהאַט אַ פּנים. איהם האָט געשווינדערט פון דיעזען פּנים...

ניין, ניין, דאָס איז ניט געוועזן זי...

אַלעס איז געוועזן נור איינבילדונג און משוגענע פאָרשטעלונג.

די קאָלדרע איז געלעגען רוהיג. קיין זאַך האָט זיך ניט בע־וועגט... אָבער ניין... דאָ... דאָ און אָט ווידער...

ער האָט געציטערט און האָט זיך איבערגעקעהרט אויף די אַנדערע זייט. ער האָט איבערגעצויגען די קאָלדרע איבער'ן קאָפּ, אום גאָר ניט צו זעהן.

און דאָ האָבען אָנגעהויבען ווייזען זיך מגושם'דיגע געשטאַל־טען. וואָס איז עס שו ן ווידער? וואָס ווילען דען דיעזע? אַ גאַנצער קאָרטענשפּיעל: אָט קומט צו איהם קעניג קרייץ, אָט די טויז, אָט די צעהנטעל, אָט דאַמע שעל, און אַזוי אין אַ לאַנגער פּראָצעסיע די אַלע איבעריגע קאָרטען־געשטאַלטען.

פרעהליך און פול מיט ווירדע, ווי ביי אַ לויה, האָבען זיי זיך בעוועגט.

אַ משוגענער שרעק האָט איהם אָנגעכאַפּט. איך בין דאָך האַלב משוגע, האָט ער צו זיך גערעדט.

ער האָט אַ שליידער געטהאָן די קישען פון זיך, האָט אין דער הויך אויסגערופען איהר נאָמען און האָט זי געוועקט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט פערשלאָפענע אויגען. דאָס ליכט האָט זיך אונרוהיג בעוועגט אין זיין ציטערענדער האַנד.

— דו... דו... — האָט ער אַרויסגעשטאַמעלט מיט הכנעה — דו מוזט אַנדערש ווערען... דאָס דאַרף ניט, דאָס קען ניט זיין דער ביז.

אָבער זי האָט איהם ניט געהערט. זי איז שוין ווידער גע־לעגען אויף דער אַנדערער זייט, און איז געשלאָפען.

לאַנג, לאַנג האָט ער זי בעטראַכט.

ער איז אוועק צו זיין געלעגער.

אָבער דער שלאָף איז ניט געקומען.

מאָדנע געשטאַלטען זיינען פארבייגעגאַנגען און האָבען גע־מורמעלט צו איהם גאַנץ אונפערשטענדליכע ווערטער, אזוי ווי זיי וואָלטען געקומען פון זעהר ווייט, ווייט.

גאָט, איצט וועל איך פון טאַמאַראַ דענקען, און אַלץ וועט גוט זיין... טאַמאַראַ, העלף מיר! זיינע ליפּען האָבען זיך בעוועגט, ווי אין אַ געבעט. טאַמאַראַ! טאַמאַראַ, האָט ער ווידערהאָלט, און עס האָבען אין איהם ערוואַכט ערינערונגען פון די שוין לאַנג פער־געסענע צייטען.

ער האָט געוויינט.

שעהם זיך, טהאָמאַס! בעהערש זיך דאָך, גרויסער בחור! אָט אַזוי ווילסטו עס זיין אַ מאַן?

ווארום האָב איך זי געהייראַטה אזוי האַסטיג? ער האָט זיך אין דיעזער נאַכט דעם קאָפּ צובראָכען איבער דעם. ער האָט גע־וואָלט זיין דאַמאָלסדיגען האַנדלען צוגליעדערען אין זיינע קלענסטע טהיילכעלעך... איך האָב געמיינט, איך וועל קענען פון איהר אַ מענשען מאַכען. איז דאָס נור געווען רחמנות, גוטסקייט און די משוגעת צו זיין אַן ערלייזער?

ער האָט זיך טיעף איינגעגראָבען אין קישען, האָט צונויפגע־דריקט די צייהן און פעסט צוגעמאַכט די אויגען.

אַן אונגליקליכער געדאַנק איז איהם אריין אין קאָפּ. איהם האָט זיך אָבגעדוכט, אַז זי האָט אַן עהנליכקייט מיט זיין שטיפ־מוטער... סוף כל סוף איז עס ניט געווען קיין אַנדער זאַך ווי די, וואָס האָט פּאַסירט מיט זיין טאַטען. איך האָב דעם טאַטענס בלוט אין זיך, האָט ער געטראַכט, און געוויינט אין זיך.

טאַמאַראַ, העלף מיר!

און פּלוצלונג איז פאַר איהם געשטאַנען בעטינאַ מיט פּער־לייגטע הענד און וויינענדיגע אויגען. זי איז געווען געקליידעט אין ווייס, און איהרע אויגען האָבען געוויינט אזוי, ווי ער האָט זיי קיינמאָל ניט געזעהן וויינענדיג.

איך קען ניט מעהר... איך קען ניט.

דער קערפּער איז איהם ווי פּערגליווערט געוואָרען, אזוי ווי דאָס לעבען און בעוועגונג וואָלטען איהם פערלאָזען.

ווען די נאַכט וואָלט כאָטש באַלד פאַראיבער, האָט ער געשריען אין זיין גרויסען פּיין.

וואָס איז שוין ווידער? ער האָט געהערט שטימען, געזעהן געזיכטער, דער שוויים פון שרעק איז ארויסגעטראָטען אויף זיין גאַנצען קערפּער.

עס איז קלאָהר, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין, אז איך בין אויסער זיך. איך בין עלענד... עלענד און קראַנק. טהאָמאַס, דו מוזט זיך צוזאַמעננעהמען!

ער האָט שטאַרק צונויפגעדריקט די פויסטען. די שרעקען זיינען געוואָרען אַלץ גרעסער.

ער איז ווידער אויפגעשפּאַנען און האָט אָנגעצונדען א ליכט.

ער האָט א קוק געטהאָן אונטער'ן בעט, אויב אימיצער האָט זיך ניט פערבעהאַלטען.

ניין, קיינער ניטאָ. דאָס האָט אָבער איהם נאָך ניט בערוהיגט.

ער איז צוגעגאַנגען אין איין העמד צום טיהר, האָט זי גע־עפענט און האָט גוט אונטערזוכט דעם קאָרידאָר.

— איז אימיצער דאָ? — האָט ער געפרעגט גאַנץ הויך און ער האָט זיך דערשראָקען פאר'ן טאָן פון זיין אייגענער שטימע.

ער האָט ניט געקראָגען קיין ענטפער, און איז ווידער אריין אין צימער.

נאָך א מאָל האָט ער בעטראַכט קאַטהערינען.

רעגעלמעסיג האָט זיך געהויבען און אראָבגעלאָזען איהר ברוסט. זי האָט געשלאָפען, פעסט געשלאָפען און זיך ניט געריהרט.

ער האָט איהר אָנגעקוקט פול מיט האַס.

עטוואָס שווידערליכעס האָט איהם דורכגענומען אין דיעזער שטילקייט.

ער האָט מיט איינמאָל פערשטאַנען, ווי איינער קען ווערען א מערדער. ער האָט פערשטאַנען, ווי א מענש קען דערשטיקען א צווייטען, מאַכען איהם שטום און קאַלט.

אָט אזוי בין איך!

ער האָט אויסגעלאָשען דאָס ליכט און האָט זיך אוועקגעזעצט פאַר'ן טיש.

וואָס האָב איך אייגענטליך געוואָלט?

ער האָט זיך דערמאָהנט, דאָס ער האָט ניט לאַנג פאָלגענדעס געלעזען:

א מענש, זעהר א מילדער פון נאַטור, ריין און לוסטיג, געליעבט פון אַלע זיינע פריינד, האָט זיך אין אַן אונגליקליכער שטונדע פעראייניגט מיט א פרוי, וועלכע האָט טראָפּענווייז געצאַפּט איהם זיין הערצענס־בלוט.

דיעזער מענש האָט זיך אין דעם משך פון אייניגע יאָהר אין גאַנצען געענדערט — ער איז געוואָרען בייז, אומעדיג און פערשלאָסען אין זיך. ער האָט אויסגעמידען יעדען געזעלשאַפטליכען פערקעהר. ער איז געוואָרען אַזוי געענדערט, דאָס זיינע אמאָהליגע פריינד האָבען עס גאָר ניט געקענט גלויבען. זיי האָבען ניט געוואוסט, וואָס איז מיט איהם פאָרגעקומען. ערשט שפּעטער זאָל אַלעס פאַר זיי קלאָר ווערען.

איין נאַכט האָט דיעזער מאַן אויסגעפיהרט א זעהר גוט־איבערלייגטען מאָרד אויף דיעזער פרוי. נאָכדעם ווי ער האָט איהר ערמאָרדעט און צושניטען אויף א שרעקליכען אופן, איז ער מעהרערע שטונדען געזעסען לעבען דעם צושטיקעלטען קערפּער. דאַן האָט ער גענומען א וואַנע, האָט זיך איבערגעטהאָן פרישע וועש און קליידער, און האָט זיך פיין אויסגעפּוצט. ווען ער איז דערמיט פערטיג געוואָרען, האָט ער פערשלאָסען זיין וואוינונג און איז אוועק צו זיינע פריינד, וועלכע, לויט ער האָט געוואוסט, האָבען געהאַט יענעם טאָג זייער רעגולערען מיטינג. אַלע זיינען געוועזען שטאַרק ערשטוינט איבער זיין קומען. שוין מעהר ווי א יאָהר, דאָס ער האָט זיך ניט געלאָזט זעהן. אָבער ער האָט זיי נאָך מעהר איבערראַשט מיט זיין לוסטיגקייט. אין זיינע בעסטע צייטען איז ער לוסטיגער ניט געווען. פאַר יעדען האָט ער געהאַט א פריינדליכען וואָרט. ער האָט געלויבט די שפּייזען און דעם וויין. מיט יעדען האָט ער בעזונדער געטרונקען, געדריקט די האַנד און געזאָגט איהם עטוואָס פריינדליכעס. ביז בעגינען האָט מען פערבראַכט. דאַן איז ער פאָלקאָם רוהיג אוועק אין פּאָליס־סטיישאָן און דערצעהלט

דעם פערשלאָפענעם בעאמטען, דאָס ער האָט אין דיעזער נאַכט ערמאָרדעט זיין פרוי. דאָס האָט ער דערצעהלט אין א קיהלען, געשעפטסמעסיגען טאָן, אזוי ווי דאָס וואָלט געווען עטוואָס גאַנץ געוועהנליכעס. דער פאָליסמאַן האָט אָנפאַנגס געגלויבט, אז ער האָט דאָ פאַר זיך א משוגענעם. ערשט, ווען יענער האָט אויס־דריקליך איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זיין פליכט, איז ער געוואָרען א ביסעל מסופק.

אין דער צייט פון פראָצעס איז דער מאַן געבליבען פאָלשטענ־דיג רוהיג, קאַלטבלוטיג און לוסטיג. זיין אַדוואָקאַט און די מע־דיצינישע עקספערטען האָבען איהם ערקלעהרט פאַר איינעם, וואָס איז אין א געוויסען פרט משוגע, און זיי האָבען בעוויזען, דאָס ער האָט בעגאַנגען זיין שוידערליכען טהאַט אונטער שרעקליכע צוואַנגס־פאָרשטעלונגען. זיי האָבען פערלאַנגט, אז מען זאָל איהם אָב־שיקען אין א הויז פאַר גייסטיג־קראַנקע.

נאָך זייער רעדע האָט ער זיך אויפגעהויבען. די צוהערער זיינען טאַקע ממש געהאַנגען אָן זיינע ליפען. ער האָט גערעדט מיט א טיעפען ערנסט און מיט אן איבערלעגטער הייטערקייט. ער האָט גערעדט געגען די עקספערטען און אַדוואָקאַט. ער האָט דער־צעהלט, דאָס אין זיין פערהייראַטהען לעבען האָט ער זיך געפיהלט אָבגעשטאָרבען מיט א לעבעדיגען קערפער; אַלע פראָבען אראָבצו־וואַרפען פון זיך דיעזען יאָך זיינען קלעגליך דורכגעפאַלען. אַלעס געמיינעס און נידריגעס, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געשפירט אין זיך, האָט זיין פערהייראַטהער לעבען ארויסגערופען אין איהם. און אין זיין פינסטערען לעבען האָט ער ענדליך איינגעזעהן, אז איינס פון די ביידע: אָדער ער מוז מאַכען א סוף צו זיין לעבען, אָדער צו איהר לעבען. נאָך א לאַנגע איבערלייגונג האָט ער זיך בע־שלאָסען צו טהאָן דאָס צווייטע, ווייל זי איז דאָך די שולדיגע. און פון דער מינוט אָן, ווי ער האָט געפאַסט דיעזען בעשלוס, איז ער געוואָרען וויעדער רוהיג און לוסטיג, ווי אמאָל. ער האָט עס גע־האַלטען, אלס א גערעכטיגקייטס־פאָדערונג, דאָס ער זאָל זיין פרוי טוידטען נאָכדעם, ווי זי האָט איהם גערויבט פון יעדער מעגליכקייט צו לעבען. ווען עס זאָל איהם קומען א שלאַנג אַנטקעגען, וואָלט ער דאָך גאָר ניט טראַכטען און אויפגעהויבען דעם שטעקען און דעם

קאָפּ איהם צושמעטערט, און קיינער וואָלט ניט געזעהן קיין עולה אין דעם. און ער דענקט, אז אין זיין פאַל איז דער פערגלייך ריכטיג.

אויף די פראַגע פון פרעזידענט, צו ער האָט חרטה, האָט ער געענטפערט מיט א פעסטען: „ניין". ער האָט פערזיכערט, דאָס ביין אנבליק פון דער צוקאַליעטשעטער פרוי איז אויף איהם אָנגע־קומען א געפיהל פון טיעפער פרייד.

נאָך דיעזער רעדע האָבען די עקספערטען און דער אדוואָקאַט ערשט רעכט ערקלעהרט דעם אָנגעקלאָגטען פאַר משוגע. דער אונ־טערשיעד צווישען א געזונדען און א קראַנקען איז דאָך קלאָר אין דיעזען פאַל. אויך א געזונטער מענש וואָלט געקענט אונטער די זעלבע אומשטענדען קומען אויף די זעלבע געדאַנקען; ער וואָלט אָבער קיינמאָל ניט אויסגעפיהרט אזא טהאַט, ווייל זיין מאָראַלישער בעוואוסטזיין, זיין גייסטיגער איך וואָלטען איהם מיט טויזענדע גרינדע אָבגעהאַלטען דערפון. א קראַנקער אָבער, וועלכער ליידעט אונטער צוואַנגס־פאָרשטעלונגען, ווי דער אָנגעקלאָגטער, פיהרט גלייך אוים זיינע געדאַנקען. ער ווייס ניט, ער וויל ניט וויסען, וואָס פאַר אַן אָבגרונד עס עפענט זיך אויף פאַר איהם ביין סוף פון זיין וואַנדערען. דער אָנגעקלאָגטער איז פריינעשפראָכען געוואָרען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט אַן דיעזען אויסערגעוועהנליכען פאַל האָט טהאָמאַס איצט געמוזט דענקען. ער האָט איהם געוואָלט דורכדרינגען אויף יעדע איינצעלהייט. ער האָט אָבער באַלד דערפיהלט ווי זיין קאָפּ טהוט איהם וועה.

ער האָט אָנגעשפּאַרט די עלענבויגענס שווער אויפ'ן טיש, און צווישען די הענד האָט ער אוועקגעלייגט זיין קאָפּ.

ענדליך איז עס געוואָרען רוהיג אין איהם. און ווען ער האָט זיך ווידער אוועקגעלייגט א צובראָכענער אויף זיין געלעגער, איז איהם בעפאַלען א טיעפער שלאָף.

30.

טהאָמאַס האָט פאַר זיינע פריינד קיינמאָל מיט קיין וואָרט זיך ניט בעקלאָגט איבער זיין אונגליק. ניין, דורך זיין קאַלטקייט און

שטארק־איינגעשטודירטע רוהיגקייט, האָט ער זיי גאָר קיינמאָל ניט צוגעלאָזען צו שטעלען איהם וועלכע עס איז פראַגען איבער זיין פערזענליכען לעבען. דאָך האָבען זיי זעהר גוט געוואוסט, וואָס עס פלעגט פּאַרקומען צווישען איהם און זיין פרוי.

איינמאָל האָט פרינדעל געזאָגט צו די איבעריגע פריינד:

— איצט זעהט איהר, וואָס פּאר א שוועכלינג ער איז. ער האָט ניט צומאָל אַזוי פיעל קראַפט אָבצוטרייסלען פון זיך דיעזע פרוי. איך האָב בעדאַרפט זיין אויף זיין פּלאַץ.

דיעזע ווערטער האָט דזשאָזעפא אויפגעכאַפּט.

אין דער לעצטער צייט האָט זי געמאַכט אַלעמען אנגסט מיט איהר אומעדיגקייט און פערשלאָסענהייט. מען האָט געמערקט, אַז עטוואָס געוואַלטיגעס אַרבייט אין איהר. זי האָט קיין אנטהייל ניט גענומען אין קיינע דעבאַטען. זי פלעגט זיך אויפכאַפּען ווי פון שלאָף, ווען אימיצער האָט אָנגעהויבען רעדען צו איהר, און האָט נור געשלונגען מיט איהרע בליקען פרינדעל און די אינגאַלף.

אָבער דיעזע ווערטער פון פרינדעל האָט זי גלייך אויפגעכאַפּט, און האָט געענטפערט:

— יאָ, דו ביזט געוויס ניט אזא מענש, ווי טהאָמאַס טרוק.

דעמזעלבען טאָג איז פרוי בראָזע אוועק צו טהאָמאַסען, און אין געבראָכענע ווערטער האָט זי איהם איבערגעגעבען, וואָס די בעקאַנטע רעדען וועגען איהם, און האָט געענדיגט דערמיט, אַז ער מוז זיך שיידען מיט זיין פרוי, אויב ער וויל אַליין ניט אונטערגעהן.

טהאָמאַס האָט איהר געלאָזט רוהיג אויסרעדען, דאַן האָט ער איהר געענטפערט:

— ליעבע בראָזע, איך דאַנק אייך! דער גאַנג צו מיר איז אייך אודאי געוועזען גענוג ביטער. אָבער נאָך אַלעמען האָט איהר א גרויסען טעות. איך לעב און פיהל מיך אויסגעצייכענט. איך בעט אייך דאָס איבערצוגעבען צו די איבעריגע.

גראַד און שטאָלץ איז ער געשטאַנען פאַר איהר.

די בראָזע האָט זיך אַרונטערגעבויגט, וועלענדיג א קוש טהאָן איהם אין האַנד.

דאַן איז זיין שטימע געוואָרען רויה און ווילד, אַזוי דאָס זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקען.

— נור קיינע קאָמעדיעס, בראָזע! — און עטוואָס מיט א ווייכערען טאָן האָט ער צוגעלייגט: — מיר זיינען דאָך קאמעראַדען, ליעבע בראָזע!

ווען ער איז געבליבען אליין, האָט ער זיך איבערלייגט יעדעס וואָרט, וואָס זי האָט צו איהם געזאָגט.

זיי ווילען מיך אויפרייצען געגען איהר, האָט ער געטראַכט. ניין, קיינמאָל ניט. איך בין און בלייב איהר לעצטע שטיצע. איך וועל אליין מוזען אויפעסען די קאַשע, וואָס איך האָב פערקאָכט.

זיין בליק איז געפאַלען אויפ׳ן בילד פון סאָקראַטעס. דאָ האָט ער געמוזט הויך זיך פונאַנדערלאַכען און א לוסטיגע שטימונג איז געקומען איבער איהם.

וואָס האָט עס איהם געאַרט? ער האָט גרויס געדענקט! איז גרויס געשטאָרבען! אָה, וואָס פאר א גוטען געשענק זיי האָבען עס מיר געמאַכט צו מיין חתונה!

און דאַן האָט ער א בליק געטהאָן אין דעם איידעלען ריינעם פנים פון געטהע.

און עס איז איהם פאָרגעקומען אַלעס אזוי לייכט. ווי קען ער פערליערען דעם מוטה אין אזא געזעלשאַפט!

ער האָט זאָגאר אָנגעהויבען עפּעס אונטערזינגען.

און ער האָט פון א טיעפען שופליאַד ארויסגעשלעפּט זיין ליולקע, וועלכע איז געלעגען אזא לאַנגע צייט פערשטויבט און אונ־בענוצט, און א ביסעל טאַבאַק איז נאָך אויך געבליבען. ער האָט זיך אָנגעשטאָפּט א גוטע ליולקע און האָט געשמאַק פעררויכערט.

ער האָט אזוי געפּיפּקעט א ווײַלע, ווי מיט אמאָל האָט ער זיך אויפגעהויבען פון שטוהל און איז אוועק צו זיין אלטער ווירטהין.

דיעזע האָט אויפגעריסען די אויגען פון שטוינען. ווי לאַנג שוין, אז זי האָט ניט געזעהן איהר דאָקטאָר מיט א ליולקע אין מויל!

— וואָלט איך געקענט — האָט ער געפרעגט מונטער — שלאָ־פען פון איצט אָן און ווייטער אין דעם צימער, אין וועלכען די מיידעל, איהר געדענקט דאָך, די בעטינא, האָט געוואָהנט?

— נו, געוויס.

— אַלזאָ, אָבגעמאַכט! סאָקראַטעס!

די אַלטע פרוי האָט פערוואונדערט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

ער האָט זיך אָנגעטהאָן דעם הוט, און ווי א גליקליכער אינגעל איז ער מיט גרויסע שפּרייזען אראָבגעלאָפען פון די טרעפּ.

— איך לאָז מיך ניט ברעכען, איך לאָז ניט. סאַקראַטעם! און נאָך א מאָל סאַקראַטעם!

פון יענעם טאָג אָן האָבען זיי געהאַט בעזונדערע צימער; און פון יענעם טאָג האָבען זיי אויך מעהר צוזאַמען ניט געגעסען.

.31

מהאָמאַס האָט זיך אריינגעוואָרפען אין דאָס לעבען — אין די ארבייט. ער האָט געוואָלט, אז די ארבייט זאָל איהם פער'שכור'ן.

קיינמאָל זיינען זיינע ארטיקלען אין „פעסט־זאַל“ ניט געווען אזוי פול מיט לעבענס־פרייד, מיט פעסטער איבערצייגונג, ווי אין דיעזע טעג פון זיינע גרעסטע שמערצען. קיינמאָל האָט ער ניט גערעדט ענטהוזיאסטישער, מילדער און איידעלער, ווי אין דער צייט, ווען ער איז געווען אזוי עלענד און היימלאָז.

ער האָט ניט געוואָלט דאָס רחמנות פון די אנדערע. ער האָט געוואָלט אלעם אליין דורכקעמפּפען.

איצט פלעגען אָפט פיעלע טעג אוועקגעהן, איידער ער האָט געזעהן זיין פרוי.

און איצט האָט זי איהם שוין גאָר ניט פערשטאַנען.

אָבער אין דער זעלבער צייט האָט אָנגעהויבען געבאָרען ווערען אין איהר א פערדאַכט אז מען קען איהם אין גאַנצען אוועקנעהמען פון איהר. ער איז דאָך אימער צוזאַמען מיט די מענשען, וועלכע האַסען איהר, און וועלכע מוזען איהם אודאי אויפהעצען געגען איהר. זיי פערגינען איהר דאָך איהם ניט. דאָס האָט זי געוואוסט גאַנץ זיכער, און זי האָט זיך אָנגעהויבען צו שרעקען.

זי האָט פון דאָס ניי פּרובירט איהם צוציהען מיט איהרע בליקען.

ער האָט עס אפילו ניט בעמערקט.

דאַן האָט זי זיך ווירקליך אויף אַן אמת דערשראָקען. זי האָט זיך שוין צוגעוואָהנט צו א לעבען אָהן ארבייט, און דיעזעס לעבען איז איהר דוקא וואויל בעקומען. זי האָט אָנגעהויבען ווערען בּרייט

און פעט. די פאַרשטעלונג, דאָס זי וועט ווידער מוזען זיך איינ־שפּאַנען, אלס ארבייטערין, האָט איהר איינפאַך געפּייניגט.

וואָס האָב איך דען אַזוינס פערבראָכען ? — האָט זי זיך אַליין אָפט געפרעגט. איך בין דאָך ניט שולדיג, וואָס איך בין אַזוי.

ווען אָבער איהרע אויגען האָבען געקוקט פאַרשענדיג אין דעם בלייכען פּנים פון איהר מאַן, איז זי געוואָרען נאָך אונרוהיגער, און א געפיהל פון שולד און פערזינדיגונג געגען איהם האָט ניט געוואָלט פערלאָזען איהר. אָבער אַזעלכע געדאַנקען האָט זי אָבגעטרייסעלט פון זיך מיט אַלע כחות.

ווארום איז ער אַזוי נאַריש ? האָט זי זיך פערטהיידיגט פאַר זיך אַליין. ווארום איז ער ניט שטרענגער געגען מיר ?

עס זיינען אָבער געווען אויך צייטען, ווען זיין טיעפער שמערץ האָט איהר ווירקליך געריהרט, און זי פלעגט זיך פרעגען : ווארום האָב איך מיך אַנגעטשעפּעט אָן איהם ? איך האָב דאָך געוואוסט, ווער איך בין. ווארום ? ווארום ?

זי איז געוואָרען בייז אויף זיך אַליין, ביז זי האָט זיך פער־ענטפערט :

— דאָס איז נאַרישקייטען : יעדער מענש וויל דאָך א מאָל האָבען עטוואָס גוטעס אין לעבען.

און דאַן האָט זי אָנגעהויבען מאַטערען איהר מח, וואָס קען זי איצט טהאָן, אום איהם צוריקקריגען.

און דאַן ערשט, ווען ער האָט שוין ניט מעהר געקוקט אויף איהר, האָט זי דערפיהלט, ווי שטאַרק צוגעבונדען זי איז צו איהם.

איך וועל מיך אָבגעוועהנען פון שכור'ן — האָט זי זיך געטהאָן א נדר — קיין טראָפּען זאָל מעהר איבער מיינע ליפּען ניט אריבער... ווי וועט ער זיין ערשטוינט !

און דאַן האָט זי ווירקליך אויפגענומען דעם קאַמפּף מיט זיך אַליין. אָבער שוין אויפ'ן צווייטען טאָג איז זי געפאַלען בעזיעגט אין דיעזען קאַמפּף. עס איז איהר באַרגעקומען, אַזוי ווי זי וואָלט דאָ געווען א געפאַנגענע, אָהן פרייהייט און אָהן בעוועגונג. אַלע איהרע כחות זיינען דאָ צוגעבונדען און, אַך, נור איין טרונק ביער אין דעם סאַלון, און דאַן גלייך ווידער אהיים.

ווי איינע, וועלכע געהט אוים פון דורשט, האָט זי זיך ארויס־
געריסען פון הויז.

אין צוויי שטונדען ארום איז זי געקומען נאָך הויז מיט פער־
גלעזערטע אויגען טוידט־שכור. און ווען זי האָט זיך אויפגעכאפט,
איז זי געוועזן שטארק אין כעס אויף איהם.

זי איז דאָך ניט מחויב אזוי צו ליידען. ער איז שולדיג, נור
ער. אָבער אויב ער גלויבט, אז זי וועט זיך אזוי רוהיג לאָזען פון
איהם פעררוקט ווערען אָן א זייט, וועט זי איהם ווייזען, אז ער האָט
געמאכט א גרויסען טעות. אזוי נאריש איז זי ניט. זי איז ניט
קיין קליין מיידעלע. זי האָט שוין גענוג דורכגעמאכט אין לעבען,
און זי וועט איהם ווייזען, ווער עלטער איז. עס איז דאָך קלאָהר,
אז אלע האָבען זיך פערשוואָרען געגען איהר. צוערשט איז איהר
געגאנגען אלעס קרום מיט דעם ערשטען; דאן מיט איהרע אייגענע
עלטערען, און איצט מיט איהם. אָבער זי וועט זיך דעם מאָל ניט
לאָזען. זי וועט זיך וועהרען.

און דאן האָט זי איהם אָנגעפאנגען צו שטערען ביי זיין
ארבייט.

זי האָט זיך איינגעבראָכען אין זיין צימער, האָט פרובירט
איהם צו רייצען, צו שטעכען און אויף אלע מעגליכע אופנים איהם
אין כעס צו מאכען. אין איהר אָבגעשטומפּטען מח איז פאָרגעקו־
מען, אז אויף אזא אופן קען זי איהם אפשר ווידער געווינען.

און אזוי ווי אויסערליך איז ער געבליבען פעסט און רוהיג,
איז זי דערפון אריינגעקומען אין א שרעקליכען צאָרן.

דאן האָט זי איהם געוואָלט ווייזען, ווי שלעכט זי קען זיין.

זי האָט זיך אוועקגעשטעלט אין מיטען צימער און האָט אָנגע־
הויבען צו זינגען העסליכע לידער. זי האָט גאנץ גוט געוואוסט,
אז קיין זאך קען איהם אזוי ניט וועה טהאָן, ווי דאָס.

זי האָט דערגרייכט איהר צוועק.

זיין גאנצער פנים האָט זיך צוקרימט. זי האָט געזעהען דייט־
ליך, ווי ער האָט געציטערט מיט'ן גאנצען קערפּער.

איצט וועט ער זי געוויס שלאָגען. זי איז געשטאנען און האָט
געוואַרט אויף איהם. זי האָט געחלש'ט, ער זאָל אויפהויבען די

האנד אויף איהר. דאן וועט זי זיך צואווינגען, צוזאמענברעכען, און אלעם וועט וויעדער גוט ווערען.

אבער דאס אלעם האט ניט פאסירט. ער האט בלויז פעסט צוזאמענגעפרעסט די ליפען און פערלאזען דאס צימער, ניט אויס־ריידענדיג קיין ווארט.

א ווײַלע האט זי געהאפט, אז ער וועט באלד צוריקקומען. עס איז אבער אלעם שטיל געבליבען. דאן ערשט האט זי זיך געפיהלט אמת אונגליקליך. ביינאכט איז זי ניט געגאנגען שלאפען. נור זי האט געווארט אויף איהם אין זיין צימער.

ווען ער איז ארויסגעלאפען, האט ער די ערשטע מינוט ווירקליך געהאט בדעה צו לויפען ווייט, ווייט, נור ניט זיין לעבען איהר.

אבער אין אן אויגענבליק שפעטער האט ער שמערצליך גע־שמייכעלט איבער זיך אליין. איך קען ניט.... איך קען ניט. איך קען זי ניט לאזען ליגען אין מיטען גאס, ווי א קרעציגען הונד.

עס איז געווארען גאנץ שפעט ביי־נאכט, ווען ער איז גאנץ שטיל ארויף אויף די טרעפ.

ער האט אנגעצונדען א שוועבעלע, און האט פארזיכטיג גע־עפענט די טיר. אויף די שפיץ־פינגער איז ער אריין אין זיין צי־מער. איהרע אויגען האבען איהם א בליץ געטהאן אנטקעגען.

אין דיעזער סעקונדע איז דער פלאם פון דער שוועבעלע אויס־געגאנגען.

— וואס ווילסטו דען דא? — האט ער געפרעגט אויפגערעגט.

— איך וויל ניט מעהר שלאפען אליין. איך וויל ניט, האט זי ארויסגערעדט פון צווישען די ציין.

ער האט אין זיך א שטארקען קרעכץ געטהאן.

זי האט עס ניט געהערט.

מיט אן אונזיכערע האנד האט ער אנגעצונדען דעם לאמפ.

— געה אין דיין צימער.

ער האט קוים ארויסגערעדט דיזע ווערטער.

זי האט געשאקעלט איהר קאפ, אויסזעהענדיג דערביי פערטיג אויפצונעהמען א קאמפף.

ער האט זיך צוזאמענגענומען מיט אלע כחות. ער האט גע־פיהלט, אז ער טאר ניט בעזיעגט ווערען.

— גוט, טהו וואָס דו ווילסט, אָבער איך.... ער האָט גענומען זיין הוט און ראָק.

מיט אַ שפּרונג איז זי געשטאַנען ביין טיר, וועלכע זי האָט פערשטעלט מיט איהר רוקען.

— איך לאָז דיר ניט, איך לאָז דיר ניט! און מיט איינמאָל האָט זי אָנגעהויבען ווילד שרייען. עס איז איהר בעפאַלען אַ שטאַרק, היסטעריש געוויין.

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, האָט פון אַ פלאַש בראָם אָנגעגאָסען אַ האַלבע גלאָז, און איז צו איהר צוגעגאַנגען.

— טרינק, דו ביסט אויפגערעגט.

זי האָט זיך אויף אַן אויגענבליק בעהערשט, אָנקוקענדיג איהם מיט אַ צושראָקענעם שמייכעל:

— דו... דו... דו ווילסט מיך אודאי פער'סם'ען.

ער האָט אַליין גלייך אויסגעטרונקען דאָס וואַסער.

דאַן האָט זי אָנגעהויבען שרעקליך היסטעריש צו לאַכען. און באַלד האָט דיזער שרעקליכער געלעכטער זיך אומגעוואַנדעלט אין אַ געוויין. און מיט איינמאָל האָט זי אָנגעהויבען שרייען: „הערר נאָט, וואָס איז עס פאַר אַ גערוף. עס שמעקט דאָך ווי אַ מת!

ער האָט איצט פּרובירט מיט געוואַלד אריינגיסען איהר דעם בראָם אין מויל.

זי האָט עט איהם פון דער האַנד ארויסגעשטויסען. און מיט ווייט־אָפענע אויגען האָט זי גערעדט: „וואָס זיינען דאָס פאַר שטימען? וואָס ווילען פון מיר דיזע מענשען? הערסטו דען ניט?“

— נעהם דיך צוזאַמען! — האָט ער געזאָגט שטרענג, אָנווענדענדיג אַלע זיינע כחות צו בלייבען פעסט.

— שאַ! — האָט זי געזאָגט, מאַכענדיג אַ מינע, ווי זי הערט זיך צו צו עפּעס.

און ווידער האָט זי אָנגעהויבען צו לאַכען און באַלד צו וויינען, און איהר פּנים האָט אויסגעדריקט דעם העכסטען שרעק, ווען זי האָט אויסגעשריען:

— דו זעהסט דען ניט, אז איך האָב פערלאָרען מיין לינקע פוס?

ער האָט גענומען איהר האַנד, וועלכע ער האָט שוין מעהר ניט ארויסגעלאָזען און האָט איהר אָנגעקוקט רוהיג און שטרענג.

— טרינק גלייך דאָס וואסער! הערסט?

זיין בליק האָט איהר איינגעשראָקען. זי האָט אויסגעטרונקען דעם בראָם. דאַן האָט ער צו איהר גערעדט מיט מילדקייט, אז זי זאָל זיך אוועקלייגען אין בעט.

זי האָט געפאָלגט. אָבער זיין האנד האָט זי ניט ארויסגעלאָזען. איהם האָט זיך געדוכט, ווי זיין האנד וואָלט געהאלטען געוואָרען פון אַן אייזערנעם צוואַנג.

ענדליך איז זי איינגעשלאָפען.

שווער האָט ער זיך אויפגעהויבען, לאנגזאם און פאָרזיכטיג בעפרייענדיג זיין האנד פון איהרע פינגער.

זיין בליק איז א פאַל געטהאָן אין שפּיגעל.

ניט ווילענדיג האָט ער א שפּרונג געטהאָן אויף צוריק.

בין איך עס? איז דאָס ווירקליך מיין פּנים? דיזע איינגעפאַלענע אויגען מיט בלוי־שווארצע פּאַסען ארום געהערען זיי איהם?

ער איז צוגעגאנגען נאָהענט צום שפּיגעל, און האָט זיך אויפמערקזאם בעטראַכט.

„איך בין עס“, האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, און נאָך לאנג איז ער פערבליבען מיט׳ן ליכט אין דער האנדביים שפּיגעל.

די היסטערישע קרעמפּפען האָבען זיך איצט ווידערהאָלט ביי איהר אָהן אַן אויפהער, ביי טאָג און ביי נאַכט.

טהאָמאַס האָט פון איהר ניט געקאָנט אָבטרעטען, אום איהך אימערצו העלפען.

עס איז איהם אָנגעקומען זעהר שווער. ביז ער האָט איהר עטוואָס אויסגעקורירט פון זיי.

און אזוי שנעל, ווי זי האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען נור עטוואָס בעסער, האָט זי ווידער אָנגעהויבען צו טרינקען.

אַלע זיינע רייד, דאָס זי מאַכט זיך דערמיט אַלץ קראנקער, האָבען גאָר ניט געהאָלפען.

זי האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און איהם אָנגעקוקט ביטרע.

ער האָט געפיהלט, ווי ער ווערט שוואכער און קלענער. ער

האָט געפּיהלט, ווי ער זינקט, ווי ער פאַלט פון דעם הויכען טורם אין בלאָטע.

און דאַן האָבען זיך אָנגעהויבען אויך אַנדערע צרות:

דער דרוקער האָט געמאָנט. עס האָט געפעהלט אויף רענט. עס האָט געפעהלט דאָס נויטענדיגסטע.

דאָס איז דער סוף — האָט ער געטראַכט.

(ענדע פון דריטען בוך)

פיערטעם בוך.

# מוזיק -- טוידט און לעבען

.1

ווען טהאָמאַס טרוק איז צוגעקומען צום וועגעטעריאַנישען רעסטאָראַן, איז ער אַ צייט לאַנג שטעהן געבליבען דרויסען, זיך איינגעקוקט רוהיג אין דעם פערוואָלקענטען הימעל און אין די מענשען, וואָס זיינען געלאָפען אַהן און אַטהעם דורך דעם שנעע־שטורם.

ענדליך איז ער אריין.

„ווען איך זאָל דאָרט נור קיינעם ניט טרעפען," האָט ער ביי זיך געטראַכט.

יעדער פריינדליכער וואָרט אָדער בעגריסונג האָט איהם וועה געטהאָן. ער האָט שרעקעדיג זיך ארומגעקוקט. דאַנקען גאָט! קיינער איז ניטאָ. מיעד האָט ער זיך אראָבגעלאָזען אויף אַ שטוהל. ער האָט אויסגעזעהען עלענד און איינגעדאַרט. ער האָט בעשטעלט אַ גלאָז מילך און אַן ארבעס־געקעכץ. אזוי שנעל אָבער ווי דאָס עסען איז געשטאַנען פאַר איהם, האָט ער דערפיהלט אַ מאָדנעם ווידערווילען צום עסען. ער האָט געפיהלט, אז ער קען זיך ניט צוריהרען צו דעם, און וויעדער האָט ער געבליקט אין די פּוסטקייט.

אימיצער האָט שטיל אָנגעריהרט זיין אַקסעל.

ער האָט זיך דערשראָקען, און אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, האָט ער אויסגעשטאַמעלט:

— וואָס איז עס?

פאַר איהם איז געשטאַנען אַ מאַן מיט אַ הויכען ווייסען שטערען, מיט אַ בלאָנדע באָרד, וואָס האָט ארומגענומען זיין גאַנצען פּנים, מיט לאַנגע האָר, וואָס האָבען דערגרייכט ביז צו זיינע אַקס־

לען, מיט וואסער־העללע דורכזיכטיגע אויגען, און גאַנץ אָרעם גע־קליידעט.

— איך בין עס — האָט ער געזאָגט מיט אַ מילדער, קלינגענדער שטימע.

טהאָמאס'ען האָט זיך אָבגעדוכט, אז ער האָט שוין וואו־עס איז געטראָפען זיך איינמאָל מיט דיזען מענשען.

— איהר קענט דאָך מיך.

טהאָמאס האָט אָנגעשטרענגט זיין זכרון, אָבער ער האָט ניט געקאָנט זיך דערמאָנען.

דער אונבעקאַנטער האָט מילד געשמייכעלט.

מיר זיינען לאַנג, לאַנג צוריק צוזאַמען געפאָהרען אויפ'ן אייזענבאַהן.

— אַה! — ווי האָט ער עס געקאָנט פערגעסען!

— מעג איך זיך זעצען לעבען אייך?

טהאָמאס האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

דער אונבעקאַנטער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגען איהם, און האָט פאַר זיך בעשטעלט אַ גלאָז מילך, וועלכע ער האָט זופּענווייז אויסגעטרונקען.

— איך האָב זייט אַ לאַנגע צייט אייך נאָכגעפּאָלגט, טהאָמאס טרוק. איהר ליידט שרעקליך!

— איך? איך?... יאַ, פון וואַנען ווייסט איהר מיין נאָמען?

— איך בין געוועזען איינער פון אייערע צוהערער, ווען איהר האָט גערעדט איבער „פרייהייט“.

ביי דיזע ווערטער האָט אַ מילדער שפּאָטישער שמייכעל גע־וויזען זיך ארום זיינע ליפּען.

— עס שיינט, אז איהר זיינט גאָר ניט איינפערשטאַנען מיט דעם, וואָס איך האָב גערעדט? — האָט טהאָמאס געפרעגט מיעד און גלייכגילטיג.

— איהר ליידט דערפאַר, ווייל איהר פערמוטשעט זיך מיט זאַ־כען, וועלכע האָבען גאָר קיין ווערטה ניט. די גייסטיגע פּראָבלע־מען — האָט ער צוגעלעגט — זיינען פיעל טיעפער.

טהאָמאס האָט איהם אָנגעקוקט ערשטוינט, און איבערראַשט פון דער ערנסטער מילדער שטימע, האָט ער געפרעגט:

— איז דען דאָ נאָך עטוואָס העכער, ווי פרייהייט?

— ניטאָ קיין העכערעס, אָבער דער וועג, אויף וועלכען איהר געהט, פיהרט ניט צו פרייהייט.

וואָס איז עס פאר א מענש? און וואָס וויל ער אייגענטליך פון איהם? ער האָט איהם פלוצלונג אָנגעהויבען בעטראַכטען מיט דער מינע פון א דאָקטאָר. אפשר איז ער גאָר ניט ביין זינען?

דער אונבעקאַנטער האָט אַ פיהר געטהאָן מיט זיין שעהנער האַנד איבער זיין שטערען.

— איך זעה אייערע געדאַנקען. איך זעה דייטליך. איהר האָט אַ טעות. איך געהער צו די, וועלכע זיינען שוין געזונד געוואָרען.

— אין וואָס בעשטעהט דען אייער פרייהייט, און ווי קומט מען צו איהר?

דער אונבעקאַנטער האָט פערלייגט די הענד אויפ'ן ברוסט, און האָט געשוויגען א לאַנגע וויילע, האַלטענדיג די גאַנצע צייט זיינע קלאָרע, ריינע אויגען אויף טהאָמאַס'ען.

— דערמאָנט איהר זיך ניט, אז איך האָב אייך שוין איינמאָל אָנגעוויזען דעם וועג, וואָס פיהרט צו וויסען, חכמה און פריעדען? ווייסט איהר דען ניט די געשיכטע פון דעם פרינץ סידהארטא גו־אטאמא?

— איך האָב זי פערגעסען.

— ווילט איהר זי הערען?

טהאָמאַס האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. איהם איז געוואָ־רען מאָדנע פרעמד צום מוטה. ער האָט זיך איצט קלאָר דערמאָנט אָן די ערשטע בעגעגענים מיט דיזען מענשען. זיין שטימע האָט געהאַט אויף איהם די ווירקונג פון א שטילען שפּריץ־רעגען, וועלכע מען קען ניט הערען, וועלכען מען פיהלט אָבער. פון צייט צו צייט האָט די שטימע זיינע געקלונגען ווי מוזיק, וועלכע קומט פון ערגעץ פון ווייטען. זי האָט געהאַט אין זיך עטוואָס ריהרענדעס, איינ־פאַכעס, ווי די לאַנג־געצויגענע טענער פון א האַרמאָניקע אין דער איינזאַמער שטילקייט.

— עס איז געקומען די טיעפע נאַכט — האָט אָנגעהויבען דער אונבעקאַנטער, צוזאַמענגעדריקט דערביי זיינע אָרעמען — ווען דער פרינץ

סידדאהארטא, אין זיין אָבשטאַמונג פון די גאַקאיאַס און געבאָרען אין קאַפּי־לאַוואסטא, האָט פערלאָזען זיין קעניגס־פּאַלאַץ, האָט זיך אָבגעריסען פון זיין יונגער, שעהנער ווייב און פון זיין איינציגען זוהן, האָט זיך אָנגעטהאָן אין אַ בעטלער־קלייד, און איז אַוועק אין די דונקעלהייט, אום צו ווערען אַ היימלאָזער וואַנדערער, אַ שילער. אין די איינזאַמע וועלדער פון אודוועללע האָט ער געפיהרט דאָס לע־בען פון אַ פּרוש, האָט געקעמפּפט אין גרויסער פערצווייפלונג נאָך אויפקלערונג און וויסען. אין אין דעם טאָג, ווען עס איז געקומען צו איהם דאָס גרויסע וויסען, האָט די ערד מיט איהרע ימים און בערג אויפגעציטערט ווי אַ בעוואוסטער וועזען, ווי אַ ליעבענדע כלה, וועלכע ווערט מיט געוואַלד אַעקגעריסען פון איהר חתן, ווי די בלומען אויף אַ וויינשטאָק, וועלכע ציטערען, ווען אַ שטורם־ווינד בלאָזט.... דאַן איז ער אַוועק צו די ברעגעס פון נאַיראַנשאַט. אונ־טער דעם שאָטען פון דעם מעכטיגען באָדהיבוים האָט ער זיך גע־מאַטערט אין זיינע ספיקות פון דעם פריהען מאָרגען ביז זונען־אונ־טערגאַנג.... און ווען דער טאָג האָט געהאַלטען ביים ענדיגען זיך, איז ער בודדהא געוואָרען — דער אויפגעקלערטער, דער, וועלכער האָט איבער זיך אליין געזיעגט, און האָט געלייזט דאָס גרויטע לע־בענס־געהיימניס.

— דאָס גרויסע לעבענס־געהיימניס — האָבען זיינע ליפּען נאָך אַ מאָל ווידערהאָלט. און ביי דיעזע ווערטער זיינען די בלייכע אויגען פון דעם אונבעקאַנטען געוואָרען נאָך העלער.

— איך קען אייך איצטער ווייטער ניט דערצעהלען — האָט ער געזאָגט מיעד.

ער האָט אַ וואונק געטהאָן צו דער מיידעל, וועלכע האָט איהם דערלאַנגט די מילך, און ער האָט איהר בעצאָהלט.

— מיין נאָמען איז מעטהיוס לונד, איך וואָהן קרעגעל 4, טאָמער ווילט איהר מיך זעהן — האָט ער געזאָגט.

און מיט אַ מאָדנער האַסטיגקייט, ניט וואַרטענדיג אויף אַן ענטפער, האָט ער פערלאָזען טהאָמאַס טרוק.

וואָס מיינט דאָס אַלעס? האָט טהאָמאַס ביי זיך געפרעגט. חלום איך? בין איך וואַכעדיג? וואָס וויל דען פון מיר דיזער מענש?

און פערטראכטענדיג זיך באלד איבער עטוואס אנדערעס, איז ער געוואָרען רויט פון שאנדע. ער האָט זיך דערמאָנט אָן קאטהע־רינא און אָן די לעצטע סצענע, וואָס ער האָט מיט איהר דורכגע־מאכט. ווידער האָט ער פרובירט צו רעדען צו איהר מיט גוטען.

דאן איז זי צוגעטראָטען גאנץ נאָהענט צו איהם און האָט איהם אנגעקוקט מיט ווייט־געעפענטע און ליידענשאפטספוללע אויגען, און איהר דונקעלע הויט האָט געלויכטען.

ניין, ניין, ניין, האָט ער נור געשטאמעלט און איז צוריק אָבגע־טראָטען פון איהר אין גרויסער אנגסט.

דאן איז איהר פנים פול געוואָרען מיט שנאה צו איהם. און אזוי ווי זי וואָלט עס אליין קלאָר געפיהלט, האָט זי געזוכט איהם אָבצונארען און האָט געשמייכעלט. אָבער אויך איהר שמייכעל האָט געהאט אין זיך עטוואָס פיינדליכעס.

די עראינערונג אָן דיעזע סצענע האָט איהם איצט טיעף וועה געטהאָן. און ווידער האָט ער זיך געפרעגט: ווארום האָב איך זי געהייראטה? איז עס געוועזן דער הונגער נאָך ווארימקייט? האָב איך מיר דען ניט געקאָנט א הונד נעהמען?... ניין, ניט דאָס איז עס געוועזן.... איך האָב געמיינט, אז איך וועל זי קענען ערלייזען. איך האָב נור וועגען דעם געטראכט. איך האָב געהאט דאן די ערלייזער־משוגעת...

די שוואכע, וועלכע ווילען אנדערע ערלייזען, זיינען קראנק אין גייסט, האָט ער צוגעלייגט. — איך בין שוואך, איך האָב דאן געוואָלט אימיצען בעפרייען. אלזאָ, בין איך קראנק אין גייסט.

ער האָט אומעדיג געשמייכעלט, דאָס ער האָט געוואָלט געזונד מאכען עטוואָס, וואָס איז אין עצם פערפוילט. דאָס איז געוועזן משוגעת אָדער גייסטיגער הויכמוטה. און איך וויל עס א דאָקטאָר זיין!...

און זיין פנים איז געוואָרען ווי ביי איינעם, וואָס וויל זיך צו־וויינען.

איך האָב דאָך אזוי רחמנות געהאט אויף איהר, און אזא שטאר־קען גלויבען האָב איך געהאט!... איז דערפאר בין איך עס אזוי שולדיג? בעטינא! בעטינא!

ווארום האָט ער זיך פון איהר אָבגעקעהרט, און איהר גאָר אויפגעהערט צו שרייבען?

איך ווייס עס, האָט ער גערעדט צו זיך אליין, איך האָב מיך געשעהמט פאר איהר. צוליעב די פייגע שאנדע האָב איך זיך אָבגעקעהרט פון איהר.

און איצט איז עס איהם מיט איינמאָל קלאָר געוואָרען, דאָס זיין גרעסטען פערברעכען איז ער בעגאנגען געגען בעטינא.

עס האָט געקלאַפּט און געהאמערט אין זיינע שלייפען.

ניין, ניין! אויך דאָס שטימט ניט. איך האָב זי אויסגעמי־דען מיט אַלע מיינע געדאנקען, ווייל איך בין געווען אזוי פיעל אָנ־געלאָדען מיט זינד, ווייל איך בין איהר ניט ווערט. דאָס איז עס. נור דאָס.

ער האָט זיך אָבגעווישט דעם שוויים פון שטערען, און ניט אָנריהרענדיג דאָס עסען, האָט ער געוואָלט אוועקגעהן.

— איהר האָט נאָך ניט בעצאָהלט — האָט געזאָגט די מיידעל

— איך קריעג פערציג פעניג.

לאנגזאם האָט ער ארויסגעצויגען זיין געלד־ביימעל, האָט איהר אויסגעצאָהלט גראָשען פאר גראָשען, שמייכלענדיג דערביי, ווי איי־נער, וואָס ווייס ניט, וואָס ער טהוט, און וואו ער געפינט זיך, דאן האָט ער מיט אן אראָבגעלאָזענעם קאָפּ פערלאָזען דעם רעסטאָראן.

אויפ׳ן וועג אהיים איז ער אריין אין דרוק — א גאנג, וואָס איז איהם געווען זעהר ביטער, וועלכען ער האָט אָבער געמוזט מאַ־כען. ער האָט געמוזט בעטען, אז דער דרוקער זאָל אָבווארטען מיט׳ן חוב. עס איז איהם אונמעגליך געווען צו בעצאָהלען איצט.

ער איז אריין אין אָפיס, וואו ער האָט געמוזט ווארטען איינינגע מינוטען. עס איז איהם אויסגעקומען ווי א גאנצע אייביגקייט, ענדליך האָט זיך געעפענט די טיר, און עס איז אריינגעקומען א נידריגער, דיקליכער מאַן.

— איהר האָט עטוואָס געוואָלט, הערר טרוק?

שטאמלענדיג האָט טהאָמאַס ארויסגעבראכט זיין וואונש.

דער דרוקער האָט איהם רוהיג אויסגעהערט, ווארפענדיג פון צייט צו צייט א בליק אין טהאָמאַס׳עס פערזאָרגטען פּנים.

— איך האָב גאָר ניט דאגעגען — האָט איהם דער דרוקער גע־

ענטפערט — איבעריגס, איז מיר זעהר אנגענעהם, וואס איהר זיינט דא. רעדענדיג מיט אייך גאנץ אפען, האב איך ניט מעהר קיין וואונש ארויסצוגעבען דעם „פעסט־זאל". מען איז צו מיר געקו־מען מיט א פאר טעג צוריק פון דער פאליציי, און אנגעפרעגט ביי מיר, ווי גרויס איז די אויפלאגע, און וואוהין ווערט די צייטונג גע־שיקט. פערשטעהט זיך, אז איך האב זיי גאר ניט געזאגט: עס איז דאך געשעפטס־געהיימניס, און דערפאר קומט מיר ניט קיין דאנק. אבער, פערשטעהט איהר, פיעל גוטעס הער איך פון קיינעם ניט איבער אייער צייטונג; און, איך וויל מיט אייך גאנץ אפענ־הערציג זיין, מען האט מיר שוין פון פערשיעדענע זייטען געוואר־רענט... און איך וואלט גאר ניט געהאט דאגעגען, ווען איהר וואלט ערגעץ־אנדערש... ווייל, פערשטעהט איהר, מען וויל זיך דאך ניט קריגען מיט דער גאנצער וועלט און האבען אונאנגענעהמליכקיי־טען.... איינער האט שוין גענוג זארג....

טהאמאס האט גאר ניט געענטפערט. ער האט נור צוגעשא־קעלט מיט'ן קאפ, קוים הערענדיג אלעס, וואס דער דרוקער האט אנגערעדט.

געהענדיג איצט גלייך אהיים, האט ער געטראכט, אז עס וואלט געווען א זעהר גוטע זאך אוועקצושיקען קאטהערינען וואו־עס־איז אויפ'ן לאנד צו איינפאכע מענשען. אפשר וואלט זי דארט געזונד ווערען. ער האט קוים אריבערגעטראגען איהר נאהענטקייט. ער האט געזעהען, אז דאס מיינט פאר איהם דער אונטערגאנג, און ער האט בעשלאסען צו רעדען מיט איהר מיט גוטען. וואס איז זי אין דער אמת'ען שולדיג, ווען איהר ווילען איז אזוי שוואך? איז אי־בערהויפט אימיצער שולדיג?

די אלטע, איבעריגע פראגע, אן וועלכע די מענשען האבען זיך די קעפ צובראכען.

ער האט געפיהלט, דאס ער מוז בלייבען א פאר וואכען אליין, און דאן קענען זיי ביידע אפשר געהאלפען ווערען.

ער געהאלפען ווערען? ער האט געפיהלט, דאס אין איהם איז אלעס טוידט און האפנונגסלאז. ער האט אויך ניט געוואלט טראכ־טען פון זיך. מיט אלע כחות וויל ער אבער נאך א מאל פרובירען רעטען איהר פון זיך זעלבסט.

דאָס מוז ער דורכפיהרען... ער וועט עס איהר טאַקי גלייך פאַרשלאָגען.

ער האָט אָנגעהויבען געהן שנעלער, האָט ניט געקוקט אויף דעם שלעכטען וועטער און האָט ערשט ערלייכטערט אויפגעאָטהמעט, ווען ער איז געשטאַנען פאַר זיין וואָוינונג. פאַר איהם איז קלאָר געווען, דאָס ער קען זי נאָך רעטען, און נור אויף אַזאַ מין אופן.

דאָס וואָרט „רעטען" האָט איהם געמאכט פיעל שמערצען. איז דען געראדע ניט דער רעטונגס־געדאנק איינער פון די גרעסטע מענשליכע טעות'ען?

— וואָס איז עס געווען פאַר אַ זאָנדערבארער הייליגער, וועלכען ער האָט געטראָפען אין רעסטאָראַן? וואו האָט ער געוואוינט אין קרעגעל 4? ער האָט קיינמאָל ניט געהערט דעם נאָמען פון אַזא גאַס. וואָס פאַר אַ מערקווירדיגע מענשען זיינען עס דאָ איבער־הויפּט? דער איינפאכסטער איז אַזוי קאָמפּליצירט, דאָס מען קען איהם קוים פונאנדערפלאָנטערען.

מיעד האָט ער אויפגעעפענט די טיר פון וואָין־צימער.

קאַטהערינא איז געלעגען אויסגעשטרעקט אויפ'ן זאָפע. אָבער, ווי ער איז אריינגעקומען, האָט זי זיך אַ הויב געטהאָן מיט אַן אוי־סערגעוועהנליכער בעוועגליכקייט. איהר פּנים איז געוואָרען רויט און זי האָט איהם אָנגעקוקט געשפּאַנט און פיבערהאפט.

פיהלט זי אפשר דאָס, וואָס איך געה איהר פאַרשלאָגען? האָט ער זיך געפרעגט.

ער האָט בעטראכט פאַר אַן אויגענבליק זיינע אויסגעמאָגערטע הענד, דאַן האָט ער זיך צוזאמענגענומען און אין אַ רוהיגען טאָן האָט ער איהר ערקלערט, וואָס ער וויל טהאָן פאַר איהר. ער האָט גערעדט שטיל און פריינדליך, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אין אַלץ שולדיג.

זי האָט איהם ניט געלאָזט אויסרעדען. אַן אויסדרוק פון אַ צאָרן אָהן אַ מאָס האָט בעהערשט איהר פּנים.

— אַזוי! דאַן איז אַלעס קלאָר... פאַר אַזוי נאַריש האַלטסטו מיך? גאָט זיי דאנק, דאָס איך האָב נאָך אין דער רעכטער צייט פערשטאַנען דיינע טריקס!

און מיט גרויס טריאומף האָט זי ארויסגעשלעפּט פון קעשענע
א צוקנייטשטען בריעף.

— אָט דערפאר ווילסטו עס מיך פון הויז ארויס׳פּטר׳ן ?
דערפאר ?

ער האָט זי אָנגעקוקט אָהן די מינדעסטע פערשטענדניס. ער
האָט זי ניט בעגריפען.

— דו האָסט זיך א זעהר היבשען פּלאן געמאכט — איהרע
ליפּען האָבען זיך געקרימט — איך ריהר מיך פון אָרט ניט, הערסט!
— און אין א טאָן פון ביטערען שפּאָס, אויפהויבענדיג דעם בריעף
אין דער הויך, האָט זי געשריען : — ווער איז דיזע פאַנענקע, וועל־
כע קומט צו דיר ?

פאר אַן אויגענבליק האָט ער איהר אָנגעקוקט מיט אויסגע־
שטארטשטע אויגען, ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט. דאן האָט ער
מיט א ראַשע בעוועגונג ארויסגעריסען ביי איהר פון האנד
דעם בריעף. אויף דעם קאָנווערט איז געוועזען צו זעהען דעם פּאָסט־
שטעמפּעל פון פּאַריז, און דער אַדרעס איז געוועזען אָנגעשריבען אין
בעטינא׳ס האנדשריפט. זיינע הענד האָבען געציטערט. עס האָט
איהם אָנגעהויבען שווינדלען פאר די אויגען.

בעטינא ! בעטינא !

ניט קוקענדיג מעהר אויף דעם, וואָס איז מיט קאַטהערינא,
איז ער מיט א פּאָר טריט געוועזען דרויסען. ווי א פערפאָלגטער איז
ער אראָפּגעלאָפען פון די טרעפּ.

ניט ווייט פון זיין וואָוינונג האָט טהאָמאס געוואוסט פון א
קליינעם קאפע־הויז. אין איינינע מינוטען איז ער שוין געוועזען
דאָרט. קיינער איז דאָרט ניט געוועזען. ער האָט זיך שנעל אריינ־
געכאַפּט אין א קליינעם דערבייאיגען צימער, האָט זיך א זעץ געטהאָן
אויף די איינגעדריקטע פּלושענע זאָפע און צושטרייט געוואָרפען א
בליק אויף דעם גרויסען שפּיעגעל, וואָס איז געהאנגען איהם אנט־
קעגען.

— א טאַסע קאפע ?

ער האָט ניט פערשטאַנען די פראגע, ער האָט צוגעשאָקעלט
מיט׳ן קאָפּ מיט א בלאָנדזשענדען בליק.

ווען ער איז ווידער געוועזען אליין, האָט ער ארויסגענומען דעם

בריעף. זאָל איך איהם לעזען? זיין פּנים האָט אויסגעדריקט אַ געפיהל פון קליינמוטהיגקייט און שרעקעדיגקייט. „איך וויל“, האָט ער זיך אַליין געענטפערט אויפ'ן קול, און האָט לאַנגזאַם ארויסגע־צויגען און אויפגעעפענט דעם בריעף.

ער האָט געלייענט:

„טאַם, איך שפּיעל דעם 3טען דעצעמבער אין בערלין. איך קום דעם ערשטען, פינף אוהר נאָכמיטאַג. באַהנהויף, פריעדריך־גאַס. טאַם, זיי גוט צו מיר. איך בין אַזוי גליקליך. בעטינאַ.“

וואָס? — האָט ער אַרויסגעשטאַמעלט — און מיט ביידע הענד האָט ער זיך געכאַפּט פאַר'ן קאָפּ.

דאָס מיידעל, וואָס האָט אַריינגעבראַכט די קאַפּע, האָט איהם בעטראַכט מיט אַ האַלב־נייגיעריגען און האַלב־רחמנות'דיגען בליק.

— ווינשט דער הערר נאָך עטוואָס?

און אַזוי ווי זי האָט קיין ענטפער ניט בעקומען, איז זי אַוועק.

— דאָס איז אָבער אונמעגליך. דאָס דאַרף ניט, דאָס טאָר ניט פּאַסירען! יאַ, וואָס איז דען דאָ? ניין, ניין.... פרייליין! —

דאָס מיידעל איז גלייך אַריין אין צימער.

— פרייליין — ער האָט ניט געהאַט דעם מוטה זי אָנצוקוקען — פרייליין, דער וויפיעלטער איז היינט? — האָט ער קוים אַרויס־גערעדט.

— דער ערשטער — האָט זי אַרויסגערעדט קוים. וואָס מען האָט געהערט, אַזוי ווי ער וואָלט אויך איהר אָנגעשטעקט מיט זיין שרעק.

— דער ערשטער? דער ערשטער?

— געוויס דער ערשטער!

זי האָט איהם ווידער געלאָזען אַליין.

אין דיזער סעקונדע האָט ער געפיהלט, ווי אַלעס ווערט אין איהם אויפגעלייזט. אין זיין עררעגטען צושטאַנד זיינען איהם גע־קומען אין קאָפּ די פערשיעדנסטע און ווידערשפּרעכענדסטע גע־דאַנקען. קיין זין, קיין צוזאַמענהאַנג מעהר. ער האָט געזעהן די טאַמאַראַ אויפ'ן טוידטענבעט. ער האָט געזעהן זיך און בעטינאַ אין דעם צימער אויפ'ן בוידעם.... פּלוצלונג האָט ער זיך דערזעהען ביי די בערג.... ער איז געגאַנגען, אַלס קליין אינגעל, מיט זיין טאַ־טען, טראַגענדיג די עלעקטריזיר־מאַשין. ער איז געלעגען ביים

טייכעל אין גאָרטען. ער איז געשטאַנען אויפ'ן פּלאַטפאָרמע, האַל־טענדיג אַ רעדע. ער האָט געהערט בעטינא'ן שפּילענדיג אין זיין צימער. ער האָט איינגעזויגען דעם דופט פון די בלומען, און זיך געוויגט אין די טענער... און דאָס אַלעס איז באַלד צורונען.... עס איז געוואָרען דונקעל ארום איהם. נאַכט־פויגעל האָבען געפּאַכעט ארום איהם מיט זייערע פליעגעל, און פון גאַנץ וועיט האָט ער גע־הערט איינעם קרעכצען.

זיינע הענד האָבען געטאַפּט אין דער פוסטקייט. ער האָט זיך ארומגעקוקט שרעקעדיג; האָט זיך אויף די הענד ארויפגעגאָסען אַ פּאָר טראָפּען וואסער, און זיך געריבען דעם שטערען. איך מוז אויפוואכען, האָט ער צו זיך אַליין גערעדט, און האָט גענומען אַ טהעע־לעפעל פון שווארצען קאַפע. איצט איז ער געווען ביי זיך ענטשלאָסען צו געהען אויפ'ן באַהנהויף אונטער אַלע אומשטענדען. ער וויל זי ווידער זעהן. ער האָט מיט פעראַכטונג אָבגעקעהרט זיך פון דעם געדאַנק זיך צו בעהאַלטען פון איהר.

ער האָט ארויסגענומען דעם זייגער. עס איז געווען אייניגע מינוט נאָך פיער, און אַ ציטערניש איז איהם בעפאַלען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי שרעקליך עס וואָלט געווען, ווען בעטינא קומט צו איהם אריין אין צימער ניט אָנגעמעלדעט, מאכענדיג איהם אַן איבערראַשונג. ער האָט איצט אויך פערשטאַנען די קאַטהע־רינא. זי האָט געעפענט דעם בריעף, און זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס אַלעס איז געווען אָבגעמאַכט צווישען איהם און בעטינא.

ער האָט זיך אויפגעהויבען מיעד, און בעצאָהלט ביי דער קאַסע, וואָס פון איהם האָט געקומט. אין טיעפער מוטהלאָזיגקייט איז ער געגאַנגען איבער די גאַסען. וואָס זאָל ער איהר זאָגען? מיט וועלכע אויגען קען ער איהר אָנקוקען? איז דאָ איבערהויפּט נאָך צווישען זיי אַ פערבינדונג? ניין, ניין, האָט ער געענטפערט זיך אַליין, מיט בלוטלאָזע ליפּען, דאָס אַלעס איז צו ענדע. איך און זי — מיר זיינען פון אַנדערע וועלטען.

עס איז שוין געווען פינסטער. די לאַנטערנען זיינען געווען אָנגעצונדען, און דער שנעע האָט ניט אויפגעהערט צו שיטען. אַ צוג איז נור וואָס אריינגעפאָהרען אין באַהנהויף.

ווארום האָט זי מיר געשריבען? ווארום קומט זי? ווארום? ווארום?

ער האָט זיך מיט דער לינקער האנד פערדעקט די אויגען, אזוי ווי ער וואָלט דערמיט זיך געקאָנט פון אלץ ראטעווען. דאן האָט ער זיך מיט א מאָל אויסגעגלייכט, און האָט פעסט צוזאמענגעדריקט די ליפען.

איך וועל דיר זאָגען, טהאָמאס, וואָס דו דענקסט איצט. דו שעהמסט זיך פאר דעם ווידערזעהען. דו קומסט זיך פאָר איצט, ווי א צובראָכענער שארבען, ועמעס עהרען־געפיהל קען ניט אריבער־טראָגען ,אז אימיצער פון זיין היים זאָל איהם זעהען אין אזא צו־שטאַנד.

דאָס איז אָבער אלעס אונזין! האָט ער זיך גלייך געענטפערט. בין איך דען אזוי עלענד און צובראָכען? ניין, איך פיהר דאָך א מלחמה אויף טוידט און לעבען. איך לעב, איך קעמפף.

ער איז אריין אין באהנהויף מיט אן אויפגעהויבענעם קאָפּ.

ווען דער צוג איז אָנגעקומען אין דעם זעלבען אויגענבליק, איז ער געשטאַנען שטאָלץ און גלייך אין זיין אָרימען אנצוג. דאָך האָט ער יעדע סעקונדע מורא געהאַט, דאָס עס קען איהם דער קאָפּ זיך פערדרעהען און ער וועט א פאל טהאָן צו דער ערד. ער האָט גע־האלטען אונבעוועגליך זיין בליק געצילעוועט אויף די וואגאָנען.

און דאָ איז זי ווידער געשטאַנען פאר איהם, פונקט ווי דאן, מיט דער פיערעל אין דער לינקער האנד און מיט ברייט־געעפענטע אויגען אריינגעקוקט אין זיינע.

— טאָם! טאָם! — האָט זי קוים ארויסגערעדט.

און דאן האָט זי ארומגעכאַפּט זיין האלז מיט איהרע ארעמס, און ניט קענענדיג זיך בעהערשען, האָט זי אָנגעהויבען ביטערליך צו וויינען.

לאנגזאם זיינען זיי ארונטערגעגאנגען די טרעפּ. זי האָט גע־האלטען פעסט זיין האנד, ווי אין די אמאָליגע צייטען, ווען זיי האָ־בען זיך געשפּיעלט, אלס קינדער.

אין איהם האָט אלעס בעגאָסען זיך מיט בלוט. ער האָט גע־האָט נור דעם איינציגען וואונש צו בלייבען שטארק און זיך ניט פר

נאנדערוויינען אָדער ניט אומפּאַלען פון מידינקייט און צובראָ־כענקייט.

זיי זיינען געשטאַנען פאַר דעם באַגאַזש־מייסטער. דער גע־פּעק־טרעגער האָט באַלד גענומען איהר קופערט, און עס צוגעטראָגען צו אַ קאַטש. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער זיינען זיי געזעסען אין אַ געשלאָסענעם וואָגען.

בעטינאַ האָט אָנגעשפּאַרט איהר קאָפּ אָן זיין פּלייצע און מיט אַ הארצרייסענדען געוויין האָט זי ארויסגעשטאַמעלט:

— טאַם! וואָס האָבען זיי דאָ געמאַכט פון דיר! ווי דו זעהסט אויס!

ער האָט זיך פריהער געשראָקען פאַר איהר רחמנות, און איצט האָט עס איהם וואויל געטהאָן, ווי אַ לייכטער רעגען פאַר די פריה־לינגס־בלומען. אָבער דאַן איז ווידער געקומען איבער איהם אַ גע־פיהל פון שרעק. זי ווייס דאָך נאָך גאָר ניט. דאָס ערגסטע קומט נאָך איצט. ער האָט פּלוצלונג אָנגעכאַפּט איהרעביידע הענד, און געשטאַמעלט:

— בעטינאַ, איך מוז דיר עטוואָס זאָגען, הערסטו, בעטינאַ? איהרע אויגען האָבען זיך פערדונקעלט.

— ניט איצט — האָט זי געזאָגט פול מיט אנגסט — ניט איצט, טהאָמאַס! — און זי האָט גענלעט זיין האַנד, ווי מען טהוט עס אַ קראַנקען קינד.

— בעטינאַ, איך מוז!

— טו רייד!

— בעטינאַ, דו מוזט זיין גוט צו מיר. דו מוזט זיין גוט צו מיר, וואָס דו זאָלסט ניט הערען. הערסטו, בעטינאַ?

— איך הער — האָט זי געענטפערט, איהם אָנקוקענדיג שמערצ־פול.

אַ קליינע ווײַלע האָט ער געשוויגען. אַלע זיינע ליידען האָבען איהם אויסגעזעהען אַ קלייניגקייט אין פערגלייך מיט דעם, וואָס ער דאַרף איצט דורכמאַכען, און ברעכענדיג מיט זיינע הענד, האָט ער ארויסגערעדט שנעל:

— בעטינאַ, איך בין פערהייראַט.

זי האָט איהרע אויגען ניט אראָבגענומען פון זיין פּנים די גאַנצע

צייט. און איצט, אז ער האָט ארויסגערעדט דיזע ווערטער, האָט זיך אַלעס אָנגעהויבען דרעהען ארום איהר. זי האָט דייטליך גע־פיהלט, ווי דער טוידט פאַכעט ארום איהר מיט זיינע פליגלען. דאן אָבער האָט זי ווידער אַ בליק געטהאָן אין זיין פּנים, פול מיט לייד און שמערץ, און אויף איינמאָל איז איהר געקומען דער געדאַנק: איז ער ביין זינען? אודאי מוז ער זיין קראנק. ער פיבערט. און אויפ'ן קול האָט זי געזאָגט:

— טאַם, דאָס איז דאָך קיין גרונד ניט אזוי זיך אויפצורעגען.

— איך בין פערהייראַט — האָט ער נאָך אַ מאָל געשטאַמעלט.

ווידער האָט זי גענומען זיין האַנד, און ווי מען רעדט צו אַ קראַנקען, בערוהיגענדיג און טרויסטענדיג, האָט זי געזאָגט:

— נו, גוט, דו ביזט פערהייראַט. און כמעט שטיפעריש האָט זי צוגעגעבען: — יעדער מענש פערהייראַט זיך אַ מאָל.

דאַ האָבען זיך אָנגעהויבען בייטען די קאָלירען אין זיין פּנים. ער האָט איהר פערשטאַנען. און מיט אַ הייזעריגער שטימע האָט ער אויסגעשריען:

— דו מיינסט, איך בין קראנק, בעטינאַ, דו גלויבסט עס ניט... אָבער עס איז אזוי אמת! — און מיט אַ פערשטיקטער שטימע האָט ער צוגעלייגט: — דו מוזט זיין גוט צו איהר. און, איבערשפּרינ־גענדיג פיעלע געדאַנקען: — זי איז ניט שולדיג פאר איהר עלענד. דו מוזט גוט זיין צו איהר, בעטינאַ!

אין מיטען דערינען האָט ער געעפענט די טהיר פון קאַטש און האָט אָנגערופען דעם קוטשער דעם אדרעס פון דער פרוי בראַזע.

— דו קענסט ביי מיר ניט וואָוינען.

זי האָט שטום איינגעווויליגט. אַלעס האָט זיך אין איהר צו־זאמענגעצויגען. אַ טיעפער שמערץ האָט זי אָנגעכאַפּט. און טאָ־מער איז עס טאַקי אמת?... אָ, גאָט, לאָז עס ניט זיין אמת! ליעבער, ליעבער גאָט, דערבאַרם זיך!

זי האָט ווידער ארויפגעקוקט צו איהם, און אַ פיינער געפיהל פון שעהמעוודיגקייט האָט איהר דורכגענומען. וואָס האָבען זיי גע־מאכט פון איהם?

פרוי בראַזע האָט געוואָוינט אויף דעם פיערטען שטאָק פון אַ הויף־וואָהנונג אין דער לאַטהרינגען גאַס.

ווען עס האָט אָנגעקלונגען ביי איהר, און טהאָמאַס און בעטינא זיינען געשטאַנען אין טיר, האָט זי צוערשט אַרויסגע־שטויסען א געשריי פון איבעררא־שונג. דאַן אָבער האָט זי מיט א מאָדנער צערטליכקייט געדריקט צו זיך די מיידעל.

— איך וועל אין א האלבע שטונדע ארום דאָ ווידער זיין — האָט טהאָמאַס געזאָגט אונרוהיג.

פרוי בראָזע האָט אריינגעפיהרט בעטינא׳ן אין צימער, האָט זיך געזעצט אנטקעגען איהר. און ווען זי האָט געזעהען איהר בלאַסען, פערוויינטען פּנים, האָט זי איהר ארומגענומען.

בעטינא האָט זיך אויפגעהויבען. אַלעס האָט זיך געדרעהט ארום איהר.

— איך וויל די וואהרהייט וויסען — האָט זי געמורמעלט, האַלטענדיג איהרע ביידע הענד אָנגעשפּאַרט אָן רוקען פון שטוהל.

— האָט ער עס דען איך ניט געזאָגט?

זי האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— איז ער קראַנק? וואָס פעהלט איהם?

פרוי בראָזע איז זיך פאַרגעקומען ווי א תליון.

— האָט ער איך דען גאָר ניט דערצעהלט פון יענער פּערזאָן?

בעטינא האָט טיעף אראָבגעלאָזען איהר קאָפּ. זי האָט ניט געוואָלט, אז די אנדערע זאָל איצט זעהען איהר פּנים. און זי האָט נור געמורמעלט:

— איך וויל אַלעס וויסען.

דאַן האָט פרוי בראָזע איהר דערצעהלט אַלעס.

ער האָט אַלזאָ ניט גערעדט פון פיבער! מיט אַנאַנדערער, וועל־כע ער האָט נאָך יעמאָלט גאָר ניט געקאָנט! מיט איינער, וועלכע ער האָט פון גאַס אויפגעהויבען, האָט ער זיך פעראייניגט, וועהרענד זי דאָרט האָט נאָך איהם געהונגערט און אין טיעפּסטע ליידען גע־טראָגען זיין בילד ווי פון א הייליגען, סיי טרוימענדיג און סיי וואַ־כענדיג! ער האָט זיך געשמידט פאר דאָס גאַנצע לעבען, און איהר האָט ער אפילו א וואָרט ניט געשריבען. וועגען דעם וויכטיגסטען שריט אין זיין לעבען האָט ער איהר מיט קיין זילבע ניט געלאָזט וויסען. און זי האָט זיך אזוי געצויגען צו איהם די גאַנצע צייט! זי האָט צוגעפּרעסט איהרע הענד צו די שלייפען. זי וואָלט עס

פערשטאנען, ווען דאס וואלט געווען יענע.... אבער אזוי.... אזוי? און דאן האט זי ווידער געזעהען זיין אבגעצעהרטען פנים, און ווידער האט זי געמורמעלט: — טאם, וואס האבען זיי דא געמאכט מיט דיר! און דאן האט זי פערשטאנען, ווארום ער האט צו איהר ניט געשריבען.

דרויסען האבען זיך דערהערט זיינע טריט.

פרוי בראזע האט געפענט די טיר. ווען ער איז אריינגעקומען, איז בעטינא צו איהם צוגעלאפען מיט א לויכטענדען געזיכט. זי האט נור געזאגט: „טאם!... טאם!" און האט זיך צוגעדריקט צו איהם צערטליך און אונשולדספול.

לאנג זיינען זיי געזעסען צוזאמען. פרוי בראזע איז אוועק. יעדעס ווארט, וואס ער האט גערעדט, איז טיעף אריינגעדרונגען אין איהר נשמה. זי האט די גאנצע צייט ניט לויז־געלאזען זיין האנד. און איינמאל האט זי איהם א קוש געטהאן אויפ'ן שטערען.

— איך קוש דיך, ווי א שוועסטער, — האט זי צו איהם געזאגט.

און די גאנצע צייט זיינען געפלאסען די טרעהרען פון איהרע אויגען, וויפיעל זי האט ניט געקעמפפט געגען דעם.

ער האט איהר אויסגעזעהן אזוי מיעד, אזוי קראנק און אזוי פערצווייפעלט. זי האט איהם ניט געמאכט קיינע פארווירפע. קיין ווארט פון צארען האט זיך ניט ארויסגעריסען פון איהרע ליפען. זי האט איהם געזעהן אין זיין טיעפען עלענד; זי האט געזעהן איהם בלוטענד; זי האט אויף זיינע ברוינע לאקען די דערנער־קרוין געזעהן.

— טאם — האט זי געבעטען — קוק מיך ניט אן אזוי. שטאלץ און גרויס זאל זיין דיין בליק. דו דארפסט גאר ניט פיהלען זיך געשלאגען. דער לעבען טאר ניט זיעגען איבער דיר.

דאן האט ער גענומען איהר האנד און זי צוגעלעגט צו זיין באק.

— בעטינא, איך בין ניט מוטהלאז, איך בין ביי זיך גאר ניט געפאלען. איך בין בלויז מיעד און איבערגעארבייט. איך קעמפף, בעטינא — האט ער צו איהר געזאגט. און זיין שטימע האט געהאט עטוואס טיעף־ערנסטעס. זי האט געקלונגען, ווי א ריין־געשטימטער

גלאָק — איך קעמפּף פאַר מיין וואהרהייט אזוי לאַנג נור, ווי איך קען.

ער האָט געשוויגען א פּאָר מינוטען, און אָנקוקענדיג זי מיט זיינע גרויסע, טיעפע אויגען, האָט ער געזאָגט:

— געגען קיינעם בין איך אזוי שטארק ניט שולדיג, ווי געגען דיר. און דאָך איז עס ניט א שולד אין געוועהנליכען זינן. עס דאכט זיך מיר, אזוי ווי איך וואָלט ערשט יעצט מיך אליין פערשטאנען. אויב איך האָב געזינדיגט געגען דיר — אין זיין שטימע האָבען זיך געהערט טרעהרען — האָב איך עס געטהאָן אוים עהרפורכט צו דיר. — און צודריקענדיג זיך פעסט צו איהר, האָט ער צוגעלעגט:

— איך האָב מיך אזוי, אזוי געשעהמט.. דו... דו מוזט מיך פערשטעהן, ליעבע... ליעבע בעטינא.

— איך פערשטעה דיך — האָט זי געענטפערט, און דער גליק, וואָס זי האָט געפיהלט אין דיעזען מאָמענט, האָט ארויסגעלויכטען פון איהר פּנים. — איך פערשטעה דיך, טאָם, דיך, וועלכער איז בעסער, ווי אלע אנדערע.

— ניין... ניין, בעטינא, זאָג עס ניט.

זיין פּנים, פול מיט אן אויסדרוק פון טיעפען שמערץ, האָט פערניכטעט אלע איהרע אויפגעלעבטע האָפנונגען.

עס האָט איהר אָנגעהויבען צו ווערען קאלט אין זיין געזעלשאפט.

ער איז ניט געווען מעהר פון דיעזער וועלט... ער איז געלעגען ביין וועג... צוגעשלאָגען צו אן איינזאמען קרייץ.

און אזוי ווי ער וואָלט פּלוצלונג געטראָפען איהרע געדאנקען, האָט ער געזאָגט מיט א זאנפטען שמייכעל:

— ניין, בעטינא, ניין, אזוי איז עס ניט!

זי האָט קוים פערשטאנען זיינע ווערטער. זי האָט נור געזעהן זיין טויט־שמייכעל, און האָט פערבאָרגען איהר פּנים אין איהרע הענד.

די גאנצע נאכט, ווען טהאָמאס איז שוין לאנג אוועק, האָט זי פערבראכט וואכענדיג מיט פרוי בראָזע, כאָטש זי איז געווען אזוי מיעד. פרוי בראָזע איז געזעסען ביי איהר בעט, האלטענדיג איהר האנד. זי האָט איהר געמוזט דערצעהלען מיט אלע איינצעלהייטען,

ווי אזוי דאָס אַלעס איז געוואָרען. ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט, האָט זיך בעטינא צוגעהערט. נור פון צייט צו צייט איז געפאַלען איהר בליק אויף פרוי בראָזע. זי האָט געפיהלט, דאָס דיעזע פרוי ליידעט פונקט אזוי ווי זי, פון איהרע רייד האָט זי ארויסגעפיהלט, ווי פרוי בראָזע איז שטאַרק פעראינטערעסירט אין איהם. און מיט אַ שווערען געמיטה האָט זי געטראַכט: אויך זי...

— דאָס לעבען האָט איהם מיעד געמאַכט — האָט פרוי בראָזע געענדיגט — און פאַר איהם איז איצט דאָ בלויז איין רעטונג: ער מוז זיך פריי מאַכען פון זיין פרוי. ער טאָר זיך ניט אויפאָפּפערען פאַר איהר.

דאַן איז פרוי בראָזע אַוועק שלאָפען.

בעטינא האָט אָבער ניט געקענט איינשלאָפען. אַלערליי מאָדנע ריזיקאַלישע פלענער האָט זי געשמידט. אָבער יעדעס מאָל, ווען אַלעס האָט זיך גליקליך געענדיגט, לויט אַ געוויסען פּלאַן, האָט זי עלענד געשמייכעלט. איך האָב גאָר קיין מאַכט ניט איבער איהם, האָט זי זיך געזאָגט אין ביטערען שמערץ. און דאַן האָט זי זיך אונרוהיג ארומגעוואָרפען אין איהר בעט, רויט ווערענדיג מיט אַ מיידעלשער שעהמעריגקייט.

זי האָט עס זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, דאָס ער איז פערהייראַטה, דאָס ער טהיילט טיש און בעט מיט אַן אַנדערער. איהר גאַנצער פיהלען האָט זיך געוועהרט געגען דעם. דאַן ווידער האָט זי זיך בערוהיגט דערמיט, וואָס ער הויבט ניט אַן אויסצוזעהן ווי אַ פערהייראַטהער. זיין געזיכט איז אזוי ריין און עדעל געבליבען, ווי דאַן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין אינגעל. פיעל מעהר זעהט ער אויס, ווי אַן אַסקעטישער מאָנאַך, וועלכער ווערט געפּייניגט פון אַלערליי געוויסענסביסע. און מיט איינמאָל האָט זי זיך אויפגעזעצט אין בעט, און ווי אַ קינד האָט זי צוזאַמענגעלעגט די הענד און געבעטען:

„גרויסער גאָט, אזוי זאָל עס זיין!“

זי האָט בעשלאָסען צו געהן צו דער פרוי, און פאַלען פאַר איהר אויף די קניע און בעטען איהר, זי זאָל איהם פריילאָזען. ניט דער מינדעסטער פאָרוואורף זאָל קומען איבער איהרע ליפּען, נור בעטען, בעטען, ווי אַ בעטלערקע אַ נדבה.

אָבער ווי, ווען דאָס בעטען וועט גאָר ניט העלפען? ווי, ווען יענע וועט גאָר ניט וועלען הערען, ערקלערענדיג, דאָס ער האָט מיט איהר געהייראטה, און דאָס זי איז זיין געזעצליכע ווייב, און וויל ניט וויסען פון די אַלע נאַרישקייטען, ווי איהם פריילאָזען? וואָס וועט זי דאַן טהאָן? אַ הייסער געפיהל פון צאָרען האָט איהר דורכ־גענומען, און בייזע קינדהייטס־עראינערונגען זיינען געקומען אין איהר זכרון. זי האָט געטראַכט פון דעם האס, וועלכען זי האָט גע־פיהלט די אַלע יאָהרען צו איהר טאַטען. זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם, ווי זי האָט אין איהר ראַבע־געפיהל געגען איהם צובראָכען זיין בעסטע פידעל. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי אין דער צייט פון איהר קינסטלערישען קאַמפף איז איינער פון איהרע שטאַרקסטע ווינשע געווען צו קענען איהם ווייזען, דאָס זי שפּיעלט בעסער פאַר איהם. און אויך איצט האָט זי דערפיהלט אַ שטאַרקע גרויזאַמקייט אויפ־שטייגען אין זיך. אין דער פינסטערניס פון דער נאַכט איז איהר אויך געקומען אין זינען יענע סצענע, ווען זי האָט, אַלס קינד, ביי־נאַכט אַנגעקלאַפּט אין טהאַמאַס'עס שלאָף־צימער און פון איהם געפאָדערט דעם מעסער, מורא האָבענדיג, דאָס ער קען עפּעס שרעק־ליכעס טהאָן מיט איהם. ער האָט איהר דערלאַנגט דעם מעסער דורך די טהיר, און איהר אויפ'ן שטערען געקושט. זייט יענער נאַכט האָט זי זיך מיט דעם מעסער ניט צושיידט, ווי מיט עטוואָס זעהר טהייע־רעס. אפשר וועט דיעזער מעסער איהר איצט העלפען...

עס האָט איהר געפרוירען. זי האָט צונויפגעדריקט די צייהן... ווען טהאָמאַס וואָלט עס געוואוסט! די אויגען זיינען איהר געוואָ־רען אַלץ שווערער און שווערער, און דאָך איינשלאָפען האָט זי ניט געקענט. ווען איך וואָלט איהם מיט מיין מוזיק געקענט העלפען. און דאַן האָט זי געפיהלט אָן אַנגסט ביי דעם געדאַנק, דאָס אין צוויי טעג אַרום דאַרף זי שפּיעלען פאַר ווילד־פרעמדע מענשען — אין אַזאַ צושטאַנד ווי זי געפינט זיך איצט!... ווי האָט זי זיך עס געפרעהט ביי דעם געדאַנק, דאָס זי וועט פאַר קיינעם ניט שפּיעלען, נור פאַר איהם אַליין!

די גרויע ווינטער־זונן האָט זיך מיעד דורכגע'גנב'עט דורך די פערדיקטע שויבען, ווען זי איז ענדליך מיעד און צושלאָגען איינ־געשלאָפען.

.2

זי איז גראָדע אויפגעשטאַנען, ווען טהאָמאַס איז געקומען. זי האָט אויסגעשטרעקט צו איהם איהרע ביידע הענד און געמאַטערט זיך צו שמייכלען. אָבער דער שמייכעל איז אָבגעשטאָרבען אויף איהרע ליפּען.ביים ליכט פון טאָג האָט טהאָמאַס אויסגעזעהן נאָך עלענדער און אונגליקליכער.

זי האָט זיך צוזאַמענגענומען. אין איהר האָט אַלעס געוויינט. זי האָט גענומען זיין האַנד און געגלעט.

— דו מוזט מיט מיר אַרויספאָהרען אויפ'ן לאַנד — האָט זי געזאָגט — און, ווען דאָס זאָל זיין, נור אויף אַ פּאָר וואָכען. איך וועל דיר מיט מיין שפּיעלען געזונד מאַכען, טאָם! געדענקסטו נאָך, ווי דו האָסט זיך צוגעהערט צו מיין שפּיעלען אין גאָרטען? דו דאַרפסט ניט מאַכען אַזאַ ערנסטען פּנים. דו האָסט דאָך פערגעסען צו לאַכען, איך וועל עס דיר ווידער לערנען. איך וועל דיר לערנען דאָס לעבען, דאָס לאַכען, דעם פריהלינג, די מוזיק. פריהלינג און מוזיק געהען צוזאַמען. זיי זיינען דאָס לעבען, טאָם!

ער האָט איהר געהערט שווייגענדיג, וועהרענד אַ פערטרויער־טער שטריך האָט געשפּיעלט אַרום זיינע ליפּען. און מיט זיין אַלטען שמייכעל האָט ער געזאָגט:

— דו דאַרפסט מיך ניט אָנקוקען אַזוי שרעקליך טרויעריג, בעטינאַ, איך לעב און וויל לעבען. איך בין פיעל שטאַרקער, ווי דו מיינסט.

איהר געזיכט האָט געשטראַהלט פון פרייד, הערענדיג איהם אַזוי ריידען. זי האָט אָנגעטהאָן אויף זיך איהר פוטערנעם הוט, אַרויפגעוואָרפען אויף זיך אַ קייפּ, און האָט איהר פידעל־קעסטעל גענומען אונטער'ן האַנד.

— קום מיט מיר. איך האָב היינט פּראָבע. איך וויל, דו זאָלסט דערביי זיין.

זי האָט געזעהן, ווי ער איז בלאַס געוואָרען, און האָט איהם ערשטוינט אָנגעקוקט.

— איך וויל דיך ערשט הערען שפּיעלען, בעטינאַ, אין אָבענד. איך... איך שרעק מיך אַזוי פּאַר דער מוזיק.

זי האָט אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

— אָבער מעג איך דיך בעגלייטען?

דער טאָן פון זיין שטימע האָט איהר אונענדליך וועה געטהאָן.

— ווי דו רעדסט, טהאָמאָס!

פאַר איהם איז זי געווען א היילינע. ער האָט די אויגען ניט אראָבגענומען פון איהרע שמאָלע, ווייסע הענד, וועלכע האָבען עס וואָס געציטערט. צוזאַמען זיינען זיי ארונטערגעגאַנגען די טרעפּ זיי זיינען אריין אין די פריעדריך־גאַס און פון דאָרט צו די לינדען עס איז געווען א פרישער קאַלטער וועטער, וועלכער האָט זיי וואויל געטהאָן.

גאַנץ שטיל האָט זי אריינגעלעגט איהר אָרעם אין זיינעם. און פּלוצלונג האָט זי געפרעגט מיט א טיעפען ערנסט:

— טהאָמאָס, ליעבסטו דיעזע פרוי?

און גלייך האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקען. זיין בלאַסער ליי־דענדער פּנים האָט אויסגעזעהן, ווי פערוואונדעט.

— ניין, ניין, איך וויל גאָר ניט וויסען... איך וויל גאָר ניט פרעגען.

זיין פּנים איז געוואָרען וויעדער רוהיג, און ער האָט איהר געענטפערט:

— דו האָסט א רעכט דאָס צו פרעגען, בעטינאַ, נור דו אליין. איך בין צוגעשמידט צו דער פרוי דורך מיין אייגענעם ענטשלוס. דיעזער מענש זינקט, ווען איך פערלאָז איהם. און איך קען ניט זעהן א מענשען זינקען... ער האָט זיך א פיהר געטהאָן מיט'ן האַנד איבער די האָר. — די אנדערע גלויבען — האָט ער ווייטער גערעדט — איך געה צו־גרונד אין דיעזען שווערען קאַמפּף. דאָס איז ניט אמת. עס איז עטוואָס אנדערעס אין מיר צובראָכען... עס דוכט זיך מיר, אז איך בין גאַנץ איינזאַם. איך פיהל דייטליך, דאָס איך שטעה אליין, און דאָס די אנדערע קעמפּפען אָבגעשיידט פון מיר. אין מיר איז א פוסטקייט. איך קעמפּף, איך קעמפּף, און בין צו קיין קלאָרקייט נאָך ניט געקומען. אלעס אין מיר איז נאָך דונקעל. אמאָל בליצט עס אויף פאַר אַן אויגענבליק, אָבער דאַן....

ער האָט אָבגעבראָכען. זיי זיינען געשטאַנען פאַר דעם אוני־

ווערסיטעט. און ווי געבלענדעט האָט ער געקוקט אויף די סטאַטוען פון דיביידע הומבאָלדטס.

— מען גלויבט צו הערען אַ וואַהרהייט, בעטינאַ, פאַר וועלכע מען קעמפּפט מיט אַלע כחות, און דאַן שטעלט זיך אַרויס, דאָס מען האָט זיך אַליין אָבגענאַרט, דאָס מען האָט אויף זיך אַליין קייטען אַרויפגעלעגט. און דאָס איז עס, וואָס מאַכט איינעם עלענד. און אימער וויעדער מוז מען אויפגעבען די אַלטע וואַהרהייטען. זיי פערזינקען פאַר איינעם, ווי טומאַן־בילדער. דאָ, אין אוניווערסיטעט, בעטינאַ, לערנען זיי דאָס וויסען. עלענדער און אָרימער און האָפנונגסלאָזער בין איך אַרויסגעקומען פון דאַנען, ווי ווען איך בין אַריין. קום ווייטער.

זיי האָבען ביידע ניט געזעהען, ווי מענשען זיינען שטעהען געבליעבען און זיי נאָכגעקוקט. איהר זאָנדערבאַרע, אונבעריהרטע שעהנהייט און זיין אָרימע קליידונג האָבען צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט.

זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך דעם קאַשטאַנען־וועלדעל. אויף די בוימער איז געלעגען דער פעסט־געפראָרענער שנעע. באַלד זיינען זיי צוגעקומען צו דער זינג־אַקאַדעמיע, צו דעם עלטסטען און פאָרנעהמסטען קאָנצערט־זאַל אין בערלין. איינצעלנע אָרקעסטער־מוזיקער מיט די אינסטרומענטען אונטער'ן אָרעם זיינען זיי פאָרביי־געגאַנגען.

— איך מוז מיך איילען. די מוזיקער זיינען שוין דאָ. איך שפּיעל, פערשטעהסטו, מיט'ן אָרקעסטער.

ער האָט איהר געדריקט די האַנד.

— וואו טרעפען מיר זיך?

ער האָט נאָכגעדענקט אַ ווײַלע.

— ווילסטו נאָך היינט געהן צו איהר?

זי איז געוואָרען בלאַסער.

— יאָ, איך געה צו איהר נאָך דער פּראָבע.

— דו וועסט צו איהר פריינדליך זיין, יאָ? דו קענסט דאָך אַר ניט אַנדערש!

זאָגענדיג דאָס, האָט ער אָבגעקעהרט די אויגען פון איהר פּנים. זי האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איך וועל דיך, אלזאַ, טרעפען ביי פרוי בראַזע. אדיע.

— אדיע.

זי איז שנעל אריין אין די זינג־אקאדעמיע.

.3

לאַנגזאם איז טהאָמאס ווידער געגאַנגען אונטער די לינדען, קוים וויסענדיג, וואו ער איז געגאַנגען און קיינעם ניט בעמערקענדיג. ער איז פערבייגעגאַנגען דעם אַלטען שלאָס, האָט זיך אָבגעשטעלט און בעטראַכט איהם אַ ווײַלע, און איז ווייטער אוועק, אָהן אַ בע־שטימטען ציעל. מיט איין מאָל איז ער שטעהן געבליעבען, און אַ קוק געטהאָן ארום זיך. אין דיזער געגענד איז ער נאָך קיינ־מאָל ניט געוועזן. ער האָט זי גוט בעטראַכט, איידער ער האָט זיך פערקירעוועט אין אַ זייטען־גאַס.

וואָס איז עס? דאָס איז דאָך גאָר אונמעגליך... און דאָך גאַנץ דייטליך זיינען דאָ געשטאַנען אויף אַ שילד דיביידע ווערטער: „ביים קרעגעל“.

כמעט ווי דערשראָקען איז ער אריין אין די שמאָלע געסעל. און איצט איז ער געוועזן ווי אין אַן אנדער וועלט, וועלכע האָט גאָר ניט געמיינשאַפטליכעס געהאַט מיט דעם איבריגען בערלין. גאַנץ אַלטע הייזער מיט מעכטיגע ווענד און שטיינער פון פערזונקענע יאהרהונדערטע, און יעדע הויז האָט געהאַט צום אריינפאָהר אַ רונדען טויער. אַ גרויסער הויף איז געלעגען פאַר איהם, און פון דאָרט האָבען זיך געטראָגען די קולות פון האמערען און שלאָגען.

די גאַנצע געגענד איז איהם פאָרגעקומען ווי פער׳כשופ׳ט. ער האָט אריינגעקוקט אין אַ קעלער און ער האָט געזעהען, ווי אַ גאַנץ אַלטע פרוי קוקט ארויס פון פענסטער איבער די ענגע גאַס. ביי אַ צווייטען פענסטער האָט ער געזעהען אַ פערטריקענטע מיידעל מיט פלאַקס־געלע שיטערע האָאר, בלעטערנדיג מיט איהרע דאַרע פינגער אין אַ פערקנייטשטען בוך. און עטוואָס ווייטער האָט ער בעמערקט אַן אַלטען, וועמעס האָאר זיינען געוועזן ווייס ווי מילך, זיצענדיג אויף אַ שטוהל, און קוקענדיג דורך אַ שפּאַקטיוו ווי אויף די איינגעווייד פון אַ קליין זייגערל. דער אַלטער האָט, ווי עס האָט

אויסגעזעהען, געהערט צו יענעם סאָרט זייגערמאכער, וועלכע מען בעגעגענט שוין גאָר ניט אין די היינטיגע צייטען. טהאָמאַס איז אריין אין הויז, פון וואנען עס האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּען מיט'ן האמער... אהא, דאָרט איז געווען א קוזשניע. א גרויסער שטארקער מאַן, אין א פאַרטוך פון פעל, איז איהם געקומען אנטקעגען.

— ענטשולדיגט, וואו געפין איך זיך דאָ?

דער מאַן האָט א קורצען און גראָבען געלעכטער ארויסגעלאָזען.

— מיט א פּאָאר יאהרהונדערט צוריק. — האָט ער געענטפערט קורץ. און אָבמעסטענדיג לאנגזאם דעם פרעגער מיט זיינע אויגען, האָט ער צוגעלעגט: — דיזע הויז איז שוין פיער הונדערט יאהר אַלט. די אייגענטהימערין איז ערשט געשטאָרבען. די שטאדט בערלין וועט איצט זיין איהר יורש'טע. דאָ אויבען וואוינט א פרוי, ניינציג יאָהר אַלט, וועלכע איז דאָ געבאָרען געוואָרען. די נעגענד האָט איהר געשיכטע, וועלכע וואָלט גענומען צו לאנג צו דערצעהלען.

דער מאַן איז צוריקגעגאנגען צו זיין ארבייט.

טהאָמאַס איז אוועק ווייטער. ווען ער איז געקומען צו ענדע גאַס, איז ער געשטאַנען אויף א בריק. פאַר איהם איז געווען דער טייך די ספּרעע. ביי זיינע ברעגעס זיינען געשטאַנען פעררויכערטע שפּייכלער און פאַבריקען.

דאָ אַלזאָ האָט געוואוינט מעטהיוס לינד.

ער האָט בעטראַכט נאָך א ווײלע דאָס לעבען ארום איהם, און איז אריין צוריק אין גאַס.

ער איז שטעהן געבליעבען פאַר'ן הויז נומער פיער, האָט זיך בעטראַכט און איז דאַן ארויפגעשטיגען אויף די ברייטע טרעפּ.

עס האָט זיך געעפענט א טהיר און א בליהענדע יונגע פרוי, וועלכע האָט געהאַלטען אַזויג־קינד ביי איהר ברוסט, איז צו איהם צוגעגאַנגען. זי איז רויט געוואָרען און מיט דער פרייער האַנד האָט זי געוואָלט פערדעקען איהר ענטבלויזטע ברוסט.

— וואו וואוינט דאָ מעטהיוס לינד?

זי האָט איהם געוויזען שטום אויף די נעכסטע טהיר און איז פערשוואונדען.

ער האָט אָנגעקלאַפּט, און די טיהר האָט זיך גלייך געעפענט.

אַהן דעם מינדעסטען צייכען פון ערשטוינונג האָט איהם זיין בעקאַנטער געבעטען אַריינקומען.

עס איז געווען אַ לעדיגער צימער אָהן די מינדעסטע פערפוצונג. אויף דער ערד איז געלעגען אַ מאַטראַץ, בעדעקט מיט אַ צוריסענע פעל. אויף דעם אָרימען, זיך שאָקלענדיגען טיש זיינען געלעגען אַ פּאָאר ביכער. אין דעם געעפענטען שופלאָד האָט טהאָמאַס געזעהען עפּעל און געטריקענטע אויבס, און אין אַן אַלטמאָדישען אויוון האָט געקנאַקט און געפלאַקערט אַ פרעהליכער פייער.

— דאָ איז גוט צו וואוינען. — האָט טהאָמאַס געזאָגט — דאָ איז שטיל און איינזאַם.

— יא, — האָט וויעדערהאָלט דער ווירטה פון דיזער וואוינונג מיט אַ בעזאָנדערער בעטאָנונג — דאָ איז שטיל און איינזאַם.

— איך בין צו אייך געקומען דורך אַ מאָדנעם צופאַל. און אַז איך בין שוין דאָ, וואָלט איך געוואָלט מעהר הערען פון דעם פּרינץ סידהאַרטאַ גואַטאַמאַ.

מאַטהיוס לינד האָט איהם אויסגעהערט מיט אַ זאַנפטען שמייכעל. דאַן האָט ער איהם אָנגעוויזען שווייגענדיג אויף דעם איינציגען הילצערנעם שטוהל, וואָס איז געווען אין צימער.

טהאָמאַס האָט זיך געזעצט.

מאַטהיוס לינד האָט מעהרערע מאָל דורכגעשפּרייזט דאָס צימער, דאַן האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אַן וואַנד און האָט אָנגעפאַנגען:

—איך האָב געלאָזען דאָרט, וואו סידהאַרטאַ, זיצענדיג אונטער'ן בוים, קומט צו אַ נייער ערקענטניס. פון דאָרט איז בודהאַ ווייטער געגאַנגען און האָט אין דער גרויסער שטילקייט פון אָווענד געלערנט מיט אַנדערע. דער אָווענד, זאָגען אונזערע ביכער, איז געווען עהנליך צו אַ ליעבליכע מיידעל. די שטערען זיינען געווען די פּערל אויף איהר האַלז, און די דונקעלע וואָלקען זיינען געווען איהרע געפלאָכטענע האָאר. פּונקט ווי אַ קרוין האָט זי געטראָגען דעם הימעל. איהרע אויגען זיינען געווען די ווייסע לאָטאָס־בלומען, וועלכע עפענען זיך פאַר דער אויפגעהענדער לבנה. עס איז געקומען דיעזע ליעבליכע מיידעל, אום צו לעבען מיט בודהאַ און צו הערען די ערשטע פערקינדיגונג פון וואָרט,

ער איז שטיל געוואָרען א ווײלע.

זיין פּנים האָט אָנגענומען עטוואָס טרוימערישעס און פּראָפּעטישעס, און ער האָט ווייטער גערעדט:

— וואָס האָט בודהא געלערנט? בודהא האָט געלערנט דאָס דער בעגעהר פון דעם גערדאַנקענלאָזען מענשען וואַקסט אונגעהויער שנעל. ער לויפט פון לעבען צו לעבען, ווי א מאַלפּע, וואָס זוכט פרוכט אין וואַלד. ווענען עס בעהערשט און בעזיעגט דער ווילדער בעגעהר, דער ליידעט אָהן א שיעור. ווער עס בעהערשט אָבער און בעזיעגט דעם בעגעהר, דער ווייס ניט פון קיינע ליידען; די ליידען פאַלען פון איהם אַראָב, ווי די וואַסער־טראָפּען פון א לאָטאָס־בלאַט.

מיט דורכדרינגענדע אויגען האָט ער די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט גערעדט, געקוקט אויף טהאָמאַס׳ן.

— פון וואַנען קומט דער בעגעהר? — האָט טהאָמאַס געפרעגט.

— הערט עס און נעהמט עס אריין אין זינען. דער בעגעהר קומט פון דער איינרעדעניש פון „איך". זי בעשאַפט עס דעם בעגעהר צו לעבען. זי איז דער קוואַל פון אַלע ליידענשאַפטען, פון דעם שטרעבען נאָך א צוקינפטיגען לעבען אָדער פון דער ליעבע צו דער איצטיגער וועלט. זי איז דער קוואַל פון אַלערליי ליידען. אונזערע ביכער רופען עס מיט דעם נאָמען „געצענדיענעריי" פון דער אינדיווידואַליטעט. נור דער ליידענשאַפטס־מענש, דער אונוויסענדער מענש האַלט זיך אַזוי פעסט, ווי א טרינקענדער, אָן די בעגריפע: „איך בין", „דער איך איז דאָ", „איך וועל זיין", „איך וועל ניט זיין". ווער עס האָט ערוואָרבען די אמת׳ע חכמה, דער ווייס ניט מעהר פון אַזעלכע אידעען. דאַרום זאָגט בודהא: נעהמט זיך אויף דעם פיער־פאַכיגען וועג, וועלכער פיהרט צו חכמה, צו הייליגקייט, צו ערפילונג און צו אייביגער רוה. ווערט בעוואוסט פון אייער פרייהייט און טהוט אַזוי, דאָס איהר זאָלט שוין ניט קענען מעהר געבאָרען ווערען אין דיזער וועלט. דער וואָס וואַנדערט אַרום אָהן א היימאַטה און אָהן ווינשע, דער איז הייליג... ווערט זעלבסטלאָז, זאָגט בודהא, וויל דער גלויבען אין זעלבסט פיהרט צו ליידען, צו שמערץ, צו פערצווייפלונג... געהט אויף דעם עדלען וועג פון א טוגענדהאַפטען און געדאַנקענפולען לעבען. אַזא מענש איז פריי פון די צווייפעל און די נאַרעריי פון דעם איך.

מאטהיום לינד האט זיך אבגעווישט דעם שווייס פון בלאסען שטערן, איידער ער האט גאנץ לאנגזאם ווייטער גערעדט:

— אונזער טהון, אונזער האנדלען איז אונזער „קארמא“.

דיזען ווארט האט מאטהיום ארויסגערעדט געהיימניספול און קוים וואס מען האט עס געהערט. און נאך א לאנגען שטילשווייגען, האט ער ערקלערט:

— דאס מיינט, אז אונזער געגענווארט איז די פרוכט פון אונזער פערגאנגענהייט. מיר אליין מאכען אונזער שיקזאל; מיר אליין בעשטימען אונזער ענדליכקייט. אונזער קערפער שטארבט, אבער אונזער קארמא בלייבט איבער, אום ארויסצוברענגען אין דער נייער ווידערגעבורט נייע ליידען און נייע שמערצען... מיר ליידען פון די צרות, וועלכע מיר האבען זיך אליין געמאכט אין א פריהערען לעבען. די אבער, וועלכע זיינען שוין איבערגעגאנגען דעם עדלען, פעסטען וועג, די זיינען פריי פון דער קארמא. זייער אלטער קארמא איז געענדיגט. קיין נייער קען ניט געבארען ווערען. זיי זיינען געקומען צו דער אייביגער רוהע, און ווען זייערע קערפער צופאלען, איז שוין פאר זיי ניטא קיין ווידערגעבורט. זיי לייזען זיך אויף אין דעם גרויסען, הייליגען א ל ץ, אין דאס איינציגע, וואס איז גאט, וועלט, מענש, איך און דו.

ווידער האט ער אבגעבראכען. זיין פנים האט געלויכטען מיט דער גרעסטער פרייד. די וואסער־בלויע אויגען האבען געלויכטען אין אן איבערנאטירליכען גלאנץ.

טהאמאס האט פערגעסען אלעס ארום זיך. דיזער מענש האט געהאט עטוואס אין זיין וועזען און אין זיין שפראך, וואס האט איהם היפנאטיזירט.

פלוצלונג האט מאטהיום אנגענומען זיין האנד און זי לייכט געדריקט. און זעהר שטיל האט ער ווידער גערעדט:

— דאס איז א פאלשע פארשטעלונג פול מיט לייד און פיין. דאס איז א בייזער, שווערער חלום. דאס ניט־זיין איז די ערלעזונג! דארום געהט דורך די ענגע טהירעל, וועלכע פיהרט צו איינהייט און אנטלויפט פון דעם שעהן־לעבען! אונטערדריקט אלע אייערע ווינשע, וועלכע האלטען אונז צוגעשמידט צום ראד פון די טוידטען און געבורטען... האט דעם ווילען צו חכמה, און איהר וועט ווערען

קענענדע, איהר ווערט וויסענדע! די אונוויסענהייט, זאָגט בודהא, איז די אורזאכע פון עלענד. ווערט זעלבסטלאָז! פערשטעהט, דאָס מיר זיינען איינס מיט דעם אַלץ, און איהר וועט בעטרעטען דעם עדעלען וועג... פון דער גרויסער סימפּאַני פון דעם אַלץ ביזטו איין טאָן. דו ווילסט צוזאמענקלינגען מיט דעם גרויסען אַלץ. אָבער דו וועסט פריהער ניט צוזאמענקלינגען, ביז דו וועסט אליין ווערען פריי און ריין געשטימט! דאָ אין דער ווירקליכקייט, מוזטו דורכלעבען דיין אייביגקייט. קעמפּף מיט'ן לעבען, אום צו בעזיעגען דאָס לעבען און די ליידען. אָפּפער זיך זעלבסט, און דו וועסט פריי ווערען פון קנאה, פון אייפערזוכט און פון יעדען געפיהל פון האס.

ער האָט לויזגעלאָזען טהאָמאסעס האנד און האָט שווער אויפגעאָטהעמט.

און אָנקוקענדיג איהם פול מיט מיטלייד, האָט ער זיך געווענדעט דירעקט צו איהם:

— וואַרפט פון זיך אראָב די איינרעדעניש פון איך, און בעפרייט זיך סיי פון מורא און סיי פון האָפען. די אויסענוועלט קען אייך דאָן ניט פייניגען. איהר ווייסט, אז די אויסענוועלט איז נור אייער פאָרשטעלונג, אייער איינבילדונג, אייער חלום. איהר אליין שאַפט און בעוועגט דאָס, וואָס איז. איהר רעדט דאָן ניט מעהר פון גאָט און נשמה! איהר ווערט דאָן אויפגעקלערט, איהר זייט דאָן דער וויסענדער! איהר זיינט דאָן דאָס אַלץ. פאַר אייך ליעגט די אייביגע רוה, אין אייך איז חכמה, גוטסקייט און פריעדען.

עס איז געוואָרען טוידטשטיל אין צימער. קיינער פון זיי האָט קיין וואָרט ניט גערעדט.

טהאָמאָס איז געווען ווי פערשטיינערט. אָבער דאָ האָט ער זיך אויפגעהויבען, און קוקענדיג מאַטהיוס לינד פעסט אין די אויגען, האָט ער איהם געפרעגט:

— האָט איהר קיינע פערלאַנגען?

— יא.

— און קענט איהר אזוי לעבען?

— איך לעב אהן מורא און אָהן האָפנונג.

— און דאָס טראָגט איהר אריבער? א לעבען אָהן האָפנונג?

— עס איז א לעבען אָהן האס! עס איז א לעבען פון רוה.

איבער געררעכטע און אונגערעכטע שיינט די זון! איך זעה קיין שולדיגען, איך זעה קיין זינדער. איך האָב געפונען מיין איך, ווען איך האָב זיך בעפרייט פון דער איך־איינרעדעניש. איך האָב בודהא בעגריפען. און איצט געהט, געהט. — האָט ער האסטיג ארויס־גערעדט — עס איז געקומען פאר היינט.

טהאָמאָס וואָלט נאָך גערן פערבליבען לענגער, אָבער מאטהיוס לינד איז געוואָרען אונרוהיג, און זיין פנים האָט אויסגעדריקט א טיעפען שמערץ, וועלכען טהאָמאָס האָט שוין בעמערקט, ווען ער האָט מיט איהם גערעדט אין דעם וועגעטעריאנישען רעסטאָראַן.

— איהר ליידט? איך בין א דאָקטאָר. — האָט טהאָמאָס געזאָגט.

— ניין, ניין, געהט. — האָט מאטהיוס איהם געענטפערט.

און טהאָמאָס איז אוועק, כאָטש ער האָט געזעהן גאנץ דייטליך, אז דיעזער קראנקער מענש נויטיגט זיך אין אימיצענס הילף.

דער קאָפּ איז איהם געווען פול פון דאָס, וואָס ער האָט געהערט. און געהענדיג אזוי איבער'ן גאָס, האָט ער צו זיך אליין גערעדט: וואָס איז עס פאר א לעהרע? דאָס איז די לעהרע פון גוטסקייט און בארמהערציגקייט און פון די זינד, פון וועלכע די קינדער ליידען דורך זייערע עלטערן. דאָס איז די לעהרע, וועלכע לייקענט אָב דאָס לעבען, דאָס בליהען, די פרייד, דאָס וואַקסען... וואָס בלייבט פון מיר, ווען מיין איך ווערט ערשט איך, ווען די גאנצע לעבענס־קראפט איז ווי אין א מערזעל צושטויסען?

א ציטער איז איהם דורך דורך די ביינער.

און אם ענדע איז מיין גאנצעס ליידען גאָר ניט מיין שולד... און אם ענדע זיינען אלע ליידען און טרויער ניט מעהר, ווי א בריק, וועלכע פיהרט איבער דעם געהיימניספולען שטראָם פון נירוואנא.

דיזע געדאנקען האָבען איהם געמאכט זעהר אונרוהיג און האָבען איהם ניט לויז געלאָזען.

ווי קען איך, א מענש, וואָס האָט שטודירט נאטור־וויסענשאפט, זיך איבערהויפּט אָבגעבען מיט אזעלכע זאכען? האָט ער זיך גע־פרעגט. און איז עס דען א לעזונג? איז עס ניט אלעס פאלשע שליסע? איך און דאָס אלץ... גוט. אָבער פארוואָס מוז איך זיך אויפלעזען אום צו געהערען צו דעם אלץ?

ער האָט ניט געוואָלט מעהר דענקען פון דעם... דאָס אַלעס איז דאָך ניט מעהר, ווי דער געזעץ פון אורזאַכע און פאָלגע. איבעראַל מוז זיין אַ געניגענדער גרונד פאַר אַ געוויסע ערשיינונג... אַלעס איז געזעצמעסיג. גאַנץ ריכטיג, יאַ! וואָס האָב איך אָבער דערפון?

ער האָט פּלוצים דערזעהן דעם איבערנאַטירליכען שמייכעל פון מאַטהיוס לינד.

דער בליק פון אַ ריינע הארץ, האָט אַ שטימע אין איהם געזאָגט.

און אין דעם אויגענבליק איז בעטינאַ געשטאַנען פאַר איהם און האָט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע טרויעריגע אויגען.

און באַלד איז זי ווידער פערשוואונדען.

ער האָט פעסטער איינגעוויקעלט זיך אין זיין מאַנטעל.
איך קריג ווידער האַללוצינאַציעס, האָט ער געטראַכט.
און מיט שנעלע טריט איז ער ווייטער אַוועק.

## 4.

די פּראָבע פאַר בעטינאַ איז געוועזן אַ טריאומף. די אַלע מוזיקער פון אָרקעסטער האָבען איהר שטאַרק אַפּלאָדירט.

זי איז געשטאַנען ווי אַ סטאַטוע, אָהן די מינדעסטע בעוועגונג. זי האָט אויך ניט געהערט די פריינדליכע ווערטער פונ'ם קאַפּעל־מייסטער.

זי האָט אַריינגעלעגט איהר פיעדעל אין קאַסטען און איז אַוועק. איהרע געדאַנקען זיינען געוועזן מיט איהם.

אויפ'ן גאַס האָט עס ווידער אָנגעהויבען צו שנייען און צו שטורמען.

איינער פון אָרקעסטער האָט פאַר איהר בעזאָרגט אַ דראָשקע.
זיצענדיג אין דראָשקע, האָט זי געוויינט אין זיך.
— ווען איך וואָלט איהם נור געקענט העלפען!
זי האָט זיך אַרויסגעבויגען, זאָגענדיג צום קוטשער:
— איהר האָט דאָך מיך ריכטיג פערשטאַנען? איך וויל אויס־שטייגען אין דער לואיזען־שטראַסע.
דער קוטשער האָט בלויז צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

ווי אזוי וועט זי בעגעגענען דיזע פרוי ? וואָס וועט זי איהר זאָגען ? דאָס איז געווען דער שווערסטער גאַנג, וועלכען זי האָט אמאָל געמאַכט. אימער וויעדער האָט זי געזעהען זיין ליידענדען פּנים, אָבער אימער וויעדער האָט זי זיך אויך געזאָגט, דאָס דורך דיזע ליידען איז זיין פּנים נאָך נאָבעלער געוואָרען. ניין, ער איז גאָר ניט שולדיג אין דעם אַלעם. און דאָס האָט געמאַכט, אַז זי האָט דערשטיקט אין זיך יעדען קליינליכען בעגעהר, איהר יעדען צאָרן, און האָט ארויסגעבראַכט דאָס פיינסטע, דאָס איידעלסטע אין איהר נאַטור.

זי האָט איהם געזעהן מיט ריינע, ליעבענדע אויגען, כאָטש ער איז פאַר איהר געווען פערלאָרען. זי האָט דונקעל געפיהלט, דאָס ער האָט אויך פאַר איהר געקעמפּפט, דאָס צווישען איהם און איהר איז דאָ אַ גרויסער צוזאַמענהאַנג, וועלכער געהט איבער אין דאָס קערפּערליכע. איהר שמערץ איז איהר געוואָרען הייליג. זי האָט פון איהם געזויגען ניט ערביטערונג, נור זיסקייט און פולקייט.

די דראָשקע האָט זיך אָבגעשטעלט.

דאָך איז זי ניט גלייך ארויס. אַ גרויסער שרעק איז געקומען איבער איהר.

— מיר זיינען דאָ, פריילין. — האָט געזאָגט דער קוטשער קורץ און גראָב — איך קריעג זעכציג פּפעניג.

זי האָט איהם געגעבען אַ מארק, און האָט איהם אָבגעוואונקען, זעהענדיג, אַז ער וויל איהר געבען רעשטע.

זי האָט צוגעדריקט דעם פּיערעל־קאַסטען פעסט צו איהר זייט, און מיט אַ קלאַפּענדען הארצען האָט זי אָנגעהויבען קלעטערן אויף די טרעפּ.

אָה, וואָס פאַר אַ שווערע, שמערצענס־רייכע שטונדען זי האָט עס דורכגעלעבט אין דיזען הויז ! זי האָט ניט געוואָלט דענקען פון דעם ! ניין, ניט מאָרגען, קיינמאָל ניט !

איך וועל איהר אַלעס זאָגען, איך וועל מיך ערניעדריגען פאַר איהר.

זי האָט מוטהיג אָנגעקלונגען.

— יעזוס מאַריא ! — די אַלטע איז צוריקגעגאַנגען אַ פּאָר טריט — פריילין, זיינט איהר עס דען ? זיינט איהר עס ווירקליך ?

— איך בין עס! — זי האָט ניט געוואגט א קוק צו טהון איהר גלייך אין פּנים אריין.

דער הערר דאָקטאָר איז ניטאָ צו הויז. — האָט די אַלטע געמורמעלט דערשראָקען.

בעטינא האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איך וויל איהר זעהען.

די אַלטע פרוי האָט גאָר ניט געענטפערט. זי האָט זיך נור איבערגעצלם'ט און האָט אָנגעוויזען אויף די טהיר.

בעטינא האָט אָנגעקלאפּט מיט ציטערנדע פינגער, און אזוי ווי קיינער האָט ניט געענטפערט, האָט זי געעפענט די טהיר. זי איז געבליעבען צומישט שטעהן.

אויף דער סאָפא איז געלעגען טהאָמאַסעס פרוי און האָט געשלאָפען. די קלייד האָט זיך ביי איהר אראָבגעלאָזען. פון דעם האלב־געעפענטען יאַקעל האָט ארויסגעקוואָלען א ווייסער בוזעם. די דונקעלע רייכע האָאר זיינען געוועזן צופלאָכטען, און זיינען געפאַלען אָהן אן אָרדנונג איבער די אקסלען פון דער שלאָפענדער.

בעטינא האָט זי בעטראַכט פאר א היבשע ווייל. דער פּנים האָט איהר אויסגעזעהן א ביסעל פערשוואָלען, אבער פון דעסטוועגען גאנץ היבש. עס האָט זיך איהר זאָגאר געדוכט, עטוואָס שמערצלי־כעס צו געפינען אין זיין אויסדרוק.

פאָרזיכטיג האָט זי צוגעמאַכט די טהיר און האָט זיך אוועק־געזעצט אויף א שטוהל. און פון דאָס ניי האָט זי געוואָרפען אויף איהר פאָרשענדע בליקען. דער פּנים מיט די צוזאמענגעוואקסענע ברעמען איז איצט פאָרגעקומען צושטערט און הארט.

קאַטהערינא האָט זיך אונרוהיג א וואָרף געטהאָן אויף א זייט, אזוי, דאָס בעטינא האָט זיך דערשראָקען. דאן האָבען זיך געהערט א פּאָר גענעצען. בעטינא האָט זיך אויפגעהויבען, און גלייך האָט די שלאָפענדע ערוואכט.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט, האָט ארויסגעשטויבען א קורצען געשריי, האָט ניט ווילענדיג אויפגעהויבען הויך איהר קלייד, און האָט האסטיג זיך אויפגעשטעלט.

— ענטשולדיגט, מיין נאָמען איז בעטינא!

אויף קאַטערינאַס פּנים האָבען זיך אָנגעהויבען בייטען די

קאַלירען ביי דיזע ווערטער. זי האָט אָנגעקוקט די מיידעל מיס־טרויאיש, אבער זי האָט גאָר ניט געענטפערט.

בעטינאַ איז געשטאַנען צומישט, הילפלאָז און זעהר אונרוהיג.

— איהר וועט מיך ענטשולדיגען פאַר אַן אויגענבליק. — האָט קאַטערינאַ אונטערבראָכען די שטילקייט. און ניט ווארטענדיג אויף אַן ענטפער, איז זי צוגעגאַנגען צום שראַנק, האָט ארויסגענומען פון דאָרט אַ קלייד, און האָט פערלאָזען דאָס צימער.

בעטינאַ האָט צוגעדריקט איהר געזיכט צום קאַלטען פענסטער־שויב, איהר שטימע מיט איהר גראָבער, פעהלערהאפטער אויס־שפּראַכע האָט איהר געגרילצט אין די אויערען.

אין אַ פינף מינוטען ארום איז קאַטהערינאַ וויעדער אריין. זי האָט זיך איבערגעטהאָן און פערקעמט זיך שנעל די האָאר.

איהר גאַנצע האַלטונג איז איצט געווען אַ גאַנץ אַנדערע. איהר געזיכט איז געווען רויט, און איהרע אויגען האָבען געשטאָכען ווי מיט שפּילקעס.

— איך בעט אייך, זעצט זיך.

— איך וויל בעסער שטעהן. — האָט בעטינאַ געענטפערט שרעקעדיג. זי האָט פאַר איהר פּשוט מורא געקראָגען.

— ווי איהר ווילט, פריילין.

דיעזער „ווי איהר ווילט“ האָט געקלונגען בייז און ווי אין אַן אונטערדריקטען כעס.

— בעטינאַ האָט פערלאָרען דעם מוטה.

און איצט האָט קאַטהערינאַ אריינגעשטעקט איהרעביידע הענד אין די זייטען, איז צו איהר צוגעגאַנגען, און האָט ארויס־געפּרעדט אין געבראָכענע זעצע פאָלגענדע ווערטער:

— מיר דארפען זיך דאָ לאַנג ניט אויפהאַלטען! איהר דאַרפט מיך ניט האַלטען פאַר אַ נאַרעלע. איך ווייס גאַנץ גוט, צוליעב וואָס איהר זיינט געקומען. אבער וועגען דעם איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען, איהר הערט? מיינט איהר, אַז איך זעה ניט, ווי אַלע העצען געגען מיך? איך בין אַן עלענדע פרוי, איהר זיינט יונג, איהר האָט דאָס גאַנצע לעבען פאַר זיך... אבער איך... איך... איך... ווייסט איהר, פריילין, דאָס איך מוז מיך לעגען אין רינשטאָק, ווען איך האָב איהם ניט...

זי האָט זיך אָבגעשטעלט פאַר א ווײלע, און האָט ווײטער גערעדט:

— יא, נאָך ערגער, ווי דאָס... ווען איך קרעפּיר, וועט קיינער מיט א פינגער ניט ריהרען! — און מיט א שרייענדער הייזעריגער שטימע האָט זי געסטראַשעט: — איך וויל גאָר ניט הערען. איך לאָז איהם ניט אָב, איהר הערט? אַלעס, וואָס ער האָט אייך דער־צעהלט, איז גאָר ניט אזוי געפעהרליך... ווען איהר וועט זיין פערהייראַטה, וועט איהר עס אויך וויסען. אין יעדער פאַמיליע קומט פאָר עטוואָס עהנליכעס. אָהן דעם געהט עס אין ערגעץ ניט. דאַרום... באַה!

זי האָט טיעף געאָטהעמט און האָט אָנגעקוקט בעטינאַ האַלב שפּאָטיש און האַלב מיט אַן איבערלעגענער פרויען־מינע.

— מעג ער זיך קלאָגען פאַר אייך, אָבער ער האָט מיך דאָך ליעב. איהר קענט זיך פערלאָזען אויף דעם, פרײלײן. — און אזוי ווי זי האָט געוואָלט אויסשפּיעלען איהר לעצטען טרומף, האָט זי נעזאָגט מיט א פעסטער רוהיגקייט — ביז צום סוף, ביז צום טוידט נעעהן מיר ביידע צוזאַמען.

דאַן האָט זי פערלעגט די אָרעמס אויף דער ברוסט און האָט ניט אראָבגענומען די אויגען פון בעטינאַ, פון וועמעס פּנים יעדער בלוט־טראָפּען איז פערשוואונדען. אָבער מיט א מאָל האָט אזוי ווי א געפיהל פון רחמנות אין איהר ערוואַכט, און א הייב־טהוענדיג די אַקסלען, האָט זי געמורמעלט:

— איך בין ניט שולדיג. אין דעם קען גאָר ניט געענדערט ווערען.

בעטינאַ האָט זיך אָבגעדרעהט אַן א זייט. די ווערטער זיינען ביי איהר אָבגעשטאָרבען אויף די ליפּען. ניט א טאָן האָט זי געקענט ארויסברענגען. זי האָט גענומען דעם פידעל־קאַסטען, אַן וועלכען זי האָט זיך פעסט אָנגעשפּאַרט, וועהרענד אין דער לינקער האַנד האָט זי געקנייפּט איהר קליין טיכעל, ארייננראָבענדיג די נעגעל אין די פלייש. זי האָט נור דאָס איינציגע געטראַכט: איך וועל ניט וויינען פאַר איהר... איך וויל ניט... איך וויל ניט...

ערשטוינט האָט קאַטערינאַ זי אָנגעקוקט. איהר איז אויס־געקומען, אַז זי מוז נאָך עטוואָס זאָגען דער מיידעל, אום זיך צו

פערטהיידיגען, אום איהר קלאָר צו מאַכען די לאַגע. אבער זי האָט געפיהלט א שטאַרקען קאָפּ־שמערץ, און ווי זי זאָל זיך ניט אָנ־שטרענגען, וועט זי ניט ארויסברענגען די רעכטע, די נויטיגע ווערטער. פאַר אַן אויגענבליק איז איהר געקומען אין געדאַנקען צו דערצעהלען איהר איהר גאַנצע געשיכטע, און אויף אַזאַ אופן ווייזען איהר, דאָס זי איז גאַנץ אונשולדיג. אַ געפיהל פון ריהרונג איז געקומען אויף איהר: ניין, ניין, צו וואָס? און זי האָט שטאָלץ געזאָגט, ווען בעטינאַ איז געגאַנגען צום טהיר:

— נאַ, מאַכט עס גוט!

א ווײַלע איז זי געשטאַנען אין מיטען צימער, ווי אָנגעגאָסען, ניט ריהרענדיג זיך. זי האָט געלאָזען שלאַף אראָבפאַלען איהרע אָרעמס. די מויל־ווינקלען האָבען זיך צונויפגעצויגען אין ביטערע פאַלטען. און אזוי ווי זי וואָלט געוואָלט בענעהן אַ פערברעכען, האָט זי זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטען. דאַן האָט זי ארויסגערעדט מיט א טרויעריגע שטימע:

— אָה, דו מיין גאָט, מיין גאָט!

.5

דער אבענד, ווען בעטינאַ'ס קאָנצערט האָט שטאַטגעפונען, איז געוועזן קאַלט און קלאָר. די שטערען האָבען געפינקעלט.

איינצעלנע דראָשקעס האָבען זיך אָבגעשטעלט פאַר דער זינג־אקאַדעמיע. פון צייט צו צייט איז אַריין אַהין אַ קלײנע גרופּע מענשען. נאָך ניט אַ דריטעל פון זאַל איז געווען אָנגעפילט.

די פריינד פון „פּעסט־זאַאַל“, פון וועלכע קיין אײנציגער האָט ניט געפעהלט, האָבען זיך אומגעקוקט זעהר ענטויישט. זיי האָבען צו וועניג געקענט בערלין'ס מוזיק־פערהעלטניסע. זיי האָבען ניט געוואוסט, אז די קינסטלער פון דער גאַנצער וועלט קומען אין דיזער ריעזען־שטאדט, און מאַכען זיך אַ קאָנצערט מיט וועניג לעצטע פּאָאר גראָשען, נור מיט דעם צוועק צו קריגען אַ נאָמען, אַ קריטיק אין דער בערלינער פּרעסע. מיט די קריטיקען אין די טאַשען פאָהרען זיי דאַן נאָך דער פּראָווינץ, וואו זיי מאַכען שוין אויס פיעל בעסער. די לייט פון „פּעסט־זאַאַל“ האָבען אויך ניט געוואוסט,

דאָס יעדע וואָך פינדעט שטאט אין בערלין א רייהע פון קאָנצערטען פון גאַנץ בעדייטענדע קינסטלער, דאָס דער בערלינער פובליקום איז איבערזעטיגט פון מוזיק, און דאָס מען האָט גאָר א קנאַפּען אינטערעס אין די, וועלכע פאַנגען ערשט אָן זייער לעבענס־קאַריערע.

די בעזוכער, וועלכע זיינען געקומען דיזען אבענד אין די זינג־אקאדעמיע, האָבען געקראָגען, זעלבסטפערשטענדליך, פרייע בילע־טען. דאָס זיינען געווען מייסטענס מוזיק־לעהרער און לעהרערקעס, וועלכע האָבען ווידער מיטגענומען זייערע בעקאַנטע.

די מייסטע קאָנצערטען האָבען געבראַכט זייערע פעראַנשטאַל־טער נור זאָרג און ענטטוישונג. נאָך יאָהרענלאַנג שטודירען און ארבייטען זיינען זיי אויפגעטרעטען, און אלס לוין האָבען זיי געקראָגען א פּאָאר מיטליידיגע און אָפט אויך שפּאָטישע ווערטער אין דער פּרעסע. פיעלע וועלכע האָבען זייער גאַנצע יוגענד געאָפּפּערט, האָבען געמוזט הערען, דאָס זייער קענען איז ניט גענוג פּאַר אַן עפענטליך אויפטרעטען. אַנדערע איז געגעבען געוואָרען די עצה צו ארבייטען נאָך א פּאָאר יאָהר פלייסיג. ווי אָפט האָט אַזאַ אבענד בעשלאָסען איבער דעם גאַנצען לעבענס־שיקזאַל פון אַזאַ אָרעמען מענשען! נור פאַר א פּאָאר ווענינע איז געווען פּלאַץ, די איבריגע זיינען אָהן רחמנות צוריקגעשטופּט געוואָרען, אום זיך דורכצושלעפּען דאָס לעבען, געבענדיג שטונדען אין ביטערער פערגעסענהייט. עס איז דארום פאַר זיי געווען א טרויסט און א בעפריעדיגונג, ווען זיי האָבען אין שפּעטערע יאָהרען געזעהען אויך פיעלע אַנדערע פונקט אזוי דורכפאַלען. זיי זיינען געווען די שאַרפסטע קריטיקער אין קאָנצערט־זאאל. יעדען פאַלשען טאָן האָבען זיי אַרויסגעהערט, און פערשטענדניספולע, שמייכלענדע בליקען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען. זיי האָבען אָנגעווענדעט דעם שטרענגסטען מאַסשטאַב. זיי האָבען, זאָ צו זאָגען, צוריק־געצאָהלט מיט דער זעלבער מטבע, מיט וועלכער מען האָט זיי געצאָהלט.

און פאַר דיזע מענשען האָט עס בעטינאַ געדאַרפט שפּיעלען צום ערשטען מאָל אין בערלין!

מיט אַן אבענד פריהער האָט זי געוואָלט עטוואָס שפּיעלען פאַר טהאָמאַס׳ן, אום צו מאַכען איהם לוסטיג. אָבער ער האָט

ענטזאגט זיך, און זי האָט אויפגעגעבען יעדען פערזוך צו שפּיעלען פאר איהם אליין. און זי האָט איהם גאַנץ גוט בעגריפען.

ער האָט אָבער געמוזט איהר ברענגען צום קאָנצערט. אויף דעם איז זי פעסט בעשטאַנען.

וועהרענד זיי זיינען געפאָהרען, האָט זי איהם געפרעגט, אויב די אנדערע וועלען קומען.

אלע, אויסער קאטהערינא.

זי האָט זיך צוגעדריקט צו איהם און גענומען זיין האנד, וועלכע זי האָט ניט מעהר ארויסגעלאָזען. און אזוי געדריקט און מוטהלאָז ווי זי איז געווען, האָט זי אָבער אויפגעהאלטען דער געדאנק, דאָס זי וועט נור פאר איהם שפּיעלען. זי האָט געוואוסט, אז דאן וועט זי ארויסגעבען דאָס בעסטע וואָס איז דאָ אין איהר. איהר איז געוואָרען גאַנץ ווארים, כאָטש זי האָט געטראָגען בלויז א קייפּ איבער איהר דינע טוליענע קלייד.

— אלזאָ, מיר זיינען דאָ. — האָט זי געזאָגט אויפגערעגט — דו מוזט בלייבען מיט מיר, ביז עס הויבּט זיך אָן. דו מוזט. — האָט זי איהם געבעטען, נעהמענדג זיין אָרעם.

א מינוט שפּעטער זיינען זיי געווען אין דעם קינסטלער־צימער, פון וועלכען א טרעפּעל האָט געפיהרט צו דער ביהנע.

זי האָט אראָפּגעוואָרפען די קייפּ און איז פאר איהם געשטאַנען אין איהר צניעות'דיגער קלייד, וועמעס קאָלנער האָט דערגרייכט ביז'ן האלז. דאָך האָט זי אויסגעזעהן זעהר הנ'עוודיג און זעהר אָריגינעל. דאָס קלייד האָט צוגעפּאסט צו איהר פיינער פערזענליכ־קייט. איהר טוידט־טרויעריגער פּנים האָט געהאַט עטוואָס זעהר ריהרענדעס. זי האָט ניט געקוקט אויף זיין אָרימען אנצוג. זי האָט נור געבליקט אין זיינע אויגען, אזוי ווי זי וואָלט געוואָלט נאָך דאָס לעצטע אויספאָרשען און פערשטעהן. און אויף איינמאָל האָט זי צו איהם געזאָגט מיט גרויס צערטליכקייט:

— דו זאָלסט מיך קושען, טהאָמאס, ווי א שוועסטער זאָלסטו מיך קושען.

זיין ערנסטער פּנים האָט אויפגעלויכטען, ווען ער האָט זיך אראָבגעבויגט צו איהר. און ווידער האָט זיך איהר געדוכט, דאָס ער איז גאָר ניט פערהייראַטה. דיזער געדאַנק איז געוואָרען ביי

איהר נאָך פעסטער, ווען ער האָט זי געקושט. אזוי ריין, אזוי אינגעלהאפט איז ער איהר פאָרגעקומען.

זי האָט געהערט טריט. באלד איז אריין אין צימער א מיטעל־גרויסער מענש מיט א שפיגעל־גלאטען פליך, און מיט א קליין בערדעל. די לעבהאפטע קליינע אויגען, וועלכע האָבען געהאָט עטוואָס שטעכענדעס, זיינען געווען פערבאהאלטען הינטער א פענסנע. דאָס געזיכט איז געווען רויטלעך.

נאָכדעם ווי ער האָט עטליכע סעקונדען ערשטוינט בעטראכט טהאָמאָס׳ן, האָט ער בעטינא׳ן דערלאנגט א בוקעט ראָזען, האָט ארויסגערעדט א פּאָאר בעדייטונגספאָלע ווערטער און האָט א קוק געטהאָן אויפ׳ן זייגער.

— אין פינף מינוטען פאנגען מיר אָן, מיין פריילייןָ.

זי האָט נור א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ. און אָנווייזענדיג אויף טהאָמאָס׳ן, האָט זי געזאָגט:

— איהר וועט דאָך מיר ערלויבען אייך פאָרצושטעלען מיין פעטער: הערר טהאָמאָס טרוק — הערר קאָנצערט דירעקטאָר בעהר.

דער קאָנצערט־דירעקטאָר האָט זיך פערבויגט מיט א שוועֶר־ערקלערליכע מינע ארום די ליפען. ער האָט ארויסגעבראכט א העפליכע פהאזע, און האָט צוגעלעגט:

— עס איז שוין איבעריגס צייט, אז איהר זאָלט פערנעהמען אייער פּלאַץ אין קאָנצערט־זאאל. די „פילארמאָניקער“ זיינען פּינקטליך. זיי איילען זיך אימער וואָס גיכער צו זיין אין דער היים.

בעטינא האָט גענומען טהאָמאסעס הענד, און פול מיט חן האָט זי ווידער געזאָגט:

— איך שפּיעל נור פאר דיר.

ניט קוקענדיג אויף דעם קאָנצערט־דירעקטאָר, האָט ער איהר א קוש געטהאָן אויפ׳ן שטערען, און איז אוועק.

דער קאָנצערט־דירעקטאָר האָט זיך א ווײַלע געריבען ערשטוינט די הענד.

— הערט נור, מיין פריילייןָ, איז דאָס אפשר דער טהאָמאָס טרוק, פון וועלכען מען לייענט אזוי פיעל אין די צייטונגען, וועלכער אין פערזאמלונגען —

— יא, ער איז עס. — האָט זי געענטפערט רוהיג, אמוזירענדיג זיך איבער זיין צוטומעלטקייט.

— קינד, — האָט דער קאָנצערט־דירעקטאָר צו איהר גערעדט אין א בעשיצענדען פעטערליכען אָן — איהר מוזט דאָ אין בערלין זיין עטוואָס פאָרזיכטיג. אזא מענש — איהר וועט אויף מיר ניט פאראיבעל האָבען — קען אייך קאָמפּראָמעטירען. ערלויבט נור, ווי דער מענש איז אָנגעטהאָן! אזוי געהט מען דאָך ניט צו א קאָנ־צערט! איהר מעגט מיר —

בעטינא האָט איהר קאָפּ א קליין ביסעל צוריקגעבויגען, און האָט אויף איהם געקוקט מיט אזעלכע צאָרנדיגע אויגען, דאָס דער דירעקטאָר איז גלייך איינשווייגען געוואָרען.

— דיזען מענשען, מיין הערר, קען איך בעסער, ווי איך קען אייך. דאָס איז, דער איז... זי האָט געוואָלט מאכען אָן ערקלערונג, אָבער זי האָט זיך איבערלעגט, אז עס לוינט ניט, זיך אומגעדרעהט און גענומען איהר פּיעדעל.

— אבער, פריילין, לאָזט זיך ניט פערדערבען די שטימונג. איך האָב פאר קיין פאל אייך ניט געמיינט צו בעליידיגען. — ער איז געוואָרען עטוואָס קיהלער און איינגעהאלטענער — איבעריגעס, פיהלט איהר זיך שלעכט? איהר זעהט אויס אזוי אָנגעגריפען! ווילט איהר אפשר א גלאָז רויט־וויין?

— ניין, ניין! איך וועל איצט ארויסגעהן.

דער קאָנצערט־דירעקטאָר האָט איהר ארויסגעפיהרט צו די טרעפּ.

זי האָט זיך געהאלטען אָן פּארענצע. אויף יעדען טרעפּ איז זי שטעהען געבליבען א סעקונדע. איהר געזיכט איז געווען טיעף־טרויעריג. זי האָט געפיהלט, ווי די טרעהרען קומען צו איהרע אויגען.

און איצט איז זי ארויס פאר'ן פובליקום. איך שפיעל פאר איהם. איהרע בלוטלאָזע ליפּען האָבען זיך בעוועגט. די אָרעמס זיינען אראָבגעהאנגען שלאַף.

דער קאפּעלמייסטער האָט איהר ערמוטהיגענד צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

זי האָט זיך פעסטגעקלאמערט אָן דעם פּידעל. איהרע אויגען

האָבען ארומגעבלאָנזשעט איבער'ן פּוסטען זאאַל. און דאַן האָט זי איהם אויסגעפונען. איהר געשטאַלט איז געוואקסען. „איך שפּיעל פאר איהם", האָט זי ווידער געמורמעלט, ניט מערקענדיג, דאָס פּיעלע אויגען זיינען געווען געצילעוועט אויף איהר.

אין דער ערשטער רייהע זיינען געזעסען הערר און פרוי בערג. נעבען זיי דער אדוואָקאט קאָרנפעלד.

דער אָרקעסטער האָט פאָרגעשפּיעלט. בעטהאָווען'ס גרויסער וויאָלין־קאָנצערט איז געווען די ערשטע נומער פון פּראָגראַם. זי האָט געהאַט א פּאָאַר מינוטען צייט, אום זיך צוזאַמענצונעהמען.

נון, האָט זי אָנגעהויבען שפּיעלען.

נאָך די ערשטע טענער איז עס געוואָרען קלאָר פאר אַלע אנוועזענדע, דאָס זיי וועלען דאָ האָבען צו הערען עטוואָס אויסער־געוועהנליכעס. גרויס, פול און פייערליך האָבען געקלונגען די טענער. דאָ איז בעטהאָווען ניט געשפּיעלט, נור דורכגעלעבט און דורכגעפיהלט געוואָרען. דאָס שפּיעלען איז געווען געטראָגען פון א קראַפט און ריינהייט, פון א גרויסקייט פון אויפפאַסונג, וועלכע האָבען גלייך בעשאַפען אַן אטהעמלאָזע שטילקייט.

זי האָט אָבער נור געטראַכט: איך שפּיעל פאר איהם.

ווען דער ערשטער זאַץ איז געווען פערקלונגען, איז עס פאר אַן אויגענבליק געווען גאַנץ שטיל. דאַן אָבער האָבען די מענשען שיער די הענד זיך צוקלאַפּט, פּאַטשענדיג.

זי האָט עס געהערט אָהן דעם מינדעסטען אינטערעס. זי האָט געזוכט נור איהם, אָבער זי האָט איהם איצט ניט געקאָנט געפינען. ער האָט זיך פערבעהאַלטען פון איהרע בליקען.

אויך ער האָט קיינעם ניט געזעהן ארום זיך. ער האָט געזעהן נור דעם גאָרטען, וואו זי האָט פאר איהם אליין געשפּיעלט, וועהרענד אין ווינד האָט געוועהט איהר ווייסע קליידעל און אַלעס האָט געשמעקט ארום איהם. פערזונקענע צייטען זיינען ארויפגעשוואוּ־מען. א געהיימניספולער ציטערען האָט איהם דורכגענומען. ער האָט געפיהלט, ווי איהר שפּיעלען וואָלט איהם בעפרייט פון אַלץ, וואָס איז געלעגען אויף איהם, ווי א שווערע משא. עס האָט איהם אוועק־געטראָגען ווייט, ווייט. עס האָט איהם אויפגעשלאָסען. עס האָט זיך איהם אָבגעדוכט, אז דאָס מאַכט איהם צוריק קינדיש פרום, אזוי

ווי דאָס וואָלט ארויסגעבראכט אַלעס מיסטישעס און רעליגיעזעס, וואָס האָט געדרעמעלט אין זיין נאַטור. און גאַנץ אונקלאָהר איז איהם געקומען מיט אַמאָל דער געדאַנק, דאָס ער האָט די אַלע יאָהרען מיט געוואַלד געהאַלטען זיך די אויגען פערשלאָסען, אום ניט צו זעהן דאָס בליהענדע לעבען; דאָס ער, אין זיין פרייהייט־שכרות, אין זיין גרויסער מיה צו קנעטען און געשטאַלטען דאָס לעבען, האָט אונ־טערדריקט אין זיך אַלעס לעבעדיגע, אַלעס פיהלענדע: דעם פריה־לינג און די מוזיק, ווי בעטינאַ האָט עס אָנגערופען.

און אין דיזער שטונדע פון דעם קלאָרסטען בעוואוסטזיין האָט ער געהערט זיינע גלאָקען קלינגען. א ווייטע בענקעניש האָט איהם דורכגעדרונגען, א בענקעניש נאָך דער גרויסער ערפילונג, נאָך דעם גרויסען איינקלאַנג. איך האָב געהונגערט, ווייל איך האָב נאָר דונ־קעל געזעהען פאר מיר מיין וועג.

און אין מיטען שפּיעלען פון בעטינאַ איז איהם קלאָר געוואָ־רען, דאָס זיין גאַנצע נאַטור איז פון גרונד אויס בעשטימט פאר פערטיעפען זיך. אָבער, איז דען מיין אויפוואַכונג ניט צו שפּעט? האָט ער זיך געפרעגט מיט ביטערקייט — האָב איך נאָך די קראַפט?

און דאָ האָט ער זיך געטראָפען מיט בעטינאַ׳ס אויגען, וועלכע האָבען איהם אַזוי געזוכט. ער האָט זי אָנגעקוקט ערנסט און גע־דאַנקענפול. דאַן האָט ער ווידער אראָבגעלאָזען די אויגען און איז געוואָרען ווידער אונרוהיג. אַלעס האָט זיך געדרעהט אין איהם: „דער פעסטזאַל", טאַנץ, פערטיפונג, מוזיק.

פון זיינע חלומות האָט איהם אויפגעוועקט דער ברויזענדער בייפאַל.

די מענשען האָבען זיך אויפגעהויבען און מיט בעגייסטערונג האָבען זיי געשריען: בראוואָ!

זי איז אָבער געבליבען בעוועגלאָז.

און אַלץ שטאַרקער און ברויזענדער איז געוואָרען דער בראוואָ־געשריי.

אין דער פינפטער רייהע איז געזעסען דער מוזיקער געבהאַרד, וועלכער האָט איהר אָנגעקוקט מיט בעוואונדערונג, ווי א וועזען ניט פון דיזער וועלט.

נאָך דעם לעצטען זאץ האָט זי גענוזט אונצעהליגע מאָל אַרויסקומען. מיעד האָט זי יעדעס מאָל געדאַנקט. איהר אויס־זעהן, וועלכען די מענשען האָבען זיך ניט געקאָנט ערקלעהרען, האָט געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק.

צולעצט האָט זי ענטזאגט זיך מעהר אַרויסצוקומען. זי איז צוזאַמענגעבראָכען אויף אַ שטוהל אין קינסטלער־צימער. עס האָט איהר געפרוירען.

דער קאָנצערט דירעקטאָר איז גלייך געווען לעבען איהר. ער איז געווען איצט גאָר אַן אנדער מענש. ער האָט גענומען איהר האַנד.

—איך גראַטוליר אייך אויפריכטיג. איהר זיינט מיט איין־מאָל בעריהמט געוואָרען. איהר זיינט אַ קינסטלערין פון דעם אַלערהעכסטען ראַנג. מאָרגען וועט איהר עס לייענען אין די צייטונגען. היינט זאָג איך עס אייך. און דאָס איז אפשר פאר אייך מעהר ווערטה. מען האָט מיר ניט צופיעל געשריעבען וועגען אייך. איך קען אייך שוין איצט פערזיכערען מיט אַ גרויסען זיעג. איהר וועט גאָר ניט וויסען וואָס צו טהאָן מיט אזוי פיעל געלד. אין עטליכע טעג ארום פערלאָזען מיר בערלין.

איך דאנק אייך פאר אייער פריינדליכקייט — האָט זי געענט־פערט, — אָבער איך וויל פון בערלין ניט אוועקפאָהרען. איך בלייב דאָ, און מוז דאָ בלייבען.

— נו, וועגען דעם וועלען מיר נאָך רעדען.

ער האָט זי ווידער געשטופט צו די טרעפּ.

זי האָט זיך נאָך אַ מאָל אומגעדרעהט.

— ווילט איהר מיר טהאָן אַ טובה? — האָט זי געפרעגט איהם מיט אַ ציטערענדער שטימע.

אָבער זיכער!

— טו בעט דעם הערר, וועלכער איז דאָ פריהער געווען, אז ער זאָל אַרויפקומען צו מיר נאָך דער נעכסטער נומער. ער זיצט לינקס אין דער נייענטער רייהע. איבערינגס האָט זי צוגעלייגט און פאַר אַן אויגענבליק האָט זיך געוויזען אַ שמייכעל אויף איהר אומעדיגען פנים — דער מאַן איז אַ דאָקטאָר, אַ דאָקטאָר, פערשטעהט איהר.

דאַן איז זי ראַש אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ,

זי איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס שטורם און זי האָט ערנסט געדאַנקט.

און ווידער זיינען אלע הינגעריסען געוואָרען פון דעם בלי־הענדען טאָן, פון איהר פערטיעפטען אינערליכען שפּיעלען.

— זי איז עטוואס בעזאָנדערעס — האָט פרוי בערג געזאָגט שטיל צום אדוואָקאט קאָרנפעלד.

אויף אלע קלאַפּעניש און רופעניש איז זי ארויס בלויז איין מאָל. דאַן איז זי ארונטער פון די טרעפּ, איז צוגעלאָפען צו טהאָ־מאס'ען און האָט איהם ארומגענומען וויינענדיג.

קיין וואָרט האָט זי ניט ארויסגעבראכט. איהר איז געווען אזוי וואויל און וועה צום מוטה, ווען זיין האַנד האָט געגלעט איהרע האָר.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ביין ארויסגאנג פון דער זינג־אקאדעמיע איז געשטאַנען א גרופּפּע מענשען און געווארט אויף איהר.

מען האָט איהר אויך געוואָלט זעהען פון דער נאָהענט. מען האָט געוואָלט גענוי וויסען, ווי זי זעהט אויס.

די מענשען האָבען געמוזט לאַנג ווארטען.

ווען זי איז ענדליך געקומען, האָבען זיי פערוואונדערט אויפ־געריסען די אויגען, צוזאמענגעשטעלט די קעפּ און געשושקעט זיך.

זי איז געגאַנגען געארעמט מיט אן אָבגעלאָזענעם, אָרימען מענשען, וועלכער, חאָטש עס איז געווען אזוי קאַלט, איז געגאַנגען אָהן א מאַנטעל. און הינטער זיי זיינען געגאַנגען אזעלכע רעטה־זעלהאַפטע מענשען, וועלכע מען איז גאָר ניט געוואָוינט צו זעהן אין דער זינג־אקאדעמיע.

— ווי אינטערעסאַנט! — האָט אויסגערופען א יונגע מיידעל.

ווען די ליערס איז אָנגעקומען, איז געוואָרען א גרויסער גע־לעכטער.

ביי דער אנדערער זייט פון בעטינא איז געגאַנגען דער מוזיקער אבראהאם געבהארדט.

— ווי גליקליך איהר מוזט זיין — האָט ער צו איהר געזאָגט אין עהרליכער בעוואונדערונג. ער האָט אָבער ניט געקאָנט זעהען איהר פּנים.

זי האָט עס ניט געהערט.

זי האָט זיך פעסט געדריקט צו טהאָמאס'ען.
זי האָט ניט געפיהלט קיין קעלט.
זי איז געגאנגען מיט איהם, מיט איהם אליין דורך דעם גאָר־טען, און עס איז געווען אלעס, ווי אין דער לאנג־פערשוואונדענער קינדער־צייט. זיי שטעהען ביין וואסער און שפיעגלען זיך ביידע אין איהם.

הינטער זיי איז געגאנגען די בראָזע מיט היינזיאוס, וועלכער האָט פון צייט צו צייט אר:יסגעגעבען פון זיך א טרוקענעם הוסט.

פרינדעל איז געגאנגען צווישען די אינגאָלף און דזשאָזעפא. ער האָט ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דער פּאָעט האָט זיך אומזיסט געמאטערט צו פעראינטערעסירען דזשאָזעפא.

די לעצטע זיינען געגאנגען די ליסאוערס און בלינסקי.
גאנץ אליין איז געגאנגען מאריא ווערפט.
און איבער דיזע אלע מענשען האָט געפינקעלט דער שטערען־קלאָרער הימעל.

6.

אין נעכסטען נומער „פעסט־זאל“ האָט טהאָמאס טרוק געלאָזט אָבדרוקען אן ארטיקעל פון זיין פעדער, וועלכער האָט זיך ארויס־געוויזען צו זיין פון גרויסער בעדייטונג פאר די שייכות צווישען איהם און זיינע פריינד. דער ארטיקעל האָט געהייסען „די וועלט־אנשויאונג אין רעליגיאָן פון דעם זעלבסט־בעוואוסטען איך“. דאָרט איז ענטוויקעלט געוואָרען דער געדאנק, דאָס דער אמת־ענט־וויקעלטער מענש קען ניט אויסקומען מיט דעם בעגריעף פון פריי־הייט אליין. אלע גרויסע ווירקונגען זיינען נור געקומען פון ריינע פערזענליכקייטען, וועלכע האָבען זיך דורכגעקעמפּפט צו זייערע גרויסע וועלט־אנשויאונגען, און וועלכע זיינען ערשט דאן געקומען צו דער אמת'ער פרייהייט. אין דיזען זין, האָט דער ארטיקעל ער־קלערט, מוז דער מענש זיין רעליגיעז. מען זאָל זיך ניט אָבשרעקען פון דעם וואָרט „רעליגיאָן“. רעליגיאָן אין דעם טיעפסטען זין איז גאנץ עטוואָס אנדערעס פון דעם דאָגמאטישען גלויבען אין דעם בוכ־שטאב. די פרייהייטליכע דענקער רעדען פון ריין־האלטונג,

זעלבסט־ווירדע און מאַיעסטעט פון דער פערזענליכקייט. זיי זיי־נען געגען די מאַטעריאַליסטישע געשיכטס־אויפפאַסונג, וועלכע פרע־דיגט דאַס רעכט פון צוואַנג און אויטאָריטעט, און פיהרט צו דער קנעכטשאַפט פון דעם איינצעלנעם. לויט דיזער לעהרע האָט דער איינצעלנער קיין פרייען פלאַץ פאר זיך צו בעוועגען. אַלעס העגגט אָב און ווערט בעשטימט פון דער מאַסע. דער איינצעלנער אליין איז גאָר־ניט. ער ווערט איינגעשפאַנט ווערען אין דעם יאָך פון דעם צוקונפט־שטאַאט. ער דאַרף ארבייטען, אָבער ניט דענקען. ער דאַרף זיין זאַט, אָבער ער טאָר ניט קומען צום בעוואוסטזיין פון זיין איך. שטאַאט און אויטאָריטעט מאַכען איהם נאָך פאר א גרע־סערען שקלאַף, ווי ער איז א מאָל געווען. דאָס איז די ווערטהלאָזע דאָגמא פון דעם מאַטעריאַליזמוס, וועלכער קען ניט האָבען קיין צו־קונפט, ווייל ער האָט ניט קיין רעליגיאָן.

אין דיזער געגנצליכער פערניינונג און אָבלייקענונג פון דער פערזענליכקייט האָבען די פרייע גייסטער דערקענט דעם באַנקראָט פון דער מאַטעריאַליסטישער געשיכטס־אויפפאַסונג און פון דעם גע־מיינעם סאָציאַליזמוס. זיי האָבען דערקענט, דאָס די וואָרצלען פון דעם פאָלק׳ס עלענד ליגען טיעפער, ווי אין די עקאָנאָמישע פער־העלטניסע; דאָס איינענטליך האָבען שוין היינט די ארבייטער די פראָדוקציאָנס־מיטעל אין זייערע הענד, און דאָס נור דורך א גע־הייליגטען רויב־געזעצ ווערט פון זיי דער איינענטהום גע׳גנב׳עט.

און וועהרענד זיי ווייזען אָן אימער אויף דאָס הייליגע אונבע־ריהרבאַרע רעכט פון דער פערזענליכקייט, האָבען זיי אויך אין דעם בעוואוסטען פיהלען גענייגט דעם קערענדיל צו א הייליגער וועלט־אנשויאונג. זיי האָבען בעגריפען, אז דער העכסט־ענטוויקעלטער איך, די ריינע פערזענליכקייט, איז א בילד פון דער אונענדליכקייט.

ווייל וואָס איז די אורזאכע פון דער אכטונג פאר דער פער־זענליכקייט, אויב ניט איהר אונענדליכקייט, איהר אייביגקייט? דער מענש אָבער, וועלכער האָט איינמאָל בעגריפען דיזען געדאַנק, פיהלט זיך איינס און צוזאמענגעוועבט מיט דאָס גאַנצע. פאר איהם איז א י ך און א ל ץ איינס און דאָס זעלבע. אין איהם ער־וואכט דער אַלבעוואוסטזיין. וועהרענד עס דורכדרינגט איהם דער אורגייסט, פיהלט ער זיך אַלס איינס מיט דער גאַנצער וועלט.

פון דער העכסטער זעלבסט־ליעבע, פון דעם ריינסטען ענאָאיז־מוס קוועלט ארויס די נעכסטענליעבע. און דארום איז עס איינס פון די טיעפזיניגסטע ווערטער: ליעב דיין נעכסטען, ווי זיך זעלבסט. ערשט, ווען דו קומסט צום בעוואוסטזיין, צו דער ער־קענטניס, צו דער אכטונג און צו ליעבע פון זיך אליין, ווען דו האָסט געלערנט האָבען אכטונג צו זיך אליין, דעם מענשען, און פערשטעהסט ווי די גרויסע פרייהייטס־אידעע לייכט אין דיר, ווי א ריינער פלאַם, ערשט דאַן ביזטו פעהיג צו דער העכסטער נעכסטענליעבע.

דאָס רופען מיר די פרייהייט פון דעם איך — די אויפוואכונג פון מענשען — די אויפערשטעהונג — די רעליגיאָן. ווייל די מאַ־טעריאליסטישע געשיכטס־אויפפאסונג איז אין דיזען זין געגען רע־ליגיאָן, בעקעמפפען מיר איהר, אלס א לעהרע, אלס געדאנקען־ריכ־טונג, וועלכע מאכט פלאך די גייסטער און פערפיהרט זיי אויף פאַל־שע קרומע וועגען.

ווען בודהא איז געקומען צו די בראהמינען, וועלכע האָבען שוין פריהער געהאט א געפיהל פון דעם אלבעוואוסטזיין, און האָט צו זיי, וועלכע האָבען זיך געפיהלט, אלס געטער, געזאָגט: „איך בין א מענש, איך בין דער א ל ־ א י ך, דאָן איז די ווירקונג פון דיזע ווערטער געווען אן אונבעשרייבליכע, א געוואלדיגע, וועלכע האָט ברויזענד אלעם הינגעריסען מיט זיך.

און ווען קריסטוס, וועלכער האָט ניט איינמאָל ערקלערט, אז ער איז „דעם מענשען׳ס זוהן“, האָט אין דער שטונדע, ווען ער האָט געזאָלט געקרייציגט ווערען, געענטפערט אויף די פראגע, צו ער איז א גאָט, אז „איהר זאָגט עס, בין איך עס“ — האָט ער דען דאַן אנ־דערש געטהאָן, ווי ערקלערט די אייבינגע איינינגקייט פון דעם א י ך און דעם א ל?

לאָמיר, אלזא, נאָכגעהן די שפורען, וועלכע דער אויפגעקלער־טער און קריסטוס האָבען אונז איבערגעלאָזען.

לאָמיר זיך נעהמען די מיה צו וועקען אין זיך אונזער וועלט־אנשויאונג, צו געפינען דעם וועג צו פרייהייט, צו רעליגיאָן.

די געדאַנקען פון דיזען ארטיקעל האָט ער געהאט צו פערדאַנ־קען בעטינא׳ס שפיעלען פון דעם קאָנצערט־אבענד און זיינע גע־שפרעכען מיט מעטהיוס לונד. די געדאנקען זיינען איהם געוואָרען

אלץ קלערער און קלערער, ביז ער האָט זיי אויסגעדריקט אויפ'ן פּאַפּיער.

און צוזאַמען מיט דער געדאַנקען־קלאָהרהייט איז אויך געקו־מען איבער איהם א געפיהל פון רוהיגקייט.

איידער ער האָט אָנגעשריעבען דיזען ארטיקעל, האָט ער זיך מיישב געווען מיט בעטינא.

זי איז ניט אָבגעטרעטען פון זיין זייט. זי האָט זיך שטיל צו־געהערט יעדען וואָרט, אָדער זי האָט גענומען איהר פיעדעל און האָט איהם מיט לייכטענדע אויגען געגעבען דאָס בעסטע, וואָס זי האָט געהאַט: איהר נשמה.

עס איז געווען מערקווירדיג. ווי עס איז איהם עפּעס געווען דונקעל און אונפערשטענדליך, האָט זי נור בעראָרפט אָנהויבען שפּיעלען, און עס איז געוואָרען ליכטיג און קלאָר פאַר איהם אלעס.

איז ער נאָכדעם געקומען אהיים, וואו קאטהערינא האָט איהם בעגעגענט מיט בייזע אויגען און האָט נור געזוכט א געלעגענהייט צו מוטשען איהם, פלעגט ער זיצען שטום און שטיל אויסהערען אלעס. אויף זיין בלייכען פּנים איז געלעגען דער אויסדרוק פון רחמנות און טרויער.

ער איז איהר פאַרגעקומען צו זיין בע'כשופ'ט.

וואָס מעהר זי האָט געמאַטערט זיך איהם אויפצורייצען און ניט אויסגעפיהרט, דאָס שטאַרקער האָט עס איהר געקרענקט.

און מיט א ביטערען געלעכטער האָט זי די גאַנצע שולד ארויפ־געוואָרפען אויף בעטינא.

ווען טהאָמאַס האָט געהאַט אויפגעשריבען זיין ארטיקעל, האָט ער זיך געפיהלט אזוי לייכט, אזוי פריי, אזוי ווי א שווערע לאַסט וואָלט פון איהם אראָבגעפאַלען. ער האָט אָבער קלאָהר געפיהלט, דאָס רעדען איבער דעם ארטיקעל מיט זיינע מיטארבייטער, איידער ער וועט ערשיינען, געדרוקט, קען ער ניט. די געדאַנקען פון דעם אר־טיקעל זיינען איהם געווען צו הייליג, און ער האָט בעשלאָסען אי־בערצולאָזען די דעבאַטע אויף די צייט, ווען דער ארטיקעל וועט ער־שיינען געדרוקט.

קיינמאָל האָט ער אזוי לאַנגזאַם ניט געארבייט. פון וואָך צו וואָך האָט ער אָבגעלייגט די פערעפענטליכונג פון דעם ארטיקעל.

נור אַן אויסצוג פון דעם אַרטיקעל האָט ער געוואָלט געבען, נור אַנ־דייטען אויף דעם געדאַנק. ער איז געווען פול בעוואוסט, דאָס די־זער אַרטיקעל מיינט פאַר איהם און דעם „פעסט־זאַל" אַ נייע עפּאָ־כע. אָבער ער האָט פעסט און רוהיג בעגעגענט דעם אַנקומענדען שטורם.

איינמאָל האָט ער געזאָגט צו בעטינאַ:

— דו ביסט עס, וועלכע גיט מיר צוריק אַ טהייל פון מיין לוס־טיגקייט. איך האָב געלייקענט אָן דעם לעבען, ווערענד איך האָב פערנייגט זיינע בעסטע געפיהלען. דו ברענגסט מיר צוריק דאָס לעבען — דו און דיין קונסט.

ווען דיזער נומער „פעסט־זאַל" איז ערשיענען, איז אויסגעבראָ־כען אַזאַ שטורם אונטער די פריינד, אויף וועלכען טהאָמאַס האָט זיך ווירקליך ניט געריכט.

עס איז געווען אין בראָזע'ס וואָינונג, וואו די דעבאַטע איז פאָרגעקומען.

די בהאָזע האָט שוין פאָראויס געוואוסט, אז האָס וועט זיין דער שטורמדיגסטער שטרייט, וואָס איז ווען פאָרגעקומען. און זי האָט געוואָלט שאָנעווען בעטינאַ'ן און איהר אַוועקנעהמען פאַר דיזע שטונדע. אָבער בעטינאַ איז ניט אָבגעטרעטען פון איהם.

עס איז געווען גאַנץ שטיל, ווען היינזיאוס האָט געעפענט די זיצונג:

ער האָט ערקלערט — און אויף זיינע באַקען האָבען רויטע פלעקען געברענט — האָס ביין לעזען דעם אַרטיקעל האָט ער צו־ערשט אַ בליק געוואָרפען אויפ'ן לוח, און ער האָט געזעהען, אז עס איז די פאַסט־טעג. און אויב דיזער אַרטיקעל איז ניט מעהר, ווי אַ פּאַראָדיע, אַ שפּאַס, דאַן קען מען גלייך פון איהם איבערגעהן צו דער טאָגעס־אָרדנונג און רעדען פון ערנסטערע זאַכען.

אַלע האָבען מיט גרוים געשפּאַנטקייט געקוקט אויף טהאָ־מאַס'ען. אָבער קיין ענדערונג איז ניט געווען צו זעהען אויף זיין פּנים.

ער האָט געענטפערט מיט אַ טיעפען ערנסט:

— איך דענק, אז דער שטייגער, ווי היינזיאוס האָט מיך אָנגע־גריפען, איז אַ זעהר אונווירדיגער. וויל ער מיר געבען אַ מעגליכ־

קייט, ווי זיך ארויסצומאכען פון דיזער לאגע, אָדער וויל ער מאכען חוזק פון מיר? איך ווייז ענטשיעדען צוריק דאָס ערשטע, ווי דאָס צווייטע. די זאך איז מיר צו הייליג, אז איך זאָל זי לאָזען בעהאנדלען אויף אזא שטייגער. איך האָב אין דעם ארטיקעל אויסגעדריקט די ענטוויקלונג פון מיין אינערען מענשען, וויל — האָט ער צוגעלייגט, פערטראכטענדיג זיך א ווײלע — ערשט איצט איז מיר קלאָר געוואָרען דער בעגריף „מענש“. מיר דוכט זיך, אזוי ווי איך האָב ביז איצט געבלאָנדזשעט. ווען איך וועל ברענגען ביישפּיעלע פון גרויסע מענער, ערקלער איך אייך שוין, אז איך מיין ניט צו קענען זיך פערגלייכען מיט די, וועלכע האָבען מיר געדיענט אלס מוסטער. עס איז געקומען דער טאָג, ווען בודדהא און קריסטוס האָבען פערשטאַנען, דאָס זיי וועלען ניט דערגרייכען זייער ציעל מיט דעם, וואָס זיי וועלען זיך אליין פּייניגען, און בודדהא האָט פערלאָזען די וועלדער פון אודוועללא, און קריסטוס האָט פערלאָזען די וויסטע. די אלע יאָהרען האָב איך אין מיר געפּייניגט דעם מענשען, האָב געפּרעדיגט די פרייהייט, האָטש איך האָב איהר אייגענטליך ניט פערשטאַנען. איך געה איצט דעם וועג פון אמת און לעבען, ווען איך קעהר מיך צוריק. איהר זאָלט ניט שעלטען מיך, וויל דאָס, וואָס איך האָב געשריעבען, האָט פּאַסירט אוים גרויסער עהרפורכט פאר אייך. איז עס דען ניט מעגליך, דאָס אויך איהר זאָלט ארויפגעהן אויף דעם בריק, אויף וועלכען איך שטעה שוין איצט?

וועהרענד טהאָמאַס האָט גערעדט, האָט פרינדעל פון איהם די אויגען זיינע ניט אראָבגענומען. זיין מינע האָט געהאַט עטוואָס פאנאַטישעס, טריאומפירענדעס און טאַקי נידערטרעכטיגעס. זי האָט געשיינט צו זאָגען: אָט זעהט איהר, ווי איך האָב רעכט געהאט! נון, איז ער ארייגגעפאַלען אין זיין אייגענע פּאַסטקע.

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ, און איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו טהאָמאַס'ען, אום צו ענטפּערען איהם.

אָבער היינזיאוס, וועמעס פּנים איז געוועזען שטרענג און פול פון אן אינערליכער אויפרעגונג, האָט צוערשט געענטפערט.

זיין שטימע האָט געקלונגען הארט און טרוקען.

נאָך יעדען זאַץ האָט ער זיך אָבגערוהט און זיך אָבגעווישט דעם שווייס פון שטערען.

— ליידער קען איך ניט איינשטימען מיט דעם טאָן פון פערגע־בונג, פון פריעדען, וועלכער, איך געפין, דורכדרינגט דעם גאַנצען ארטיקעל. דאָס איז פאר מיר די העכסטע מאָס פון טראַגישער איראָניע. דיזער ארטיקעל בעדייט פאר מיך ניט מעהר און ניט וועניגער, ווי פערראַטה. יאָהרען האָבען מיר פערוועגדעט, אום זיך פריי צו מאכען פון דאָגמען און פאָרמולען. ענדליך איז מען שוין אזוי ווייט, דאָס מען ווארפט אראָב פון זיך די שווערע משא, און מען ארבייט צוזאמען פאר די אידעען פון דער צוקונפט. קומט איי־נער אין מיטען דערינגען, ווען מען האָט געשענקט דעם פולסטען צוטרוי, ווארימט אויף אויף דאָס ניי די אַלטע וועטשערע, שמאַלצט און זאַלצט איהר און דערלאַנגט דיזע איבעלדיגע אכילה די גלוי־ביגע! ווען עפּעס אַן אידיאָט וואָלט אונז מכבד געווען מיט דיזע פראַזען, ווייל פאר מיך זיינען דאָס אַלץ פראַזען, וואָלט די גאַנצע געשיכטע געווען פון גאָר קיין בעדייטונג ניט. אָבער ווען איהר ווארפט אויף די וואָג־שאָל אייער אויטאָריטעט, און איהר דערלאַנגט די לעזער, וואָס האָבען צו אייך צוטרוי, אזא סענטימענטאַלען קוואטש, מוז עס אָנמאכען א מוח־צוטומלעניש. איך ערקלער אייך, אז איהר זיינט געווען ניט עהרליך צו אונז, ווייל דער „פעסט־זאַל" ווערט אויך פון אונז פערטרעטען, און די, וועלכע לעזען איהם, וועלען גלויבען, דאָס איהר רעדט אויך אין אונזער נאָמען. איצט פערשטעה איך, ווי גרויסע גייסטער קענען ווערען פערגעטהער. איך פרשטעה איצט, דאָס עס זיינען דאָ מענשען, וועמס בלומרשט'דיגע שטארקייט איז נור איין איינרעדעניש, א מאסקע פאר זייער אינער־ליכע שוואכקייט. עס קומען די שטונדען, ווען זיי פּאַלען אום קלעג־ליך. איך קען ניט טרייבען קיין פערגעבונגס־פּאָליטיק — האָט היינזיאוס געענדיגט — דאָ איז שוין מעהר ניט די פראַגע פון מיי־נונגס־פערשיעדענהייטען, דאָ איז א געגענזאַץ, וועלכער צו־שיידט!... מיר געהען ניט ארויף אויף אייער בריק, וועמעס זיילען זיינען צופוילט. און עס איז ווידער איינע פון אייערע נארישע איינרעדענישען, ווען איהר שפּיעלט זיך אויף אלס בריקענבויער. דער בריק שטעהט שוין זייט אַלטע, אַלטע צייטען, און ער ווערט גע־ברויכט פון די שוואכע און נארען...

ער האָט אָבגעבראָכען און האָט אָנגעקוקט טהאָמאַס'ען מיט מיטלייד און סאַרקאַסטיש.

טהאָמאַס האָט געפיהלט, ווי עס וואָלט אויסגעפאַלען א וואַנד, אַן וועלכע ער האָט זיך ביז איצט געהאַלטען אַזוי פעסט אָנגע־שפּאַרט. פאַר אַן אויגענבליק איז עס געוואָרען פינסטער אַרום איהם.

ער האָט טיעף געזיפצט אין זיך.

„ניין, ניין, איך האָב מיר ניט פאָרגעשטעלט, אַז עס וועט זיין אַזוי שווער," האָט ער ביי זיך געטראַכט. אין דער הויך אָבער האָט ער געזאָגט:

— געגען וואָס זאָל איך מיך צוערשט פערטהיידיגען? איהר קוקט מיך אָן מיט מורא'דיגע געזיכטער. איהר בעהאַנדעלט מיך, ווי אַן אָנגעקלאָגטען, ווי א פערברעכער. וואָס ווילט איהר פון מיר? די פריוהייט פון דער פערזענליכקייט איז פאַר אייך דאָס העכסטע — אַזוי זאָגט איהר ווענינגסטענס. און נון דריקט איינער אויס געדאַנקען, וועלכע זיינען אייך ניט אַנגענעהם, וועלכע איהר קענט פיעלייכט ניט בעגרייפען אין דיזען אויגענבליק, און איהר שרייט אויס: קרייציגט איהם! איך בין אונעהרליך צו אייך? איך האָב דאָך געוואוסט, אַז איך וועל מוזען קעמפּפען מיט אייך. אָבער איך האָב געגלויבט און גלויב צו האָבען מיין פולעס רעכט צו רעדען צו די, וועלכע האָבען ביז איצט געהערט מיין שטימע. איהר האָט אַ טעות, היינזיאוס, ווען איהר גלויבט צו קענען מיך מאַכען אין כעס מיט אייערע רייד. און פּונקט אַזוי ווענינ קענט איהר מיך איינשרעקען. איך בין אַ שטיין, וואָס האַלט אין קייקלען זיך, און איך מוז דערגרייכען מיין ציעל! קיינער, קיינער קען מיך ניט אָב־האַלטען. איהר צומישט אַלעס צוזאַמען. איהר פערשטעהט מיך ניט. דאָס מוז אודאי זיין מיין שולד. איך ווייס דאָך, ווי שווער עס איז מיר אליין געוועזען דער וועג, אויף וועלכען איך בין געגאַנ־גען. איך פיהל מיך ניט, אלס בריקענבויער, איך שווער אייך, אַז ניט. איך האָב אָנגערופען די גרויסע פיהרער. איך בין אַן אונבע־דייטענדער מענש. און ווען איך בעהויפּט עטוואָס פאַר מיר, איז עס נור דער דראַנג צו זיין עהרליך. פיעלע פון די געדאַנקען, אויף וועלכע איך האָב נור אָנגעדייטעט, און וועלכע איך האָב נאָך קלאָר

צו מאכען, זיינען אין מיר געווים געוואקסען אין אלע פערגאנגענע יאָהרען. איך שעהם מיך ניט צו זאָגען, דאָס אין דעם זין, ווי איך האָב ערקלערט, בין איך א רעליגיעזע נאטור. אין מיר איז אויך דאָ פיעל מיסטישעס. דאָס אלעס האָב איך פאר א לאנגע צייט געמאַטערט זיך צו אונטערדריקען אין מיר. איך האָב געמיינט, אז אייער וועג איז דער ריכטיגער. און אזוי האָב איך געקעמפּפט געגען מיין אייגענע אויפוואכונג, איך האָב מיך געלאָזט איינרעדען פון אייך, היינזיאוס! אונטער דעם געשריי: „פרייהייט, פרייהייט!“ האָב איך זיך געלאָזט איינשמועסען, דאָס די קונסט איז אזא זאך, וואָס מען דארף אָברוקען פֿון אַ זייט, אַ זאך, וואָס מען דארף פעראכטען. היינט וויים איך, דאָס די עכטע קונסט געהערט צו די וואהרהאפטיגסטע לעבענס־אויסדריקע פון מענשען, דאָס זי איז א גרויסער חלק פון זיין רעליגיעזער נאַטור. איך זעה אויך קיין גרונד ניט, ווארום איהר ווארפט שטיינער אין מיך. איהר ווילט זיך צושיידען מיט מיר נאכדעם, ווי מיר האָבען יאָהרען־לאנג געארבייט! איך בעט אייך, טהוט עס ניט!“

ביי די לעצטע ווערטער האָט ער זיך בעגעגענט מיט פרינדעל׳ס בליקען.

ער האָט דערשראָקען אראָבגעלאָזט זיינע אויגען. א טיעפער טרויער איז איהם בעפאַלען. ער האָט געזעהען אין פרינדעל׳ס פנים אַ בלינדען און טיעפען האַס.

און אזוי ווי עטוואָס וואָלט איהם געשטופּט צו בעשיצען זיך פון דעם סטראַשענדען שטורם, האָט ער פערלייגט די ארעמס, און עטוואָס צונויפדריקענדיג זיינע אויגען געזאָגט:

— רעדט נור, פרינדעל, איך האָב פאר אייך קיין מורא ניט.

דער מעכאַניקער האָט איהם בעטראַכט מיט פעראכטונג.

— איהר האָט זיך אַ ביסעל אָבגענאַרט אין אונז. מיר לאָזען זיך ניט פאַנגען, ווי נאַרען און איינשרעקען. איבעריגעס, וואָס מיך אנבעטרעפט, בין איך גאָר ניט ערשטוינט. איך האָב דאָס אלעס פאָראויסגעזעהען. עס האָט געמוזט אזוי קומען. איך וויל מיט אייך ניט דעבאַטירען. פאַר מיר זיינט איהר א פערלאָרענער. נור איך בין ערשטוינט, מיט וואָס פאר אַ שארפען פערשטאַנד איהר האָט עס בעגריעפען שטירנער, דיהרינג און ניצשע! דיזע מענשען

האָבען צושטערט די שקלאַפען־מאָראַל פאַר דענקענדע מענשען, זיי האָבען צוגלידערט די לעגענדע פון קריסטענטהום אין איהרע אונ־זיניגע פּרטים. און וואָס דיהרינג אנבעטרעפט, האָט ער דאָך דעם בודהיזמוס, אויף וועלכען, ווי עס ווייזט אויס, איהר האָט זיך אויסגעשטרויכעלט, מיט א פּאָר ווערטער אויסגעגראָבען א היבשען טיעפען קבר. ער האָט, אויב איך דערמאָן זיך נור ריכטיג, אין א בוך, וועלכער הייסט „דער ווערטה פון לעבען“, בעוויזען ריכטיג און קלאָר די לעבענס־פיינדליכקייט פון דיזער זאָגענאַנטער רעליגיעזער אנשויאונג. און איצט קומט איהר און דערלאַנגט אונז דיזען קוואַטש. מיר דאנקען אייך שעהנסטענס. דעם מאָהלצייט מעגט איהר אליין אויפעסען! מיר עסען ניט מיט. מיר זיינען געגען גייסטיגע בלוט־פערגיפטונג. די אונעהרליכקייט, פון וועלכען הייגזיאוס האָט גערעדט, איז ניט נור אין דעם, וואָס איהר האָט געלאָזט דרוקען דעם אַרטיקעל אָהן אונזער וויסען, נור אין דער חוצפּה, מיט וועלכער איהר מאַכט א פערגלייך צווישען זיך און שטירנער. דאָס איז ווירקליך א העזה.

— זיינט איהר פארטיג — האָט טהאָמאַס געפרעגט. ער איז איצט געוואָרען עטוואָס בלייכער.

— עס לוינט זיך ניט צו רעדען מעהר — האָט פרינדעל געענט־פערט — עס האָט דאָך גאָר קיין צוועק ניט.

טהאָמאַס האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

נאָך דיזער ערקלעהרונג רעד איך ניט מעהר צו אייך, נור צו די איבעריגע. איך האָב נור צו זאָגען, דאָס אזעלכע אנגריפע ריה־רען מיך ניט. זיי מאַכען מיך לאַכען און לאָזען מיך איבער גאַנץ גלייכגילטיג. אָבער איין זאַך וויל איך נור זאָגען, אַזוי ווייט, ווי עס געהט דער אויטאָריטעטס־גלויבען פון מיין מיטקעמפּפער פרינ־דעל, געהט דער מייניגער ניט. מיין פערשטאַנד שטעלט זיך ניט אָב פאַר קיין אויטאָריטעט. איך וויל עס גראַדע ארויסזאָגען! איך האַלט די בעאורטהיילונג פון קריסטוס דורך שטירנער, דיהרינג און ניצשע פאַר א גרויסען טעות. און גערעדע אין דעם זעה איך, וואו דיזע גרויסע דענקער האָבען פערגרייזט. ווי בעשרענקט זיי האָבען פערשטאַנען קריסטוס׳ען! איך פערשטעה ווירקליך ניט, ווי אזוי די מענשען פון אזא דענקונגס־קראַפט האָבען געקאָנט מאַכען אזא קאַ־

ריקאטור פון קריסטוס. איך גלויב, אז דיזע מענשען האבען קיינ־
מאל די עוואנגעליע ניט געלייענט; דאס זיי זיינען צוגעטראָטען צו
דער בעטראכטונג פון דיזען אייביגען און איינציגען מיט די אנזיכ־
טען, וועלכע זיי האבען נאך געהאט, ווען זיי זיינען געווען קליינע
אינגלאך. און איצט האב איך נאך עטוואס צו בעמערקען. מיט
דעם פולסטען בעוואוסטזיין האב איך אויפגעשטעלט די בעציהונג
צווישען מיר און שטירנער. אייער מאקס שטירנער, וועלכער פרע־
דיגט דעם ריינעם עגאאיזמוס, זאגט אויף א געוויסען פלאץ — איך
געדענק אויסוועניג דיזע גרויסע ווערטער, וועלכע זיינען געווען א
וועג־ווייזער פאר מיר: — „זאל איך ניט נעהמען קיין ווארימען
אינטערעס אין דער פערזענליכקייט פון אן אנדערען? זאל זיין פרייד
און זיין וואוילזיין ניט זיין מיר נאהענט צום הארצען? זאל דער
גענוס, וועלכען איך גיב איהם, ניט זיין העכער פאר מיר, ווי אלע
אנדערע פערגעניגענס? פערקעהרט. איך קען פאר איהם אפפערען
מיט פערגעניגענס אהן א שיעור. איך קען זיך אבזאגען צוליעב
איהם פון פיעלע, פיעלע זאכען, אום צו פערמעהרען זיין גליק. און
דאס, וואס וואלט געווען אהן איהם פון גרויסער וויכטיגקייט פאר
מיר, דאס קען איך פאר איהם שטעלען אין קאן, מיין לעבען, מיין
גליק, מיין פרייהייט. דאס ברענגט דאך מיר גליק צו זעהען, ווי
גליקליך ער איז. אבער מ י ך אליין וועל איך ניט אויפאפפערען, נור
איך בלייב עגאאיסט און האב פערגעניגען פון איהם". דאס איז צו
לעזען זייטע 299, צווייטע אויפלאגע. און אין א זייט שפעטער:
„איך ליעב די מענשען אויך, ניט בלויז איינצעלנע, נור יעדען.
אבער איך ליעב זיי מיט דעם בעוואוסטזיין פון עגאאיזמוס. איך
ליעב זיי, ווייל די ליעבע מאכט מיך גליקליך. איך ליעב, ווייל
דאס ליעבען איז נאטירליך, ווייל עס געפעהלט מיר. איך קען ניט
קיין געבאט פון ליעבע."

טהאמאס האט זיך אויף א ווײַלע אבגעשטעלט און האט מיט
א שעהנעם איראנישען שמייכעל אנגעקוקט דעם מעכאניקער. ער
האט פארטגעזעצט:

— וואס איז עס, אלזא, אנדערעס, ווי די נעכסטענליעבע?
וואס איז עס אנדערעס, אויב ניט דער אויסדרוק פון דעם זעלבסט־
בעוואוסטען איך, וועלכער פיהלט זיך אין צוזאמענהאנג און אין גע־

מיינשאַפט מיט אַנדערע ווערזענס. אויף צו להכעיס אַלע זיינע סאָפּיסטישע און דיאַלעקטישע דריידלעך, האָט אויך אין דיזען מענ־שען געלעבט אַ דונקעלער בעגריעף פון דעם געהיימניספאָלען אַלל־איך. און עס איז גאָר ניט קיין צופאַל, ווען דיזער אָרימער לעה־רער, וועלכער האָט דורכגעבראָכען אַלע שראַנקען און איז אַנטלאָפען אין די איינזאַמקייט פון קלאָרען דענקען, רעדט פון דעם „פּעראיין פון גלייכע.“ אפשר וואָלט פאַר איהם געלייזט געוואָרען די רעטע־ניש פון לעבען, ווען ער וואָלט יעדע זאַך ניט בעטראַכט, אַלס רעאַל־פּאָליטיקער. יעדענפאַלס האָב איך געהאַט דאָס פולע רעכט אָנצו־ווייזען אויף דיזע שטעלען אין שטירנער'ס בוך. און דאָס, וואָס מען וואַרפט מיר פאָר, אַז דאָס, וואָס איך שרייב, איז שוין אַ גאַנץ אַלטע זאַך, ענטפער איך: דער אמת איז אוראַלט און אור־אייביג. און דער געדאַנק, וועלכען איך האָב זעלבסטשטענדיג אין מיר דורכגעאַרבייט, געהערט מיר, ווערט מיין גייסטיגער אייגענ־טהום, אויך דאַן, ווען ער איז נור קלאָר פאָרמולירט געוואָרען פון מיר. דאָס געראַדע איז איינע פון די מערקווירדיגסטע ערשיינונ־גען, דאָס צו דעם זוכענדען מענשען שפּאַרען זיך פּלוצלונג אַלע די מענשען, וועלכע האָבען פאַר איהם געזוכט און געפונען. נור אַ קליינציגקע, ענגע נשמה קען דערפון טרויעריג ווערען. דער אַנדע־רער אָבער וועט ווערען פיעל גליקליכער, זיין קאָפּ וועט זיך אויפהוי־בען שטאָלצער, אויסגעפינענדיג זיין וואַהרהייט בעשטעטיגט אויך פון אַנדערע!

ער האָט טיעף אויפגעאָטהעמט, און ווידער האָט ער אריבער־געבליקט צו בעטינאַ, וועלכע איז פול מיט אַנגסט געהאַנגען אָן זיינע ליפּען.

פרינדעל האָט גענומען זיין הוט.

— פאַר מיר איז דאָ מעהר קיין פּלאַץ ניט — האָט ער ארויס־געשטויסען גראָב — איהר זיינט אַ פּאָקוסניק, אַ טאַשענשפּיעלער. איהר וואַרפט די ווערטער, ווי די קוילען אין די לופט, אַז עס הויבט איינעם אָן שווינדלען אין די אויגען, און מען קען שוין ניט מעהר זעהען. איך האָב גענוג פון אייך.

זיין פּנים איז געוון פול מיט צאָרן, און זיינע אויגען האָבען דורך זיין נערוועזיטעט געהאַלטען אין איין ווינקען.

— דאָס דעבאטירען איז ווירקליך צוועקלאָז — האָט ליסאוער בעמערקט — אזוי פיעל איז קלאָר, דאָס צוזאמענגעהן קענען מיר מעהר ניט.

אויף זיין פנים האָט געהאט עטוואָס שטרענגעס און פאנאַ־טישעס.

אויך היינזיאוס האָט זיך אויפגעהויבען.

— דעם גאנצען לעבען האָב איך געקעמפפט — האָט היינזיאוס געזאָגט פינסטער — און איך וועל ניט אומפאלען איצט, ווען עס האַלט מיט מיר ביי'ן טוידט! איך זינק ניט צוריק, איך וויל ניט אויפגעבען דאָס מינדעסטע פון מיין פרייהייט. איך ווארט אויפ'ן טוידט און זאָג איהם: „איך האָב פאר דיר קיין מורא ניט, ווייל איך בין פריי!“

א הוסט האָט פאר א ווײלע ניט געלאָזט איהם ווייטער רעדען. אלע האָבען אויף איהם געקוקט פול מיט זאָרג. ער האָט אויסגע־זעהן אזוי עלענד. אלעס אין זיין צובראָכענעם קערפּער האָט אוים־געזעהען צושרויפט.

דאָך האָבען זיי ראש אָבגעדרעהט פון איהם זייערע פנים'ער. זיי האָבען געוואוסט, ווי וועה עס טהוט איהם יעדעס מיטפיהלען.

ווען ער איז ענדליך צו זיך געקומען, האָט ער געענדיגט, און טהאָמאַס'ען האָט אויסגעזעהען, אזוי ווי ער וואָלט דערביי שמערצ־האפט געשמייכעלט און וואונדערליך איהם אָנגעקוקט.

— געפיהל איז א שווערע משא. און אזא מענש, ווי איך, דארף האָבען לייכטען באַגאַזש.

פאר א סעקונדע האָט טהאָמאַס געפיהלט, ווי אָנצוכאפּען איהם ביי זיינע אויסגעמאָגערטע הענד און איהם פעסטהאלטען. עס טאָר ניט זיין, אז אלע זאָלען זיך פון איהם אָבטרייסלען, אז דאָס צוזאַ־מענווירקען פון פיעלע יאָהרען זאָל זיך ענדיגען אין פיינדשאַפט. און מיט א שטימע, אין וועלכער עס האָבען זיך געהערט טרערען, האָט ער אויסגעשריען:

— איהר.... איהר... ווילט מענשען זיין?

ער איז געוואָרען שטארק געריהרט, און קוים געהאלטען זיך אויף די פיס.

דאן האָט זיין בליק געטראָפען בעטינא, און ער האָט זיך אויפ־

גערינכט אין זיין גאַנצער הויף, זיינע אויגען האָבען אויפגעבליצט, און ער האָט געזאָגט:

— ווייסט איהר, ווער איהר זיינט? איצט זאָלט איהר עס הע־רען! לעבענס־שענדער, פערשטיינערטע דאָגמאַטיקער, דאָקטרי־נערע מיט פערוואָפּנעטע הערצער־אָרערען. איהר זיינט טעמפּ, אַז גאָט זאָל זיך אויף אייך דערבאַרעמען, און הויכמוטהיג, ווי נור אָרע־מע קליינינצקע נפשות קענען זיין!

ער האָט געוואָלט דערשטיקען דעם אינערליכען שמערץ און האָט זיך געביסען אויף די ליפּען ביז בלוט; דאַן האָט ער זיך אָב־געקעהרט פון זיי.

פּרינדעל און היינזיאוס זיינען אוועק צום טיר. אויך ליסאוער און בלינסקי האָבען זיך געקליבען געהן.

ליסאוער האָט איהם דערלאַנגט די האַנד. דער קליינער האַר־באַטער מענש מיט דעם שטערען פון אַן אוטאָפּיסט האָט אויף איין מאָל אַ ציטער געטהאָן.

— איך וויל ניט, וויל ניט ווייך ווערען — האָט ער געשטאַ־מעלט — איך וויל זיך ניט לאָזען פּערטומלען. ניין, דאָס געהט ניט. מען האָט אזוי לאַנג געאַרבייט איבער זיך, און דאָס אַלעס זאָל זיין אומזיסט? נאַרישקייטען? ניין, ניין, ניין! איך וויל ניט!

און מיט ביידע הענד האָט ער זיך צוגעהאַלטען די אויערען אזוי ווי ער וואָלט ניט געוואָלט הערען אַן ענטפער.

אויך דער קליינער בלינסקי האָט געוואָלט זאָגען עפּעס צום אבשיעד. ער האָט אַ פּאָר מאָל פּרובירט, אָבער די ווערטער זיינען איהם געבליבען שטעקען אין האַלז. ער איז געוואָרען רויט אין פּנים, אזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָרגען מיט אַ ביין. ענדליך האָט ער געגעבען טהאָמאַס'ען די האַנד, ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט און איז נאָכגעלאָפען נאָך די אַנדערע.

ווען די טיר האָט זיך צוגעשלאָסען הינטער זיי, האָט אויך פרוי בראָזע זיך דערווייטערט. אָבער איהר בליק האָט איהם גע־זאָגט: איך האַלט מיט דיר אפילו ווען די גאַנצע וועלט זאָל דיך פערלאָזען.

און איצט זיינען טהאָמאַס און בעטינא געבליבען אַליין. בע־

טינא׳ס אויגען האָבען ארויסגעשטראַהלט א וואונדערבאַרע ליכ־טיגקייט.

דיזער בלייכער מענש, אזוי אָרים געקליידעט, מיט דעם ריי־נעם שטערען, מיט דעם בלוטענדען שמייכעל אויף די צוקענדע לי־פען, האָט עס אין איהר אזוי ליכטיג געמאכט.

דאָס איז געוועזן דער טהאָמאַס, וועלכען זי האָט אזוי געליעבט אַלס קינד, און געפלאָכטען קרענצען אין זיינע האָר. דאָס איז דער טהאָמאַס, וועמען זי האָט אזוי שמערצליך געליעבט די אלע יאָה־רען. איהר עלענד און ביטערנים האָבען איהר אין דיזער שטונדע אויסגעזעהען צו זיין ווייט, ווייט הינטער איהר. זי האָט געפיהלט, אַזוי ווי זי וואָלט ערשט איצט זיך פערשטאַנען. זי אַליין האָט איהם בעגריפען.

ער האָט זיך ארונטערגעלאָזען אין דעם שטראָם פון לעבען; ביז אין זיינע טיפענישען און אָבגרונטען האָט ער איהם דורכגע־פאָרשט. ער האָט זיך בלוטיג פערוואונדעט אָן זיינע שטיינער. בלאָטע און אנדערע מיאוסקייטען האָבען זיך צוגעטשעפעט צו איהם. אָבער די כוואַליעס האָבען איהם ווידער ארויפגעטראָגען אין דער הויך, און זיין קערפּער האָט געשטראַהלט אין ריינקייט.

— דו... דו! — האָט זי געמורמעלט.

און אין דיזען „דו“ איז געלעגען איהר גאנצע שטאַרקע ליעבע.

דאָן האָט ער זי אָנגעקוקט גרוים און פול. איהר האָט זיך אויסגעדוכט, אז זיינע אויגען ווערען גרעסער, אז זיין שלאַנקער קערפּער וואקסט אוים. און זיין שטימע האָט איהר געקלונגען, ווי מוזיק, וואָס זי האָט קיינמאָל ניט געהערט.

— זיי פאַלען אָב פון מיר, דו זעהסט! זיי פאַלען אָב פון מיר, ווי רעגענטראָפּען פון א בוים, זיי שטויסען מיך אָב פון זיך, ווי א קרעציגען הונד! יעצט בין איך אלזאָ איינזאמער, ווי ווען עס איז.... איך פיהל אָבער ניט קאַלט. איך קוק אין די ליכטיגקייט. איך געה אין דער ליכטיגקייט. די ליכטיגקייט בלענדעט מיר ניט די אוי־גען!... דו ביסט מיט מיר, און אלעס ארום מיר אין ליכטיג.

ער האָט געשוויגען א רגע.

גאַנץ שטיל און מעהר צו זיך, ווי צו איהר, האָט ער געזאָגט:

„אין פעסט־זאל ברענען אלע ליכט. זיי ברענען אין ווייסע לייכטער.“

דאן האט ער זיך צו איהר ארונטערגעבויגט און האט זי גע־קושט.

— איך לאז דיך ניט אב — האט ער געזאגט און זיין שטימע האט געקלונגען גרויס און פעסט.

.7

— א, וואס'ארא שעהנע הענטלעך איהר האט! — האט דער פאעט ליערס געזאגט, שטעהענדיג מיט אן אראבגעלאזענעם קאפ פאר דזשאזעפא ערווינג.

זי האט איהם אנגעקוקט אומעטיג, זאן אין דעם זעלבען אוי־גענבליק האט זי פערלייגט איהרע הענד הינטער'ן רוקען.

— מאכט זיך ניט פאר אזא שרעקליך הייליגע! זיינע גרויסע ברוינע אויגען זיינען נאך גרעסער געווארען, ווען ער האט ארויס־גערעדט דיזע ווערטער.

— וואס מיינט איהר דערמיט? — האט זי איהם געפרעגט מיט אן אנבליק פון מיסטרוי.

— דאס מיינט — האט ער געענטפערט מיט בעס — אז איך פאסט זעהר שלעכט דער טאן פון א הייליגער.

— מיינט איהר אזוי? — האט זי געזאגט ביטער אויפלאבענ־דיג — נאך אלעמען בין איך פיעל הייליגער, ווי איהר שטעלט זיך עס פאר.

— אך, ניין, זאגט עס ניט. איך האב געוואלט געראדע בע־טען ביי אייך עטוואס.

— אט גלייכער בעט ניט!

— דאך, איז מוז — האט ער געזאגט מיט זיין ווייכער, מיל־דער שטימע — עס האנדעלט זיך אום דעם, איהר זאלט נור איינ־מאל זיך ווייזען פאר מיר נאקעט.

— זיינט איהר משוגע?

— פערקעהרט, איך בין קיינמאל ניט געווען מעהר בעזאנען.

— אריע!

— הערט נור!

— וועט איהר אויפהערען מיט אייערע משוגעת'ען?

— איך וועל, נור ערלויבט מיר צו שטעלען אייך א פּאָר פראגען.

— איך האָב אייך גאָר ניט צו ערלויבען.

— גוט, דאן וועל איך זיך אליין נעהמען דיזע ערלויבנים. ערשטענס, ווארום מאכט איהר אזא מינע, אזוי ווי מיר וואָלטען ביידע געווען זיעבצעהן יאָהריגע קינדער? צווייטענס, האָט איהר דען קיין טראָפּען קינסטלער־בלוט אין זיך?

— ניין.

— נו, גוט! אָבער איך, איך בין דאָך א קינסטלער, טו ווי קענט איהר אויף מיר פאראיבעל האָבען, דאָס איך וויל אייך זעהן נאקעט? וואָס פאר א קערפּער איהר מוזט עס אודאי האָבען, אזוי זילבערדיג, ווי קארשען־בלומען.... ווייך ווי פּערסיקעס....

— אָט אזוי האלט איהר דאָס אייער צוזאָג?

זי האָט זיך צולאכט מיט א קוויטש און האָט זיך ווידער אומ־געקעהרט צו איהם מיט'ן רוקען.

— ניין, ניין!

אין זיין טאָן איז געווען עטוואָס, וואָס האָט איהר געצוואונגען צו פערבלייבען.

— איך וויל נור איין זאך וויסען — האָט ער ארויסגערעדט, ציטערענדיג אין גאנצען קערפּער און אָטהעמענדיג מיט אנשטרענגונג — איהר טהוט זיך אויס נאקעט פאר יעדען טאלאנטלאָזען מאָלער. יעדער פּאטשקון קען זעהען און קוועלען פון אייער שעהנעם קערפּער, און איך, איך... איהר זינדיגט, זאָג איך אייך, געגען מיר, איהר זינדיגט דאָפּעלט געגען מיר. איהר זינדיגט געגען מיר, אלס מענש און אלס קנסטלער.

— זיינט איהר פערטיג? — האָט זי געפרעגט גאנץ בלאָס, און ניט ווארטענדיג אויף אַן ענטפער פון איהם, האָט זי פאָרטגעזעצט, קוקענדיג אויף איהם מיט איהרע דורכדרינגענדע אויגען — צו יענע מענשען האָבען יע טאלאנט, צו ניט, דאָס ארט מיך גאנץ וויי־ניג. ווענינגסטענס, קוקען זיי מיך דאָך ניט אָן מיט אזעלכע משונה'־דיגע אויגען, ווי איהר! און ווען זיי טהוען עס יא, האָב איך זיך

אויסגעלערנט זעהר שנעל אנצוטהאן. דאס לערענט מען ביי אזא פראפעסיאן ווי מיינע. דאס אנקליידען געדויערט מיך ניט לאנג. און, איבעריגענס, ווער וויים דען, אז איהר האט טאלענט? קיין מענש!

— איך — האט ער געענטפערט מיט א טיעפען ערנסט — איך וויים עס! דאס איז דאס וויכטיגסטע! און דאס איז גענוג.

— דיכטעט איהר דען איבערהויפט ווען־עס־ איז? איהר שלאפט דאך גאר.

— געראדע דאס בעווייזט מיין טאלענט — האט ער געענט־פערט שטיל — איך האב א צו גרויסען רעספעקט פאר זיך. איך בעשמוץ ניט קיין וויים פאפיער. איך שטעל צו זיך די העכסטע פארדערונגען. איך בין דאך ניט קיין בעל־מלאכה, קיין צייטונגס־שרייבער.

— דאס זיינען אלץ פוילע תירוצים. א פעניג גיב איך ניט פאר זיי.

— ווייזט זיך פאר מיר נאקעט, און איך...

— ווערט איהר שוין ווידער אונפערשעהמט?

— איהר קעהרט אלעם איבער מיט׳ן קאפ אראב.

ער האט טרויעריג געשמייכעלט און דאן אויסגעשריען מיט פייער:

— עס וועט קומען די צייט, ווען איהר וועט בעטלען ליעבע פון מיר. איך וויים עס. די צייט וועט קומען. אבער דאן וועט איהר אפשר אומזיסט בעטלען. אפשר וועט מיין ליעבע, וועלכע איהר האט אזוי מיט די פים געטראטען, שוין זיין דאן טוידט.

דזשאזעפא האט אויף איהם געקוקט מיט גרויסע אויגען, פול מיט שפאט.

זי האט געהאט פערגעניגען פון זיין האפנונגסלאזע ליעבע. זי, וועלכע איז אזוי געמוטשעט געווארען, האט געפיהלט א גרויזאמע בעפרידיגונג צו זעהן אויך אן אנדערען ליידען. איבעריגענס, האט איהר ליערם׳ס צושטאנד גאר ווייניג געארט. הינטער איהר שטע־רען האט די אלע וואכען נור איין געדאנק געארבייט און גענומען בעזיץ פון איהר.

— דאס זיינען אלץ פראזען — האט זי איהם געענטפערט —

איהר רעדט דאָס אַלעס זיך איין. — און אויסברעכענדיג אין א ני־דערטרעכטיגען געלעכטער, האָט זי צוגעגעבען מיט א כיטרען אויס־דרוק: — דאָס זיינען אַלץ צוואַנגס־פאָרשטעלונגען!

ער האָט איבערראַשט ארויפגעקוקט צו איהר.

— פון וואַנען קומט צו אייך דיזער אויסדרוק?

— וואָס האָט עס צו טהאָן מיט אייך?

— ווי קענט איהר זאָגען, אז איך מיין ניט דאָס, וואָס איך רעד צו אייך? ווי שלעכט איהר פערשטעהט זיך אויף מענשען!

— בעווייזט עס מיר! איך האָב דאָך גאָר ניט קיינע בעווייזע, אז איהר ליעבט מיך ווירקליך. איהר קענט דאָך זיך ניט איינרע־דען, אז אייערע ווערטער זאָלען אויף מיר מאַכען דעם מינדעסטען איינדרוק! פאַר אַזוי נאַריש זאָלט איהר מיך ניט האַלטען! באַלד וועט איהר די זעלבע פראַזען זאָגען צו אַנדערער. איהר דאַרפט דאָך פערשטעהן, אז מיט דער צייט ווערט אונזער. איינע זעהענדיג.

— דאָס איז איינפאַך פערלוימדונג.

— דענקט איהר, אז איך האַלט עס פאַר שעהן, ווי איהר האַנ־דעלט געגען אייער פרוי? גלויבט איהר, אַז איך וועל אייער פרוי בעשווינדלען? עס איז שוין גענוג, אַז איהר טהוט עס!

זי איז בלאַס געוואָרען פאַר כעס, און האָט ארויסגעשיפּעט:

— רעדט צו מיר ניט אזעלכע נאַרישקייטען!

זי איז שטעהן געבליבען. זיין מידער פּנים איז געוואָרען מיט איינמאָל לעבעדיג. ער האָט ענערגיש א קלאַפּ געטהאָן מיט'ן פוס.

— איך וויל ניט, אז איהר זאָלט זיך איבער מיר לוסטיג מאַ־כען. מיט מיין פרוי האָט עס גאַר ניט צו טהאָן. עס איז אַן אונ־גליק, דאָס איך ליעב אייך. מיינט איהר, אז איך ווייס עס ניט? עס וואָלט געווען נאָך א גרעסערער אונגליק, ווען איך וואָלט זיך גע־וועהרט געגען דעם. וואָס האָט דאָס מיט מאָראַל צו טהאָן, דאָס פערשטעה איך ניט. איהר ווייסט דאָך עס אַזוי גוט, ווי איך. מען קען דאָך ניט ווערען א פערברעכער געגען זיך אַליין.

— דיזע זאַכען זיינען זעהר מאָראַליש. און איך וויל פון קיין אַנדער מאָראַל ניט וויסען. איבעריגענס, וואָס האָט איהר געמיינט

דערמיט, וואָס איהר ווילט ניט ווערען קיין פערברעכער געגען זיך אליין?

— דערמיט האָב איך געמיינט — האָט ער געענטפערט לאַנגזאם — אז מען קען ניט און מען דארף ניט אויפאָפפערען דעם אייגענעם לעבען צוליעב אנאנדערען.

— און איהר ליעבט מיך טאַקי אויף צו דער אמת? דאָס איז ניט קיין שפּאַס?

ער האָט זי נור אַנגעבליקט און גאָר ניט געענטפערט.

— יא, וואָס וואָלט איהר דען געטהאָן פאר מיך? מען טהוט דאָך עטוואָס פאר דעם, וועמען מען האָט ליעב!

— אַלעס!

— דאָס איז פיעל — האָט זי געזאָגט האַלב שפּאַטיש און האַלב ערנסט — וואָלט איהר, למשל, פאר מיר געשטאָרבען?

— ניין, איך וויל לעבען מיט אייך!

— זיינט איהר פון דער נאַטור א שרעקעדיגער?

— אבסאָלוט ניט!

א לאַנגע ווײַלע האָט זי געשוויגען.

— ווילט איהר זיך דען שיידען איצט מיט אייער פרוי?

ער איז געוואָרען צומישט.

— צו וואָס פרעגט איהר מיך דאָס? מיר האַלטען דאָך נאָך גאָר ניט אזוי ווייט!

— אך, דאָס איז פּראַכטפול! איהר דרעהט שוין איצט אויף צוריק. האָט איהר זיך דען איינגערעדט, דאָס איך וועל זיך איצט ווידער א מאָל לאָזען שפּיעלען מיט מיר?

— איך וועל ניט שפּיעלען מיט אייך. איך בין אימשטאַנד אַלעס צו אָפּפערען פאר אייך.

— און אז איך זאָל אייך האַלטען ביי'ן וואָרט?

— טהוט עס!

— ווען איך זאָל פון אייך פערלאַנגען...

זי האָט ווייטער ניט גערעדט. זי האָט פאר א פּאָר מינוטען געקעמפּפט מיט זיך אליין. זי האָט געהאַלטען אין איין קוקען אויף איהם מיט איהרע פּאַרשענדרע אויגען, אום אויסצוגעפינען, אויב זי קען איהם טרויען.

זיי זיינען אנגעקומען, אליין ניט וויסענדיג, צו דער אויגוסטאַ־גאַס, וואו די נאַקעטע, מיט אייז־בעדעקטע בוימער האָבען זיך אָב־געשפּיעגעלט אין וואַסער. זיי זיינען ביידע שטעהן געבליבען און געקוקט שווייגענדיג אין קאַנאַל.

פּלוצלונג האָט זי גענומען זיין האַנד.

— וואָלט איהר צוליעב מיר.... וואָלט איהר געווען אין שטאַנד, ווען איך זאָג אייך צו אַלץ, צו טהאָן עטוואָס.... עטוואָס, וואָס....

און וויעדער האָט זי ניט דערענדיגט.

— אַך, דאָס איז דאָך אונזין, רעדט אַרויס, וואָס איהר ווילט!

זי האָט צונויפגעדריקט איהר פויסט, און האָט איהם אָנגע־קוקט פיבער־הייס.

— רעדט אַרויס, וואָס איהר ווילט, לאָמיך עס הערען!

— גוט!

איהר געזיכט האָט בעקומען אַן אייזערנעם ענטשלאָסענעם אויסדרוק. זי האָט אידם צוגעצויגען נאָהענט צו זיך.

— די זאַך איז די — האָט זי געזאָגט הייזעריג — איך קען ניט לעבען אַזוי לאַנג ווי יענער מענש אָטהעמט.... איך בין עס ניט אין שטאַנד. אָט הערט! איך וויים דאָס שוין זייט וואָכען... דיזער מענש מוז שטאַרבען.

ער איז פון איהר דערשראָקען אָבגעשפּרונגען. מיט איינמאָל האָט ער איהר פערשטאַנען.

— איך זאָל.... האָט ער געשטאַמעלט בלייך און צומישט.

— יאַ!...

עטוואָס שרעקליכעס איז אין איהם פאַרגעקומען. ער האָט זיך געהאַלטען די הענד פאַר די אויגען. דאַן האָט ער געלאָזט די אָרעמס זיינע שלאַף אַראָבזינקען און האָט צו איהר אַרויפגעקוקט מיט אַ האָפנונגסלאָזער, פער'חלום'טער מינע.

— ניין, ניין, דאָס קען איך ניט — האָט ער אַרויסגעבראַכט גאַנץ שטיל און געבראָכען. און עטוואָס העכער האָט ער צוגע־לייגט: — דזשאָזעפּא, אום גאָטעס ווילען, מאַכט זיך ניט אונ־גליקליך.

זי האָט אויסגעבראָכען אין אַ משונה'דיגען געלעכטער.

דער געלעכטער האָט אַזוי לאַנג געדויערט, דאָס איהם איז גע־

וואָרען אונהיימליך.ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביי'ן אָרעם, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אויף אַזאַ מין שטייגער ברענגען איהר צו זיך.

ענדליך האָט זי זיך בעהערשט.

— איהר זיינט טאַקי ווירקליך אַריינגעפאַלען! איהר האָט גע־מיינט, אַז איך מייז עס ערנסט? — איהרע אויגען האָבען געברענט, ווי ביי אַ ווילדער חיה.

זי האָט זיי אויף אַן אויגענבליק אַזוי צוזאַמענגעקאַרטשעט, דאָס ער האָט נור געזעהען אַ שמאָלען פּאַסיק פון דער הויט און אַ פינטעלע אין איהרע שוואַרצאַפּלען.

— איך געפין. אַז איהר זיינט מאָדנע קאָמיש — האָט זי גע־זאָגט, און דערלאַנגט איהם צום אַבשיעד די האַנד, וועלכע איז גע־ווען פייכט און קאַלט.

.8

אין איינע פון די נעכסטע נעכט האָט טהאָמאַס טרוק צוזאַ־מענגעשטעלט דעם לעצטען נומער פון זיין צייטונג.

עס איז ניט געווען קיין מעגליכקייט ווייטער אָנצוגעהן. ער האָט געמוזט פאַר זיך אַליין, פאַר זיינע אייגענע בעדירפניסע קעמ־פּפען פערצווייפעלט, אום זיך צו האַלטען איבער'ן וואַסער. אַלע הילפסקוואַלען זיינען אויסגעשעפּט געוואָרען. קיינער איז ניט גע־ווען, וואָס זאָל איהם וועלען העלפען. די לעצטע גראָשען האָט ער צוזאַמענגעשאַרט. זיך אויסגעגלייכט מיט'ן דרוקער, פערפליכטענדיג זיך אויסצוצאָהלען דעם הוב בּיסלעכוויי.

און דאַן איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס ער האָט זיך צוקריגט מיט אַלע זיינע מיטאַרבייטער.

פרינדעל, היינזיאוס און ליסאויער האָבען אַריינגעשיקט העפ־טיגע פּראָטעסטען געגען דעם לעצטען אַרטיקעל זיינעם. ער האָט אויף די אַלע פּראָטעסטען געענטפערט רוהיג, אָהן די מינדעסטע צווייד־ייטיגקייט. און ערטערוויז האָט זיך געפיהלט, דאָס ער פיהלט זיך גליקליך, דאָס עס איז איהם געלונגען ענדליך אויסצודריקען זיינע אינערסטע געדאַנקען. די לעזער האָט ער געדאַנקט פאַר זייער טרייהייט און פערטרויען. ער האָט ערקלערט, דאָס ער האָט זיך

געפיהלט פערפליכטעט צו ערקלערען דאָס, וואָס עס איז אין איהם פאָרגעקומען. און ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט אום דעם אמת, אום דאָס, וואָס ער אנערקענט, אלס דעם אמת, האָט ער איהם ניט געקאָנט פערבויגען און אונטערדריקען צוליעב קיין זאך אין דער וועלט.

ער האָט געענדיגט זיין ערקלערונג מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„אין מיין קאמפף, וועלכען איך האָב געפיהרט, בין איך ארויסגעגאַנגען פון דעם שטאַנדפונקט, דאָס דער גאַנצער עלענד שטאַמט ניט אזוי פיעל פון די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע, ווי פון דעם סאַמע עצם פון דעם מאָדערנעם שטאַאט, וועלכער דריקט דעם אינדיווידואום, האַלט דאָס פאָלק אין אונוויסענהייט און שטיצט נור די עקאָנאָמיש־שטאַרקע. איך האָב געפיהרט דעם קאמפף, ארויסקומענדיג פון דעם שטאַנדפונקט, דאַס דער עלענד קומט פון דעם שטאַאַט, וועלכער ליגט ארויף זיינע שווערע הענד אויף יעדען איינצעלנעם, שטערט איהם אויף שריט און טריט פון קינדוויז אויף, מאַכט איהם פאַר זיין שקלאַף, און בעאַרבייט איהם מיט׳ן קנוט אזוי שנעל, ווי ער הויבט זיך נור אָן צו ריהרען. עס איז געוואָרען איינע פון מיינע גרונד־איבערצייגונגען, דאָס דער שטאַאַט מיט זיין צוואַנג־סיסטעם שטערט די ווייטערע ענטוויקלונג פון מענשען, און דאָס ער איז שולדיג אין דעם, וואָס אזוי פיעל קרעפטען און טאַלענטע געהען צו גרונד. דאַן האָב איך אויסגעפונען, דאָס אפילו די בעסערע מענשען, די זאָגענאַנטע לייטענדע גייסטער, ניט נור ווילען ניט וויסען פון דיזער וואהרהייט, נור זיי טהוען אלעס אין זייערע כחות צו אונטערדריקען איהר אָדער צו מאַכען איהר לעכערליך און פערעכטליך. איך האָב געזעהען, דאָס די יעניגע, וועלכע עס האָבען געמאַכט זיך פאַר זייער לעבענס־אויפגאַבע די בעפרייאונג פון מענשען, ווערען בעהאַנדעלט אזוי ווי זיי וואָלטען געוועזען ראַזבאָיניקעס.

„ווי אזוי האָבען זיך דאָ, אלזאָ, מיינע אנזיכטען געענדערט? אין וואָס בעשטעהט, אלזאָ, מיין ענדערונג? איך גלויב פון דער מאַטעריעלער אויפפאַסונג פון דער פרייהייט זיך האָבען ארויפגעארבייט צו איהר גייסטיגער אידעע? דאַרף מען מיך דערפאַר שטייניגען, ווען איך שעץ די צווייטע העכער?

„איך פיהר ווייטער דעם קאמפף פאר פרייהייט, חאָטש אויף א גאַנץ אנדער אופן.

„ווענינער פערשטאַנען, ווי ווען עס איז, וואנדעלט ארום קריסטוס צווישען אונז. זיין וואָרט: „מיין קעניגרייך איז ניט פון דיזער ערד“, האָט אין זיך א זעהר שווערע אנקלאגע, אונטער וועמעס שווערע משא עס וועלען צוזאמענברעכען די, וועלכע האָבען פערמעהרט די ביטערע ליידען פון פאָלק.“

ווען ער האָט דאָס אָנגעשריבען, האָט ער שנעל אָנגעטהאָן זיין הוט. ער האָט געפיהלט א גרויסע בעדירפניס נאָך פרישער לופט. ער האָט איצט ניט געקאָנט שלאָפען.

ביי׳ן טיר איז ער דערשראָקען שטעהן געבליבען.

קאטהערינא איז געשטאַנען באָרוועס, ניט אָנגעטהאָן, מיט צו־וואָרפענע האָר, און האָט איהם אָנגעקוקט טרויעריג מיט איהרע גרויסע אויגען.

— וואָס איז דאָס? ווילסט זיך ערקעלטען אויף טוידט?

איהר בליק האָט איהם וועה געטהאָן.

ער האָט גענומען איהר האַנד און זי געגלעט.

— טהאָמאס — האָט זי געזאָגט, ציטערענדיג און פרייכענדיג — איך קען ניט, איך בין ניט שולדיג....

— יא, יא. — האָט ער געענטפערט — עס איז נאַכט און עס איז צייט צו שלאָפען.

— קומסטו צוריק? — האָט זי געפרעגט אין א זאָנדערבארען טאָן.

— איך קום ווידער, געוויס.

זי האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, פריילאָזענדיג די טיר, און איז אריין אין צימער.

לאַנגזאם איז ער ארונטער פון די טרעפּ.

.9

אין דער העל־בעלויכטענער פילהארמאָניע האָט אבראהאַב געבהארדט צוזאמען מיט דעם פילהארמאָנישען אָרקעסטער צום ערשטען מאָל געלאזט אויפפיהרען פאר׳ן פּובליקום זיין גרויסע סימפאָני „דאָס קעניגרייך פון פרייד“.

די קליינע געשטאלט פון מוזיקער איז געוואקסען ביין רידי־זשירען. אלעס אין איהם איז געווען בעוועגונג. זיינע העלע לייכ־טענדע אויגען זיינען געווען אט אויף די, אט אויף אנדערע אינסטרו־מענטען. זיין גאנצער מענש איז געווען אן איינציגער ריטהמוס. די בלאנדע לאקען זיינע האבען מיטגעטאנצט.

צו טהאמאס און בעטינא האבען געשטראמט די מעכטיגע טע־נער־כוואליעס.

אבראהאם נעבהארדט האט זיי איינגעלאדען, און האט צו טהא־מאסע'ן געשריעבען, דאס ער האלט מיט איהם איצט און צו אלע צייטען.

דער ערשטער זאץ איז געווען צו ענדע.

א פראסטיגע שטילקייט האט געהערשט.

ווען א פאר הענד האבען זיך געוואלט ריהרען, האבען זיך גע־הערט שארפע „פטס" און שאס", אזוי, דאס באלד איז ווידער געווארען רוהיג.

טהאמאס האט פערוואונדערט און נעשמערצט אנגעקיקט בעטינא.

— זיי פערשטעהען ניט קיין מוזיק — האט בעטינא געזאגט — דיזע מוזיק, וועלכע איז ניי און גרויס.

נאך דעם צווייטען זאץ האט געפאלגט א שטארקער צישען און פייפען.

א גרויסער טהייל פון עולם האט פערלאזען דעם זאל.

דער מוזיקער האט זיך געדרעהט, ווי א פערוואונדעטע חיה, און זיך געווישט דעם שווייס פון שטערען.

די צוריקגעבליבענע האבען זיך קוים צוגעהערט, מען האט זיך אומגעביטען צווישען זיך מיט שפאטישע בעמערקונגען.

ויען עס זיינען פערקלונגען געווארען די שלוס־אקארדען, האט אויסגעבראכען א ווילדער טומעל פון חוזק־מאכעריי.

טהאמאס און בעטינא האבען ניט אפלאדירט. זיי האבען גע־זעהען, אז דאס וואלט געווען פאר די אנדערע בלויז א סיגנאל צום פרישען שפאס.

די מוזיקער פון ארקעסטער זיינען אוועק.

אבראהאם נעבהארדט האט געקוקט אין דעם זאל, וואס איז

געוואָרען אלץ ליידיגער און ליידינגער, און אויף זיין פּנים איז ניט געווען צו זעהען דעם מינדעסטען סימן פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין איהם. ער האָט בעטראַכט אויפמערקזאַם און געשפּאַנט די מענשען, וועלכע האָבען איהם אויסגעלאַכט.

טהאָמאַס האָט פון איהם זיינע אויגען ניט אראָבגענומען. „ער פיהרט זיי אין דעם קעניגרייך פון פרייד" און דערפאַר קרייציגען זיי איהם. דאָס איז שוין דער אַלטער, אור־אַלטער מזל פון די יעניגע, וועלכע טראָגען דאָס ליכט."

ער האָט זיך צוגעבויגען צו בעטינאַ,

— זעה, ווי דאָס ליכט בלענדעט די אויגען — האָט ער געמורמעלט.

אין דיזער שטונדע האָט ער זיך געפיהלט איינס מיט'ן מוזיקער. אויך ער האָט זיי געוואָלט פיהרען אין דעם קעניגרייך פון פרייד, אין דעם בעלויכטענעם פעסטזאַל, אַנזאָגען זיי די גרויסע בשורה פון פרייהייט. אָבער זיי האָבען אויף איהם מיט שטיינער געוואָרפען. דיזער אָבענד האָט געהאַט אזוי פיעל עהנליכקייט מיט זיין לעבען. צו טויבע אויערען האָט ער געפּרעדיגט. קיינער האָט איהם ניט געהערט. און ווען ער האָט זיין שטימע פרייער און העכער אויפגעהויבען, האָט אַלע פערצאַמונגען דורכגעבראָכען, און אַלע מאַסקעס פון זיך אראָבגעוואָרפען, דאַן זיינען אפילו די נאָהענטסטע צו איהם מיט שרעק אָבגעפאַלען פון איהם.

ווער האָט איהם געהערט? קיינער ניט! אין די אויערען זיינע האָט נור געגרילצט דאָס עכאָ: שטייניגט איהם! ער האָט געזעהען זייערע פון כעס אויסגעקרימטע פּנים'ער... שטייניגט איהם!....

בעטינאַ האָט געדריקט זיין אָרעם.

דאַן האָט ער טיעף אויפגעאָטהעמט און האָט נור געזאָגט:

— איך וועל אַליין געהן דעם וועג.

און דאַן האָט ער ווידער אַריינגעבליקט אין דעם רוהיגען פּנים פון דעם מוזיקער.

דרויסען האָבען זיי געוואַרט אויף אבראהאם געבהאַרד.

עס האָט געדויערט לאַנג ביז ער איז אַרויסגעקומען. איבער דעם דינגעם האַלז זיינעם האָט ער אויפגעשטעלט דעם קראַגען פון

מאַנטעל. ווען ער האָט זיי דערזעהן, האָט אַ זאַנפטער שמייכעל געוויזען זיך אויף זיין פּנים.

בעטינאַ האָט צו איהם געזאָגט, און דער מוזיקער האָט גע־פיהלט, אַז זי מיינט עס פון גאַנצען הארצען:

— איך געפין אייער מוזיק פאַר גרויס, ערנסט און שעהן — ניי און פול מיט צוקונפט־שפּראַצונגען.

עס האָט וואונדערבאַר אויפגעלויכטען זיין פּנים, און ער האָט געזאָגט:

— ווייסט איהר, פאַר אַן אויגענבליק האָב איך זיך געפרעגט, צו איך, צו אָט דיזע סטאַדע האָט דעם פערשטאַנד פערלאָרען, און איך האָב זיך אליין געענטפערט, דאָס איך בין ביי מיין פולען פער־שטאַנד. און דאַן איז אויסגעלאָשען געוואָרען אין מיר יעדער גע־פיהל פון כעס. כעס — דאָס איז אַ גיפטיגע פּלאַנצע. קומט — האָט ער געענדיגט — לאָמיר טרינקען עפּעס לכבוד דעם קעניגרייך פון פרייד.

און טהאָמאַס און בעטינאַ זיינען מיט איהם מיטגעגאַנגען. אַ טיעפער געפיהל פון פריעדען האָט זיי אַלעמען דורכגעדרונגען.

גאַנץ ניט ווייט איז געווען אַ ויין־הויז, אין וועלכען קיין מענש איז ניט געווען.

ריינוויין האָט דער מוזיקער בעשטעלט.

ווען די גלעזער זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט דעם פינקלענ־דען ווייַן, איז די פייערליכע שטימונג געוואַקסען אין זיי. זיי האָבען פערגעסען אַלע זייערע קריוודעס צו דער וועלט.

העל און ריין האָבען די גלעזער צוזאַמענגעקלונגען: „אויף דעם קעניגרייך פון פרייד“.

עס האָט געקלונגען, ווי אַ נדר. ערנסט און בעדייטונגספאָל האָבען זיי זיך אָנגעבליקט אַלע דריי.

## 10.

עס איז געווען שוין האַלבע נאַכט, ווען טהאָמאַס האָט געבראַכט בעטינאַ'ן נאָך הויז. פערקירעווענדיג זיך אין דער לאָטהרינגען גאַס, האָבען זיי שוין פון ווייטען געזעהן עפּעס אַ שאָטען געהענדיג

היין און צוריק פארביי זייער הויז. ווען זיי זיינען צוגעקומען עטוואס נעהענטער, האבען זיי געזעהן, אז דאס איז פרוי בראזע.

— וואס זאל דאס מיינען? — האט טהאמאס געפרעגט, און צו דער זעלבער צייט האט ער בעמערקט אויף זיך די צושראקענע אויגען פון בעטינא.

זי האט ניט געענטפערט.

אבער פלוצלונג האבעןביידע געהאט דאס געפיהל, אז עפעס א שווערער אונגליק האט געמוזט פאסירען. זיי האבען קיין ווארט ניט גערעדט, און זיינען געגאנגען מיט שנעלע טריט צום הויז צו.

— בראזע, וואס איז עס? — האט טהאמאס געפרעגט דער־שראקען.

איהר פנים איז געווארען גרוי, ווי איינגעטונקט אין קאלך. זי האט אנפאנגס קוים געקענט א ווארט אויסריידען. זי האט געמאכט אומזיסטע אנשטרענגונגען, האט געמורמעלט אונפער־שטענדליכע ווערטער, און האט געקוקט אויף איהם מיט א פנים, פול מיט שרעק.

בעטינא האט געכאפט איהר האנד.

— ליעבע, ליעבע פרוי בראזע! — האט זי אויסגערופען, דער־שטיקענדיג אין זיך יעדען געפיהל פון שרעק.

ערשט בילעכווייז האט פרוי בראזע זיך בעהערשט, און זי האט געשטאמעלט:

— די דזשאזעפא האט אומגעבראכט זיך און... פרינדעל...

— וואס?

ער האט זיך אנגעקלאמערט אן בעטינא. זי האט געפיהלט, ווי שווער עס איז איהם צו האלטען זיך אויף די פיס.

— אומגעבראכט? ערמארדעט זיך... און איהם?

ער האט געקוקט אויף איהר מיט אויסגעסטארטשעטע אויגען.

זי האט וויינענדיג צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— דאס איז ניט מעגליך — האט ער געמורמעלט — דאס איז דאך אונדענקבאר!

און דאן האט געהערשט א טוידטען־שטילקייט. זיי האבען נעהערט זייערע הערצער קלאפען.

— ווער האָט עס איך געזאָגט ? — האָט טהאָמאַס ענדליך געפרעגט.

— די ליערס איז דאָ געווען — האָט זי געענטפערט ווייענדיג.

— זיי זיינען אַלע ביי די ליערס.

ער האָט זיך מיט שוויריגקייט אויסגעגלייכט. פון דעם קעניג־רייך פון פרייד אין דאָס פעלד פון טוידט, — האָט ער געטראַכט, פיהרענדיג מיט'ן האנד איבער די אויגען. זיין קערפער האָט א ציטער געטהאָן.

— טו לאָמיר אויך געהן אהין.

ער האָט עס געזאָגט, אַז מען האָט עס קוים געהערט.

זיי האָבען זיך געשלעפּט די ווענינע גאַסען. ווי מיט בליי זיינען געווען אָנגעפילט זייערע פיס.

בעטינאַ האָט געהערט, ווי עס האָבען גערוישט ארום איהר קאָפּ די פליגלען פון טוידט.

אונטער איהרע טריט האָבען געטרעשטשעט די טרעפּ אין אַן אונהיימליכען גערויש.

טהאָמאַס האָט אָנגעקלאַפּט זעהר שטיל.

די הייבאַמע האָט געעפענט.

— אָה, דאָס זיינט איהר! — האָט זי געזאָגט הייזעריג און דערלאַנגט טהאָמאַסען די האנד, און ווידער האָט ער געזעהן, ווי ביי דער בראָזע, איהר צושראָקענעם און בעזאָרגטען פּנים.

זיי זיינען אריין.

אין דעם אויבערשטען ווינקעל איז געשטאַנען דער פּאָעט ליערס. ער האָט גאַר ניט געזעהן און געהערט. ער האָט געהאַלטען צוגעדריקט די הענד צום פּנים, און האָט געזיפצט אין זיך.

ביים טיש איז געזעסען די אינגאָלף, דעם פּנים איינגעדריקט אין די טיש־ברעט. מען האָט ניט געוואוסט, צו זי וויינט, צו ניט.

די ליערס האָט אַרויפגעלייגט די הענד אויף איהרע אַקסלען און געמורמעלט: „פריילינכען, פריילינכען", אָבער זי האָט ניט געקראָגען קיין ענטפער.

א גרופּע פּאַר זיך זיינען געווען די ליסאָוערס און בלינסקי.

די פרוי ליסאָוער האָט אַוועקגענומען טהאָמאַסען אַן א זייט, און האָט צו איהם געזאָגט:

— איהר ווייסט, מען האָט אונז אויסגעוויזען. אין אכט און פערציג שטונדען מוזען מיר פערלאָזען בערלין... מיר קענען איצט נעהן בעטלען. הערט איהר? די אנדערע האָבען וועניגסטענס זייער רוה. זיי הערען און זעהען ניט מעהר. אָבער מיר? וואָס מאכען מיר?

זי איז געווען ווי געבראָכען. זי האָט אַלעס ארויסגעשטויסען מיט דעם טאָן פון אן אנקלאגע. זי האָט נור געטראכט פון איהר אייגענעם עלענד.

ווען ליססאוער איז צוגעגאנגען, האָט זי זיך איינגעבויגען, אזוי ווי זי וואָלט מורא געהאט געשלאָגען צו ווערען פון איהם.

טהאָמאס האָט איהר פערלאָזען. שמערצען אָהן א שעור האָט איהם פעראורזאכט דאָס, וואָס זי האָט איהם דערצעהלט. א שטי־מע אין איהם האָט גערופען: „דאָס איז א לעבען!“

וואָס איז עס געווען פאר אן אונגליקליכע נאכט פאר דיעזע מענשען אין דיעזען צימער! זי האָט איהם ארייננעשושקעט אין די אויערען אזעלכע שרעקליכע זאכען... זי האָט זיך געדרעהט און גערוישט, אזוי ווי זי וואָלט געהאט ארויפגעלייגט אויף זיך שווארצע שווערע זיידענע קליידער... מען האָט געהערט דייטליך דעם גערויש. צו אַלעמען איז זי נאָהענט צוגעגאנגען, און אַלעמען האָט זיך אָב־געדרוכט, אז זיי זעהען דעם פנים פון טוידט. איבער אַלעמען האָט זי זיך אריבערגעבויגען, אזוי ווי זי וואָלט זיי אַלעמען מיטנעהמען. זי איז צו זיי געקראָכען, אויסשטרעקענדיג איהרע דינע אָרעמס.

ווידער האָט זיך געהערט א קלאָפּען אין טיהר.

עס איז געווען היינזיאוס.

אַלע זיינען צו איהם צוגעלאָפען, און פול מיט שפּאנונג האָבען זיי געקוקט אין זיין פנים, וואָס איז שוין געווען געצייכענט פון טוידט. ער איז זיי אויסגעקומען ווי א פערקערפּערונג פון טוידט. פון זיין פנים, וואָס איז שוין געווען בלויז הויט און ביינער, האָבען די אויגען ארויסגעסטארטשעט אין אן איבערנאטירליכער גרויס און מיט א קרענקליכען גלאנץ. פון זיינע דינע, קרומע ליפּען איז פערשוואונדען יעדער טראָפּען בלוט. ארום די ווינקלען פון מויל האָט עס געצוקט פון טיעפער אויפרעגונג. זיין שטערן איז געווען לייכטענדיג ווייס.

אויף די אינגאָלף האָט זיך איצט אויפגעהויבען. די גרויסע שטאַרקע מיידעל האָט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע פּוסטע, אויס־געלאָשענע אויגען.

ער האָט גענומען איהר האַנד.

— איך ברענג אייך אַ גערוס. איהר זאָלט ניט וויינען. ער וועט ניט שטאַרבען, לאָזט ער אייך זאָגען, כאָטש זיין טוידט וואָלט געווען אַ בעפרייאונג פאַר אייך. ער האָט ניט קיין גליק אין זיך, און ער קען קיינעם קיין גליק ניט געבען.

היינזיאוס איז שטיל געבליבען אויף אַ ווייַלע.

— וואָס מאַכט איהר דאָ פאַר אַ ליאַרעם — האָט היינזיאוס וויעדער גערעדט — דיעזער מענש איז גרויס אפילו מיט'ן חלף אויפ'ן האַלז. וועגען דער דזשאָזעפא האָט ער געזאָגט, אַז זי, פון איהר שטאַנדפּונקט, האָט גאַנץ רעכט געהאַט. ער פיהלט ניט קיין כעס געגען איהר. וואָס ווילט איהר אַלזאָ? דיעזע מענשען האָ־בען געטהאָן דאָס, וואָס איז געווען אין זיי!

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט.

פון די אויגען פון דער אינגאָלף האָבען זיך אַ גאָס געטהאָן גרויסע בעפרייענדע טרעהרען.

— איהר גלויבט, אַז ער וועט לעבען בלייבען? — האָט זי געפרעגט, שלוכצענדיג.

— איך גלויב עס.

די אינגאָלף האָט זיך אָבגעקעהרט אָן אַ זייט, קיינער זאָל ניט זעהן איהר אויפלויכטענדען פּנים.

די ליערם איז צוגעגאַנגען צו איהר מאַן, און האָט אריינגעלייגט איהר ברייטע האַנד אין זיינע גלענצענדע האָר.

ער האָט זיך ניט אַ ריהר געטהאָן.

— פון וואַנען ווייסט איהר דאָס אַלעס? — האָט בלינסקי געפרעגט.

— איך בין צופעליג געגאַנגען צו איהם, ווען עס איז געוואָרען פינסטער. איך האָב ניט אָנגעהויבען צו וויסען, וואָס דאָרט ביי איהם האָט זיך אָבגעטהאָן. איהם האָט מען שוין צוגענומען אין האָספּיטאַל. זי ליעגט איצט אין מאָרג. איך האָב איהם גע־טראָפען ביים קלאָהרען בעוואוסטזיין. ער איז גרויס אפילו אין

פנים פון טוידט. ער איז שטארק און מוטהיג, ווי אימער — און צוקעהרענדיג זיך ווידער צו דער אינגאָלף, האָט ער געזאָגט — ווען איך בין שוין געשטאַנען ביין טיהר, האָט ער ווידער אָנגערופען אייער נאָמען.

ווידער האט אויפגעלויכטען דער מיידעל'ס פנים.

היינזיאוס האָט גענומען זיין הוט.

— אויך דיזע נאַכט וועט פאָראיבערגעהן — האָט ער געזאָגט מיט א קאַלטער רוהיגקייט, און איז אוועק.

די אנדערע האָבען איהם נאָכגעפאָלגט.

אין דיזען אויגענבליק האָט זיך דער פּאָעט ליערס אויפגע־הויבען, און מיט א הייזעריגער שטימע האָט ער אויסגערופען:

— היינזיאוס!

דער פאָלקס־לעהרער האָט זיך אומגעדרעהט.

— וואָס איז אייך דען? — האָט ער געפרעגט און געקוקט מיט שטוינען אויף דעם מענשען, וועלכער איז אין א קורצע ווײלע אזוי פערענדערט געוואָרען דורך דעם שמערץ.

די פרוי ליערס האָט צוגעדריקט איהר שטערען צו דער קאַלטער שויב פון פענסטער, און אריינגעקוקט אין די נאַכט.

— איך וויל וויסען, אויב די דזשאָזעפא האָט נאָך געלעבט, ווען איהר...

ער האָט זיך אליין אונטערבראָכען און טיעף אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

— קיינער האָט זי ניט געטראָפען נאָך דעם לעבעדיג — האָט היינזיאוס געענטפערט.

— הם, איך דאנק אייך — האָט דער פּאָעט געענטפערט.

דיזער „איך דאנק אייך" האָט אלעמען ווי אויפגעטרייסעלט.

דער פאָלקס־שול־לעהרער האָט אויף איהם א וואָרף געטהאָן א בליק פון מיטלייד און האָט איצט ווירקליך געשמייכעלט. אלעס אין דיזען צימער איז איהם פאָרגעקומען אזוי ערדיש און קליינליך. לויט זיין פיהלען איז עס געוועזען אזא צוקאַליעטשער און עלענדער שמערץ, וועלכער האָט זיי געמאַכט אלעמען ליידען. זיי האָבען אלע אזוי געציטערט פאר'ן טוידט, ווערענד ער איז מיט איהם גאנץ „פער דו", וואַרטענדיג יעדע שטונדע אויף זיין בעזוך. ער

האָט אַ שנעלען שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ צום דיכטער, און איז אַוועק מיט די איבעריגע, וועלכע האָבען אויף איהם געוואַרט דרויסען.

אויף איינעם פון די טרעפּען האָט ער זיך פּלוצלונג אָבגע־שטעלט, און געפרעגט, ווער איז אייגענטליך שטאַרקער, ער אָדער זיי? ער איז געקומען צום שלום, דאָס זיין רעכנונג שטימט.

דאָך זיינע מויל־ווינקלען זיינען ביי איהם אראָבגעהאַנגען טיעפער, ווי געוועהנליך. זיינע אויגען זיינען געוואָרען שמאָל און דונקעל. אָבער באַלד האָט ער זיך צוזאַמענגענומען. דו ביסט און בלייבסט אַ בהמה, האָט ער צו זיך אַליין גערעדט. ווילסט אפשר אויך ווערען סענטימענטאַל?

ער האָט געהוסט און אויסגעשפּיגען. ער האָט דערפיהלט אין מויל דעם געשמאַק פון בלוט. דאַן האָט זיין פּנים געקראָגען אַ לוסטיגען גלאַנץ. זיין קראַנקע ברוסט האָט זיך אויסגעברייט. ער האָט גליקליך געשמייכעלט. — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— טאָם — האָט בעטינאַ צו איהם גערעדט, ווען ער איז גע־שטאַנען פאַר איהר הויז און געוואונשען איהר גוטע נאַכט — טאָם, דענק פון זיך. הערסט?

זי האָט שרעקליך געליטען.

— טאָם, ווען דיעזע נאַכט וואָלט שוין געוועזען פאַראיבער.

ער האָט זיך געווענדעט צו פרוי בראָזע.

— זייט היינט מיט איהר — האָט ער געבעטען.

די פרוי האָט שמערצליך צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

ער האָט גענומען בעטינאַ'ס האַנד.

— בעטינאַ, איך מוז אַוועק פון דאַנען נאָך איידער עס וועט אָנהויבען טאָגען. איך דאַרף האָבען איינזאַמקייט פאַר אַ ווייל, שטילקייט. נור אַזוי קען איך צוריק געפינען זיך אַליין.

זי האָט אויף איהם געקוקט מיט איהרע גרויסע אויגען, אין וועלכע עס האָט זיך געזעהן אַ שטילע איינשטימונג.

ער האָט געפיהלט, ווי איהר האַנד וויינט אין זיינער. זי האָט איהם נאָכגעקוקט מיט אַ האַלב־איבערגעבויגענעם קערפּער און מיט

ליעבענדע אויגען, ווען ער איז שוין לאנג געווען אוועק. זי האט זיך צוגעהערט צו זיינע פערקלינגענדע טריט.

ווי א שווער־קראנקעס קינד האט פרוי בראזע איהר אריינגע־פיהרט צו זיך אין צימער. — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען טהאמאס איז געקומען צו זיך אהיים, איז ער צוגעגאנגען צו זיין פרוי'ס בעט. ער האט געגלויבט, אז זי שלאפט. אבער זי איז געזעסען אין בעט מיט פערקאשערטע ארבעל.

דאס ליכט האט זיך א טרייסעל געטהאן אין זיין האנד.

— דו שלאפסט ניט? — האט ער געפרעגט.

— ניין, איך האב געווארט אויף דיך.

— ווייסטו עס דען?

זי האט געשאקעלט מיט'ן קאפ.

ער האט זיך איבערלייגט א ווילע, צו ער זאל עס איהר דער־צעהלען.

— ווי דו זעהסט אוים! — האט זי אויסגערופען — דו זעהסט אויס אין גאנצען ווי פערשטיינערט. וואס האט דען פאסירט?

זי איז ארויסגעשפרונגען פון בעט.

— רייד דאך, טהאמאס!

דאן האט ער איהר אלעס דערצעהלט.

זי האט איהם נייגעריג אויסגעהערט. איהרע שווארצאפלען האבען אויסגעזעהן זיך אויסצובררייטען. „זי האט זיך אומגע־בראכט", האט זי אלין געמורמעלט, אזוי ווי זי וואלט עס גאר ניט געקענט בעגרייפען. און ווי א מענש, וואס האט געהאט א שטארקע מארך־איינטרייסלונג, האט זי געהאלטען אין איין ווידערהאלען: „זי האט זיך אומגעבראכט, אומגעבראכט".

איצט האט טהאמאס שטארק חרטה געהאט.

— נעהם זיך צוזאמען — האט ער איהר געבעטען.

א געהיימניספולער, טרוימערישער אויסדרוק איז געווען אויף איהר געזיכט. איהרע ליפען האבען זיך שטענדיג בעוועגט. עט־וואס דונקעלעס און געהיימניספאלעס איז אין איהר פארגעקומען.

גאנץ פארזיכטיג, אזוי ווי זי וואלט מורא געהאט איהם וועה צו טהאן, האט זי געגלעט זיין האנד. און אימער ווידער האבען

זיך אַרויסגעריסען פון איהר די ווערטער: „זי האָט זיך אומגע־בראַכט".

אַלעס האָט זיך אָנגעהויבען צו דרעהען פאַר זיינע אויגען.

איצט קומט ווידער אַ היסטערישער אָנפאַל, האָט ער גע־טראַכט, און איך בין שולדיג אין דעם. צו וואָס האָב איך עס גע־מוזט איהר אויפרעגען אין מיטען נאַכט?

— דו זאָלסט גאָר ניט מורא האָבען — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ געוויין, און האָט זיך ווידער אַריינגעלייגט אין בעט, און מיט אַ שטילען געבעט האָט זי געזאָגט: — טהאָמאַס, זעץ זיך דאָ לעבען מיר, הערסט? בלייב ביי מיר. בלייב אַ קליינע ווײלע ביי מיר!

ער האָט געפאָלגט און צוגערוקט זיין שטוהל צו איהר בעט.

זי האָט גענומען זיין האַנד, וועלכע זי האָט געהאַלטען, האָט צוגעמאַכט די אויגען און מאָדנע געשמייכעלט.

איהם אָבער איז דיעזער שמייכעל פאָרגעקומען קראַנקהאַפט און פול מיט ליידען.

פון צייט צו צייט האָט זי געעפענט די אויגען, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געמוזט איבערצייגען, אַז ער איז נאָך לעבען איהר. און יעדעס מאָל האָט זי אַרויסגעשטויסען: „זי האָט זיך אומגעבראַכט".

ווען זי איז ענדליך איינגעשלאָפען, האָט די ווינטער־זון, איינ־געוויקעלט אין גרויען טומאַן, אַריינגעדרונגען דורך די פענסטער־שויבען.

גאַנץ שטיל האָט ער אַרויסגעצויגען זיין רעכטע האַנד.

לאַנג האָט ער זי אָנגעקוקט טרויעריג, ווי זי איז אַזוי געלעגען צונויפגעדרעהט. דאַן איז ער שטילערהייד אַריין אין דאָס נעכסטע צימער, און האָט פאַר איהר אָנגעשריבען אַ צעטעלע, דאָס ער מוז אוועק פאַר אַ צייט, דאָס ער הונגערט נאָך איינזאַמקייט.

## 11.

### טאַגעבוך־בלעטער פון טהאָמאַס טרוק

דיעזע בלעטער שרייב איך פאַר דיך, בעטינאַ, אין דער איינ־זאַמקייט פון דער מאָרגענלופט.

רוה און פריעדען זיינען צו מיר צוריקגעקעהרט. איך בין א וואנדערער, וועלכער רוהט זיך אָב פּאר א קורצע צייט. איך בין א וואנדערער, וועלכער קוקט זיך אום אויף דעם לאנגען וועג, וואָס ער האָט געמאכט. איך פיהל ניט קיין מיעדיגקייט. נור פון צייט צו צייט דרינגט מיך דורך א פרעהליכער געפיהל פון טוידט. איך האָב ניט מורא פאר'ן טוידט, כאָטש איך באַם ארום דאָס לעבען, אין וועמעס זעליגע טיעפעגישען איך האָב אריינגעקוקט. אין יעדען פאל, צו איך וועל לעבען, צו ניט, זיינען דיעזע בלעטער פאר דיך בעשטימט, פאר דיך, בעטינא!

אין דער טיעפער שטילקייט פון מיין איינזאמקייט בין איך ביי דיר! איך זעה דעם פריהלינג, איך בליק אין די זון — איך זעה דיך! איך פיהל מיך פריי!

איך לייען אין די אוראלטע ביכער, וועלכע האלטען פערבאָרגען אין זיך די אור־אלטע, אייביגע ווארהייטען. אלעס איז רוהיג און פריעדליך אין מיר. איז עס ניט א טרייסט, דאָס גראדע אין אונזערע צוריסענע טעג קומט אונז אנטקעגען ריינער און שעהנער, ווי ווען־עס־איז, דאָס בילד פון דעם בעפרייער און ערלייזער, בעפרייט פון אלעס דונקעלעס און געהיימניספאלעס? פון אלע זייטען קומען די נביאים... זיי זעהען דעם אָנקומענדען פריהלינג. זיי שטעלען אלע די זעלבע פראגע: וואָס האָט יעזוס געפּרעדיגט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פאר מיר ליעגט א געדרוקטע צייטונג.

דאָרט האָט א פרוי, א ריינע פרוי, פּרובירט איבערגעבען אין קורצען דאָס לעבען פון יעזוס. לייען, וואָס זי שרייבט:

„א יונגער מאן פון בית להם, פון א שוואכען קערפּער, אָבער פון א שטארקען גייסט, פערזאמעלט ארום זיך אייניגע פּראָלע־טאריער, צו וועמען ער רעדט איינפאך און מילד פון זייער גרויסען עלענד. דיעזע קריגען איהם שטארק ליעב, און פערלאָזען אלעס, אום צו געהן מיט איהם, ווען ער פאנגט אָן זיין וואנדערונג נאָך פּאלעסטינא. זיי זיינען אָהן ארבייט, ווי אונזערע טרעמפּס. זיי שלאָפען אין חורבות, ווי אונזערע, וועלכע האָבען ניט קיין היים. זיי פּעראנשטאלטען דעמאָנסטראציאָנען אויף די קברים, ווי מיר טהוען עס. זיי האלטען אָב פרייע פערזאמלונגען אונטער דעם

פרייען הימעל, איבעראל, וואו זיי געפינען נור א פאסענדען פלאץ פאר דעם.

זיי זיינען געווען אין גאנצען צוועלף פארשוין. זיי זיינען איצט הונדערט, מארגען וועלען זיי שוין טויזענד זיין. ווי דער קויל־שנעע ווערט א גרויסער בארג, אזוי וואקסט די מחנה אלץ מעהר און מעהר. אלע די פערלארענע, פערניכטעטע לעבענס פאלגען דיעזען יונגען מאן, וועלכער פרעדיגט די גלייכהייט.

און אזוי ווי מען מוז לעבען, פאסירט עס, דאס מען רויבט, מען נעהמט מיט געוואלד דאס, וואס איז נויטווענדיג צום לעבען, און די בירגער פערשליסען פול מיט שרעק זייערע הייזער פאר דיעזער מחנה, וועלכע בעשטעהט פון די אויסגעשטויסענע פון דער מענשהייט.

די פראווינץ איז אויפגעקאכט. די רעגיערונג כאפט זיך עפעס צו טהאן. יעזוס ווערט פערהאפט פאר רויבעריי און פאר אויפרייצונג צום קלאסענהאס.

עס קומט צו דער זעלבער צייט פאר'ן געריכט א געוועהנליכער גנב. דער גנב ווערט בעגנאדיגט. יעזוס ווערט היינגעריכטעט, די צוקוקער לאכען, מאכען חוזק, שפייען אויף איהם. זיין טוידט־קאמפף איז א פערגניגונגס־אנבליק פאר די שכור'ע סאלדאטען. ער הויכט ארויס זיין לעצטען אטהעם אויפ'ן גאלגען, ביי וועלכען עס וויינען אן ארימע פרוי, זיין מוטער, און א יונגע מיידעל, וואס ליעבט איהם.

דיעזער פערברעכער קומט צוריק אין לעבען — און זייט נייני־צעהן הונדערט יאהר הערשט ער אויף דער ערד.

די גאנצע קראפט פון דיעזער רעליגיאן שטאמט אב פון דער שאנדע פון דער היגריכטונג, פון דער נידריגקייט פון דער לאגע פון דעם היגגעריכטעטען, פון זיין איגיגער נאהענטקייט מיט די ארימע, פון זיין סאלידאריטעט מיט די שולדיגע. ער איז פון די פארישעער געריכטעט און פון די אפאסטאלען פערלייקענט געוואָרען, און ער האט זיין פאלק פון די אונגוויסענדע און פערוואָרפענע אזוי שטארק געליעבט, דאס ער האט געפונען זיין גליק אין נעהמען אויף זיך אלע פערלוימדונגען, און צו שטארבען, ווי דער ערגסטער בעטלער".

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אינערליכער געדאַנק פון דיזע ווערטער איז, דאָס קריס־טוס האָט געלעבט אין איינקלאַנג מיט זיינע געדאַנקען און געפיה־לען, ווי דאָס האָט אויך בודדהא געטהאָן. ביידע שטעלען פאַר אונז פאַר די גרויסע לעבענס־פיהרונגען און דארום אויך די ערלייזונג: לעבענס־פיהרונג מיינט ניט קיין אנדער זאך, ווי צו ברענגען איי־נעמס ערקענטניס אין פולען איינקלאַנג מיט'ן לעבען.

איינער פערלאָזט אַלס פירשט זיין פּאַלאַץ, זיין ווייב, זיין קינד און פערבייט דאָס אַלעס אויף אָרימקייט, עלענד און זעליגקייט. אַלס א בעטלער מאַנאך וואַנדערט ער דורך וויסטע און וואלד.

דער צווייטער, א זוהן פון אַ אידישען סטאָליאר, בלייבט גע־טריי צו די אָרימע ביז צו דער לעצטער מינוט פון זיין לעבען. מיט זיין שוואַכען קערפּער שיצט ער די שוואכע. מיט זיין שטאַרקען גייסט טרעט ער אויף געגען די מעכטיגע און פּראָקלאַמירט אָהן מורא זיין בעפרייאונגס־לעהרע.

און עס זיינען נאָך דאַ מענשען, וועלכע רעדען ביי אזא שטאַרקייט פון שקלאַפען־מאָראל!....

וואָס איז דער טיעפער אונטערשיעד צווישען בודהא און קריסטוס? ביידע האָבען געפיהלט דעם צוזאמענהאַנג צווישען דעם „איך" און דעם אַלל. אָבער וועהרענד קריסטוס האָט געלערענט דאָס לעבען, האָט בודהא געלערענט דאָס אַנטלויפען פון לעבען.

דער איך פון דעם מענשען איז אַ איך, וועלכער געהט פון איי־גענעם לעבען אין דעם לעבען פון אנדערע. אָבער ניט, אום צו פער־לירען, ווי ביי די אינדיער, דעם פערזענליכען לעבען אין דער גע־מיינשאַפט, נור אום זי אַליין שטאַרקער און שטאַרקער צו מאכען און צו פיהרען זי צו די גרעסטע הויכקייטען.

יעדער איינצעלנער איז גייסטיגער בעוואוסטזיין און אַל־בע־וואוסטזיין. וואָס עס מאכט דעם מענשען צום מענשען, איז דאָס ערשט זיין פערשמעלצונג מיט דער אַללקייט.

פון דיזען געדאַנק מוז מען ארויסגעהן, אויב מען וויל פער־שטעהן קריסטוס'עס לעהרע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

קריסטוס'עס לעהרע איז די לעהרע פון דעם אַלל־איך, פון לע־

בען און פון ליכט. ער האלט דאס אור־וועזען פון דער וועלט פאר איינס מיט זיך. „איך און דער פאטער זיינען איינס“, זאגט ער.

„איך בין דעם מענשענס זוהן“, מיינט ניט קיין אנדער זאך, ווי דאס איך בין דער מענש. און ווען קריסטוס זאגט: „דער פא־טער איז אין מיר, און איך בין אין איהם“, און אויף אן אנדער פלאץ: „ווען איהר בלייבט אין מיר, און מיינע ווערטער בלייבען אין אייך, קענט איהר בעטען, וואס איהר ווילט, און עס וועט אייך בע־ווילינט ווערען“, דריקט ער נור דערמיט אויס דעם גרויסען איינ־הייטס־געדאנק, די צוזאמענגעוועבטקייט פון דעם איך מיט דעם אלל.

און דאן בעגרייפען מיר אויך די ווערטער: „דאס, וואס איהר האט געטהאן דעם מינדעסטען צווישען אייך, דאס האט איהר געגען מיר געטהאן.“ און דערפאר קען דער ערלייזער ניט ריכטען, ער קען געגען קיינעם קיין שטיין ניט אויפהויבען, קען ניט קומען פאר'ן פאטער אלס שטן מקטרג. ווייל, פונקט ווי ער פיהלט זיך איינס מיט'ן פאטער, אזוי פיהלט ער זיך מיט די סאמע עלענדע און סאמע שולדינגע. אויך אין דיזען מענשען דרעמעלט דער גאט־מענש, די אייבינע ליכט. מעגען די קוועלען פון זיין האנדלען זיין נאך ווי דונקעל, אויך אויף דעם זינדיגען געהט זיין געבאט: „ליעבט זיך איינע די אנדערע, ווייל איך האב אייך געליעבט.“

און ווען זייט ביי זייט מיט דיזער פארדערונג פון טהעטיגער, נענענזייטיגער ליעבע, שטעלט ער אוועק די פארדערונג פון דער וואהרהייט, קומט פון דעם ארויס, דאס פאר איהם זיינען די ליעבע און די וואהרהייט נויטיג צום גענוס פון לעבען, צום בעוואוסטזיין פון איך און אלל, וועלכע זיינען איינס און דאס זעלבע.

אזא לעבענס־בעגריעף שפיעגעלט אב זיין גאנצער לעבען. ער איז דער ריינסטער טרעגער פון דיעזער ליעבע און וואהרהייט ביז אין טוידט אריין. די גאנצע שולד און אלע זינד פון דער וועלט נעהמט ער אויף זיך. ער גיט דעם העכסטען ביישפיעל פון דעם, צו וואס א מענש איז פעהיג.

ער היט די טרייהייט געגען זיך אליין. ער האלט זיך אהן מורא ביי דעם אמת און נעהמט דעם טוידט אויף זיך. ער שטארבט, כדי די לעבעדיגע זאלען קומען צו דעם בעגריעף פון זייער גאטעס־

בעוואוסטזיין אין זייער מענשליכקייט. זיין לעבען זאָל פאר זיי זיין דער מיטעל פאר זייער אויפריכטונג.

און דאן בעגרייפען מיר זיין טיפזיניגען וואָרט: „איך בין דער וועג, די וואהרהייט און דאָס לעבען. קיינער קומט ניט צום פאָ־טער, ווי נור דורך מיר."

„וואהרהייט און לעבען זיינען פאר איהם איינס און דאָס זעל־בע, ווי ער און גאָט זיינען איינס. אנדערש אויסגעדריקט: איהר וועט ערשט פערשטעהן דעם גאַנג פון איינהייט, ווען איהר וועט געהן דעמזעלבען וועג, וועלכען איך בין געגאַנגען.

דאָס איז די לעהרע פון העכסטען לעבען, פון דעם גייסט פון דער וואהרהייט, וועלכע האָט קיין פערבינדונג ניט מיט אַן איינ־ריידעניש אין אַ יענע וועלט.

זיין וואָרט: „איך וועל זיין ביי אייך ביז צום סוף פון דער וועלט", מיינט, איך, דאָס געטליכע בעוואוסטזיין אין אייך, איך, וועלכער האָט אייך געוויזען דעם מענשען — דאָס איז אַן אויפפאָר־דערונג פון לעבען און צום לעבען.

איך לערען אייך צו זוכען דעם מענשען־גאָט ניט אין קבר, נור אין זיך זעלבסט.

„איך בין די אויפערשטעהונג און דאָס לעבען". לאָזט די טוידטע בעגראָבען די טוידטע. גאָט איז אַ גאָט פון די לעבעדיגע און ניט פון די טוידטע. נעהמט אַ חלק פון מיין רייכטהום, וועלכע איך האָב פאר אייך ערוואָרבען.

„איך בין די ליכט פון דער וועלט. ווער עס געהט נאָך מיר, דער וועט ניט געהן אין דער פינסטערניס, נור ער וועט געניסען די ליכט פון לעבען."

„איהר זיינט די ליכט פון דער וועלט."

אזוי איז קריסטוס אַן אָנזאָגער פון לעבען און פון ליכט. אזוי רעדט ער פון דעם „לעבענסוואסער, פון דעם קוואל פון אייביגען לעבען. ער נעהמט דעם טוידט אויף זיך, אָבער ער פראָקלאמירט דאָס לעבען. פון דעם טיפסטען ליידען שפּראָצט ארויס די בלום פון זעליגקייט.

אזוי קומט ער צוערשט צו די מענשען, אלס אַ פרעמדער און אַן אונפערשטאַנענער. דאן, אלס מילדער גערטנער, וועלכער בע־

גיסט די אָרימע פּלאַנצונגען. דאַן אַלס אַ היילענדער דאָקטאָר, וועלכער מאכט די בלינדע זעהענדיג און בעפרידיגענדיג. דאַן, אַלס דער פרומער פּאסטוך, וועלכער ברענגט אויפ'ן ריכטיגען וועג די שאָף, וועלכע האָבען זיך פערבלאַנדזשעט. ער ברענגט זיי צוריק צו זייער בעוואוסטזיין פון זייער הויכקייט, וועלכער איז העכער פון אַלע בערג — צו דעם בעוואוסטזיין פון לעבען, וואָס פּאסט ארום אַלעס.

ווען קריסטוס רעדט פון אַ נייעם לעבען, פון אַן אויפשטעהונג, ניט ער דערמיט דער וועלט צו וויסען פון זיין טיעפען גלויבען אין דאָס אייביג־גוטע, אייביג־ערנייענדע אין מענשען. דער וואָרט: „צו אונז זאָל קומען זיין קעניגרייך", איז אַ געבעט, פון וועמעס ער־פילונג דורך דעם מענשען קריסטוס איז דורכגעדרונגען, האָטש עס זיינען דאָ אזוי פיעל רשעים אויף דער וועלט. ווי אנדערש קלינגען אונז איצט זיינע ווערטער: „וואָס עס איז געבאָרען פון פליישׁ, דאָס איז פליישׁ; און וואָס עס איז געבאָרען פון גייסט, דאָס איז גייסט. זאָל עס דיך ניט וואונדערען, וואָס איך האָב געזאָגט: „איהר מוזט פון דאָס ניי געבאָרען ווערען."

קיינע מעטאפיזישע הינטער־געדאַנקען און פערפּלאָנטערטע פּשט'לאך לייגט ער ניט אריין אין דיזע ווערטער, ווייל אויף דעמ־זעלבען פּלאַץ זאגט ער צו דעם ברעגער: „דער ווינד בלאָזט, וואו־הין ער וויל, און דו הערסט גוט זיין גערויש, אָבער דו ווייסט ניט פון וואנען ער קומט, און וואוהין ער געהט. אַלזאָ, עטוואָס, וואָס איז געבאָרען פון גייסט."

און ווען ניקאָדעמוס שטעלט איהם ווייטערע פראגען, ענטפערט קריסטוס ערנסט און בעשטימט: „איך זאָג דיר, אז מיר רעדען דאָס, וואָס מיר ווייסען, אז מיר ווייזען דאָס, וואָס מיר האָבען גע־זעהען; און איהר נעהמט ניט אָן אונזערע בעווייזע."

קריסטוס צייגט אָן אויף דאָס לעבען, אויף דאָס זעהען. דאָס לעבען וויל ער ערקלערען, ניט גריבלען זיך, וואָס עס געפינט זיך הינ־טער דעם לעבען. און בדרך משל זאָגט ער: „ווי משה האָט אין דער וויסטע דערהויבען אַ שלאַנג, אזוי מוז דער מענשען־זוהן דערהויבען ווערען, כדי אַלע, וועלכע גלויבען אין איהם, זאָלען ניט פערלאָרען געהן, נור זאָלען האָבען דאָס אייביגע לעבען."

וואָס זאָגט דאָ קריסטוס עטוואָס אַנדערעס, ווי, דאָס איהר

מוזט זיך האַלטען אַן דעם אירדישען לעבען, דאָ קוקען, זעהען און וויסען. דער מענשען־זוהן, די מענשהייט מוז ארויפקלעטערען אויף די שפּיצען, אויף די הויכקייטען, אום צוצוקומען צו דער ריינקייט, וועלכע איז אין איהם.

קוקט ארום אייך, קוקט זיך איין אין זיך, אָבער פרעגט ניט נאָך דעם „פון וואַנען" און „וואוהין". דער מענש מוז ווידער געפינען זיך, דעם פערבלאָנדזשעטען, אום צו קענען גענימען דאָס העכסטע לעבען.

און פונקט ווי די זון קומט ארויס פון ים, אזוי לייכט ארויס פון די אונערגרינדליכע טיפענישען דער לעצטער זין פון דעם פאַלגענדען זאַץ:

„זעליג זיינען די, וואָס בעטען פאַר גייסט, ווייל צו זיין אין זיך אליין געהערט די מאַכט פון דעם אַלל."

אזוי איז דער זאַץ ריכטיג אין דער אמת'ער איבערזעצונג, און ניט, ווי מען האָט אונז געלערענט פאַר פיעלע יאהרהונדערטע: זעליג זיינען די אָרימע אין גייסט, ווייל צו זיי געהערט דער הימעלרייך.

„זעליג זיינען די, וואָס הונגערען און דורשטען נאָך גערעכטיגקייט, ווייל זיי וועלען אין זיך געזעטיגט זיין."

„זעליג זיינען די בארמהערציגע, ווייל זיי וועלען אין זיך געפינען בארמהערציגקייט."

„זעליג זיינען די מיט אַ ריינער הארץ, ווייל זיי וועלען זעהען גאָט אין זיך אליין."

וואָס ווילען דיזע זעצע אנדעריש זאָגען, ווי דאָס, וואָס דער ערדעלער מענש אין זיך אליין געפינט, אין דעם ערוואַכען פון זיין בעוואוסטזיין, פון זיין אַלל־איך, געפינט ער זיין לוין ניט פון דרויסען, ניט אין דער איינרעדעניש פון אַ יענער וועלט.

דאָס איז דער אורזין פון דעם עוואַנגעליום, ווי די טרייע מענער האָבען איהם ארויסגעשיילט. האַלט אייך ביי די ריינע ווערטער פון קריסטוס.

אין פערגלייך מיט איהם זיינען פּאַאול, דער טעפּיך־וועבער, און פּעטער, דער פישער, מענשען בלאָנדזשענדע. האַלט זיך פעסט ביי קריסטוס! און אַלע ווידערשפּריכע וועלען געלייזט.

דאָס איינציגע איז דאָס פּיעלע; און דאָס פּיעלע איז דאָס איינציגע. האַלט זיך פעסט ביי דער סומע פון אייערע ערפאהרונ־גען, פון אייער קוקען, פון אייער זעהן, ווייל איהר זיינט געטליך.

דאָס איז אייער לעצטער און העכסטער וועלט־בעגריף.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך לייען אין יעוואַנגעליע די שטעלע, וואו קריסטוס רעדט פון קינדער:

„וואָס עס איז פאַרבאָרגען פאר די גרעסטע חכמים, דאָס איז פאר די קינדער ענטפּלעקט."

און קריסטוסעס וואָרט צו זיינע שילער, ווען זיי האָבען אָנגע־שריען אויף די קינדער, וועלכע מען האָט געבראַכט צו איהם, אז ער זאָל זיי בענשען און בעטען פאר זיי:

„לאָזט די קינדער צו מיר קומען, און ווערט זיי ניט, וויילאזעלכע זיינען דאָס אלל."

און נאָך דיזע ווערטער, האָט ער ארויפגעלייגט די הענד אויף זיי, זיי געבענשט און איז אוועק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זעליג און פון א ריינעם הארצען זיינען די קינדער, וועלכע זייד־נען אונבעריהרט פון ליידענשאַפטען. דער וויסענדער מענש מוז צוריק־געפינען דעם וועג צו דער ריינהייט פון קינד, כדי ער זאָל ווערען איינס מיט'ן אלל, מיט דעם פאָטער.

דאָס איז איינער פון די טיעפסטע געדאנקען פון קריסטוס, דאָס די ריינהייט פון מענשען אין קינד, זאָל אימער וויעדער פייערען איהר אויפלעבונג. דאָס איז די גרויסע וויעדער־געבורט, דער גע־היימניספולער ערנייהונגס־און אויפערשטעהונגס־פּראָצעס, דאָס די קינדער זאָלען זיין ריין, גוט און איינפאך, אויך די קינדער פון די, וועלכע זיינען בעלאַדען מיט זינד.

און אזוי ענטפערט קריסטוס צו זיינע שילער אויף די פראגע:

„וואו איז דאָך דער גרעסטער אין דעם אלל? צורופענדיג צו זיך א קינד, און זאָגענדיג:

„ווען איהר וועט ניט ווערען ווי די קינדער, וועט איהר ניט צוקומען צו דער הערשאַפט פון דעם אלל."

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַלעס דאָגמאַטישע איז א חוזק אויף דעם מענשען. מעג ער זיך אויסדריקען אין קירכליכע (רעליגיאָן איז היינט נור קירכע), מעג ער זיך אויסדריקען אין שטאַאטליכע (קיין דאָגמע איז ניט גע־וואָרען פּאַראַליזירענדער ווי די שטאַאטס־דאָגמאַ) אָדער אין וויסענ־שאַפט און אין קונסט. אויך איך בין געוועזען א פער'חלום'טער דאָגמאַטיקער, ווען איך האָב אין קלינגענדע ווערטער געפּרעדיגט דעם פאָלק די פרייהייט. קיינעם קען מען ניט די פרייהייט איינ־רעדען. דאָס געפיהל פאַר איהר מוז וואַקסען אין יעדען איינצעל־נעם אינערליך פריי. א דונקעלער געפיהל פון דעם איז דאָ אין דער ברוסט פון יעדען מענשען, מעג ער זיין ווי פערבלענדעט. ווייל אפילו דער פּרימיטיוופסטער מענש איז לויט זיינע אינסטינקטען א חכם, ווי עס איז איבערהויפּט אמת, דאָס די חכמה איז ניט דער רעזול־טאַט פון פילאָזאָפיע. יעדער מענש האָט פילאָזאָפיע אין זיך. ער האָט אין זיך די טיפסטע ערקענטניסע, דאָס העכסטע פעראַנטוואָרט־ליכקייט־געפיהל, און דעם ריכטיגען בליק פאַר די פראַגען פון לעבען. אָבער דאָס איז געראָדע דאָס טרויעריגסטע, דאָס ער פער־לירט דעם צוזאַמענהאַנג מיט זיך אליין און וואַרפט זיך הילפלאָז, ווי א פיש אין וואַכער, וואָס איז ארויסגעוואָרפען געוואָרען אויפ'ן ברעג. די פילאָזאָפען, וועלכע קאַלטבלוטיג שטעלען פאָרדערונגען, זיינען מענשען אָהן גוטסקייט און אָהן דעם כח צו בעגרייפען. די גרויסע פיהרער און לעהרער פון דער מענשהייט האָבען נור דורך דעם איבערצייגט און צוגעצויגען צו זיך די מענשען, וואָס זיי האָ־בען געבראַכט אין איינקלאַנג לעהרע און לעבען. זיי האָבען גע־ווירקט דורך ביישפּיעלע, דורך זייער אונערשראָקענהייט, מיט וועל־כער זיי האָבען גענומען אויף זיך אַלע ליידען און זאָרג. מיט איין וואָרט: זיי האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט לעבענס־פיהרונגען. און פאַר אונז בלייבט צו טהאָן ניט קיין אנדער זאַך, ווי צו לעבען אין דער איינזאַמקייט, ווייט פון דעם ליאַרם, אונזער ריכטיגען נאַטור־לעבען און דורך א שטילע און פּערזענליכע ווירקונג, אָפט נור דורך א בעריהרונג פון אונזערע הענד, אָדער דורך א שטומען, רוהיגען בליק צו געבען ערלייכטערונג די, וועלכע קרייצען צובראָכען און מיער אונזער וועג און בלוטען אוים טויזענד וואונדען. און אויב מיר קענען דורך אזא שטילע ארבייט ארויסרופען ביי זיי האָטש א

פונק פון דער לעבענס־פרייד, און ווידער געבען זיי דעם גלויבען אין א נייעם לעבען, אין א זיך בענייען, האט אונזער לעבען שוין גע־האט א צוועק.

מיר...מיר ווארטען אויף די צייט און אויף דעם איינעם, וועל־כער וועט ברענגען די ערפיללונג. וואס שטארקער מיר גלויבען אין דעם פריהלינג, אין די ליכטיגקייט און אין די פרייד, דאס נעהענ־טער זיינען מיר צו יענער צייט.

ווער עס וועט זיין דער איינער, דאס איז א פוסטע פראגע.. אבער אפשר איז עס ניט אונמעגליך, דאס דער זאל אונז ברענגען די ערקענטניס, וועלכער פעראייניגט אין זיך די מאכט און פראכט, וועלכער טראגט א קרוין אויף זיין קאפ, און ווארפט פון זיך אראפ מיט א לייכטען הארצען דאס אלעס, אלס עטוואס, וואס האט פער־לארען אירגענד וועלכען ווערטה.

די שטימע פון אזא מאן וועט דאס ענטמוטהיגטע פאלק גיכער פון אלץ דערהערען, נור דאס גרויסע, וואס קען ניט אויסגעמאסטען ווערען, וואס שטייגט אריבער אלע בעגריפען און פארשטעלונגען, וואלט געקאנט אויפריכטען דעם פאלק אין זיין ביטערען שמערץ. איך שפיעל זיך מיט א געדאנק, וועלכער איז נאריש. זאל עס זיין א פירשט, זאל עס זיין דער זוהן פון א סטאליאר! וויל וואו איז דער אונטערשיעד צווישען א פירשט און א סטאליאר?...

---

פון דער ריינקייט פון מיין יוגענד ערקלערט זיך מיין גאנצער ווייטערער לעבען. איך פיהל, דאס מיין גאנצע טהעטיגקייט איז קיינמאל ניט געווען דער רעזולטאט פון פערזענליכער פערביטערט־קייט. איך בין ניט געווארען א קעמפפער פאר דאס פרייע דענקען דערפאר, וויל עס איז מיר פערזענליך געגאנגען ניט גוט אדער צו־ליעב געוויסע פערזענליכע קרענקונגען. איך בין געווארען א פריי־הייטס־קעמפפער דורך אן אינערליכען דראנג. פונקט ווי איך מוז אטהעמען, אום צו קענען עקזיסטירען, אזוי מוז איך קעמפפען. די גאנצע גייסטיגע ריכטונג פון א מענשען קען מען שוין זעהן דייטליך און קלאר, ווען ער איז נאך א קינד. שוין אלס איינגעל האב איך רעבעלירט געגען צוואנג און אויטאריטעט, וויל איך האב ניט גע־קענט געפינען קיין רעכטספערטיגונג פאר זיי ביי מיין פאטער און

לעהרער, וועלכע האבען מיך ערצויגען. איך האב געווארט אויף זייער ליעבע, אויף זייער פערשטעהן, און זיי האבען זיך בענומען גע־נען מיר, אלס שטרענגע ריכטער, אלס סטראשענדע פאליציייסקע, וועלכע האבען זיך בענוצט מיט זייער געוואלד און גרעסערען כח.

דאן האב איך קלאר פערשטאנען, דאס זיי זיינען געווען אונ־גערעכט. איך האב זיך געוועהרט געגען זיי און האב אנגעווענדעט אלע כחות, אז אויך מיינע מיטשילער זאלען עס פערשטעהן. איך האב מיך, אלס קינד, געוועהרט געגען א דאגמאטישען גלויבען, ווייל די, וועלכע האבען איהם נעלערענט, האבען מיר ניט אויסגעזעהען, אלס אזעלכע, וועלכע מען קען גלויבען, און ווייל איך האב ניט בע־גריפען גאט'ס גערעכטיגקייט. איך האב געזעהן ליידען און אונ־טערגעהן, ווי ארימע פלאנצונגען, די מענשען, וועלכע זיינען מיר געשטאנען אם נאהענטסטען און וועלכע איך האב אם וועניגסטען געליעבט. אין מיין אונפערשטאנד האב איך ניט געוואלט זיך ער־קלערען פאר א קריסט, ווייל דאס בילד פון קריסטוס איז פאר מיר געווען פערשלייערט; ווייל די, וועלכע האבען אייביג נערעדט אין זיין נאמען, זיינען מיר געווען פערהאסט. און דאך אין מיין האר־צען, אלס קינד, האב איך געשטרעבט נור צו איהם, וועלכער איז די אמת'ע ריינקייט. אויף דיזע קינדער־פערשטעלונגען מיינע האב איך אויפגעבויט מיין גאנצען שטרעבען, אלס איינגעל און אלס מאן. זיי זיינען דער ריינער פערבאנד, וועלכער בינדט מיך צו דער צוקונפט.

איך האב בעגריפען קריסטוס, און האב פערשטאנען, דאס קיי־נער האט אזוי ניט געקעמפפט פאר די פרייהייט פון מענשען.

איך האב מיר די אויגען פערדעקט און פערגעסען קריסטוס'עסווארט: „וואנדעלט אין ליכטיגקייט, דען איך בין די ליכט פון דער וועלט“. נור דעם ביטערען שמערץ, נור די פינסטערקייט האב איך געוואלט זעהען.

איך האב געהאנדעלט ווי א פרעמדער צווישען מענשען אהן א גייסטיגען לעבען, וועלכע האבען זיך געבוקט צו געצען. איך בין געווען א דאקטאר, האב געוואלט היילען און העלפען, אבער מיין קונסט איז געווען שוואך און קליין. איך בין געווען א פאסטוך, איך האב געוואלט פערזאמלען ארום מיך די אלע צוזייטע און צו־

שפּרייטע און ארויסלאָזען טענער, וועלכע זאָלען זיי אויפוועקען. מיין שטימע אָבער איז געוועזן שוואַך און קיינער האָט איהר ניט געהערט.

אָבער אין אַלע לעבענסקעמפּפע בין איך ניט ארונטערגעזונקען. אָפט איז דאָס וואסער געוועזן הויך ביז'ן האלז, די כוואַליעס האָבען זיך געוואָרפען איבער מיר, און דאָך בין איך ניט ארונטערגעזונקען.

פון איצט אָן טרעט איך אליין אריין אין לעבען.

איך וויל לעבען אין דער ליכטיגקייט פון דער וועלט. איך וויל אָנקוקען דעם פריהלינג. איך וויל אריינציהען אין זיך דעם ריח פון די סירעניגען און די דונקעלע ראָזען.

איך וויל בליקען, בליקען ארום מיך און אין מיך. איך וויל פערשטעהן די מענשען אין דעם זין פון קריסטוס. איך וויל מיך אריינטהאָן אין זיין גרויסקייט און אייביגקייט. מיט מיינע אויגען וויל איך אויפנעהמען די גאַנצע פּראַכט און הערליכקייט ארום מיר. איך וויל עפענען ווייט, ווייט מיינע אויערען, און צוהערען די קלאַנגען פון מוזיק. די ווערטער פון די דיכטער וויל איך הערען, ווייל די גאַנצע פּראַכט איז דאָך נור די ענטפּלעקונג פון דעם געטליכען איך, פון דעם לעבען און פון דער ליכטיגקייט.

איך וויל פּרובען צו לעבען נאָך קריסטוס'עס לעהרע — אין איינזאמקייט, אָבער ניט פערגעסענדיג דערביי די געמיינשאַפט.

אומזיסטע מורא און פוסטע האָפנונג — דאָס אַלעס ליגט ווייט הינטער מיר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך בין געשטימט אויף די טראַגעדיע פון לעבען.

אין דעם אָנפאַנג פון זיין קאמפּף פאַר'ן לעבען געהט ארויס דער פּערזענליכער מענש אונבעוואוסט פון דעם געדאַנק, אז ער קען דורכדרינגען אַלע דונקעלהייטען, אז ער קען ווערען בעל הבית איבער'ן לעבען אין אַלע זיינע הויכקייטען און טיפענישען, איבער גראָבענס און רייסענדע שטראָמען און טאַנצען אויף די שפּיצען פון די העכסטע בערג.

אין דיזער עפּאָכע האָט דער מענש א בערען-הונגער, ער בייסט מיט שאַרפע ציין, איז מוטהיג, ווי א רויבטהיער. ער לאַכט פון

אלע געפאהרען. עס שווינדעלט איהם ניט דער קאפּ, מעג ער זיין ווי הויך.

דאס איז דער צושטאנד, וועלכען מען רופט קינדהייט, ווען מיר זיינען לוסטיג און פול מיט זיכערהייט איבער אלעם. עס קומט די שטונדע, ווען מיר ווערען זעהענדיג! און דיזע שטונדע ברענגט אונז די שמערצליכע איינזעהעניש, וועלכע מאכט אונז איינזאם און וועלט־פרעמד און ברענגט אונז וואונדען, פון וועלכע פיעלע פון אונז פערבלוטען לאנגזאם. מיר פיהלען פלוצלונג אונזער געבונדענקייט. מיר זעהען איין, דאס מיר האבען קיין מאכט און קיין געוועהר געגען די טראגעדיע פון לעבען; דאס מען קען ניט משלח זיין איהר פון לעבען; דאס זי לויערט אין דער דונ־קעלהייט, אום ארויפצושפּרינגען אויף אונז גראדע דאן, ווען מיר האלטען זיך אם מייסטען געשיצט פון איהר. דאס איז דער טרא־גישער ריס, וועלכער געהט דורך דורך אונזער גאנצען לעבען. ווער עס וויל דיזען ריס פערלאטען אדער פערקלעפען, איז גלייך צום קינד, וואס וואלט געוואלט מיט זיינע קליינע הענטלאך דעם ים אויס־שעפּען. און דאך פון דעם טיעפסטען שמערץ וואקסט ארויס די העכסטע לוסט. אונזער קראפט נאכצודענקען איז ערוואכט, און מיר אונטערזוכען יעדע זאך, ווי וויים זי קען זיין רייך אין פרוכט. מיר ווארפען פון זיך ארונטער די אלע שווערע געפעק. מיר ווערען לייכט און בעוועגליך. מיר קוקען דעם לעבען אין פנים געלא־סענער, און דאך נעהמען מיר איהם ארום אלץ פעסטער. מיר לאכען פון אלע מאראל־זיטען און געזעצע וואס די מענשען האבען געשא־פען, אבער אונזער לאכען קלינגט ווי זילבער און אהן חוזק.

אין די אויגען פון אונזערע מיטמענשען זעהען מיר אויס צו זיין פערשווענדערישער, מוטהיגער, ווי ווען־עס־איז. אין אונזערע אייגענע אויגען זיינען מיר גערעכטער, בעשיידענער און מעהר ער־פורכטיג. אונזער רייכטהום איז ניט זייער רייכטהום, און זייערע געפאהרען זיינען ניט אונזערע געפאהרען. מיר צושטערען דאס, וואס איז פאר זיי היילינג, ווייל פון יענער שטונדע אן זיינען מיר פריי צוליעב זיך אליין פון אלע עלענדע ריקזיכטען, פון פריינד און ברודער — מיר זיינען פריי פון זיי צוליעב א העכערער איינינקייט.

דאַן ערשט, ווען מיר בעגרייפען די טראַגיק פון לעבען, זיינען מיר העכער פאַר איהר.

---

איך לעש ניט אוים מיין געפיהל פון רחמנות מיט קאַטהערינאַ.

איך לייד מיט איהר. אָבער מיין מיטלייד איז האַרט און לויכטענד, ווי אַ דימענט. איך לאָז זי ניט ליגען ביים וועג. אָבער איהר וועג ליגט ווייט פון דעם וועג, איבער וועלכען איך מוז געהן. און דאָ האַנדעלט זיך אום דעם מוז. ווער עס פאָלגט ניט דעם מוז, דער מאַכט זיך זיין לעבען אונמעגליך.

איך וועל אויפפּאַסען אויף איהר. איך וועל זיין ביי איהר, ווען זי וועט מיך רופען. נור דעם דריטען ביסען ברויט וועל איך מיר נעהמען. ווען איהרע פים זיינען פערוואונדעט, וועל איך אויף זיי גיסען באַלזאַם און אויל. אָבער איך וועל געהן דעם וועג, וועלכען איך מוז. איך וויל זיך אַרונטערטונקען אין מיין ליכט, אין מיין פרייד. ווען דו וועסט עס מיך ניט לאָזען, קאַטהערינאַ דירקענס, וועל איך אַריבערטרעטען איבער דיך און וועל ניט קוקען אויף די הענד, וועלכע דו וועסט אויפהויבען מיט סטראַשונקעס געגען מיך, און וועל ניט הערען די ביטערע קללות, וועלכע דו וועסט אַרויסשטויסען אין שמערץ און צאָרן געגען מיר. דאָ הויבט זיך אָן מיין בייזקייט, וועלכע איז מיין גוטסקייט. זי איז אַרויסגעוואַקסען און וואַקסט פון די וואָרצלען פון מיין קראַפט.

וואָס וויל נאָך אַרויסוואַקסען פון מיר? איך ווייס ניט. איך ווייס נור איינס, דאָס איך וועל אויפפּאַסען אויף מיין וואַקסען, פונקט ווי איך הער זיך צו, אַלס דאָקטאָר, צו דעם האַרץ־קלאַפּ פון אַ קינד, וועלכער קומט אַרוים פון דער מוטער׳ס לייב.

אַ ווייטע וואַנדערונג ליגט הינטער מיך. איך רוה אָב אַ ווײַלע. איך בין אַ פעלד, וועלכעס האָט געבראַכט זיין פרוכט. ווען וועל איך ווידער אָנהויבען ברענגען נייע פרוכט? ווען?

די מייסטע מענשען לעבען אָב אַ לעבען אין שרעק און מיינען, אַז מיט זיך אַליין זיינען זיי שוין לאַנג פאַרטיג געוואָרען.

די מיט פיינע אויערען פערנעהמען דעם שטילען קלונג פון זייערע גלאָקען, וועלכע קלינגען צו זיי אין מיטען פון דעם נאַכטיגען שלאָף — דיזע זיינען ניט נור געשטימט אויף די טראַגיק פון לעבען,

נור אויך אויף די געהיימניסע פון לעבען, וועלכע געהען איבער דער טראניק. זיי הערען פלוצלונג די צארטעסטע ביי־טענער. און האָטש זיי קענען ניט געפינען פאר דעם א בעשטימטען אויסדרוק, דאָך שיינט עס צו זיין דער סאמע עיקר. עס איז ביי זיי א קליי־ניגקייט דאָס, וואָס זיי קענען פיהלען מיט זייערע פינף חושים.

אין זייער טאנץ און אין זייער פערטיפונג דרינגט ניט אריין דער ליארם פון דער גאַס.

.12

דאָס זיינען געווען די ווערטער, וועלכע טהאָמאס האָט אנגע־שריבען דעם לעצטען טאָג פון זיין איינזאמקייט.

ער האָט פערזיגעלט די פאַפּיערען און האָט אנגעשריבען אויפ׳ן קאָנווערט דעם נאָמען פון בעטינא.

ער האָט נאָכגעטראכט איבער זיין ווייטערען לעבען. ער האָט בעשלאָסען גלייך צו פערלאָזען די גרויסע שטאָדט, און איהר אומ־בייטען אויף א שטילען קליינעם פּלאַץ, וואו ער זאָל קענען שטיל טהאָן די גוטע ארבייט.

ער האָט אין פריינדליכקייט געטראכט פון קאטהערינא.

ער האָט פערלאָרען דעם מוטה און פערהעלטנים צו איהר און ער האָט פערצווייפעלט. צו קען ער איהר העלפען, צו ניט. צו זי וועט געזונד ווערען אָדער ניט, אָבער אויך אין איהר לעבט און וועבט זיך דאָס געטליכע. ווען זי איז געווען עלענד, האָבען מענשען איהר געטראָטען מיט די פיס, געשלאָגען מיט די פויסטען און האָבען גע־טראָטען איבער איהר לעבענס־פרייד, ווי איבער א טויטען גוף. די שולד פון די אנדערע מוז ער נעהמען אויף זיך, אזוי ווייט, ווי ער קען זי נעהמען אויף זיך...

ער האָט ארויסגעבליקט. איבעראל א שטילעס בליהען, אן אויפערשטעהונג פון דעם ווינטער־שלאָף.

ער האָט געהערט א גערויש.

א שטילעס קלאַפּען אין טיר. ער האָט זיך אויפגעהויבען פער־וואונדערט און געעפענט. א דאָרפּישער בריעפּטרעגער, פערשטויבט

פון לאנגען וועג, איז געשטאנען פאר איהם און האט איהם שוויי־
גענדיג דערלאנגט א טעלעגראמע.

מאדנע געדאנקען זיינען ארומגעפלויגען אין זיין קאפ. וואס
מיינט דאס?

מיט זיין מאגערער האנד האט ער א פיהר געטהאן איבער'ן
שטערן, אין האט פערקאטשעט איף צוריק זיינע גלענצענדע, דונ־
קעל־ברוינע האר פון קאפ.

— הערר טרוק — האט דער בריעפטרעגער געזאגט שטיל —
עס שטעהט ניט קיין גוטעס דארט.

טהאמאס האט צוזאמענגענומען די ברעמען און געאטהעמט
שנעלער.

א ווײלע האט ער נאך אבגעצויגען, דאן האט ער האסטיג אי־
בערגעלייענט די טעלעגראמע.

„קאטהערינא לעבענס־געפעהרליך פערוואונדערט. ווינשט דיך
צו זעהען. קום שנעל. בעטינא".

זיין פנים איז געווארען פול מיט א טיפען שמערץ. זיינע לי־
פען האבען זיך בעוועגט. פאר זיינע אויגען איז געווארען אלעס
דונקעל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

טהאמאס איז געשטאנען פאר איהר געלעגער און האט געהאל־
טען איהר קאלטע האנד אין זיינער.

זי האט איהם אנגעקוקט מיט ווייט־געעפענטע טוידטע אויגען,
און האט זיך געמאטערט צו שמייכלען, און גאנץ שטיל האט זי
געזאגט:

טהאמאס, ווי גוט, דאס דו ביסט געקומען!

אין דיזער שטונדע איז איהר פנים געווארען ריין און שעהן,
אזוי ווי עס האט איהם אויסגעזעהען, ווען ער האט איהר בעגעגענט
צום ערשטען מאל.

און אין א קורצער ווײלע ארום האט זי צו איהם געזאגט:

— ווי איך האב עס געפייניגט דיך, דו ארימער! און ווי גוט
דו ביזט געווען צו מיר, דו גוטער, דו ליעבער!

א טיעפע בעוועגונג האט דורכגענומען זיין קערפער. ער האט
געוויינט.

— דו דאַרפסט ניט וויינען — האָט זי געזאָגט, שמייכלענדיג פריינדליך, און האָט זיך אָנגעטהאָן א כח זיך עטוואָס אויפצוהויבען אין בעט.

ער האָט זיך דערשראָקען און האָט געוואָלט זאָגפט צוריק אוועקלייגען איהר קאָפּ אויפ'ן קישען, אָבער זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און האָט איהם אָנגעקוקט מיט א מינע פון זעליגקייט.

— זעהסטו, איך האָב זיך געמאַטערט צו ווערען אַנדערש. דו מעגסט עס מיר גלויבען, טהאָמאַס, אָבער איך האָב ניט געקאָנט.

א געהיימניספולער, צושראָקענער אויסדרוק איז געווען איצט אויף איהר פּנים, אזוי ווי זי וואָלט געוואָלט איצט נאָך א מאָל נאָכ־טראַכטען, ווארום זי האָט ניט געקאָנט ווערען אַנדערש. וואָס איז איהר געשטאַנען אין וועג?

זי האָט עס אָבער באַלד אויפגעגעבען, און זי האָט נאָך א מאָל געזאָגט:

איך האָב עס ניט געקאָנט.

א שטאַרקע מידיגקייט איז איהר בעפאַלען. זי איז א פּאָל געטהאָן אויפ'ן קישען, אָבער זיין האַנד האָט זי ניט ארויסגעלאָ־זען. א פּאָר מינוטען האָט זי אויסגעזעהען, ווי שלאָפענדיג. ער האָט זיך ניט א ריהר געטהאָן. ער האָט זיך צוגעהערט צו איהר אָטהעם און געפיהלט איהר מיעדען פּולס. עס איז געווען אזוי שטיל, אזוי ווי עס וואָלט שוין געווען יציאת נשמה. דאָן האָט זי ווידער געעפענט די אויגען און האָט איהם אָנגעקוקט מיט ליעבע.

— דו האָסט מיר געוואָלט העלפען, טהאָמאַס. מיר אָבער האָט קיינער ניט געקאָנט העלפען, קיינער ניט!

איהר שטערען איז געוואָרען פייכט. די ווערטער זיינען גע־קומען אַלץ שטילער, און זיי זיינען איהר געוואָרען אַלץ שווערער. דאָך האָט זי זיך געהאַלטען מיט איהר גאַנצען כח.

— זעה, ווען דו ביזט גווען אוועק, האָב איך געוואָלט עס אויפגעבען. איך האָב געוואָלט ווידער געהן ארבייטען.

— רעד ניט פון דעם — האָט ער צו איהר געזאָגט זאַנפט.

זי האָט איינגעשפּאַרט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ניין, ניין, לאָז מיך—האָט זי געענטפערט אויפגערעגט — איינינע טעג איז עס געגאַנגען, אָבער דאַן איז עס מיך ווידער

בעפאלען. איך האָב געמוזט, דו הערסט, געמוזט. אלעס האָב איך פערגעסען, אזוי ווי דער טייפעל וואָלט אין מיר געווען... נור טרינקען האָב איך געוואָלט. פערשטעהסטו עס? ווען איך האָב זיך אויסגעשלאָפען, אָה, מיין גאָט, וואָס פאַר אַן עקעל איך האָב גע־פיהלט צו זיך אליין! ווען איך וואָלט געקאָנט אוועקגעהן, האָב איך אלץ געטראכט. און איך האָב געפיהלט אזא שרעק פאר דער צו־קונפט... אזא שרעק, דאָס מען וועט מיך צונעהמען פון גאָט אין האָספיטאל... אויך אויף דיר, טהאָמאס, האָב איך געהאט רחמנות, וואָס דו ביזט פערבונדען מיט אזא.

זי האָט שטיל געוויינט.

— דו — האָט זי ווייטער גערעדט — ארומגעטראָגען האָב איך עס שוין פון לאנג, אָבער ערשט, ווען עס האָט געטראָפען מיט דער דזשאָזעפא, ערשט דאַן איז פאר מיר קלאָר געוואָרען... עס איז אָבער געוועזן אזוי שווער... איך האָב עס אָבגעלייגט, טהאָמאס, פון איין טאָג אויפ'ן צווייטען, און דאַן, טהאָמאס, איז געקומען דער לעצטער טאָג. איך האָב עס געמוזט טהאָן, איידער דו ביזט געקומען. איך וואָלט אפשר דאַן ניט...

מעהר האָט זי ניט גערעדט. זי האָט נור אויסגעשטרעקט איהר ארעם צו איהם.

— קום, קוש מיך, טהאָמאס!

ער האָט זיך ארונטערגעבויגען צו איהר און זי געקושט. ער האָט צו איהר גערעדט מילדע ווערטער פון טרויסט, און דאָס זי וועט נאָך געזונד ווערען.

זי האָט אָבער געענטפערט:

— ניין, טהאָמאס, נור דיזע נאַכט נאָך.

און דאַן האָבען איהרע אויגען פלוצלונג זיך געעפענט נאָך ברייטער, אזוי ווי זי וואָלט געוואָלט אריינדרינגען ווייט, ווייט.

זי האָט לויז געלאָזען זיין האנד. איהר קערפער איז צוריק געזונקען. און דאַן איז זי אריינגעפאלען אין א בעוואוסטלאָזיגקייט, פון וועלכער זי האָט זיך אָפט אויפגעכאפט אום ארויסצוריידען עטליכע אונפערשטענדליכע ווערטער.

עס איז געוואָרען אָבענד, און זילבערנע וואָלקענס זיינען אויס־געוואקסען פון איהם, זילבערנע, ווייסע וואָלקענס... דאַן איז גע־

וואָרען דונקעלער, און די נאַכט איז אָנגעקומען. אָבער דיזע נאַכט, וועלכע ער האָט פערבראַכט שטיל און אָהן א בעוועגונג ביי איהר געלעגער, זיך צוהערענדיג צו יעדען האַרץ־קלאַפּ איהרען, איז איהם אויסגעקומען צו זיין ווייס און גלענצענד.

און אין דיעזער נאַכט האָט ער איהר דערקענט, אזוי ווי ער האָט זי פריהער קיינמאָל ניט געקענט. ער האָט דאַן פערשטאַנען וואָרום ער האָט אזוי געהאַנדעלט געגען איהר. אַלעס האָט געהאַט דאָך א טיעפען זין.

ווען די זון האָט ערוואַכט פון די זילבערנע וואָלקענס, האָט ער ניט געוויינט. ער האָט געקושט איהר קאַלטע האַנד און קאַלטען שטערען.

לאַנג האָט ער געוואַכט ביי איהר טוידטען קערפּער.

דאַן איז ער אוועק צו בעטינא.

און בעטינא האָט איהם אָנגעקוקט אזוי ווי קאַטהארינא האָט איהם אָנגעקוקט אין איהר לעצטער שטונדע — גרויס, ריין און פול מיט ליעבע.

ע נ ד ע.

## מיינונגען פון דער פרעסס

## וועגען

## ה. רויזענבלאַט'ס

# געדיכטע און ליעדער

---

**אַלגין אין „צוקונפט“ —**

„אָבער אַלעמאַל פיהלט איהר אַ לעבעדיגען מענשען מיט אַ לעבעדיגער נשמה, וואָס אַז ער זאָגט אייך עפּעס, — גלויבט איהר איהם (דאָס איז דאָך דער גאַנצער סוד פון דיכטונג.) א פריש ווינטעל וועהט אין זיינע ליעדער, און איהר פיהלט זיך ווי אין אַ העלען פראָסטיגען פריה־מאָרגען... פליגעלעך, שוועלבעלעך, טייבעלעך ; קינדערשע ימים־טובים ; אַ ברוגז מיט'ן טאַטען, אידישע קינדערלעך שוויצען איבער דער גמרא... און אין הימעל — „די פריהלינגס־גלעקלעך“....“

**בארוכאָוו, ב. אין דער „וואַרהייט“ —**

„דאָס נייע ליעדער־בוך איז ווי אַ פּיעדעל מיט אָנגעשפּאַנטע סטרונעס, וואָס ציטערען אָפּ מיט צאַרטע איבעראַציעס אויף איטליכען הויך פון דער לופט, אויף איטליכען שאָרך פון אוניווערסאלען לעבען. אלע מאָטיוון בעגעגענט איהר דאָ : רעליגיעז זייגען ביי איהם כמעט אלע שטימונגען און געדאנקען, דורכגעדרינגען מיט א אוניווערסאלען ליירישען פאנטעאיזם.“

**כץ מ. אין „טאָג“ —**

„אָבער קוקט איהר דורך די ליעדער פון די איבעריגע סעריעס זעהט איהר, אַז דאָס האַרץ פון דעם פּאָעט רופט זיך אָב מיט דערזעלבער וואַרעמקייט אויך אויף זכרונות פון די קינדער יאָהרען, אויף נאַציאָנאַלע אומגליקען, אויף צייטגעשעהעניסען, אַז דער געפיהל פון איינזאַמקייט און פערלאָרענהייט, וואָס בעהערשט אָפט דעם מאָדערנעם מענשען דרינגט דורך אויך רויזענבלאַט'ס נשמה און אַז עס איז פאַקטיש ניטאָ קיין איין זייט פון לעבען וועגען וועלכער דער פּאָעט זאָל קענען זאָגען :

„אָט דאָס איז מיין ספּעציעלער ווינקעל“ אָדער :

„דאָ פיהל איך זיך ווי אַ פרעמדער“. רויזענבלאַט איז זעהר פיעלזייטיג, אַלץ זעהט ער, אַלץ בעמערקט ער און אויף אַלץ רופט ער זיך אָב....“

**ראַסקין, סאול, אין „פרייע ארבייטער שטימע“ —**

„ביי איהם געפינען מיר ווידער יענע אַלטע, אייביג־יונגע, טיעפע און גאנצע טענער פון ליעבע, האַס, גלויבען, האָפנונג, פערצווייפלונג, ענטציקונג און ענטוישונג, מהאַטענדורשט און מיעדקייט, טרויער און פרעהליכקייט, און צערטליכקייט, ניט סענטימענטאַליטעט, נור צערטליכקייט. עס דוכט זיך אַקוראַט ווי ער געהט צו צו יעדער זאַך און גלעט זי, לאַשצעט זי און צערטעלט זי... קען דען א געפיהל צערטליכער זיין, ווי דער, וואס דריקט זיך אויס אין געדיכט „שנעעלעך“ : — — — —

**אַ פּראכטבאַנד פון 320 זייטען, רייך געבונדען $1.00**

**געשענק־לעדער־באַנד $1.50.**

**מייזעל'ס פערלאַג, ניו־יאָרק.**

די

# פרוי

# וואָס שטעהט אין מיטען

—— פון ——

## מ. אַרציבאַשעוו

איבערזעצט אויס דעם רוסישען

## פון ל. לאַקסאָן

„די פרוי, וואָס שטעהט אין מיטען“ איז אָהן צווייפעל אַרציבאַשעוו׳ס בעסטע ווערק. די צענטראַלע פיגור פון ראָמאַן איז אַ שעהנע, אומשולדיגע מיידעל, וועלכע טרעט אַריבער יענעם צאַרטען עלטער, בעת זי ווערט פון אַ קינד אַ פרוי. איהר ווייבליכקייט איז פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט געפאַהר, וועלכע זי קאָן ניט אויסמיידען. פאַרוואָס? איז די געפאַהר טאַקי אונפערמיידליך? אויב יאָ, ווער איז דערין שולדיג? אָט די אַלע פראַגען בעמיהט זיך דער פערפאַסער צו פערענטפערען אין דעם ראָמאַן „די פרוי, וואָס שטעהט אין מיטען“. און צוגעטראָטען האָט ער צו די אַלע פראַגען, מיט אַזאַ טאַלאַנט, מיט אַזעלכע קינסטלערישע פעהיגקייטען, מיט אַזאַ הויך אַרטיסטישער קראַפט, וואָס שטעלט דאָס ווערק אין איין רייהע מיט די בעסטע ליטעראַרישע שאַפונגען פון דער מאָדערנער ליטעראַטור.

די בילדער, די סצענען, די טיפען און כאַראַקטערען, די גאַנצע אטמאַספערע פון מענשליכער פערדאָרבענהייט און אויסגעלאַסענהייט, — און אַלץ אויף אַ הינטער־גרונד פון מענשליכער סימפּאַטיע און מענשליכקייט, דורכגעווייקט פון טרעהרען און בלוט און וואַרעם געמאַכט דורך די אייביגע יסורים פון די בעלוידיגטע און ערנידעריגטע פון אונזער סיסטעם, — דאָס אַלץ מאַכט אַרציבאַשעוו׳ס ווערק ניט נור פאַר אַ וויכטיגען ליטעראַרישען ראָמאַן, מיט אַ מאָראַלישען יסוד, נור אויך פאַר אַן ערנסטע סאָציאַלע ווערק.

## פּרייז 60 סענט

מאַקס נ. מייזעל
424 גרענד סטריט,
ניו יאָרק.



אידישער פערלאג
פיר ליטעראַטור
און וויסענשאַפט.

MAX N. MAISEL
PUBLISHER

424 GRAND ST.
NEW YORK

